יוסף שפּרינצאַק

# אין וואָרט און אין שריפֿט

בוענאָס־איירעס
תשט"ו - 1955

משה פייגענבלום.

# אינהאַלט:

## אויפן ציוניסטישן פראנט

## אין אונדזער באַוועגונג



## די עליה פון תימן



## צו נאָענטע און ווייטע



## אויפן געביט פון קולטור

## אם אשכחך גולה



## געשטאלטן

# פאָרוואָרט

## (צו דער העברעאישער אויפלאַגע)

יוסף שפּרינצאַק איז געבעטן געוואָרן דורך אַ גרופּע פון זיינע פריינט, ער זאָל צונויפזאַמלען אַלץ וואָס ס׳איז דורך אים געזאָגט געוואָרן אין משך פון פערציק יאָר, אין שריפט און אין וואָרט און זיי ארויסגעבן אין אַ בוך-פאָרם. היות אָבער ווי ח׳ שפּרינצאַק האָט נישט געפונען קיין צייט פאַר דעם, האָט די גרופּע פריינד אויף אייגענער האַנט אָנגעהויבן צונויפזאַמלען דעם מאַטעריאַל, וועלכער איז צעשפּרייט אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע אויסגאַבן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער-באַוועגונג. אונדזער פאַרלאַג האָט גערן גענומען די איניציאַטיוו און האָט דערמוטיקט פאַר דער אַרבעט דעם ה׳ אברהם לעווינסאָן, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן קלאַסיפיצירן און רעדאַגירן דעם מאַטעריאַל. אָבער דער געזונט-צושטאַנד פון ח׳ לעווינסאָן, האָט אים נישט דערלויבט פאַרענדיקן די אַרבעט און זי איז דאַן אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף ח׳ י ה ו ד ה א ר ז, וועמען עס איז פיל בייהילפיק געווען די אַרבעט פון זיין פאַרגענגער און ער האָט די אַרבעט פאַרענדיקט.

נישט אַלץ וואָס עס איז געזאָגט און געשריבן געוואָרן דורך ח׳ י. שפּרינצאַק אין משך פון פערציק יאָר איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין דעם בוך; זייער ווייניק איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון זיינע רייד, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה. דער גרעסטער טייל פון בוך באַשטייט פון דאָס געזאָגטע אין וואָרט, דעריבער איז נאַטירלעך, אַז דער רעדאַקטאָר איז געשטאַנען פאַר אייניקע שוועריקייטן. דער העברעאישער סטיל פ אַ ר דער ערשטער וועלט-מלחמה איז נישט גלייך צום היינטיקן סטיל. אין יענע צייטן פלעגט מען זיך באַנוצן מיט פיל פרעמדע ווערטער, וועלכע זיינען פאַר דער צייט פאַרביטן געוואָרן אויף העברעאישע, פיל אויסדרוקן וועלכע זיינען געווען אָנגענומען דעמאָלט ביי די העברעאיש-רײדנדע, ווערן שוין מער נישט באַנוצט. נישט אין שריפט און נישט אין וואָרט. אָבער מיר האָבן זיך

באַמיט אויפהיטן שפּרינצאַקס סטיל און זיינע ספּעציפישע אויס־דרוקס־פאָרמען.

דאָס בוך איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון אָפּטיילונגען, לויטן אינהאַלט, אָבער נישט שטענדיק איז געווען מעגלעך צו באַשטימען דעם אָרט פון יעדן קאַפּיטל און פון יעדן אויסצוג. עס טרעפט, אַז איין קאַפּיטל באַהאַנדלט אייניקע ענינים, וועלכע זיינען געפלאָכטן איינער מיטן אַנדערן, ווייל די ענינים פון דער באַוועגונג לאָזן זיך שווער פאַ־נאַנדערטיילן, אָבער מיר האָבן באַטראַכט יעדעס קאַפּיטל באַזונדער און באַשטימט זיין פּלאַץ, לויט זיין כראָנאָלאָגישן דערשיינען.

דער בוך איז געבויט, דעריבער, לויט צוויי מאָסשטאַבן: לויטן אינהאַלט און לויט דער כראָנאָלאָגיע, אָבער אין אייניקע ערטער האָבן מיר געפונען פאַר נויטיק מאַכן אַן אָפּנויג פון דער סיסטעם און אָפטמאָל האָבן מיר פריער געבראַכט אַ שפּעטערדיקן ענין און ווייטער אוועקגעשטעלט אַ פאַריקן ענין — סיי צוליב דער ענגער פאַרבינדונג פון די ענינים, אָדער ווייל אונדז האָט געשיינט, אַז אַ געווויסער קאַ־פּיטל קען זייער גוט דינען אַלס אַריינפיר אָדער אַלס אַ שלוס־וואָרט פון אַן אָפּטיילונג. מיר האָבן אָנגעהויבן דעם בוך „עם הגליון הרא־שון" און „הרצל", די ערשטע צוויי דעבוט־אַרטיקלען פון ח' שפּרינ־צאַק, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק דער „אני מאמין" און דער „הנני מוכן ומזומן לקיים", וואָס זיינען געווען די ליניע אין שפּרינ־צאַקס געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אונדז דוכט, אַז דער בוך פאַרמאָגט נישט נאָר די וועג־צייכנס פון שפּרינצאַקן דעם מענטש, זיין דענקען, זיין געבענטשטע געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט, זיינע קאַמפן, און זיין שטייגער גיין אויף די וועגן און שטעגן פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג, נאָר איז אויך אַ גאָר טרייע אָפּשפּיגלונג פאַר דער „הפועל הצעיר"־שטרעמונג אין דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, וועמענס וואָרטזאָגער ער איז געווען. און דעריבער איז דער בוך אויך אַ וויכטיקער שליסל צום באַקענען זיך מיט איינעם פון די וויכטיקסטע קוועלן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און ציוניזם.

די באַמערקונגען אין בוך זיינען פון דער רעדאַקציע.

**בוך־פאַרלאַג פון**
**מפלגת פועלי ארץ ישראל**

סיון תשי"ב.

# יוסף שפרינצאַק: בכתב ובעל פה

## אַ באַגלייט־וואָרט

יוסף שפרינצאַק האָט הינטער זיך כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט פון עסקנות, פירערשאַפט און פובליציסטישער אַרבעט, און אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן פון אים אין בוך־פאָרעם איז דער דאָזיקער ספר „בכתב ובעל פה", וואָס איז דערשינען מיט דריי יאָר צוריק, און וואָס דער פאַרלאַג „קיום" גיט איצט אַרויס אין אַ יידישער איבערזעצונג. אָט דער פאַקט אַליין ווייזט אויף דער אמתער, טיפער באַשיידנקייט פונעם מחבר. קיינער איז נישט מער איבערקלייבעריש ווי ער אַליין וועגן דעם וואָס ער האָט געזאָגט און געשריבן. אין אַ צייט ווען די פאַליצעם פון אונדזערע ביבליאָטעקן זיינען פול מיט די „געזאַמלטע ווערק" פון גרעסערע און קלענערע שרייבער און מנהיגים, ווו אַלץ וואָס איז אַריבער זייערע ליפן אָדער זייער פען איז אויפגענומען געוואָרן אָן קריטיק און אָן אויסוואַל, באַזיצן מיר פון שפרינצאַקן נאָר אָט דעם איינציקן באַנד, אַ באַשיידענעם אָפגלאַנץ פון אַ לעבן וואָס איז געווען פול מיט זוכענישן און חשבונות הנפש.

און אפשר איז דאָס צוליב דעם וואָס אַ בלויזע זאַמלונג פון אַרטיקלען און רעדעס קאָן נישט באַפרידיקן יוסף שפרינצאַקס חסידים. זיין גייסטיקע פערזענלעכקייט דריקט זיך גיכער אויס אין אַפאָריזמען, שלאָג־ווערטער און וואָרט־בליצן, אין משלים און דעפיניציעס. ביי אים זאָגט אַ שורה אָפטמאָל מער ווי אַ גאַנצע רעדע, און דעריבער וואָלט אפשר אַן אַנטאָלאָגיע פון שפרינצאַקס ווערטער און גלייכווערטער געגעבן אַ ריכטיקער בילד פון אים ווי דאָס דאָזיקע בוך. איך האָב אין זינען אַן אויסקלייב וואָס וואָלט אַרומגענומען נישט נאָר זיינע רעדעס און אַרטיקלען, נאָר אויך די אומצאָליקע בריוו וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און דער עיקר זיין שיחת־חולין. אין אַזאַ אַנטאָלאָגיע וואָלט זיך אפשר איינגעגעבן אַרויסצוברענגען דעם עיקר שטריך פון יוסף שפרינצאַקס פערזענלעכקייט, וואָס גייט דאָ פאַרלוירן אינעם שלל פון געשעענישן און באַטראַכטונגען — זיין אהבת ישראל און

זיין אהבת הבריות. און אַזוי וואָלטן מיר געווען געטריי דעם אמתן שפרינצאַק, וואָרום אויך ער זוכט ביי אַנדערע קודם־כל זייער וועג אין לעבן, הליכותיהם בחיים.

שפרינצאַק איז אַן אוהב ישראל, אָבער אויך אַ מענטשן־פריינד. אַ צאָל פון אונדזערע מנהיגים האַלטן באַשיימפערלעך, אַז אין אַ שווערער צייט פון אויפבוי און פאַרווירקלעכונג, פאַרלאַנגט דער טובת הכלל דעם קרבן פון דעם יחיד, און אַז די מצוות פון בין איש לרעהו מעגן אָפגעלייגט ווערן אויף בעסערע און נאָרמאַלערע צייטן. שפרינצאַק האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיטן יחיד און טאָן דאָס זייניקע לטובת דעם יחיד, און הגם ער האָט גענוג פאַרדינסטן וועלכע פאַרזיכערן זיין חלק און זיין אָרט אין דער געשיכטע פון די בויער פון ישראל, ווי אַ פירער פונעם אַרבעט־ציוניזם, אַ לערער פון דעם ישוב און דער פורעמער פון דעם ישראל־פאַרלאַמענט, וואָלט איך געוואָלט אַז ער זאָל אַריבערגיין אין דער געשיכטע קודם־כל ווי אַ מענטש וואָס איז געווען גוט צו אַנדערע, וואָס האָט באמת געשטרעבט צו אַ דערנענטערונג פון די הערצער, און וואָס האָט תמיד, סיי אין לעבן פון כלל און סיי אין לעבן פון פרט, געשטעלט דאָס מאָראַלישע איבער אַלע דערגרייכונגען און איבער אַלע אַנדערע ווערטן.

ווען מען לייענט אַדורך דאָס בוך, זעט מען איין אַז עטלעכע לייטמאָטיוון האָבן שפרינצאַקן באַגלייט במשך פון זיין גאַנצן לעבן.

דער שטאַרקסטער לייט־מאָטיוו איז, דוכט זיך, די שטרעבונג אַז ארץ־ישראל זאָל זיין (כדי צו באַנוצן זיך מיט דער גאָרדאָניסטישער טערמינאָלאָגיע) דאָס לאַנד פון דעם ייד־מענטש און פון אַ פאָלק־מענטש. דאָס איז געווען זיין זאָרג בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת דעם באַפרייאונגס־קריג און איז עס געבליבן ביזן היינטיקן טאָג. „אין דער צייט פון דער גרויסער בהלה פון מעשים" — שרייבט ער אין 1918 — „טאָרן מיר נישט פאַרוואָרלאָזן אויף קיין רגע דאָס פאַמעלעכדיקע אויסבילדן פון דעם נייעם ייד־מענטש" (1). די דאָזיקע איינשטעלונג האָט ער קיינמאָל נישט געביטן. געווים, ס'זיינען פאַראַן וואָגיקע ענינים, ביטערע ענינים, וועלכע שלינגען איין אונדזער גאַנצע צייט, אָבער ס'איז פאַראַן אַ געבאָט וואָס שטייט העכער פון אַלצדינג: ווי קוקט אויס אונדזער לעבן אין אונדזערע אייגענע אויגן און אין די אויגן פון פרעמדע. גראָד אין שווערע צייטן, דאַרפן מיר קאָנען באַווייזן אַז מיר האָבן ריינע הערצער און ריינע הענט, ווייל מיר וועלן געמישפט ווערן לויט דעם ווי מיר פירן זיך אויף אין צייטן פון קאַמף און פון קריזיס. „די יידישע

יוגנט איז גערופן געוואָרן צו דערפילן איר שליחות ווי דער היטער פון דעם כבוד פון ישראל סיי אין צייטן פון שלום און סיי אין צייטן פון מלחמה, און צו באַשיצן אונדזער לעבן און אונדזער צוקונפט. צו דער פּאַראָל פון דער הגנה „זיי שטאַרק!" וועלן מיר נאָך צוגעבן: „זיי רייןן!" (2).

און נאָך מיט אַ פּאָר חדשים צוריק נוצט ער אויס די יובל־פייע־רונגען פון דער צווייטער עליה, כדי פונדאַסניי צו פאַרטייטשן דעם באַגריף „הגשמה עצמית". דער טייטש איז: אַליין מקיים זיין די מצוות וואָס מען האָט אויף זיך גענומען. די צווייטע עליה האָט געראַטעוועט דעם ציוניזם, איצט דאַרף קומען אַ נייע עליה. און שפּרינצאַק שטרייכט אונטער, אַז ער מיינט ניט קיין נייע עולים, ער מיינט עליה — אויפשטייג, אויפשטייג אין דער מידה פון יושר, אין אונדזערע קעגנזייטיקע באַציאונגען, אין אונדזער שטייגער לעבן.

אין זיין אַנאַליז פון דער מאָראַלישער ירידה פון דעם פאָלק אָדער פון דער באַוועגונג אין געווויסע צייטן, קאָן שפּרינצאַק זיין זייער שאַרף, אויפגעבראַכט און אומברחמנותדיק, און עס טרעפט, אַז אין זיינע פּריוואַטע בריוו און שמועסן הערן זיך קלאַנגען פון כמעט־יאוש, אָבער אין תוך גענומען איז ער אַ מלמד זכות און אַ מליץ יושר. ער זוכט אַלץ וואָס קאָן באַרעכטיקן אַ שטעלונג פון גם זו לטובה, וועלכע איז נישט דער רעזולטאַט פון אַ בלינדן אָפּטימיזם, נאָר פון גוטהאַר־ציקייט און פון אַ ווילן צו פאַרשטיין און מוחל צו זיין. אויסגעפינען דאָס גוטע וואָס קומט אַרויס פון דאָס שלעכטע איז אַן אַנדער לייט־פאָדים פון זיין געדאַנקען־גאַנג, אָנהייבנדיק פון גירוש יפו אין דער צייט פון דער טערקישער הערשאַפט (1917) ביז אַצינדער. „און פונ־דעסטוועגן", שרייבט ער דעמאָלט, „האָט אונדז דער אומגליק, בעל כרחו, געבראַכט אויך נישט ווייניק פּאָזיטיוועס" (3), און אַזוי עד היום הזה. נאָך די שטראָף־רייד הייבט ער אָן צו פאַרענטפערן; עס קומט אים אָן זייער שווער זיך צו אַנטשליסן צו אַ פסק־דין פון כולו חייב. קריטיק איז ביי אים אַ וועג ווי אַזוי צו דערגייין צום מוסר השכל, זיך קלאָר מאַכן וואָס דאַרף ווייטער געטאָן ווערן. קיין זאַך איז נישט פאַר־פאַלן, דער וועג פון תשובה און פון תיקון איז שטענדיק אָפן.

איך ווייס נישט וואָס ס'איז ביי אים מוקדם ומאוחר, צי זיין אהבת ישראל איז אַ קאָנסעקווענץ פון זיין הומאַניטאַריזם, אָדער צי איז זיין פריינדשאַפט צו מענטשן אַ רעזולטאַט פון זיין ליבשאַפט צו יידן. זיין אהבת ישראל נעמט אַרום אַלץ, אין צייט און אין רוים, אַלע יידישע שבטים און אַלע יידישע כיתות, ישראל און די תפוצות.

ציוניזם האָט אין אים נישט אויסגעלאָשן זיין וואַרעם געפיל צום

גלות. ער שרעקט זיך נישט צו נעמען איינעם פון די הייליקסטע און דוכט מיר, עקסקלוסיווסטע פּסוקים פון תנ"ך, און אים געבן דעם רירנדיקן פּאַראַלעל — „אם אשכחך גולה". ער פאַרטיידיקט קעגן משה סמילאַנסקין דאָס פיינלעכסטע פונעם יידישן געטאָ. אין ארץ־ישראל, זאָגט ער, טאָר דער באַגריף „נאַלעווקעס" נישט זיין קיין זידלוואָרט, וואָרום אויך פון די נאַלעווקעס זיינען געקומען חלוצים און בויער, אויך די נאַלעווקעס האָבן געשאַפן אַן אָריגינעלן יידישן שטייגער, מיט וועלכן ס'איז נישטאָ וואָס צו שעמען זיך.

אויב ער איז בייז אויפן „בונד", איז דאָס דער עיקר צוליב דעם וואָס ער האָט נישט צוגעלאָזן, אַז די יידישע אַרבעטער פונעם גלות און פון ארץ־ישראל זאָלן געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. אָבער נישט שפּרינצאַק וועט פאַרלייקענען דעם אָרט וואָס עס געהערט דעם „בונד" „אין דער יידישער און מענטשלעכער געשיכטע" (4).

ער האָט נישט באַדאַרפט וואַרטן ביז עס וועט קומען די מדינה און די גרויסע עליה פון אונדזערע מזרח־שבטים, כדי צו אַנטדעקן די ספרדים און די ראָל וואָס זיי וועלן אַמאָל שפּילן אין דער נייער יידישער רענעסאַנס. שוין אין 1919 נעמט ער זיי אַרום מיט זיין אינטערעס און זיין זאָרג, פּונקט ווי ער הערט נישט אויף זיך צו קימערן וועגן די תימנער און זיך צו מיען פאַר זיי.

נישט ביי אים וועט איר געפינען אַ באַציאונג פון ביטול לגבי די ראשונים פון ציוניזם און פון דער קאָלאָניזאַציע. ער געדענקט דעם חסד נעורים, סיי פון פריינט זוי פון קעגנער. קומט קיין ישראל אין 1918 דער ועד הצירים מיט ווייצמאַנען בראש, פרייט ער זיך וואָס מ'האָט זיי אויפגענומען מיט ערן־טויערן. ער גיט אָבער גלייך צו, אַז נישט נאָר לכבוד די שליחים וואָס זיינען געקומען פון לאָנדאָן זיינען די טויערן אויפגעשטעלט געוואָרן, „נאָר פאַר אַלץ דאָס טייערע וואָס ליגט פאַרבאַהאַלטן אין די טיפענישן פון אונדזערע הערצער, פאַר הערצלען, פאַר באַזעל, פאַרן גאַנצן ציוניזם" (5), און אַזוי ביז צום היינטיקן טאָג. נישט ער וועט זיך אַנטשליסן אָוועקצוואַרפן דעם אויסגעדינטן ציוניסטישן אינסטרומענט. ער זוכט כסדר ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג נייע מענטשן, ווי אַזוי צו באַנייען אירע ראַמען, ווי אַזוי זי אָנצופילן מיט אַ נייעם אינהאַלט.

פון וואָס דאָ איז שוין געזאָגט געוואָרן, איז קלאָר וואָס איז שפּרינצאַקס וועג אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל. ער גלייבט אין אַ וועג פון טאָג־טעגלעכע מעשים און מאָראַלישע געבאָטן, אין אַ וועג פון גוטן ווילן, פון אָרדענונג און פון אַ לאַנגזאַמען פּראָגרעס. איר געפינט ביי אים ווייצמאַנישע פאָרמולירונגען נאָך פאַר ווייצמאַנען. ער

גלויבט נישט, אַזוי שרייבט ער אין אָנהויב פֿון 1918, אַז פּראָבלעמען קאָנען געלייזט ווערן בלויז מיט איבערהאַקן עפּעס אַ גאָרדישן קנופּ, ער גלויבט אין אַ פּראָגראַם פֿון בהדרגהדיקע דערגרייכונגען, שריט ביי שריט, אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל. קריזיסן זעלן מיר קיינמאָל נישט אויסמיידן. קיינמאָל וועט נישט אויפֿהערן די דיסקרעפּאַנץ צווישן דעם וואָס מיר מוזן און דאָס וואָס מיר קאָנען. די קריזיסן פֿון אונדזער אויפֿבוי קומען דער עיקר צוליב דעם וואָס מיר נעמען אויף זיך די ריזיקע פֿון אַ נייעם, געוואַגטן שריט, „אָבער אַזוי איז אונדז געבאָטן געוואָרן: זיך שטעלן כסדר אין סכנה כדי צו שאַפֿן אַ נייעם לעבן" (6).

בחלה און בחיפּזונדיקייט זיינען אים דערווידער. איר געפֿינט דעריבער ביי אים אָט אַזאַ טראַגישן אויסגעשריי: „פֿון וואַנען נעמט זיך צו אַ פֿאָלק, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט די דערפֿאַרונגען פֿון לאַנגע דורות, דער דאָזיקער יצר־הרע פֿאַר אַזאַ לייכטן און שנעלן שניט?" (7). און ווייל ער גלויבט אין כסדרדיקייט, איז ער אין תּוך אַ לעגיסלאַטאָר, אַ געזעצגעבער. וואָרום דאָס געזעץ איז אַ פּשרה צווישן די לעקציעס פֿון דער דערפֿאַרונג און דעם ענד־ציל וואָס מען האָפֿט אַמאָל צו דערגרייכן. איז טאַקע געזעצמעסיקייט נאָך איינער פֿון זיינע לייט־מאָטיוון. אָבער נישט געזעצמעסיקייט ווי פֿאַרגליווערטקייט, נאָר געזעצמעסיקייט ווי סטאַביליטעט, האַרמאָניע, אָרדענונג. בכלל איז אַלצדינג נאָר אַ מיטל צו אַ לעבן פֿון שבת אחים גם יחד אין שלום און גערעכטיקייט. אפֿילו ווען ער רעדט וועגן באָדן, וועגן לאַנד־אַרבעט, איז זיין הויפּטזאָרג נישט דאָס עקאָנאָמישע, דאָס מאַטעריעלע, נאָר דאָס גייסטיקע. „די ערד אַליין, ווען מיר וועלן זי באַרירן, זיך מיט איר מטפּל זיין, וועט געבן דעם פֿאָלק שטאַנדהאַפֿטיקייט, פֿעסטקייט, אינעווייניקע רואיקייט, און זי וועט באַהויכן מיט יושר אונדזער גאַנצע באַנעמונג" (8).

ס'איז ווייניק באַקאַנט, אַז דער פֿאָרזיצער פֿון דער כנסת, וועלכער זוכט קיינמאָל נישט צו גלאַנצן מיט זיינע קענטעניש, איז אַ מענטש וואָס לייענט אָן אַ שיעור. ער לייענט כדי צו לערנען, פּונקט ווי ער גייט צו צו די געשעענישן נישט ווי אַ לערער נאָר ווי אַ תּלמיד. זיין רעאַקציע אויף יעדער פּאַסירונג איז „צא ולמד": לאָמיר פֿאַרגלייכן מיט ענלעכע סיטואַציעס אין עבר און לאָמיר געפֿינען דעם מוסר השכל וואָס מיר דאַרפֿן זיך דערפֿון אָראָפּנעמען. ער גרייפֿט קודם כל צוריק אין זיינע זכרונות און איבערלעבענישן און אין דער גרויסער, פֿילזייטיקער ביבליאָטעק וואָס אין זיין מוח. „מען פֿאַרשטייט אונדז נישט", זאָגט ער סוף 1943, „...אָבער וועגן דער דאָ־

זיקער אומפאַרשטענדעניש האָט נאָך דערציילט אין זיין צייט פילון האלכסנדרוני, איבערגעבנדיק פרטים וועגן אַ דעלעגאַציע פון רוימי־שע יידן אין נאָמען פון די יידן פון אַלעקסאַנדריע. דער רוימישער קיסר האָט זיי אויפגענומען בעת זיין שפּאַציר און זיי זיינען אים נאָכ־געלאָפן... די דאָזיקע באַשרייבונג איז דער עלטער־זיידע פון די ביל־דער וועגן דער אומפאַרשטענדעניש לגבי אונדז" (9).

זיין אָנגעלייענטקייט גיסט אוים אַ באַזונדערן חן אויף שפּרינ־צאַקס רייד. ער האָט ליב צו נעמען אַ פּסוק אָדער אַ פערז, אָדער אַ טייל פון אַ פּסוק אָדער אַ פערז, און אויסטייטשן אים, צופּאַסן אים צו דעם געדאַנק, וועלכן ער דאַרף קלאָר מאַכן. ער גלויבט אַז נאַציאָ־נאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען האָבן זייערע וואָרצלען אין דער לי־טעראַטור. ציוניזם, זאָגט ער ערגעצוו, ציט זיין יניקה פון די קינות פון תשעה באב און פון די לידער פון יהודה הלוי און ח. נ. ביאַליק. ער שעמט זיך נישט מיט זיין געטריישאַפט צו די דיכטער פון זיינע קינדעריאָרן, באַזונדערס צו שמעון פרוגן, דעם „דיכטער פון יידישן צער", וועלכן ער ציטירט מיט אומענדלעכער ליבע.

אַנדערע וועלן געפינען גענוג מאַטעריאַל אין דעם דאָזיקן ספר אויף אַרויסצוברענגען דאָס בילד פון דעם ציוניסטישן מנהיג, דעם אַרבעטער־פירער, דעם וואָרטזאָגער פון דער כנסת, דעם פּאַרלאַמענ־טאַריער און דעם לעגיסלאַטאָר. נאָך אַנדערע וועלן שרייבן וועגן זיין פּקחות, זיין הומאָר, זיינע איינפאַלן, וועלן דערציילן וועגן דעם ווונ־דערבאַרן בעל־יועץ, און וועגן זיין אַנטשיידענער ראָל, הינטער די קוליסן, אין צייטן פון קריזיס. מיר וועט קלעקן, אויב ס'איז מיר געלונ־גען צו געבן אַ באַגריף וועגן דעם גוטן מענטשן, דעם יידן־פריינט און דעם מענטשן־פריינט, וועלכער האָט באַוויזן במשך פון אַ פול לעבן, אין אַ תקופה פון שטורעם און דראַנג, צו בלייבן געטריי יענע אי־דעאַלן וועלכע האָבן נישט קיין אָנהאַלט אין דער ווירקלעכקייט, „ביז עס וועט קומען זייער טאָג" (10).

## אריה לעאָן קובאָווי

בוענאָס איירעס, ל' אדר תשט"ו, 25 פעברואר 1955.

(1) ז' 108 (161); (2) ז' 202 (232); (3) ז' 16 (34); (4) ז' 338 (289); (5) ז' 109 (161); (6) ז' 143 (194); (7) 137 (190); (8) ז' 37 (63); (9) ז' 66 (107); (10) ז' 8( (132).

די ערשטע ציפער באַציט זיך אויפן העברעאישן טעקסט „בכתב ובעל פה"; די צווייטע — אויפן יידישן „אין וואָרט און אין שריפט".

# קיין ארץ־ישראל בין אָדעס*)

ענדלעך בין איך שוין פאַרטיק מיט מיינע רייזע־הכנות: אויסגע־שטודירט „די ידיעות וועגן ארץ־ישראל“ און אַלערליי רייזע־פלענער, מיט וועלכע דער אָדעסער פּאַלעסטינע־קאָמיטעט האָט מיך פאַרשיט, באַוואָפנט מיט ווערטער־ און רייזע־ביכער, אַ פּאַס פון „פּאַלאָמניק“ (עולה־רגל) אין קעשענע און איך בין אויפן טערעספּאָלער „וואָקזאַל“.

עס הערט זיך דער צווייטער קלונג: נאָך עטלעכע מינוט, און עס הויבט זיך אָן מיין נסיעה צו „אונדזער מזרח“.

דאָס קרייזל באַגלייטער רוקט זיך נענטער צוזאַמען. אַ געוויינלעכער שמייכל און לייכטע ווערטלעך, ווי שטענדיק פאַרן אָפּפאָרן און צעשיידן זיך מיט עפּעס נאָענטעס — הייסע קושן און אַ פייערלעכער, אין דער שטיל אַרויסגעזאָגטער „צום ווידערזען, דאָרט“ — באַגלייט מיך צום וואַגאָן.

דער דריטער קלונג...

איך האָב שוין די שטאָט אין גאַנצן פאַרלוירן פון מיינע בליקן, אַרום איז נאָר פעלד, ווען נישט ווען — אַ זעלנער אויף אַ פערד, אַ פורל מיט מעבל פון אַ לעטניק, — אַ באַקאַנט גרוי בילד...

איך גיי אַריין אין וואַגאָן. דאָרט איז ענג און טומלדיק. יידן קאָנען זיך נאָך לאַנג נישט באַרואיקן, וואַרפן זיך, קריגן זיך און שטויסן אומגעלומ־פערט יעדן אין די זייטן. אין איין טייל וואַגאָן כאַפּט מען שוין אַ קערטל — דאָס באַקאַנטע קערטל אויף דער וואַרשע־בריסקער ליניע. ווו נישט ווו עסט מען שוין. אַ יידענע האַלט עפּעס אין איין בינדן אירע קליידער און שרייען אויף אירס אַ מיידעלע. אין אַלגעמיין איז אַזוי קוטיק און אומעטיק!

עס הויבט מיך אָן צו פאַרדריסן, וואָס דאָס וואַגאָן־לעבן שמוצט מיך איין און איז מחלל מיין שטימונג, און איך אייל זיך אַרויסגיין אויף דער „פּלאַטשטאַדקע“.

איך שטיי דאָ אַ ווײַלע, עס ציט מיך אָבער צוריק צו מענטשן; אין וואַגאָן איז שוין עטוואָס רואיקער געוואָרן. מען איז שוין צווישן זיך היי־מיש. עס פליען שוין שאלות און תשובות מכוח דעם, ווו אַהין יעדער פאָרט. דער עולם לאָזט מיך אויך נישט דורך. מיין תשובה קיין „ארץ ישראל“ מאַכט אָן אַ סענסאַציע: ביי די יידענעס האָט זיך אַ פרומקייט פאַרשפּרייט איבערן

*) געשריבן אָריגינעל אין יידיש.

פנים און אַ זיסער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף די ליפּן. אַלטע יידן מיט באַהאַלטענער איראָניע האָבן איינגעבויגן זייערע קעפּ אָן אַ זייט און זיך מכין געווען צו הערן. און יונגוואַרג, דערהערנדיק דאָס וואָרט „ארץ ישראל“, האָט זיך אַריבערגעפּעקלט צו מיר אין מיין טייל וואַגאָן און האָבן זיך אָני־דערגעשטעלט קעגן מיר, דערוואַרטנדיק, פון מיר עפּוואָס אומגלויבלעכס און אָריגינעלס.

דער עולם האָט זיך געגרייט צו „אַ ציִעקאַוועו“ שמועס. און ווירקלעך האָט זיך אַזאַ שמועס פאַרבונדן.

— איר פאָרט הייסט עס קיין „פּאַלעסטינא“ — ווענדעט זיך צו מיר אַ ייד, אַ חסיד — עפּעס די לעצטע צייט האָט מען גאָר אויף אַן אַנדער אופן אָנגעהויבן אַהין צו פאָרן.

— צי מען פאָרט טאַקע, ווייס איך נישט, — רופט זיך אָפּ אַ ליט־וואַק, ווי עס ווייזט אויס, אַ קאָמיסיאָנער, — אָבער רעדן רעדט מען אַ סך וועגן דעם. ביי אונדז, למשל, האָט די יונגוואַרג מיט דעם צו טאָן, פּונקט ווי אַמאָל מיט פּאָליטיק און סאָציאַליזם.

נישט ווייט ביים פענצטער זיצט אַן עלטערער ייד, געקליידט האַלב־היינטמאָדיש, האַלב־יידישלעך, ניכר אַ גביר, אַ פּאָדריאַטשיק, און לייענט אַ בלאַט. ביי די לעצטע ווערטער פונעם ליטוואַק לייגט ער אַוועק פּאַמעלעך די צייטונג, נעמט אַראָפּ די ברילן און הערט זיך צו מיט זעלבסטווירדע צו אונדזער שמועס.

— וואָס קאָן דערפון אַרויס — מישט ער זיך ענדלעך אויך אַריין — אַז די יונגוואַרג האָט זיך שוין דערצו גענומען? זיי וועלן פאַרדרייען דעם קאָפּ ווי זיי האָבן פריער פאַרדרייט...

דאָס גייט נישט דורך גלאַט.

— וואָס־זשע טוען נישט די אַלטע? — פרעגט פון הינטן אַ יונגע שטימע. אַ שווייגנדיקער בליק, פול מיט בטול און איינגעהאַלטענעם כעס, געווענדעט צום גאַנצן עולם, איז די תשובה אויף דער דאָזיקער העזהדיקער שאלה; דער קעגנער פון די „יונגע“ קערט זיך אָפּ צום פענצטער, נעמט די צייטונג און גראָבט זיך אין איר אַריין.

דער עולם פרעגט זיך נאָך אויף דער לאַגע אין ארץ־ישראל און וועגן דער צוקונפט.

איך דערצייל זיי וועגן די האָפענונגען, וועלכע באַגייסטערן איצט די אַלע, וואָס אַרבעטן פאַר ארץ־ישראל, און וועגן די מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען איצטער פאַראַן; דער עולם הערט זיך צו מיט נייגעריקייט און טיפסטער אויפמערקזאַמקייט.

— וועט דאָס אַלץ מקוים ווערן?

— וואָס קאָן איך אויף דעם ענטפערן?

— איך טראַכט שוין לאַנג וועגן פּאַלעסטינא, — דערציילט אַ הויכער

מאָגערער יונגערמאַן מיט אַ סימפּאַטישן טרויעריקן פּנים — פּרנסה האָב איך אפילו, נאָר מיר איז נמאס געוואָרן דאָ דאָס לעבן; מיין טאַבאַטשנע קלייטל איז אויף אַ נישט־יידישער גאַס אין וואַרשע, אַרום זיינען נישט יידישע, שלעכטס, ממשותדיקס טוט מיר קיינער נישט, נאָר טאָג־טעגלעך האָב איך אַנטיסעמיטן אַרום זיך און איך קאָן בשום אופן נישט איבער־טראָגן זייער שווייגנדיקע שנאה, זייער חוזק־שמייכל. די מענטשן שטעכן מיך מיט זייערע בליקן. וואָס־זשע זאָל איך טאָן? אויף אַן אַנדער אָרט וועל איך קיין פּרנסה נישט האָבן, אַ ווייב און קינדער זיינען פאַראַן און דאָס פאָדערט עסן; איך האָב זיך געווענדעט מיט שאלות וועגן ארץ־ישראל, האָט מען מיר געענטפערט, אַז איך דאַרף כאָטש אַ דריי טויזנט רובל, כדי איך זאָל זיך קענען באַזעצן דאָרט. ווו זאָל איך זיי נעמען, אַז מיין גאַנץ פאַרמעגן באַ־טרעפט אַ רובל 800 אַרום און אַרום...

און דערווייל — דערווייל טריפט מיר טאָג־טעגלעך דאָס בלוט, און יע־דע שעה ווערט מיר אַלץ ביטערער. נישטאָ די אַמאָליקע צייטן ווען מען האָט געקענט גלייכגילטיק זיין ווען יענער האָט דיך מבזה געווען.

איך האָב אינסטינקטיוו אַ קוק געטאָן אין יענעם ווינקל ווו אַ נישט־יידישע גרופּע איז געזעסן און האָט גאָר נישט קיין פריינדלעכע בליקן גע־וואָרפן צום קרייזל יידן. דאָרט האָט מען געלאַכט פון עפּעס. דאָס געלעכטער איז געווען אַ געזונטס, פון גאַנצן האַרצן און האָט פּונקט אין דער מינוט דערוועקט מיט זיך קנאה.

עס איז אַרום מיר שטיל געוואָרן. עמעצער האָט אַ זיפץ געטאָן. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען יעדער אויף זיין אָרט.

אַ שטיקל צייט הערשט אַ פיינלעכע שטילקייט.

פּלוצלינג פיל איך ווי עמעצער רירט מיך ביים אַרבל מיט דרך־ארץ. איך קער זיך אום — עס שטייט פאַר מיר אַ לאַנג־געקליידטער יונגערמאַן מיט אַ פאַראַסאָל אין דער האַנט און אין די אויגן מאָלט זיך אונטערטעני־קייט און בקשה: ער וויל וויסן, צי איך בין אַ ציוניסט, נישט מער. ביי זיי אין קאָנסק איז פאַראַן אַ ציוניסטישע אגודה, איז ער דאָרט אַ מיטגליד. ער האָט אַקציעס, שרייבט אויס דעם „הזמן" און ווייסט אַלץ וואָס ס'טוט זיך אין דער ציוניסטישער וועלט, נאָר אים ווילט זיך אַ שמועס טאָן מיט אַ ציוניסט פון אַן אַנדער שטאָט. ער איז גליקלעך פון דער געלעגנהייט צו רעדן מיט אַ מענטשן וואָס פאָרט קיין ארץ־ישראל. ער וויל אַליין אויך פאָרן אַהין. דאָס ווייב איז מסכים, נאָר דער שווער לאָזט נישט. ער מאַכט חוזק פון אים, וואָס ער וויל טאָן דאָס אייגענע, וואָס חברה אַרבעטער טוען, — מאַכן גרופּן און פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער ליידט שרעקלעך דערפון, דאָ איז ער אַ לא יוצלח, האַנדלט מיט האָלץ און עס גליקט נישט. אָבער ווי קאָן אים גיין, אַז ער איז פאַרטראָגן מיטן געדאַנק וועגן ארץ־ישראל? דאָרט וואָלט ער געקאָנט רואיק פירן זיינע געשעפטן, אָבער דער שווער וויל פאָרט נישט!

ער בעט אַנטשולדיקונג, וואָס ער דולט מיר אַ קאָפּ, נאָר ער קאָן זיך נישט איינהאַלטן; אַזאַ געלעגנהייט!

דער יונגערמאַן סטאַרעט זיך דעם גאַנצן וועג מיך מיט עפּעס צו באַ־זינען — משמש זיין אַ מענטשן, וואָס פּאַרט קיין ארץ־ישראל.

לאַנגוויייליק און מאָנאָטאָן איז דער וועג אויף דער דרום־מערבדיקער ליניע. אַלץ באַקאַנטע גרויע בילדער: די זעלבע יידן וואָס רעדן וועגן תבואה און שאַצן אָפּ דאָס עשירות פון די פּריצים פון דער אַרומיקער געגנט; דער זעלבער בלינדער כלי־זמר וואָס שפּילט דאָס צענטע יאָר פּרוגס „טראַיקאַ״ און דער זעלבער רויטער ייד וואָס פאַרקויפט און שפּילט אַלץ אויס מיט זיין שטענדיקן חוצפּהדיקן לידעלע.

אַלץ דאָס זעלבע, נישט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען דורכצופאָרן די דאָזיקע ליניע צוריק מיט דריי יאָר און אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט זיך גאָר נישט געענדערט אויף דעם דאָזיקן וועג. ניין, עפּעס האָט זיך יאָ געענדערט, עפּעס פעלט איצטער — עס באַגעגענען דיך שוין נישט קיין יונגע פּנימער וואָס פלעגן מיט איראָניע און דרייסט מיט דיר אין וועג וועגן אַלץ רעדן. עס הערן זיך נישט קיין הייסע וויכוחים אויף פּאָליטישע טעמעס צווישן די יונגע און אַלטע — דאָס אַלץ איז נעלם געוואָרן, אַזוי איז אינע־ווייניק אין וואַגאָן, אַזוי אויך אויף די וואָקזאַלן.

אַמאָל, אין די פאַרנאַכטן, ווען דער צוג פלעגט דורך אַ קאָוועל, אַ ראָוו־נע, אָדער אַ בערדיטשעוו דורכגיין, האָט מען אויף די פּלאַטפאָרמעס געזען בחורימלעך אַרומגיין שפּאַצירן, שוואַרצע קורטקעס, שוואַרצע העמדלעך, שטעקעלעך אין די הענט, די חברה פלעגט זיך מיט דיר דורכן פענצטער דורכקוקן, עטוואָס אומגעזעענס פלעגט זיך צווישן דיר און זיי דורכציען — מען פלעגט אפילו אויף דיר אַביסל מיט חשד קוקן, „הלנו אם לצרינו״, דאָך האָט זיך עפּעס בשותפותדיקס געפילט, צייטנווייז האָבן צוזאַמען מיט די יונגע לייטלעך מיידלעך אויפן וואָקזאַל שפּאַצירט, איינפאַך שוואַרץ גע־קליידט, די האָר גלאַט צוגעקעמט און אין די אויגן עפּעס אַ מסירות־נפש.

דאָס אַלץ איז איצטער נישט צו באַגעגענען...

איצטער טרעף איך אויפן וועג יונגע חברה מיט בלויע סטודענטישע היטלען, אַזוי פיל בלויע היטלען און אַזעלכע מגושמדיקע פּנימער! און מיט די דאָזיקע בלויע היטלען שפּאַצירן עלעגאַנט געקליידטע פריילינס און זיי לאַכן אַזוי הילכיק, מיט אַזאַ קוויטש, מיט אַזאַ חוצפּה!...

פון וואַנען האָט זיך דאָס אַלעס גענומען?

נאָך זשמערינקע האָט זיך אין וואַגאָן אַן אייגנאַרטיקער קרייז געשאַפן. אַן אַמעריקאַנער מיט איינגעפאַלענע באַקן, מיט בלויען אונטער די אויגן אונטערגעפּירט, אין אַ העלן שרייענדיקן אַנצוג און ברייטע אַמעריקאַנישע שיך געקליידט, אַן עקסטערן, וואָס איז ערגעץ אין פּוילן אויף די עקזאַמענס דורכגעפאַלן, אַ בעסאַראַבער יונגערמאַן, וועלכן מען האָט נאָך צען חדשים

באַפרייט און איצטער אַ פאַרמוטשעטער, אַ פאַרשוואַרצטער און אַ פאַרדאגה־טער פאָרט ער אַ היים און צו דער קאָמפּאַניע האָט זיך, ווי אויף צו להכעיס, צוגעטשעפּעט אַ שדכן, וועלכער פאָרט זיך מיט עמעצן זען אויפן יאַרמאַלי־ניצער יריד — יעדער מיט זיין פעקל צרות. האָט זיי אַלעמען דער אַמערי־קאַנער צוזאַמענגעבונדן, ער האָט אין בלאָט געלעזן וועגן יעקב גאָרדינס טויט און זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און זיך נישט טיילן מיטן עולם מיט דער דאָזיקער טרויעריקער ידיעה.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן יידישן טעאַטער.

דער עקסטערן האָט געברייעט, אַז דאָס בעסטע יידישע דראַמאַטישע ווערק איז שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט": לעבעדיקע באַקאַנטע טיפּן, דער בעסאַראַבער האָט געטענהט, אַז בעסער פאַר גאָלדפאַדענען קאָן אין דער וועלט נישט זיין, אַז גאָלדפאַדענס ניגונים „כאַפּן" ביים האַרצן, און גאָרדינען קאָן ער בשום אופן נישט פאַרשטיין. דער אַמעריקאַנער האָט פון פאַרדרוס נישט געקאָנט אויף זיין אָרט איינשטיין. ער איז אַרומגעשפּרונגען, מיט די הענט געמאַכט: „ס'טייטש, ווי קאָן מען אַזאַ „זשעני" ווי גאָרדין מיט „שלום עליכמען" און גאָלדפאַדענען פאַרגלייכן? דער שדכן האָט פון דער גאַנצער מעשה געלאַכט, זיין מיינונג איז, אַז קיין בעסערער דראַמאַ־טורג, ווי „דער רבונו של עולם" קאָן גאָר נישט זיין...

האָט מען גערעדט וועגן געשטאָרבענע, איז מען פון גאָרדינען, להבדיל. אויף קרושעוואַנען אַריין.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יעדערער איז פון אַ שטאָט וווּ קרושע־וואַנס בלוטיקע דראַמע איז פאַרגעשטעלט געוואָרן... מען האָט וועגן קרו־שעוואַנען, וועגן די פּאָגראָמען און וועגן קרושעוואַנס טויט גערעדט. און וואָלט כאָטש אַ טראָפּן שמחה דערביי געווען; גאָר נישט, געשטאָרבן דער רשע, גם זו לטובה!

איך האָב וועגן ארץ־ישראל אַ רעד געטאָן. ערגעץ פון וואַנען האָבן זיך קעפּ אויפגעהויבן, יידן מיט אויפגעשטעלטע אויערן דערשינען — און אַלע זיך אין שמועס אַריינגעמישט. דער אַמעריקאַנער וואָס האָט זיך פיר יאָר אין אַמעריקע געמוטשעט און האָט דעם דאָרטיקן מאַשינען גייסט נישט גע־קאָנט פאַרטראָגן, האָט דעם עקסטערן איבער דער פּלייצע געקלאַפּט: ניש־קשה, „נאַש בראַט" וועט נאָך אין פּאַלעסטינע אויך זיין; איצטער איז דאָרט אַ נייע וועלט. דער עקסטערן האָט דערציילט, אַז ער האָט שוין קיין ביי־רוט געשריבן, ער וויל דאָרט אין קאָלעדזש (הויכשולע) אַריינטרעטן.

„און איך וועל „איה'ש" — זאָגט דער בעסאַראַבער — מיך אָפּרוען. צוזאַמענקלייבן עטלעכע קערבלעך און אַוועקוואַרפן דאָס פאַרשאָלטענע בעסאַראַביע; איך דאַרף נישט האָבן קיין אוניווערסיטעטן, איך ווייס, וואָס אַזוינס איז ערד, און איך וועל אין ארץ־ישראל נישט פאַרפאַלן ווערן.

דער שדכן האָט גאָר אַ בריוו אַרויסגענומען פון זיינעם אַ זון אַן אַר־בעטער אין ארץ־ישראל און אים מיט גדלות דעם עולם געוויזן.

יידן האָבן מיט אויפמערקזאַמקייט זיך צו דעם אַלעמען צוגעהערט און האָבן מיט די קעפּ, פאַרטראַכט, צוגעשאָקלט.

אין „ראַזדיעלנאַ", נאָך דער „פּערעסיאַדקע", האָט דאָס בילד זיך אַביסל געענדערט. איך בין שוין דאָ געפאָרן מיט יידן, וועלכע רעדן יידיש דורכ־געמישט דורכויס מיט רוסישע ווערטער, אפילו נישט קיין פאַריידישטע אַזוי ווי אין ליטע; עס האָבן זיך באַוויזן די דרומדיקע מיידלעך, וועלכע רעדן נאָר רוסיש, אָבער אַזאַ רוסיש, וועלכן מיר, דוכט זיך, נישט קיין רוס, האָט דאָס געשניטן די אויערן.

דער וואַגאָן איז פון „ראַזדיעלנאַ" אָן פול געווען מיט טשינאָווניקעס, און סתם פאַרשוינען וואָס האָבן געלייענט קרושעוואַנס צייטונג „דרוג"; די בלעטער זיינען אין שוואַרצע קאַנטן געווען; דאָס זיינען הספדים אויפן שוואַרצן נביא, וועמענס גייסט האָט אַזוי געהערשט אינעם דאָזיקן קאַנט.

עס איז אַ מחשבה ווי אַ בליץ דורכגעפלויגן: אפשר פאָר איך אין דעם זעלבן וואַגאָן, אין וועלכן צוריק מיט פיר יאָר האָט מען אין „ראַזדיעלנאַ" געשאָכטן מיינע ברידער! נישט ווילנדיק האָב איך זיך אַרומגעקוקט אויף די ווענט פונעם וואַגאָן און אַ שוידער איז דורכן לייב דורכגעגאַנגען.

איך בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרם פונעם וואַגאָן, אויף דער ליכט אַרויס, כדי צו פאַרטרייבן די שוואַרצע שאָטנס פון דער נאָענטער פאַר־גאַנגענהייט...

אין דרויסן איז זעלטן שיין געווען — אַלץ אַרום האָט געבליט אין גאַנצן רייץ פון דער דרומדיקער נאַטור.

אויבן איז אַ שיינענדיקער, לאַכנדיקער, קלאָרער הימל געווען פאַר־שפּרייט און אין האַרצן האָט אַזוי גענאָגט.

און מיט דעם דאָזיקן נאָגעדיקן שווערן געפיל בין איך צוגעפאָרן צום לעצטן רוסישן וואָקזאַל אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

# „הפועל הצעיר״*)

אין האָג זיינען זיי דערשינען צום ערשטן מאָל און זייער דערשיינען האָט געמאַכט אַ רושם. זיי האָבן מיט זייערע פאַרהאַרעוועטע, פון דער פאַלעסטינער זון־אָפּגעברענטע פּנימער, מיט זייערע פּשוטע נאָר אייגנאַרטיקע אַרבעטער־קליידער, צוגעצויגן צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. ערנסט, ווי עס פּאַסט פאַר אמתע אַרבעטער־פאַרטרעטער, זיינען זיי, די צוויי דעלעגאַטן פון „הפועל הצעיר״, באַזונדער, ערגעץ־ווו אין אַ ווינקל, שטענדיק געזעסן צוזאַמען, און מיט דער שטרענגסטער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט די אַרבעטן פונעם קאָנגרעס. אָפט, גאַנץ אָפט, האָט מען גע־קענט באַמערקן אויף זייערע פּנימער פאַרדרוס און איראָניע געמישט מיט פאַראַכטונג. דאָס פלעגט טרעפן ווען די רוסישע ציוניסטן פלעגן זיך אַרומ־רייסן מיט זייער לאַנד־פּאָליטיק, מיט פּוסטע חלומות, לויט זייער מיינונג, אָדער ווען דאָס פערזענלעכע און קליינלעכע פלעגט די קאָנגרעס־טריבונע באַהערשן.

זיי זיינען קיין האָג מיט אַ שליחות געקומען. זיי, די אמתע עדות פון נייעם לעבן, זיינען געקומען דערציילן, אַז דאָס לעבן דאָרט שטייט נישט. אַז יעדע מינוט וואָס גייט אַוועק מאַכט גרעסער דעם תהום און שווערער, אַלץ שווערער דעם וועג... און פון דער קאָנגרעס־טריבונע האָט זיך זייער שטים געהערט. זיי האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם ביוראָקראַטיזם אין ארץ־ישראל, קעגן די וואָס שטערן דעם וועג פון אַרבעטער — דעם פּיאָנער פון לאַנד. זיי האָבן דאָס רעכט אויף אַרבעט אין אונדזער לאַנד געפאָדערט.

אין אַן ענגן קרייז פון דעלעגאַטן וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מיט דער שטרעבונג צו פאַרזאַמלען די צעוואָרפענע יונגע ענערגיע פון דער באַוועגונג, די עלנטע איינציקע פונקען אין איין פייער צוזאַמענגיסן, האָט זיך דער „הפועל הצעיר״ מיט זיינע געדאַנקען, חלומות און האָפענונגען געטיילט.

„אייער לעבן אין גלות — האָבן זיי געטענהט — איז פול מיט טראַגישע סתירות. און אין דער אייגענער צייט ווען איר, נישט פילנדיק דעם באָדן אונטער זיך, יאָגט זיך אומזיסט נאָך אַלערליי אילוזיעס־פּראָגראַמען,

*) דער דאָזיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין 1908, אויף יידיש, אין שוי־כות מיטן ערשטן נומער פון „הפועל הצעיר״ אין ארץ ישראל. דער אַרטיקל איז דער־שינען אין „דאָס יידישע פאָלק״, וואָס לייב יפה האָט אַרויסגעגעבן אין ווילנע.

אין דער אייגענער צייט האַלט אונדזער לאַנד ביים דערוואַכן; עס פעלן אָבער די ווערקער — די בויער, וואָס זאָלן אינגאַנצן פאַרטרייבן דעם כישוף־שלאָף פון דעם לאַנד".

און ווען זיי האָבן וועגן זייער לאַנד דערציילט האָט ליבע באַשיינט זייערע פאַרהאָרעוועטע פּנימער. מיט באַגייסטערונג, מיט שטראַלנדיקע אויגן האָבן זיי וועגן דעם אַרבעטערס אויפגאַבע — דעם באַהערשער פון לאַנד — גערעדט. „נאָר מיט יידישע הענט מוז דאָס לאַנד געבויט ווערן; נאָר דער איבערגאַנג פון אַלע אַרבעטס־געביטן אין יידישע הענט פירט צו דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער אידעאַל!"

און זיי האָבן די יונגע חברים פון גלות צו דער גרויסער אויפגאַבע גע־רופן. זיי האָבן גערעדט, געמוסרט, פלעגנער אויפגעשטעלט און אויך ברייטע האָריזאָנטן אַנגעוויזן.

קיין קינסטלעך־אויסגעאַרבעטע טעאָריע, צו וועלכער מיר זיינען אַזוי געוווינט, האָבן מיר דאָ נישט געזען, דערפאַר אָבער האָט זיך פאַר אונדז גע־עפנט אַן אוצר פון לעבן און גלויבן.

פאַר אונדז זיינען דערשינען מענטשן אַנטשלאָסענע, מיט גאַנצע נשמות און פעסטע, געזונטע געפילן.

ווען מען האָט די שוואַכע זייטן פון זייער פּראָגראַם פון דעם פּראָלע־טאַרישן שטאַנדפּונקט קריטיקירט האָבן זיי דרייסט און קלאָר געענטפערט:

„קיין לופט־שלעסער בויען מיר נישט, לאָמיר וועלן אַרבעטן, דאָס לאַנד וועט זיך אַנטוויקלען און ממילא וועט דער לאַגישער פּועל־יוצא ווייזן דעם ווייטערן גאַנג פון דער אַרבעט. דאָס לעבן, די צוקונפט וועט אונדזער פּאָזיציע דערקלערן".

נישט אַלע האָבן אויף דער שיטה מסכים געווען, נאָר אַלע האָבן איר געזונטן תוך דערפילט. מיר, וועלכע זיינען געקומען פון חורבן פאַרמאַטער־טע, בין לילה פאַרעלטערטע, האָבן זיי מקנא געווען.

זייער גאַנצקייט און אַנטשלאָסנקייט האָבן אַריינגעוואָרפן עטלעכע זו־גענשטראַלן אין אונדזער פאַרטרויערטער נשמה. זיי האָבן אונדז געבראַכט אַ גרוס פון אונדזער צוקונפטיקן „אַלטניילאַנד".

***

שטיל וועבט זיך די באַגייסטערנדיקע אַרבעט פון „הפועל הצעיר". טיף־דורכגעדרונגען מיט דער גרויסקייט פון זיין אויפגאַבע גיסט אויס דער יידי־שער אַרבעטער אין ארץ־ישראל זיין גאַנצע ענערגיע און ליבע אויף דער ברוסט פון לאַנד.

אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דעם לאַנד, צעוואָרפן אין זיינע אַלער־ליי טיילן, הערט זיך צו דער פּיאָנער מיט אויפמערקזאַמקייט צו יעדער

תנועה פון נייעם לעבן. און ער פילט די גאַנצע שאַרפקייט פון די חבלי לידה.

פיל האָבן דער יידישער אַרבעטער און דער ארץ־ישראלדיקער לערער צו דערציילן זיך און זייערע ברידער אין גלות וועגן דער לאַגע און די באַ־דערפעניש פון לאַנד. נאָר ביז איצט האָט אין ארץ־ישראל געפעלט אַ פרייע טריבונע פון וועלכער עס זאָלן זיך הערן די יונגע שטים פון נייעם לעבן.

שוין לאַנג ווי דער „הפועל הצעיר" חלומט וועגן אַן אייגענער צייטונג, וואָס זאָל דאָס לעבן פון לאַנד אין זיך אָפּשפּיגלען, דעם אָרט און באַדיי־טונג פון אַרבעטער באַלויכטן, אַ גייסטיקער צענטער פאַר די פּיאָנערישע יונגע כוחות וואָס זאָל זיי שטאַרקן און מוטיקן און וועלכע זאָל די ענערגיע פון דעם גלות וועקן.

וועגן אַזאַ מין חלום האָבן זיי אונדז אין האָג דערציילט.

דער דאָזיקער חלום האָט זיך סוף־כל־סוף פאַרווירקלעכט. און אין דער אייגענער צייט ווען ביי אונדז האָט די פּראָלעטאַרישע פּרעסע פאַרלאָרן איר לעבנס־אינהאַלט אַ דאַנק דער קומענדיקער באַדנלאָזיקייט, אָדער צוליב די שרעקלעכע יסורים וואָס מען האָט איר אָנגעטאָן — אין דער אייגענער צייט האָט אונדז ארץ־ישראל אַ מתנה געשיקט: דער ערשטער אַרבעטער־אָרגאַן אין אונדזער נאַציאָנאַלער שפּראַך.

איצט ווען אַ פּועל צעיר וועט קומען אַהיים פון זיין שווערן, מיט נסיונותפולן אַרבעטס־טאָג, וועט ער אַ פריינד ביי זיך געפינען וואָס וועט וועגן די נצחונות און מפּלות פון זיינע חברים פּיאָנערן גרוסן ברענגען; אַ פריינד, וואָס וועט אים זיין שטרייט באַזינגען און דאָס לעבן גרינגער מאַכן.

דער זשורנאַל „הפועל הצעיר" רעדט אין דעם נאָמען פון אַ נייעם גע־זעלשאַפטלעכן כוח אין אונדזער לאַנד וואָס שטעלט זיך, ווי אַ דעוויז, דעם מאָטיוו פונעם אָרגאַן: „דער וויכטיקסטער תנאי פון רעאַליזירן דעם ציו־ניזם איז דאָס איינגעמען אַלע אַרבעטס־געביטן אין ארץ־ישראל".

דער זשורנאַל פירט אונדז אַריין שוין פון דעם ערשטן געדרוקטן נו־מער אַן *) אין דער אַטמאָספער פון דער יונגער פּאַלעסטינע.

דער נייער ישוב איז פול מיט לעבנס־דורשט און אָנגעשטרענגטן גע־דולד וואָס ווערט באַשיינט מיטן געפיל פון גייסטיקער צופרידנקייט.

דער רייכער קאָרעספּאָנדענץ־טייל פון זשורנאַל דערציילט וועגן דעם לעבן און וועגן די באַגריפן פון דעם ארץ־ישראל־אַרבעטער, וועגן די שווע־ריקייטן וואָס ליגן אויף זיין וועג. דער פּיאָנער איז נישט געוווינט צו דער נייער אַרבעט... פרעמד איז אים ערטערווייז דער קלימאַט, דער פיבער איז אַן אָפטער גאַסט ביי אים און צו דעם אַלעמען ווערט ער באַטראַכט פאַר אַ

*) דער ערשטער נומער איז איינגנטלעך דער דריטער: די ערשטע צוויי זיינען ארויס העקטאגראפירטע.

פרעמדן ביי דעם אַלטגעזעסענעם קאָלאָניסט. נאָר דער ווילן פירט אַלץ דורך און דער יידישער אַרבעטער באַזיגט אַלץ מער און מער די אַראַבישע קאָנ־קורענץ. אַזוי ווייט, אַז אפילו די קאָלאָניסטן פון פּתח־תקוה, וועלכע האָבן אַזוי געררודפט די פּועלים, „די מורדים", זיינען מיט זיי שלום געוואָרן און זיינען גרייט זיי נעמען צו זיך אויף אַרבעט. נישט קוקנדיק אויף די שווע־ריקייטן איז דער אַרבעטער שטענדיק מונטער און מיט זיין מונטערקייט הייבט ער אין די קאָלאָניעס די שטימונג („מכתבים מהגליל").

ברייט פאַרשטייען די פּועלים צעירים זייער אויפגאַבע: בעת אין ירושלים געפינען זיי פאַר נויטיק אָנצופירן דעם קאַמף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון עטלעכע טויזנט אַרבעטער און פירן צווישן זיי אַן אויפקלערונגס־אַרבעט, כדי צו דערוועקן זייער נאַציאָנאַלן און קלאַסן־באַוווסטזיין, פאַר־שטייען זיי אָבער אין ביירוט, אויסער דעם אַלעמען, די נויטיקייט צו פירן אַן אַלגעמיינע קולטורעלע אַרבעט און זיי באַמיען זיך משפיע צו זיין אויף דעם לעבן פון דער קהילה — אַ השפעה וואָס זאָל אויפלעבן דעם אָרטיקן עלעמענט, וועלכער זיצט דאָרט פון לאַנג.

„דו גלויבסט זיך נישט — שרייבט פון פּתח־תקוה מיט טרויער און ווייטיק — אַז דו, שטייסט אין די רייען פון אַ גאַנצער אַרמיי, אַז דיינע חברים גייען דיר נאָך און עס גנבעט זיך אַריין אַ ספק אין האַרצן: אפשר ביזטו נישט מער ווי אַן אָפּגעריסענער אבר וואָס איז צופעליק אַהער אַריינ־געפאַלן"...

און דאָס צוטרייבן דעם דאָזיקן ספק ווידמעט דער אָרגאַן פון „הפּועל הצעיר" זיין גאַנצע ענערגיע.

אין דעם פּובליציסטישן טייל פון דעם זשורנאַל באַקענען מיר זיך מיט באַגרינדעטע אנשויאונגען פון דעם „הפּועל הצעיר" וועגן געוויסע דערשיי־נונגען אין לאַנד און בנוגע דעם לאַנד — און מיט זיין קריטישער באַצי־אונג צו זיי.

דער לייטאַרטיקל באַגרינדעט דעם הויפּט־יסוד פון דעם פּראָגראַם פון „הפּועל הצעיר" און באַרירט איינס פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער ציוניסטישער רעאַל־פּאָליטיק אין ארץ־ישראל, נעמלעך — די אַראַ־בער־פראַגע (דערקלערנדיק די נויטיקייט צו ווערן די בעלי־בתים פון דעם לאַנד דורך באַהערשן די אַרבעט, דערציילט ער אונדז, וואָס קען ווערן פון דער ביזאיצטיקער גלייכגילטיקער באַציאונג צו דער דאָזיקער פראַגע).

וועגן דער עם־הארצות, וואָס הערשט אין די „קאָמפּעטענטע" ציוניסטי־שע ספערן בנוגע ארץ־ישראל רעדט ה. ופסי („צחון מכאיב לב"). ער דער־ציילט, אַז עד היום ווייסן מיר נישט געגוי וויפיל ערד מיר באַזיצן; מיר ווייסן נישט, מיט וויפיל ערד מיר זיינען די לעצטע יאָרן רייכער געוואָרן און ווי אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט דער ווערט פון דער ערד. ה. ופסי ווייזט

אַז אויף דער דרינגענדער נויטווענדיקייט צו שאַפן סטאַטיסטיק אין ארץ־יש־ראל.

דרייסט און קלאָר פאָרמולירט ח׳ נ״ץ דעם „אני מאמין" פון „הפועל הצעיר" אין זיין פּאָלעמיק מיט די „פּועלי ציון" (בנין וסתירה").

„...און אויב דאָס קאָרטן־שטיבל — זאָגט ער — וואָס איר, פּועלי ציון, האָט געבראַכט אַהער אַ פּאַרטיקס, הייסט ביי די איצטיקע נאַציאָנאַל־עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען אין ארץ־ישראל — בנין, דאַן זיינען מיר טאַקע די צעשטערער". „...אויב קלאַסן־קאַמף, אַליין פאַר זיך, ביי דער איצטיקער צייט אין ארץ־ישראל, הייסט בנין, דאַן זיינען מיר געגנויט צו זיין די שטע־רער. נישט צום קאַמף דאַרפן מיר איצט רופן, נאָר צו אַרבעט — צו אַרבעט פאַר דעם אַלגעמיינעם ציל... — דער איצטיקער מאָמענט פאָדערט פון אונדז אַריינציען אַהער דעם יידישן קאַפּיטאַל און נישט קעמפן מיט אים — כל־זמן ער איז נישט פאַראַן במציאות".

„...אויב דער „זשאַרגאָנישער" קולט, וועלכן איר ווילט איינפלאַנצן הייסט בנין, דאַן איז אונדזער הייליקער חוב אים צו צעשטערן. מיר שטרעבן נאָר צו איין שפּראַך, כדי דורך דער דאָזיקער שפּראַך פאַרוואַנדלען דעם ישוב אין אַ נאַציאָנאַלער גאַנצקייט".

דער ערשטער נומער פון דעם פרייען אָרגאַן אין ארץ־ישראל מאַכט אַן איינדרוק פון עפּעס יונגס, פול מיט גלויבן, וואָס רייסט זיך צום לעבן און וויל עס באַהערשן.

פיל לאָזט דער זשורנאַל ווינטשן אין ליטעראַרישן זין. נאָר ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז דעם ערשטן זשורנאַל לאָזט אַרויס נישט די פאַרהעלטניש־מעסיק רייכערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ביי וועלכער דער ליטעראַטור־פאָנד דערגרייכט ביי דעם ערשטן נומער ביז 24 פראַנק, דאַן זיינען מיר מקבל־באהבה אפילו די חסרונות פון דעם יונגן זשורנאַל.

פיל טענות קען מען האָבן צום זשורנאַל פון דעם פּראָלעטאַרישן שטאַנד־פּונקט, נאָר דאָס איז אָבער דאָך אַן אָרגאַן פון פּראָלעטאַריער וועלכע שאַפן זיך ערשט אַ באָדן, אַן אָרענע אויף צו ווירקן.

„די צוקונפט, דאָס לעבן וועט אונדזער פּאָזיציע דערקלערן".

פול מיט גלויבן, דאגה און האָפענונג, באַגריסן מיר דעם „הפועל הצעיר".

**
*

מיט דרייסיק יאָר צוריק (1877) האָט אין גלות, ביי די ברעגן פון דונאַי, אַ יידישער אינטעליגענט אהרון ליבערמאַן, אַ זשורנאַל „האמת" געשאַפן.

אויף דער שפּראַך פון די נביאים האָט דער „אמת" די פאַרמאַטערטע קינדער פון דעם געטאָ צו די גאָלדענע אידעאַלן פון סאָציאַליזם גערופן, נאָר צווישן די אָרעמע קרעמער און די ווייניקע בעלי־מלאכות, צווישן די מיושבדיקע בעלי־בתים און למדנים „מאורי הגולה", האָבן די געדאַנקען פון „האמת" נישט געפונען זייערע טרעגער, און די יידישע יוגנט פון יענער צייט איז געווען איינגעשלאָסן אין די ענגע ווענט פון בית־המדרש. קיין אריכות ימים האָט דער „האמת" נישט געהאַט. פאַר דער צייט איז ער געקומען און פרעמד צום לעבן איז ער געווען און ער האָט פרי געמוזט זיין נשמה אויסהויכן.

און די נשמה פון „האמת" האָט גענומען וואַנדערן איבערן יידישן געטאָ.

יאָרן זיינען געגאַנגען, צייטן האָבן זיך געביטן, די בעלי־בתים זיינען יורדים געוואָרן, די בעלי־מלאכות האָבן זיך פאַרגרעסערט אין זייער צאָל. די ווענט פון אַלטן בית־מדרש האָבן אָנגעהויבן איינע נאָך דער אַנדערער איינצופאַלן און די לומדים זיינען אפיקורסים געוואָרן.

דער יידישער סאָציאַליסטישער זשורנאַל איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען. די פאָרמען אָבער און דער אינהאַלט פון דעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל האָבן זיך געביטן לגמרי. ער איז פול מיט לעבן געוואָרן און ער האָט גערעדט שוין אויף דער שפּראַך פון דער יידישער גאַס. צוזאַמען מיט דער ענדערונג וואָס איז אין אים פאָרגעקומען האָט זיך אויך זיין מזל געביטן. ער האָט געפונען אויף וועמען צו ווירקן און פון וועמענס לעבן אַן אָפּקלאַנג צו זיין. דער יידישער אַרבעטער האָט אין דעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל זיין טרייסט געשעפּט, ווייל ער האָט דעם אַרבעטערס לעבן ליכטיק און רייך געמאַכט. ער האָט אים געהויבן, צום שטרייט גערופן, ער האָט אים פאַר אַ העלד געמאַכט.

נאָר ווירקנדיק אויף לעבעדיקע האָט דער סאָציאַליסטישער זשורנאַל פאַרט דאָס לעבן גופא נישט געקענט ענדערן. אים איז נישט געלונגען צו צערייסן דעם כישוף־רינג וואָס רינגלט אַרום דעם ייד און עס איז געקומען די לעצטע טרויעריקע צייט ווען דער סאָציאַליסטישער זשורנאַל האָט שוין נישט געקענט מער טרייסטן דעם יידישן אַרבעטער, רייך און ליכטיק מאַכן זיין לעבן.

די גאָלדענע חלומות האָבן זיך אין אַ נעפּל איינגעהילט...

ווייטער האָט גענומען וואַנדערן די נשמה פון „האמת"... זי האָט געוואַנדערט אַזוי לאַנג ביז זי איז איצט פאַר אונדזערע אויגן נתגלה געוואָרן אין אַן אַרבעטער־זשורנאַל אין ארץ־ישראל, שוין אויף דער שפּראַך פון ביאַליקן און אחד־העם'ען.

צווישן דעם „האמת" פון אויפן דונאי און צווישן דעם „הפועל הצעיר" פון אויפן ירדן ליגט אפילו אַ גרויסער תהום: דער „האמת" איז דורכגעדרונגען געווען מיט גאָלדענע שטראַלן פון דער געווינטשטער צוקונפט, נאָר דאָס לעבן האָט אים געפעלט; דער „הפועל הצעיר" איז פול מיט יונגן, נייעם

לעבן, נאָר אים פעלט די ווייטע געזעלשאַפטלעכע פּערספּעקטיוו; און אין דער טיפעניש פון תהום וואָס ליגט אויפן ווייטן וועג פון יאָרן צווישן די בײדע זשורנאַלן זיינען אָראָפּגעשטירצט געוואָרן חורבות פון דער אַלטער און נייער יידישער וועלט...

דעם תהום און די חורבות האָט די קללה פונעם גלות געשאַפן. נאָר דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל בויט איצט אַ בריק איבער דעם דאָזיקן תהום.

„די צוקונפט, דאָס לעבן וועט אונדזער פּאָזיציע דערקלערן!" —

# ד״ר הערצל

(געשריבן צו הערצלס פופציקסטן געבורטס־
טאג, אין 1910, זעקס יאר נאך זיין טויט).

„ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחילה״... און איך וועל אומ־
קערן דיינע ריכטער ווי צוערשט און דיינע יועצים ווי אין אנהייב...

א טרויס פון פאלק ישראל, א מעלאנכאלישער סטרונע־ציטער פון זיין
נשמה־פידל, אן אפקלאנג פון זיין כביכול פארשטומטן לעבנס־פרייהייטס־
געזאנג.

אין דער פרעמד, אויף די וווערבעס די טרויעריקע, הענגט שוין לאנג,
לאנג די פידל און ווארט אויפן גואל וואס זאל קומען א ריר טאן אירע סטרו־
נעס און אויפוועקן אין איר דעם שווער־איינגעשלאפענעם אוראלטן געזאנג.

א סך האבן נאך דעם געבענקט... און געפרווט...

אלע די, וואס דער צער פון דער אומה האט זיי אנגעגריפן, וואס טרערן
פון באליידיקונג האבן זיי געווארגן.

אלע די וואס האבן געזוכט טרייסט אין די אוועקגעגאנגענע שיינקייטן
און האב געוואלט איינשטילן דאס שטורעמדיקע געמיט מיט לעגענדעס פון
דעם אפגעלאפענעם „אמאל״; אלע די, וואס דער נבואה־גייסט האט אין
זייער הארץ געברויזט און די האפענונג פון זייער פאלק איז אין זייער
וויזיע אויפגעגאנגען — אלע האבן געוואלט — און געפרווט. אבער קיי־
נער פון זיי איז נישט באשטימט געווען פאר דער דאזיקער שליחות. זיי
זענען בלויז פעאיק געווען, ארויסצוברענגען קלאג־לידער און לעגענדעס פון
די פידל־סטרונעס.

הענגט ווייטער די פידל — און ווארט.

ביז עס איז דערשינען דער מאיעסטעטישער יורש פון די לעגענדע־
העלדן ווי אויך פון די אוראלטע אבות; א באשטראלטער פון דעם גאולה־
ליכט איז ער דערשינען, האט די פידל אין זיינע הענט גענומען און אויפ־
געוועקט האט ער דאס איינגעשלאפענע געזאנג — דאס געזאנג פון א פאלק
וואס האט זיך קיינמאל נישט אונטערגעגעבן און וואס זיין באפרייאונגס־
תשוקה וועט קיינמאל נישט פארשווינדן!

א לעבנס־פריידיק געזאנג וועגן א יידישער מדינה וואס וועט ווידער
אויפשטיין פון איר חורבן, וואס וועט אויפסניי אויפגעריכט ווערן אויף אירע
צעשטערטע פראכטן.

„דער געדאַנק, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין מיין ווערק, האָט דער־גרייכט אַ טיפן עלטער. ס׳איז דער געדאַנק פון צוריק־אויפשטעלן די יידי־שע מדינה״.

„נישט מיט קיין נייעסן קום איך צו אייך — איך חזר בלויז איבער דאָס, וואָס אַנדערע האָבן שוין לאַנג אויסגעדענקט און דורכגעטראַכט״.

אַזוי פלעגן אַמאָל קומען און זאָגן אַלע די, וואָס מיט זייער דערשיינונג האָבן זיי געבראַכט די בשורה פון גאולה פאַר פעלקער און לענדער. און מיט ענלעכע ווערטער איז אויך הערצל צו זיין פאָלק געקומען.

פאַר זיין אָנקום, ביים סאַמע אָנהויב: דורות, אָנגעזאַפטע מיטן גלויבן אין דער גאולה וואָס מוז קומען; געטרייע צו דער שבועה וואָס די ערשטע גולים האָבן אָפּגעגעבן.

און דערנאָך: די האָפענונג פון דער אויסגעמאַטערטער אומה ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, ווערט פאַרוואַלקנט און דערווייטערט זיך, דער־ווייטערט זיך פון דער ווירקלעכקייט און די רעאַליטעטן.

טרעפט, אַז די וואָס זייער געדולד האָט נישט אויסגעהאַלטן הייבן זיך אויף און פאַרלאָזן די רייען. עס געשעט אָבער, אַז אייניקע כאַפּן זיך אויף פון דער גסיסה, פלאַקערן אויף און זענען עולה... צינדן זיי אָן ליכט־פונקען אין דעם אויסדערוויילטן לאַנד, זיי — די שליחים־אָנזאָגער פון דער קומענ־דיקער תקופה.

די איבערגעבליבענע — מיט שטילן צער באַגלייטן זיי די אָנטרונענע און מיט אַ ליבן שמייכל נעמען זיי אויף די אַנדערע, און — שוין... צו שפּרייזן ווייטער איז קיין כוח נישטאָ — נישט ווידערצושפּעניקן און אי־בערצורייסן דעם פאָדים, ווי אויך נישט נאָכצוגיין די אָנגעצונדענע ליכט־פלאַקערן!

און אין מיטן דעם דאָזיקן צאַפּל: „דעריבער זאָג איך בפירוש: איך גלויב אין דער מעגלעכקייט פון פאַרווירקלעכונג. די יידישע מדינה איז אַ נויטווענדיקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און דערפאַר וועט זי מוזן באַ־שאַפן ווערן!״ — — — אַזאַ קול האָבן די יידן אין גלות זיכער נאָך נישט געהערט.

די גאַנצע אומה האָט פאַרנומען די דאָזיקע ווערטער. אַלע אירע פאַר־לייקענער, באַוויינער און אויך טרוימער האָבן זיך צו זיי צוגעהערט און אָנגענומען זיך מיט גלויבן און מיט טיפן פיעטעט האָבן זיי געקוקט אויף יענעם שטאָלצן ייד וואָס האָט זיך פלוצים אַנטפּלעקט צווישן אונדז און מיט אַ קרעפטיקער זיכערקייט האָט ער זיך גלייך געשטעלט אויפן שוועל פון אונדזער צוקונפט.

„ביי אַ טייל פון זיינע שאַפונגען האָט היינע געשפּירט ביים שרייבן אַזוי ווי אַן אָדלער וואָלט געשוועבט איבער זיין קאָפּ... און אויך איך —

דערציילט הערצל — האָב בעתן שרייבן דעם „יידנשטאַט״ געפילט איבער מיין קאָפּ עפּעס ענלעכס צו אַ פליגל־גערויש...״

און אָט־אָ־דעם פליגל־גערויש האָט, צוזאַמען מיט אים, אויך געשפּירט דאָס גאַנצע פאָלק.

„זינט די באַזעל־טעג — זאָגט הערצל — האָט דאָס יידישע פאָלק אַ נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ, און עס וועט נאָך האָבן אַ יידישע מדינה אײַ־נעם אייגענעם לאַנד״.

אַלע אונדזערע יאָרן האָבן מיר געבענקט נאָך אונדזער לאַנד. פון שטענ־דיק אָן זענען די מחשבות אונדזערע געווען פאַרנומען מיט די צוקונפטיקע טעג פון באַפרייאונג. אָבער עפּעס האָט אונדז דאָך געפעלט: דער פּאָליטי־שער אימפּולס וואָס איז ביי אונדז פאַרגליווערט געוואָרן, און אָן אויטאָרי־טאַטיווע פאָלקס־רעפּרעזענטאַנץ וואָס זאָל אַרומנעמען און עקספּאַנירן דעם כוח פון דער גאַנצער אומה.

הערצל האָט פאַר אונדזערע גייסטיקע אויגן אויסגעשפּרייט אַ בילד פון די דאָזיקע זאַכן וואָס מיר, אין אונדזער גוואַלדיקער פּאָליטישער דערנידע־ריקונג, האָבן אפילו נישט דערוועגט זיך צו טראַכטן וועגן זיי.

די אילוזיע פון אייגענער פּאָליטיק האָט אַריינגעבראַכט לעבן אין אונדזערע שטרעבונגען, האָט אונדז דערמאָנט די שבועה פון די אָבות און זייער צוואה פאַר די קינדער, האָט געגעבן שוווּנג און פאַרנעם אונדזערע געדאַנקען און אויפגעהויבן אונדזער ווערט אין אונדזערע אייגענע אויגן.

די דאָזיקע אילוזיע, זאָל זיין אפילו אַ פאַרביילויפיקע, איז פאַר אונדז געוואָרן אַ לעבנס־קוואַל. אַ דאַנק איר האָבן מיר אַרויסגעבראַכט אין זכרון לאַנג־לאַנג פאַרגעסענע געשעענישן, האָבן ווידער אויפגעלעבט אונ־דזער יוגנט־גייסט און האָבן זיך אָנגענומען מיט פרישן כוח, צו גיין ווייַ־טער אונדזער וועג — ווייטער און נאָך ווייטער...

הערצל האָט נאָך ביי זיין לעבן געוואָלט זען פאַרווירקלעכט זיין אי־דעאַל: רעסטאַווירן די יידישע מדינה נאָך 2000 יאָר פון חורבן. דאָס איז אים אָבער נישט געלונגען. דאָס נישט געלינגען איז געווען אומפאַרמיידלעך. דער פּועל־יוצא איז אָבער געווען, אַז מיר האָבן זיך דערוווּסטערט פון דעם וועג וועלכן הערצל האָט אָנגעצייכנט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיין אי־דעאַל!

ס'איז נישט אונדזער שולד. אויך נישט זיינע. ס'איז די שולד פון די באַדינגונגען, די שולד פון אונדזער ג ו ר ל. די ווירקלעכקייט האָט גע־שטעלט אַ וואַנט צווישן דעם אידעאַל און זיין פאַרווירקלעכונג. דער אי־דעאַל וועט בלייבן דער פירנדיקער שטערן פאַר אַלע דורות. די פאַרווירקלע־כונג אָבער איז: לאַנגדויערנדיקע אַרבעט, אַרבעט פאַר דורות.

און אויף אַלע אונדזערע וועגן, אין אַלע אונדזערע אַרבעטן וועט אונדז באַגלייטן הערצלס מאָטאָ:

„וועט איר וועלן — וועט דאָס קיין לעגענדע נישט זיין!"

„איך שטאַרב, אָבער דערמאָנען וועט זיך גאָט דערמאָנען אָן אייך, און ער וועט אייך אויפברענגען פון דעם היגן לאַנד צו דעם לאַנד וואָס ער האָט צוגעשוווירן"... און: „דערמאָנען וועט זיך גאָט דערמאָנען אָן אייך — זאָלט איר אויפברענגען מיינע ביינער פון דאַנען". אַזוי האָט יוסף באַשוווירן זיינע ברידער און אַזוי האָבן באַשווירן די צוקונפטיקע דורות אַלע די, וואָס זענען געווען פאַר הערצלען. און אין זייער וועג איז אויך ע ר געגאַנגען. הערצל, וועלכער האָט געגלויבט אין דער פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל נאָך ביי זיין לעבן — אויך ער האָט איבערגעגעבן אונדז, זיינע יורשים, דעם גורל פון זיינע ביינער, און מיט אַ תנאי:

ווען מיר וועלן עולה זיין...

און די עליה האָט זיך אָנגעהויבן. מיר, די עולים, האָבן דורכאויס געוואָלט נאָכטאָן דעם מאַן, וואָס האָט אונדז באַגייסטערט: נישט דורך אַ שליח האָט דאָך הערצל געווירקט, ער האָט אַלץ געטאָן אַליין מיט זיין אייגן לייב און לעבן.

מיטן רענעסאַנס־געזאַנג אויף אונדזערע ליפּן און מיט הערצלס בילד — דער סימבאָל פון אונדזער שטאָלץ — אַנטקעגן אונדזערע אויגן האָבן אויך מיר זיך מיט דער גאַנצער נשמה אָפּגעגעבן צו אונדזער אידעאַל: מיר האָבן עולה געווען און צוריקגעקערט זיך צו דער אייגענער היים.

נישט לייכט איז אונדזער אַרבעט דאָ: יעדער נייער טראָט, יעדער אות וואָס ווערט צוגעגעבן צו דער געשיכטע פון אונדזער באַפרייאונג, קומט אונדז אָן שווער; אַ פעלז פון זיין אָרט אָוועקצורוקן, אָדער ווי אַ וועג דורך בערג דורכצופלאַסטערן.

אונדזער חיי־שעה און אונדזערע דאגות די טאָג־טעגלעכע זענען שטאָפּלען אויפן וועג פון דער צוקונפט.

טיילמאָל זיגן מיר און טיילמאָל ווערן מיר באַזיגט.

און אין מיטן דער אַרבעט דער דאָזיקער, זיינען מיר געקומען צום טאָג אין וועלכן ס'איז אונדז הערצל געגעבן געוואָרן.

דערמאָנען מיר זיך אין די פאַרגאַנגענע טעג, הייבן מיר אויף אונדזערע קעפּ, טרייסלען אַראָפּ פון זיך דאָס אַש פון די וואָכעדיקע טעג און — פון מיט קדושה פון דעם אויפלעבונגס־יום־טוב — הערן מיר ווידעראַמאָל די רופנדיקע שטים פון דעם מנהיג, גלייך ווי ער וואָלט אַ לעבעדיקער געשטאַנען פאַר אונדזערע אויגן.

איז ער ווידער מיט אונדז און ווידער הערן מיר זיין געזאַנג.

הערצל איז פון אונדז נעלם געוואָרן. אַוועק איז ער פון אונדז, נישטאָ. אָבער זיין ליד איז געבליבן מיט אונדז, דאָס ליד וואָס ער האָט אַרויסגעצויבערט פון דער פאָלקס פידל. וועלן נאָך יאָרן איבער יאָרן פאַרבייגיין

און די דאָזיקע שירה וועט נישט איבערגעריסן ווערן. ביז אַן אַנדער געזאַנג וועט איר אָרט פאַרנעמען:

אַ ניי געזאַנג, דאָס געזאַנג פון אַ באַפרייט פאָלק, אַ פאָלק וואָס וווינט אין זיין אייגן לאַנד!

און דאָס נייע ליד וועט דערציילן וועגן דעם פאָלק און זיין גלות־לעבן, וועגן אַלע מאַטערנישן וואָס עס האָט געהאַט אויסצושטיין, און וועגן יע־נעם גרויסן ייד וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן — די גאולה־פאָן — און האָט זי געלאָזט פלאַטערן איבערן וועג וואָס פירט קיין ציון.

# ישוב און אַרבעטס־פּראָבלעמען

## צו די חברים אין ירושלים

א בריוו צו די מיטגלידער פון „הפועל הצעיר“.
געשריבן כ״ד אדר ב׳, תרע״ג (1913).

ירושלים! אין דער דאָזיקער צענטער־שטאָט וואָס פאַרמאָגט אַ ישוב פון זעכציק טויזנט נפשות — און אַזאַ פאַרביקער ישוב! — קען נישט געמאָלט זיין, אַז אונדזער באַוועגונג זאָל דאָרט נישט האָבן קיין באַזונדערע אויפגאַבן. איר וועט דאָך נישט לייקענען, אַז פון יעדן ראָג, פון יעדן ווינקל אין דער הייליקער שטאָט לאָזט זיך הערן די פאָדערונג צו ענדערונגען, צו באַנייאונג, צו הילף פון פריינד און צו דער טעטיקייט פון פאָלקסטימלעכע מענטשן. מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי דורכצוטרעטן סטעזשקעס און מען דאַרף אַרויסווייזן טאַלאַנט צו באַגרייפן דעם מצב און די באַדינגונגען, ווי אויך צוצופאַסן צו זיי די כוחות.

אויב מיר זאָלן זוכן נייע וועגן און צופאַסן צו זיי אונדזערע כוחות, וועלן מיר האָבן פאַר זיך אַ ברייט פעלד; אויב פאָרלויפיק נאָך נישט פאַר רעאַלער און אַקטועלער טעטיקייט איז, לכל הפחות, פאַר צוגרייטונגס־אַרבעט און אויף אויסצופאָרשן די אומשטענדן. ווען איך האַלט ביים רעדן וועגן דער טעטיקייט אין ירושלים מוז איך זיך אומקערן צו דער אַלטער טעמע: *דער אַלטער ישוב און זיין יונגער דור*. מיר האָבן שוין אַ סך גערעדט וועגן דעם, דיסקוטירט און באַשלוסן אָנגענומען. וואָס האָבן מיר אָבער געטאָן? אָט זיינען ענדלעך געקומען די „מכבי“־לייט, האָבן געמאַכט דעם פייגעם שריט און קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ צאָל יונגעלייט פון די ישיבות. „מכבי“ קען אָבער בלויז מאַכן דעם דאָזיקן ערשטן שריט, פון איצט אָן און ווייטער איז עס די פליכט פון אונדזער פאַרטיי צו דערציען זיי און אויפוועקן זייער נאַציאָנאַלן און קלאַסן־באַוואוסטזיין. וואָס האָט געוווסט און וואָס האָט געטאָן אונדזער סניף אויפן דאָזיקן געביט, וועלכער דאַרף געהערן צו זיין טעטיקייטס־קרייז? איר האָט דערצו נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס, און אויך מיר האָבן גאָרנישט געוווסט דערפון. ווען ס׳איז אונדז באַקאַנט געוואָרן, אַז צווישן דער ישיבה־יוגנט איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג צו גיין אין די קאָלאָניעס איז שוין געווען צו־שפּעט. די עניִים האָבן זיך שוין אַנטוויקלט פון זיך אַליין און מיר האָבן זיי נישט געקענט באַאיינפלוסן און ריכטן אויפן וועג וואָס איז געוווּנטשן לויט אונדזערע אנשויאונגען.

און וואָס איז געוועזן דער סוף? לויט ווי מיר האָבן געהערט האָבן זיך שוין צוריקגעקערט די ערשטע שוואַלבן — און ווייט נישט אַזוי ווי זיי זיינען גע־האַט געקומען. מ׳זאָגט, אַז דער ערשטער שריט האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ גאַנץ אומגעלונגענער. וועט דאָס נישט פירן צו אַנטוישונגען, צום חורבן פון די אילוזיעס און צום אויסלעשן דעם פונאַנדערגעפלאַקערטן פונק? עס זעט מיר אויס, אַז דאָ זיינען מ י ר די שולדיקע. עס האָבן געפעלט געטרייע הענט, זאָרגפעלטיקייט און אַנטשפּרעכנדיקע פירערשאַפט. די זאַך איז אָבער נאָך נישט קיין פאַרלאָרענע און עס איז נאָך דאָ גענוג פּלאַץ פאַרן ירושלימער סניף ווו די הענט צו צעפירן.

וואָס שייך די ס פ ר ד י ם: ירושלים איז כמעט דאָס איינציקע אָרט אין ארץ־ישראל ווו עס לאָזט זיך געפינען אַן אַנטשפּרעכנדיקן קרייז אויף אויסצוווירקן אַ השפעה צווישן די ספרדים. האָבן מיר דאָך שוין פון לאַנג צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז מען דאַרף אָנפירן אַ טעטיקייט צווישן דער ספר־דישער יוגנט! האָבן מיר אָבער געמאַכט אין ירושלים כאָטש דעם ערשטן שריט אין דער ריכטונג? — לעצטנס האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן ביי די ספרדים פון ירושלים (די רעפאָרמען אין דער תלמוד תורה...) צי האָבן מיר אָבער דאָ דערפילט אונדזער אויפגאַבע ווי אַ כוח וואָס וועקט און סטימולירט? ט׳איז נישט קיין פראַגע פון נישט אויספירן פאַרשיידענע באַשלוסן וואָס מיר האָבן וועגן דעם ענין אָנגענומען אויף פאַרשיידענע קאָנפערענצן. דאָ רעדט זיך אויך נישט וועגן דער פאַרטייאישער ש י ל ד. עס גייט בלויז אין דער שטרעבונג, אַז אַלץ זאָל געטאָן ווערן אין אונדזער גייסט. ווען מיר טרעטן אַריין אין אַ געוויסן געביט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט מוזן מיר דאָך האָבן די האָפענונג, אַז די באַאיינפלוסטע וועלן זיך דערנענטערן צו אונדז און וועלן פריער אָדער שפּעטער אָנערקענען אונדזערע קאָלאָניזאַטאָרישע און כאַציאַלע שטרעבונגען...

און בשעת מיר רעדן וועגן אונדזער טעטיקייט צווישן די ספרדים, טאָר מען אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן איר וויכטיקייט. אויסער נאַציאָנאַלע, ווירקן דאָ אויך פּאָליטישע מאָטיוון. די טעטיקייט פאַר דער אויסלייזונג פונעם לאַנד דאַרף זיך באַזירן אויך אויף לאָקאַלע כוחות. מען דאַרף זיך ווייניקסטנס באַ־מיען, אַז עס זאָל אַמאָל נישט קומען צו קיין צוזאַמענשטויסן צווישן זיי און די ניי־אָנגעקומענע כוחות. מען דאַרף דאָס גוט נעמען אין אַכט, באַזונדערס ביים ליכט פון די איצטיקע אויסערלעכע אומשטענדן.

וועגן די ת י מ נ ע ר: אין די לעצטע יאָרן האָט זייער צאָל זיך גע־מערט און עס איז דאָ אַ גרונט צו האָפן, אַז די תימנער עליה וועט זיך בקרוב באַנייען. דערווייל אָבער איז דער מצב נישט געהויבן. עס האָט זיך, וואָס אַן אמת, פאַרגרעסערט די צאָל טוערס לטובת די תימנער, אָבער זייער גאולה שלמה וועט קומען בלויז דאַן, ווען זיי וועלן פון זיך אַרויסגעבן אייגענע כו־חות, וואָס וועלן זיי פירן אין דעם געהעריקן וועג און וועלן זיי סטימולירן

צו זעלבסטהילף. אין ירושלים געפינען זיך תימנער וואָס זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל מיט עטלעכע יאָר צוריק — און פון צווישן זיי וואָלט מען געקענט אַרויסגעפינען כאָטש אַ קליין הייפל יוגנטלעכע, וואָס מען זאָל זיך אָפּגעבן מיט זיי, וועקן זייער באַוווסטזיין, אַנטוויקלען זיי און הויבן זייער קולטורעלן ניוואָ.

אין יפו האָט מען שוין געמאַכט אַ קליינע התחלה אין דער ריכטונג. עס איז דאָרט פאַראַן אַ קליינע גרופּע פון פינף יונגע תימנער, וואָס קומען זיך צונויף יעדן שבת און אונדזערע חברים פאַרנעמען זיך מיט זיי און שמועסן מיט זיי אויף פאַרשיידענע טעמעס. די זאַך גייט צו אַביסל שווערלעך, ווייל מען האָט דאָ צו טאָן מיט מענטשן, וואָס זיינען ערשט נישט לאַנג געקומען פון תימן, און דעריבער זיינען פאַר זיי פרעמד פאַרשיידענע באַגריפן, וועלכע זיינען צוטריטלעך פאַר די וואָס לעבן מיט אונדז לענגער.

די טעטיקייטס־געשיכטע פון „הפועל הצעיר" אין די לעצטע יאָרן איז ענג פאַרבונדן מיט די תימנער און דער שריט וועלכן מיר שלאָגן דאָ פאָר איז נישט מער ווי אַ נאַטירלעכער אַנטוויקלונגס־עטאַפּ אין אונדזער אָנגעהויבענער טע־טיקייט.

שוין דאָס אַדורכפירן די דאָזיקע אויפגאַבע אַליין גיט דעם ירושלימער סניף עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. נאָך אַלעמען איז דאָך פאַראַן אין ירושלים דעו „המון" — די אַרבעטס־מאַסע. און אויב עס איז נאָך פאַרלויפיק נישטאָ קיין מעגלעכקייט אַריינצוטראָגן ענדערונגען און ראַדיקאַלע אויסבעסערונגען אינעם מצב פונעם דאָזיקן המון, מעג מען על כל פנים טראַכטן וועגן פּאַליאַ־טיוון. און טאַקע זיי אויך פאַרווירקלעכן.

ביז אַהער האָב איך גערעדט וועגן זאַכן וואָס זיינען מער ווייניקער פּראַקטישע. מיר שטייען אָבער אויך פאַר אויפגאַבן טעאָרעטישע: זעלבסט־צוגרייטונג און פאַרפולקאָמונג. אין די שטאָטישע סניפים דאַרפן זיך ביי אונדז קאָנצענטרירן — און עס געשעט טאַקע אַזוי — יונגע אויפגעקלערטע אַרבע־טער, ווי אויך די יונגע אינטעליגענץ. פאַר זיי אַלעמען וואָלט דער סניף גע־דאַרפט דינען אַלס געזעלשאַפטלעכע שולע וואָס זאָל זיי מכשיר זיין פאַר זייער צוקונפטיקער טעטיקייט. אויף להבא וועלן מיר דאַרפן פאַלקסטימלעכע עסקנים. נישט קיין געקומענע פון חוץ לארץ, נאָר דאָ געבוירענע און אויס־געוואָקסענע, דערצויגענע אין אַ פּראָגרעסיווער סביבה דאָ אין לאַנד, אַזעלכע וואָס קענען דורך און דורך זייער גאַנצע אומגעבונג.

און זאָלן מיר טראַכטן וועגן ירושלים אַליין אין די קומענדיקע טעג וועט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקן אַ פּערספּעקטיוו וואָס רופט אַרויס האַרבע טראַכ־טענישן, ווייל ווייניק זיינען אונדזערע כוחות און ווייל נישט צוגעגרייט זיי־נען מיר. מען דאַרף אָנגעמען, אַז אין דער נישט ווייטער צוקונפט וועלן אין ירושלים פאָרקומען גאָר באַדייטנדיקע ענדערונגען אויפן עקאָנאָמישן געביט. אויב מיר זאָלן נאָך דערצו נעמען אין באַטראַכט, אַז פריער אָדער שפּעטער

וועלן אין סיריע און אין ארץ־ישראל פאַרווירקלעכט ווערן די געפאָדערטע רע־פאָרמען דאַרפן מיר פאַרויסזען, אַז ירושלים קען ווערן אַ וויכטיקער געזעל־שאַפטלעכער פּונקט פאַר אונדז. מיר וועלן דאַרפן קעמפן און קריגן אַ השפעה אויף אַלע געביטן פון דעם שטאָטישן לעבן. מוזן מיר זיך באַצייטנס צוגרייטן. מיר דאַרפן זאָרגן און דערציען כוחות וואָס זאָלן מיט דער צייט פּעאיק זיין אָפּצוגעבן זיך מיט פאַרשיידענע מוניציפּאַלע ענינים. בקיצור: עס שטייט פאַר אַ ברייטע און פאַרצווייגטע לאָקאַל־פּאָליטישע טעטיקייט און דאָס איז אונדז אויך מחייב וואָס פריער צו נעמען זאָרגן וועגן דער פּאָליטישער און בירגערלעכער דערציאונג פונעם גאַנצן ירושלימער ישוב.

לאָמיר טאַקע צוטרעטן צו זעלבסט־צוגרייטונג דורך געלאַסענער, רואי־קער און שטופּנווייזער אַרבעט. און לאָמיר פאַרלויפן די געשעענישן. אונדזערע יונגע כוחות דאַרפן זיך באַמיען באַזונדערס צו פאַרפולקומען זיך אויף די געביטן פון סאָציאַלער און פּאָליטישער וויסנשאַפט.

מיר דאַרפן זיך גרינטלעך באַקענען מיט דער פרעמדער סביבה און מיט די כוחות, וועלכע ווירקן אין איר, כוחות וואָס זיינען נאָך אפשר נישט גענוג רייף, אָבער זיי קענען שפּעטער גאָר וויכטיק זיין און מיר מוזן זיך באַצייטנס אָנהויבן רעכענען מיט זיי.

די דאָזיקע סביבה דאַרפן מיר קענען, פאָרשן און שטודירן אין אַלע היני־זיכטן. מיר וועלן דאַרפן שיצן אונדזערע אינטערעסן און דעריבער מוזן מיר געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך און ברידערלעכע צוזאַמענאַרבעט מיט די אַנ־דערע תושבים פון דער הויפּטשטאָט. און ווידעראַמאָל: זאָרגט דערפאַר, אַז מיר זאָלן אין דער צוקונפט האָבן פאָלקסטימלעכע עסקנים. אין ירושלים גע־פינט זיך דער לערער־סעמינאַר. און, ווי באַקאַנט, ווערן ביסלעכוויז באַזעצט אַלע לערער־פּאָסטנס — אין די שטעט און קאָלאָניעס — דורך די סעמינאַר־אַביטורענטן. ביי יעדן פאָלק שפּילן פאָלקס־לערער די ראָל פון קולטור־טרע־גער און וועגווייזער פאַרן המון. מוז דאָס ביי אונדז אודאי זיין אַזוי. און ס׳איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די דאָזיקע אַרבעט פון די יונגע לערער מוז זיי דער־נענטערן צום „הפועל הצעיר".

די דאָזיקע יונגעלייט — די סעמינאַריסטן — זיינען פּעאיק אויס־צופירן די פריער אַרומגערעדטע אויפגאַבע. אָבער צי זיינען זיי גרייט דערצו? האָבן זיי כאָטש אַ נייגונג דערצו? איך מיין, אַז ניין. די דאָ־זיקע יוגנטלעכע זיינען אפשר רייך אין וויסן, זיי זיינען אָבער זייער אָרעם אין גייסט, אין יוגנטלעכן אידעאַליזם... דער מאַנגל אין סאָציאַלער בילדונג פירט זיי צו „ספּעציאַליזאַציע". זיינען זיי דערפאַר אַזוי טרוקן, געדאַנקענ־לאָז, אָן אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער וועלט־אַנשויאונג.

מען דאַרף דעם דאָזיקן מצב ענדערן. מען דאַרף צווישן דער יונגער אינ־טעליגענץ אַרויסרופן דעם פאַרלאַנג צו אַנאַליזירן נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע

דערשיינונגען און פּראָבלעמען. מען דאַרף אין זיי אָנרעגן דעם ווילן זיך צו דערהויבן, אַרויסצורייסן זיך פון די ענגע ד׳ אמות און נישט צו באַנוגענען זיך מיט פּעדאַגאָגישע פראַגן און מאַטעריעלע אינטערעסן... אויב זיי וועלן זיך יאָ דערהויבן — כאָטש אַביסל — און וועלן דערגאַנצן זייער דערוואַר־בענע בילדונג דורך פאַרפּולקאָמען זיך אין סאָציאַלע וויסנשאַפטן און מאָדער־נע אידייען, אויב זיי וועלן זיך אויך פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלעכע פּראָב־לעמען אין דעם ישוּב — וועלן זיי ביסלעכווייז דערגרייכן די געווינטשטע מדרגה פון פּראָגרעסיווע קולטור־טרעגער אין ארץ־ישראל.

אויב דער „הפּועל הצעיר״ וועט אויף אויף זיך נעמען די ראָל פון אַ שטויס־קראַפט, וועט מעגלעך זיין צו ענדערן די סיטואַציע און דאַן — לאָזט זיך האָפן — וועלן די יונגע כּוחות אין ירושלים אויפשטייגן און וועלן דורכגע־דרונגען ווערן מיט אידעאַליזם און דעמאָקראַטישן גייסט. דערמיט וועלן מיר פאַר זיך אויסבילדן קאַדרען פון אינטעליגענטע כּוחות אין לאַנד.

אָנצייכענענדיק דאָ די הויפּט־שטריכן פאַר דעם צוגרייטונגס־פּראָגראַם ווייס איך אַליין, אַז דער סניף איז נישט אימשטאַנד דאָס אַלץ צו פאַרווירק־לעכן. איך וויל אָבער אונטערשטרייכן, אַז די באַרירטע פראַגן דאַרפן שטיין אויף דער טאָג־אָרדענונג, אינטערעסירן די חברים און אויספּילן דעם אינ־האַלט פון אונדזערע אסיפות אין ירושלים. אויב דאָס זאָל געשען, קען אונדזער אָרטיקער סניף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מרכּז רוחני, אין אַ גייסטיקן צענטער פאַר דער יוגנט, אַ צענטער — אַ וועגווייזער פאַר פאָלקסטימלעכער טעטי־קייט, גייסטיקער דערהויבנקייט און בירגערלעך־געזעלשאַפטלעכער רייפקייט.

„אויב דאָס זאָל געשען...״ און פאַרוואָס טאַקע נישט? לייגט זיך דען דאָס נישט אויפן שכל, אַז מיר זאָלן האָבן אין ירושלים וועמען אָנצופאַר־טרויען דאָס אַרויסגעבן אַ צייטונג פאַר די פאָלקס־מאַסן, די צייטונג וואָס איר ערשטן נומער לאָזן מיר אַרויס אויף פּסח? ס׳איז דאָך קלאָר, אַז אַזאַ מין מאַסן־צייטונג איז בעסער אַרויסצוגעבן אין אַ שטאָט, אין וועלכער עס געפינט זיך די פּילפאַרביקע מאַסע, וואָס איר איז די צייטונג געווידמעט.

ירושלים וואַקסט און וואַקסט צו אַ מעמד וואָס ציט צו זיך אויפמערק־זאַמקייט. און אין אַזאַ צייט זיינען מיר אין ירושלים מאַכטלאָז...

אינעם ערשטן נומער פון „הפּועל הצעיר״, מיט זעקס יאָר צוריק, האָט חבר טווערסקי געפּאָדערט צו אינטערעסירן זיך מיט דער פראַגע פון ירושלים און איר באַפעלקערונג. איז אודאי טאָר מען ניט דערלאָזן, אַז איצט — ווען ירושלים שטייט שוין אין צענטער פון אויפמערקזאַמקייט — זאָלן מיר נישט גרייט זיין אויסצופירן באַשטימטע אויפגאַבן.

מען דאַרף אַ סוף מאַכן צו אונדזער רואיקייט און גלייכגילטיקייט. מיר דאַרפן אויפוואַכן און עפּעס טאָן! איז דער ציל פון מיין דאַזיקן בריוו געווען איינער: וועקן!

# נאָטיצן פון קריטישע טעג

(נעשריבן אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה).

## קוואַלן פון עקזיסטענץ

אַ שווער דערדריקנדיקן יאָר האָט דורכגעמאַכט די אַרבעטערשאַפט אין לאַנד. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס יאָר מיט אַ באַוועגונג צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן, צוליבן פחד פאַר „מה נאכל?" „וואָס וועלן מיר עסן?" און געענדיקט האָט זיך דאָס יאָר... זאָל בעסער אַ קורץ בריוועלע פון אַ קליינער קאָלאָניע דערציילן, ווי אַזוי עס האָט זיך געענדיקט: „9 אַרבעטער זיינען נעכטן אַוועק פון דאַנען. 4 קיין רחובות, 4 קיין נס ציונה און איינער קיין ראשון לציון. אויב די תימנער וועלן אויך וועלן אַוועקגיין וועט מען זיי איינאָרדענען אין פּתח תקוה. פון צווישן אַלע ערטער, וווהין מיר גייען זיך איצט פונאַנדער זעט רחובות אויס צו זיין אין דער בעסטער לאַגע. דאָרטן קען מען נאָך קריגן ברויט. אין ראשון לציון, אויב דו האָסט געקראָגן ברויט אינדערפרי, ביסטו נאָך נישט זיכער, אַז דו וועסט עס באַקומען אויך אין אָוונט. אין נס ציונה איז בכלל קיין אַרבעטער־קיך נישטאָ, און עס זעט אויס, אַז עס וועט אויך נישט זיין. לעת עתה זיינען פאַראַן צוויי זעק מיט מעל אָבער אויך מיט דעם מעל איז זיך שווער איינצואָרדענען. און אָט אַזוי זעט עס אויס: ס׳לאָזט זיך דער אַרבעטער אינדערפרי אַרויס צו דער אַרבעט, נאָכן אָפּעסן בלויז אַ שטיקל טרוקענעם ברויט און אַז ער קומט מיטאָג־צייט טרעפט ער דאָס אויך נישט; ער האָט אפילו נישט קיין האָפענונג, אַז לכל הפחות אין אָוונט וועט דאָס ברויט זיין צו דער צייט..."

אַזוי זעט אויס דער מצב אין דער קליינער באר־יעקב, אַזוי איז עס אין דער גרויסער פּתח־תקוה און אַזוי אין אַלע אַנדערע קאָלאָניעס...

אַזוי — נישט נאָר צום סוף פונעם ערשטן קריזיס־יאָר, נאָר אויך אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן שווערן יאָר.

במשך דעם ערשטן קריזיס־יאָר האָבן די אַרבעטער געלעבט פון די מיטלען, וואָס האָבן געשטאַמט פון דרייערליי קוואַלן: א) די אינערלעכע מיטלען פון דער קאָלאָניע, ס׳הייסט: די געלטער פון די קאָלאָניסטן; ב) די מיטלען פון דער אַמעריקאַנער הילפס־קאַסע; ג) די הלוואה וואָס די פּרדסנים האָבן באַקומען.

די מיטלען פון דער קאָלאָניע זיינען געווען און זיינען געבליבן ביז גאָר באַגרעניצטע, ווייל דער קריזיס האָט שווער געטראָפן דעם קאָלאָניסט און זיין

הירטשאַפט. דאָך וואָלט דער דאָזיקער מקור געשפּילט אַ וויכטיקערע ווען די קאָלאָניסטן וואָלטן נאָר אַרויסגעוויזן אַביסל מער אָנשטרענגונגען צו באַשעפ־טיקן יידישע אַרבעטער. ס'לאָזט זיך אָבער גאָר אַ סך שמועסן וועגן זייערע „אָנשטרענגונגען". ווען דער כראָניקער פון די קריזיס־צייטן וועט צוקומען צו דעם קאַפּיטל וועט ער זיכער נישט אַריינפאַלן אין קיין איבעריקער התפּעלות... ביז אָבער די צייט וועט קומען ווען מען וועט קענען ריידן אויספירלעך וועגן אונדזערע אינערלעכע צרות, לאָמיר דאָ פאַרצייכענען אַ פאַקט: יענע גרויסע קאָלאָניע אין יהודה וואָס האַלט אַז זי איז דורכויס אין אָרדענונג — זי איז עס די טרעגערין פון יידישער עטיק — איז אפילו היי־יאָר געווען גאָר ווייט פון אַרויסצווייזן אפילו דעם פּשוטן יידישלעכן רחמנות־געפיל. דאָס פּראָבלעם פון דעם אַרבעטערס עקזיסטענץ — ווען אפילו בלויז בבחינת „וחי אחיך עמך" („לעב און לאָז דיין ברודער לעבן") — האָט נישט איבעריק באַ־שעפטיקט די פירער פון יענער קאָלאָניע. פרעמד איז דער אַרבעטער אין דער דאָזיקער קאָלאָניע געווען פאַר צען יאָר, פרעמד פון שטענדיק אָן און אויך אין די קריזיס־טעג האָבן זיך פאַר אים נישט געזאָרגט נישט די קאָלאָניע און נישט אירע רעדל־פירער.

נישט בעסער האָט זיך אין דעם פּרט אויפגעפירט אויך יענע קאָלאָניע וואָס די גאַנצע לופט אירע איז כלומרשט דורכגעזאַפּט מיט לויטערן נאַציאָ־נאַלן גייסט. אפילו די אויסדערוויילטע פון דער דאָזיקער קאָלאָניע האָבן נישט געהאַלטן פאַר זייער נאַציאָנאַלן חוב צו זאָרגן פאַר די יונגע חלוצים. זיי האָבן געזשאַלעוועט אפילו אַ שייגעם זשעסט, צי אַן אָנגעשטעלטע פּאָזע... דערפאַר אָבער איז דווקא יענע קאָלאָניע וואָס האָט מיט זיך שטענדיק פאַר־געשטעלט אַ סימבאָל פון „בועז־גייסט",*) וואָס האָט אַלעמאָל געדינט ווי אַ ציל־ברעט פאַר די פיילן פון קריטיק, דווקא ביי איר — על כל פנים, ביי אי־רע עסקנים — האָט זיך אַנטפּלעקט אַ געוויסע פאַראינטערעסירונג מיטן קיום פון דעם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל. דער חלוצישער פונק פון „ראשו־נים" האָט זיך אין דעם דאָזיקן ביטערן יאָר ווידער צעפלאַקערט און האָט אין שווערע מאָמענטן די דאָזיקע מענטשן באַלויכטן מיטן ליכט פון אָנשטענדיקע בירגער אין ישוב. פון דעם ליכט האָט זיך אין יענע קריזיס־טעג אויך גע־צויגן אַ שטראַל וואָס האָט באַלויכטן און געוואַרעמט די באַציאונג צו די אַרבעטער.

דאָס איז אָבער נאָר אַ פאַראיינצלטער שטריך וואָס האָט געזאָלט אַביסל איידעלער מאַכן דאָס גאַנצע מגושמדיקע בילד. פאַקטיש זיינען קיין ממשות־דיקע ענדערונגען נישט פאָרגעקומען. דער דערמאָנטער מקור פאַר דער עקזיס־טענץ פון די אַרבעטער — די מיטלען פון דער קאָלאָניע — האָט די גאַנצע

*) דער ביבלישער בועז (פון רות); אַזוי רופט מען אין ארץ־ישראל אַ קאָלאָניסט — אַ בעל־גוף. (באַמ. פון איבערז.).

צייט בלויז געמאַכט בייז בלוט די אַרבעטער און פאַרביטערט זיי דאָס לעבן.

דער צווייטער מקור — די אַמעריקאַנער הילפס־קאַסע — איז באַשטאַנען פון געלטער וואָס די קאָלאָניסטן האָבן באַקומען ווי הלוואות, כדי צו באַשעפטיקן די יידישע אַרבעטער. אויך די דאָזיקע מיטלען זיינען געווען זייער באַגרענעצטע. דאָך האָבן זיי דערפילט אַ וויכטיקע ראָל ביים דערהאַלטן דעם קיום פון די אַרבעטער. די דאָזיקע געלט־מיטלען האָבן צו זיך אויך געצויגן די געלטער פון די קאָלאָניסטן, ווייל ווער ס׳האָט זיך באַנוצט מיט קרעדיט פון דער הילפס־קאַסע האָט געמוזט צולייגן, אָדער ער האָט פרייוויליק צוגעלייגט, אויך אייגענע געלטער אויף צו באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער. בכלל גענומען וועט די דאָזיקע קריזיס־אינסטיטוציע איבערלאָזן נאָך זיך אַ גוטן נאָמען: דאָרט האָט אויך דער אַרבעטער געהאַט אַ געוויסע דעה און דאָרט זיינען געווען אָפענע אויערן פאַר די באַדערפענישן און מיינונגען פון יענע עלעמענטן וואָס האָבן אַפילו אין די קריזיס־צייטן געוואָלט זיך אויסהאַלטן בלויז פון אַרבעט. דאָס אַלץ האָט דערמעגלעכט, אין אַ באַדייטנדער מאָס, צוצופּאַסן די מיטלען פון דער הילפס־קאַסע צו די אמתע נויטן פון דער אַרבעט און פון די אַרבעטער. ליידער, ווי געזאָגט, זיינען די מיטלען פון דער קאַסע געווען צו קליין און נישט סטאַביל.

דער דריטער מקור: די הלוואה פאַר די פּרדסנים.

ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די פּרדסנים באַקומען אַ הלוואה, האָבן די אַרבעטער אין דעם אייננעזען אַן אמתע רעטונג פאַר זיך. די וואָס האָבן די הלוואה אַראַנזשירט האָבן פאַרויס באַשטימט, אַז אַ געוויסער פּראָצענט־טייל זאָל אַסיגנירט ווערן פאַר דעם אַרבעטס־לוין פון יידישע אַרבעטער אין די פּרדסים. מיט דער הילף פון דער הלוואה האָבן זיי, הייסט עס, אין זינען געהאַט צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון אַ געוויסער צאָל אַרבעטער. האָבן טאַקע די אַרבעטער אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט: אויב אַזוי וועלן זיי זיך מער נישט דאַרפן מבזה זיין צוליב איין אַרבעטסטאָג אין אַ וואָך; זיי וועלן זיך מער נישט דאַרפן איינבעטן ביי אַ קאָלאָניסט אַז ער זאָל „באַוויליקן״ אויסנוצן ערגעץ־ווו קרעדיט און באַשעפטיקן עטלעכע אַרבעטער. מען וועט ווידער קענען לעבן פון אַרבעט און דער אַרבעטער וועט פונדאַסניי פילן, אַז ער לעבט אין אַ וועלט פון אידייען און סאָציאַלע אינטערעסן — זיינע שטענדיקע „וועגווייזער״.

האָבן זיך די אַרבעטער גענומען גרייטן צו דער אַרבעט אין די פּרדסים.

די הלוואה האָט אייגנטלעך געדאַרפט ראַטעווען אונדזער פּרדסים־ווירטשאַפט. די אַרבעטער, היות זיי האָבן געמיינט אַז זייער ברויט־פראַגע איז שוין פאַרענטפערט, האָבן געהאַלטן, אַז עס איז אויך זייער חוב צו באַטייליקן זיך אין דער אַקציע פון ראַטעווען דעם ישוב און האָבן זיך אונטערגענומען אויסצופירן מיט איבערגעגעבנקייט און אחריות די פאַרשטייענדיקע אַרבעטן. עס זיינען באַלד געקומען פאַרשלאַגן און פּלענער וועגן פאַרשידענע איינריכטונ־

גען ביי דער אַרבעט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנצענטראַציע פון די בעסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטער־כוחות. די הלוואה האָט, בכן, דערוועקט אַ סך האָפענונגען. עס האָט זיך אַפילו ביים אָנהייב אויסגעדאַכט אַז זי וועט נישט נאָר ראַטעווען די פּרדסים, נאָר אויך שטאַרקן די אַרבע־טערשאַפט וואָס איז אַזוי שווער געטראָפן געוואָרן דורכן קריזיס.

דאָס אַלץ האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן ווי אילוזיעס. און זיי, די אילוזיעס, האָבן זיך טאַקע שנעל אויסגעוועפּט און זיינען פאַרשוווּנדן. אייגנטלעך האָט מען עס געקענט פאָרויסזען. מען האָט זיך געדאַרפט משער זיין, אַז די באַדינגונגען פון „פּראָצענטער" וועלן נישט צופרידנשטעלן די פּרדסנים — די הלוואה־נעמער. מען האָט זיך געמעגט אָנשטויסן, אַז די קאָ־לאָניסטן, מיט זייער איינגעשטעלטער באַציאונג צו די אַרבעטער, וועלן אין דעם דאָזיקן אויפגעצוווּנגענעם „אויסערגעוויינלעכן" תנאי איינזען אַן אָנגריף אויף זייערע פּרינציפּן און אינטערעסן. בקיצור, עס האָט זיך צעפּלאַקערט אַן אָפּאָזיציע: „פּראַקטישע" קאָלאָניסטן האָבן אָנגעהויבן אַריינטראָגן פּירושים און תוספות צו די פּאַראַגראַפן וואָס באַשטימען דעם פּראָצענט־זאַץ פאַר דער באַשעפטיקונג פון יידישע אַרבעטער. די דאָזיקע „אויסבעסערונגען" וואָלטן באַדייטנדיק פאַרקלענערט, אָדער בכלל צונישט געמאַכט דעם גאַנצן ווערט פון דער הלוואה פאַר די אַרבעטער. עס האָבן זיך אויך געפונען „אינטעלעקטוע־לע" קאָלאָניסטן וואָס האָבן בעסער אויסגעקליבן דעם וועג פון „פּרינציפּיעלן" קאַמף אין דעם אַלטן גוט באַקאַנטן סטיל. אַנדערע ווידער האָבן זיך צוליב די באַדינגונגען פון די „פּראָצענטער" בכלל אָפּגעזאָגט פון זייער טייל אין דער הלוואה.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אָפּ־צוהיטן „דאָס גליק" וואָס איז זיי צוגעפאַלן — די נעבעכדיקע פּראָצענטער. אָבער איידער זיי האָבן באַוויזן צו געניסן פון דער הלוואה האָבן זיי זיך, אויפן חשבון פון דער צוקונפטיקער אַרבעט, אָנגעגעסן איבערגענוג מיט מרור...

געזיגט נאָך אַלעמען האָט דער באַשלוס וועגן די פּראָצענטער, אָבער אין זייער אַ פאַרנעפּלטער און באַגרענעצטער פאָרם. דערביי האָבן טאַקע די קאָ־לאָניסטן אויסגעפירט זייערס: עס זיינען נישט געווען קיין קאָמיסיעס און די אַרבעטער האָבן זיך נישט באַטייליקט אין דעם קאָנטראָל איבער די פּראָצענ־טער. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ „נצחון" האָבן די אַרבעטער מער נישט גע־קענט טראַכטן וועגן פאַרשידענע איינריכטונגען ביי דער אַרבעט אַזוי ווי זיי האָבן עס פריער געוואָלט.

די הלוואה־געלטער האָבן געטריפט אין די קאָלאָניעס אַריין טראָפּנווייז און אָרום און אַרום — אַ דריטל פון דער דערוואַרטער סומע. אויך די סומע וואָס איז אַריינגעפלאָסן האָט נישט אינגאַנצן געקענט אויסגענוצט ווערן ווייל צוליב אַלטע חשבונות און זשירע־שוועריקייטן האָבן נישט אַלע קאָלאָניסטן געקענט באַקומען זייער חלק אין דער הלוואה.

אַזוי איז אויך די דאָזיקע גרויסע פינאַנציעלע געלעגנהייט צעטרענצלט געוואָרן, איבערלאָזנדיק אַ שווערן שפור אין דעם לעבן פון די אַרבעטער...

אַט אַ דאָס זיינען געווען די דריי הויפּט־מקורות, מיט דער הילף פון וועלכע דער אַרבעטער האָט אין משך פונעם יאָר „געשטופּט" זיין עקזיסטענץ. אַ סטאַבילע הכנסה פון 17 ביז 30 פראַנק אַ חודש האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס אַן אומדערגרייכלעכער אידעאַל. לאַנגע טעג כמעט ווי אַן עסן איז גע־ווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, אַזוי אַז דאָס האָט שוין אַפילו מער נישט דע־נערווירט דעם אַרבעטער. וואָס שייך די אַנדערע רעזולטאַטן פון אַזאַ מין לעבן — קענען וועגן זיי אַ סך דערציילן די אַרבעטער־טוער, דאָקטוירים און אַלע אַנדערע וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די געזונטהייט־פראַגן פון די אַרבע־טער. אַזוי זעט אויס דער עקאָנאָמישער קריזיס, אינעם ערשטן יאָר, ביי דעם רוב פון די אַרבעטער אין יהודה. ווי אַן אויסנאַם קען מען בלויז באַטראַכטן די קליינע צאָל אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אויף די פערמעס און אין די קבוצות.

---

## אין די טעג פון נסיון

דעם עקאָנאָמישן קריזיס האָבן נאָכגעפאָלט אויך פאַרשידענע אַנדערע קריזיסן.

אין משך פון די לעצטע צען יאָר, אויפן גרונט פון דעם אַרבעטס־אי־דעאַל און פון דער אַרבעט אַליין, האָט זיך ביי דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל גענומען קריסטאַליזירן אַ קלאָרע לעבנס־פּראָגראַם און באַשטימטע סאָציאַל־נאַציאָנאַלע אינטערעסן. פון דאַנען איז אויך אַרויסגעוואַקסן אַ ספּע־ציפישע מאָראַל — אַ מין „חובת הלבבות" — לויט וועלכער דער אַרבעטער האָט געשטרעבט צו לעבן דאָ אין לאַנד. אין דער דאָזיקער מאָראַל האָט גע־שטעקט דער עיקר־כוח פון דעם אַרבעטער. מיט איר האָט ער זיך איבערגעגעבן און זי — צוזאַמען מיט דער שטרעבונג אויסצופירן חלוצישע אויפגאַבן — האָט אים דערמעגלעכט צו ווערן אַן איינפלוסרייכער, רעוואָלוציאָנערער פאַקטאָר אין לעבן פון דעם ישוב. און אַט איז געקומען דער קריזיס וועלכער האָט אַלץ און אַלעמען געשטעלט פאַר אַ נסיון. די פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן אויסגעזען צו זיין אַ מין צוגרייטונגס־תקופה פ אַ ר דעם נסיון. האָט מען, דוכט זיך, געמעגט דערוואַרטן, אַז אין אַזעלכע נסיון־טעג וועט זיך די אַרבע־טערשאַפט אַנטפּלעקן אין איר פולן אידייאישן פראַכט, אַז די זעלבסט־דער־ציאונג אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן וועט אַרויסשטעלן די אַרבעטער־שאַפט אין איר גאַנצער רייפקייט און וועט קומען צום אויסדרוק אין פאַר־שטאַרקן און טיף אונטערשטרייכן די פונדאַמענטן און פּרינציפּן אויף וועלכע

ס'האָט זיך שטענדיק באַזירט די גייסטיקע וועלט פון דעם אַרבעטער אין ארץ־ישראל.

איז דאָס געשען אַזוי? דער ענטפער איז ווייט נישט קיין דערפרייענ־דיקער...

אַוודאי זיינען פאַראַן אַ סך סיבות פאַר דער דאָזיקער טרויעריקער דער־שיינונג. די עיקרדיקע אָבער זיינען בלי ספק: די עקאָנאָמישע נויט און די גייסטיקע דעפּרעסיע.

די אַרבעטער־מאַראַל אין ארץ־ישראל דריקט זיך גאַנץ באַזונדערס אויס אין דער שאַרפער און עקסטרעמער קעגנערשאַפט צו יעטוועדער פאָרם פון פילאַנטראָפּיע און שתדלנות. האָט דאָס היינטיקע יאָר אויך אויפן דאָזיקן גע־ביט אַכזריותדיק געשטראָכן אַרבעטער־ווערטן. קען זיין, אַז מען דאַרף נישט באַטראַכטן ווי קיין שתדלנות דאָס זוכן וועגן ווי אַזוי צו באַקומען אַ כזית ברויט פאַר אַ ר ב ע ט. אָבער דער אוֹפן פון באַקומען דאָס דאָזיקע ברויט האָט אין זיך געטראָגן דערנידערונג פון פילאַנטראָפּיע און קאָמפּראָמי־טאַציע פון שתדלנות.

די דאָזיקע פאָרם פון באַקומען אַרבעט און ברויט וואָס האָלט שוין אַן מערערע וואָכן און לאַנגע חדשים האָט געמוזט משפיע זיין אויף דער פּסיכאָ־לאָגיע פון די אינטערעסאַנטן, פון די „באַקומער". אַוודאַי האָט דאָס אַלץ גע־הירט צו דער פאַרגיפטונג פון דער זעלבסטווירדע, צו דער אָפּשוואַכונג פון דעם אינערלעכן ווידערשטאַנד־כוח און — אין דעם פאַטאַלן סך־הכל — צו דער שטופּנווייזער דעגראַדירונג פון דעם גייסטיקן געשטאַלט.

---

## זעלבסטהילף

אין דעם נידערגעשלאָגענעם מאַטעריעלן מצב איז אויך די מעגלעכקייט פון זעלבסטהילף געווען אויף אַ נידעריקער מדרגה. וואָס אַן אמת דאַרף מען נישט אַלע פעלערן אויפן דאָזיקן געביט פאַרשרייבן בלויז אויף דער קאָנטאָ פון דעם קריזיס. מען דאַרף געמען אין אַכט, אַז בכלל האָט נאָך די פּראָפע־סיאָנעלע טעטיקייט נישט געשלאָגן קיין וואָרצלען אינעם אַרבעטער־לעבן אין לאַנד. אַפילו אין נאָרמאַלע צייטן האָבן זיך די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער נישט אויסגעצייכנט אויפן דאָזיקן פעלד. זיי האָבן פון זיך נישט אַרויסגע־געבן קיין אַנטשפּרעכנדיקע כוחות וואָס זאָלן זיין באַהאַוונט אין ענינים פון פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג און זאָלן זיין מסוגל אָפּצוגעבן זיך דערמיט מיט געדולד און התמדה. די סיבות פון דער דאָזיקער הינטערשטעליקייט זיי־נען גאַנץ פאַרשטענדלעך: ווי קען געמאָלט זיין אַ רעגולערע פּראָפעסיאָנעלע

טעטיקייט צווישן אַרבעטער וואָס האָבן נישט קיין סטאַבילן אַרבעטס־מאַרק און וואָס זייער עצם רעכט אויף אַרבעט ווערט נאָך בכלל דיסקוטירט?

אמת, אויב מיר האָבן נאָך ניט קיין ברייטן פאַרנעם און קיין פעסטע באַזע פאַר פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט פעלט אונדז אָבער נישט דער יסוד פאַר אַ געהעריקער אָרגאַניזירונג פון זעלבסטהילף. אינעם טאָג־טעגלעכן אַר־בעטס־לעבן באַווייזן זיך יעדע מינוט און אויף יעדן שריט פאַרשידענע באַ־דערפענישן וואָס אויב מיר וועלן זיי נישט באַפרידיקן, וועלן מיר נישט מאַכן קיין שום פאָרשריט. די פירנדיקע אַרבעטער־כוחות האָבן די דאָזיקע באַדער־פענישן נישט געווידמעט גענוג פּראַקטישע אויפמערקזאַמקייט: זיי זיינען אינגאַנצן פאַרטאָן אין פריידיקן כיבוש עבודה, אין פּאָלעמיק און אַפּאָלאָ־געטיק.

נאַטירלעך, דאָס וואָס עס איז פאַרזען געוואָרן אין שלום־יאָרן האָט זיך נוקם געווען אין די קריזיס־טעג, ווען עס פאָדערט זיך בעיקר פּראַקטישע טע־טיקייט לטובת דער אַרבעטערשאַפט: פולשטענדיקע צענטראַליזירונג און ראַ־ציאָנעלע פאַרטיילונג פון דער קנאַפּער אַרבעט און פון די באַגרענעצטע מיט־לען. אַזוי האָט מען אויך געדאַרפט אויפשטעלן אַרבעטער־קיכן וואָס זאָלן באַ־דינען אַלע אָן אויסנאַם אַרבעטער. אויך דאָס אַפּראָוויזאַציע־פּראָבלעם און די פּערמאַנענטע פאַרהאַנדלונגען מיט די קאָלאָניסטן און מיט פאַרשידענע אינסטיטוציעס האָבן פאַרלאַנגט אַ סך דערפאַרונג און טאַקטישע פלינקייט. איז פון וואַנען זאָל זיך דאָס אַלץ נעמען, אַז מען האָט זיך צו דעם באַצייטנס נישט צוגעגרייט?

יאָ, מיטן כוח פון דער נויט זיינען אין יעדער קאָלאָניע אויפגעקומען לאָקאַלע עסקנים. די אַלע וואָס האָבן נישט גענומען קיין שלעכטןביישפּיל האָבן זיך נישט אָפּגערוקט אָן אַ זייט און האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, פאַרדינען אונדזער אַלעמענס פאַרערונג. מען דאַרף אָבער אויך מודה זיין, אַז מען וואָלט געקענט אויסמיידן אַ סך צרות ווען נישט דאָס, וואָס אָפטמאָל פאַרנעמען זיך מיט די אַרבעטער־ענינים מענטשן וואָס האָבן נישט די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס דערצו.

אַ ליכטיקער פּונקט, ווי אָן אויסנאַם, איז געווען די מעדיצינישע הילף. טאָקע זי קען דינען ווי אַ מוסטער, ווי אַזוי איבערגעגעבנקייט און האַרציקייט קענען, אַפילו אין אונדזערע באַדינגונגען, ברענגען הערלעכע רעזולטאַטן.

---

# אין גליל

דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן ביז איצט געשריבן באַציט זיך נאָר צו דער לאַגע אין יהודה. אַביסל אַנדערש האָט אויסגעזען די לאַגע אין גליל. ווי געווײנלעך, איז דער גליל אויך דאָס מאָל געבליבן טריי זיך אַליין. אַ מילדערן ווינטל פון מער רואיקייט און מער זיכערקייט האָט צו אונדז געבלאָזן פון דאָרט אויך אין די היינטיקע אומרואיקע טעג.

אמת, דאָרט זײַנען גינסטיקערע באַדינגונגען. אַ באַדייטנדיקע טייל פון דער לאַנדווירטשאַפט אין גליל געפינט זיך אין רשות פון די אַרבעטער אַליין. אויך אין די קריטישע טעג איז ד ע ר טייל פאַרזיכערט געווען מיט ברויט, ווייל די אַרבעטער אַליין האָבן אים אויסגעהאַרעוועט. נאָך אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער אַרבעטערשאַפט איז סטאַביל באַשעפטיקט אין די פערמעס. אין די דאָזיקע פערמעס געפינט זיך אַ שטענדיקער פערסאָנאַל וואָס זאָרגט פאַר דער ווירטשאַפט און במילא פאַר באַשעפטיקן די אַרבעטער. און אַזוי זײַנען אויסנגעבליבן בלויז די אַרבעטער וואָס האַלטן זיך אויס פון צייטווייליקע אַרבעטן אין פאַרשידענע ווירטשאַפטן. זיי זײַנען נישט לעבנס־וויכטיק פאַר די ווירטשאַפטן — קען מען זיי בשעת הדחק אָפּזאָגן. איז טאַקע ד ע ר טייל פון דער אַרבעטערשאַפט געבליבן אָן אַרבעט און אָן ברויט און מען האָט געמוזט זאָרגן פאַר אים. און זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז אין אַ געוויסער מאָס האָט מען זיך טאַקע מיט די דאָזיקע אַרבעטער באַשעפטיקט און מען האָט געזאָרגט פאַר זיי.

דער וויכטיקסטער עלעמענט אין דער אַרבעטערשאַפט פון גליל איז דער וואָס אַרבעט אומאָפּהענגיק, פאַר זיך אַליין. די דאָזיקע אַרבעטער־פונקטן האָבן היי־יאָר געשיצט קעגן דער שווערער האַנט פון דעם קריזיס. די אַרבעט און דאָס לפי־ערכדיקע נאָרמאַלע לעבן וואָס האָבן אין די דאָזיקע פונקטן אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט, האָבן אויסגעווירקט אַ גוטע השפעה אויפן גאַנצן אינטערעסן־קאָמפּלעקס פון דער אַרבעטערשאַפט. פון די דאָזיקע קיבוצים *) האָבן עס, דער עיקר, געשטאַמט די חברים וואָס האָבן וואָלונטירט פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, זײַענדיק דערביי פריי פון קאָמפּלעקסן וואָס האָבן פאַרפאָלגט די אַרבעטער־טוער אין אַנדערע ערטער.

אויפן פאָן פון די באַדינגונגען וועלכע האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיוון אײַנפלוס אויף דער אָרגאַניזירונג פון דער זעלבסטהילף־אַקציע האָבן זיך אויסגעצייכנט נאָך עטלעכע פאַקטאָרן. איינער פון זיי איז דער פאַקט וואָס דער יידישער פויער אין גליל פירט זײַן ווירטשאַפט, אין אַ באַדייטנדיקער מאָס, אויף דעם יסוד פון אַליין־אַרבעט. אַדאַנק דעם איז דאָ מעגלעך אויפצוהאַלטן פּשוטערע און נעענטערע באַציאונגען צווישן די אַרבעטער און פויערים. אויף

*) דער ביים היינטיקן טאָג אַזוי פּאָפּולערער טערמין „קיבוץ" האָט זיך דאַן ערשט אָנגעהויבן איינצובירגערן. (באַמ. פון איבערז.).

יעדן פאַל זיינען דאָ די באַציאונגען אַ סך ווייניקער קאָמפּליצירט ווי אין יהודה. גאָר וויכטיק איז אויך דער פאַקט וואָס אין גליל האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ סך באַוווסטזיניקע, פירנדיקע אַרבעטער־כּוחות. און ענדלעך דער פאַקט וואָס די צאָל אַרבעטער אין גליל גרייכט קוים די העלפט פון דער צאָל אין יהודה און אַרום און אַרום זיינען אין גליל ווינציקער אַרבעטער ווי אין פּתח־תקוה אַליין. די צאָל פון די וואָס מען האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר זייער קיום האָט נישט געגרייכט צו קיין דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל אַרבעטער. איז נישט קיין ווונדער וואָס ביי אַזעלכע באַדינגונגען זיינען די דאָרטיקע אַרבעטער בעסער פאַרזאָרגט געוואָרן. ווען מען זאָל אַפילו נעמען אין באַטראַכט פאַרשידענע מעגלעכע דעפעקטן קען מען אויך פאַרזיכערן, אַז די אָרגאַניזאַציע פון דער זעלבסטהילף איז כּמעט געווען אַ מוסטערהאַפטע. צום אַלעם ערשטן האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין די עפנטלעכע אַרבעטן וואָס זיינען אונטערגענומען געוואָרן דורך די אַרבעטער־פאַרטרעטער מיט דער הילף פון קרעדיטן פון יפו. די קרעדיטן, אַגב, זיינען געגעבן געוואָרן דירעקט צו די אַרבעטער־פאַרטרעטער אויף זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דער צענטראַליזאַציע פון אַלע ענינים, אין די באַמיאונגען אַרומצונעמען אַלע אַרבעטער און זייערע נויטן, אין געווינען צוטרוי און אויטאָריטעט און אין איינפירן דיסציפּלין און אחריות־געפיל.

צוליב דעם אַלעמען האָט זיך אין גליל די אַרבעטערשאַפט אַפילו טייל־ווייז נישט צוזאַמענגעבראָכן אַזוי ווי אין יהודה. די רעזולטאַטן לאָזן זיך אָנזען אויך דורך דעם וואָס דער אַרבעטער פון גליל האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און די פּאַניק פון עמיגראַציע האָט אים נישט אַרומגעכאַפּט. ער האָט זיך נישט געחקרנט וועגן דער באַדייטונג פון דעם אָפּיציעלן פאַרבינדן זיך מיטן לאַנד *) און האָט זיך אויך נישט געלאָזט פאַרפירן פון כלערליי אַנדערע ספקות. דער אַרבעטער אין גליל האָט ווייטער געוועבט זיין געזעלשאַפט־לעכן געדאַנק, איז אויך אין די טעג פון קריזיס פאַרבליבן אין דעם קרייז פון זיינע געוויינלעכע פּראָבלעמען און אידייען. אַזעלכע פראַגן ווי אַרבעטס־סיס־טעמען, די ראָל פון דער פרוי אין דער אַרבעט, קולטור־דערציערישע זעלבסט־טעטיקייט אד"גל האָבן דאָס יאָר מער באַשעפטיקט די אַרבעטער־מוחות ווי אין אַלע אַנדערע יאָרן.

ווי אַלעמאָל האָט דער גליל ווייטער געלעבט זיין אייגן לעבן: פון דער זייט, ווייט פון דעם טומלדיקן הויפּט־שליאַך, איינגאַנצן קאָנצענטרירט אין זיך און אַריינגעטאָן אין זיין אייגענער וועלט. קורץ: אין פאַרגלייך מיט יהודה האָט דאָס אַרבעטער־לעבן אין גליל אויסגעזען היינטיקס יאָר ממש ווי אַן אידיליע.

*) סוף אָקטאָבער 1914 איז דערקלערט געוואָרן קריג צווישן טערקיי און רוסלאַנד און ס'האָט זיך דאַן אין ישוב — איבערהויפּט מצד די אַרבעטער — נעפירט אַן אַגיטאַציע אָנצונעמען אָטאָמאַנישע בירגערשאַפט.

אָבער אויך דאָרט איז די „אידיליע" לסוף צעשטערט געוואָרן.

אָט איז אַ בילד פון דעם מצב אין גליל די לעצטע טעג: „...אין אונדזער שפּייכלער איז נישטאָ קיין תבואה, אין קעשענע — קיין געלט. אייניקע פּער־מעס, וואָס אַן אמת, זיינען כמעט מיט אַלץ פאַרזאָרגט פאַרן נאָענטסטן אַר־בעטס־יאָר, אָבער יענע אַרבעטער וואָס האָבן נישט קיין סטאַבילן אַרבעטס־פּלאַץ זיינען ממש פאַרבליבן אָן אַ שטיקל ברויט. ביזן סאַמע לעצטן מאָמענט זיינען די אַרבעטער־קיכן געווען טעטיק, אָפּן פאַר אַלעמען און דאָ, פּלוצים, האָבן די אַרבעטער דערשפּירט די לאַגע, די נויט. און די האָפענונגען אויף ווייטער זיינען שוואַכע ביז גאָר. דער מאַקסימום מיטלען וואָס מען וועט קע־גען קריגן — הלוואי זאָל ער סטייען אויף אַ העלפט פון דעם נויטיקן מיני־מום...", — אַזוי שרייבט מען איצט פון גליל. די לאַגע האָט זיך געענדערט צוליב די רעדוצירטע קרעדיטן פאַר עפנטלעכע אַרבעטן. אמת, די אַרבעטער־טוער האָבן זיך נישט מייאש געווען. זיי האָבן גענומען זוכן אַן אויסוועג אין פאַרשידענע אַרבעטן, אויסערהאַלב די לאַנדווירטשאַפט און אויסערהאַלב די יידישע קאָלאָניסטן, ווי, למשל, אַרבעט ביי שאָסייען אד"גל. אָבער אויסגע־לאָזן האָט זיך דאָס באַלד דערמיט וואָס אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטער וואָס איז געווען באַשעפטיקט ביי די דאָזיקע אַרבעטן איז קראַנק געוואָרן אויף פאַרשידענע קראַנקהייטן אָדער איז סתם אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז מער נישט אַרבעטס־פעאיק. אָט אַזוי־אַ האָט עס אויך אין גליל אָנגעהויבן גיין מיט דער פוטער אַראָפּ.

לאָמיר האָפן, אַז דאָ וועלן זיך די ענינים לאָזן איינאָרדענען לייכטער ווי אין יהודה. נאָר אַפילו אין דעם היינטיקן מצב פון די אַרבעטער אין גליל איז דאָ מיט וואָס צו טרייסטן זיך. דאָס ערשטע קריזיס־יאָר אין גליל איז געווען מער־ווייניקער נאָרמאַל. דאָס גיט די אַרבעטער אַ מעגלעכקייט אויפ־צונעמען די פאַרשטייענדיקע שוועריקייטן מיט אַ לייכטערן געמיט ווי זייערע חברים אין יהודה וועלכע זיינען מיד און אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון די איבער־לעבונגען אינעם ערשטן יאָר. די געדריקטע לאַגע אין גליל רירט אויך איצט אָן נאָר יענעם טייל אַרבעטער וואָס האָט נישט קיין סטאַבילן אַרבעטס־פּלאַץ. אויף וויפל געוויסע אַרבעטער זיינען „מיט אַלץ פאַרזאָרגט פאַרן נאָענטסטן אַרבעטס־יאָר", דאַרף מען האָפן, אַז די פאַרערגערטע לאַגע וועט נישט טרעפן און נישט שעדיקן דעם ג אַ נ צ ן ציבור וואָס וועט זיכער מאַכן אָנשטרענ־גונגען כדי צו פאַרזיכערן זיך אַנטקעגן ווייטערדיקער ירידה און אָפּגעלאָזנ־קייט.

און נאָך עפּעס: עס קען גריילעך זיין, אַז מערערע טעג אָן אַרבעט און „כמעט" אָן עסן וועלן שווער טרעפן דעם אָדער יענעם פון די אַרבעטער אין גליל. און דאָך איז קלאָר, אַז — וואָס עס זאָל נישט געשען און ווי שווער זייער לאַגע זאָל נישט זיין — ז יי, די אַרבעטער פון גליל, וועלן אַפילו נישט פאַרזוכן דעם ספּעציפישן טעם פון דעם לעבן פונעם לאַנדווירטשאַפט־

לעכן לוין־אַרבעטער אין יהודה, באַזונדערס פון יענעם אַרבעטער וואָס שטייט ביים פאָסט־אַמט אין פתח־תקוה און וואַרט אויף אַ נס פון אַרבעט.

1916 — תרע"ו.

---

# זכר ל„יציאה“

## דאָס געשעעניש פון ה׳ ניסן *) — וואָס באַדייט עס פאַר אונדז?

לויט דעם מאַסשטאַב פון אונדזער ישוב איז דאָס געווען אַ געפער־לעכער קלאַפּ: דער פחד, דאָס אַרויסקוקן אויף נייע גזירות, די טראַנספּאָרטן און וואַנדערונגען, די ענגשאַפט, די אונטער־דערנערונג — די אַלע זאַכן האָבן געטאָן דאָס זייעריקע. נישט ווייניק פאַרלוסטן האָבן מיר געהאַט און ווער ווייס וויפיל זיי וועלן נאָך זיין ביז מיר וועלן זוכה זיין צו מאַכן דעם לעצטן „סך הכל“.

און נישט ווייניקער ווי אין פיזישן זין, האָבן די גירוש־טעג אויך גע־לאָזט זייערע שפּורן אין ג ײ ס ט. די „דאַטשעס“ אין כפר־סבא, די גע־צעלטן אָן דעכער אונטער דער ברענענדיקער זון אויפן קרק **) אין כנרת, דאָס וווינען אין דער „אכסניה“ פון רבי מאיר בעל הנס אין טבריה, די אומ־אויפהערלעכע וואַגלענישן פון אָרט צו אָרט, — ווער ווייסט צי אפילו יענע, וואָס זיינען פיזיש אַרויס בשלום פון די אַלע יסורים־עטאַפּן, וועט געלינגען אַרויסצוראַטעווען זיך גאַנץ מיט זייער נשמה, גלויבן און ווילנס־קראַפט פון כלערליי הילפס־סטאַנציעס און שטיצע־פונקטן פון פאַרשיידענע עוואַקואַציע־קאָמיטעטן?

גרויס איז די מאָס פון דער דעמאָראַליזאַציע...

און פונדעסטוועגן האָט אונדז דער אומגליק, נישט ווילנדיק, געבראַכט אויך פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. נאָך דריי קריזיס־יאָרן זיינען מיר אַריינגעפאַלן אין פולער אַפּאַטיע. די הילף און די שטיצע, דער ביז אַנדיקער „כזית“־ברויט פאַר די אַרבעטער — אין אַט אַזעלכע דאגות האָבן מיר אַריינגעטאָן אונדזער גאַנצן וועזן, אונדזער שכל, די גאַנצע עסקנות אונדזערע, ביז מיר זיינען

---

*) ה׳ ניסן תרע"ז האָט די טערקישע מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַרויסצוטרייבן פון יפו און די אַרומיקע קאָלאָניעס אַלע אָטאָמאַנישע בירגער וואָס זיינען נישט פון מוסול־מענישן גלויבן, און אַלע יידן — אָן אונטערשייד פון בירגערשאַפט.

**) קרק — איז אַ פּלאַץ, אויפן ברעג פון כנרת וווּ הורדוס האָט געבויט די אַמאָליקע אַבריה.

כמעט ווי דעגענערירט געוואָרן פּערזענלעך און געזעלשאַפטלעך. איז געקו־מען די קאַטאַסטראָפע און אויפגעטרייסלט אונדזער לעטאַרגיש לעבן. איבער נאַכט זיינען מיר ווי אויסגעוואַקסן געוואָרן.

אונדזער לעבן האָט באַקומען אַ מעכטיקן שטויס, אויפגעציטערט זיינען מיר געוואָרן. מיר האָבן זיך אָנגענומען מיט פרישע כוחות. מיר האָבן באַ־נייט אונדזער ענערגיע און קאַפּאַציטעט און אַזוי אַרום געראַטעוועט זיך פון ירידה און פולשטענדיקער דעגענערירונג.

און דאָ האָבן מיר באַגריפן, ווי ווייט עס גרייכט די מאָס פון אונדזער פעאיקייט און טאַלאַנט איינצואָרדענען זיך. טראָץ דעם וואָס אונדזערע רייען זיינען שיטערער געוואָרן, טראָץ דעם שרעקלעכן פאַרגעפיל, אַז דער יפוער גירוש איז ערשט דער אָנהויב פון די פורעניותן, האָבן מיר זיך אין דעם גע־העריקן מאָמענט נישט פאַרלאָרן. מאָמענטאַל האָבן מיר אַריינגעטראָגן אָר־דענונג אין דער עוואַקואַציע פון טויזנטער מענטשן. מיר האָבן זיך באַשעפ־טיקט מיט זייערע אָנגעלעגנהייטן, אַליין צווישן זיך האָבן מיר אויסגעפונען פאַרשיידענע טראַנספּאָרט־מיטלען און קיין שום פרעמדע האַנט האָט זיך אין דעם אַלעם נישט געמישט.

די אָרגאַניזירונג פון דער עוואַקואַציע פון יפו — און אַלץ וואָס זי האָט גורם געווען — האָט אונדז געגעבן אַ זעלטענע געלעגנהייט אויסצופּרובירן זיך אַליין אין דער דאָזיקער שעה פון נסיון. ביי דער געלעגנהייט האָבן מיר קענען געלערנט דעם אמתן מהות און ווערט פון אַ סך אייגנשאַפטן אונ־דזערע. אין יענע טעג האָבן מיר אויך גוט דערקענט דעם ווערט פון תל־אביב.

„תל־אביב" און „בועזיות" זיינען פאַר אונדז געווען סינאָנימען. אין תל־אביב האָבן מיר מער נישט געזען ווי „פּאַראַזיטיזם", „שפּעקולאַציע" אוז „געשווירענע גבאות", — דאָס איז טאַקע געווען אַ גערעכטע קריטיק, אָבער מיר האָבן ביז איצט פאַרזען, אַז אין דעם דאָזיקן אָרט קאָנצענטרירן און פאַרייניקן זיך פראַגמענטן פון די מעשים און שאַפונגען אין לאַנד.

לאָמיר דאָ אויך דערמאָנען די יוגנט־גרופּע וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער טעכנישער זייט פון דער עוואַקואַציע — „דער עמיגראַציע־אַמט". די אַרבעטערשאַפט — די יונגע כוחות פון לאַנד — איז טאַקע דער בעסט־אָר־גאַניזירטער כוח וואָס שוין העכער ווי אַ צענדליק יאָר לעבט ער און פירט אָן זיין טעטיקייט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. אָבער די דאָזיקע טעטיקייט האָט ביז איצט אַרומגענומען בלויז צענדליקער, אָדער הונדערטער מענטשן און ערשט אין דער צייט פון דער עוואַקואַציע איז די יונגע עלעמענטן צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט אויסצופּרוּוון אויך זייער כוח אין ברייטער, פאָלקסטימלעכער, אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט — אָפּצוגעבן זיך מיט די נויטן פון טויזנטער צעטומלטע און צערודערטע מענטשן. אויך דער דאָזיקער עקספּערימענט וועט פאַר אונדז נישט פאַרלאָרן גיין.

מיר רעדן דאָ פון דער פּאָזיטיווער זייט, אָבער מיר טאָרן נישט פאַר־

מאַכן די אויגן צו זען אויך דאָס נישט־שיינע אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל פון אונדזער לעבן. אַזוי ווי ביי יעדער קאַטאַסטראָפע האָבן מיר אויך דאָ בייגע־ווינט אַ געוויינלעכע סצענע אויף אַן אונטערגייענדיקער שיף: דער שטאַר־קער באַמיט זיך אַוועקצושטויסן דעם שוואַכן און אַזוי אַרום צו ראַטעווען זיך אַליין.

אין די קאָלאָניעס פון יהודה, ווו נאָר אַ טייל פון די איינוווינער איז געווען באַדראָט פון דעם גירוש, בעת די איבעריקע האָבן זיך געקענט איינ־אָרדענען און בלייבן אויפן אָרט, איז „במילא" אויסגעקומען אַזוי, אַז די וואָס אין זייערע הענט האָט זיך געפונען „דאָס איינאָרדענען", האָבן זיך געלאָזט אונטערגעבן דעם דרוק פון די פּאַרמעגלעכע; דער גורל פון עוואַ־קואַציע האָט „זעלבסטפאַרשטענדלעך" געטראָפן די שוואַכע, ס׳הייסט: די שוואַכע אין דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

דאָס מאָל זיינען די שוואַכע בעיקר געווען די תימנער פון די קאָלאָ־ניעס. זיי, די האָרעפּאַשניקעס וואָס מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן מיר אַזוי־פיל געזאָרגט פאַר זיי, אַזויפיל באַמיט זיך צו פאַרוואָרצלען זיי אין אונדזער באָדן און וואָס נאָך אַלעמען האָבן זיי באַרעכטיקט ס׳רוב האָפענונגען וואָס מיר האָבן געלייגט אויף זיי, דוקא זיי נעבעך זיינען אויף דער הייסער מי־נוט כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. זיי זיינען געווען די ערשטע אָפּצו־ריכטן גלות, אין דער צייט וואָס די איבעריקע איינוווינער פון די קאָלאָניעס זיינען פאַרבליבן אויף זייערע ערטער. ווען נישט די אַרבעטערשאַפט וואָס האָט אויפגעפאָדערט די בעלי־יכולת צו זוכן וועגן, ווי אַזוי אָפּצושטעלן די גירושים — ווער ווייס צי עס וואָלט געווען געבליבן אַ קענטיקער זכר פון די תימנער ישובים אין די קאָלאָניעס.

איינער פון די אינטערעסאַנטע פאַקטן וואָס דער גירוש האָט אַרויס־געבראַכט איז געווען דאָס אַריינדרינגען אין די קאָלאָניעס. דער שטאָטישער עלעמענט איז געקומען צו אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיטן לאַנדווירטשאַפטלעכן. איינוווינער פון תל־אביב און נוה־צדק *) זיינען נישט סתם אַריין אין קאָלאָ־ניעס, נאָר זיי האָבן זיך אויך באַמיט אַריינצודרינגען — און טאַקע אַריינ־געדרונגען — אין דער אַרבעט. אין אַנדערע באַדינגונגען וואָלט אַזאַ פאַל געקענט ברענגען וויכטיקע רעזולטאַטן. אָבער דאָס דאָזיקע געצוווּנגענע באַ־שעפטיקן זיך מיט אַרבעט, זייענדיק באַגלייט פון אַ סך יסורים, און דערצו נאָך די דאָזיקע ב אַ ג ע ג ע נ י ש מיטן „סבר פנים יפות" אירן — דאָס אַלץ האָט פאַרביטערט דאָס „זיסע", וואָס האָט געקענט אַרויסקומען פון דאָס „שטאַרקע". **)

---

*) תל־אביב איז דאַן געווען אַ קליינע פאָרשטאָט פון יפו. דאָס גלייכן — נוה־צדק, וועלכע געפינט זיך צווישן תל־אביב און יפו. באַמ. פון איבערז.

**) אַן אַלוזיע צו „מעז יצא מתוק" (שופטים י"ד - י"ד): שמשון הגבור, וואָס האָט

און וואָס איז דאָ צו לייקענען? די אַרויסגעשיקטע פון יפו זיינען אין די מערסטע ערטער אויפגענומען געוואָרן ווי אומגעבעטענע און אומגעוווּנטשענע געסט. כמעט אין ערגעץ האָט מען זיי נישט אַרויסגעוויזן קיין באַציאונג פון אמתער ברידערלעכקייט, פון עכטער נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. אַזוי אין די קאָלאָניעס פון יהודה און אַזוי — אין שומרון. ***)

און דער גליל?

ווי נאָר מיר ברענגען אַרויס דעם נאָמען פון גליל, שווימט אויף אין אונדזער זכרון אַ ליב, טייער בילד: די וועגענער. ווי נאָר דער גליל האָט דערהערט וואָס עס האָט פּאַסירט אין יהודה האָט ער זיך באַלד אָפּגערופן און האָט אָן קיין חשבונות אַרויסגעשיקט קיין יפו זיינע מענטשן, וועגענער און פערד. ס'איז געווען אַ פייערלעכער מאָמענט — ווען די וועגענער זיינען אָנגעקומען. דאָס האָט אַריינגעברענגט אַביסל טרייסט און צוריק אויפגעוועקט דאָס געפיל פון האָפענונג און בטחון.

אָבער די האָפענונגען זיינען געווען איבערגעטריבן: טויזנטער וואַנדערער זיינען אַריין אין גליל. דאָ אָבער האָט זיך דער פּלוצים צעפלאָקערטער מענטשלעכער געפיל שוין באַוויזן אויסצולעשן. די גליל־אינסטיטוציעס און דער קאָלאָניעס־אַמט האָבן זיך טאַקע באַמיט צו טאָן דאָס זייעריקע, זיי האָבן אויך נישט אויפגעהערט צו אַפּעלירן און וועקן הערצער, דער אָרטיקער ישוב אָבער איז געבליבן דורכויס קאַלט און גלייכגילטיק. אמת, די באַציאונג איז געווען אַ בעסערע ווי אין יהודה, אָבער נישט אויסערגעוויינלעך, און אפשר אפילו ערגער פון אַ געוויינלעכער הכנסת־אורחים.

און דערויף האָבן מיר זיך נישט גערעכנט!

מיר האָבן געגלויבט — מיר האָבן געהאַט רעכט צו גלויבן — אַז עס וועט זיין אַביסל אַנדערש. בעת עס איז צעשטערט געוואָרן דער צענטער אין יהודה, איידער עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער ישוב־צענטער וועט זיך קענען פּאַרפעסטיקן אין פתח־תקוה האָט אויסגעזען, אַז מיטן אַריינקומען פון די טויזנטער אַרויסגעשיקטע וועט זיך דער גליל אַרויסרייסן פון זיין שטילער רואיקייט און עס וועלן אין אים זיך באַווייזן עסקנים וואָס וועלן זיך אַריינוואַרפן מיט לייב און לעבן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דאָס איז אָבער נישט געשען און קיין שום אויסערגעוויינלעכע זאַך איז נישט געטאָן געוואָרן. דער גליל וואָס האָט אין די קריזיס־יאָרן געלעבט לפי ערך

---

געהרגעט אַ לייב און איז אַ צייט אַרום האָט ער אין דער נבלה געפונען אַראַי בינען און האָניק, האָט געפרעגט אַ רעטעניש: וואָס איז דאָס — „פון עסער איז אַרויס אַן עסן — און פון שטאַרקן איז אַרויס אַ זיסער?”

באַמ. פון איבערז.

***) די קאָלאָניע־קאָמיטעטן און אויך יחידים האָבן יאָ געפּרוּווט צו טאָן עפּעס לטובת די אַרויסגעשיקטע, אָבער דאָס געהער זיך נישט אַן מיט דער באַציאונג פון דעם כלל.

רואיק און האָט אַפילו באַוויזן ווירטשאַפטלעך צו באַפעסטיקן זיך; דער גליל איז וועלכן, עס הערשן יונגע כוחות האָט אין דער דאָזיקער שווערער שעה נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. די געשעעניש וואָס האָט אומעטום אויפגעטרייסלט דאָס יידישע האַרץ האָט נישט געמאַכט ציטערן די הערצער אין גליל; דער גליל האָט נישט אויפגעוואַכט און איז געזעלשאַפטלעך נישט דערהויבן געוואָרן.

צו אונדזער באַדויערן דאַרף מען די זעלבע פאַרעוועע באַציאונג פאַרצייכענען אויך אין די רייען פון די אַרבעטער. אמת איז, אַז אונדזערע לייט האָבן אויפגעטאָן נישט ווינציק, אָבער אויך דאָ זיינען עס געווען בלויז יחידים. די מ ח נ ה האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. אונדזער אַרבעטערשאַפט וואָס האָט אַ טראַדיציע פון פּריאָריטעט אין יעדער געזעלשאַפטלעכער געשעעניש איז געבליבן דורכויס פּאַסיוו, גלייך ווי די געזעלשאַפטלעכע „שכינה“ וואָלט זיך פון איר עפּעס אָפּגעטאָן.

עס איז אַן אויסטערלישע דערשיינונג און זי איז עלול צו פאַרמינערן דעם ווערט פון די צוגרייטונגס־יאָרן — די צען יאָר פון פריערדיקער פאַרטייאישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט.

אויב אַנאַליזירן די סיבות וועלן מיר געוויס אויסגעפינען סימנים פון מידקייט — דער רעזולטאַט פון די אומשטענדן אין די דריי קריזיס־יאָרן, דאָס הייסט: דער רעזשים פון אַרבעט אויפן חשבון פון די באַרימטע קרעדיטן. קען זיין, אַז דאָ האָט זיך אויך אויסגעווירקט די אינסטינקטיווע נויגונג צו אַליין־פאַרהיטונג. אַזאַ נויגונג האָט זיך געשטאַרקט אין יענע פונקטן וווּ די אַרבעטער לעבן פון אַליין־אַרבעט. זעט אויס, אַז דאָרט האָט זיך געפעסטיקט דער באַוווסטזיין, אַז אַנשטאַט צו פאַרטאַכלעווען דאָס ביסל ענערגיע כדי צו העלפן די אַרויסגעשיקטע איז גלייכער — דוקא אין די טעג פון דער קאַטאַסטראָפע — פאַרזעצן די אויפבוי־אַרבעט.

עס זיינען פאַראַן פּראַקטישע און פּסיכאָלאָגישע סיבות און מאָטיוון וואָס קלערן אויף, סיי די אויפפירונג פון די יהודה־קאָלאָניעס, סיי די באַציאונג פון דעם גליל. מיר פאַרנעמען זיך דאָ אָבער נישט מיט פאַרשן די סיבות. אין איצטיקן מאָמענט באַשעפטיקן אונדז בלויז אינטערעסן — אינטערעסן, וואָס זיינען אַזוי גרויס ווי די תקופה אין וועלכער מיר לעבן.

דאָס אַלץ, וואָס ס'איז דאָ געזאָגט געוואָרן איז געזאָגט נישט צוליב קריטיק און פּאָלעמיק. אונדזער צוועק איז אַ גאַנץ אַנדערער: אויפצוקלערן פאַר זיך אַליין וואָס מיר האָבן איצט צו טאָן. דער קריזיס דויערט נאָך און ווער ווייס וואָס עס דערוואַרט אונדז די נאָענטסטע צייט. אין אַזעלכע טעג טאָרן מיר נישט שלום מאַכן, נישט מיטן עגאָאיזם וואָס האָט זיך געוויזן אין יהודה, נישט מיט דער געזעלשאַפטלעכער לעטאַרגיע אין גליל און נישט מיט דער באַגרעניצונג פון דער אַרבעטערשאַפט אין דעם ענגן קרייז פון אייגענע אינטערעסן. ווי היינט אַזוי אויך ווייטער נויטיקן מיר זיך אין אַן

אַנדער געזעלשאַפט, אַזאַ וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך און זאָל זיין דורכויס פּאַרייניקט אין געפיל און אין געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער טעטיקייט.

אָבער בכדי צו האָבן אַן אַנדער געזעלשאַפט מוזן צווישן אונדז הערשן אויך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען און דאָ קומען מיר צו דער פראַגע וועגן די אָרדענונגען אין דער לייטונג פון אונדזערע אַלגעמיינע ענינים אינעם ישוב.

אונדזער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז, ווי באַקאַנט, צעשפּליטערט צווישן כלערליי קרייזלעך. יעדער קרייז האָט זיין וועג, מ׳שטיינס געזאָגט, און זיין „אייגנאַרטיקע״ פּאָליטיק, על־פּי־רוב באַזירט זיך אַזאַ מין פּאָליטיק נישט אויף פּרינציפּן, נאָר פּשוט אויף פּערזענלעכע מאָטיוון.

און ווי דער שטייגער איז, שטויסט זיך איין וועג אָן אינעם צווייטן און איין פּאָליטיק גראָבט אונטער די צווייטע...

און דאָך זאָל געזאָגט ווערן צום שבח פון אונדזערע עסקנים וואָס געהערן צו די פאַרשיידענע „קרייזן״ אינערהאַלב דער נאַציאָנאַלער מחנה: אין די ערנסטע מאָמענטן פון אונדזער לעבן האָבן זיי נישט איינמאָל באַהערשט די קעגנזאַצן און זיך געאייניקט, אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן, פאַר בשותפותדיקער אַרבעט. אין אַזעלכע פאַלן האָט זיך די געמיינזאַמע אַרבעט מערסטנטיילס איינגעשטעלט אויף גאַנץ דעמאָקראַטישע יסודות, שטרעבנדיק ווי ווייט מעגלעך צו קומען צו אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש.

אַזוי געשעט עס אָבער בלויז אין אָנהויב פון אַ פּורעניות. ווי נאָר עס גייען פאַרביי די ערשטע דערשיטערונג, אויפרעגונג און שפּאַנונג, הייבן זיך באַלד אָן צו באַווייזן שפּאַלטן אין דעם בנין פון „נאַציאָנאַלער אייניקייט״. קודם־כל הויבט זיך אָן צו ברעכן די געזעלשאַפטלעכע באַזע. אַ קליין הייפל פון „געשווירענע״ עסקנים דעצידירט און באַשטימט אויף אייגענער האַנט דעם גורל פון די ענינים, מאַכנדיק אַזוי אַרום פאַר איבעריק אין דער געגעבענער אינסטיטוציע די אַלע אַנדערע געוויילטע מיטגלידער, אָדער נאָמינירטע פאַרטרעטער. דערנאָך הייבט זיך אָן אַן אויסטערלישע געשיכטע פון טוישן די מענטשן. און אַזוי קומט עס אָפּטמאָל דערצו, אַז אַ פאַרמאָגנטע קאָלעגיע הייבט אָן צו באַהאַנדלען אַ געוויסע פראַגע, און פּלוצים בלייבט זי שטיין, נישט וויסנדיק וועןן, דורך וועמען און אין וועלכע אומשטענדן וועט די פראַגע אַנטשיידן ווערן.

הויבט זיך די „אייניקייט״ אָן צו וואַקלען, הויבן זיך די שפּאַלטן אָן אויסצוברייטערן. נעמט זיך שטאַרקן די עמפּינדונג, אַז מען קען שוין גאָר נישט מאַכן און אַזוי אַרום פּרוווט שוין דער, אָדער יענער אַנשטאָלט פון די „פאַרייניקטע״ צו פירן אַן אייגענע בעל־הבתישקייט און מאַכן שבת פאַר זיך, הגם דערמיט איז ער משיג גבול דער אַלגעמיינער אינסטיטוציע. דער רעזולטאַט איז, אַז דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער פּלאַן צעברעקלט זיך, עס

ווערט געשאַפן אַן אַטמאָספער פון ברוגזן און קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען, ביז די „נאַציאָנאַלע אייניקונג" הויבט אָן פריצייטיק צו גוססן.

אַזאַ דערשיינונג האָבן מיר אַמאָל געזען ביים אָרגאַניזירן דעם „קאָמי־טעט צו פאַרלייכטערן דעם קריזיס" און איצט זעען מיר זי ווידער ביי דער קרעאַציע פון די גירוש־טעג — „דער אַלגעמיינער עוואַקואַציע־קאָמיטעט".

דער „עוואַקואַציע־קאָמיטעט" האָט איצט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צענטראַלע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע. דער הויפּט פונעם עוואַקואַציע־קאָמיטעט *) — די טיכטיקסטע פערזענלעכקייט צווישן די עסקנים פון יפו וואָס מיט אַלע זיינע שווערע חסרונות האָט ער אַרויסגעוויזן פערפעקטע גע־זעלשאַפטלעכע אייגנשאַפטן — האָט אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע אַריינ־געבלאָזן אַן אָטעם פון לעבן, באַוועגונג און שווונג. דאָס האָט זיך געלאָזט פילן אויף די זיצונגען פונעם עוואַקואַציע־קאָמיטעט וואָס פלעגן זיך טייל־מאָל אַרויסברעכן פון דעם ראַם פון הילפס־פראַגן און באַשעפטיקן זיך פון צייט צו צייט מיט אַלגעמיינע פּראָבלעמען. דאָס האָט מען אויך אַרויסגע־שפּירט פון זיינע מעלדונגען „צו דער עפנטלעכקייט" און אפילו פון זיינע פּראַקטישע שיינע צירקולאַרן. נאָר דאָס זיינען בלויז אויסנאַמען. די אונ־טערשטע שורה אָבער איז, אַז אַלע פריער אויסגערעכנטע נעגאַטיווע דער־שיינונגען אין די אָרדענונגען פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן מיר צו פאַרצייכענען אויך לגבי דעם עוואַקואַציע־קאָמיטעט.

דאָס מאָל איז די פראַגע זייער אַן ערנסטע. כל־זמן די אַלע דעפעקטן פאַרבלייבן אין די ראַמען פון געוויינלעכער כלל־טועריי קען מען זיך באַגנו־גענען מיט קריטיק און אָפּאָזיציע. וויבאַלד אָבער אויף דער טאָג־אָרדענונג ווערן אַוועקגעשטעלט אַלגעמיינע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַר אונדז לעבנס־וויכטיק, קען מען נישט יוצא זיין מיט בלויזער קריטיק, עס איז אומ־באַדינגט נויטיק אַריינצוטראָגן ראַדיקאַלע ענדערונגען אין אונדזערע גע־זעלשאַפטלעכע באַציאונגען.

דער איינציק־ריכטיקער וועג איז: פעסטשטעלן קלאָרע פּרינציפּן פון פּערמאַנענטקייט און געזעצלעכקייט אין אונדזער גאַנצער אַלגעמיין־געזעל־שאַפטלעכער אָרדענונג. אַנשטאָט „קרייזן", וואָס נעמען זיך צונויף און פאַ־רייניקן זיך, דאַרף זיין אַ באַשטימטע צוזאַמענאַרבעט פון אַלע נאַציאָנאַלע באַשטאַנד־טיילן פונעם ישוב: די קאָלאָניעס און זייערע פאַראייניקטע אַנ־שטאַלטן; די געזעלשאַפטלעכע קאָמיטעטן אין די שטעט און די פאַרשיידע־נע עוואַקואַציע־קאָמיטעטן; לערער, באַאַמטע, אַרבעטער־גרופּירונגען פון די שטעט און קאָלאָניעס; פאַרשטייער פון די עדות, קהילות און פאַרטייען — זיי אַלע דאַרפן זיך אייניקן אויף אַ באַשטימטן געזעצלעכן פונדאַמענט, כדי געמיינזאַם און סיסטעמאַטיש אָנצופירן די טאָג־טעגלעכע הילפס־אַרבעט

*) מאיר דיזענהאָף.

און אַנדערע ענינים, אַזאַ מאָדוס איז היינט צו טאָג אַ מוז־זאַך. אין די איצ־טיקע באַדינגונגען איז ער דער איינציקער וואָס קען אונדז זיכערן די קאָאָפּע־ראַציע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט אויפן געביט פון זעלבסט־הילף.

אויב דאָס זאָל אונדז באמת געלינגען, אויב מיר וועלן זיך אויסלערנען ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן זיך — וועט דאָס אונדז געבן אַ געוויסע גראַטיפי־קאַציע פאַר די יסורים וואָס מיר האָבן געליטן פון דעם גירוש.

תרע"ז — 1917.

---

# וועגן אונדזערע ענינים

קיין ענדערונגען צום גוטן זיינען אינעם מצב פון דעם אַרבעטער נישט פאָרגעקומען. ער ווערט נאָך אַלץ געפּייניקט פון דאגות פרנסה, אפשר נאָך אפילו מער ווי פריער. עס האָט זיך אויך נישט געענדערט דער אינדיווידוע־לער לעבנס־שטייגער און די אויפפירונג פון יעדן יחיד. דאָך קען מען שפּירן, אַז ע פּ ע ס איז פּאַרט פאָרגעקומען. עס זעט אויס, אַזוי ווי עפּעס אַ נייער גייסט פון דערמוטיקונג וואָלט אַרומגענומען די אַרבעטער־מחנה אין לאַנד. דער נייער „עפּעס" קוקט צו אונדז אַרויס פון אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען אין דער לעצטער צייט: די לעצטנס־פאָרגעקומענע „שמועסן" צווישן די אַרבעטער פון יהודה; די גרינדונג פון „המשביר"; די באַמיאונגען צו פאַרייניקן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פון די אַרבעטער־גרופּן אין פאַרשיידענע ראַיאָנען, ווי אויך די „שמועסן", וואָס זיינען געווידמעט פאַר־שיידענע אידעאָלאָגישע פּראָבלעמען פון ישוב.

וואָס זיינען די צייכנס פון דעם נייעם גייסט? ראשית כל לאָזט זיך שפּירן, אַז די אַרבעטער האָבן זיך ווידער שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט קולטור־פּראָבלעמען. עס זיינען סימפּטאָמאַטיש די אָנשטרענגונגען וואָס ווערן געמאַכט כדי פעסטצושטעלן אַ פּרינציפּיעלן צוזאַמענהאַנג מיט די באַשטייענ־דיקע עקזיסטענץ־פאָרמען און צו קאָאָרדינירן די פּראַקטיק מיט דער טעאָריע. די דאָזיקע אָנשטרענגונגען זיינען געקומען צום אויסדרוק אין דעם „סטיל" פון די אַרבעטער אין יהודה אין דער לעצטער צייט. ווי באַקאַנט האָבן דעם לעצטן יאָר די אַרבעטער־טוער אין יהודה זיך גאָר אַ סך באַמיט לטובת דער אַרבעטערשאַפט. זיי האָבן אויף זיך אָנגעזאָטלט די גאַנצע זאָרג פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אַרבעטער אין יהודה און האָבן זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך צו באַפרידיקן זייערע טאָג־טעגלעכע באַדערפעניש. האָט מען זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז ווען עס וועט קומען די צייט פון אַ סך־הכול, וועט זיך דער אַרבעטער אין אַ געוויסער מאָס פילן מחויב לגבי זיינע פאַרזאָרגער. נו, איז געקומען די צייט פון אָפּשאַצונגען און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט

פונקט קאַפּויר: דער עולם האָט זיין גאַנצע פאַרביטערונג אויסגעלאָזט צום קאָפּ פון זיינע עסקנים און זייערע עווענטועלע פעלערן; פון אַלע זייטן איז ווי צום שאַרפסטן קריטיקירט געוואָרן די טאַקטיק פון שתדלנות לגבי פאַר־שיידענע אינסטיטוציעס און פינאַנץ־אַנשטאַלטן, לויט ווי ס׳איז פּראַקטיצירט געוואָרן אין פאַרלויף פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר. די קריטיק איז געווען גאָר אַ ביטערע און אפשר אויך נישט קיין איבעריק־גערעכטע. דאָך האָט זי פאַר דער צוקונפט אַ פּאָזיטיוון ווערט דערמיט וואָס זי דעמאָנסטרירט דעם ווי־דערווילן צו מאַכן קאָמפּראָמיסן מיט די געגעבענע אומשטענדן און מיט דער אַלגעמיינער טעטיקייט אין אירע איצטיקע פאָרמען.

פונקט אַזוי דאַרף מען באַצייכענען די אויפוואַכונג פון דעם באַוווסטזיין, אַז דער אַרבעטער מוז שטרענג אָפּהיטן זיין ערע און זעלבסטווירדע; דער וועג דערצו ליגט דורך זעלבסטשטענדיקער טעטיקייט, פאַרשטאַרקטער סאָ־לידאַריטעט און פראַלעטאַרישער קעגנזייטיקער הילף. דערפון שטאַמט טאַ־קע די פאָדערונג, אַז אין יסוד פון יעטוועדער אַקציע צום פאַרלייכטערן דעם מצב פון די אַרבעטער אין די קריזיס־טעג זאָל אין דער מאַקסימאַלסטער מאָס געלייגט ווערן דער פרינציפּ פון זעלבסט־טעטיקייט. די דאָזיקע פאָדע־רונג האָט געבראַכט אַ סך פּאָזיטיווע רעזולטאַטן: דאָס שאַפן דעם „המשביר״ וואָס אַלע אַרבעטער באַטייליקן זיך אין אים מיט זייערע מיטלען און ז׳אָס איז זיין באַזע; דאָס אינטערעסירן זיך מיט דער טעטיקייט פון „קופת חולים״; דער פּראַקטישער באַשלוס צו רעגולירן די ענינים פון די אַרבעטער־קלובן; די אַקטועלע פאָדערונג צו רעגולירן און קאָנטראָלירן די חשבונות פון אַלע אַרבעטער־אינסטיטוציעס. די אַלע מסקנות און דאָס אָרט וואָס אָט די ענינים האָבן פאַרנומען אין די „שמועסן״ האָבן אפשר דאָס ערשטע מאָל באַשטימט דעם נאַטירלעכן כאַראַקטער פון דער „אַלגעמיינער אייניקונג״ ביי די אַרבעטער. אַזאַ זאַך איז ווייזט אויס מעגלעך געוואָרן נאָר אין די איצ־טיקע קריזיס־טעג ווען ס׳איז געוואַקסן די נויטווענדיקייט אין פּראַקטישער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט — אָט די וואָס האָט פון זיך אויך אַרויסגע־בראַכט די מענטשן וועלכע גיבן זיך איר איבער. דאָס איז אַ דורכויס פּאָזי־טיווע דערשיינונג, ווייל דורך דעם געווינט די אַלגעמיינע אַרבעטער־אייני־קונג איר באַגרינדונג און איר רעאַלן כוח און דאָס אַליין איז דער יסוד און דער אינהאַלט וואָס פּרעיודיצירן די מעגלעכקייט פון דער אַלגעמיינער פאַ־רייניקונג, וועלכע מיר דאַרפן שטרענג אָפּהיטן.

די צייכנס פון דער דערוואַכונג וואָס האָבן זיך געלאָזט מערקן ביים אָנ־הויב פונעם דריטן קריזיס־יאָר זיינען זייער וויכטיק פאַר אונדז. זיי זאָגן אָן די מעגלעכקייט פון פולער רעגענעראַציע און צוגרייטונגען צו דער צו־קונפט. אין די דאָזיקע דערוואַכונג־סימנים דאַרפן מיר זיך קלאַמערן.

***

מיר טראַכטן איצט וועגן דער צוקונפט. דער קריזיס האַלט טאַקע נאָך אָן ביי אונדז מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, אָבער מיר זיינען שוין פאַרכאַפּט פון דעם געדאַנק וועגן דעם וואָס עס וועט און דאַרף זיין שפּעטער. מיר הויבן אָן אַלץ מער און מער צו גלויבן, אַז נאָכן קריזיס וועלן די וועגן פון ציון מער נישט טרויערן און אַז שטראָמען פון יוגנט־כוחות וועלן ווידער פליסן דורך אירע שטעגן. מיר מוזן זיך קלאָר מאַכן אַ סך פראַגן, און איינע פון זיי איז, בלי ספק, די פראַגע, ווי אַזוי צו רעפאָרמירן די אַרבעטער־אַפּראַ־וויזאַציע און ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די אַרבעטער אין לאַנד. די לעצטע צען יאָר האָבן זיך די אַרבעטער אין ארץ־ישראל נישט ווייניק באַשעפטיקט מיט די דאָזיקע ענינים. די „אַרבעטער־קיך" און די מלחמה מיט די „דעפיציטן", דאָס ביליקער מאַכן שפּייז־פּראָ־דוקטן און אָרגאַניזירן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, וווינונג און אַנדערע פראַגן פון קעגנזייטיקער הילף אין אַרבעט און ווירטשאַפט — דאָס אַלץ האָט נישט אויפגעהערט צו באַשעפטיקן די מוחות פון די אַרבעטער און דאָס האָט זיי געקאָסט נישט ווייניק צייט און ענערגיע. און פונדעסטוועגן, מיטן אויס־נאַם פון מעדיציניש־ער הילף, קען מען כמעט נישט פאַרצייכענען קיין שום ממשותדיקע סיסטעמאַטישע דערגרייכונג אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט.

וואָס איז די סיבה? עס האָבן זיך דאָ, אָן צווייפל, צונויפגענומען פאַר־שיידענע פאַקטאָרן. ערשטנס: דער כאַראַקטער פון דער פאַרגאַנגענער תקופה: די יוגנט האָט געזוכט אַ וועג, אָבער נישט געהאַט קיין מעג־לעכקייטן אים אויסצוטרעטן; צווייטנס: די אומקלאָרקייט און אומבאַשטימטקייט אין די ביז־איצטיקע אַרבעטס־באַדינגונגען, און דריטנס: דער מאַנגל אין מענטשן מיט פּראַקטיק, געהעריקע קענטעענישן און חוש פאַר רעאַליטעטן.

איינמאָל בלויז איז אויפגעקומען אַן ערנסטער געדאַנק אויפן דאָזיקן געביט און אויך ער איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן: דער אַמאָליקער גע־דאַנק וועגן דער „חברה מרכזית" („די צענטראַלע געזעלשאַפט") וואָס האָט געזאָלט זיין די אומפאַסנדיקע קאָאָפּעראַציע פון דער ארץ־ישראלדיקער אַר־בעטערשאַפט און אַלע אירע עקאָנאָמישע באַדערפעענישן. זי האָט געזאָלט ווערן דער מיטלפונקט, וווּ אַלע אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין לאַנד וואָלטן זיך קאָנצענטרירט און פאַרייניקט. לויטן פּראָגראַם האָט די חברה געזאָלט אָנהויבן איר טעטיקייט אויף האַנדלס־יסודות, מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פון צען טויזנט פראַנק, געטיילטע אויף הונדערט אַקציעס — הונדערט פראַנק אַן אַקציע. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אין זיין צייט כמעט געהאַלטן ביים רעאַליזירט ווערן: די אַרבעטערשאַפט האָט אויף אים מסכים געווען, די וועקסלען זיינען שוין געזאַמלט געוואָרן און אויך די באַנק („אַנגלאָ־פּאַלעס־טינע") איז גרייט געווען צו אַסיגנירן געהעריקע קרעדיטן. זיינען אָבער

דעם לעצטן מאָמענט אויפגעשוווּמען סיכסוכים, עס האָט פּאַרפעלט אויסגע־האַלטנקייט און דער ענין איז בטל געוואָרן. נאָכדעם ווי די זאַך איז נישט געלונגען אין ארץ־ישראל, האָט דער איניציאַטאָר, חבר אליהו מונטשיק, געפּרווּט געפינען אָנהענגער פאַר דעם דאָזיקן פּראָיעקט אין אויסלאַנד צווישן דער נאַציאָנאַלער יוגנט; צו דעם צוועק האָט ער פאַרן קריג אַרויסגע־לאָזט אַ בראָשור א״נ „אפסניב״ (אַפּראָוויזאַציע). עס לאָזט זיך נאַטירלעך דיסקוטירן, צי איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן אַזאַ מין פּראָיעקט מיט די מיטלען פון יונגעלייט וואָס געפינען זיך נאָך אין חוץ לארץ און צי איז בכלל כדאי — פון פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט — צו רעאַליזירן אים אויף אַזאַ מין אופן. איינס איז אָבער קלאָר, אַז די אידייע פון „חברה מרכזית״ לאָזט זיך בלויז דאָ — אויב אפילו מיט געוויסע אויסבעסערונגען — פאַרווירק־לעכן. מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל מוזן אומקערן צום דאָזיקן געדאַנק.

ווערנדיק געצוווּנגען זיך צו שיצן אַנטקעגן דער קריזיס־נויט האָבן די אַרבעטער געשאַפן נייע פאָרמען פון קאָאָפּעראַציע און האָבן באַאויפטראַגט די אַרבעטער־טוער מיט אויסעראָרדנטלעכע רעאַלע עקאָנאָמישע אויפגאַבן.

די „קאָמונעס״, וואָס זיינען לעצטנס געשאַפן געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער, האָבן אַרומגענומען אַלע זייערע אַרבעטער און קאָנצענטרירט אין זייערע הענט אַלע אַרבעטער־באַדערפענישן, אָנהויבנדיק מיט אַרבעט און ענ־דיקנדיק מיט ווירטשאַפטלעכע ענינים: עפנטלעכע אַרבעטן, באַזונדערס אין גליל; די איינריכטונג פון קליינע לאָקאַלע סקלאַדן פאַר שפּייז־פּראָדוקטן אין דעם ערשטן קריזיס־יאָר; דער „מחסן״ אין שומרון און דער אַלגעמיינער „המשביר״; די פאַרצווייגטע געלונגענע איינריכטונג פון דער מעדיציניש̈ער הילף אין יהודה. פאַר די אַלע זאַכן האָבן זיך געפאָדערט פאַסיקע מענטשן. אַדאַנק דעם אַלעמען האָבן זיך די אַרבעטער־טוער נענטער באַקענט מיט דער אויספירונג פון אַרומנעמענדיקע פּראַקטישע אַרבעטן. ס׳איז גענוג צו דער־מאָנען, אַז דער באַלאַנס פון די אַרבעטן וואָס די אַרבעטער אין יהודה האָבן אויסגעפירט אין יאָר תרע״ז, האָט דערגרייכט אַ סומע פון 75 טויזנט פראַנק. די אַלע אויפגאַבן האָבן פון די עסקנים פאַרלאַנגט איבערגעגעבנקייט און גרינטלעכע זאַכקענטעניש. זיינען טאַקע די מענטשן געוואָרן פּראַקטיצירטע און קוואַליפיצירטע פאַכלייט.

די דערפאַרונגען און קוואַליפיקאַציעס וואָס די אַלע טוער האָבן זיך דערוואָרבן שטעלן מיט זיך פאַר דעם קנאַפּן ריווח וואָס וועט אונדז איבער־בלייבן פון דעם נעכעבדיקן לעבן אין די קריזיס־יאָרן. דער ריווח האָט אין זיך פּאָזיטיווע קערנדלעך, וועלכע וועלן נוצן ברענגען אויך אין דער צו־קונפט. דאָס אַלץ טאָר נישט פאַרלוירן גיין, אָדער פאַרוואַלגערט ווערן אין די אַרכיוון. מען דאַרף צונויפנעמען דעם גאַנצן מאַטעריאַל, סיסטעמאַטיזירן און סעגרעגירן אים און דערביי פעסטשטעלן די פּרינציפּן און יסודות פאַר דער רעפאָרם פון דער צוקונפטיקער פאַכמעניש־קאָאָפּעראַטיווער טעטיקייט.



„בערך הונדערט און צוואַנציק אַרבעטערנס זיינען היי־יאָר איינגע־אָרדנט געוואָרן אויף סטאַבילע אַרבעטס־פּלעצער אין גליל". דאָס איז זיכער איינע פון די פריילעכסטע בשורות אין דער אַרבעטס־כראָניק פון די קריזיס־צייטן. די וועלט פון יידישן אַרבעטער האָט אַ סך אָנגעוויטיקטע אַס־פּעקטן, אָבער דער פיינלעכסטער פונקט און אפשר אויך דער סאַמע דער־שלאָגנדיקער איז דאָס פּראָבלעם פון דער אַרבעטערן און איר לאַגע אין לאַנד. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז אַלט, ווי אַלט ס'איז די יונגע עליה: צען יאָר. ווייל צוזאַמען מיטן יונגן חלוץ איז אויך געקומען די חלוצה. אין אָנהויב איז דאָס געווען אַ זעלטענע דערשיינונג אין ישוב, אָבער אין די לעצטע יאָרן פון פאַרן קריזיס זיינען געקומען אין לאַנד אַריין הונדערטער יונגע מיידלעך, פול מיט פרישע כוחות און אידעאַליזם. די אַרבעטערן האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע פעריאָדן: דער פעריאָד פון זיין אַ קעכין אין די אַרבעטער־קיכן, ווען אַנטקעגנאיבער איר אַרבעט אַן אַנדערע אין פעלד; דער־נאָך איז געקומען דער רייפקייט־פעריאָד: די פרוי, וואָס אַרבעט אין הויז־ווירטשאַפט, אין דער אייגענער קיך, אין פעלד און אין גאָרטן. דאָס אַרבע־טערן־פּראָבלעם האָט זיך אַלץ מער פאַרטיפט און האָט זיך מיט דער צייט צונויפגעפלאָכטן מיט אונדזערע סאַמע וויכטיקסטע פּראָבלעמען: די גע־שטאַלטונג און פאָרם פון דעם אַרבעטנדיקן ישוב און די עקזיסטענץ־פראַגע פון דער אַרבעטנדיקער משפחה. אויף דער אַרבעטערינס־פערמע אין כנרת האָט זיך דערווייל אָנגעהויבן צו פאָרמירן דער אַרבעטערינס זעלבסטשטענ־דיקייט: די קבוצות פאַר גרינצייג — אין כנרת און דערנאָך אין פּתח־תקוה. אַזוי אַרום האָט אונדז דאָס אַרבעטערנס־פּראָבלעם אַבסאָרבירט אַזוי ווייט, אַז עס איז אוממעגלעך מער צו באַהאַנדלען די ענינים פון דעם אַרבעטנדיקן ישוב, נישט לייזנדיק דערביי די פראַגע וועגן דער ראָל פון דער פרוי און דאָס צוגרייטן זי פאַר דער דאָזיקער ראָל.

די צען יאָר פון דער אַרבעטערן אין לאַנד זיינען געווען יאָרן פון וועג־זוכענישן און אינהאַלטסרייכע עקספּערימענטן. דאָס האָט אָבער נאָר געהאָט צו טאָן מיט איינצלנע, אַרבעטערנס, נישט באַרירנדיק כמעט דעם כלל. פאַקטיש איז דער מצב פון דער יונגער אַרבעטערן געווען — און איז פאַר־בליבן — אַ ביז גאָר דעפּרימירנדיקער. און די מיידלעך וואָס האָבן שוין זוכה געווען צו אַרבעטן און האָבן זיך איינגעשאַפט אַ באַשטימטן אָרט אין דער אַרבעט — אפילו זייער וועג איז אויך אויסגעבעט בלויז מיט דערנער. נאָר אפילו אַזאַ „גליק" האָבן דערגרייכט בלויז געציילטע, — ס'רוב מייד־לעך בלאָנקען זיך אַרום איבערן לאַנד ווי איבעריקע. דעם גרעסטן טייל פון יאָר האָבן די דאָזיקע חלוצות נישט וואָס צו טאָן. פילן זיי זיך דערשלאָגן — גלייך ווי זייער וועלט וואָלט חרוב געוואָרן.

אַזוי איז געווען אין נאָרמאַלע יאָרן און נאַטירלעך, אַז אַ שיעור ערגער

אין די קריזיס־יאָרן ווען די אַרבעטערנס האָבן געליטן אומגעהויער. פאַר־שטייט זיך, אַז אין אַזעלכע אומשטענדן דאַרף אַזאַ מין ידיעה וועגן איינאָר־דענען מיידלעך אויף אַרבעט אין גליל, אַרויסרופן אַן אָפּטימיסטישע שטי־מונג. אמת, די דאָזיקע איינאָרדענונג איז בלויז אַ טיילווייזע און דאָך איז ביז גאָר וויכטיק אַזאַ יאָר פון רעלאַטיוו־זיכערער עקזיסטענץ ווען דו ליידסט נישט קיין הונגער, און איבערהויפּט ווען דו פילסט נישט, אַז דו ביסט „אי־בעריק״ אויף דער וועלט. זיין פאַרזיכערט מיט אַרבעט, נישט ליידן קיין הונ־גער און קענען מיט אַ רואיק האַרץ קוואַליפיצירן זיך אין פאַרשיידענע אַר־בעטס־צווייג — דאָס אַלץ וועט טיילווייז אָפּווישן די דערשלאָגנקייט צווישן די אַרבעטערנס.

וואָס שייך דעם מצב אין יהודה, און באַזונדערס אין פתח־תקוה, בענ־טשן מיר די אַרבעטערן־טוערנס: געשטאַרקט זאָלן זיין זייערע הענט און זאָלן זיי מצליח זיין אויך דאָ צו געפינען מעגלעכקייטן אויסצובעסערן די לאַגע.

דער פּראָצענט פון די אַרבעטערנס, אין באַצוג צו דער אַלגעמיינער צאָל פון יונגע אַרבעטער, איז אַ באַדייטנדיקער. איז עס אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכע פאָדערונג, אַז זיי זאָלן זיין רעפּרעזענטירט ווי געהעריק, ווי אין דער אַרבעט, אַזוי אויך אין געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן לעבן אין לאַנד.

---

# אַרבעטס־ענינים אין לאַנד

(אַ פאָרטראָג אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין ביורא פון קרן היסוד אין ירושלים — י׳ אדר תרפ״ז).

איך וועל דאָ רעדן אין נאָמען פון אַן אָפּטיילונג אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע וואָס מען דאַרף זי דעפינירן אַלס די פּראָלעטאַרישע. אַלע אַנ־דערע אָפּטיילונגען האָבן צו טאָן מיט שיכטן און קרייזן וואָס פאַרמאָגן עפּעס אין זייער וועלט. מיין קליענטור אָבער איז אַזאַ וואָס פאַרמאָגט נישט קיין קאַפּיטאַל, קיין ערד, קיין ברויט, קיין שום אָנהאַלט נישט. די אַרבעט פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג ווערט אָפטמאָל געפירט נישט לויט דער סכעמע וואָס זי באַשטימט פאַר זיך. אַלץ וואָס איז נישט שייך צו קיין אַנדער אָפּטיילונג, אַלץ וואָס איז נישט קאָלאָניזאַציע אָדער דערציאונג, אָדער פּאָליטיק, אָדער אינדוסטרי ווערט ווי אויטאָמאַטיש איינגעשלאָסן אין דער דאָזיקער אָפּטיי־לונג.

דעם פּראָגראַם און אויפגאַבן פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג האָב איך מיט עטלעכע יאָר צוריק פאָרמולירט אויף אַזאַ אופן:

א) דאָס אַבסאָרבירן נייע עולים אין פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען.

ב) דאָס אַרויסהעלפן אַרבעטער צו פאַרפולקומען זיך פאַכמעניש, ווי אויך צו דעראָבערן נייע אַרבעטס־צווייגן.

ג) בייהילפיק זיין אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס אין זייערע באַמיאונגען צו אַנטוויקלען די עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט פון די אַרבעטער אין לאַנד און זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין דער אַרבעט.

ד) העלפן פאַרלייכטערן די לאַגע פון די אַרבעטסלאָזע.

ה) זאָרגן פאַר די געזונטהייט און קולטור־באַדערפענישן פון די אַרבעטער אין לאַנד.

ו) אינפאָרמאַטיווע פאַרבינדונגען מיט פאַרשיידענע עליה־אַמטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין די גלות־לענדער אין אַלע ענינים וואָס האָבן צו טאָן מיט דער אַרבעטער־עליה.

פאַקטיש אָבער צעצווייגט זיך די אַרבעט פיל מער ווי איך האָב עס גערעדט באַשטימט פאַר זיך. די אַרבעטס־אָפּטיילונג איז אונטערגעוואָרפן פאַרשיידענע פעריאָדן: טעג רואיקע, טעג פון כיבוש עבודה*), טעג פון אָפּהיטן די אַרבעטס־לאַגע אַזוי ווי זי איז און אויך טעג פון קאַמף — טעג פון שיצן זיך קעגן אַ קריזיס־אַנגריף. אָפטמאָל פלאָנטערן זיך די אַלע זאַכן איינע מיט דער אַנדערער. אויך אין זאַטע יאָרן הערט נישט אויף די זאָרג פון אַרבעטסלאָזיקייט. אין טעג פון עליה, ביז די עולים ווערן אַבסאָרבירט אין אַרבעט, גייען זיי אַרום אַרבעטסלאָזע. דאָס חדשים־לאַנגע אַקלימאַטיזירן זיך אין דער אַרבעט קומט אָן זייער שווער און די אָפּטיילונג טראָגט אויף זיך דעם יאָך פון אַבסאָרבירן דעם יונגן, אָדער נישט יונגן עולה וואָס האָט באַשלאָסן זיך איבערצושיכטן צו אַ פּראָדוקטיוון לעבן. דאָס זעלבע פאַרקערט: אויך אין די יאָרן פון גויט, יאָרן פון קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט, קעגן קריזיס, רייסט די אָפּטיילונג נישט איבער אירע אָנשטרענגונגען פאַר קאָנסטרוקטיווע אויפגאַבן אַזוי ווי אין „טעג פון שלום“.

אויף דער לעצטער סעסיע פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט האָב איך פאָרגעלייגט אַן אַרבעטס־בודזשעט וואָס האָט זיך געטיילט אין צווייען: איין טייל פאַר נאָרמאַלע אַרבעטס־באַדערפענישן וואָס זיינען לגמרי נישט פאַרבונדן מיט קריזיס, אַרבעטסלאָזיקייט, אָדער הונגער צווישן די אַרבעטער. פאַר דעם צוועק האָב איך פאַרלאַנגט אַ סומע פון זעכציק טויזנט פונט שטערלינג. דעם צווייטן בודזשעט האָב איך געפאָדערט פאַרן קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט. די סעסיע פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט איז שוין

---

*)כיבוש־עבודה — דעראָבערונג פון דער אַרבעט — איז דאָן געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע און וויכטיקסטע טערמינען און לאָזונגען. מען קען דאָס אויך דעפינירן ווי איבערשיכטונג, אָדער פּראָלעטאַריזאַציע, אָבער דער הויפּטציל איז געווען: דעראָבערן דורך יידן די אַרבעט אין ארץ־ישראל. (באַם. פון איבערז.)

געשטאַנען אונטערן צייכן פונעם אויסגעבראָכענעם קריזיס און עס איז שוין קלאָר געווען, אַז, אויסער דעם געוויינלעכן בודזשעט, וועט נויטיק זיין אַן עקסטראַ סומע פון 75.000 פונט שטערלינג. דער ערשטער טייל איז פּאַקטיש רעדוצירט געוואָרן ביז צו 33.000 פונט און מיט דער רעשט איז פּאַרגרע־סערט געוואָרן די סומע פון מיטלען פאַרן קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט.

וואָס האָבן מיר הײַ־יאָר געטאָן אויפן געביט פון דער נאָרמאַלער טעטי־קייט פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג? — ווי איר צענטראַלע אויפגאַבע האָט די אַרבעטס־אָפּטיילונג אויך דאָס יאָר געזען דאָס אַרייַנברענגען דעם יידישן אַרבעטער אין די קאָלאָניעס אַריין. אַ סך פון די וואָס זיצן ד אָ , קענען דעם קאַפּיטל וואָס האָט זיך אַמאָל גערופן „כיבוש העבודה”. דער כ י ב ו ש האָט אונדז צוגעגרייט יענע אַרבעטער, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט דגניה, נהלל און כפר יחזקאל. די דאָזיקע תקופה האָט אויך איבערגעלאָזן איינדרוקן און שפּורן אין דער העברעאישער ליטעראַטור. לאָמיר, פּאַר אַ ביישפּיל, דער־מאָנען „ביער בחדרה” (אין וואַלד אין חדרה) פון דוד שמעונאָוויטש. אָבער דער דאָזיקער ראָמאַנטישער קאַפּיטל איז שוין פאַרשוווּנדן און וועט זיך נישט צוריקקערן. די באַדינגונגען האָבן זיך געענדערט. עס האָט זיך אויך באַדייטנ־דיק געענדערט — און צום גוטן — די משונהדיקע באַציאונג פון די קאָלאָ־ניסטן צו יידישער אַרבעט. אויך דאַן ווען די אַרבעטס־אָפּטיילונג און די בעס־טע כוחות פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט זיינען געווען פול מיט זאָרג ווי אַזוי צו דעראָבערן נייע אַרבעטס־פּלעצער, האָבן מיר געהאַלטן פאַר נויטיק צו לענקען אונדזער אויפמערקזאַמקייט, ענערגיע און געלט־מיטלען צו די קאָלאָניעס. אַ דאַנק דעם האָבן מיר דערגרייכט די אימפּאָזאַנטע צאָל פון 5000 אַרבעטער אין די קאָלאָניעס, אַן ערך 2000 אין פּתח תקוה און אַרום 600 אין חדרה. דאָס איז איינע פון אונדזערע גרויסע דערגרייכונגען וואָס אויך קרן־היסוד קען נעמען אויף איר קאָנטאָ. איך זאָג א ו י ך קרן היסוד, ווייל בעיקר האָבן מיר דאָס דערגרייכט מיט די מיטלען פון קרן קימת.

דעם יידישן אַרבעטער אין די קאָלאָניעס קאָנקורירט אויס דער אַראַבי־שער און נישט נאָר מיט זיין ביליקייט, נאָר אויך מיט זיין עקאָנאָמישן אי־בערגעוויכט: דער אַראַבער טוט נאָר צופעליקע אַרבעט אין דער קאָלאָניע, ווייל ער האָט אַ געוויסע אייגענע ווירטשאַפט. ער איז נישט קיין פּראָלע־טאַריער — די אַרבעט אין דער קאָלאָניע איז ביי אים נאָר אַ צוגאָב צו דער הכנסה פון זיין ווירטשאַפט. זיינען מיר געקומען צום אויספיר, אַז מיר דאַרפן העלפן דעם יידישן אַרבעטער אויסצוגלייכן זיך מיטן אַראַבישן קאָנקורענט אויפן געביט פון די עקאָנאָמישע לעבנס־באַדינגונגען. די אַרבעטס־אָפּטיילונג לייגט אין דעם אַריין הײַנטיקס יאָר ביי 18 טויזנט פונט. מיט די דאָזיקע געלטער שאַפן מיר אַ געוויסן אַקטיוו פאַר דער פאַרפעסטיקונג פונעם יידישן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע. אמת, אויך נאָך דער שאַפונג פון דעם דאָזיקן אַקטיוו לעבט דער יידישער אַרבעטער אין גאָר שווערע באַדינגונגען.

אין וואָס דריקט זיך אויס אונדזער הילף? מיר גיבן דעם יידישן אַרבעטער מינימאַלע מעגלעכקייטן צו באַקומען אַ דירה, אַרבעטס־כּלים און לעבעדיקן אַרבעטס־אינווענטאַר. אַזוי האָבן מיר געהאָלפן די קיבוצים ווי אויך יחידים אין די קאָלאָניעס. די אַרבעטס־אָפּטיילונג שטייט איצט אין פאַרבינדונגען מיט קרוב צו 60 קבוצות, ווי אויך קאָלעקטיוון אין פאַרשיידענע קאָלאָניעס. מיט דער הילף פון דער קאָלאָניזאַציע־אָפּטיילונג דערמעגלעכן מיר זיי אויפצושטעלן ביי־ווירטשאַפטן וואָס פאַרלייכטערן אַביסל דעם קאָלעקטיוו אין זיין זעלבסט־אָפּראָוויזאַציע. אָבער מיר האָבן אויך אַנדערע אויפגאַבן. עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן אויפנעם־פּלעצער פאַר די נייע עולים־וואָס גייען באַלד פון דער שיף צו דער אַרבעט; דאָס זיינען די חבורות *) אין די קאָלאָניעס, ווו עס ווערן דירעקט פון שיף אַריבערגעפירט די חלוצים און ווו די לעצטע הייבן זיך אָן אַקלימאַטיזירן אין אַרבעט. דאָס דאָזיקע אַקלימאַטיזירן זיך איז פאַרבונדן מיט געוויסע דעפיציטן פאַר דער חבורה און די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האָט איבערגענומען אויף זיך אַ באַשטימטן טייל פון די דעפיציטן. דאָס פּראָבלעם פון יידישער אַרבעט אין דער קאָלאָניע ביים פויער, דעם אייגנטימער פון אַ פּריוואַטער ווירטשאַפט, דאָס פּראָבלעם וואָס האָט באַשעפטיקט דעם ציוניסטישן געדאַנק במשך די לעצטע צוואַנציק יאָר, דערנענטערט זיך וואַרשיינלעך צו אַ לייזונג. מער נישט, דער וועג צו דער לייזונג איז אויסגעבעט מיט שטרויכלונגען און יסורים. די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט אין דער קאָלאָניע — אפילו ווען זי זאָל באַשעפטיקן בלויז יידישע אַרבעטער — קלעקט נישט פאַרן גאַנצן יאָר. עס זיינען פאַראַן חדשים פון נאַטירלעכער אַרבעטסלאָזיקייט. אויסער דעם איז דער אַרבעטס־לוין גאָר אַ קנאַפּער. אפילו די וואָס האָבן סטאַבילע אַרבעט קענען זיך מיט זייער לוין נישט אויסהאַלטן אויך אין די טעג ווען די אַרבעט ווערט איבערגעריסן, למשל, אין דעם רעגן־סעזאָן.

דאָס ווערק פון אַבסאָרבירן דעם יידישן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע באַטראַכטן מיר פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן. דאָס איז אַ ווערק פון הכשרה. פאָרלויפיק האָט נישט דער דערוואַקסענער יידישער אַרבעטער אין לאַנד קיין בעסערע לאַנדווירטשאַפטלעכע שול, ווי דעם פויערס ווייירטשאַפט אין דער קאָלאָניע. אויסער דעם ציל פון דעראָבערן דעם אַרבעטס־מאַרק פאַר דער באַשעפטיקונג פון אַרבעטער שטייט פאַר אונדז אויך דאָס פּראָבלעם, ווי אַזוי צו שאַפן פאַרן יידישן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע אַ סטאַבילע און זיכערע עקזיסטענץ. די אַרבעטס־אָפּטיילונג און די קאָלאָניזאַציע־אָפּטיילונג באַציען זיך צו דעם פּראָבלעם מיט פולער ערנסטקייט. מיר באַ־

*) די חבורה איז געווען אַ מין צייטווייליקער אַרבעטס־לאַגער פון וואַנען מען פלעגט זיך פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד, סיי ווי אָרגאַניזירטע קערנדלעך פון קיבוצים, אָדער מושבים, און סיי אַלס יחידים (באַמ. פון איבערז.).

טראַכטן זי ווי איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אונדזערע. דער שריפט־שטעלער יעקב ראַבינאָוויטש האָט זיך אין זיין צייט אַ סך אָפּגעגעבן דערמיט. ער האָט דאָס דעפינירט אַלס „דאָס פּראָבלעם פון אינערלעכער קאָלאָני־זאַציע", דאָס הייסט — אינערהאַלב דעם באַשטייענדיקן יידישן ישוב.

איך דאַרף אונטערשטרייכן, אַז איינע פון די שווערסטע פראַגן לגבי דעם אַריינדרינגען פונעם יידישן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע אַריין איז די באָדן־פּראַגע. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך דער באָדן אין פּריוואַטע הענט. קיבו־צים וואָס קומען אין די קאָלאָניעס אַריין האָבן נישט קיין באָדן אפילו ווו אַ געצעלט אַוועקצושטעלן. מיר זיינען איבערגעגאַנגען צו באַראַקן און איצט אויך צו הייזער. אין אייניקע ערטער האָט מען גענומען בויען הייזער פאַרן זעלבן פּרייז וואָס פריער עס האָבן געקאָסט באַראַקן. דער יידישער אַרבע־טער פאַרמאָגט אָבער נישט קיין שפּאָן ערד ווו זיין הויז אַוועקצושטעלן. מיר זיינען געווען געצוווּנגען צו אַרענדירן קליינע באָדן־שטחים פאַר די חלוצישע קאָלעקטיוון. איז אָבער איצט אַ הויכע קאָניונקטור אין דער ציטרוס־ווירט־שאַפט און דער פּרייז פון יעדן ברעקל ערד האַלט אין איין וואַקסן. דער אַר־בעטער איז דערפאַר נישט זיכער, אַז עס וועט נישט קומען קיין טאָג ווען מען וועט אים עקסמיטירן פון דעם באָדן. אין טייל פאַלן האָבן מיר אַליין גע־לייזט די באָדן־פּראַגע. פאַר די חבורות „מעבר" אין פתח תקוה און חדרה האָבן מיר דאָס געלייזט מיט די געלטער פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג. אין דעם דאָזיקן ענין געפינט זיך די ציוניסטישע עקזעקוטיווע, אין אַ געוויסער מאָס, אין אַ קאָנפליקט מיטן קרן קימת, וועלכער באַשטייט — און מיט רעכט — אויף דעם, אַז ער זאָל אינוועסטירן זיין געלט בלויז אין אויסלייזן באָדן פון נישט־יידישע הענט. אָבער די קליינע פּלעצער אין די קאָלאָניעס, וועלכע קענען צונויף קומען דעם אַרבעטער, געהערן צו יידן, — קומט דעריבער אויס צו קויפן ערד אויך פון יידישע הענט. אויף דער פּלענאַרער־זיצונג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין לאָנדאָן איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן פאַרצולייגן דעם קרן קימת צו ברעכן דעם מנהג און אויסנעמלעך קויפן ביי יידן די שטחים, וועלכע זיינען נויטיק פאַרן יידישן אַרבעטער אין דער קאָ־לאָניע. דאָ איז אַ פראַגע פון פאַרזיכערן מינימאַלע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פאַר דעם רעזערוו פון וועלכן מען וועט בקרוב דאַרפן נעמען מענטשן־מאַ־טעריאַל פאַר דער קאָלאָניזאַציע.

וואָס זיינען די אויסזיכטן פון סטאַביליזירן דעם יידישן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע? דאָ רעדט זיך נישט בלויז וועגן יונגע חלוצים, נאָר אויך פון משפחה־מענטשן. אין פתח־תקוה און אין דערבייאיקער עין־גנים זיינען פאַ־ראַן קאַווקאַזער יידן „גורג'ים"*), וועלכע זיינען מטופל מיט גרויסע משפחות.

*) גורג'ים — אַזוי רופן זיך אין ישראל יידן פון גרוזיע און אַנדערע טיילן פון קאַווקאַז.

דאָס איז אַן אויסגעצייכנטער עלעמענט. ווען מיר וואָלטן געבן יעדן איינעם פון זיי אַ הויז און עטלעכע דונאַם באָדן, קען גרייכער זיין, אַז מיר וואָלטן פאַרזיכערט זייער עקזיסטענץ אין דער קאָלאָניע.

פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז מען דאַרף שאַפן אַרבעטער־קוואַרטאַלן אַרום די קאָלאָניעס. עס איז שוין אַמאָל געמאַכט געוואָרן אַזאַ מין פרווו און מיט דערפאָלג. ער האָט זיך אָבער אַנטוויקלט אַנדערש ווי מען האָט זיך אים פאָרגעשטעלט. איך האָב אין זינען עין גנים אין אָנהויב פון איר אַנטשטיי־אונג ווען ס׳זיינען געשטעלט געוואָרן די ערשטע טריט פון די אַרבעטער־ישו־בים. דער ווירטשאַפטלעכער יסוד פון עין גנים און אירע ווייטערדיקע גיל־גולים האָבן אָוועקגענומען פון אירע מענטשן די מעגלעכקייט צו פאַרבלייבן אַרבעטער אין פתח־תקוה. איצט האַנדלט זיך ווען באַזעצן זיך אַרום די קאָ־לאָניעס און שאַפן אַ ביי־ווירטשאַפט, וועלכע זאָל דערגענצן די הכנסה פון דעם אַרבעטערס טאָג־לוין. אין די איצטיקע טעג פון אַרבעטסלאָזיקייט, פאַר־ביטערונג, דעמאָנסטראַציעס און ליידן, איז די אַבסאָרבירונג פון דעם יידישן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע איינע פון די וויכטיקסטע פאָזיטיווע אונטער־נעמונגען צום פאַרענטפערן דאָס פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פונקט וויל איך באַמערקן, אַז די אַרבעטס־אָפּטיילונג האָט אַסיגנירט אַ סומע פון 3000 פונט פאַר דעם אַמט וואָס הייסט „המשרד הקבלני שעל יד הסתדרות הפועלים החקלאים“ (אונטערנעמונגס־אַמט ביי דער אָרגאַניזאַציע פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער). דער דאָ־זיקער אַמט איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט די אויסזיכטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פּלאַנטאַציע־ווירטשאַפט. מיר האָבן געפונען פאַר נייטיק צו רעזערווירן אַ סומע פון 3000 פונט פאַרן דאָזיקן אַמט וואָס וועט זיך באַ־שעפטיקן מיט אַקאָרד־אַרבעט ווייל דער יידישער אַרבעטער, וואָס נעמט זיך אונטער צו באַאַרבעטן א ווירטשאפט אויף אַקאָרד, באַקומט נישט באַצאָלט פאַרויס, נאָר ערשט נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט. די דאָזיקע אַסיגנירונג פאַרן אונטערנעמונגס־אַמט וועט אַזוי אַרום פאַרזיכערן רעזערוו־קאַפּיטאַל און אומ־זאַץ־קאַפּיטאַל.

**
*

די לעצטע יאָרן זיינען געקומען פון די גלות־לענדער אויך יונגע פרויען — חלוצות און סתם יידישע טעכטער, וועלכע זיינען געווען אָן אַרבעט, אָן הכשרה, אָן אַ פאַך — נישט אַבסאָרבירטע. אין אונדזערע שטעט, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אומנאָרמאַל, איז שטאַרק געשטיגן די פּראָוואָרלאָזיקייט פון דער אַרבעטערן. די אַרבעטס־אָפּטיילונג — צוזאַמען מיט די בעסטע כוחות פון דער פונאַנדערגעוואַקסענער אַרבעטערנס־באַוועגונג — האָט זיך אָנגעאַזשירט אין זוכן אַן ענטפער פאַרן דאָזיקן פּראָבלעם. עס איז אונדז קלאָר געווען, אַז מען דאַרף אַריינלייגן אַ סך געלט־מיטלען, בכדי צו דערמעגלעכן

דער פרוי אַריבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. עס איז אונדז אויך קלאָר געוועזן, אַז אויסער דער טעטיקייט פון חנה מייזעל*) און די אַרבעטערנס־ווירטשאַפטן (משקי הפועלות), און אויסער דעם אַריינדרינגען אין דער אַל־געמיינער לאַנדווירטשאַפט, דאַרפן געמאַכט ווערן אָנשטרענגונגען אויף מע־רערע אַנדערע געביטן. מיר האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק צו באַשטימען אין דער אַרבעטס־אָפּטיילונג אַ ספּעציעלן סעקרעטאַריאַט פאַר די ענינים פון דער אַרבעטנדיקער פרוי. און מיר קענען היי־יאָר פאַרצייכענען אייניקע דערפאָלגן. מיר האָבן געשאַפן עטלעכע חבורות ווו — אַ דאַנק אַ געוויסן אָנהאַלט אין לאַנדווירטשאַפט באַקומען די אַרבעטערנס אַ געמיינזאַמע דירה און אַ געמיינ־זאַם עסן. די אַרבעטערנס זיינען באַשעפטיקט אין לאַנדווירטשפט, אין דער ווירטשאַפט פון דער חבורה און אין אַנדערע אַרבעטן. אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ היים פאַר אַ קאָלעקטיוו לעבן אין די שטעט. אַזעלכע חבורות עק־זיסטירן אין די שטעט און אין די קאָלאָניעס: צוויי אין תל־אביב, און צו איי־נע אין טבריה, פתח־תקוה, חדרה, רמת גן און נס־ציונה. איינע איז אויך לעצטנס געגרינדעט געוואָרן אין חיפה. אין יעדער חבורה דאַרפן זיין לפּחות 25 חברות. די בודזשעט־מיטלען ווערן מער נישט אויסגעגעבן אויף פּראָווי־זאָרישע דירות, נאָר אויך הייזער און דאָס קאָסט דעם זעלבן פּרייז וואָס באַ־ראַקן. ווען די עליה וועט באַנייט ווערן און עס וועלן ווידער נעמען שטראָמען חלוצות און סתם יידישע טעכטער פון פּוילן און ליטע וועלן זיי האָבן אַ היים און וועלן זיך נישט אַרומבלאָנקען פּאַרוואָרלאָזטע. די חבורה עקזיסטירט אויפן אַרבעט־לוין פון די חברות און אויף דער הכנסה פון דער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט.

עס איז אויך כדאי צו פאַרצייכענען די בודזשעט־פּאָזיציע פון 9000 פונט, וועלכע מיר האָבן אַסיגנירט פאַר דער נייער רוטענבערג־געזעלשאַפט וואָס פאַרנעמט זיך מיטן ירקון־באַוואַסערונגס־פּראָיעקט. עס איז איבעריק צו רעדן וועגן דער באַדייטונג פון אַזאַ באַוואַסערונגס־סיסטעם פאַר דער אַנט־וויקלונג פון פתח־תקוה און איר סביבה. דער פּראָיעקט וועט זיכער פאַרווירק־לעכט ווערן.

14.000 פונט האָבן מיר אַסיגנירט פאַר הלואות און אונטערשטיצונג, וועלכע וועלן געגעבן ווערן די אַלע וואָס קענען נישט אַזוי לייכט באַקומען קיין אַרבעט. מיר האָבן געהאַט אַן אַרבעטס־פּלאַן, אָבער קיין פּלאַן אויף קריגן מיטלען האָבן מיר נישט געפונען. מיר האָבן מסכים געווען צו זשי־רירן הלואות פאַר פאַרשיידענע אויפבוי־פּראָיעקטן, כדי דורך דעם צו שאַפן אַרבעט. אָבער עס האָבן זיך נישט געפונען די געהעריקע געלט־מיטלען, און אַז

---

*) חנה מייזעל איז טעטיק ביים צוגרייטן יונגע מיידלעך פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט ווי, למשל, אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער שולע אין נהלל און אין אַנדערע אונ־טערנעמונגען.

זיי פלעגן זיך געפינען, איז מיט אַ דריי־חדשימדיקער פּאַרשפּעטיקונג. די מענטשן דאַרפן דאָך אָבער דערווייל האָבן צו לעבן — פאַרנעמען מיר זיך מיט אויסטיילן שטיצע.

ווו ליגט דער אומגליק פון די איצטיקע טעג? דער אומגליק איז אַ טאָפּלטער און ער ליגט אין הונגער און שטיצע. דער הונגער פּייניקט דעם מענטש און די שטיצע דערנידעריקט אים, זי ברעכט אין אים זיין שטאָלץ. די שטיצע איז אַ מלוכה־אַקציע און אין ערגעץ אין דער וועלט רירט זי נישט אָן דעם מענטשלעכן כבוד, חוץ ביי אונדז. אין דער וועלט האָבן מענטשן געאַרבעט מדורי־דורות — איז ווען עמיצער אַרבעט נישט אַ שטיקל צייט — באַקומט ער שטיצע. אונדזערער אַ מענטש אָבער קומט נישט אַהערצו בלויז צוליב זיין קיום. אונדזערע מענטשן זיינען געקומען און מיט־געבראַכט אין האַרצן דעם אידעאַל פון גאולה. זיי זיינען געקומען ווי חלוצים, ווי שעפעריש עלעמענטן, אויף וועלכע דאָס לאַנד האָט געוואַרט דורות־לאַנג. איז דען דאָ אין „דער נייער יידישער געשיכטע אַ טיטל מער געשעצט פון „חלוץ״? מער פון דעם הונגער באַזאָרגט מיך דער פאַקט וואָס די דאָזיקע חלוצים שאַפן גאָרנישט; עס גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אָן נייע דעראָ־בערונגען, אָן שאַפונגען. ווער ווייס, צי אויך דער קומענדיקער דור וועט אַרויסברענגען אַזעלכע חלוצים? דאָס איז דאָך אַ מוראדיקע פראַגע. אַכט טויזנט מאַן, דער ערן־לעגיאָן פון דער יידישער געשיכטע, פאַלן אַוועק נישט ביים דעראָבערן נייע שאַפונגס־פּאָזיציעס, נאָר צוליב ליידיק־גיין. און מיר, דערווייל, גיבן שטיצע: 25 פּיאַסטער אַ וואָך פאַר אַ פריי־ליידיקן. אויף צו שאַפן נייע אַרבעטן פאַר אַן אַרבעטסלאָזן, אויף אויפצושטעלן אַ וועלכן עס איז פּראָדוקטיוון ווערק — אויף דעם סטייען נישט דריי פּיאַסטער אַ טאָג. כאָר יעטוועדער אַרבעט פאָדערן זיך אויך מאַטעריאַלן. דערצו איז נויטיק אַ סומע פיר מאָל אַזוי די גרויס ווי דאָס וואָס מיר גיבן איצט אויס און דערביי וואָלט מען געאַרבעט נאָר צוויי־דריי טעג אַ וואָך.

מען דאַרף צוגעבן: ווען מיר האָבן מיט די שטיצע־געלטער געפּרוווט העלפן פּאַרווירקלעכן געוויסע פּראָיעקטן, נאַטירלעך, בלויז אַזעלכע וואָס זיי־נען אונדז אונטערגעקומען אונטער דער האַנט, האָט מען אונדז אויף געוויסע ערטער און אין געוויסע צייטונגען אָנגעגריפן דערפאַר וואָס מיר האָבן, צום ביישפּיל, מיטגעהאָלפן אויפצושטעלן דעם אַמפיטעאַטער פאַרן אַרבעטער־הויז אין חיפה. אדרבא, לאָמיר אייך געבן אַ קורצע אויפקלערונג: דער אַר־בעטס־אַמט פון חיפהער אַרבעטער־ראַט, — אַנשטאָט אַרויסצוצאָלן דעם אַר־בעטער 25 פּיאַסטער אַ וואָך אין דער פאָרם פון שטיצע, האָט אים געגעבן די זעלביקע סומע ווי לוין פאַר זיין אַרבעט ביים בויען די טעראַסן פון דעם אַמפיטעאַטער, פאַר וועלכן פאַרשיידענע פירמעס האָבן מנדב געווען בוי־מאַ־טעריאַלן. מיר האָבן געוואָלט מיט די שטיצע־געלטער בויען הייזער און פלאַס־טערן וועגן — איז עס אָבער נישט מעגלעך געווען. מיר האָבן געוואָלט העלפן

ענדיקן בויען די גרויסע שול אין תל־אביב, העלפן אויפשטעלן אַ בנין פאַר גנעסינס סטודיע*), געבן אַ הלואה דעם בית־עם...

אין איינעם אַ העלן טאָג האָט מען אין ירושלים אָנגעהויבן האַקן שטיי־נער און מאָלן זשוויר (חצץ) הגם עס זיינען קיין שום בוי־פּלענער נישט גע־ווען. דער ירושלימער אַרבעטער־ראַט האָט זיך אַרומגעזען, אַז אַ סך אַרבע־טער האָבן זיך סתם צוגעווינט צו נעמען שטיצע און אַז יעדער אַרבעטער וואָס גייט אַרום חדשים־לאַנג אָן אַרבעט באַקומט די שטיצע אויטאָמאַטיש, האָט זיך פאַרגנבעט אַ חשד, אַז געוויסע מענטשן פאַרשרייבן זיך ווי אַרבעטס־לאָזע, ווייל זיי זיינען זיכער, אַז מען וועט זיי סיי ווי נישט שיקן אַרבעטן. האָבן מיר געקלערט, אַז אויב מען וועט זיי פאַרלייגן אַרבעט וועלן זיי זיך אָפּזאָגן פון איר און אַזוי אַרום וועלן זיי מוזן רעזיגנירן פון באַקומען שטי־צע. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זיי גייען אַרבעטן. עס זיינען כמעט קיין דעזערטירן נישט געווען.

אָבער אויסער שטיינער צום אויסבויען אַ הויז פאַר דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע זיינען נויטיק אויך געלט־מיטלען. און ווען מיר זאָלן אפילו אקומולירן אַלע שטיצע־געלטער פאַרן דאָזיקן צוועק, וועט עס נישט סטייען. אויך אין תל־אביב האָבן מיר אָרגאַנזירט פאַרשיידענע אַרבעטן. מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז שטיצע־אַרבעטן וואָס מען איז מיט זיי נישט זיכער, אַז זיי וועלן לאַנג אָנהאַלטן האָבן אַ צווייפלהאַפטן ווערט. מען באַציט זיך צו צופעליקער אַרבעט ווי צו שטיצע און עס קען גאָר אַנדערש נישט זיין. אַזעל־כע אַרבעטן זיינען פאַרבונדן מיט פאַרלוסטן, ווייל זייער רעאַלער ווערט שטייגט נישט איבער 50־60 פּראָצענט.

די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האָט אויסגעגעבן געלטער נישט נאָר אויף שטיצע, וועלכע איז לגמרי נישט געווען קיין הויפּט־פאַקטאָר אין אונדזער קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט. אויסער דעם לויפנדיקן געוויינלעכן בודזשעט האָבן מיר אַסיגנירט און אויסגעגעבן 43000 פונט אויף פאַרשיידענע קאָנ־סטרוקטיווע אַרבעטן אין לאַנד. די אַרבעטן — אַ טייל פאַרענדיקטע און אַ טייל נאָך נישט פאַרענדיקטע — באַשטייען פון פלאַסטערן שאָסייען, בויען הייזער, טריקענען זומפּן, אויפשטעלן בנינים אין די לאַנדווירטשאַפטן אד״גל. אויף שטיצע האָבן מיר ביז היינט אויסגעגעבן 19000 פונט — 25 פיאַס־טער אַ וואָך פאַר אַ פריי־ליידיקן און 40־50 פיאַסטער פאַר אַ בעל־משפחה, צוזאַמען 5000 מענטשן. איצט פאַרנעמען מיר זיך — מיט דער הילף פון דער „הסתדרות" — מיט אַ געוויסן פּלאַן, וועלכן מיר האָפן צו פאַרווירקלעכן און דערביי אָפּשטעלן די שטיצע אין ירושלים, חיפה און עפולה, ווי אויך שטופנווייז צו פאַרשמעלערן זי אין תל־אביב. צוזאַמען מיט דער לייטונג פון

*) דאָס איז געווען דער „תיאטרון ארצישראלי", וואָס דער פאַרשטאָרבענער מנחם גנעסין איז געווען זיין דירעקטאָר און רעזשיסער.

קרן היסוד זוכן מיר געלט־קוואַלן און מיר מאַטערן זיך שטאַרק צו געפינען אַ לייזונג. עס האַנדלט זיך וועגן באַשעפטיקן די מענטשן אין קאָנסטרוקטיווע אַרבעטן פון אַ גרויסן פאַרנעם, ווי טריקענען די זומפּן אין דזשידראַ (אין דער געגנט פון עמק זבולון), באַוואַסערן די סביבה פון דעם טייך קישון, אויפ־שטעלן געביידעס אין אַ סך ווירטשאַפטן, פאַרענדיקן דעם קאָלאָניזאַציע־פּלאַן, אויספירן באַוואַסערונגס־אַרבעטן און וואַסער־לייטונג און אַנדערע אינערלעכע איינאָרדענונגען אין פאַרשיידענע ווירטשאַפטן אונדזערע. דערצו נאָך — רע־גירונגס־אַרבעטן, ווי אויך אַרבעטן פון תל־אביבער שטאָט־ראַט. דורך די דאָ־זיקע אַרבעטן האָפן מיר צו קענען אָפּשטעלן דאָס אויסצאָלן שטיצע אין די דערמאָנטע פונקטן. ס׳רוב אַרבעטן טראָגן אַ קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער, און צוליב זייער ספּעציפישן ווערט איז אונדזער נאַציאָנאַלע היים באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין זייער פאַרווירקלעכונג. וואָלטן נאָר אונדזערע אינסטי־טוציעס געהאַט די נויטיקע געלט־סכומים דערצו.

מיר האָבן אויך געמאַכט שריט צו פאַרענדיקן די וויכטיקע התחלה פון פאַר דריי יאָרן: דאָס פלאַסטערן דעם גרויסן שאָסיי אין אונטערשטן גליל. איך וויל נאָר דאָס זאָגן: לא לנו המנוחה ולא לנו המרגוע... וואָס, וואָס, נאָר פון קיין רו ווייסן מיר נישט.

איך רעזומיר מיטן גלויבן, אַז מיר וועלן דאָך געפינען אַן אויסוועג. מיר האָבן גוטע עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון אין אונדזער לאַנד און מיר זיינען נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי האָפענונגספול. פאַראַן אַרבעט ביי פּלאַנ־טאַציעס, פאַראַן אין דעם רוטענבערג־ווערק און אַנדערע. די הויפּט־פראַגע איז: ווי מאַכט מען דורך אויף אַ פּראָדוקטיוון אופן דעם איבערגאַנגס־פּע־ריאָד? ווי נוצט מען אויס די קריזיס־צייט פאַר שעפערישע צוועקן? אַן אַר־בעטס־פּלאַן האָבן מיר, מער נישט עס פעלן אונדז דערצו 100.000 פונט. און נישט נאָר דער אָפיציעלער ציוניזם, נאָר אויך די יידישע מאַסן אין די גלות־לענדער דאַרפן דערפילן ווי ווייט וויכטיק עס איז פאַר אונדז אָפּצוהיטן דעם מענטשן, וועלכער שטעלט מיט זיך פאַר די באַדייטנדיקסטע גאַראַנטיע פאַר אונדזער ווערק. מיט די געלט־מיטלען וואָס וועלן אונדז געגעבן ווערן וועלן מיר אָפּהיטן דעם כבוד פון דעם חלוץ און מיר וועלן אויך פאַרווירקלעכן קאָנ־סטרוקטיווע ווערק פון וועמענס פרוכט מיר וועלן נאָך געניסן אין די צו־קונפטיקע יאָרן.

---

יוסף שפּרינצאַק

# מיט אונדזערע אייגענע כוחות

(אַז ענטפער אין אַ דעבאַטע אויף אַ סעסיע
פונעם הסתדרות־ראַט, דעם 8טן פעברואַר 1927).

אין דער דעבאַטע האָט מען אָפּטמאָל דערמאָנט די רעגירונגס־אַרבעטן. איך בין צופרידן וואָס מען אנערקענט די וויכטיקייט פון די דאָזיקע אַרבעטן פאַר אונדז, ווי אויך די נויטיקייט אַריינצודרינגען אין זיי. אָן דעם באַוווסטזיין, אַז דאָס זיינען דעראָבערונגס־אַרבעטן און אַז מען דאַרף דאָ שלום מאַכן מיט די פּרייזן און באַדינגונגען פון כיבוש־אַרבעטן, וואָלט מען וועגן זיי נישט געקענט ערנסט טראַכטן. איצט האָט זיך די לאַגע געענדערט. זעט אויס, אַז אויך די רעגירונג וויל אונדז העלפן אין אונדזערע באַמיאונגען אויפן דאָזיקן געביט. צוזאַמען מיט פאַרשטייער פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ביי דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע דאַרף אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דער הסתדרות באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגע און געפינען וועגן, ווי אַזוי אַריינצודרינגען אין די שוין־פאַראַנענע אַרבעטן און צוגרייטן דעם באָדן פאַרן אַריינדרינגען אין די גרויסע אַרבעטן, וועלכע וועלן געמאַכט ווערן מיט די מיטלען פון דער הלוואה, בעיקר — די פּאָרט־אַרבעטן.

ס'איז נישט אמת, אַז ביז איצט האָט די ציוניסטישע עקזעקוטיווע גאָרנישט געטאָן. אויב עס זיינען איצט דאָ אויסזיכטן פאַר אונטערנעמונגען, וועלכע מען קען אפילו באַטראַכטן ווי רעאַלע, איז דאָס צו פאַרדאַנקען די פריער־געמאַכטע פּלענער. אמת, דערווייל גיט מען טאַקע אויס די שטיצגעלטער לבטלה, אָבער די ציוניסטישע טעטיקייט קאָסט אונדז בכלל טייערע צינזן. דאָס איז דערפאַר וואָס נישט אַלע נויטיקע פאַקטאָרן שטייען צו אונדזער דיספּאָזיציע און די שטיצע איז דער צינז וואָס מיר צאָלן פאַר נישט האָבן קיין מזומן־געלט.

מען דאַרף באַטראַכטן די שטיצע ווי אַן אַוואַנס, וועלכן מיר צאָלן אויס דער חלוצישער אַרמיי פאַר אַרבעט וואָס זי וועט טאָן ווען דער טאָג וועט קימען. דערפאַר בין איך קעגן דעם, אַז מען זאָל די שטיצע־קאַסע איבערגעבן אין פרעמדע הענט, וועלכע וועלן די זאַך פאַרוואַנדלען אין פילאַנטראָפּיע. אונדזערע חברים אין חיפה האָבן — אין שייכות מיטן בויען די פאָלקס־שול — געטענהט: ווער עס וועט נישט פאַרטיילן די אַרבעט וועט אויך נישט קענען פאַרטיילן די שטיצע. מען קען אָבער זאָגן אויך פאַרקערט: ווער עס וועט נישט אויסצאָלן די אַוואַנסן — וועט אויך נישט פאַרטיילן די אַרבעט.

מיר פאַרנעמען זיך דאָך נישט מיט פילאַנטראָפּיע. איך האָב שוין אַמאָל געזאָגט, אַז נישט דער הונגער איז שרעקלעך — שרעקלעך איז דאָס גאָרנישט שאַפן. אויף אַ זיצונג מיט דער באַטייליקונג פון וואַרבורגן האָב איך זיך אויסגעדריקט, אַז מער פון אַלץ פאַרדריסט אונדז וואָס עס גייט לאיבוד יוגנטלעכע ענערגיע. מיר פאָדערן נישט קיין שטיצע קעגן הונגער, נאָר אונטערשטי־

צונג פאַר אונדזער שאַפונג. אויך איך, ווי בן־גוריון, פאַרלאָז זיך אויפן כלל ישראל, אָבער מיר ווייסן דאָך אַלע, אַז דער קאַנאַל וואָס פירט צום פאָלק איז נאָך פאַרשטאָפּט און אַז טראָץ אונדזער וווקס האָבן מיר נאָך נישט באַוויזן אַרויסצורופן אין די גלות־לענדער די געהעריקע פאַרשטענדעניש פאַר אונ־דזער זאַך. ווער קען וויסן, ווי לאַנג די דאָזיקע לאַגע וועט נאָך אָנהאַלטן. דער אַנאָנימער פאָלקס־אַדרעס פאַרזיכערט אונדז אפילו נישט דעם סכום וואָס עס וועט קאָסטן אַרויסצושיקן צום פאָלק אַ דעלעגאַציע פון 500 מענטשן, לויט ווי שוויגער שלאָגט פאָר.

וועגן דעם אולטימאַטום צו דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע: עס קען זיין אַן אולטימאַטום פון אַ שונא וואָס זוכט צעשטערונג און, דאַקעגן, פון אַ פריינט וואָס וויל ראַטעווען. אַזאַ פריינט דאַרף גרייט זיין נעמען אויף זיך די אַרבעט אויב דער אולטימאַטום־אַדרעסאַט וועט זי נישט אָננעמען. זיינען מיר גרייט דערצו? זיינען מיר זיכער, אַז אין מאָביליזירן מיטלען וועט אונדז געלינגען מער ווי עס געלינגט די וואָס פירן אָן מיט דער ציוניסטישער באַ־וועגונג? — אַן אולטימאַטום איז דאָס לעצטע געווער. איז עס אונדז אַזוי לייכט צו כאַפּן זיך פאַרן לעצטן געווער? — עס זיינען ביי אונדז פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען אַלט געוואָרן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און צווישן זיי קורסירן כלערליי מיינונגען וועגן די מעגלעכקייטן צו מאָביליזירן געלט־מיטלען. אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר ריכטיק די מיינונג פון די פּעסימיסטן און מיר וועלן טאַקע נישט מצליח זיין, לאָמיר אָננעמען, אַז נישט צוליב מאַנגל אין גוטן ווילן, נאָר צוליב אומפּעאיקייט, — דאַן וועט מען דאַרפן זיין קאָנסעקווענט און איבערנעמען די אחריות און די לייטונג.

יבנאלי האָט גערעדט וועגן אַן אָרגאַניזירטער דעמאָנסטראַציע. דאָס וועט אָבער נאָר באַווייזן אונדזער דלות און מאַכטלאָזיקייט. דאָס וועט נישט ווירקן אויף די יידן אין פּוילן ווייל אויך דאָרטן מאַכן די רואינירטע יידן דע־מאָנסטראַציעס. דאָס וועט נאָר שאַרפער מאַכן דעם גיפט פון פאַרביטערונג אויף דער יידישער גאַס. אויך די רעגירונג וועט פון קיין דעמאָנסטראַציע נישט נתפּעל ווערן. זי קען די סיטואַציע. זי וועט אפשר מסכים זיין נענטער צו פאַראינטערעסירן זיך מיט אונדזערע ענינים, אָבער איך פּערזענלעך בין אַלעמאָל קעגן דער באַטייליקונג פון דער רעגירונג אין אונדזער היסטאָריש ווערק. איך בין אפילו געווען קעגן איר באַטייליקן זיך אין אונדזער דערצי־אונגס־בודזשעט און קעגן אונדזער נעמען אומזיסטע ערד פון אירע הענט. אויב עס איז נויטיק אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער ציוניסטישער לייטונג דאַרף מען, קודם כל, אויסשליסן פון איר יענע מענטשן וואָס אַנטקעגן זיי איז זי נויטיק. קעגן די יחידים וואָס זיי קען די דעמאָנסטראַציע דערשיטערן איז זי דאָך נישט נויטיק. קיציס האָט דאָ דערציילט וועגן יענעם ייד אין צאַריש־ן רוסלאַנד, וואָס בעת אַן אָבלאַווע האָבן זיך ביי אים פּלוצים געפונען די דריי רובל — „לא יחרץ״־געלט פאַרן „נאַדזיראַטעל״, הגם אַ גאַנצן טאָג האָט ער

נישט געהאַט קיין פּרוטה אויף עסן... ס׳איז אַ גוטער משל לגבי קליינע צרות און קליינע געלטער, ס׳איז אָבער נישט קיין נמשל לגבי אונדזער לאַגע און נויט.

מיר קומען זיך דאָ צונויף אין אַ שווערן מאָמענט, אַ גורלדיקן, און איך בין זייער נישט רואיק לגבי די איבערגאַנגס־טעג. די פּערטע עליה האָט אפילו אָן אַרבעטסלאָזיקייט אַנגעמאַכט אַ חורבן אין אונדזער באַוועגונג. און אויב מיר וועלן נישט וויסן ווי אַזוי צו ד ע ר צ י ע ן דעם בעל־הבתישן ייד, אַנשטאָט אים מבטל צו זיין, וועט אונדזער גאַנצע ווירטשאַפטלעכע טעטי־קייט באַדראָט ווערן. מען דאַרף געדענקען, אַז אויפצווינגען דעם פאָלק אונ־דזער ווילן קענען מיר נישט. מיר האָבן דערצו קיין כוח נישט אפילו אין תל־אביבער שטאָט־ראָט. מיר דאַרפן נאָך פירן אַ קאַמף קעגן דיווילדע ריידע־רייען וועגן די צעשטערונגס־כוונות פון דעם יידישן אַרבעטער.

און דאָך, הגם אונדזער לאַגע איז אַ שווערע, איז לאָ כלו כל הקיצין און דער הימל אויף דער ערד איז נאָך נישט אַראָפּגעפאַלן. טאָ לאָמיר זיך נישט אַזוי איילן צו דערקלערן, אַז מיר נעמען אַראָפּ פון זיך די אחריות. אַזאַ מין דערקלערונג וועט בלויז דינען ווי אַ געווער אין די הענט פון די וואָס רייסן זיך אָנצוגרייפן אונדז. די גאַנצע פּאָזיטיווע טעטיקייט און די אַלע ממשותדיקע אויסזיכטן, וועלכע זיינען דאָ דערמאָנט געוואָרן, געפינען זיך אי־נערהאַלב דער ציוניסטישער אַקטיוויטעט וואָס פון איר שטאַמט אונדזער באַ־וועגונג, דאַקעגן די סיסטעם פון שיקן אולטימאַטומס ליגט נישט אין אונדזער נאַטור.

---

# צו דער באַפעסטיקונג פון דער קאָלאָניזאַציע

(אויף אַ סעסיע פון הסתדרות־ראַט, דעם 26סטן
מערץ 1928).

פאַר די אויגן פון דער ראַט־סעסיע דאַרפן, לויט מיין מיינונג, שטיין די נויטווענדיקייט און דער אימפּעראַטיוו צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן וועגן אַרי־בערפירן טויזנטער אַרבעטער־משפחות צו לאַנדווירטשאַפט. דער דאָזיקער פּלאַן אַנטהאַלט:

א) נייע ישובים פון הונדערטער משפחות אין דעם פּלאַנטאַציע־ראַיאָן.

ב) די פאַרזעצונג פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער עקספּאַנסיע אין גליל און עמק און די פאַרגרעסערונג פון די געמישטע ווירטשאַפט־ישובים מיט 500 נייע מתישבים.

ג) די באַפעסטיקונג און קאָנסאָלידירונג פון דער ביז־איצטיקער קאָלאָ־ניזאַציע. עס שיקט זיך נישט, אַז מיר זאָלן אָנהויבן גרינדן נייע ישובים,

נישט פאַרזיכערנדיק פריער די פאַרפעסטיקונג און דערגאַנצונג פון די שוין עקזיסטירנדיקע פונקטן.

ד) די אויסלייזונג פון נייע ערד־שטחים. מען קען נישט ריידן איצט וועגן אַ פּלאַן פון נייער קאָלאָניזאַציע, וועגן ברעכן דעם קריזיס דורך אַ ברייטער קאָלאָניזירונגס־אַקציע, און נישט האָבן פאַר די אויגן די באָדן־פּראַגע. אויב דער קרן קימת וועט נישט באַקומען גענוג געלט־מיטלען קען באַדראָט ווען דער סאַמע אַנהויב פון דער פאַרשטייענדיקער קאָלאָניזאַציע.

אָט דאָס זיינען, לויט מיין מיינונג, די הויפּט־פּונקטן פון אונדזער קאָלאָניזירונגס־פּלאַן.

די ראַט־סעסיע וועט דאַרפן רעזומירן און צונויפנעמען אַלע געדאַנקען און פּראָיעקטן וואָס זיינען לעצטנס געבראַכט געוואָרן דורך יחידים און גרופּן אויפן וועג צו דער פאַרויסגעזעענער נייער קאָלאָניזאַציע. אַזוי אַרום וועט די הסתדרות נעמען אָרגאַניזירן אַרבעטער־קאָלעקטיוון פאַר צוקונפטיקער קאָלאָניזאַציע.

אין די טעג פון קריזיס און הונגער, אין די טעג פון קאַמף פאַר איבער־גיין פון שטיצע צו אַרבעט, האָבן אין די קאָלאָניעס נישט אויפגעהערט די ענערגישע באַמיאונגען פון יחידים, קיבוצים און כלערליי גרופּן צו אָרגאַניזירן זיך און אינטענסיוו קוואַליפיצירן זיך אין לאַנדווירטשאַפט. איז איצט געקומען די צייט גרינטלעך צו קאָנטראָלירן די דאָזיקע טעטיקייט אויך בעיקר — צו פאַרייניקן און צעמענטירן זי.

די לאַנדווירטשאַפטלעכע צענטראַלע*) איז פאַרנומען, אויף פאַרשיידענע אופנים, מיט פאַרבעסערן און שיצן די פאַראַנענע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים. עס דאַרף אָבער זיין קלאָר, אַז איצט מוז אין צענטער פון איר טעטיקייט שטיין דאָס אָרגאַניזירן און צוגרייטן טויזנטער נייע מתישבים. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט איז נויטיק, ווען אפילו ס׳איז נישט זיכער, אַז ס׳וועט אין קורצן מעגלעך זיין צו באַזעצן די מענטשן אויף דער ערד. די הסתדרות דאַרף זיך פאַרנעמען מיט שטודירן די פּלענער, אונטערזוכן די יסודות און צוגרייטן קאַנדידאַטן פאַר קאָלאָניזאַציע. וועט דאָס געטאָן ווערן וועט דאָס קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעם במילא ווערן אַקטועל און רעאַל.

עס איז נאָך אונדז נישט קלאָר, וועלכע פאַקטאָרן וועלן דעצידירן לגבי דעם אויסגעפינען נויטיקע געלט־קוואַלן. מיר ווייסן נישט, צי וועלן דאָס זיין ציוניסטישע פאַקטאָרן אָדער לפּחות דורכגעדרונגענע מיט ריכטיקער ציוניסטישער עמפּפינדונג. דאַקעגן ווייסן מיר פון איינעם אַ פאַקטאָר וואָס אָן אים קען נישט געמאָלט זיין די פאַרווירקלעכונג פון די קאָלאָניזאַציע־פּלענער און

---

*) מרכז חקלאי — אַ צענטראַלע אינסטיטוציע אין דער הסתדרות. דער מרכז חקלאי האָט עקזיסטירט נאָך איידער די אַלגעמיינע הסתדרות איז אויפגעשטעלט געוואָרן. (באַם. פון איבערזעצער).

בכלל קיין שום שפעריישע אַרבעט: דער יידישער אַרבעטער — דער טרעגער פון דער קאָלאָניזאַציע.

אין דער דערוואַרטונג פון נייע מעגלעכקייטן דאַרפן מיר צוגרייטן דעם דאָזיקן פאַקטאָר — דעם אמתדיקן רעפּרעזענטאַנט פון אונדזער קאָלאָניזאַציע־ווערק.

---

## פון גדרה ביז צום עמק־חפר

א רעדע אויף דער פייערונג פון כפר־ויתקין, פינף יאָר נאָכן באַזעצן זיך אויף דער ערד — פון עמק־חפר (געדרוקט אין „הפועל הצעיר" פון 21סטן דעצעמבער, 1934).

מיר זיינען געווען אין גדרה. מיט אַ געפיל פון ליבשאַפט און טיפער אָנערקענונג זיינען מיר געגאַנגען צו דער יובילעי־פייערונג אין דער קאָלאָניע וואָס איז פאַר אונדז געוואָרן אַ מין נייער כפר־מודיעין. אין כפר־מודיעין, אין די טעג פון די חשמונאים, איז אויפגעשטאַנען אַ קליינע גרופּע און פּראָקלאַמירט דעם אויפשטאַנד קעגן דער רשעותדיקער מלכות; און אין גדרה, מיט 50 יאָר צוריק, האָט זיך צונויפגענומען אַ קליינע גרופּע וואָס — נאָך דורות פון פאַרשקלאַפונג און פאַרניכטונג — האָט זי געלייגט דעם יסוד פאַר רעוואָלט און רעטונג פון דעם רשעותדיקן יאָך פון קעניגרייכן פון גלותן.

מיר זיינען געגאַנגען קיין גדרה, כדי צו ערן דעם אָנדענק פון די וואָס זיינען מער נישטאָ און צו דריקן די האַנט פון די לעצטע צווישן די ערשטע וואָס לעבן נאָך מיט אונדז, די לעצטע פון די, וואָס האָבן אַרויסגערופן די ביל"ו־באַוועגונג. מיר זיינען געקומען צו דער דאָזיקער וויכטיקער יובילעי־פייערונג, נישט בלויז מיט געפילן פון פיעטעט פאַרן עבר. דער עיקר־ציל פון די ביל"ו־לייט איז געווען — ראַטעווען דאָס פאָלק און איינפירן אַ נייעם נאַציאָנאַלן לעבנס־שטייגער. זיי האָבן געשטרעבט „צו שאַפן אַ קאָלאָניע וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַרן פאָלק ישראל". ווען מיר זיינען געווען אין גדרה האָבן מיר זיך געפילט אויף דער פייערונג גאָר היימיש, גאָר נאָענט צום אידעאַל פון די בילו"יים. מיר האָבן זיך באַטראַכט, ווי שליחים פון די וואָס זעצן פאָר דעם ביל"ו־טאַט, מיר האָבן זיך געזען, ווי אַ רינג אין דער קייט וואָס איז נישט איבערגעריסן געוואָרן, וואָס ציט זיך זינט די טעג פון גדרה ביז צום היינטיקן טאָג.

אויף דער פייערונג אין גדרה איז געווען איינער אַ קעגנער אונדזערער און ער האָט געהאַלטן אַ רעדע און געלויבט דעם זאַמל־פּונקט פון די

בילו״יים. און גלייך אַזוי ווי ס׳איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס דאַרף עס דער דאָזיקער מענטש פלוצים ווערן אַ קעגנער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פונקט אַזוי איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס און צוליב וואָס האָט ער אויף דער פייערונג אין גדרה געפונען פאַר נויטיק צו זאָגן זאַכן וואָס זיינען אין פולער סתירה צום אמת און צו דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט.

דער מאַן האָט געזאָגט: „פאַרוואָס זאָלן מיר נישט מודה זיין, אַז דאָס וואָס מיר האָבן געהאַט אַמאָל, איידער מיר זיינען געווען ציוניסטן און איידער מיר האָבן געהאַט פופציק יאָר פון נאַציאָנאַלער דערציאונג, האָבן מיר נישט מער. מ י ר ז י י נ ע ן מ ע ר נ י ש ט פ ע א י ק , מ ע ר נ י ש ט א י מ ש ט א נ ד א ו י ס צ ו ט ר א ג ן ב י ל ו ״ י י ש ע ג ב ו ר ה א ו ן א ז א ג ד ר ה ־ ו ו ע ר ק . הגם די אויסערלעכע באַדינגונגען — די הויפּט־פאַקטאָרן פון העפּלה *) — זיינען איצט אַ סך בעסערע ווי זיי זיינען דאַן געווען״.

אַזוי האָט ער געזאָגט. און ווען ער, מ ש ה ס מ י ל א נ ס ק י , האָט דאָס געזאָגט, זיינען פאַר מיינע אויגן פאַרבייגעגאַנגען ערטער און מענטשן: מענטשן וואָס זיינען שוין אַוועק אין דער אייביקער רו און אַזעלכע וואָס לעבן נאָך מיט אונדז, זיי צו לאַנגע יאָר; סעדזשעראַ און די שומרים אירע, אום־דזשוני — דגניה, כנרת, דער עמק און זיינע דעראָבערער, מרחביה, ווי זי איז געווען באַלאַגערט אין די טעג פון די טערקן, תל יוסף און נהלל, תל־חי און כפר־גלעדי... מענטשן און ערטער, ערטער און מענטשן — ביז צו יענער גרופּע פון דרייסטע וואָס האָבן זיך באַזעצט אויף דעם דרום־זייט פון ים המלח נעבן דעם לעגענדאַרן הר־סדום...

— „צו אַזאַ גדרה־ווערק זיינען מיר מער נישט פעאיק״!

אין גדרה איז געווען אַ יום־טוב — האָט די פייערלעכקייט אָפּגעהאַלטן פון צו געבן דעם אמתן ענטפער אויף די ווערטער פון פאַרלוימדונג און פאַרשווייגונג.

און אָט זיינען מיר דאָ: פון גדרה זיינען מיר געקומען אַהערצו — קיין כפר־ויתקין. און די דאָזיקע פייערונג לכבוד פינף יאָר זינט דעם אָנהויב פונעם באַזעצן זיך אין עמק־חפר — איז דער בעסטער ענטפער אויף די רייד פון אונדזער קעגנער דאָרטן — אויף דעם פופציק־יאָריקן יובילייִ פון די בילו״יים.

אייער דאָרף טראָגט דעם נאָמען פון י ו ס ף ו י ט ק י ן . מיט דרייסיק יאָר צוריק, אין תרס״ד, האָט וויטקין פאַרעפנטלעכט זיין אויפרוף

---

*) מיט טערמין ה ע פּ ל ה רופט מען אין ישראל אומלעגאַלע עליה (ס׳האָט אויך געהייסן „עליה ב׳״, „בריחה״ און פשוט — עליה בלתי ליגלית). דער באַגריף העפּלה נעמט זיך פון „ויעפּילו לעלות אל ראש ההר״ (במדבר — י״ד, מ״ד).

באַמ. פון איבערז.

צו דער יידישער יוגנט. דער לאָזונג פון זיין רוף איז געווען „פאַר אונדזער פאָלק און פאַר אונדזער לאַנד״ און געענדיקט האָט ער זיך מיטן רוף: „איילט זיך און קומט, יידישע גיבורים! באַנייט די בילו״יים־טעג מיט מער קראַפט און מוט, ווייל נאָך אַביסל — און מיר גייען פאַרלאָרן...״

יוסף וויטקין איז געווען דער פאָטער פון דעם באַנייטן ביל״ויים־ווילן. זיין אויפרוף האָט פאַרשנעלערט די צווייטע עליה און פון דאַן אָן האָבן זיך הונדערטער און טויזנטער געגרייט און עולה געווען און אַריינגעלייגט זייערע בעסטע כוחות און זייער גאַנצן מענטשלעכן וועזן אין דעם קיום און אין דעם המשך פון דעם וועג פון די וואָס האָבן געשאַפן גדרה. ווען נישט די דאָזיקע באַנייאונג פון דעם ביל״ויים־ווילן, וואָלטן מיר בכלל נישט צוגעקומען צו דער פייערונג פון גדרהס יובל.

כפר־ויתקין שטרענגט אָן די כוחות צו פאַרווירקלעכן די באַנייאונג לויט ווי דער וועקער האָט גערופן צו טאָן. די היינטיקע באַדינגונגען זיינען טאָקע אַנדערע ווי מיט פופציק יאָר צוריק, ווען מען האָט געמאַכט די געוואַגטע התחלה אין גדרה. נאָר אַז איך האָב באַזוכט כפר־ויתקין ביי זיינע ערשטע שריט, ווען גדרה איז אַלט געוואָרן 45 יאָר, האָב איך דאָרט געפונען פונקט אַזעלכע באַראַקן ווי דער היסטאָרישער באַראַק אין לייבאָוויצס הויף אין גדרה, און די זעלבע דחקות און פּראַצע, די זעלבע ליידן פון יונגע חלוצישע מאַמעס.

איך בין דאָ געווען פאַר צוויי יאָרן, אויפן צוזאַמענקום פון די ארגונים און מושבים. *) זיינען געזעסן די מענטשן אין כפר־ויתקין און האָבן זיך געמאַטערט מיט פּראָבלעמען, ווי אַזוי צו בויען די ווירטשאַפט און ווי אַזוי — אין דאָרף — דורכצוקומען „בין אדם לחברו״, פונקט אַזוי ווי דאָס פאַרפופציק־יאָריקע מאַטערן זיך מיטן פּראָבלעם, ווי אַזוי „צו שאַפן אַ קאָלאָניע, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַרן פאָלק ישראל״.

מיר זיינען אין וואַדי־כאַוואַריט — עמק חפר. דאָס אויסלייזן דעם עמק חפר איז דאָס איינציקע נאַציאָנאַלע ווערק צווישן דער אויסלייזונג פון עמק־יזרעאל און דער אויסלייזונג פון עמק־החולה. עמק־חפר איז שוין באַדעקט מיט זידלונגס־פונקט און התחלות פון נייע פונקטן, און די היגע יונגע כוחות מאַכן אָנשטרענגונגען צו דינען, ווי פאַרן עמק־חפר, אַזוי פאַר אַנדערע געגנטן אין לאַנד, ווי אַ מאָראַלישע פעסטונג פון זייער נאַציאָנאַל־קאָלאָניזאַטאָרישן וועג.

איך האָב דערמאָנט די חולה. די וויכטיקע געשעעניש פון דערווערבן דעם דאָזיקן באָדן פילט אָן אונדזער האַרץ מיט גליק. זאָל אָבער ביי דער

*) „ארגון״ — אַ קאָלעקטיוו, וואָס גרייט זיך צום באַזעצן אויף דער ערד; „מושב״ — אַ קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־זידלונג וואָס עקזיסטירט אויפן יסוד פון אינדיווידועלע ווירטשאַפטן אין אַלגעמיינע דינסטן. באַמ. פון איבערז.

געלעגנהייט געזאָגט ווערן, אַז מיר קענען זיך נישט באַפרידיקן מיט אַ בלויזער „קאָנצעסיע״. מיר דאַרפן אויסלייזן די חולה. און אויסגעלייזט וועט זי ווערן, ווען זי וועט זיין פאָלקס־אייגנטום — זי וועט געהערן צום קרן קימת לישראל, זיין באַזעצט דורך אַרבעטער־זידלונגען און באַאַרבעט מיט יידישער אַליין־אַרבעט. די חולה וועט אַזוי אַרום ווערן די מאָראַלישע פעסטונג פון אויבערשטן גליל. אַ נאַציאָנאַלע אַרבעטנדיקע חולה וועט אונדז דינען אַלס קאָמפּענסאַציע פאַר די געפאַלענע אויפן מזבח פון חלוציזם אין יסוד־המעלה, משמר־הירדן און תל־חי... און אין איר וועלן אַ תיקון געפינען די גאולה־בענקשאַפטן פון די אַמאָליקע מיסטיקער און קץ־זוכער פון צפת.

ס׳איז ביי אונדז היינט אַ יום־טוב — פינף יאָר זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נייע לעבן אין עמק־חפר. דער דאָזיקער יום־טוב איז אויסגעפאַלן אין אַ צייט פון אַ סך פייערונגען און אין טעג פון פּראָספּעריטי, בעת עס גייט אָן אַ מאַסן־עליה, ווען דאָס לאַנד איז פול מיט באַוועגונג און האַלט אין איין פּראָגרעסירן. מיר זיינען זיך אָבער נוהג אָוועקצושטעלן אין שפּיץ פון אונדזערע שמחות אויך אונדזערע שווערע דאגות. מיר טאָרן נישט אַפילו אין אַ יום־טוב שיכור ווערן פון דער הצלחה און פאַרמאַכן די אויגן אויף דער סכנה וואָס לויערט אויף אונדז. קודם־כל פון אינעווייניק. פון אַלע אינערלעכע געפאַרן און פּלאָגן דראָען אונדז אַממערסטן די שפּעקולאַציע, אונדזערע דורכפאַלן אויפן געביט פון כיבוש העבודה און די סטאַגנאַציע אין דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע.

די שפּעקולאַנטן, באָדן־הענדלער און פּרייז־שרויפער מאַכן אַזוי טייער די ערד, אַז אָט וועט שוין באַלד אַ זעמדעלע, אָדער אַ ברעקעלע ערד קאָסטן אַזויפיל ווי אַ דונאַם. די שפּעקולאַציע ברענגט אָן עקאָנאָמישן אומגליק אויפן פאָלק. זי רואינירט די נאָרמאַלע מעגלעכקייטן פון באָדן־קויף, זי שווינדלט, פאַרשפּרייט אומאויפהערלעכע פּאַניק און פירט צו אַ בראָך פאַרן יחיד און קריזיס פאַרן כלל. נישט נאָר דאָס — די באָדן־שפּעקולאַציע גרייפט אָן און טרעפט אין סאַמע האַרץ פון אונדזערע שטרעבונגען און האָפענונגען. מיר ווילן מאַכן אַ סוף צום הו־הא און צו דער מאָראַלישער וואַקלדיקייט פון דעם אייביקן וואַנדערער, אויסלייזן אים פון זיין אומגעלומפּערט לעבן און באַפרייען אים פון מעקלעריי און פאַראַזיטיזם. מיר גלויבן, אַז מיטן אומקערן זיך צו אונדזער ערד וועט אָפּגעווישט ווערן אונדזער חטא פון לופט־לעבן — אַ לעבן אָן וואָרצלען. די ערד אַליין — דורך דער באַרירונג מיט איר, דורך דעם כסדרדיקן באַשעפטיקן זיך מיט איר — וועט געבן דעם פאָלק שטאַנדהאַפטיקייט, פעסטקייט, אינערלעכע רו און זי וועט באַהויכן מיט יושר אונדזער גאַנצע באַנעמונג. איז אָבער דער עיקר פון אונדזער האָפענונג — די ערד — אין די טמא׳דיקע הענט פון געווינסלאָזע ברואים אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַקטאָר פון מאָראַלישן חורבן. אין אַן אָביעקט פון ווילדער שפּעקולאַציע; די קראָען פון דער שוואַרצער

בערזע האַנדלען מיט אונדזער לעצטער האָפענונג, מיט דער באַזע פון נאַציאָ־נאַלן רענעסאַנס. איז עס שוין די העכסטע שעה, אַ תל צו מאַכן פון דער שוואַרצער בערזע און צו פאַריאָגן די קראָען — די ערד־הענדלער — פון אונדזער מיט.

מיר זעען, ווי אַזוי עס פאַלט דורך אונדזער קאַמף פאַר כיבוש־העבודה, אַ דאַנק וועלכער עס איז אויפגעקומען די אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־יש־ראל. כיבוש העבודה טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין וועמענס שויס מען איז צוגעגרייט געוואָרן צו אַליין־אַרבעט, ווו ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן אָנשטרענגונגען איינצופירן אַ פשטותדיק לעבן אין לאַנד און ווו ס׳איז אויסגעטראָגן געוואָרן די מיסיע פון זאָרג פאַר די נאַציאָנאַלע אינטע־רעסן אין דער קאָלאָניע און אין דער גאַנצער פּריוואַטערווירטשאַפט. כיבוש־העבודה איז דער וועג פון יונגע עולים, דער יוגנטלעכער וועג פון אונדזער באַוועגונג. כיבוש־העבודה איז נישט געקומען צוליבן מקנא זיין די אַרבעט פון אַנדערע, נאָר צוליב זיין קנאותדיק פאַרן געדאַנק, אַז יעדער טאָט, בנין, פלאַנצונג, שאַפונג, יעדער שריט אין אויפשטעלן אַ ניי לעבן אין לאַנד — אין דאָרף און אין שטאָט — אַז דאָס אַלץ זאָל געמאַכט ווערן מיט די הענט פון די פאָלקס־מאַסן וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם דאָזיקן נייעם לעבן. אויפן וועג צווישן יפו און ירושלים ליגן רערן, דורך וועלכע עס וועט שטראָמען וואַסער קיין ירושלים. הונדערטער הענט זיינען באַשעפטיקט ביי דער דאָזיקער אַרבעט. געשטאַרקט זאָלן זיי זיין. דאָס האַרץ טוט אָבער וויי וואָס עס פעלן יידישע אַרבעטס־דעראָבערער ביי דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס עס פעלט אונדזער טייל אין אַן אַרבעט, וועלכע איז טאַקע שווער און בי־ליק, אָבער וואָס אַ דאַנק איר ווערט געשאַפן אַ היסטאָריש ווערק צו לאָזן שטראָמען פריש וואַסער קיין ירושלים — דער אייביקער שטאָט — אַריין.

כיבוש־העבודה איז נישט בלויז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט כדי מיר זאָלן זיין בכוח צו אַבסאָרבירן אַ מאַסן־עליה, עס איז אויך אַן אָרגאַנישער טייל פונעם באַשאַפן אַ זעלבסטשטענדיק יידיש לעבן אין די ראַמען פון דער יידי־שער ווירטשאַפט!

די קאָניוקטור — די עקאָנאָמישע האַסע אין די שטעט און אין די ניט־לאַנד־ווירטשאַפטלעכע צווייגן — האָט דערגאַנצט די באַמיאונגען פון די קאָלאָניסטן, פּטור צו ווערן פון דעם יידישן אַרבעטער, וואָס פאָדערט מענטש־לעכע באַדינגונגען פאַר זיין עקזיסטענץ און זאָגט טאַקע אַרויס אַ דעה אין דער קאָלאָניע, דעם אַרבעטער וואָס דערשיינט ווי אַ שליח פון דער געזעל־שאַפטלעכער קאָנטראָל און ווי אַ בעל־יכולת אין געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזי־רונג. די קאָניוקטור האָט פאַרכאַפּט אויך די אַרבעטס־דעראָבערער וואָס זיי־נען מיד געוואָרן פאַרצוזעצן דעם קאַמף פון אַ דור אַ גאַנצן. אַ סך פון זיי האָבן פאַרלאָזט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט אין דער קאָלאָניע און זיי־

נען אַריבער צו אַרבעטס־צווייגן, וועלכע זיינען נישט פאַרבונדן מיט „שנאַ־דריי" אָדער מיט אַ ביטערן קאַמף.

מיטן צוזאַמענברוך פון כיבוש־העבודה איז געקומען דער נצחון פון די קעגנער פונעם יידישן אַרבעטער, פון די וואָס זיינען מכשיל דעם פאָלק; מיטן אונטערגאַנג פון כיבוש־העבודה איז געזונקען דער פערמענטירנדיקער עלע־מענט אין אונדזער באַוועגונג און מיר מוזן אַלץ טאָן, כדי צוריקצוגעווינען אונדזערע פאַזיציעס. כיבוש־העבודה מוז ווידער פאַרנעמען דאָס צענטראַלע אָרט אין דער אַרבעטס־באַוועגונג. דער עיקר גייט טאָקע אין כיבוש־העבודה און נישט אין קאַמף פאַר יידישער אַרבעט. ב ר א ש י ת — א י ן  אַ נ־ה י י ב  א י ז  ג ע ו ו ע ן  כ י ב ו ש ־ ה ע ב ו ד ה. דער אַרבעטער האָט אַמאָל געזוכט די אַרבעט אין דער קאָלאָניע, כדי צו פאַרבינדן זיך מיט איר אויפן גאַנצן לעבן, ער האָט געזוכט באַדינגונגען פאַר איר דעראָבערונג, און אומאויפהערלעך רייסנדיק זיך צו איר, האָט ער אויך אַקומולירט מעגלעכ־קייטן פאַרן קאַמף איבער אַרבעט פאַרן יידישן אַרבעטער בכלל.

די חלוצישע הכשרה־יוגנט אין די גלות־לענדער דאַרף וויסן, אַז איר הויפּט־ציל היינט צו טאָג, ווען זי איז עולה קיין ארץ־ישראל, איז כיבוש־העבודה. די חלוצים, קומענדיק אין לאַנד, דאַרפן אַריבערשפּרייזן אַלע קאָנ־יונקטור־סטאַנציעס און גיין דירעקט אין דער קאָלאָניע אַריין — גיין אַרבעטן און קעמפן מיט די אַרבעט־פאַרדרענגער; דאָס אַלץ — מיט אַן אָפּגעפרישטן גלויבן און מיט אַ ווילן אָפּצוהאַלטן אַ נצחון און פאַרוואָרצלען זיך אין יידי־שער אַרבעט. אין די הענט פון דער חלוצישער עליה געפינט זיך איצט דער שליסל צו איינעם פון די וויכטיקסטע אוצרות פון דער אַרבעט אין לאַנד. און אויב מיט 30 יאָר צוריק האָט מען זיך געווענדט צו דער יידישער יוגנט מיטן רוף: „איילט זיך און קומט — באַנייט די ביל"ויים־טעג", — דאַרף מען איצטער זאָגן די לייט פון דער חלוצישער עליה: „איילט זיך און קומט — באַנייט די טעג פון דער צווייטער עליה מיט נאָך מער קראַפט און מוט".

די באַוועגונג פאַר כיבוש־העבודה איז אוממעגלעך אָפּצורייסן פון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע. די אויסדויער־קראַפט פון דעם אַרבעטס־דעראָ־בערער ווערט געשפּייזט פון דער האָפענונג ווען עס איז צו באַזעצן זיך אויף דער ערד כדי אַליין צו באַאַרבעטן זי. עס זעט אָבער אויס, אַז די דאָזיקע האָפענונג איז אין די לעצטע יאָרן פאַרשוווּנדן געוואָרן. עס איז פאַראַליזירט געוואָרן די נאַציאָנאַל־קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייט און מיר דאַרפן דאָס באַ־טראַכטן ווי איינעם פון די שווערסטע אומגליקן אין אונדזער אויפבוי־אַר־בעט. דער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר זעט אויס ווי ער וואָלט אין די לעצטע יאָרן לגמרי נישט עקזיסטירט, כמעט ווי ער שפּירט זיך נישט אין אונדזער לעבן, בלויז די שטאָט „בליט" און די „פּריוואַט־איניציאַטיוו"!

וואָס אַן אמת, אויסער תל־אביב, אויסער דעם טומל פון דער שטאָט, איז פאַך דאָ אויך אַן אַנדער לעבן. עס זיינען פאַראַן לאַנדווירטשאַפטלעכע פּונקטן

און עס גייט אָן אַ וויכטיקע שעפערישע אַרבעט אין די עמקס, — מער נישט — זייער השפּעה אויפן גאַנג פונעם לעבן אין דעם יידישן ישוב איז אַ גאָר קנאַפּע און זי איז אין אַ גוואַלדיקער דיספּראָפּאָרץ צו דעם וואָס עס קומט פאַר אין די שטעט מיטן כּוח פון דער „פּריוואַט־איניציאַטיוו“. עס קוקט אויס ווי דאָס היכּע הויז אין תּל־אָביב וואָלט פאַרשטעלט די סאָלידע שאַ־פונג אין דעם עמק און ווי דאָס גרילצן פון דעם גראַמאָפאָן אין דעם רוישנ־דיקן קאַפע־הויז וואָלט פאַרהילכט די מעלאָדיע פון דעם אַרבעט־דעראָבערער און ערד־דעראָבערער — יענע מעלאָדיע וואָס האָט גענומען אין געפאַנגענ־שאַפט דאָס האַרץ פון אַ גאַנצן דור יוגנט.

די איינשרימפונג פון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע האָט אין זיך געטראָגן אַ סכּנה אויך אין רואיקע יאָרן, אָבער זי איז זיבן מאָל מער מסוכן אין די איצטיקע רוישיקע טעג. דאַרף מען דען ספּעציעל דערווייזן, אַז אין אַ צייט פון פופציק טויזנט עולים אַ יאָר מוז מען באַזעצן לפּחות טויזנט פאַמיליעס אַ יאָר אויף דער ערד? דאַרף מען דען אַרגומענטירן און דער־ווייזן, אַז אין אַ געוויסער מאָס וואָלט דאָס געבראַכט צו אַ גלייכגעוויכט אין לעבן און וואָלט אַביסל פאַרריבן דעם אָפּשטויסנדיקן און אָפּשרעקנדיקן לעוואַנטינישן סטיל, די גרילצנדיקע שרייעוודיקייט, די ביליקע קאָקעטעריע און דעם טומלדיקן יאָגן זיך נאָך לייכטע פאַרדינסטן און בוטאַפאָרישע דער־פאָלגן?

עס שטראָמט די עליה, עס פליסט דער פּריוואַט־קאַפּיטאַל. אין די שטעט: אַ געפילדער פון בויען הייזער, לייכטזיניקע פּראָיעקטן, באָדן־שפּע־קולאַציע, פונאַנדערגעגאַרטלטער לוקסוס און פערמאַנענטער ווּוקס אין לעבנס־סטאַנדאַרט. ווען זשע וועלן מיר דער דאָזיקער סומאַטאָכע קענען אַנטקעגנשטעלן דעם סאָנירנדיקן און קרעפטיקנדיקן טאָט פון דער נאַציאָ־נאַלער קאָלאָניזאַציע? מיט וועלכע מיטלען וועלן מיר עס ברענגען צו לאַנד־ווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע די טרעגער פון ציוניסטישער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט — די אַרבעטער־כּוחות וואָס האָבן זיך געגרייט דערצו און זיי קוקן אויס אויף דער צייט ווען זיי וועלן אונדז דינען אַלס מאָראַלישער גאָר־ניזאָן?

אָט דאָס איז די שווערע זאָרג פון די איצטיקע טעג...

מיר זייַנען פון אַלעמאָל געוווינט געווען, אין שווערע מאָמענטן און אין טעג פון גרויסע פאַרלאַנגען, אַרויסצוגיין פון די גרויסע שטעט און ווענדן זיך צו די עמקס — עמק־הירדן אָדער עמק־יזרעאל. אין די עמקס האָט זיך קאָנצענטרירט די קווינט־עסענץ פון אונדזער שעפערישן טאַלאַנט און פון דער שאַפונג אַליין איז אַרויסגעוואַקסן דער טאַלאַנט פון פאַרשטאַנד און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר פלעגן קומען צו די עמקס אויסצוגיסן דאָס בי־טערע האַרץ און אין אינטימע שמועסן אָן עצה האַלטן, אַ שטייגער —

„ממעמקים קראָתיך״. און פון די עמקס קומט טאַקע פון מאָל צו מאָל דער רוף צו נייע טאַטן און נייע וועגן.

זיינען מיר ווידעראַמאָל אין עמק, דאָס מאָל — אַ נייער עמק: „עמק־חפר״. און ווידער פילט זיך אַ באַדערפעניש, אויסצוגיסן דאָס ביטערע האַרץ וועגן די ווונדן און ווייטיקן פון אונדזערע טעג. און אויפצופאָדערן די מענטשן פון די עמקס, — עמק־הירדן, עמק־יזרעאל און עמק־חפר צו שטיין אויף דער וואַך, אויפצומונטערן זיך צו אַ געמיינזאַמער אָנשטרענגונג, כדי צו געפינען וועגן און מיטלען צו פּאַריאָגן די ערד־הענדלער, כדי צו באַוועגן די פאָלקס־כוחות צו אַ קאָלאָניזאַטאָרישן נאַציאָנאַלן טאַט או, כדי צו אַנטפּלעקן נייע חלוצישע מעגלעכקייטן פאַר דער באַנייאונג פון דער כיבוש־העבודה־באַוועגונג.

דער ישוב פון עמק־חפר איז נאָך יונג. בלויז געציילטע יאָרן געהערט ער צו אונדז און שוין דינט ער אונדז ווי אַן אָנהאַלט פאַר אַ גרויסער האָפענונג און ווי אַ קוואַל פון בענקשאַפט און האַרץ־נאָגונג. די בענקענדיקע געפינען זיך נישט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אין מרחקים, אויף יענער זייט ים, אויף יענער זייט פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. איבער גאַנץ אַמעריקע זיינען זיי צעשפּרייט די דאָזיקע בענקער — די מיטגלידער פון „חירות״ וואָס שפּאָרן פון זייערע שווער־אויסגעהאָרעוועטע פאַרדינסטן אַזן צאָלן בייטראָגן פאַר זייער צוקונפטיקן קאָלאָניזירן זיך. זיי פראַצעווען שווער אין אַמעריקע, אָבער זייערע געדאַנקען שטעקן אין וואַדי־כאַוואַריט — עמק־חפר. איך האָב געזען די דאָזיקע מענטשן — די קליינע גרופּקעלעך אין מינעאַפּאָליס, סיינט־לואיס און אַנדערע ערטער; זיי מאַכן אַן איינדרוק פון ארץ־ישראלדיקע אינדזלען, ווו מ׳אָטעמט מיט ארץ־ישראלדיקער לופט. אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי איינגעשפּאַנט אין דעם יאָך פון אַרבעט און פּרנסה און אין אָוונט ווען מ׳קומט זיך צונויף אינאיינעם, — איבערהויפּט ווען ס׳קומט אַ שליח פון ארץ־ישראל, טרוימט מען וועגן וואַדי־כאַוואַריט; זיי האָבן אפילו פאַרפאַסט אַ געזאַנג — אַ וואַדי־כאַוואַריט־הימן פון די „חירות״־לייט. איך ווייס נישט ווען און ווי אַזוי וועלן זיי קומען אַהערצו. איך ווייס אויך נישט וואָס וועט מיט זיי זיין בעת זיי וועלן דערגרייכן זייער געגאַרטן ציל, אָבער שוין אויפן וועג צו זייער געגאַרטן ציל דערהויבט זיי דער דאָזיקער עמק־חפר מיט דער האָפענונג אויף אַ נייעם און שיינעם לעבן. איך פיל זיך דאָ אַזויווי באַפולמעכטיקט צו ברענגען די גרוסן פון די דאָזיקע בענקער צו אייך — זייערע צוקונפטיקע שכנים, גרוסן צו כפר־ויתקין — אין זיין ערשטן יום־טוב.

מיר געפינען זיך דאָ אין אַ דאָרף אויפן נאָמען פון יוסף וויטקין. נישט ווייט פון דאַנען איז פאַראַן אַ בערגל, אויך אַ נייער זידלונגס־פּונקט — ג ב ע ת ח י י ם, אויפן נאָמען פון חיים אַרלאָזאָראָוו. יוסף וויטקין וואָס האָט אָנגעהויבן און חיים אַרלאָזאָראָוו וואָס האָט פאַרגעזעצט. ביידע

האָבן זיי געשעפּט פון איינעם און דעם זעלביקן קוואַל אוןביידע האָבן זיי איינעם און דעם זעלבן ציל זייער לעבן געווידמעט. דער לערער יוסף וויט־קין און דער פירער חיים ארלאָזאָראָוו האָבן זיך ביים לעבן נישט צונויפ־געטראָפן, איצט אָבער פאַרייניקט זיך זייער גייסט און שמעלצט צוזאַמען כפר־ויתקין און גבעת־חיים און אַלע אַנדערע אַרבעטער־ישובים אין עמק־חפר אין איין מאָראַלישער פעסטונג, די פעסטונג פון דעם אַרבעטס־פאָלק וואָס באַוואַכט די זיכערקייט און די גערעכטיקייט פון אונדזער צוקונפטיקן לעבן.

---

## וועגן פריינטלעכע באַציאונגען צווישן די פאַרשיידענע קאָלאָניזאַציע־פאָרמען

(אַ רעדע געהאַלטן אויף דער פינפטער קאָנפע־רענץ פון דער מושב־באַוועגונג אין כפר־ויתקין; געדרוקט אין זשורנאַל „תלמים“).

### א.

...דער דאָזיקער צוזאַמענקום פאַרפליכט אויך צו קריטיק און צו מיי־נונגס־אויסטוישן איבער דעם פּראָבלעם פון פּאַרטיפּן די אידיי צוליב וועל־כער די באַוועגונג עקזיסטירט. יעדער פאַרשריט, יעדע אָנשטרענגונג איז אַ בענטשונג פאַר די וואָס שטרענגען זיך אָן און אויך אַ בענטשונג פאַר דער גאַנצער אַרבעטס־באַוועגונג. אַ בענטשונג איז זי, די אָנשטרענגונג, וואָס די מושבים און ארגונים־באַוועגונג*) האָט געמאַכט, כדי צו פאַרטיפן אין האַרץ פון דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט דאָס געפיל פון ליבע און שאַצונג צום ווערק פון דער באַוועגונג. ווען איך וואָלט געוואָלט באַצייכענען די דערגריי־כונגען צו וועלכע מיר זיינען געקומען אַ דאַנק די קאָנצענטרירטע אָנשטרענ־גונגען פון דער מושבים און ארגונים־באַוועגונג, וואָלט איך אונטערגעשטראָכן בלויז איין קליינעם פּרט: מיט עטלעכע טעג צוריק איז אין נהלל דורכגע־פירט געוואָרן אַ סעמינאַר מיטן ציל צוצוגרייטן חברים פון אַ תימנישן יוגנט־ארגון פאָרן באַזעצן זיך אויף דער ערד! די מענטשן פון דער צווייטער עליה, וועלכע זיינען די אויפטוער פון אַלע קאָלאָניזאַציע־פאָרמען אין לאַנד, האָבן אַרויסגעוויזן פעאיקייטן נישט נאָר ביים אַבסאָרבירן די עליה פון מזרח און מערב, נאָר האָבן אויך באַוויזן צו ריכטן די יונגע עולים פון מזרח צום קאָ־לאָניזאַציע־ווערק. פאַר מיר איז דאָס איינע פון די אַנטפּלעקונגען פון טאַ־

---

*) „ארגונים“: קאָלעקטיוון פאַר צוקונפטיקע מושבים.

לאַנט, איניציאַטיוו און ווילן אויפן געביט פון אויסברייטערן און פאַרטיפן די אַבסאָרבירונגס־קאַפּאַציטעט פון דער באַוועגונג.

אין פאַרלויף פון די לעצטע אַכט יאָר זעט זיך אָן די אָרגאַניזירטע און סיסטעמאַטישע טעטיקייט פון דער מושבים־באַוועגונג, אַ טעטיקייט אין וועלכער עס הערט זיך אָפטמאָל אויך אַ קעמפערישער טאָן. אין משך פון די דאָזיקע יאָרן האָט זיך די באַוועגונג פאַרפעסטיקט, האַלטנדיק אין איין פאַרפולקומען איר ווערק. מיטן וווּקס און שטאַרקונג פון דער באַוועגונג וועפט זיך ביסלעכווייז אויס איר קעמפערישקייט; פאַרקערט, עס שטאַרקט זיך די טענדענץ צו פאַרטיפן דעם פריינטשאַפטס־געפיל אין באַצוג צו אַנדערע זידלונגס־פאָרמען. די הסתדרות איז פאַראינטערעסירט אין אַזאַ פּ ר יי נ ט־ ש אַ פ ט, און מיר דוכט זיך, אַז טראָץ אונדזערע אינערלעכע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, איז שוין פאַר איר צוגעגרייט אַ גוטער באָדן.

מיר קומען זיך צונויף אין שווערע טעג אין וועלכע מיר דאַרפן אַרויסווייזן געניג כוח, כדי צונישט צו מאַכן יעטוועדן אַטענטאַט אויף דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. מיר דיסקוטירן און באַמיען זיך צו פּרעציזירן דעם אינהאַלט און טייטש פון אונדזער דערקלערונג: „ל א נ י כ נ ע" — „מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן". די דאָזיקע דערקלערונג אַנטהאַלט דריי יסודות: „מעפּילים וועלן ווייטער מעפּיל זיין, די בויער וועלן ווייטער בויען און די שיצער וועלן ווייטער שיצן". מיר זיינען אַנטשלאָסן צו גיין דעם דאָזיקן וועג און אָפּהענגיק איז דאָס פון די כוחות וואָס שטייען מאָביליזירט צו אונדזער דיספּאָזיציע — צווישן זיי טויזנטער חברים קאָנצענטרירטע אין דער ארגונים און מושבים־באַוועגונג.

מיר זיינען דאָ אויף אַ קאָנפערענץ פון ערד־אַרבעטער וואָס לייזן אויס מיט זייער אַרבעט די ערד פון אונדזער לאַנד, די וואָס גיבן דעם ריכטיקן טעם און פּירוש צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. עס איז אונדזער געבאָט אָפּצוהיטן די ריינקייט פון אונדזער ווערק און אַלע וועלן מיר באַקעמפן אַזעלכע פאַלן ווי ביר־אַדאַס.*) אין שפּיץ פונעם דאָזיקן קאַמף וועט שטיין די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַוועגונג, וועלכע טראָגט אַריין אַ דערהויבענעם אינהאַלט אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם און וועלכע זעצט פאָר איר ווערק, טראָץ די פאַרלוימדונגען פון אינערלעכע און אויסערלעכע פיינט.

דער דאָזיקער צוזאַמענקום וועט זיך באַשעפטיקן מיט אינערלעכע פראַגן: די פאַרפולקומונג פונעם ווערק, די פאַרטיפונג פונעם עלעמענט פון קאָאָפּעראַציע און קעגנזייטיקער הילף, די העכערונג פונעם לעבנס־סטאַנדאַרט, די רעאָרגאַניזאַציע פון אַנשטאַלטן, די זאָרג פאַר פאַרשיידענע איינריכטונגען, אָבער איבער אַלץ וועט אויפן דאָזיקן צוזאַמענקום שוועבן דער

*) ביר־אַדאַס איז אַ דאָרף, וווּ אַ טעראָריסטישע דיסידענטן־אָרגאַניזאַציע האָט געמאַכט אַ געמיינעם אָנפאַל אויף רואיקע אַראַבישע איינוווינער.

ווילן, אַרויסצושטעלן אונדזער ווערק אין זיין אַבסאָלוטער ריינקייט, אַרויס־צווייזן די אידייאַישקייט פון אימפּולס, געדאַנק און טאַט. זאָלן זיך צונויפ־נעמען די אַלע עלעמענטן און שאַפן אַ פונדאַמענט פאַר די פאַרהאַנדלונגען פון דעם דאָזיקן צוזאַמענקום.

ב.

אַ פּאָר ווערטער — אַן ענטפער צו די וואָס האָבן קריטיקירט מיין באַ־גריסונגס־רעדע: איך האָב נישט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון שלום; איך האָב נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל דאָס וואָרט „שלום". איך האָב געזאָגט, אַז מיט אַזאַ עקספּאַנסיע און רייפקייט האָט די באַוועגונג צוגע־גרייט דעם באָדן פאַר פ ר יי נ ט ל ע כ ע באַציאונגען — נישט פריזן — נאָר פריינטשאַפט! פריינטשאַפט מיט לייב און לעבן מיט די אַנדערע קאָלאָניזאַציע־פאָרמען.

די באַוועגונג האָט דורכגעמאַכט דריי תקופות. נאָך דער תקופה פון קינדהייט איז געקומען די תקופה פון יוגנט וואָס איצט ענדיקט זי זיך. יוגנט, ווי דער שטייגער איז, באַציט זיך מיט אומצוטרוי צו דער אומגעבונג, זי איז דורכגעזאַפּט מיטן גייסט פון קריטיק און איז געשפּאַנט צום קאַמף. נאָך איר קומט די תקופה פון רייפקייט, פון געשטעלטקייט, וואָס פאַרפליכט איינ־צושטעלן באַציאונגען פון פריינטשאַפט און צוטרוי מיט אַנדערע. די מושב־באַוועגונג האָט דערגרייכט אַ צושטאַנד ווען זי פילט זיך פעסט ווי אַ קאָלאָ־ניזאַציע־פאָרם וואָס טראָגט טריי און פלייסיק דעם באַגער פון דער אַרבע־טערשאַפט. דער רוף צו פריינטשאַפט קומט נישט אָפּצוהאַלטן פון קאַמף קעגן די וואָס מען דאַרף באַקעמפן. ס'איז שוין צייט, אַז אפילו קריטיקירן די, אָדער יענע פאָרם זאָל מען פריינטלעך, באַמיענדיק זיך קעגנזייטיק בעסער און שע־נער מאַכן די אַרבעטס־געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל.

די מושב־באַוועגונג האָט ריכטיק געהאַנדלט דערמיט וואָס זי האָט ענער־גיש און סיסטעמאַטיש צוריקגעבראַכט צו איר יוגנט דעם געפיל פון רעספּעקט און פאַרערונג צו איר ווערק — דעם מושב — וועלכן די מענטשן פון דער־צווייטער עליה האָבן געשאַפן, כדי צו ווייזן דעם יידישן פאָלק אַ וועג צו גאולה.

עס איז אונדז נויטיק אַן אינערלעכער נשמהדיקער שטורעם וואָס שטאַרקט די כוחות און פאַראייניקט אַלע שליחים פון דער באַוועגונג — פון דעם וועטעראַן ביז צום יוגנטלעכן וואָס זיצט דאָ מיט אונדז. מען דאַרף באַ־גריסן דעם שטורעם פון גוטן ווילן, דעם וואָס רייסט זיך פון דער נשמה, אָבער דעם „ווענטילאַטאָר־שטורעם" דאַרף מען אָפּוואַרפן, מען דאַרף אים פאַריאָגן פון דאַנען!

# פאַרפעסטיקן דאָס פאַראַנענע און בויען ווייטער

(אַ רעדע אויף אַ סעסיע פון פאַרטיי־ראַט; גע־
דרוקט אין „דבר" פון 22סטן דעצעמבער 1939).

דאָס איז די צווייטע סעסיע פונעם פאַרטיי־ראַט נאָך דער קאָנפערענץ אין רחובות. צו דער פריערדיקער סעסיע זיינען מיר זיך צונויפגעקומען, כדי צו דערהויבן און פעסטיקן אונדזער כוח אין דעם געראַנגל קעגן די פינצטע־רע כוונות צו ליקווידירן דעם ציוניזם פון דרויסן. די שאַטנס פון דער וועלט־מלחמה האָבן שוין געהאַט פאַרוואָלקנט דעם האָריזאָנט. איצט קומען מיר זיך צונויף אין דעם סאַמע שווידער פון דער מלחמה גופא כדי איינערלעך צו שטאַרקן זיך, פאַרפילפאַכן אונדזער ווירקזאַמקייט און דורכטראָגן זי דורך די מלחמה־טעג.

ס'איז שוין דער פערטער חודש זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן. דאָ אין לאַנד איז רואיק — מען שיסט נישט און קיין קרבנות פאַלן נישט; אָבער אויף יענער זייט ים זיינען שוין זייט דעם אָנהויב פון דער מלחמה רואינירט געוואָרן לעבנס־פונדאַמענטן פון לענדער און פעלקער, עס זיינען צעשטערט געוואָרן צווישנפעלקערלעכע באַציאונגען און עס איז חרוב געוואָרן די מענטש־לעכע מאָראַל. דאָ אין לאַנד איז רואיק, אָבער אויף יענער זייט ים ווערט פאַר־שניטן דאָס לעבן פון מיליאָנען פון אונדזערע ברידער, וועלכע זיינען טאָג איין, טאָג אויס אויסגעשטעלט אויף מאָרד, אויף אומקום, אויף אויסגעריסן צו ווערן פיזיש און גייסטיק.

מיר שטייען ערשט ביים אָנהויב פון דער מלחמה און אונדזער נאַציאָ־נאַלער באַלאַנס איז שווידערלעך: פון צווישן זיבעצן מיליאָן יידן זיינען פאַר־בליבן קוים אַכט מיליאָן אַזעלכע, וואָס קענען נאָך אויפגעטרייסלט און אויפ־געשווידערט ווערן, די איבעריקע זיינען געשלאָגענע, באַרויבטע, פאַרשפאַרטע און פאַרשטומטע.

אַ העלפט פון אונדזער פאָלק איז אַרומגערינגלט מיט אַ טורמע־מויער, די צווייטע העלפט איז נישט אַרומגערינגלט מיט אַ טורמע־מויער און זי איז נאָך אומשטאַנד אויפצוברויזן — איז זי אָבער אַרומגענומען מיט אַ וואַנט פון גלייכגילטיקייט צו אונדזער איצטיקן ביטערן גורל. צווישן דעם טורמע־מויער און דער גלייכגילטיקייט־וואַנט וואַנדערן דערוויילע אַרום הונדערטער טויזנטער אומגליקלעכע מיט זויג־קינדער אין די אָרעמס און נישטאָ קיין רע־טונג, נישטאָ אפילו ווער ס'זאָל רחמנות האָבן.

אַזוי זעט עס אויס אין אָ נ ה ו י ב פון דער מלחמה...

מיר ווייסן נאָך נישט ווי אַזוי עס וועלן זיך אַנטוויקלען די געשעענישן אויף דער וועלט און אַרום אונדז דאָ. מיר ווייסן נישט, צי די מיליאָנען פריי־געבליבענע יידן, וועלכע זיינען נאָך אימשטאַנד אויפגערודערט און אויפגע־

מונטערט צו ווערן, צי וועלן זיי זיך טאַקע באַצייטנס אויפמונטערן, כדי צו נעמען אויף זיך און אויסצופירן זייער פליכט צו זייער פאָלק און לאַנד.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער ישוב געווען קליין און דער כוח פון דער אַרבעטערשאַפט — גאָר אַ קנאַפּער. אין אונדזער גאַנצן מהות און טעטיקייט האָט דאַן געהערשט דער לאָזונג: „אָפּהיטן דאָס פאַראַנענע און צוריקבויען דאָס צעשטערטע״. און מיר האָבן טאַקע געוואַכט איבערן פאַראַנענעם און זיך באַמיט צוריקצובויען דאָס וואָס עס איז אין שטורעם פון דער מלחמה צעשטערט געוואָרן. יענע אָנשטרענגונגען האָבן אויפגעהאַלטן אונדזער מהות און פאַרזיכערט אָן אויסוועג און אָן אָנהאַלט פאַר אויפבוי און אַנטוויקלונג אין די נאָך־מלחמה־טעג.

זייט דאַן זיינען אין לאַנד פאָרגעקומען אומגעהויערע ענדערונגען: מיר האָבן היינט צו טאָג אַ גרויסע אַרבעטער־מחנה, מיר האָבן יוגנט און דער גאַנצער ישוב האָט אין זיך גרויסע פּאָטענצן. און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט דער ישוב געדאַרפט אַרויסווייזן זיינע מאַטעריעלע און מאַטעריעלע מעגלעכקייטן כדי צו שטאַרקן אונדז אַליין, ווי אויך אויפצוהייבן אונדזער ווערט — פאַר די אינטערעסן פונעם גאַנצן פאָלק. אָבער לאָמיר נישט פאַרלייקענען: ביז איצט איז דער ישוב דעם נסיון נישט בייגעשטאַנען. דער קאַפּיטל פון פּאַניק און שפּעקולאַציע, אין די טעג ווען די מלחמה פון דערווייטנס האָט אויסגעבראָכן, מאַכט שווער אויפן האַרצן און דעגראַדירט דעם ישוב. אַ צווייטער מיאוסער קאַפּיטל איז דער „מס־החירום״ („נויט־שטייער״) אויף וועלכן דער ישוב האָט זיך נישט אָפּגערופן, הגם בשעתו האָט ער אַזוי שיין אויפגענומען דעם „כופר־הישוב״־שטייער.

און אַז מיר האָבן שוין יאָ באַוויזן צו רעגולירן די פאַרטיילונג פון אַרבעט צווישן די פאַרשיידענע צווייגן פון דער אַרבעטערשאַפט האָט דעם ישוב נישט געסטייעט קיין כוח איינצוצוימען די קורצזיכטיקע אַרבעטס־געבער אין די קאָלאָניעס און פאַרשיידענע פּאַרטייאישע אינטריגאַנטן. אפילו אין טעג פון דער וועלט־קאַטאַסטראָפע און פון אונדזער נאַציאָנאַלן אומגליק האָלטן אין זייער פולן געפערלעכן פונאַנדערבליען זיך די גוזעלשאַפטלעכע רייסערייען, גיפטיקע שנאה און פאַרדעכטיקייט.

מיר קענען גוט די פאַקטאָרן און די דירעקטע שולדיקע אין דער דאָזיקער דעמאָראַליזאַציע אין ישוב. אָבער דאָס וואָס מיר קענען זיי דינט נאָך אונדז נישט פאַר אַ טרייסט און באַפרייט אונדז אויך נישט פון אחריות. די אַרבעטערשאַפט, מיט איר געזעלשאַפטלעכער וואָג, שטעלט מיט זיך פאָר אַ דעצידירנדיקן כוח אין ישוב און אויב מיר האָבן ביז איצט נישט געקענט פאַרמיידן די דעמאָראַליזאַטאָרישע דערשיינונגען אין ישוב, ליגט די אחריות אויך אויף אונדז. עס איז אונדזער פליכט אויסצוגעפינען מיטלען, ווי אַזוי אויסצומיידן שטערונגען און שוואַכקייטן אויפן וועג פונעם ישוב אין דער צוקונפט.

כדיווירקלעך אויסצוטראָגן די אחריות און פאַריכטן אין ישוב אַלץ וואָס מען מוז פאַריכטן — דאַרפן מיר זיך גוט אונטערגאַרטלען, אָבער אַ סך פון אונדז האַלטן, אַז מיט אַלע אונדזערע באַמיאונגען, האָבן מיר פאַר די לעצטע דריי חדשים אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּע בריהשאַפט.

אויב מיר זאָלן די זאַך נאָכפּאָרשן, וועלן מיר זיכער אויסגעפינען די סי־בות: די ליידן און זאָרגן פון דעם קריזיס וואָס די מלחמה האָט אויף אונדז געבראַכט זיינען בלויז אַ צוגאָב צו די ליידן און געפאַר־שרעקן אין די, יאָרן פון פאַר דער מלחמה. די דאָזיקע קאָמבינאַציע פון זאָרגן און געפאַרן האָט אונדז צעטומלט, אַזוי אַז מיר האָבן גישט באַוויזן צו אָרגאַניזירן זיך ווי עס באַדאַרף צו זיין און צו פאַרוואַנדלען די מחנה פון 120 טויזנט אַרבעטער אין אַ פולשטענדיק אַקטיווע גאַרניזאָן־אַרמיי. מיר דאַרפן זיין גרייט אויף דריי געביטן: מאַטעריעל, גייסטיק און פּאָליטיש.

קודם כל מ אַ ט ע ר י ע ל: עס גייען צווישן אונדז אַרום הונגערי־קע, אַרבעטסלאָזע, פרנסה־לאָזע. הונגעריקע קענען נישט שטיין אויף דער וואַך, הונגעריקע קענען נישט איינהאַלטן פּאָזיציעס. די עיקר אָנשטרענגונ־גען דאַרף זיין — צו ליקווידירן דעם הונגער און די אַרבעטסלאָזיקייט; מען מוז תיכף ומיד זען עפּעס צו טאָן אין דער ריכטונג.

ג יי ס ט י ק: אַז מיר וועלן גרינטלעך אַנאַליזירן די לאַגע אין דער באַוועגונג — די פאַרשיידענע מיינונגען און אינערלעכע באַציאונגען, די מאָס פון חברישקייט און קעגנזייטיקן צוטרוי — וועט זיך אַרויסווייזן, אַז מיר האָבן געגנוג דעפעקטן אויפן אינערלעך־גייסטיקן געביט.

אויב מיר וועלן זיך קאָנסאָלידירן מאַטעריעל־ווירטשאַפטלעך און אויב מיר וועלן זיך אינספּירירן און דערמוטיקן גייסטיק־אינערלעך, וועלן מיר במי־לא אויך פאַרמירן און פאַרפולקומען אונדזער פּ אָ ל י ט י ש ן כוח.

אונדזער גאַנצע מחנה דאַרף זיין גרייט מקיים צו זיין די לאָזונג פון דער צייט. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער לאָזונג געווען: „אָפּהיטן דאָס פאַראַנענע און צוריקבויען דאָס צעשטערטע". די איצטיקע לאָזונג איז: „פאַר־פעסטיקן דאָס פאַראַנענע און בויען ווייטער". אַלץ וואָס דאָ וועט באַפעסטיקט ווערן, אַלץ וואָס דאָ וועט צוקומען, וועט דעצידירן אין דער רעטונג פון אונ־דזער ווערק, אין דער רעטונג פון דער פאָלקס־האָפענונג.

---

יוסף שפּרינצאַק

# מענטשן פון עבר גייען אויסקוקן זייער עתיד

(אַ רעדע אויף דער פייערונג פון צוואַנציק יאָר נהלל; ח׳ אלול תש״א).

איך האָב דערפילט אַ האַרציקע באַדערפעניש אָנטיילצונעמען אין דער דאָזיקער אינטימער פייערונג פון נהלל. האָב איך דאָך געהאַט אַ פּערזענלעך־אינטימע שייכות צו די קאַפּיטלען פון איר ווערן און לעבן.

איך געדענק נאָך די באַגייסטערטע ווערטער פון חבר יעקב אורי: „ערד, אַ געצעלט און אַ שטיקל פּלויט — די רעשט וועט שוין קומען און מיר וועלן דערווייל אַרויף אויפן באָדן און שאַפן לעבן און התישבות״. האָט אויף אונדז געווירקט דאָס באַגייסטערטע רעדן. און דאָך האָט גענאָגט דער צווייפל אין דער מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן. דעצידירט אָבער האָט דער פּלאַם פון גלויבן פון די זידלער און מיר האָבן זיך נאָך מער אָנגעשטרענגט צו העלפן אויפבויען נהלל.

ס׳געדענקט זיך אויך, ווי אַזוי די רעדאַקציע פון „הפּועל הצעיר״ האָט געמאָנט פון חבר אליעזר יפה צו פאָרמולירן זיינע געדאַנקען וועגן דעם מושב־עובדים. יעדער אָנגעשריבענער קאַפּיטל וואָס פלעגט זיך באַקומען פון מקוה־ישראל — ווו אליעזר יפה האָט דאַן געוווינט — פלעגט אַרויסרופן ספּעציעלע פאַרהאַנדלונגען. פון די דאָזיקע קאַפּיטלען האָט זיך שפּעטער צונויפגעשטעלט די בראָשור „ליסוד מושב־העובדים״ („צו דער גרינדונג פון אַ מושב־עובדים״) — יענע מגילה פון מושב וואָס אין איר אינהאַלט האָבן מיר פאַרנומען דעם האַרמאָנישן המשך פון דעם פּאַטאָס וועלכער האָט געשטעקט אין דעם רוף פון ל. פינסקער און אינעם אויפרוף פון יוסף וויטקין.

ס׳דערמאָנט זיך אויך, ווי אַזוי אויף איינער פון די זיצונגען פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט האָבן אייניקע פון אונדז געהאַט אויסצושטיין שוועריקייטן און געדאַרפט מאַכן באַמיאונגען כדי אַרויסצובאַקומען די באַשטעטיקונג צו דער גרינדונג פון נהלל.

זיינען שוין פאַרביי צוואַנציק יאָר...

איידער איך בין אַרויסגעפאָרן אַהערצו האָב איך אַביסל געבלעטערט די „פּרקי הפּועל הצעיר*)״, ווו מ׳געפינט נישט ווייניק וועגן דער געשיכטע פון דעם דאָזיקן ווערק. די כראָניק פון יענע טעג דערציילט וועגן אַן „עקספּעדיציע״ פון צען חברים וואָס זיינען אין אַ וואָגן געפאָרן אויסקוקן די ערד ווו זיי וועלן זיך באַזעצן. ווערט דאָרט דערציילט: „ווען דער הימל האָט זיך אויסגעשטערנט זיינען מיר אָנגעקומען צו דער חלוצים־מחנה אין חרתיה. אַלע האָבן שוין געהאַט געגעסן אָוונטברויט, נאָר לכבוד אונדז האָבן זיך באַלד

*) אַ רייע ביכער, אין וועלכע ס׳זיינען געזאַמלט די וויכטיקסטע אַרטיקלען פונעם וואָכנבלאַט „הפּועל הצעיר״.

אויפן טיש באַוויזן טעלערס מיט טאָמאַטן, איילבירטן און פושקעס מיט קאָנ־סערוון. די טאָמאַטן — גרין און זויער, די איילבירטן — געזאַלצן און די מאַרמעלאַד — „מורמלט אונטער". אָבער אַלע אַרום האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געזאַנג... אַרום חרתיה איז שווער געלעגן די נאַכט. פאַר אונדזערע אויגן זיינען געשטאַנען געזונטע, לעבעדיקע, פריש־צאַפּלדיקע חלוצים און חלוצות און אַנטקעגן זיי זיינען געשטאַנען מיר, אַ קליינע גרופּע — מענטשן פון עבר וואָס גייען אויסקוקן די ערד פון זייער עתיד"...

„מענטשן פון עבר, וואָס גייען אויסקוקן זייער עתיד!"

און אָט האָבן די „מענטשן פון עבר" צוגעלייגט פאַר זיך און פאַר אונדז אַלעמען נאָך צוואַנציק יאָר פון אַ גרויסן ה ו ה. מיט די אייגענע הענט האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ שווער־וואָגיקן און אינהאַלטסרייכן צענטער — אַ פונדאַמענטאַלער אָנהאַלט פאַר לאַנדווירטשאַפט און קאָלאָניזאַציע.

דער נאָמען נהלל האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דעם ציוניסטישן לעקסיקאָן — ווי אַן עלעמענטאַרער באַגריף אין בנין הארץ.

מיט די הענט און גייסט פון די דאָזיקע מענטשן איז אויפגעשטעלט גע־וואָרן אַ ישוב וואָס איז פאַר אונדזער באַוועגונג געוואָרן איינער פון די צענ־טראַלע צוזאַמענקום־פּלעצער ווו עס קומען צום אויסדרוק אונדזער ציוניסטי־שע קאָלאָניזאַטאָרישע איניציאַטיוו און גוטער ווילן.

עס איז נישט קיין צופאַל וואָס ציוניסטישע פרויען — הונדערטער טוע־רינס פון „וויצאָ" — זיינען זיך דאָ צונויפגעקומען צו פייערן דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילעי פון זייער באַוועגונג און וועלט־אָרגאַניזאַציע און עס איז אויך נישט קיין צופאַל וואָס חנה מייזל און איר לעבנס־ווערק האָבן דאָ געפונען זייער אָרט.

און ס'איז ווידער נישט קיין צופאַל וואָס דאָ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן ז'ער סעמינאַר פאַר צוגרייטן די תימנישע יוגנט פון ארגון „טלמון", וועלכער קלייבט זיך אָנצושליסן זיך אָן די רייען פון די וואָס בויען דעם אויבערשטן גליל. מיר זיינען געווען זייער גערירט ווען מיר האָבן זיך צוגעהערט צו די רייד פון דער יוגנט אין דער פייערלעכער קינדער־פאָרשטעלונג אין נהלל. מיר האָבן אויפגעציטערט ביי די רייד פון דעם העלד אין דער פאָרשטעלונג וואָס דורך זיין ראָל האָט ער אויפגעלעבט דאָס געשטאַלט פון זיין ברודער — דער יוגנטלעכער פון נהלל וואָס איז דאָ דערצויגן געוואָרן צו אַרבעט, קולטור און קידוש־השם, דער זון פון דעם שוחט, אָנגעטאָן אין זיין מונדיר, וואָס איז געווען צווישן די ערשטע פרייוויליקע און איז געפאַלן אויפן פראָנט. איצט „רעדט" ער אין דער פאָרשטעלונג און ער לאָזט הערן האָפענונגספולע ווער־טער וועגן קיבוץ־גלויות, ליבע וואַרימע ווערטער פאַר דער יוגנט וואָס איז אַהער געקומען פון די היטלער־לענדער, און אָנגעווייטיקטע ווערטער וועגן די עלטערן וואָס האָבן געגרייזט און האָבן באַצייטנס נישט פאַרנומען די בשורה פון ציון.

ביידע ברידער, דער געפאַלענער און דער וואָס שפּילט זיין ראָל, שטאַמען פון דער תימנער עליה און דאָ אין נהלל זיינען זיי אויפגעוואַקסן...

מיר ווייסן אויך וואָס נהלל באַדייט פאַר חיים ווייצמאַנען. יעדעס מאָל ווען ער קומט אין לאַנד שטעקט ער געווייגלעך אָפּ זיין ערשטן וויזיט אין נהלל. ער זאָגט, אַז דאָס דאָזיקע דאָרף איז איינע פון די קוואַלן פון וועלכע ער שעפּט מוט פאַר זיין שווערער אַרבעט. ווען איך רוף אָן דעם דאָזיקן נאָמען ביים באַשיידענעם יום־טוב פון נהלל איז מיר קלאָר, אַז אַלע ווייסן מיר גאַנץ גענוי וואָס פאַר אַ חלק עס האָט דער דאָזיקער פריינט פון נהלל אין איר אויפבוי און אַנטוויקלונג. איך וואָלט וועלן, אַז ווייצמאַן, וועלכער רעפּרעזענטירט איצט די ליידן און האָפענונגען פון אונדזער פאָלק, זאָל באַקומען דערמוטיקונג אין טאָג פון אונדזער שמחה.

עס זיינען אונדז גוט באַקאַנט די ויכוחים און די פּאָלעמיק צווישן די טרעגער פון פאַרשיידענע פאָרמען אין דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. איך וועל זיכער געדעכט זיין זאָגנדיק, אַז הגם די דיסקוסיע איז נאָך נישט געשלאָסן, ווערט אָבער די פּאָלעמיק אַלץ מער אויסגעוועפּט. אין דער אָנשטרענגונג פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע איז שוין דער מושב דורך אַלעמען אָנערקענט אַלס גלייכווערטיקער. דאָס פעסטשטעלן דעם דאָזיקן פאַקט, נאָך צוואַנציק יאָר, שטימט מיט דער דעפיניציע פון יוסף אַראָנאָוויטש וואָס האָט אין זיין אַרטיקל „מושב עובדים״ באַגריסט די גרינדונג פונעם מושב מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „סיי די קבוצה און סיי דער מושב שטאַמען פון איין ריינעם קוואַל: פונעם ווילן צו שאַפן אַ יידישן ישוב אויף נאַציאָנאַלן באָדן, באַזירט אויף אייגענער אַרבעט, אָן דער עקספּלואַטאַציע פון אַנדערנס אַרבעט״. גלייך ווי דגניה — די מוטער פון דער קיבוץ־באַוועגונג — האָט אויך נהלל — די מוטער פון דער מושב־באַוועגונג — פאַרפעסטיקט אַ דור אַ גאַנצן אין זיין שעפערישער קאַפּאַציטעט, האָט באַנייט און אַנטדעקט כוחות און האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט וועטעראַנען און יוגנטלעכע. און נישט ווייט פון נהלל ליגט כפר־יהושע ווי אויך די יונגע גרופּע פון „ארגון אפרים״ וואָס געפינט זיך אין בית־שערים.

ווען ס'איז אונטערגענומען געוואָרן די נייע קאָלאָניזאַציע אין עמק־יזרעאל און ס'זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן נהלל, כפר־יחזקאל און עין־חרוד איז דערמיט געמאַכט געוואָרן אַן אומגעהויערע אָנשטרענגונג פאַר אַ ווענדונג, וואָס זאָל אַרויסהייבן דעם ציוניזם אין אַ געפערלעכן פאַר אים מאָמענט. דאָס איז געווען נאָכן פּראָקלאַמירן די נאַציאָנאַלע היים. עס זיינען פאַרביי דריי יאָר זינט דער דעקלאַראַציע און מיר האָבן נאָך אַלץ אויסגעזען „ווי טרוימער״. אמת, דערווירקלעכער מיין פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז גענוי נישט דעפינירט געוואָרן, אָבער דאָס וואָס ס'האָט אין איר געפעלט איז ווי דערגאַנצט געוואָרן אין אונדזער באַוווסטזיין און עמפּפינדונג: אין אונדזער ציוניסטישן פירוש. די קאָלאָניזאַציע האָבן מיר אויפגענומען ווי די

פאַרפולקומונג פון דער דעקלאַראַציע: אַ ראַם און אַ הינטערגרונט פאַר דער צוקונפטיקערווירקלעכקייט. די לאָקאַלע פאַקטאָרן — די אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען אין לאַנד — האָבן זיך נישט געאײַלט צו אַקצעפּטירן אונדזער פּי־רוש; פאַרקערט, זיי האָבן אָנגעהויבן צו וועבן זייער אייגענע אינטערפּרע־טאַציע, מיטן מיין צו באַגרעניצן און צו פאַרטונקלען די דעקלאַראַציע. די קאָליזיע פון די פּירושים האָט אַרײַנגעבראַכט פאַרווונדערונג און צעטומלע־ניש, נאָר מיר האָבן זיך, לײַדער, נישט געאײַלט צו שאַפן פאַקטן וואָס זאָלן פאַרפיקסירן אונדזער פּירוש און דערבײַ אָפּווענדן דעם סתירותדיקן פּירוש ווען ער האָט זיך קוים געהאַלטן ביים אויספּיקן. מיר האָבן נישט געדאַרפט זײַן קיין „טרוימער", — „טוער" האָבן מיר געדאַרפט זײַן, אויסנוצן פאַר זיך די צײַט האָבן מיר געדאַרפט — זײַנען מיר גאָר געווען „פאַרלוירענע"...

די אָפּהענטיקייט, די פּאַוואָלעדיקייט האָבן אונדז געקענט אין גאַנצן צעברעכן. עס האָט געמוזט אָנקומען אַן אַנטשלאָסענער טאַט וואָס זאָל ברעכן די סטאַגנאַציע, מען האָט געמוזט באַלד צוטרעטן צום קאָלאָניזאַציע־ווערק פון נאָך דער דעקלאַראַציע.

די ווייניקע וואָס זינט דער דעקלאַראַציע האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו מאָנען אויך אַן „אַרבעטס־כאַרטיע" — אַ שנעלן, קאָנסטרוקטיוון טאַט — האָבן נישט געהאַלטן פון קיין סתם טענות, פון פּוסטע פאָדערונגען. זיי האָבן זיך נישט באַפרידיקט מיט בלויזער פאַרביטערונג און פּאָליטישער פּראָ־זעלאָגיע. זיי האָבן געפאָדערט אַ באַלדיקן קאָלאָניזאַטאָרישן טאַט און זיי האָבן עס באַוויזן צו די ערשטע שריט אין דער דאָזיקער ריכטונג. מיט דער גרינדונג פון נהלל, כפר־יחזקאל און עין־חרוד האָט זיך באַנייט די קאָלאָני־זאַטאָרישע טעטיקייט אין ארץ־ישׂראל.

דערין ליגט די באַדײַטונג פון דעם יום־טוב פון נהלל: דער יום־טוב פון באַנײַטער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל, די פאַרפעסטיקונג פון דעם פּראַק־טישן, פאַרפליכטנדיקן עלעמענט — דעם וואָס איז בכוח אויפצוצווינגען די רעאַליזירונג פון די פּאָליטישע דעקלאַראַציעס און פאַרפליכטונגען לגבי דעם יידישן פאָלק.

דער הײַנטיקער יום־טוב ווערט געפּראַוועט זייער באַשיידן. די נהללער האָבן וואָרשײַנלעך געהאַלטן, אַז מען דאַרף אים בכלל אָפּלייגן אויף אַנדערע צײַטן, וואָרעם ווי אַזוי לאָזט זיך עס פײַערן אין אַ טאָג ווען עס פאַלט אויס דער יאָרצײַט פון דעם חורבן פונעם פּוילישן יידנטום, אין אַ צײַט פון טאָטאַ־לער פאַרניכטונג, פון אַטענטאַט אויף די הערלעכסטע מענטשלעכע אידעאַלן? דאָס איז אַ ריכטיקע און נאַטירלעכע עמפּינדלעכקייט. און דאָך איז גוט וואָס מען האָט נישט געלאָזט דעם יובילײַ פאַרגעסן ווערן און וואָס מיר פײַערן דעם דאָזיקן טאָג: מיר נויטיקן זיך אין דעם דווקא אין די איצטיקע קריגס־טעג — אין אַ צײַט ווען עס דראָט אַ געפאַר דעם אויטענטישן געשטאַלט פון ארץ ישׂראל.

אונדזער לאַנד איז נאָנט צו די פראָנטן. מיר האָבן דאָ די בריטישע אַר־מיי, און אין איר זיינען פאַרטראָטן פאַרשיידענע פעלקער. באַקענען זיי זיך מיט אונדזער לעבן דאָ, אין דעם לאַנד פונעם יידישן רענעסאַנס. צו דער דאָזיקער באַקענונג און איר רעזאָנאַנס זיינען מיר ביז גאָר עמפּינדלעך. זיי באַקענען זיך מיט אונדז נישט אויפן געביט פון אונדזער קאָלאָניזאַטאָרישער לאַנדווירטשאַפטלעכער שאַפונג, ווו עס שפּיגלט זיך אָפּ אונדזער נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, נאָר איבערהויפּט אין די רוישיקע שטעט מיט זייערע רייצנדיקע באַקוועמלעכקייטן. און דאָ קומען די געוויינלעכע דערשיינונגען: דאָס „צו־פּאַסן" זיך צום באַפרידיקן די באַדערפעניש פון די פרעמדע מיליטער־לייט און דאָס אויסנוצן די מלחמה־קאָניוקטור. מען איילט זיך אויסצונוצן די גע־לעגנהייטן און רייך צו ווערן. וואַרפט מען פון זיך אַראָפּ יעטוועדן יאָך. דער פּרט באַמיט זיך לגמרי נישט צוצופּאַסן זיין אויפפירונג צו די אינטערעסן פון דעם כלל — פונעם פאָלק.

די דאָזיקע קאָניוקטור־האַנדלונג שטעלט אונדז אַרויס אין אַ קרומען שפּיגל. אַ פרעמדער וואָס קומט איצט אַהערצו פון דערווייטנס — פון דער פרעמד — זעט אויך דאָ דעם גלותדיקן המשך פון פאָלק ישראל, ער זעט נישט דאָס נייע — דעם אויפגעקומענעם „נצח ישראל".

ערגעץ־ווו זיינען טאַקע פאַראַן אַ דגניה, אַן עין־חרוד און אַ נהלל, אָבער די קאָניונקטור־שטראָמען אין די שטאָטישע צענטערן פאַרפּלייצן זיי און פאַרשטעלן פאַר די פרעמדע אויגן דעם אמתן מהות פון אונדזער לעבן און שטרעבונגען דאָ אין לאַנד.

נאַטירלעך זיינען מיר אַזוי ציטעריק פאַר אונדזער געשטאַלט נישט נאָר צוליב דעם רושם אויף פרעמדע באַזוכער און נישט נאָר צוליב די עווענטועל־לע קאָנסעקווענצן פון דעם דאָזיקן רושם, נאָר דער הויפּט לגבי זיך אַליין — עס זאָלן נישט צעטרייסלט ווערן די יסודות פון אונדזער נייעם לעבן, עס זאָלן נישט פאַרטונקלט ווערן די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שטרעבונגען, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעצויבערט אין דעם פּראָצעס פון אונדזער קאָלאָניזאַ־טאָרישער לאַנדווירטשאַפטלעכער שאַפונג.

עס איז אונדזער געבאָט צו שטיין אויף דער וואַך פון די דאָזיקע שטרע־בונגען אונדזערע ביז צו אונדזער לעצטן אָטעם, כל זמן מיר זעען נאָך אַרום זיך די קינדער אונדזערע, און כל זמן מיר זיינען אין פולער פּאָטענץ פאַרן בנין הארץ.

מיר זיינען געקומען פייערן דעם יובילויי פון נהלל נישט בלויז כדי צו פרייען זיך מיט די דערגרייכונגען און נישט בלויז כדי צו גלאָריפיצירן ווי וואָס האָבן דאָס אַלץ אויפגעטאָן. מיר זיינען געקומען אַהערצו, כדי אין דער סומאַטאָכע פון די איצטיקע טעג צו לאָזן הערן דעם עיקר העיקרים פון אונ־דזער אויפבוי־אַרבעט און כדי צו שטעמפּלען און אַראָפּצורייסן די איצטיקע פערווערסיע פון אונדזער געשטאַלט.

ס׳איז זייער וויכטיק, אַז מיר זאָלן אויף פאַרשיידענע עקאָנאָמישע געביטן אַרויסווייזן אונדזער קאַפּאַציטעט און שאַפן נייע מעגלעכקייטן פאַר אונדזער עקזיסטענץ און פאַר דער אַבסאָרבירונג פון אַ מאַסן־עליה, אָבער דער הויפּט־יסוד פון אונדזער לעבנס־בנין און פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג ליגט אין אויסברייטערן אונדזער לאַנדווירטשאַפטלעכן באַשטאַנד און שאַפונג. אונדזער מאָראַליש און קולטורעל געשטאַלט וואַקסט אַרויס פון דער דאָזיקער שאַפונג — דאַרף מען זי שטאַרקן און אַנטוויקלען אין אַלע באַדינגונגען און סיטואַציעס.

איך ווינטש נהלל, אַז אַזוי ווי איר אָנהויב האָט סטימולירט צו דער באַנייאונג פון דער קאָלאָניזאַציע, זאָל איצט איר יום־טוב באַוועגן צו מער אָנשטרענגונגען און עקספּאַנסיע פאַר דער אויסברייטערונג פון דער נאַציאָנאַלער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע.

---

## פון ביל״ו ביז דורות*)

אַ רעדע געהאַלטן אויפן יערלעכן „כינוס ציוני״ פון קרן היסוד. דאָסמאָל איז דער כינוס געווען געווידמעט די וועטעראַנען פון ביל״ו (צום 60־יאָריקן יובילײ פון ביל״ו) און די יונגנטלעכע פון דורות — דעם דאָזן יונגסטן פונקט. די רעדע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „המסד״־אויסגאַבע פון קרן היסוד, ירושלים, תשון תש״ג.

ווען מיר וואָלטן איצט זוכה געווען צו אַ ציוניסטישן קאָנגרעס וואָלט ער געטאָן דאָס וואָס מיר טוען דעם הײַנטיקן אָוונט: ער וואָלט געקרוינט די ציוניסטישע פרייד מיטן אָנדענק פון יאָר תרמ״ב — ער וואָלט געפייערט דעם זעכציק־יאָריקן יובילײ פון דער גרעסטער התחלה אין דער יידישער געשיכטע.

פאַראַיאָרן האָבן מיר געפייערט דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילײ פון דעם עמק, וועלכער לאָזט וואַקסן שפּייז, וועלכער גיט אונדז שיצער אין טעג פון אומרועס און פרייוויליקע זעלנער אין דער איצטיקער מלחמה און וועלכער שטעלט מיט זיך אויך פאָר אַ באַפעסטיקטע פּאָזיציע אין אונדזער פּאָליטישן

---

*) ביל״ו: בית יעקב לכו ונלכה; דורות: דוב ורבקה ותרצה — אַ קיבוץ אין דרום וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דוב האָז, זיין פרוי רבקה און טאָכטער תרצה וועלכע זיינען אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע.

גערענגל. מיר האָבן יענעם יובילײ געפּײערט מיט פרײד און גלויבן, מיר וואָלטן אָבער צו אים נישט צוגעקומען ווען נישט אַ פרײערדיקן יובילײ וואָס איז אויסגעפּאַלן מיט אַ פינף יאָר צוריק. אין יאָר 1937 איז דאָס געווען, אויפן צוואַנציקסטן קאָנגרעס אין ציריך. אויסגעמאַטערטע פון די ויכוחים און פון די פּאָליטישע רײַבונגען האָבן מיר איבערגעריסן די זיצונגען און זײַנען אַוועק קײן באַזעל פּײערן דעם פערציק־יאָריקן יובילײ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר זײַנען געזעסן אין קאַסינאָ־זאַל און ווען מ׳האָט אַרײַנגעטראָגן די פאָן — די פאָן פונעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס — האָט אונדז דורכגענומען אַ ציטער פון עקסטאַז און גלויבן. אין יענעם מאָמענט האָבן פאַר אונדזערע אויגן פאַרבײַגעשוועבט די שעפער פון קאָנגרעס, די מענער פון דער באַוועגונג, ווי אויך יענער אַנאָנימער שקל־קויפער וואָס אין זײַן נאָמען און מיט זײַן כוח זײַנען געשאַפן געוואָרן: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע; דער קרן־קימת וואָס לײזט אויס עמקס און בערג, דער קרן־היסוד וואָס בויט די עמקס און די בערג און די יידישע ישובים אין די שטעט און קאָלאָניעס... אין זײַן נאָמען איז געשאַפן געוואָרן דער אײנציקער לעגאַלער אַדרעס פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. דאָס איז יענער שקל־קויפער וואָס האָט אונדז געגעבן אינהאַלט און כוח אויפצוהאַדעווען און דערציען אַ גרויסן יידישן דור — דעם דור פון יונגן חלוציזם. מיר זײַנען פול געווען מיט דאַנקבאַרקײט צו די אַנאָנימע שעפער. און אַ סך פון אונדז וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו דער דערצײלונג פון דעלעגאַט צום ערשטן קאָנגרעס, ד״ר הײנריך לעווע, ווי אַזוי נעבן ווײַן־קעלטער פון ראשון לציון — צווישן די וואָגנס וואָס האָבן געבראַכט ווײַנטרויבן — איז ער געווײלט געוואָרן ווי אַ דעלעגאַט צום ערשטן קאָנגרעס, האָבן דאַן געפילט, אַז מיר וואָלטן נישט געפּײערט דעם פערציק־יאָריקן יובילײ ווען נישט דאָס יאָר 1882, ווען נישט יענער י״ט תמוז אין וועלכן די ערשטע גרופּע ביל״ויים איז אָנגעקומען אין פּאָרט פון יפו און ווען נישט יענער חמישה עשר באָב, ווען ראשון־לציון איז געגרינדעט געוואָרן.

אמת, מיר האָבן נאָך פרײערדיקע טײערע דאַטעס: דער טאָג ווען די גרינדער פון פּסח־תקוה האָבן פאַרלאָזט די מויערן פון ירושלים, דעם שטאָטישן לעבן, און זײַנען אַוועק קײן מלעבעס און געגרינדעט פּתח־תקוה; און דער טאָג, ווען אײניקע זײַנען אַרויס פון דער מיסטעריעזער צפת און געגאַנגען לײגן דעם יסוד פון גיא־אוני — די יעניקע וואָס אײנער פון די ערשטע שלוחי ציון, אליעזר רוקח פון צפת, צוזאַמען מיט פּיאָנערן פון רומעניע, האָבן זי שפּעטער פאַרוואַנדלט אין דער קאָלאָניע ראש־פּינה. יאָ, מיר האָבן דאַטעס נאָך פרײערדיקע פון ביל״ו און ראשון־לציון. אין „ספר הציונות״ פון חבר ש. יבנאלי, צווישן פאַרשײדענע אַלטע בריוו און דאָקומענטן, געפינען מיר אַ שפע מיט מאַטעריאַל וועגן דער ראָל פון דער ע ק ז י ס ט י ר נ ד י ק ע ר ארץ־ישראל אין דער דערוואַכונג פון ציוניסטישן ווילן.

עס וועט נאָך קומען אַ טאָג און מיר וועלן ערשט באַגרייפן די ראָל וואָס די דאָן פאַראַנענע ארץ־ישראל האָט געשפּילט אין אויפלעבן דעם ציוניסטישן באַגער מיט 65 יאָר צוריק. אָבער בעת פּתח־תקוה און גיא־אוני האָבן אָנ־געזאָגט דאָס צוריקקומען פון יידן צו דער ערד — צו לאַנדווירטשאַפט, זיי־נען ראשון־לציון און ביל״ו געקומען אָנצוזאָגן „שיבת ציון״ — דאָס צוריק־קערן זיך פון דעם פאָלק קיין ציון.

וואָס מיינט ביל״ו? נאָך פאַר דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ, פאַר קאַטאָוויץ און פאַר פּינסקערן, האָבן זיך צונויפגענומען און פאַרייניקט סטודענטן, וועלכע האָבן געגרינדעט אַ פאַריין, וואָס זיין צוועק איז געווען אַרויסצורופן אַ באַוועגונג און וואָס אין זיינע סטאַטוטן איז געווען געשריבן: „דער ציל פון דעם פאַריין איז — די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און די נאַ־ציאָנאַל־גייסטיקע רעסטאַווראַציע פון דעם יידישן פאָלק״. דער פאַריין האָט געשטרעבט אויפצושטעלן אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע, מיט אָפּטיילונגען אין איי־ראָפּע און אַמעריקע און מיט אַ פּאָליטישער ביוראָ אין איסטאַמבול. דער נאָענטער קאָנקרעטער ציל פון ביל״ו איז געווען — אַ קאָלאָניע פון 500 סטו־דענטן וואָס זאָלן פאַרלאָזן די רוסישע אוניווערסיטעטן און גיין קיין ארץ־ישראל צו לעבן דאָרטן אין אַ קאָמונע, דינען ווי אַ מוסטער, אויפצושטעלן אַ יידישע מוסטער־קאָלאָניע. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער ציוניס־טישער עליה. אויך די גרינדער פון ראשון־לציון האָבן אויף אַן ענלעכן אופן פאָרמולירט זייערע צילן: „די ערשטע קאָלאָניע שטרעבט נישט נאָר צו פּערזענלעכן ווילטאָג און רואיקן לעבן פאַר אירע חברים, נאָר אין אַ פיל גרעסערער מאָס — צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם הייליקן אידעאַל וואָס איז די גאַראַנטיע פאַר דער צוקונפט. די קאָלאָניע דאַרף זיין אַ מוסטער פאַר די וועלכע וועלן שפּעטער געגרינדעט ווערן, ווי אויך אַ באַווייז, אַז יידן זיינען מסוגל צו אַ ניי לעבן. די קאָלאָניע דאַרף זיין אַן אָנזאָגער — אַ קול מבשר — פאַרן יידנטום און אַ לעבעדיקער סימבאָל פאַר אונדזער נאַ־ציאָנאַלן אידעאַל״.

עס איז געלייגט געוואָרן אַ פונדאַמענט — דער ערשטער — און נאָך צענדליקער יאָרן איז קלאָר געוואָרן, אַז ער איז אַ פעסטער. די ביל״ויים און די מענטשן פון „חיבת ציון״ האָבן געהאַט אַ פּאָעט — דער דיכטער פון טרויער און נאַציאָנאַלער דערוואַכונג — שמעון פרוג. ער האָט אָנגעשריבן זיין „העברעאישע מעלאָדיע״ פון וועלכער מען האָט געמאַכט אַ הימן און וועלכע מ׳פלעגט זינגען מיט אַ כאָר אויף די פאַרזאַמלונגען פון די חובבי־ציון:

שאַרף איז דיין אויג און שטאַרק דיינע קניען,
אויף דעם שטעקן, פאָלק מיינס, האַלטסטו אין האַנט —
פאַרוואָס־זשע שטייסטו אין מיטן וועג
און דיין גרויער קאָפּ איז אַראָפּגעלאָזט?

צום עכּאָ פון פּאַרצייטישן געזאַנג — גיי פּאַרויס!
פון דער צוקונפטס שויס רופן דורות,
שטיי אויף צום לעבן — ווען קולות דונערן,
ווען שטורעמס זינגען דעם הימן —
שפּרייז פּאַרויס!

אין דעם ליד איז געלעגן אַ געבאָט, אַ פּראָגנאָז וואָס האָט געגעבן צייכנס. און איך, נאָך זעכציק יאָר, וועל אויסרעכענען עטלעכע אַזעלכע סימנים. דער גרינדער פון ראשון־לציון האָט געטרוימט וועגן גרינדן די ערשטע קאָלאָניע אין נ ג ב, עס איז אים אָבער נישט געלונגען און ער האָט זי אויפגעשטעלט נישט ווייט פון יפו. עס זיינען אַוועק צענדליקער יאָרן, עס זיינען אויפגעקומען אַ סך פּונקטן — גדרה, חדרה, זכרון־יעקב, ראש־פּינה, כנרת, דגניה, נהלל, עין־חרוד, קרית־ענבים... אָבער צום יובל־יאָר איז דערלאַנגט געוואָרן אַ מתנה: אויפן זעלבן אָרט ווו דער גרינדער האָט אַמאָל געוואָלט אויפשטעלן די ערשטע קאָלאָניע איז נאָך זעכציק יאָר אויפגעשטעלט געוואָרן — „דורות". פון ביל"ו, פון ראשון־לציון ביז — „דורות". — „דורות": דער ווילן פון ד ו ר ו ת ! „דורות": די קווינטעסענץ פון דער פּאָטענץ, וואָס האָט זיך געזאַמלט ד ו ר ו ת ־ לאַנג! „דורות": דאָס דאָזיקע ווערק געהערט צו ד ו ר ו ת !

אַ צווייטער סימן: מיר זיינען געווען אין ראשון־לציון אויף דער פייערונג פון איר זעכציק־יאָריקן יובילײ. איז דאָרטן געווען אַ מאָמענט, וואָס האָט געשאַפן דעם הויכפּונקט פון דער פייערונג: די זין פון ראשון־לציון, אין מיליטער־מונדירן, מיט אַן אייניקל פון דעם גרינדער פון ראשון־לציון — אָפיצער לעוואָנטין — אין זייער שפּיץ, זיינען אַרויף איבערנעמען פון די ערשטע קאָלאָניסטן די פאָן פון ראשון־לציון. דריי דורות האָבן זיך צונויפגעטראָפן: פאָטער, זון און אייניקל. דער זיידע האָט די קאָלאָניע געגרינדעט און דער אייניקל, אין מיליטערישן מונדיר, איז אַוועק מלחמה־האַלטן און באַשיצן אַז דער המשך פון ראשון־לציון זאָל נישט איבערגעריסן ווערן!...

און אָט איז דער דריטער סימן: דאָרט ווייט, אין דעם טאָל פון טרערן, איז פאַראַן אַ יידישער געטאָ אין וואַרשע. נעבן געטאָ איז פאַראַן אַ חלוצישע פערמע: גראָכאָוו. היט מען אין געטאָ אָפּ דעם חלוציזם. יעדן פרימאָרגן עפנט זיך דער געטאָ־טויער און די חלוצים ווערן אַרויסגעלאָזט צו גיין קיין גראָכאָוו — באַאַרבעטן די ערד און שאַפן שפּייז פאַרן געטאָ. יעדן פאַרנאַכט קערן זיי זיך אום אין געטאָ, וואָס ווערט הינטער זיי פאַרשלאָסן, ווי אין מיטלאַלטער. דער דיכטער משה באַסאָק, אין זיין ליד „הזורעים", זינגט:

אוי, וואַרשע! אויפגעשטורעמטע מאָמע־שטאָט!
קינדער קערן אום צום געמאַרק — ביים ראַנד פון אונטערערד.

אין האַרץ — געזאַנג פון ווייט־באַהאַלטן לאַנד,
נאָר ווי קייקלט מען אַראָפּ פונעם ברונעם דעם שטיין?

און ער ענדיקט:

דאָ — די אומעט־פאַרשפּאַרטע, די טרויער־פאַרהאַפטע,
זייער האַרץ איז אַ בייט. און ווער זיינען די זייער?
— „געזייט האָבן מיר, קינדער, און נישט אומזיסט —
דער קערן וועט פאַרשעמט נישט ווערן".

אין „דורות" און אין גת, אויפן פּראַגט, אין מונדיר, אין געטאָ, אין קאָנספּיראַציע: דער אָנהויב, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין תרמ"ב, האָט דאָרט אומעטום דערוויזן, אַז „דאָס אויג איז שאַרף און נישט געשטרויכלט איז די קני", — דער פּראָגראַם איז מקוים געוואָרן. און דאָס האָט געגעבן אינהאַלט פאַר די ווייטערדיקע זעכציק יאָר.

נאָך די זעכציק יאָר רעזומירן מיר: טויזנטער געפינען זיך אין אַזעלכע פּונקטן ווי „דורות", טויזנטער — אין מונדירן, אויפן פּראַגט, די וואָס מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיי אַ יידישע זעלנערין געבענטשט דורכן ראַדיאָ מיט אַ גוט יאָר — אַ שנה טובה — און געווונטשן: „זייט געטריי דער ביקס אַזוי ווי איר זייט געווען געטריי דעם גראָב־אייזן און דעם אַקער־אייזן"; טויזנטער — אין אונטערערדישער טעטיקייט, די וואָס היטן אָפּ די אוצרות פון חלוצישן געפיל און בענקעניש. זעכציק יאָר זיינען פאַרביי זייט די צייטן פון איגנאַטיעוו, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם באַלטער פּאָגראָם, ביז די טעג פון היטלער, דעם אָרגאַניזאַטאָר פון דעם אַלוועלטלעכן פּאָגראָם. דאָס איז געווען אַ ווולקאַניש קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע, אַ קאַפּיטל פון אומאויפהערלעכן ברעכן די יסודות פון אונדזער לעבן. וואָס אַלץ האָט זיך נישט צונויפגעוויקלט אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל? — ראַסן־אַנטיסעמיטיזם, פּאָגראָמען, רעוואָלוציעס, שפּאַלטונגען, טיפער גלויבן און גרויסע אַנטוישונג, שטאַרקע ליכט און שווערע שאָטנס — דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אינאיינעם. עס זיינען געווען די 14 ווילסאָן־פּונקטן, דאָס פאַר־זיכערן די מינדערהייטס־רעכט, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע... און קעגן זיי: נירנבערגער געזעצן און די עוויאַנער קאָנפערענץ וואָס האָט דעמאָנסטרירט פולשטענדיקע גלייכגילטיקייט צום גורל פונעם יידישן פאָלק. פון איין זייט איז געווען אַ געוויסע שטייגערונג אין יידישע רעכט, ס'זיינען אפילו געווען דערשיינונגען פון פּראָדוקטיוויזאַציע אין די גלות־לענדער און פון דער אַנ־דערער זייט — דלות און פּיין וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס נישט גע־זען.

און אינעווייניק, אינערהאַלב דעם יידישן פאָלק, גרויסע נאַציאָנאַלע וואַגונג און גאָר אַ סך דורכפאַלן. פון איין זייט — אַ סך ברייטהאַרציקייט

פון יחידים און פון דער אַנדערער — אומגעהויערע גלייכגילטיקייט. דאָ זייַנען אויפגעקומען נייע יידישע צענטערן און דאָרטן זייַנען חרוב געוואָרן און נעלם געוואָרן אַ סך פון די אַלטע. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט נייע סאָציאַלע שיכטן און עס זייַנען אַנטשטאַנען שווערע קאָנפליקטן צווישן זיי און די אַלטע. אַזוי האָט דאָס פאָלק דורכגעמאַכט די זעכציק יאָר ביז צו די היינטיקע טעג — דאָס פערטע מלחמה־יאָר.

נאָך טראָץ דעם וואולקאַנישן קאַפּיטל, דחקות, אַנטווישונגען, דורכפאַלן, אַטענטאַטן אויף אונדזערע ווערק, פון דרויסן און פון אינעווייניק, עבדות בתוך חירות און אינערלעכע רייבונגען — טראָץ דעם אַלעמען זייַנען די דאָזיקע זעכציק יאָר געווען אַ הערלעכער המשך צו דער ביל״וישער התחלה — די התחלה פון ראשון־לציון.

נאָך די דאָזיקע זעכציק יאָר לעבן מיר, עקזיסטירן מיר און גרייטן זיך ערשט צו קעמפן פאַר דער דאָזיקער עקזיסטענץ און אַלץ כדי צו פאַרווירקלעכן דעם ווילן פון די ערשטע. אַ דאַנק אונדזער מי אין די אַלע יאָרן האָבן מיר זוכה געווען דערצו, אַז איצט ווערן מיר אויפגעפאָדערט צו באַטייליקן זיך אין דער מלחמה־אַנשטרענגונג. מיר האָבן זוכה געווען, אַז ס'זאָל זיין ביי וועמען און וואָס צו פאָדערן: עס איז געשאַפן געוואָרן באַזעס פאַר אַ נייַ מין פאָדערונג פון אונדז. מיר — דער נעבעך פון דער וועלט — ווערן גערופן צו אַ וואָס גרעסערער אַנשטרענגונג.

פון ביל״ו ביז „דורות״ זייַנען מיר געווען ווידערשפעניק. די ביל״ויים, די מכלומרשטע „ניהיליסטן״, זייַנען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון מקוה־ישראל און מיכל פינעס וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו זאָרגן פאַר זיי, האָט אייניקע פון זיי געבראַכט קיין ירושלים און איינגעאָרדנט ביי אַרבעט — טישלערייַ און שלאָסערייַ. ער האָט דאַן געגרינדעט די חברה „שה״ו״ (שיבת החרש והמסגר — דער צוריקקער פון דעם מייסטער און דעם שלאָסער). פון דעם דאָזיקן וואַרשטאַטל האָבן מיר אַריבערגעשפּאַנט צו דער וויכטיקער אינדוסטרי־אויסשטעלונג אויף מאַנטעפיאָרע־גאַס אין תל־אביב.

מיר קומען זיך דאָ צונויף אין אַ צייט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גענעראַל־אַנגריף אויף אונדזער לעבן — אַ היסטאָרישער אַנגריף. מיר האָבן אָבער דאָס געפיל, אַז מיר וועלן אויסהאַלטן. מיט וועלכן כוח? מיט אונדזער אומאויפהערלעכן וווקס! מיט יענעם אַקצענט וואָס איך האָב אַרויסגעהערט פון אַ יונגער מוטער, וועלכע האָט געוויזן אויף איר זון — אַ קינד פון אַ חודש — און מיט חן און גאווה פון אַ נייעם יידישן יחוס האָט זי געזאָגט: „דאָס איז דער ערשטער ביל״ווישער אור־אייניקל״. פאָטער און זון און אייניקל און אוראייניקל — קאָנטינואיטעט פון דורות, און אין זייער נאָמען טראָגן מיר די פאָן.

די נאַכט, אין וועלכער ראשון־לציון איז געגרינדעט געוואָרן, איז געווען אַ וואַך־נאַכט. די גרינדער האָבן געשטראָמט צום אָרט ווו די קאָלאָניע

האָט געזאָלט געגרינדעט ווערן. די נאַכט איז צוגעפאַלן. זיי האָבן געבלאָנ־דזשעט, געטאַפּט אין דער פינצטער, און לעוואַנטין — איינער פון די ערשטע גרינדער — האָט אויף יענעם אָרט איבערגענעכטיקט איינער אַליין. אַלע אַנ־דערע זיינען זיך צעגאַנגען אין אַלע זייטן. איז אָט וואָס ער האָט דאַן גע־שריבן: „איך בין דאָרטן געזעסן און נאָכגעדענקט און אַלץ איז מיר יענע נאַכט דורכגעשוווּמען אין מיינע געדאַנקען. עס האָבן אין מיר אויפגעטויכט ספּיקות: איך האָב זיך דערמאָנט אין די אסיפות פון די חובבי־ציון אין קרע־מענטשוג און אין כאַרקאָוו פון וועלכע איך בין אַרויס מיט אַזויפיל גוטע האָפענונגען; איך האָב זיך דערמאָנט אין די פלאַם־פייערדיקע רייד וואָס יע־דער איינער פון די פאַרזאַמלטע האָט געלאָזט הערן און די הבטחות זייערע — געטריי צו העלפן מיר אין מיין אַרבעט... נו, וווּ־זשע זיינען זיי אַלע?" און ער ציט ווייטער די געדאַנקען: „מיינע הענט, וואָס זיינען געוווינט בלויז צו דער פעדער, צו מאַכן רעכענונגען פון דעביט און קרעדיט, וועלן זיי פעאיק זיין צו אַרבעטן מיט אַן אַקער־אייזן און אַרויסבאַקומען ברויט פון דער ערד? וועל איך טאַקע קענען טראָגן אויף איין אַקסל סנאָפּעס ווייץ, און אויפן צווייטן — די גאַנצע שווערע משא פון דעם פאָלק?" ס'האָט אָבער באַלד אויפגעלויכטן דער טאָג און — „מיט געזאַנג האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ פּאָר געצעלטן אויפן באַרג אויף וועלכן מיר האָבן פאַרבראַכט די נאַכט". דער פרימאָרגן וואָס האָט דאָרטן געלויכטן פאַר די גרינדער האָט דאַן אויפ־געלויכטן פאַר אונדז אַלעמען און ער וועט נאָך לויכטן פאַר אַלע בויער און זייערע נאָכפאָלגער.

ס'איז נישט מעגלעך צו רעזומירן די זעכציק יאָר און באַהויפּטן, אַז מיר האָבן דערגרייכט אַלץ וואָס מיר האָבן געדאַרפט. ניין! מיר זיינען אָבער גליקלעך מיט דאָס, וואָס מיר האָבן יאָ דערגרייכט. מיר זיינען גליקלעך, ווייל מיר האָבן געשאַפן דעם באַווייז, אַז מיר זיינען אימשטאַנד צו דער־שלאָגן זיך צו אַלץ וואָס איז נויטיק פאַר דער גאולה פונעם יידישן פאָלק. ביל"ו און ראשון־לציון זיינען פאַר אונדז נישט קיין לעגענדע וועגן אַלטע צייטן, זיי זיינען פאַר אונדז פּערמאַנענטע ווירקלעכקייט, אין אונדזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אין פאַרלויף פון די זעכציק יאָר. בענטשן מיר דעם אָנ־דענק פון יענע ווייניקע און מיר זיינען גליקלעך דערמיט וואָס מיר האָבן זוכה געווען צום סימבאָל פונעם דאָזיקן ליכט. די ביל"ויים וואָס זיצן דאָ מיט אונדז אין זאָל זיינען אַלט געוואָרן, זיי זיינען זאַט מיט יאָרן, איינ־דרוקן, ווייטיקן, אָבער אויך מיט גליק, דערפאַר וואָס זיי האָבן זוכה געווען צום ווערק פון „ד ו ר ו ת".

און דאָ, אויף דעם ציוניסטישן כינוס, אויף וועלכן ס'איז אַזוי שיין, אַזוי נאַטירלעך, צו פייערן דעם דאָזיקן יובילײ, לאָמיר זאָגן גאָר, גאָר פשוט: לעבן זאָל דאָס ווערק פון ביל"ו! זאָל לעבן די ביל"וויישע אידייע!

---

יוסף שפרינצאַק

# אין אָנבליק פון דעמאָראַליזאַציע

א רעדע אינעם „גאַרדאָן־טאָג" אין דגניה א'.
פאַרעפנטלעכט אין „ערכין" — א זאַמלבוך צום אָנ־
דענק פון א. ד. גאָרדאָן.

מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דגניה, דורכצושמועסן זיך וועגן אונדזע־רע ענינים — אין ליכט פון דער לעגענדע וואָס איז אַמאָל געווען אַ ווירק־לעכקייט און וואָס הייסט — א. ד. גאָרדאָן.

דער גאָרדאָן פון דער ווירקלעכקייט האָט אין זיין באַציאונג צו מענטש, לאַנד, וועלט קיינמאָל נישט גערוט, נישט אין געדאַנק און נישט אין זיין אויסגעדריקטן וואָרט. ער האָט געמאָנט אַ סך פון זיך און פון אַנדערע. מקיים זייענדיק זיינע פאָדערונגען — פיזישע און גייסטיקע — פון זיך אַליין, האָט ער געפאָדערט פון פאָלק אַ גרויסן גייסטיקן אויפשטייג, איבערצורייסן מיטן פאַראַזיטישן לעבנס־שטייגער און ווערן אַ פאָלק, וואָס זאָל עפּעס מחדש זיין אין זיך און אַרום זיך.

איצט, צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט, אין דעם טאָג פון זיין יאָרצייט, אויפן מיטל־וועג פון דער געשיכטע, איז אונדזער געבאָט צו פאַרטיפן זיך אין זיין לערע וואָס באַזירט זיך אויף „אונדזער חשבון מיט זיך אַליין", „אונ־דזער זעלבסט־אַנאַליז": דאָס מאַכן אונדזער אינערלעכן חשבון. בדרך־כלל פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט מאַכן דעם דאָזיקן חשבון: מיר האָבן קיין צייט נישט. שוין יאָרן ווי מיר לעבן אינעם שטאַרקן, אייליקן שטראָם פון לעבן. מיר זיינען זייער באַשעפטיקט, מיר זיינען פאַרכאַפּט מיט דעם אימפּעט, אויסצונוצן אַלע מעגלעכקייטן כדי צו שטאַרקן אונדזער עקאָנאָמישן און פּאָ־ליטישן כוח. מיר זיינען פאַרזונקען אין קאַמף קעגן דער בייזוויליקער פּאָלי־טיק און מיר זאָרגן — ווער אָפן און ווער דיסקרעט — פאַרן פּראָבלעם פון די באַציאונגען מיט די אַראַבער, פאַר שטאַרקן אונדזער שוץ־כוח, פאַר דער מאָביליזאַציע*). מיר זיינען זייער פאַרהאָוועט און מיר האָבן קיין צייט נישט, אַ ביסל צו אַנאַליזירן די סיטואַציע אין ישוב, וואָס פירט דערצו אַז... מיר זאָלן קיין צייט נישט האָבן. איז עס ממש אַ נויטווענדיקייט אַוועקצוזעצן זיך אויף אַ פּאָר שעה, כדי צו קאָנצענטרירן זיך און פאַרטראַכטן זיך: וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער ישוב אין וועלכן מיר לעבן? וואָס פאַר אַ גע־שטאַלט האָט ער און וואָס איז זיין ווערט, ווי אַ קעגנשטאַנד פאַר די צייט־געשעענישן און ווי שפּיגלט זיך אָפּ דער דאָזיקער קעגנשטאַנד אין די אויגן פון דער אַרומיקער וועלט?

*) די כוונה איז וועגן דער מאָביליזירונג פון פרייוויליקע פאַר דער בריטישער אַרמי אין ארץ־ישראל.

מיר האָבן אָפּגעשלאָסן צוויי קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון לאַנד: די געשעענישן און די מלחמה.

ווען אין יאָר 1936 זיינען אויסגעבראָכן די געשעענישן — די אַראַבישע אָנפאַלן — האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן אַריינצוגנבענען אַ שאָטן פון זאָרג אין אונדזערע הערצער — זאָרג פאַר דער לייכטזיניקייט וואָס האָט זיך גענומען נעסטן ביי אונדז. אָט האָט מען אינדערפרי געמאַכט אַ לויה פאַר די הרוגים און פאַרנאַכט האָט מען שוין געקענט הערן דאָס שווידערהאַפטע גרילצן פון דזשעז. אַזוי אין תל־אביב און אַזוי אומעטום אין די שטעט. מיר האָבן געזען פאַרלעך — פאַרלעך, פאַרכאַפּטע פון טאַנץ־שיכרות און מיר האָבן דאָס נישט געקענט באַגרייפן. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַזאַ מין „פילאָסאָפיע": אמת טאַקע — געשעענישן, הרוגים, אָבער מען טאָר נישט אַריינפאַלן אין קיין „מרה שחורה"... מען דאַרף זיך „דערמונטיקן", ווען דאָס אונדז געבן כוח אויסצוהאַלטן. מיר אָבער דאַכט זיך אַז דאָס איז געווען די התחלה צו יענעם לייכטן געמיט, וואָס פון אים האָבן זיך שפּעטער, אין די מלחמה־טעג, אַנטוויקלט שווער־נעגאַטיווע דערשיינונגען. אמת, דאָס דערשיינען פונעם גאַפּיר (איינער פון דער ספּעציעל־פּאָליציי) אין די ארץ־ישראלדיקע גאַסן, קאָלאָניעס און זידלונגען האָט אַביסל פאַרשטילט דעם דזשעז; די מאַסן־ביישטייערונגען פאַרן „כופר הישוב"*) האָט אַביסל מכפּר געווען און די זידלונגען פון „חומה ומגדל"**) — דאָס ווערק וואָס האָט אַזוי דערהויבן דעם ישוב אין יענע יאָרן — האָבן גלייך ווי אָפּגעמעקט די דאָזיקע לייכטזיניקייט.

דאַן איז געקומען די וועלט־מלחמה און צוריק אַרויסגעבראַכט דאָס לייכטע געמיט וואָס גייט אַרום אין ישוב; ס'גייט אַרום — מיט פאַרב און מיט קול. איר קענט דאָך די לאָזונגען־פאַרב, מיט וועלכער ס'זיינען אויסגעשמירט די ווענט פון די שטאָטישע הייזער, — אַ פאַרב, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּרייבן און וואָס קלעפּט זיך צו די ווענט פון אונדזער לעבן ווי פּאָליטישע פּאָרנאָגראַפיע... און דער קול — דער איבערגעריסענער קול — אַ כלומרשט אומבאַדייטנדיקע זאַך: דאָס איבערשיקן גרוסן פון זעלנער צו זייערע משפּחות — דורכן ראַדיאָ — איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל אויסגעלאַסענע בחורים און מיידלעך האָבן דאָס דאָזיקע ראַדיאָ־ווינקל — דאָס

*) „כופר הישוב" — אויסקויף פונעם ישוב — אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע וואָס האָט אין די יאָרן פון די געשעענישן (1936—1939) געזאַמלט פרייוויליקע ביישטייערונגען און פינאַנסירט די שוץ־אַקציע פון דעם ישוב.

**) „חומה ומגדל" — מויער און טורעם — אַזוי האָט מען גערופן די זידלונגס־פּונקטן וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין די יאָרן פון די געשעענישן, ווייל גלייכצייטיק מיטן באַזעצן זיך אויף דער ערד פלעגט מען אויפשטעלן אַ מויער און אַ טורעם — פאַר שוץ־צוועקן. איינציקע פּונקטן אַזעלכע זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין ריין אַראַבישע געביטן.

איינציקע אין דער וועלט פאַר יידישע זעלנער און אין העברעאיש, — פאַר־האַנדלט אין זייערס אַ „דזשעזי“*) — יאָ, די פאַרב און דאָס פאַרשטילן דעם קול — סימבאָליזירן אַ סך זאַכן.

די דאָזיקע צוויי דערמאָנטע דערשיינונגען זיינען נאָר אַ הקדמה צו אונדזערע אינערלעכע ווייטיקן אין די מלחמה־טעג. תל־אביב איז די הויפּט־שטאָט פון דעם נייעם ישוב. דאָ לעבט כמעט אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד. דאָ איז דער צענטער פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. לייגן מיר אָבער אַכט אויף דער שרעקלעכער אינערלעכער שנאה וואָס באַהערשט די דאָזיקע שטאָט? — שנאה פון איין קערפּערשאַפט צו דער אַנדערער, איין שיכט צו דעם צווייטן, איין טייל פון דער באַפעלקערונג צו דער אַנדערער? און די כוואַליעס פון קעגנזייטיקער שנאה גיסן זיך ערשט פונאַנדער איבערן גאַנצן לאַנד. מען האָט זיך ביי אונדז פיינט, גלייך ווי מיר וואָלטן נישט געווען איין פאָלק, איין לאַנד, איין געזעלשאַפט, נאָר ווי עמי־גראַנטן־באַנדעס, וואָס זיצן ערגעץ אין אַ טראַנזיט־פּלאַץ און וואַרטן אויף אַ וויזע. נישטאָ מער קיין אָנערקענטע אינסטיטוציעס, נישטאָ קיין אויטאָרי־טעט, ס׳איז דאָ בלויז אַ קאַמף צווישן רעפּרעזענטאַנץ־„זייטן“ און רעפּרע־זענטאַנץ־„קרבנות“; נישט זאַכלעכע קאַמפן, „רעפּרעזענטאַנץ“־קאַמפן. מיר האָבן אַ פּרעסע, וואָס וואָלט געקענט שפּילן אַ וויכטיקע ראָל, דערנידעריקט זי זיך אָבער טיילמאָל צו דער מדרגה פון רעוואָלווער־צייטונגען וואָס קיין זאַך איז פאַר זיי נישט הייליק. וואָס דו זאָלסט נישט טאָן, מעגסטו זיין זי־כער, אַז מען וועט דיך נישט סתם קריטיקירן, נאָר מען וועט דיך אַרומנע־מען מיט פאַרדאַכטן און העצערישע אויגן־ווינקערייען.

אַ „באַנדע“ בויט נישט קיין געזונטן ישוב, פאַרטיידיקט נישט דאָס פאַ־טערלאַנד, זאָרגט נישט פאַרן גורל פון פאָלק!

ווען איך רייד וועגן דער פּרעסע, האַלט איך פאַר מיין חוב אַרויסצונע־מען פון כלל אונדזער צייטונג „דבר“, טראָץ דעם וואָס זי ווערט שטאַרק קריטיקירט. אין דער דאָזיקער צייטונג זיינען אין די לעצטע יאָרן געמאַכט געוואָרן גרויסע אָנשטרענגונגען, כדי צו באַזייטיקן זיך פון יעטוועדער מיט־באַטייליקונג אין דער קאַמפּאַניע פון גיפט און שנאה. אמת, עס איז דאָ וואָס צו קריטיקירן און אפילו זאַכן וואָס זענען אויס מינדערוויכטיק. עס וואָלט, למשל, כדאַי געווען, אַז אונדזערע אַ צייטונג זאָל נישט דרוקן אפילו אַנאָנסן, וואָס פלעכטן זיך אַריין אין דער אַלגעמיינער דעמאָראַליזאַציע. אין די צייטן פון דער צווייטער עליה האָט מען אַמאָל דיסקוטירט וועגן אַ מודעה אין איינעם פון די ערשטע נומערן פון „הפועל הצעיר“: „לויפּט שנעל און באַשטעלט שיך ביים חבר ק.“ די דאָזיקע נאַאיווע רעקלאַמע האָט אַרויס־

*) דורכן דאָזיקן ראַדיאָ־ווינקל איז איבערגעשיקט געוואָרן אַ גראַטולאַציע צו א נישט געשטויגענער, נישט געפלויגענער חתונה.

גערופן אַ שטורמישן ויכוח: וואָס האָט אונדזערס אַ טריבונע צו טאָן מיטן ביליקן סטיל פון קרעמערישער רעקלאַמע? אַזאַ תמימותדיקער ויכוח איבער אַן אַנאָנס האָט אויסגעזען אַזוי נאַטירלעך אין יענע ערשטע טעג — אין דעם פרימאָרגן פון אונדזער באַוועגונג. דערווייל אָבער זײַנען מיר, כלומרשט, געגאַנגען ווייט פאָרויס און האָבן זיך דערווייטערט פון אונדזער נאַאיווער עמפּינדלעכקייט. און דאָך — פון דעם „לויפט שנעל" ביז צו „די פרוי וואָס וויל זײַן עלעגאַנט" און אַנאָנסן וועגן „טאַנץ־סאַלאָנען" און דאָסגלייכן — איז דאָס „גיין פאָרויס" צו האַסטיק. עפּעס זײַנען אַזעלכע מודעות אין סתירה מיטן וועזן פון אַן אַרבעטער־ און אַרבעטערנס־טריבונע אין דעם אַר־בעטנדיקן ארץ־ישראל. די רעדאַקציע מעג זײַן מער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מודעות וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג.

און ווו, אויבֿ נישט אין דגניה, ביים קבר פון א. ד. גאָרדאָן, זאָל איך ריידן וועגן דעם לערער־שטרייק? — פאַרן ועד לאומי*) שטייט אַ מין פּער־מאַנענטער „מעמענטאָ מאָרי": די דראָאונג פון אַ לערער־שטרייק — אַן אויטאָמאַטישן שטרייק. די לאַגע פון דעם לערער איז אַ שווערע, ער ליידט אַ סך, שוין יאָרן לאַנג ווי ער ליידט, אַ מין כראָנישע קרענק אַזאַ, האָט דאָס אים אַרייַנגעבראַכט אין אַ צושטאַנד פון פּערמאַנענטער שטרייק־היסטעריע. איר האָט דאָך מסתמא אַמאָל געלייענט די באַפעלן פון דער לערער־צענ־טראַלע: טאָמער וועט דער ועד־לאומי באַצאָלן נאָר אַ טייל פון געהאַלט, וועט אויסברעכן אַ שטרייק! אויב מען וועט אַלץ באַצאָלן און עס וועט פעלן בלויז אַ קלייניקייט — ווידער אַ שטרייק! די ווערטער „לערער־שטרייק" גייען נישט אַראָפּ פון די צייטונגס־שפּאַלטן. ס'איז אויסטערליש וואָס דווקא די העברעאישע לערער פון ארץ־ישראל גייען אין אַזאַ פוילן וועג.

די צרות פון דעם לערער זײַנען, דעם אמת זאָגנדיק, אַ פּועל־יוצא פון די צרות פון וועלכע עס ליידט דער ועד לאומי אַליין, דאָס הייסט, פון אומ־אויפהערלעכע אינערלעכע אַנאַרכישע אינטריגעס און פון אויסערלעכער גלייכגילטיקייט און אָפּהענטיקייט.

דער קאַמף מיט דעם דאָזיקן „אַרבעטס־געבער" — די פּערמאַנענטע שטרייק־בלאָקאַדע, אָן אונטערצושיידן צי איז דער מאָמענט אַ פּאַסיקער דערצו צי נישט, צי קלעפּט זיך דאָס צו דער אַלגעמיינער לאַגע און אירע באַדינגונגען צי נישט, דער קאַמף וואָס באַזירט זיך נישט אויף לאָגיק און אפילו נישט אויף אויסגעפּרוווטער פּראָפעסיאָנעלער קריגס־טאַקטיק — מוז פאַרפעלן דעם ציל. אַזאַ קאַמף שוואַכט נאָר אָפּ און שטרויכלט דעם פּראַק־טישן און מאָראַלישן כוח פון דער אינסטיטוציע קעגן וועלכער ער איז גע־ווענדעט, אַזוי אַז זי קען נישט אַנטקעגנקומען אפילו די געדעכטע פאָדערונגען

*) ועד לאומי — נאַציאָנאַלער קאָמיטעט — די העכסטע געוויילטע אינסטאַנץ פון דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

פון די אָנגעשטעלטע. די שאַבלאָן־געוואָרענע דראָאונגען מאַטערן נאָר אויס און פאַרטעמפּן די באַמיאונגען פון דער אינסטיטוציע פאַרצווזעצן די אָנ־שטרענגונגען, וואָס אַ דאַנק זיי איז דאָך אין די לעצטע יאָרן באַדייטנדיק פאַרבעסערט געוואָרן די לאַגע פון דעם לערער. און די דאָזיקע עלעמענטאַרע זאַכן איז שווער צו געבן צו פאַרשטיין די לערער. מיר זיינען אַמאָל געגאַנגען צו אַ לערער־פאַרזאַמלונג און געזאָגט: רבותי, לערער! מיר זיינען נישט קיין ועד לאומי פון דער בריטישער אימפּעריע, נאָר פון אונדז אַליין, די בוד־זשעטן זיינען אויך אונדזערע אייגענע און די „בטלנות" איז אויך אונדזערע אָן אייגענע — טאָ וואָס. מ׳שטיינס געזאָגט, קענט איר פועלן פאַכענדיק שטענדיק מיטן קאַנטשיק איבער אונדזער קאָפּ?

אָבער די לערער האָבן זיך אויפגעהערט איינצוהערן אין די רייד אפילו פון זייערע חברים און פריינט וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אויסצובעסערן דעם מצב פון חינוך. די לערער און די וואָס דיריגירן מיטן דאָזיקן אויס־טערלישן „קאַמף", ווערן מיטגעריסן מיט דער אילוזיע פון „אויסאיבן אַ דרוק" און פאַרגעסן אַלע גרעניצן, אַרויסווייזנדיק אומפאַרשעמטע אַראָגאַנץ אין באַציאונג צו די אינסטיטוציעס פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. דאָ שטעקט אַ סכנה פאַר דער עצם עקזיסטענץ פון דעם נאַציאָנאַלן העברעאישן שול־וועזן אין לאַנד.

צום אַלגעמיינעם נוסח פון אונדזער עפנטלעך לעבן מעג אויך צוגע־רעכנט ווערן דאָס קאַפּיטל ע ר נ ס ט ס י מ אָ ן. ביי אונדז מעג מען אַלצדינג, מען מעג רעדן וואָס עס קומט נאָר אויף דער צונג. אוודאי איז דאָ פּלאַץ פאַר שווערע גערדאַנקען וועגן דעם, ווי אַזוי מיר באַהאַנדלען דאָס פּראָבלעם פון אונדזערע באַציאונגען מיט די אַראַבער און דאָך — ערשט הערנדיק די באַרימט־געוואָרענע טעזיסן פון ערנסט סימאָן — פון זיין רעפע־ראַט אין בן־שמן — פילן מיר גוט אונדזער אומגליק. ווייַ איז אונדז וואָס מיר האָבן נישט קיין מלוכהשן כוח צו באַוואָרענען און איינצוימען. קענען מיר זיך דערלויבן אַזאַ איבערגעטריבענע וואָרט־פרייהייט אָן קיין שום חשבון פון באַדינגונגען און צייט? ווו נאָך עקזיסטירט אַזאַ פרייהייט צו ריידן וועגן אַלץ אין אַזעלכע טעג? אויב עמיצער האַלט, אַז ארץ ישראל קען נישט זיין אַזוי יידיש, ווי דער ציוניזם וויל עס, איז מעג ער וועגן דעם אַלאַרמירן אַ וועלט אָן וואַקלעניש, אָן פאַרזיכט, נישט רעכענענדיק זיך מיטן עווענטועלן שאָדן פון אַזאַ מין וואָרט־פרייהייט? איז דען דער יחיד פריי פון אונטער־וואַרפן זיך דער דיסציפּלין און דעם העכסטן אויטאָריטעט פון דעם כלל און באַזונדערס אין אַזעלכע ענינים אין בפרט אין קריגס־צייטן? און ווען איי־נער נעמט זיך אַליין אַזאַ איבערטריבענעם היתר פון וואָרט, קומט אַ צוויי־טער און נעמט זיך אַ היתר אויסצודריקן זיין קעגנגעזעצטע מיינונג אויף אַן אַנדער אופן: קומט אַן אויסוואורף וואָס האַלט זיך פאַר אַ פאַנאַטיקער און הייבט אַ האַנט אויפן מענטש פונעם פרייען וואָרט מיט וועמענס מיינונגען

ער איז נישט מסכים און דערביי רעכטפערטיקט ער זיך דערמיט וואָס — אַז מען מעג — מעג מען...

איבערגעטריבענע פּערזענלעכע פרייהייט, אַלגעמיינע וואַקכאַנאַליע פון שפּאָט, פּלוידעריי, שנאה און רעוואָלווער־סטיל — דאָס איז די אַטמאָספער אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק אונדזער עפנטלעך, געזעלשאַפטלעך לעבן...

דאָס איז די אַלגעמיינע פּאַן. מען מעג זיך אָבער אויך פאַרהאַלטן אויף אייניקע פּרטים פון אונדזער לעבן אין די איצטיקע טעג.

לאָמיר אייך דערציילן וועגן מיינס אַ קורצע רייזע פון תּל־אביב קיין ירו־שלים און צוריק. איך בין געפאָרן קיין ירושלים, אָפּצוהאַלטן אַ שמועס מיט איינעם פון אונדזערע מענטשן וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון אַ צייטונגס־אונטערנעמונג און איז איז אויסגעבונדן מיט אויסערן־קרייז. עס זיינען צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען און פאַקטן וועגן דעם וואָס ס'טוט זיך „אויסערהאַלב" אונדז, וועגן דעם געדאַנקען־גאַנג פון די נישט־יידן וואָס זיינען מיט אונדז דאָ אין לאַנד. עס האָבן מיך געערגערט די דאָזיקע ידיעות און באַזונדערס דער אינהאַלט פון אַ קורץ בריוועלע ביי מיר אין קעשענע: „אין געוויסע טיילן פון די היגע נישט־יידישע קרייזן הערשט אַ שלעכטע, פאַרדאַכטפולע באַצי־אונג צו יידן. צום אַלגעמיינעם „רעגולערן" אַנטיסעמיטיזם איז איצט צוגע־קומען די פאַרביטערונג פאַר שפּעקולאַציע און הויט־שינדעריי אין די שטעט. עס וועבט זיך אַ פאַרסמטע באַציאונג צו אונדז"...

צוזאַמען מיט מיר איז געפאָרן די יידישע פרוי פון אַן אָפיציר אין איי־נער פון די אַליאירטע אַרמייען. מיר האָבן זיך פונאַנדערגעשמועסט, זאָגט זי מיר: „איך קען אייך. יעדן טאָג האַלט איר ערגעץ־ווו אַ רעדע. אַלע האַלט איר אין איין אַרומלויפן, אין איין האַלטן רעדעס, אָבער איר זעט נישט וואָס עס טוט זיך אַרום אייך. מיין גורל האָט מיך פאַרבונדן מיט אַ קליינער גויישער סביבה, וואָלט איר געמעגט וויסן וויפיל שנאה און פאַרדרוס צו יידן עס ברויזן אין דער דאָזיקער סביבה. אַמאָל איז נישט געווען אַזוי. היינט וואָס פאַר אַ באַגריף זיי האָבן וועגן דער יידישער פרוי אין ארץ־ישראל!"

קומענדיק קיין ירושלים האָב איך זיך דערוווסט, אַז דעם זעלבן טאָג איז געקומען אַ בריוו פון איין הויכער אינסטאַנץ צו אַ צווייטער הויכער אינ־סטאַנץ און אין בריוו איז געשטאַנען: „עס רופט ביי אונדז אַרויס גרויס זאָרג די אינפאָרמאַציע וועגן די כוואַליעס פון שנאה וואָס קומט צום אויסדרוק אין בריוו פון זעלנער צו זייערע פאַמיליעס — שנאה צו ארץ־ישראל און צו די יידן; מיר בעטן דיך צו זאָרגן דערפאַר, אַז די דאָזיקע לאַגע זאָל זיך ענ־דערן". דער בריוו ענדיקט זיך גאָר פּשוט: „נישט שוין וויסן נישט די יידן, אַז די דאָזיקע בחורים וועלן נאָך דער מלחמה זיין וויילער צום ענגלישן

פּאַרלאַמענט? זיינען די יידןווירקלעך אַזוי גלייכגילטיק לגבי דער באַציאונג פון די דאָזיקע ווילער צו זיי?"

דערנאָך האָב איך פאַרבראַכט מיט דעם מענטש צו וועלכן איך בין געפאָרן. דערציילט ער מיר: וועגן אַ בריוו פון אַן אָפיציר וואָס האָט באַזוכט אַן אַרבעטער־זידלונגס־פונקט און איז פול מיט התפעלות פון דעם אָרט, פון לעבן פון די מענטשן און פון זייער ווערק. דערנאָך דערציילט ער מיר וועגן אַ בריוו פון אַ זעלנער: „אויב — שרייבט דער זעלנער — מען וועט נישט מאַכן אָרדענונג וועלן מיר דאָס אַליין „דעררלייזן". דוכט זיך — גאָר קלייניקייטן: הונדערטער, טויזנטער זעלנער באַקומען אורלויב און גייען אין שטאָט אַריין. ווי דער שטייגער איז, גייען זיי טרינקען ביר און נאָכן ביר לאָזן זיי זיך גיין זען אַ פילם. אָבער ווען זיי קומען צום קינאָ, ווייזט זיך אַרויס, אַז אַלע בילעטן זיינען שוין „אויספאַרקויפט". מער נישט — אַרום דער קאַסע פון קינאָ דרייען זיך אַרום צענדליקער יונגעלייט וואָס פאַרקויפן די זעלביקע בילעטן צו די זעלנער פאַר אַ הויכן פּרייז. איז דען אַ וווּנדער וואָס אין האַרץ פון דעם זעלנער, וועלכן מען עקספּלואַטירט אויף אַזאַ אופן אין זיינע אורלויב־שעהן, וואַקסט אַלץ מער די פאַרביטערונג?"

זאָג איך צו מיין מיטשמועסער:ביידע פאַקטן, וועגן וועלכע דו האָסט מיר דערציילט פאַרפליכטן אונדז צו טאָן עפּעס און זיי קענען טאַקע דינען אַלס אַן אָנהאַלט פאַר אונדזערע האַנדלונגען. מיר וועלן קעמפן קעגן דער שענדלעכער שפּעקולאַציע און מיר דאַרפן אויך ווייזן די פרעמדע אַלע יענע זאַכן וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם אָפיצירס התפעלות. דערביי מעגן מיר געבן צו פאַרשטיין, אַז אַזעלכע שענדלעכע דערשיינונגען זיינען — נאָך אַלעמען — נאַטירלעכע, עפּעס אַזוינס האָט דאָך אַמאָל געטראָפן אויך מיט דעם גרויסן ענגלענדער ב יי ר אָ ן : די איינוווינער פון דער גריכישער שטאָט מיסאָלאָנגי האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון עקספּלואַטירן זייער גרויסן פריינט און פון פאַרווונדן די עמפּינדלעכקייט פון דעם פּאָעט און קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון גריכנלאַנד. אָבער די באַציאונג פון דעם גייסט־רייכן לאָרד צום פאַרשקלאַפטן פאָלק איז דורך דעם נישט קאַליע געוואָרן. ער האָט געקענט אונטערשיידן צווישן דעם באַפרייאונגס־אידעאַל און צווישן דער אויפפירונג פון ברודיקע יחידים...

דערביי בין איך נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל באַשטאַנען אויף דעם, אַז מיר טאָרן נישט בלייבן גלייכגילטיק, ווייל די באַציאונג און פאַרשטענדע־נישט פון די פאַרשיידענע פעלקער וואָס קומען צו אונדז אין אַ צייט ווען ס'ליגט אויף אַ וואָגשאָל אונדזער גאַנצע צוקונפט איז פאַר אונדז באַזונדערס וויכטיק. איך גלויב, אַז צווישן די וואָס קומען אַהער זיינען פאַראַן פריינט און אַריסטאָקראַטישע פערזענלעכקייטן. לאָמיר זיך טרעפן מיט זיי און געבן זיי אויטענטישע אויפקלערונגען אַזוי, אַז זיי זאָלן גוט פאַרשטיין, אַז אמת טאַקע ס'זיינען ביי אונדז פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס די תאוה פון קריגס־פּראָ־

פיטן האָט זיי אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג, אָבער אונדזער געשטאַלט ווערט געפורעמט נישט דורך זיי, נאָר דורך דעם אויפבוי־ווערק; עס ווערט גע־פורעמט דורך יענע טיילן פונעם ישוב, וואָס זייער מאָראַל שטייט הויך און זייער אויפפירונג איז מער ווי קאָרעקט.

דער ענטפער פון מיין פּאַרטנער איז געווען אַ גאַנץ פּעסימיסטישער. מען דאַרף טאַקע — זאָגט ער — קעמפן קעגן שפּעקולאַציע און עקספּלואַ־טאַציע, וואָס מאַכן רייך דעם פּרט און דינען גלייכצייטיק אַלס העץ־מאַ־טעריאַל קעגן דעם כלל, אָבער עס איז שוין — לויט זיין מיינונג — שווער צו ענדערן די באַציאונג צו אונדז. עס האָט זיך שוין איינגעוואָרצלט עפּעס אַזוינס וואָס ס׳איז שווער אויסצורייסן. דערפאַר איז אויך שווער אַרויסצו־רופן אויפמערקזאַמקייט צו אונדזערע אויפקלערונגען. דאָ האָט ער ווידער אילוסטרירט מיט פאַקטן: ער קען גוטע ענגלישע יונגעלייט, וואָס נאָכן אָפּ־זיין דריי חדשים אין ארץ־ישראל זיינען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אויס־געשפּראָכענע אַנטיסעמיטן. ער באַגעגנט זיך אָפטמאָל מיט מענטשן, ווערט מיט זיי באַפריינדעט, שמועסט מיט זיי און פאַרבעט זיי צו זיך אַהיים, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום מיידן זיי אויס אפילו צו באַגריסן אים. און נאָך אַ מעשה: אַ נישט־ייד וואָס קען גוט דאָס יידישע פאָלק און זיין קולטור, רעדט אפילו אַ שיינעם העברעאיש און נאָך אַ פּאָר חדשים פון באַקאַנט־שאַפט איז זיך פאַר אים דער מענטש מודה: „איך טו אַלץ, וואָס נאָר מעג־לעך איז, אָבער איך קען נישט — נישט פיינט האָבן די יידן״... — ניין, מיין פּאַרטנער גלויבט נישט, אַז עס לאָזט זיך נאָך עפּעס ענדערן...

אַ נידערגעשלאָגענער האָב איך זיך צוריקגעקערט פונעם דאָזיקן שמועס.

אויפן וועג קיין תל־אביב איז מיט מיר מיטגעפאָרן אונדזערס אַ זשור־נאַליסט וואָס רעדט פּערפעקט ענגליש. הינטער אונדז זיינען געזעסן צוויי יונגע ענגלישע לופטפליער וואָס זיינען געקומען אויף אַ באַזוך אין לאַנד. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַן אינטערעסאַנטער שמועס. פאַרבייפאָרנדיק קרית־ענבים האָט אונדזער יונגערמאַן זיי גענומען דערציילן וואָס ס׳איז אַזוינס אַ קבוצה, וואָס איז איר לעבנס־אינהאַלט און וואָס איז, בכלל, די ציוניסטי־שע מיסיע אין ארץ־ישראל און אין פאָלק ישראל. די ענגלענדער, מיט די „פּייפּס״ אין מויל, האָבן זיך גוט צוגעהערט און פון מאָל צו מאָל האָבן זיי אויך געלאָזט פאַלן האַלבע פראַגן. ביסלעכווייז זיינען זיי אַריינגעצויגן גע־וואָרן אין שמועס און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן שוין גע־לייענט און געהערט און זיי האָבן אַ קולטורעלע באַציאונג צו די ענינים פון יידישן פאָלק. איך בין געזעסן און געשוויגן. ביי מיר אין קעשענע איז געלעגן יענער דערמאָנטער בריוו און אין האַרצן האָב איך געטראָגן אַלץ וואָס איך האָב געהערט אין ירושלים, בין איך די גאַנצע צייט געזעסן אין איין שרעק, טאָמער וואַרפן זיי באַלד אַריין אין שמועס די „פראַגן״... די פראַגע איז טאַקע געשטעלט געוואָרן, אָבער אין אַ גאַנץ אַנדער פאָרם.

איינער פון זיי האָט זיך אָפּגערופן אַזוי: „מיר זיינען געווען צוזאַמען מיט אייערע „באָיס", און מיר האָבן פון זיי קיינמאָל נישט געהערט אַזעלכע באַגייסטערטע רייד וועגן דעם וואָס דו דערציילסט אונדז. ווייזט אויס, אַז אויף די וואָס לעבן אין ארץ־ישראל, מאַכט דאָס נישט אַזאַ געוואַלדיקן רושם"...

מיר זיינען אָנגעקומען קיין תל־אביב. איך בין אַראָפּגעגאַנגען אויף ליליענבלום־גאַס. די גאַס האָט געראַשט פון מאַסן מענטשן. שטייען קופּ־קעלעך ־ קופּקעלעך; מענטשן האַווען־פּאַדען, מ׳שטופּט זיך און מ׳שטויסט זיך... פּלוצים באַווייזט עמיצער אַ קליין זעקעלע און אַלע אַרום לייגן זיך אָן אויף אים... כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז איך געפין זיך אויף דער „שוואַר־צער בערזע" פון רחוב־ליליענבלום. גראָד די גאַס וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם אָנזאָגער און קעמפער פונעם יידישן רענעסאַנס האָט זיך די תל־אביבער שוואַרצע בערזע אויסגעקליבן פאַר איר קאַראַהאָד...

איך בין אַרויס פון דאָרטן און ווען איך בין צוגעקומען צו אַלענבי־גאַס זיינען צו מיר דערגאַנגען די ערשטע ידיעות וועגן די מעשים פון דער שטערן־באַנדע.*) — צום דערגאַנצן די פּרשה פון יענעם טאָג האָט טאַקע מער נישט געפעלט ווי דער טעראָר־אַקט וואָס האָט דער „רויטער־אַגענטור" געגעבן אַ פּתחון־פּה צו ריידן וועגן „אַ יידישער באַנדע אין ארץ־ישראל וואָס שטייט אין פאַרבינדונגען מיט דער אַקס"...

אָט האָט איר אייך די איבערלעבונגען פון איין טאָג, אין די מלחמה־טעג, אין לאַנד. און דאָס אַלץ זייט ביי זייט מיט דער וואונדערלעכער ווירק־לעכקייט פון בנין הארץ, ביי דער זייט פונעם חלוצישן ווערק פון דעם יידישן אַרבעטער, וואָס האָט פאַר זיך אויסגעפורעמט אייגענע לעבנס־פאָרמען פון אידעאַליסטישער פאַרווירקלעכונג. און נאָך אַלעמען, לעבן דאָך צענדליקער טויזנטער נייע יידן אַזאַ מאַראַליש־דערהויבענעם לעבן!

מיר פלעגן זיך שטענדיק טרייסטן מיט דער מיינונג, אַז דער כוח פון דעם ישוב ליגט אין דעם מושב, דעם קיבוץ און אין דער קבוצה; אַז אונדזער זיכערהייט ליגט אין דער גרויסער הסתדרות העובדים וואָס איז אַזוי פול מיט אינהאַלט און פאַטענץ. וואָס קענען מיר אָבער טאָן, אַז דער פרעמדער, דער זעלנער וואָס פאַרברענגט ביי אונדז בלויז עטלעכע געציילטע אורלויב־שעהן, זעט דאָס יידישע דאָרף אפילו פאַר די אויגן נישט? אין דאָרף וואָלט ער געזען אַ נייעם יידישן לעבנס־שטייגער. זעט ער אָבער אין דעם לאַנד פון אונדזער רענעסאַנס בלויז די שטאָט און אַלץ וואָס זי קען אים אונטער־טראָגן! וואָס שייך דער הסתדרות איז אַ פאַקט, אַז זי קען נישט, אויף אַ דעצידירנדיקן אופן באַאיינפלוסן דעם לעבן אַרום זיך. אין תל־אביב לעבן מער ווי דרייסיק טויזנט הסתדרות־מיטגלידער, נו, לייגן זיי זייער סטעמפּל

*) די לייט פון לח"י (לוחמי חרות ישראל), וואָס זייער פירער איז געווען שטערן.

אויפֿן לעבן פֿון דער שטאָט, פֿון דער גאַס? — עס זעט אויס ווי אַ סימ־באָל: פֿון איין זייט גאַס שטייט דאָס הויז פֿון דער הסתדרות־עקזעקוטיווע און פֿונקט קעגנאיבער — אויף דער צווייטער זייט גאַס — געפֿינט זיך אַ קאַפֿע־הויז, ווו עס טרעפֿן זיך אַלע שפּעקולאַנטן פֿון שטאָט... און איין מלכות באַרירט נישט דאָס אַנדערע...

עס איז פֿאַראַן ערד־אַרבעט און פֿאַראַן שעפֿערישע יידישע ווירטשאַפֿטן — דער קיבוץ, די קבוצה און דער מושב — און זיי זעען אויס ווי אַ וועלט פֿאַר זיך אַליין. די השפּעה פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט אין ישוב דריקט זיך איצט אויס בלויז אין צוגענגלעכע פּרייזן פֿון „תנובה"־אייער. אונדזער לאַנדווירטשאַפֿט, וואָס אַן אמת, איז איצט באַשעפֿטיקט מיט עפּעס אַזוינס, וואָס וועט נאָך ברענגען פּרוכטן, — זי איז פֿאַרטאָן אין באַפֿעסטיקן און אויסברייטערן, אין שטאַרקן און פֿאַרגרעסערן, און פֿון דאָס אַלץ דאַרפֿן אַרויסוואַקסן גרויסע זאַכן און גרויסע מעגלעכקייטן פֿאַר דער צוקונפֿט. נאָר נאָך דעם אַלעמען באַשולדיק איך שווער אונדזער לאַנדווירטשאַפֿט דערפֿאַר וואָס זי האָט זיך איינגעשלאָסן אין איר אייגענעם לעבן. בדרך כלל, איז גוט אַזוי. מיר האָבן דאָך געגאַרט נאָך אַ לעבן מיט אַן אָנהאַלט און אַ פֿונדאַמענט און אַן אינהאַלט. אָבער אונדזער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער ישוב האָט געדאַרפֿט גלייכצייטיק דינען אַלס אינסטרומענט אויף אויסצופֿורעמען דעם געשטאַלט פֿון דעם ג אַ נ צ ן ישוב. די השפּעה פֿון אונדזער לאַנדווירטשאַפֿט איז אַן אומקלאָרע; זי האָט פֿאַרווישט און געלאָזט זיך אַליין פֿאַרווישן. האָט זי נישט מער דעם ווערט וואָס זי האָט געדאַרפֿט און געקענט האָבן.

און אַ פּאָר ווערטער וועגן דער יידישער אינטעליגענץ אין ארץ־ישראל. געווען אַ צייט ווען די אינטעליגענץ איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דעם גרויסן גוף — די אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. ס'איז אַמאָל פֿאַרגעקומען אַ ויכוח, צי דאַרף מען אויפֿשטעלן ביי אונדז אַן אוניווערסיטעט. א. ד. גאָרדאָן איז געווען פֿאַר און גראַד יצחק ווילקאַנסקי — קעגן. גאָרדאָן האָט אָנגענומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג, אַרויסגייענדיק פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעם יידישן אַרבעטער, פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער אונדז נויטיקער קולטור. איז שוין אָט צענדליקער יאָרן ווי עס קומען אַ סך אינטעלעקטועלע כוחות קיין ארץ־ישראל — קיין רחביה און צום הר־הצופֿים.*) זיי זיינען געגאַנגען מיט אונדז אין אַלע וועגן אונדזערע — אין פּראָג און אין ווין, אין וואַרשע און אין פּאַריז, פֿאַרוואָס זיינען זיי איצט נישט מיט אונדז? — אוודאי איז די אינטעליגענץ טעטיק, און מיט דער צייט וועלן נאָך זיין רעזולטאַטן פֿון דער דאָזיקער טעטיקייט, אָבער א י צ ט , ווו איז זי, די יידישע אינטע־

*) אויפֿן ה ר ־ ה צ ו פֿ י ם געפֿינט זיך דער העברעאישער אוניווערזיטעט: ר ח ב י ה איז אַ טייל פֿון דער נייער ירושלים.

ליגענץ — לערער, שרייבער, פּראָפעסאָרן, דאָצענטן? — זיי האָבן זיך איינ־געשלאָסן אין אַן ענגן קרייז און די גאַס איז באַהערשט פון שפּעקולאַנטן וואָס פאַרטונקלען און פאַרווישן יעטוועדן סימן פון אונדזער אויפלעבונג — פון דגניה און חולתא...*) פאַרקערט, ס׳זיינען דאָ בולטע סימנים פון פּאָ־ליטישער אַנאַרכיע אין ישוב. — לית דין ולית דיין. וואָס זשע טוט דערצו די אינטעליגענץ? צוליב דעם האָט עס גאָרדאָן געדאַרפט זיין אַן אָנהענגער פון אַן אוניווערסיטעט?

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אַמאָל אין אַלעקסאַנדריע — מצרים — פאַרמאַכט די „הייזלעך" און פאַרטריבן די הענדלער מיט לע־בעדיקער סחורה. איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט צווישן דער מצרי־שער רעגירונג און איינעם אַ קאָנסול פון אַ פרעמדער רעגירונג, וועלכער האָט אויפן גרונט פון די קאַפּיטולאַציעס**) פאַרטיידיקט די דאָזיקע הענד־לער. דאָרט איז אָבער געווען אַ פּאַשאַ, וועלכער האָט זיך נישט געלאָזט אונטערקויפן, האָבן די פרויען־הענדלער באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען יפו אין זייערע אַ האַנדלס־באַזע. און ראַפּטום האָבן אָנגעהויבן וואַקסן „הייזלעך" אויך אין דער יידישע יפו. האָט דאַן מיכאל האַלפּערין,***) זכרונו לברכה, איינגעאָרדנט אַ פאַרזאַמלונג אויף די זאַמדן פון יפו. ער איז געקומען אָנ־געטאָן אין זיין טשערקעסן־בורקע, געהאַלטן אַ שפּיז אין האַנט און זיך אַוועק־געשטעלט ריידן. ער האָט גערעדט פּשוטע דיבורים: „וועט מען זיך אַזוי ווי מיט אַ זונה באַגיין מיט אונדזער שוועסטער?" (בראשית, ל״ד - ל״א). אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען שווער געטראָפן געוואָרן די „הייזלעך" און אייניקע פאַרדעכטיקטע קרעמלעך און אין אַכט און פערציק שעה אַרום זיינען די שמוץ־נעסטן אין ארץ־ישראל ליקווידירט געוואָרן. איך בין לגמרי נישט קיין אָנ־הענגער פון אַזעלכע מיני אַקציעס, אָבער דער „מיטינג" אויף די זאַמדן און דער טאַט פון מיכאל האַלפּערין וועט פאַרבלייבן אין מיין זכרון אויף מיין גאַנצן לעבן.

עס מוז קומען אַ נייע ווענדונג אין אונדזער לעבנס־שטייגער. אמת, גרויסע ענינים און האַרבע פּראָבלעמען פאַרשלינגען אונדז. איבער אַלעם

---

*) ד ג נ י ה — די עלטסטע קבוצה; ח ו ל ת א — אַ פישער־קיבוץ אין גליל העליון.

**) קאַפּיטולאַציעס: טראַקטאַטן, אויפן סמך פון וועלכע אַ באַשטימטע מדינה באַקומט עקס־טעריטאָריעלע רעכט אינערהאַלב די גרענעצן פון אַן אַנדער מדינה צו משפּטן פרעמדע בירגער.

***) מיכאל האַלפּערין (1860—1919) — אַ לעגענדאַרע פיגור אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. איינער פון די גרינדער פון „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד. דער פאָטער פון דעם געדאַנק וועגן די יידישע גדודים אין דער ערשטער וועלט־מלחמה; איניציאַטאָר פון פּי־צוכט אין לאַנד און דערנאָך אַליין אַ פּאַסטוך. איינער פון די גרינדער פון „השומר" אין ארץ־ישראל.

אָבער שטייט דער וויכטיקסטער געבאָט פון דער שעה: ווי זעען מיר אַליין און ווי זעען אַנדערע דעם געשטאַלט פון אונדזער לעבן אין איצטיקן מאָמענט. איינער אַן ענגלישער מלוכה־מאַן האָט געזאָגט: איך בין שטאַרק באַזאָרגט פון דעם וווּקס פון אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד. גלייכצייטיק קומען אָן פון לאַנדאָן באַאומרוּעדיקע ידיעות וועגן יידן וואָס באַשעפטיקן זיך מיט שפּעקולאַציע. איז וועגן דעם וואָס ס׳קומט פאָר אין גלות־ווייטשעפּל קען מען נאָך אפשר ווי עס איז פּרווון פאַרענטפערן די יידן, אָבער דאָ, אינעם לאַנד פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און איינציקער יידישער האָפענונג, טאָר מען אפילו אויפן געדאַנק נישט אַרויפברענגען די באַרעכטיקונג פון אַזעלכע דערשיינונגען. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אונדז אַמאָל אַן אויסטראַלישער גענעראַל געזאָגט מוסר: „מיר זיינען געקומען צום לאַנד פון די נביאים, אַ לאַנד פון חלוצים — פאַרנעמט איר זיך דאָ גאָר מיט שענקעריי און מיט שיכור־מאַכן אונדזערע זעלנער וואָס זיינען געקומען מלחמה האַלטן! לייגט נישט קיין שטרויכלונג פאַר די פיס פון אַ בלינדן!“ דאַן האָט מען נאָך דאָס געקענט אַביסל באַרעכטיקן: אַלע זיינען געווען הונגעריק און די געטראַנק־הענדלער זיינען שטאַרק פאַראָרימט געוואָרן. אָבער היינט? ס׳איז נישט אמת, אַז מיר הונגערן! דער הונגער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ קעגן־כוח: דאָס ריזיקע ווערק פון דער הסתדרות, די קעגנזייטיקע הילף, ווי אויך דער עקאָנאָמישער אויפשטייג אין לאַנד.

אונדזער היסטאָרישע קאָרט ליגט אָפן אין לאַנד און אויב מיר וועלן נישט ראַטעווען דעם יידישן נוסח און דעם יידישן כבוד קען דער חשבון מיט אונדז זיין גאָר קורץ און האַרב. אונטער דעם באַוווּסטזיין איז ביי אַלע גויים פאַראַן עפּעס פון אינקוויזיציע־גייסט אין באַצוג צו יידן. ארץ־ישראל איז פול מיט ענגלענדער, אויסטראַליענער, טשעכן, גריכן און באַלד וועלן אויך קומען אונדזערע „היסטאָרישע פריינט“ — צענדליקער טויזנטער פּאַליאַקן... מוזן מיר ראַטעווען זיך און דעם כבוד אונדזערן.

מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם מוזן מיר אַ סוף מאַכן צו דער וואַקכאַנאַליע און דערקלערן: נישט ווי מיט אַ זונה וועט מען זיך בגיין מיט אונדזער שוועסטער!

ווער וועט עס טאָן? יענע צענדליקער טויזנטער וואָס קאָנצענטרירן זיך אַרום די אידייען פון א. ד. גאָרדאָן.

עס איז אַמאָל געווען אַ פאַרפאַל מיט די „ווייץ פון דגניה“: אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דגניה אַמאָל געהאַט פאַרקויפט עטלעכע זעק מיט ווייץ צו אַ פּריוואַטן סוחר און דערפאַר באַקומען עטלעכע בישליקס מער ווי אין „המשביר“. האָט גאָרדאָן געקערט וועלטן: ער האָט אין דעם איינגעזען שפּעקולאַציע. ער האָט נישט אויפגעהערט צו דיסקוטירן וועגן דעם. איז אַז איצט קומען פאָר אַזעלכע סקאַנדאַליעזע זאַכן אין אונדזער לעבן וועלן מיר בלייבן גלייכגילטיק?

אינעם טאָג פון גאָרדאָנס יאָרצייט מעג מען מודה זיין, אַז דער איינ־פלוס־קרייז פון גאָרדאָנס מאָראַל איז נישט קיין גאָר ברייטער. ער האָט משפּיע געווען בלויז אין קליינע אינדזעלעך! אָבער פון די דאָזיקע קליינע אינדזעלעך דאַרפן איצט אַרויס דער רוף און דער טאָט צו ענדערן די גאַנצע סיטואַציע. מיר שטייען טאָקע פאַר פּאָליטישע פּראָבלעמען און מען דאַרף גיין קיין ענגלאַנד, קיין אַמעריקע; עס פאָדערט זיך אַ גרויסע וואָלונטערן־באַוועגונג אאַז״וו, אָבער ביי דעם אַלעמען מוזן מיר קודם־כל אונטערזוכן דאָס געשטאַלט פון ישוב, וועלכער שטעלט מיט זיך איצט פאָר אַ גרויסן פּאָליטישן פאַקטאָר אין לעבן פון דעם יידישן פאָלק און פון וועלכן עס הענגט אָפּ גאָר אַ סך.

אין איצטיקן מאָמענט ווענד איך מיין בליק צו די עמקס*): פון דעם גייסט, וואָס לעבט דאָרט, מוז קומען אונדזער הילף, מוז קומען אַ תיקון פאַרן געשטאַלט פון אונדזער לעבן אין איצטיקן מאָמענט.

---

# אונדזער אָריענטאַציע

איך שטיי און טראַכט: די דאָזיקע טריבונע — ווי גרויס איז איר כּוח קעגנאיבער דעם ישוב? אין זיין היינטיקן געשטאַלט איז דער ישוב אַ פאָלקס־אייגנטום, וואָס דאַרף אויסהאַלטן דעם פּרווו פון דער געשיכטע און וועט אים אויסהאַלטן. דער דאָזיקער ישוב פאַרמאָגט מעלות, ס׳איז אין אים פאַראַן אַ סך שאַפונג, ס׳איז אין אים דאָ לעבן, אָבער היינט צו טאָג הערשט אין אים געפערלעכע לייכטזיניקייט. און לאָמיר זיך נישט טרייסטן, אַז אונדזער מחנה איז אין אָרדענונג, מיר מוזן טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם געשטאַלט פון דעם גאַנצן ישוב. איז באַשעפטיקט מיך די פראַגע: וועט פון דער דאָזיקער טריבונע אַרויס דער קלאַנג וואָס זאָל אויפטרייסלען אַלע טריבונעס אין ישוב? ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

מיר זיינען אַ פאָלק מיט אַן אָריענטאַלישן טעמפּעראַמענט און דערפאַר ריידן מיר אַזויפיל וועגן אָריענטאַציע. איך וועל זיך באַנוצן מיטן אויסדרוק „אָריענטאַציע אויף זיך אַליין״, ווי עס האָט געזאָגט איינער פון די רעדנער און איך וועל פאַרלאַנגען אָריענטאַציע אויף דער מיטגלידערשאַפט אין דער הסתדרות. איך דאַרף די אָריענטאַציע נישט צוליב „ואהבת לרעך כמוך״, נאָר כּדי דער כּוח וואָס רופט זיך הסתדרות, זאָל מיט זיין מאָראַלישן ווילן

---

*) אַ פּאַראַפראַזע פון דעם פּסוק: אשא עיני אל ההרים — מאין יבוא עזרי (איך הייב אויף מיינע אויגן צו די בערג: פון וואַנען וועט קומען מיין הילף?) — תהלים קכ״א, א׳. — באַמ. פון איבערז.

באַצווינגען דעם גאַנצן ישוב. אונדזערע בירגערלעכע עלעמענטן באַמיען זיך צו טאָן עפּעס אויף צו להכעיס, און ס׳פרעגט זיך, צי וועלן מיר האָבן גענוג כוח אָנצופירן מיטן ישוב אין גרויזאַמע גורל־מאָמענטן?

איך געהער צו די אָנהענגער פון אַן ענגליש־אַמעריקאַנישער אָריענטאַציע. מיר זיינען נישט קיין קלייזל פון באַגייסטערטע, אָדער דענערווירטע דעמאָנסטראַנטן. מיר זיינען אַ דערפאַרענער און טיף־פאַרוואָרצלטער כוח. עס דאָמינירן ביי אונדז צוויי גלייכווערטיקע פאַקטאָרן: דער נוצן און די זעלבסטווירדע. זעלבסטווירדע נישט צוליב פּרעסטיזש, נאָר ווי אַ דערציערישער אימפּעראַטיוו. און אַן ענגלישע אָריענטאַציע שטייט נישט אין קיין שום סתירה דערצו. מיט 90 יאָר צוריק האָט זיך ענגלאַנד שיעור נישט פאַרפלאָנטערט אין אַ מלחמה; דער אָפיציעלער מאָטיוו איז געווען: אַ ייד, אַ בירגער פון ענגלאַנד און אַן איינוווינער פון אַטען, איז באַרויבט געוואָרן פון זיין הויז און פאַרמעגן. די ענגלישע רעגירונג האָט באַשלאָסן צו שיצן אים און זי האָט אַרויסגעשיקט דריי שיפן צו די גריכישע וואַסערן. דער אָפיציעלער מאָטיוו (מסתמא זיינען געווען אויך אַנדערע מאָטיוון), ווען דער פּרעמיער פּאַלמערסטאָן האָט געבראַכט פאַרן ענגלישן פּאַרלאַמענט איז געווען: צי דען דערפאַר וואָס דאָן פּאַציפינאָ (אַזוי האָט ער געהייסן) איז אַ ייד איז אַלץ הפקר?! — גאַנץ ענגלאַנד האָט אַפּלאָדירט דעם פּרעמיער און דער גאַנצער פּאַרלאַמענט האָט זיך געשטעלט אויף זיין זייט. זיינען פאַרביי נײַנציק יאָר און דאָס מאָל אַפּעלירן מיר צום געוויסן פון דער גאַנצער ענגלאַנד — נישט נאָר פון דעם, אָדער יענעם רעפּרעזענטאַנט.

מיר זיינען געווען אין לאַנד אויך אונטער די טערקן. ס׳זיינען געווען שווערע צייטן, ס׳זיינען געווען פאַרפאָלגונגען קעגן דעם ציוניזם. מיר האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו פּראָפּאַגאַנדירן: „יידן, נעמט אָן אָטאָמאַנישע בירגערשאַפט!" מיר האָבן דאָס פאַרבונדן מיט דעם היסטאָרישן חסד פון טערקיי — די איינציקע מדינה וואָס האָט דורות־לאַנג אַרויסגעוויזן אַ גוטע באַציאונג צו יידן. מיר האָבן נישט געוואָלט זיין קיין ציגיינער. קיין פּאָליטישע ליגיע ענדערט מען נישט אַזוי שנעל, נישט אין טעג פון טריאומף און נישט אין טעג פון טרויער. די דיריגענטן פון אונדזער אָריענטאַציע זיינען — אונדזער אינטערעס און אונדזער רעאַלער נוצן. מער נישט, אונדזער זעלבסטווירדע פאַרפליכטעט אונדז צו פאַרטיידיקן אונדזער כבוד, איינצושטעלן זיך אין פאַל פון אַן עולה.

וואָס שייך דער רוסישער אָריענטאַציע: ווען האָט אונדזער באַוועגונג געהאַט אַ פיינטלעכע שטעלונג צו דער אמת־סאָציאַליסטישער רוסישער שאַפונג? איז וואָס אייגנטלעך פאָדערט מען דאָ פון אונדז? אוודאי ווינטשן מיר דער רויטער אַרמיי אַ נצחון; אַלע אָנשטרענגונגען וואָס מיר מאַכן דאָ זיינען אַ ביישטייער צו איר נצחון, אָבער די שאַפונג אונדזערע איז וויכטיק נישט ווייניקער פון די קאָלכאָזן. נישט נאָר די קבוצה אָדער דער קיבוץ —

דער מושב איז אויך נישט ווייניקער וויכטיק. די בעסטע אילוסטראַציע צו דער דאָזיקער באַהויפּטונג איז אונדזער ווערק אַליין.

איינער פון די רעדנער האָט דאָ אויסגערופן מיט גרויס התלהבות: אַזוי ווי אַ זעלנער וואָס גייט מלחמה־האַלטן דאַרף מיטנעמען שפּייז אויפן וועג — פונקט אַזוי נויטיקט ער זיך אין אַן אָריענטאַציע. גוט. און אונדזער אָר־יענטאַציע האָט געשריבן די אַפּיצירשע וואָס מיר האָבן זי דאָ געהערט. איך האָב זיך צוגעהערט צו אירע ווערטער און געטראַכט: פון וואַנען נעמען זיי זיך? ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז איינס פון די ערשטע חיבת־ציון־לידער, אָנגעשריבן פון דער דיכטערין שרה שאַפּיראָ:

נישט קיין טוי און נישט קיין רעגן —
מיינע טרערן, ציון, וועלן דיינע בערג באַפייכטן.
נישט קיין פייער און נישט קיין זון —
אונדזער בלוט, ציון, וועט דיינע הימלען רויטלען".

טרערן פון מיליאָנען מאַכן פייכט די ערד פון אונדזער לאַנד און דאָס בלוט פון מיליאָנען מאַכט רויט זיינע הימלען. אָט דאָס איז די אָריענטאַציע! דער בעסטער באַוויז: אונדזערע זעלנער וואָס גייען קיין טעהעראַן, ווו זיי וועלן זיך טרעפן מיטן רויטאַרמייער, פונקט ווי זיי וועלן זיך טרעפן מיטן — יידישן זעלנער, וואָס דינט אין דער פּוילישער אַרמיי, אין דער גריכישער און אין דער רוסישער. וועט מען באַגרייפן די דאָזיקע אָריענטאַציע, וועט קיין מחיצה נישט זיין צווישן דער שאַפונג אויף דער וואָלגע און דער שאַפונג אין עמק־הירדן!

עס וואָלט געווען גלייכער צו שפּאָרן אין רייד און מערן דעם כוח. דאַן וועלן מיר קענען באַהאַנדלען אונדזערע ענינים מיט אַ קלאָרן קאָפּ און נישט פאַרשיכורט ווערן פון רייד וואָס געהערן נישט צו דער זאַך, נישט צו דער צייט און נישט צו דעם טאָט!

---

## „פּרקי בנים"

א רעדע אויף א פייערלעכער געזעגענונגס־זי־צונג פון ועד־הפּועל פון דער הסתדרות — לכבוד די מאָביליזירטע פון די ארבעטער־ווירטשאַפטן. — געדרוקט אין „דבר" פון 19טן אָקטאָבער, 1942.

דאָ געפינען זיך מאָביליזירטע, חברים פון אונדזערע ווירטשאַפטן, קינ־דער פון אונדזערע ווירטשאַפטן, קולטור־טוער און שרייבער. וויל איך, אַנ־שטאָט באַגריסונגס־ווערטער, איבערגעבן אייך איינדרוקן מיינע פון עטלעכע טעג צוריק. איך בין געווען אויף דער קאָנפערענץ פון די מושבים אין נהלל.

עס זיינען דאָרטן געווען פאַרשיידענע דערשיינונגען און צווישן זיי איינע וואָס גיט אָפּ, לויט מיין מיינונג, כבוד די קולטור־פאָרמען צו וועלכע מיר האָבן דערגרייכט. עס זיינען דאָרטן דערשינען אַ חברה, אַן אָפּיצירשע און פינף אונטעראָפּיצירשעס. צוויי פון זיי האָבן געהאַלטן רעדעס וועלכע האָבן געדויערט עטלעכע געציילטע מינוטן. אָבער אין די דאָזיקע ווייניקע מינוטן איז געזאָגט געוואָרן אַזויפיל, אַז אפילו אונדזערער אַ געניטער און דערפאַרענער רעדנער וואָלט דאָס נישט באַוויזן צו זאָגן אין פאַרלויף פון שעהן. אין זייערע רעדעס איז געווען איין צענטראַלער געדאַנק: דאָ איז אַ קאָנפערענץ פון די מושבים, דאָ איז שאַפונג און פּראָדוקציע און אַ סך אַגריקולטור און מיר קומען צו אייך ווי אַ ר ב ע ט ס ל אָ ז ע. מיר זיינען סערזשאַנטינס און קאַפּראַלינס וואָס דאַרפן געבן יונגע מיידלעך אַ מיליטערישע צוגרייטונג. — האָבן מיר דערווייל נישט וועמען צוצוגרייטן — זיינען מיר טאַקע „אַרבעטסלאָזע״. אַ צווייטער צענטראַלער געדאַנק אין זייערע רייד איז געווען: דער דאָזיקער אויפטו פון די זעלנערנס — אַן אויפטו וואָס איז געלונגען — האָלט ביים חרוב ווערן. עס לויערט אַ געפאַר, אַז דאָס יידישע געשטאַלט זאָל פאַרווישט ווערן. מיר זיינען דאָך אַהער געקומען ווי קעמפערינס פאַר יי ד י ש ע ר אַ ר ב ע ט אין דער איצטיקער מלחמה, פאַר אָפּהיטן די יידישע אַרבעט אין אונדזער דאָרף. איינע פון די רעדנערינס איז אַן אַקטיווע טוערין אין דער הסתדרות. די אַנדערע איז אַן עולה פון דייטשלאַנד. דער יחוס־בריוו פון איר משפחה — פון אַ באַקאַנטער דייטשער שטאָט — ציט זיך זייט דעם 14טן יאָרהונדערט. איצט, ווייט אַריבער פינף הונדערט יאָר, קומט צו אונדז אַן אור־אור־אור־אייניקל פון דער משפחה און מיט ראַפינירטער הויכער קולטור, מיט טיפער עמפּינדונג פון דעם פּאָליטישן אַספּעקט טרעט זי אויף פאַר דער קאָנפערענץ און רעדט וועגן יידישער אַרבעט.

און נאָך אַן עפּיזאָד — אין זעלבן נהלל. די קאָנפערענץ איז איבערגעריסן געוואָרן און מיר זיינען מאַסנווייז אַוועק צו חבר שמואל דיין אין שטוב אַריין, כדי בייצוזיין די חופּה־צערעמאָניע פון אַ יונג פּאָרל: אַ טאָכטער פון דיין און אַ זון פון אַ נהללער תושב, אַ לערער, האָבן חתונה געהאַט. צוליב מאָרגנס נאָך דער חופּה זיינען ביידע אַוועק זיך מאָביליזירן. קוקט אויף זיי דער כלהס באָבע און זאָגט: דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן זע איך אַ כלה — אַ סאָלדאַט...

איך האָב געפונען פאַר נויטיק איבערצוגעבן די דאָזיקע איינדרוקן אויף דער איצטיקער מסיבה, ווו עס זיצט דער ועד הפועל און אַרום אים — קינדער פון אונדזערע ווירטשאַפטן, קינדער פון די וואָס בויען דעם ישוב און די הסתדרות; זיי זיצן אין דער געזעלשאַפט פון הויכגעשטעלטע געסט און צווישן זיי — דער שרייבער א. ז. אשכולי, וועלכער האָט דאָ גערעדט וועגן דוד הראובני און דער גרויסער יידישער העזה — און אַליין האָט ער,

אשכולי, זיך מאָביליזירט צו אונדזער מלחמה. דאָ געפינט זיך אויך חבר מ. בן־אלול — דער רעדאַקטאָר פון „במעלה"*) — אויך אַ מאָביליזירטער.

איך האָב געהאַלטן פאַר נויטיק צו דערציילן עפּעס פון נהלל, וועלכע האָט איצט געשיקט צו דער מאָביליזאַציע פינף זין אירע. די עפּיזאָדן וועגן וועלכע איך האָב דערציילט האָבן אין מיר דערוועקט געדאַנקען: מיר האָבן אַ ספר „פּרקי־אבות" (קאַפּיטלען פון אונדזערע אור־אור־אור־עלטערן); דער דאָזיקער ספר איז אַן אוצר פון טיפער חכמה, אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון דורות. איז אָט אין אונדזער תקופה — פון די ביל"ו־טעג ביז צו „אַ כלה — אַ סאָלדאַט" — וועבט זיך און שאַפט זיך אַ נייער אוצר: פּרקי־בנים.

הלוואי זאָלן זיך די „פּרקי־בנים" האַרמאָניש צונויפשליסן מיט די „פּרקי אבות"; זאָלן זיי שטאַרקן אונדזער יציאת־חורבן און אונדזער בייזשטייער צו דער מפּלה פון דעם שונא וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט די שנאה פון דורות. מיט די נייע פּרקי־בנים ווערט געטראָטן אַ וועג צו אונדזער צוקונפט.

---

## פון דעם איינצלנעם ישוב ביז צום ראַיאָן־בלאָק**)

דערעפענונגס־רעדע אויפן צוזאַמענקום פון די ראַיאָן־בלאָק־קאָמיטעטן אין יאָר 1943.

מיר זיינען דאָ אויף אַ לאַנד־צוזאַמענקום פון ראַיאָן־פאַרטרעטער פון דעם אַרבעטנדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב. נעכטן זיינען מיר געווען אויף אַן אַנדער צוזאַמענקום — דער צוזאַמענקום פון יידישן טרויער, די סעסיע פון דער „אסיפת הנבחרים"***) וואָס איז געווען איינגעאָנצן געווידמעט דעם מצב פון אונדזער פאָלק אין דעם שרעקלעכן שלאַכט־הויז אין אייראָפּע. אויף דער דאָזיקער סעסיע זיינען אַלע געווען פאַרייניקט אין געפיל, טרויער, צאָרן און מאָנונג. דעם טרויער האָט נאָך פאַרטיפט די נידערשלאָגנדיקע עמפינדונג, אַז דער צאָרן איז אַ מאַכטלאָזער. איינער אַ רעדנער האָט אַרויסגעווייטיקט... „אויב עס וועט אונדז קלאָר ווערן, אַז מיר האָבן זיך נישט צו ווענדן, אָדער אַז עס קומט נישט קיין ענטפער פון די צו וועלכע מיר ווענדן

---

*) „במעלה" — וואָכנבלאַט פון דער אַרבעטס־יוגנט (הנוער העובד).

**) אין אָריגינאַל: „מן הנקודה אל הגוש".

***) „אסיפת הנבחרים" — די פאַרזאַמלונג פון די געוויילטע: די העכסטע רעפּרעזענטאַנץ פון דעם ישוב.

זיך מיט אונדזער געשריי — טאָ וואָס וועט אונדז דערפון אַרויסקומען? לאָ־מיר זשע בעסער בלייבן אַליין מיט אונדזער ווייטיק און טאָן דאָס וואָס עס לאָזט זיך טאָן דורך אונדז אַליין". ציטערדיקע קלאַנגען פון אַזעלכע ווערטער האָבן מיר שוין אַמאָל געהערט אין דעם באַקאַנטן ליד פון שמעון פרוג — געשריבן אין יאָר 1903, נאָכן קישינעווער פּאָגראָם: „אונדזערע הענט זייַנען קורץ — מלחמה צו האַלטן"... אמת, עפּעס האָט זיך פון דאַן אָן דאָך געענדערט: נעכטן, אויף דער סעסיע פון דער אסיפת הנבחרים, און הייַנט, אויף אונדזער דאָזיקן צוזאַמענקום, רופן מיר צו טאָן דאָס „וואָס עס לאָזט זיך טאָן דורך אונדז אַליין", ביים בויען און באַפעסטיקן יענע סטראַטעגישע באַזע וואָס נאָר זי אַליין קען ראַטעווען און אויף איר אַליין קען זיך שטיצן אַ יידישע מלחמה אין שוץ פון דעם פאָלק.

אונדזער בויאונגס־וועג שלענגלט זיך צווישן אָפּגרונטן: פון איין זייַט דער אָפּגרונט פון פאַרניכטונג אין די גלות־לענדער און פון דער אַנדערער זייַט — דער אָפּגרונט פון דער פאַרשווערונג אויף אונדזער צוקונפט. גייען מיר איבערן שמאָלן בוי־וועג און ז ע ע ן די אָפּגרונטן. און דאָס וואָס מיר זעען און קענען זיי היט אונדז אָפּ: מיר מאַכן אָנשטרענגונגען און האַלטן דאָס גלייכגעוויכט ביים גיין איבערן דאָזיקן וועג. דער וועג איז פול מיט סכנות, אָבער אויך מיט גליקלעכע מאָמענטן, הגם געמישטע מיט גרענעצלאָזן טרויער. מיר האָבן זוכה געווען אויפצובויען אין לאַנד עפּעס אַזוינס וווהין עס קענען זיך ראַטעווען און ווו עס קענען אַבסאָרבירט ווערן די יתומים פון אונדזער פאָלק — די קינדער וואָס זייַנען צו אונדז געקומען דורך טעהע־ראַן. אונדזער איצטיקער צוזאַמענקום דאַרף געבן זייַן בייַשטייער צו דער פאַרפעסטיקונג פון דעם איינציקן בוי־וועג פון דעם יידישן פאָלק.

דעם דאָזיקן צוזאַמענקום — יערלעכן צוזאַמענקום פון די לאַנדווירט־שאַפטלעכע קאָמיטעטן און בלאָקן — וואָלט איך דעפינירט ווי אַ גאַנג „פון דעם איינצלנעם פּונקט צו דעם בלאָק". אין שטאָט איז אונדזער ערשטער זעלבסטשטענדיקער שטיץ־פּונקט געווען „דער הויף"; דערנאָך זייַנען געקו־מען די „שוץ־הייזער" („בתי־מחסה"), די פאָרשטעט און פון די פאָרשטעט — די שכונות — האָט זיך געשאַפן די טעריטאָריאַלע קאָנצענטראַציע: די יידישע שטאָט. אין אונדזער דאָרף איז צוערשט געווען דער איינצלנער אַר־בעטער, דער וואָס האָט אייַנגענומען די אַרבעט אין לאַנד־ווירטשאַפט. דער־נאָך האָבן זיך די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער צונויפגענומען אין אַרבעט־טער־גרופּן. נאָך דעם איז געקומען דער עיקר: דער ישוב־פּונקט. די פּונקטן האָבן זיך געמערט, עס האָט זיך געשאַפן שכנותשאַפט און מיט איר — שכנישע באַציאונגען, וועלכע האָבן געפירט צו דער שאַפונג פון בלאָקן. אַזוי אַרום בילדעט זיך אויס דער קאָלאָניזאַציע־בלאָק. דער ישוב־פּונקט איז אַ קעמערל פון זעלבסטשטענדיקן אינדיווידועל־ישובדיקן לעבן, דער בלאָק —

די טעריטאָריע פון ראַיאָן־אינטערעסן, שותפותדיקע ענינים פון אַלע געזאַמ־טע פונקטן אין דעם געגעבענעם בלאָק.

ווען נישט דער איינצלנער ישוב־פונקט וואָלטן מיר נאַטירלעך נישט דערגאַנגען צו אַ קאָלאָניזאַציע־בלאָק. אגב, לאָמיר דאָ דערמאָנען דעם ד״ר א. רופּין וואָס אַ דאַנק זיינע פּערזענלעכע מעלות און קאָלאָניזאַטאָרישן טאַ־לאַנט האָבן מיר דערגרייכט, אי דעם פונקט, אי דעם בלאָק.

אַזוי נאַטירלעך ווי די קאָנטראַקטירנדיקע גרופּע,*) דער קיבוץ, די קבוצה און דער מושב — בילדעט זיך איצט אויס דער בלאָק — אין זיין אָרגאַניזאַציע־פאָרם און אין זיינע אינטערעסן. צוערשט קומט די רעאַלע שאַפונג, אין דעם פּראָצעס פון שאַפונג קריסטאַליזירט זיך די טעאָריע און עס בילדעט זיך די ראַם; ווי אַ דערגאַנצונג צו דעם אַלעמען קומט איצט די אַנטשפּרעכנדיקע קאָנסטיטוציע פון דער מוניציפּאַלער ראַיאָן־אָרגאַניזאַציע.

אין עמק־הירדן און אין די אַנדערע עמקס האָט מען זיך אויך פריער באַשעפטיקט מיטן דערליידיקן געמיינזאַמע ענינים, מער נישט אין די טעג פון די „געשעענישן" האָט זיך דאָס מער קאָנסאָלידירט. קעגנאיבער דער גע־פאַר און דער אַראַבישער פאַרשווערונג איז אַנטשטאַנען די זאָרג פאַר קאָ־לעקטיווער זיכערקייט. און אין די טעג פון דער מלחמה האָט זיך נאָך מער פאַרצווייגט דער אינהאַלט, פאַרפולקאָמט די פאָרם און אויסגעברייטערט דער אינטערעסן־קרייז; עקאָנאָמישע אוןווירטשאַפטלעכע אינטערעסן, געזונט־הייט און קולטור, ערשטע יסודות פון שכנותדיקער קעגנזייטיקער הילף, קאָאָפּעראַציע צווישן שטאַרקע און שוואַכע אינעם ראַיאָן, די הילף פון דעם עלטערן פונקט פאַרן יינגערן. די פאַרטרעטערשאַפט פון דעם בלאָק לגבי דער מאַנדאַט־רעגירונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף אַ פיינעם שטייגער.

די הויפּט־מעלה פון דער קערפּערשאַפט וואָס הייסט „לאַנדווירטשאַפט־לעכער בלאָק", אָדער „ראַיאָן־ראַט", באַשטייט אין קאָאָפּערירן די פּערמאַ־נענטע טאָג־טעגלעכע טעטיקייט פון אַלע שטרעמונגען און קאָלאָניזאַציע־פאָרמען אין דעם געגעבענעם ראַיאָן. און דאָס איז איינע פון די נייע גרויסע דערגרייכונגען אינעם לעבן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דער דאָזיקער טעטיקייט דאַרף מען באַזונדערס שאַצן די געזעל־שאַפטלעכע סאָלידאַריטעט ווי אויך דאָס דערציִען און צוגרייטן געזעל־שאַפטלעכע כוחות. פון צווישן די לאָקאַלע טוערס וואָס באַשעפטיקן זיך מיט דער דאָזיקער טעטיקייט קומען אויף מענטשן, וועלכע שטודירן אויס גרינט־לעך די באַדערפעענישן, ווי אויך די סיסטעמען פון זייער לייטונג און באַפרי־

*) די „קאָנטראַקטירנדיקע גרופּע" — קבוצה קבלנית — פלעגט זיך אונטערנעמען אויסצופירן לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן אויף פערמעס פון דעם באַראָן ראָטשילד, ייק״א, פריוואַטע קאָלאָניסטן ווי אויך אויף דעם באָדן פון נאַציאָנאַל־פאָנד. פון דער קבוצה קבלנית האָבן זיך געשאַפן די קבוצה, דער קיבוץ און דער מושב.

דיקונג. עס ווערט ביסלעכווייז דערוואָרבן אַ רייכע דערפאַרונג אויפן געביט פון אַדמיניסטראַטיווער פאַרוואַלטונג, פון אָרדענונג און געזעץ — און זייער צופּאַסונג צו די באַדערפעניש פון אויפבוי און דעמאָקראַטישן רעזשים. דאָ איז וויכטיק דער שטענדיקער קאָנטאַקט מיט דער רעגירונגס־אַדמיניסטראַציע פון דעם געגעבענעם ראַיאָן. דורך דעם דאָזיקן קאָנטאַקט שטודירן מיר און דערקענען דעם וועזן פון דער אַדמיניסטראַציע און זי — די אַדמיניסטראַציע — לערנט און באַגרייפט אונדזערע באַדערפענישן און די וועגן וואָס זײַנען נויטיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער קאָלאָניזאַציע־אידעאַל. דער דאָזיקער קאָנטאַקט האָט שוין באַוויזן אַרויסצופירן אויפן וועג פון בכבודיקע קעגנזייטיקע באַציאונגען. צו אונדזער אַלגעמיינער טעטיקייט איז צוגעקומען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק.

די יערלעכע איבערזיכטן פון די בלאָק־קאָמיטעטן, זייערע פּראָטאָקאָלן און צירקולאַרן, וואָס דעמאָנסטרירן די לעבנסוויכטיקייט פון די ענינים מיט וועלכע זיי באַשעפטיקן זיך, צייכענען זיך אויס מיט פּראַקטישקייט, אויסגעשפּראָכענער צוועקמעסיקייט און דאָמינירנדיקן גייסט פון ווירטשאַפטלעכקייט. און נאָך איין גרונט־שטריך אין דעם טעטיקייטס־רעגולאַמין: אַלץ ווערט באַשטימט דורכן קעגנזייטיקן ווילן צו פאַרשטענדעניש. הייסט עס, אַז עס שאַפן און קאָנסאָלידירן זיך לעבנסוויכטיקע פּרעצעדענטן פאַר דער פּלאַנירונג און סיסטעמאַטיזירונג פון דער טעטיקייט אין דער מוניציפּאַל־רעגיאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. צוליב דעם אַלעמען איז דער יערלעכער צוזאַמענקום פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע בלאָק־קאָמיטעטן, אין פּלוג גענומען, די קאָנפערענץ פון דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט אין ארץ־ישראל.

די יערלעכע פאַרזאַמלונג פון די ווייַנגערטנער אין יהודה און שומרון פלעגט אין אַ באַשטימטער תקופה דינען אַלס אַ צוזאַמענקום פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין ישוב. אין איר צייט פלעגט די יערלעכע פאַרזאַמלונג ציען צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט ווי צו אַ צענטראַלער דערשיינונג אין ישוב. דעם אָרט פון די ווייַנגערטנער האָט איבערגענומען די פויערים־פאַריייניקונג — די פאַריייניקונג פון די קאָלאָניסטן. ווי מיר זאָלן נישט אָפּשאַצן די ריכטונג און טעטיקייט פון דער פויערים־פאַריייניקונג איז קלאָר, אַז אין גרונט גענומען דאַרף זי מיט זיך פאָרשטעלן אַ פאַריייניקונג פון פויערים וואָס זאָרגן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט און אירע באַדערפענישן. אָבער פאַקטיש גענומען איז שווער צו קרעדיטירן די פויערים־פאַריייניקונג מיט דער דאָזיקער מיסיע. באַזונדערס שווער — צוליב דער אַלץ־וואַקסנדיקער טענדענץ אַריבערצופירן די קאָלאָניעס צו אַ סטאַטוס פון שטאָט־ראַטן אין איינקלאַנג מיט דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער טענדענץ אַריבערצוגיין פון דאָרפישן צום שטאָטישן אָרט לעבן.

דער יערלעכער צוזאַמענקום פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע בלאָק־קאָמי־

טעטן איז, בכן דער צוזאַמענקום פון דעם אַרבעטנדיקן פויערטום. נישט צו־ליב באַרימעריי און צוליב איבערנעמען זיך, נאָר כדי פעסטצושטעלן אַ פאַקט, דאַרף מען אים איצט באַטראַכטן ווי דעם אויטענטישן צוזאַמענקום פון דער פויערים־פאַרייניקונג. זאָל דערביי אויך פאַרצייכנט ווערן דער פּאָ־זיטיווער פאַקט, אַז אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע בלאָק־קאָמיטעטן זיינען פאַרטראָטן אויך יענע פונקטן פון אַרבעטער־לאַנדווירטן, וואָס זיינען נישט אָנגעשלאָסן אָן דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. (הסתד־רות העובדים החקלאית).

די אויפגאַבע פון דעם יערלעכן צוזאַמענקום פון די לאַנדווירטשאַפט־לעכע בלאָק־קאָמיטעטן און פון די אָפיציעלע ראַיאָן־ראַטן איז — קלאָר צו מאַכן און צו פאַרפעסטיקן דעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן צו־שטאַנד פון די פונקטן פון דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט. מיר דאַרפן פאַר־שטאַרקן און פאַרפולקאָמען דעם דאָזיקן פאַקטאָר, וואָס פאַרגרעסערט די ענערגיע און פּראָגרעס אין דער ציוניסטישער אויפבוי־אַרבעט פון דעם ישוב.

---

# אין די היינטיקע טעג

דערעפענונגס־רעדע אויפן יערלעכן מוניציפּאַלן
צוזאַמענקונפט — צום אָנדענק פון דוב האָז ז״ל
(פאַרעפנטלעכט אין „פּנקס ההסתדרות" — 1943).

יעדעס יאָר קומען מיר צו די מוניציפּאַלע צוזאַמענקונפטן פון דער הסתדרות — און אין האַרצן נאָגט אַ ווייטיק: מיר טרויערן איבערן טויט פון טייערע חברים. דאָס מאָל טרויערן מיר איבערן טויט פון דוב האָז — און זיין אָנדענק איז געווידמעט דער איצטיקער כינוס.

מיר קומען זיך צונויף סוף 1943 — ערב דעם סוף און אָפּשלוס פון דער שרעקלעכער וועלט־מלחמה. אין דעם דאָזיקן מאָמענט פילן מיר נאָך שטאַרקער דעם פאַרלוסט פון דוב האָז.

אויפן חולדהער פּראָצעס*) איז פאָרגעקומען אַן עפּיזאָד וואָס סימ־באָליזירט אַ גרונט־מאָמענט אין אונדזער פּאָליטישער לאַגע אין דער וועלט. דער בריגאַדיר וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אונטערזוכונג האָט עדות גע־זאָגט און אויף אַ פראַגע פון דעם אַדוואָקאַט האָט ער געענטפערט און דער־ציילט, אַז ער האָט דערהאַלטן אַ בריוו אין וועלכן חולדה אַנטשולדיקט זיך פאַר די אומאַנגענעמלעכקייטן וואָס מ׳האָט אים פאַרשאַפט בעת דער אונ־

---

*) חולדה איז דער נאָמען פון אַ קבוצה אין דרום פון ארץ־ישראל. דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען נאָכדעם ווי מען האָט דאָרטן, בשעת אַן אונטערזוכונג, געפונען געווער.

טערזוכונג. אין דעם בריוו האָט חולדה דערציילט וועגן איר לעבן און אירע מאַטערנישן אין אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ; וועגן אירע געפאַלענע חברים; וועגן איר פּאָזיציע פון אַ קליינעם אינדזל וואָס איז אַרומגערינגלט מיט פיינטשאַפט און געפאַר און וועגן איר אָפּגעריסנקייט פון די אַנדערע ישו־בים. פרעגט אים דער אַדוואָקאַט: „נאָך דעם אַלעמען — קענסטו פאַרשטיין פאַרוואָס די חולדה־לייט זיינען געווען אַזוי אויפגערעגט און אויפגעשטור־רעמט? ענטפערט אים דער בריגאַדיר: „איך וועל דיר זאָגן אָפנהאַרציק: ניין! איך קען דאָס נישט פאַרשטיין!" אין דעם דאָזיקן נישט קענען אונדז פאַרשטיין איז באַהאַלטן איינער פון אונדזערע אומגליקן אויף דער וועלט אין פאַרלויף פון דורות. מ ע ן פ אַ ר ש ט י י ט א ו נ ד ז נ י ש ט. אפשר וויל מען עס נישט און אפשר קען מען נישט. איבער דער דאָזיקער נישט־פאַרשטענדעניש האָט נאָך זיינער צייט דערציילט פילאָן פון אַלעקסאַנ־דריע (פילון האלכסנדרוני), איבערגעבנדיק פּרטים וועגן אַ דעלעגאַציע פון רוימישע יידן אין נאָמען פון די יידן פון אַלעקסאַנדריע. דער רוימישער קיי־סער האָט די רוימישע יידן אויפגענומען בעת זיין שפּאַציר און זיי האָבן אים געמוזט נאָכלויפן... דאָס איז אַן אור־שילדערונג פון דער אומפאַרשטענדע־ניש לגבי אונדז.

נאָך דעם, ווי מיר האָבן אָנגעהויבן צו מאָביליזירן די פאָלקס־כוחות כדי צו דערוווערבן פאַר זיך זעלבסטשטענדיקייט, האָבן מיר באַלד אין אָנהייב עמפינדן די נויטווענדיקייט גלייכצייטיק צו דערוווערבן אַ באַציאונג פון פאַרשטענדעניש צו אונדז. ה ע ר צ ל האָט געזוכט, ווי אַזוי צו לאָזן אַריינדרינגען אין די מוחות פון די פעלקער ריכטיקע באַגריפן וועגן אונדזער גורל, פאַרלאַנגען און צילן. אויך דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט מיט זיי־נע עפנטלעכע אויפטריטן געהאַט דעם ציל — אויסער דאָס אָרגאַניזירן די אינערלעכע כוחות — צו פּאָפּולאַריזירן אונדזער אידיי און דערוווערבן פאַר־שטענדעניש פאַר איר.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אונדזער לאַגע געווען אַביסל אַנ־דערש. די קריגס־לייט, אויך די שונאים, זיינען געווען אַנדערע. יידישע צענ־טערס אין דער וועלט זיינען אויך געטראָפן געוואָרן פונעם קריג אַזוי ווי אַנ־דערע פעלקער, אָבער זיי זיינען פאַרבליבן גאַנץ, זיי האָבן עקזיסטירט, זיי האָבן אָנגעהאַלטן זייער ווערט און זייער נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן איינפלוס.

אין דער פריערדיקער מלחמה האָבן יידן געהאַט פאַרשטייער — פרנסים. עס איז דאַן טעטיק געווען דער ערשטער אַרויסלאָז פון די שליחים פונעם פּאָ־ליטישן ציוניזם — דער ערשטער אַרויסלאָז פון הערצלס תלמידים. מיר גע־דענקען נאָך די גרויסע אַקטיוויטעט וואָס איז אָנגעגאַנגען אין קאָפּענהאַגן און שטאָקהאָלם, אין פּאַריז און לאָנדאָן, אין בערלין און קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אַ סך שליחים זיינען געווען טעטיק אויפן פּאָליטישן געביט. אין דער טעטי־

קיט זיינען די מענטשן אַלץ רייפער געוואָרן און זייענדיק טעטיק אין דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיינען זיי אַריינגעדרונגען אין דעם גאַנצן פלאָנטער פון דער יידן־פראַגע און איר לייזונג און האָבן אויסגעהאַלטן דעם פּרווו. ד״ר יעקובסאָן און לעאָ מאָצקין, שמריהו לעווין, נחום סאָקאָלאָוו און די פירער פונעם דייטשן ציוניזם, אין לאָנדאָן, בערלין און וואַרשע, ווי אויך די פירער פון רוסישן ציוניזם אין פעטראָגראַד און אין מאָסקווע, און בראַנדייס אין אַמעריקע — יענע גאַנצע גרופּע, וואָס האָט באַגייסטערט מיטגעדינט און מיטגעהאָלפן חיים ווייצמאַנען אין זיין דערגרייכונג — די באַלפור־דעקלאַראַציע.

איצט זיינען מיר אין מיטן דער צווייטער וועלט־מלחמה. איינפלוסרייכע יידישע צענטערס, פול מיט שיצנדיקן, מאָנענדיקן, שטרעבנדיקן און קעמפנדיקן יידישן פּאַטאָס — זיינען צעשטערט געוואָרן. די פאַרבליבענע יידישע צענטערס זיינען פּאַטאָסלאָז, אָן פירערשאַפט, באַרויבט פון איניציאַטיוו. אפשר וועט נאָך אַמאָל קומען די איניציאַטיוו. ס׳איז שוין אָבער דאָס פערטע יאָר ווי זי קומט נישט. עפּעס אַזוינס האָט זיך יאָ אַנטפּלעקט אויף דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין אַמעריקע, אָבער נישט מער ווי עפּעס אַזוינס...

די ערשטע אויפלאַגע פון אַקטיווער יידישער פּאָליטיק איז מער נישטאָ. נישט יעקובסאָן, נישט סאָקאָלאָוו, נישט שמריהו לעווין, נישט בראַנדייס און נישט מאָצקין. עס זיינען אויך מער נישטאָ לאָקאַלע אַקטיווע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געגעבן זייער גרויסע הילף: מאַרשאַל, וואַרבורג, טשלענאָוו, אוסישקין און אַנדערע. אויסער דעם דאַרפן מיר איצט ווירקן אין אַ וועלט וואָס האָט פאַרלוירן יעטוועדן סענטימענט צום ליבעראַליזם. יעדע מדינה האָט בלויז איר עגאָאיסטישן חשבון.

וואָס פאַרמאָגן מיר איצט? ווען מען קוקט זיך אַרום צווישן יידן אין גאַר דער וועלט, זעט מען כמעט קיין שום אַנדער יידישן פאַקטאָר אויסער דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. דאָ איז דאָס ממשותדיקע און עיקרדיקע פון דעם יידישן פּאָטענציאַל אין איצטיקן מאָמענט און פון דאַנען וועלן נאָך אַרויסוואַקסן כוחות צו דערוועקן דאָס פאָלק אין די גלות־לענדער. מיר, פון אונדזער זייט, טרייסטן זיך דערמיט וואָס אויך מיר האָבן אַ ריי באַגייסטערטע שליחים פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. און ווירקלעך, אויסער די טייערע, ווייניק־געבליבענע פון דער ערשטער הערצליאַנישער אויפלאַגע, זיינען אונדז אויסגעוואַקסן נייע — הגם ווייניקע — כוחות, און זיי זיינען איצט די הויפּט אַרכיטעקטן פון דער יידישער מדינה.

אָבער אין דער צייט ווען מיר דאַרפן פאַרפילן די בלויזן פון דעם וועלט־יידנטום און פאַר דעם צוועק מאָביליזירן אונדזערע בעסטע כוחות האָבן מיר פאַרלוירן חיים ארלאָזאָראָוון און נישט לאַנג — דוב האָז.

דוב האָז איז געווען איינער פון די טאַלאַנטפולסטע אויפן געביט פון

פּאָפּולאַריזירן אונדזערע אידייען צווישן די פעלקער פון דער וועלט. ווען מיר האָבן געלייענט די טעלעגראַמע פון אויסטראַליע וועגן דעם באַשלוס פון דער דאָרטיקער לייבאָר־פּאַרטיי, ב י ש ט צו מישן זיך אין די ענינים פון ארץ־ישראל (אַ טעלעגראַמע וואָס האָט אונדז שווער געמאַכט אויפן האַרצן), האָבן מיר אַלע געטראַכט: וואָלט געלעבט דוב האָז, וואָלטן מיר אים אויף אונדזער היימישן שטייגער געזאָגט: „דו דאַרפסט זיך אַראָפּכאַפּן קיין אויסטראַליע! דאַרפסט פאָרן און פאַרריכטן די לאַגע"...

מיר קענען נישט לעבן מיט קיין אילוזיעס. פאַר אונדזערע אויגן שטייט די פּראָצעסיע פון די קיעווער יידן אויפן וועג צו זייער אומקום... דאָס דאָזיקע בילד וואָס דער יונגער רוס דימיטראָוו שילדערט מיט שווידערלעכער פּשטות ווערט ווי פאַרטוישט דורך דעם פּאַרטיזאַנישן אויפשטאַנד פון די פּוילישע יידן, וואָס איז אַ פּראַכט־גרויזאַמע רעוועלאַציע פאַר די צוקונפטיקע דורות און וואָס איז דער הויך־פּונקט פון אַקטיוויטעט און שטייגט איבער — לויט די באַדינגונגען — אַפילו דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא. און דאָך קען דער דאָזיקער פּאַטיזאַנען־קאַמף נישט לאָזן פאַרגעסן דעם גאַנג פון צענדליקער טויזנטער קיעווער יידן צו דער הריגה. די דאָזיקע יידן וועלן אונדז פעלן אין אונדזער קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פונעם דאָזיקן לאַנד, וואָס וועט אָפּשטעלן (בלויז ד אָ ס לאַנד קען אָפּשטעלן!) די יידישע מאַרש־פּראָצעסיעס צו מאָרד און פאַרניכטונג.

עס מוטיקט אונדז דער באַוווסטזיין, אַז דער דאָזיקער יידישער ישוב איז אַ רעאַלער פאַקט. עס לעבט און עקזיסטירט דער ארץ־ישראלדיקער צענטער וואָס ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען בלויז ג ע ד אַ נ ק און התחלה און איצט, נאָך דער צעשטערונג פון די יידישע צענטערס, איז ער אַ שטיק ווירקלעכקייט, אַ קוואַל פון מעגלעכקייטן און אַ גרויסע טרייסט. מוזן מיר דעם דאָזיקן כוח שטאַרקן שנעל ווי מעגלעך, מיט אַן אומגעהויערן טעמפּאָ, באַזייטיקנדיק מחיצות און שאַלעכצן און כלערליי דיקדוקי־עניות און דורך דעם הייבן אים אַלץ העכער און העכער.

אונדזער יערלעכער מוניציפּאַלער כינוס פאַלט אויס אין די גרינדונגס־טעג פון דער הסתדרות העובדים הכללית. מיט 23 יאָר צוריק, חנוכה, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט צופוסנס פון כרמל, אין חיפה, און באַשאַפן אַ גרויסע זאַך, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז איצט אין פולער קראַפט און פּראַכט. מיר האָבן דאַן גובר געווען מחיצות און מיספאַרשטענדענישן. לויט דער מסורה זיינען אַלע יידן פון אַלע דורות געווען ביים מעמד הר־סיני. אָפּשאַצנדיק די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער שאַפונג, נאָך 23 יאָר, מעג מען זאָגן: יעדער הסתדרות־מיטגליד דאַרף זיך באַטראַכטן, גלייך ווי ער אַליין וואָלט בייגעווען דעם מעמד פון הר־הכרמל...

וואָס איז דאַן פאַרגעקומען? מיר האָבן געזאָגט: דעם פאָלק שטייט פאַר די געפאַר פון פאַרניכטונג (מיר האָבן דאָס שוין דאַן פאַרויסגעזען), דאַרף

דער יידישער אַרבעטער געבן זיין ענטפער אויף דער דאָזיקער סכנה. און ווירקלעך, דער אַרבעטער האָט געגעבן זיין ענטפער מיט שטאָלץ און קראַפט: ער האָט אַרויסגעפירט יוגנט און קינדער פון די הייזער פון זייערע עלטערן, האָבן די קינדער אויסגעבויט דאָ היימען און די עלטערן האָבן געהאַט וואו־הין צו ראַטעווען זיך. דער ישוב איז היינט צו טאָג דער איינציקער פּאָלי־טישער פאַרמעגן פונעם יידישן פאָלק. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וואָלט נישט אַרויסגעבראַכט איר שאַפונג ווען נישט דער דאָזיקער קאָמפּאַקטער כוח וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן צופוסנס פון הר־הכרמל, אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער הסתדרות. און די הסתדרות — אויך זי גע־הערט צו די גרונט־פאַרמעגנס פונעם יידישן פאָלק.

אין דער זעלבער צייט וואָס מיר טרעפן זיך דאָ, פייערט מען איבער שטעט און קאָלאָניעס דעם גרינדונגס־טאָג פון דער הסתדרות. דאָס זיינען נישט סתם פייערונגען כדי צו פרייען זיך מיט פריערדיקע דערגרייכונגען, נאָר כדי צו שטאַרקן אונדזער מוט אויף ווייטער, כדי מיר זאָלן זיין בכוח צו פאַרפילן דאָס וואָס ס'איז דעם פאָלק פאַרפעלט געוואָרן אין די צע־שטערטע יידישע צענטערס; וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אין די פאַרשטאָר־בענע יידישע פירער; וואָס ס'איז פון אונדז אַוועקגענומען געוואָרן מיטן טויט פון אונדזערע פּאָליטישע פאַרטרעטער אין דעם צייט־אָפּשניט צווישן ביידע וועלט־מלחמות און וואָס ס'איז פון אונדז אַוועקגערויבט געוואָרן דורך אַזעלכע פאַרלוסטן ווי ארלאָזאָראָוו, דוב האָז און אַנדערע — פאַרפילן די אַלע בלויזן און בילדן אַ כוח, וואָס זאָל זיין ווערט צו טראָגן דעם יאָך פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער יידישער געשיכטע.

מיר האָבן דעם ישוב. דאָס איז די טייערסטע כלי פונעם יידישן פאָלק. און אין דעם דאָזיקן ישוב דאַרפן מיר אומאויפהערלעך שלייפן, ווי די מאַטעריעלע, אַזוי די גייסטיקע כוחות אונדזערע.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויסדריקן אָנערקענונג דער לערער־קאָנ־פערענץ וואָס האָט זיך נעכטן געשלאָסן. זי האָט אַ שייכות צו אונדזערע מוניציפּאַלע באַראַטונגען, איך בין פול מיט פאַרערונג צו די העברעאישע לערער וואָס אויף זייער קאָנפערענץ האָבן זיי גערעדט נישט וועגן דידאַק־טיק, נישט וועגן געהאַלט און נישט וועגן טעכניק, נאָר וועגן דער נשמה פון פאָלק, פון מענטש, פון קינד; וועלכע גייסטיקע און פּאָליטישע פאַקטאָרן ראַנגלען זיך אין דער איצטיקער וועלט־מלחמה און וואָס דאַרף היינט טאָן דער העברעאישער לערער; ווי אַזוי זאָל ער דערציען זיינע תלמידים? דריי טעג זיינען אויף יענער קאָנפערענץ געזעסן 4־5 הונדערט לערער פון פאַר־שיידענע דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון דער הסתדרות און האָבן אַרויסגעוויזן הויכע קולטור און באַדייטנדיקע אויסדרוק־קראַפט. ס'האָט זיך נישט גע־פילט קיין שאַבלאָן, קיין טאָן פון פּראָפּאַגאַנדע, אפילו נישט קיין פּאָלי־טיק, הגם ס'האָבן זיך דאָרטן אָפּגעשפּיגלט פאַרשיידענע שאַטירונגען: רע־

ליגיעזע און מאַרקסיסטישע. די קאָנפערענץ האָט אַ סך צוגעטראָגן צו דער פאַרבעסערונג פון די געזעלשאַפטלעכע מידות אין ישוב.

אויף דער דאָזיקער מוניציפּאַלער קאָנפערענץ ווילן מיר אויסבעסערן איינעם פון די שטעגן אין אונדזער געזעלשאַפט: די אָרגאַניזאַציאָנעלע קעמערלעך פונעם ישוב. דאָס פאַרגאַנגענע יאָר איז איינס פון די וויכטיקסטע אין דער יידישער געשיכטע. דאָס איז אפשר דאָס לעצטע מלחמה־יאָר, — דאַרפן מיר מאָביליזירן דעם גוטן ווילן, די פאַרשטענדעניש און דעם גאַנצן פּאָטענציאַל פון דעם יידישן פאָלק אויף אַלע וועגן און שטעגן, ווו ס׳שטראָמט דאָס לעבן פון דעם ישוב. דערמיט דאַרף איצט זיין דורכגעזאַפּט אונדזער מוניציפּאַלע טעטיקייט.

איך וויל דאָ אַרויסברענגען נאָך צוויי ענינים. איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע פּאָליטיקער אין דער וועלט אין איצטיקן מאָמענט האָט געזאָגט: „איך ווייס, מיר פאַרשווייגן די גרויסע פאַרדינסטן פון ארץ־ישראל אין דער דאָזיקער מלחמה״. דאָס איז פאַר אונדז אַ זייער וויכטיקע ציטאַטע. די ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרן אין פינפטן יאָר פון דער מלחמה און זיי וועלן נאָך אונטערגעטראָגן ווערן בעת מען וועט ריידן — אָדער נישט ריידן — וועגן אונדז. מיר אַליין וועלן אוודאי ריידן וועגן די טויזנטער וואָס האָבן זיך מאָביליזירט און זיינען אַוועק צו וויטע פראָנטן אויף קידוש־השם פון אונדזער פאָלק.

צווישן אונדזערע פרייוויליקע זיינען פאַראַן טויזנטער פאַמיליע־מענטשן און וועגן דעם מצב פון זייערע פאַמיליעס הערן מיר זאַכן וואָס דאַרפן אונדז זייער נישט אָנשטיין. אַ זוי דאַרפן מיר באַהאַנדלען אונדזערע מאָביליזירטע? אָט אַזוי? מיר מוזן לייזן די פראַגע אויף אַ בכבודיקן אופן, ווי עס פּאַסט פאַר יידישער סאָלידאַריטעט. אונדזערע מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס דאַרפן נעמען די איניציאַטיוו, נעמען אויף זיך די זאָרג און נישט זוכן קיין תירוצים פון בודזשעט־גרענעצן און פון קרייז־אינספעקטאָרן, וואָס באַשטעטיקן יאָ אָדער באַשטעטיקן נישט דעם בודזשעט. איך פאָדער אַן ערנאַקציע פון אונדזערע מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס און באַזונדערס פון אונדזערע חברים דאָרט. זאָלן זיי זוכן אַן ענטפער אויף דער פראַגע.

דער צווייטער ענין איז — ע ל י ה. זי שטראָמט איצט פון די מזרח־לענדער און בעיקר פון תימן. די דאָזיקע עליה איז אונדז שטענדיק טייער געווען, אפילו מיט 35 יאָר צוריק, ווען דאָס אייראָפּעאישע יידנטום איז נאָך נישט חרוב געווען און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שוועריקייטן צו ברענגען פון דאָרט חלוצים. איצט אָבער איז זי אונדז פילפאַכיק טייערער געוואָרן. זיי קומען אין די הונדערטער, באַלד וועלן זיי קומען אין די טויזנטער — מיט זייערע פרויען און קינדער. מער נישט — די באַדינגונגען פון מלחמה־צייט באַשווערן דאָס איינאָרדענען זיי. די עליה ווערט אַבסאָרבירט אין ערטער,

ווו דורך אונדזערע חברים ווערט געפירט די מוניציפּאַלע טעטיקייט. טאָרן אונדזערע חברים נישט רואיק זיין.

אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט די סעקרעטאַרן פון די אַרבעטער־ראַטן האָט דערציילט אַ חבר פון פּתח־תקוה, ווי אַזוי מ׳האָט דאָרטן איבערגעריסן די לויפנדיקע טעטיקייט פון דער הסתדרות, ווייל עס זיינען געקומען משפּחות מיט קינדער און ס׳איז פאַר זיי אפילו קיין שטיקל געצעלט נישט געווען. עפּעס איבערצובייסן איז נישט געווען. ס׳איז שווער געווען צו הערן זיין דערציילונג, אָבער ס׳איז דערביי געווען אָנגענעם צו פאַרנעמען דעם טאָן פון אינערלעכער אויפרעגונג ביי אונדזערע עסקנים אין די אַרבעטער־ראַטן. ס׳איז נישט פון די לייכטע זאַכן אויפצונעמען עולים. די אָבסאָרבירונג פון דעם נייעם עולה — ביז צו זיין איינאָרדענען זיך אין אַרבעט — ווערט באַגלייט מיט אַ סך יסורים. די טעטיקייט לטובת דער עליה און די עולים ליגט אויף דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די פאַרזיצערס אין די לאָקאַלע מוניציפּאַליטעטן.

די זאָרג פאַר די משפּחות פון אונדזערע זעלנער און אינטענסיווע טעטיקייט לטובת דעם ניי־אָנגעקומענעם עולה שטעלן מיט זיך פאַר די אַקטועלסטע פּראָבלעמען פון אונדזער היינטיקער מוניציפּאַלער טעטיקייט.

---

# פאַר צפת וועגן

(אויף אַ זיצונג פון דער הסתדרות־קאָמיסיע פאַר צפת, אין יאָר 1943).

עס האָט זיך ביי אונדז לעצטנס געשטאַרקט די שפּירונג, אַז עס איז נויטיק אַ באַלדיקע אַקציע צו ראַטעווען צפת, אויפצולעבן און עקאָנאָמיש צו פאַרפעסטיקן זי. די יידישע צפת האַלט ביים אונטערגיין, און אויב מען זאָל נישט אָננעמען קיין שנעלע רעטונגס־מיטלען וועט זי חרוב ווערן. ס׳וועט פאַרשווינדן אַ פּונקט פון גרויסער היסטאָרישער באַדייטונג אינעם לעבן פון אונדזער פאָלק און קולטור. ראַטעווען צפת מיינט: ראַטעווען איינעם פון די לעבעדיקע באַווייזן פאַר אונדזערע היסטאָרישע רעכט אין דעם דאָזיקן לאַנד און נישט דווקא צוליב אונדזער לעבן און שאַפן אין די פאַרגאַנגענע דורות, נאָר אויך אין די לעצטע דורות.

נישט נאָר די פּרעכטיקע פאַרגאַנגענהייט פון צפת דאַרף אונדז באַוועגן צו אַ שנעלער אַקציע, נאָר אויך די קעגנוואַרט און די מעגלעכקייטן פאַר דער צוקונפט. עס ווערט אַלץ קלאָרער די באַדייטונג פון צפת אַלס אַ דאָטשע־קרייז ווי אין שטאָט גופא, אַזוי אין איר באַצויבערנדער אומגעבונג — אין דעם גליל העליון. דאַרף מען באַצייטנס פאַרזיכערן און פאַרפעסטיקן די דאָ־

כשע־ווירטשאַפט פון צפת, כדי צו פאַרהיטן פון אַ קריזיס באַלד נאָך דער מלחמה ווען מ׳וועט ווידער קענען פאָרן קיין אייראָפּע.

די באַדייטונג פון צפת אויפן געביט פון דאַטשע־ווירטשאַפט און קור־הייזער איז שטאַרק געשטיגן דעם לעצטן יאָר. אָבער אַ ספּעציעלע פאָרשונג האָט אַרויסגעבראַכט, אַז דערווייל איז צפת פון איר דאַטשע־ווירטשאַפט נישט אויפגעריכט געוואָרן. ביי די מאַגערע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פון דעם קליינעם יידישן ישוב ציט די שטאָט קליינע פּראָפיטן פון די זומער־געסט. די צפתער האָטעלן און אַפּרו־הייזער ברענגען אַלץ פון אַנדערע ערטער און לאָזן איבער ווייניק פּרנסה פאַר די אָרטיקע איינוווינער. די אַנטוויקלונג פון דער דאַטשע־ווירטשאַפט האָט נישט פאַרהאַלטן דעם פּראָצעס פון אויסליידיקן צפת פון אירע יידישע איינוווינער. מען שאַצט, אַז היינט האָט דער דאָרטיקער יידישער ישוב נישט מער ווי 1.600 איינוווינער קעגן די 15.000 אַראָבער. די זקנים שטאַרבן אויס און די יוגנט וואָס האָט נישט קיין עקאָנאָמישן אָנהאַלט און קיין פּערספּעקטיוון פאַר דער צוקונפט פאַרלאָזט די שטאָט און זוכט פּרנסה ערגעץ אַנדערשוואו. אויב די יונגע כוחות וועלן אַזוי ווייטער פאַרלאָזן צפת וועט די שטאָט אינגאַנצן אונטערגיין. איז עס די פליכט פון דער הסתדרות צו פאַרלויפן די געפאַר און איניציאירן אַ באַלדיקע אַקציע צו ענ־דערן די לאַגע — איניציאירן און ווירקן. עס זיינען שוין טאַקע געמאַכט געוואָרן די ערשטע טריט אין דער ריכטונג. מען דאַרף באַזונדערס אונטער־שטרייכן דעם פאַקט וואָס דאָס הייפּל אָרטיקע אַרבעטער טראָגט אויס מיט טריישאַפט און באַגייסטערונג דעם הסתדרות־קערנדל אין צפת. דאָס פיינע אַרבעטער־הויז — אויפן נאָמען פון דוב האָז — איז אַ האַרציקער און מר־טיקנדיקער צענטער אין לעבן פון צפת. לעצטנס האָבן מיר דאָרטן זוכה געווען צו גאָר אַ וויכטיקן פאַרמעגן: דאָס דערהאָלונג־הויז אויפן נאָמען פון יוסף ב׳סעל.

ביי דער געלעגנהייט פון דער אָפיציעלער דערעפענונג פון דעם דער־האָלונג־הויז איז פאָרגעקומען אַ זיצונג, אויף וועלכער ס׳זיינען אָנוועזנד גע־ווען די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו־קאָמיסיע פון ועד הפועל פון דער הסתדרות און ס׳האָבן זיך אין איר באַטייליקט די פירער און עסקנים פון דער צפתער קהילה. די זיצונג איז געווען געווידמעט די פּראָבלעמען פון רעפאָר־מירן און סאַנירן דעם מצב פון צפת. מיר זיינען אַוועק מיטן געפיל, אַז מיטן בלויזן אַנטיילנעמען אין דער זיצונג האָבן מיר אויף זיך גענומען אַ באַ־שטימטן מאָראַלישן חוב פאַר דער צוקונפט פון דער שטאָט. אַזוי אַרום איז אויפגעשטעלט געוואָרן די הסתדרות־קאָמיסיע פאַר צפת. אין ווייטערדיקע פּילמאָליקע באַגעגענישן מיט די מיטגלידער פון צפתער אַרבעטער־ראַט און מיט אָרטיקע קהילה־פירער איז קלאָר געוואָרן, אַז פאַר דער אויסבעסערונג פון דער לאַגע אין שטאָט פעלן געוויסע עלעמענטאַרע באַדינגונגען, ווי עלעק־טריציטעט, וואַסער און הויזונג — אַלץ זאַכן כמעט אומדערגרייכלעכע אין

מלחמה־צייט. און דאַך זיינען אויפגעשווומען פאַרשיידענע פאָרשלאָגן וואָס לאָזן זיך אין אַ געוויסער מאָס פאַרווירקלעכן:

1. אין דער ערשטער ריי שטייט די פראַגע פון אַריינברענגען די ברי־ליאַנטן־אינדוסטריע — אַ זאַך מיט וועלכער מען באַשעפטיקט זיך שוין לאַנג אין צפת. אַזאַ פאַבריק וואָס זאָל באַשעפטיקן אַ הונדערט אַרבעטער קען אַריינטראָגן פּראָספּעריטי. צפתער איינוווינער אַרבעטן אין דעם דאָזיקן פאַך אין נתניה און אין אַנדערע ערטער. מיטן אויפשטעלן אַ דימענטן־שלייף־פאַב־ריק אין צפת וועלן זיך אַהין אומקערן אַלע די וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דעם פאַך אין אַנדערע ערטער. עס איז אין די אינטערעסן פון דער הסתדרות און פון דער געזעלכטער אַרבעטס־פאַרטיילונג, אַז דאָס דאָזיקע ווערק זאָל געשאַפן ווערן מיט אונדזער הילף און מיט דער באַטייליקונג פון אונדזערע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

2. עס זיינען פאַראַן פאָרשלאָגן וועגן גרינדן וואַרשטאַטן צו פאַר־ריכטן אויטאָמאָבילן, מאַשינען אד״גל. דאָס איז אָפּהענגיק פון די לאַנד־ווירטשאַפטן אין גליל העליון — אויף וויפיל זיי וועלן קאָנצענטרירן אין צפת די דאָזיקע אַרבעטן זייערע.

3. די אַנטוויקלונג פון אַ ביליקער, פאָלקסטימלעכער דאַטשע־ווירט־שאַפט! מען דאַרף גוט באַטראַכטן דעם פאָרשלאָג וועגן בויען נייע הייזער ווי אויך פאַריכטן צעשטערטע הייזער און צופּאַסן זייערע צימערן פאַר די באַ־דערפענישן פון דאַטשניקעס — אויף באַשטימטע באַדינגונגען און אונטער קאָנטראָל.

4. הויזונג: מען דאַרף זיך אָפּגעבן מיטן פּלאַן פון בויען פאָלקסטימ־לעכע דירות — צוזאַמען מיט געהילפס־ווירטשאַפטן — אויפן באַרג כנען. אויב מען קען דאָרטן נישט קריגן קיין אַנטשפּרעכנדיקע ערד־שטחים דאַרף מען באַצייטנס פאַרזיכערן אַן ענלעכן שטח אין דער דערבייאיקער ביריה, וועלכע האַלט ביים דעראָבערט ווערן דורכן קרן קימת.

5. אַ פאַך־שולע: מען דאַרף באַטראַכטן דעם פאָרשלאָג פונעם צפתער אַרבעטער־ראַט וועגן עפענען צוגאָבלעכע פאַך־קלאַסן ביי דער מיטלשול וואָס איז לעצטנס געשפן געוואָרן אין צפת. עס האַנדלט זיך וועגן צוגעבן אַ נייעם מלאכה־צווייג.

6. די קאָנצענטרירונג פון קולטור־ווערק אין צפת: באַשטימטע ביל־דונגס־אַנשטאַלטן פון די לאַנד־צענטערס זאָלן אין זומער־צייט עפענען פאַר זייערע תלמידים קורסן אין צפת. דאָס קען געבן סיי אַ המשך פון די לימודים און סיי קלימאַטישע באַקוועמלעכקייט.

7. אַן ערן־פּליכט פון ישוב: מען דאַרף געבן אַ מער פּאַסיקן אויסזען דעם בית־הקברות ווו עס ליגן באַהאַלטן די ביינער פון גרויסע לייט — באַ־רימטע אין פאָלק און אין דער יידישער געשיכטע. דער בית־הקברות פאַרנעמט אַ גרויסן שטח. דערווייל דאַרף מען פאַרווירקלעכן דעם שמאָלערן פּלאַן פון

אַרומצוימען בלויז יענעם טייל ווו ס׳געפינען זיך די קברים פון די בני־גיל פון דעם אר״י, משה קאָרדאָווערא און אַנדערע. די אַרבעט פון בויען דעם גדר וועט אויך אַביסל פאַרלייכטערן די לאַגע.

8. די קאָנצענטרירונג פון דער יוגנט וואָס שטאַמט פון צפת. די צפתער שטרייכן שטענדיק אונטער זייער ליבע צו דער געבורט־שטאָט און זייער גרייטקייט אַהין זיך אומצוקערן ווען זיי וועלן דאָרט האָבן עקזיסטענץ־מעג־לעכקייטן. דער קרן־קימת באַשעפטיקט זיך איצט מיט דעראָבערן באָדן אין דער סביבה פון צפת — אין ביריה, מירון, עין־זיתון און אַנדערע ערטער. וואָלט כדאי געווען צו שאַפן אַ קערנדל פון דער צפתער יוגנט, וועלכע איז צע־וואָרפן איבערן לאַנד און צוצוגרייטן זיי ווי קאַנדידאַטן פאַר קאָלאָניזירן זיך אויפן באָדן וואָס וועט דעראָבערט ווערן.

9. די זאָרג פאַר דער הסתדרות־טעטיקייט און פאַר קהלישע ענינים אין צפת: מען דאַרף דערמוטיקן די אַקטיווע טוער פון דער הסתדרות און פאַרגרעסערן זייער צאָל. מען דאַרף אויך געבן הילף די געזעלשאַפטלעכע טוער און פאַרלייכטערן זייער טעטיקייט לטובת צפת.

10. זיכערקייט: די לאַגע אויפן דאָזיקן געביט איז זייער אַ באַאומ־רואיקנדיקע און מען מוז ציען אויף איר אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

אַ טייל פון די פאָרשלאָגן זיינען נאָך אין דער סטאַדיע פון אידייען אוז פּלענער, אָבער פאַר צפת־וועגן מוז מען געבוי דורכטראַכטן יעדן איינצלנעם פאָרשלאָג און נישט גרינגשאַצן קיין שום געדאַנק און נישט שפּאָרן קיין שום אָנשטרענגונג וואָס קען פירן צו דער אויפלעבונג פון צפת און דער פאַרבעסע־רונג פון איר לאַגע.

---

## פאַר דער באַנייאונג פון צפת

(ביים דערעפענען די פּאַד־שול „עמל" אין צפת — אויף דעם נאָמען פון גרין — דעם 13טן אָקטאָ־בער 1944).

מיר עפענען היינט אין צפת די פּאַד־שול אויפן נאָמען פון גרין און דער־מיט לייגן מיר אַ יסוד פאַר דעם ווערק וואָס דאַרף סימבאָליזירן אונדזער אַלע־מענס ווילן צו באַנייען און אויסבויען די שטאָט צפת. דאָס ווערק איז אַ קליי־נע און באַשיידענע התחלה, ס׳איז אָבער אַ רעזולטאַט פון גרויסער התעוררות, וועלכע דאַרף מיט זיך ברענגען די איניציאַטיוו צו מעשים אויף צו באַנייען און אויסברייטערן דעם פאַרנעם און לעבנס־אינהאַלט פון דער שטאָט.

אַ סך יאָרן האָבן מיר פאַרנאַכלעסיקט צפת. מיר זיינען געווען פאַרטאָן אין בויען דאָס לאַנד און אין פלאַנצן לעבן אין נייע געביטן — האָבן מיר

נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם דאָזיקן פּונקט וואָס איז אַזוי טייער דעם יידישן האָרץ; מיר זיינען געוואָרן פּאַסיווע עדות פון פּראָצעס פון דעגענערי־רינג און אונטערגאַנג אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן פּלאַץ.

ס׳איז שוין אָבער אָט צוויי יאָר, פון זינט ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן דאָס אָפּרו און דערהאָלונג־הויז — אויפן נאָמען פון יוסף בוסעל, ווי אונדזער אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט צו די היגע נויטן, צו די האַרצרייסנדיקע רופן פון די היטער און זאָרגער פון צפת. מיר הערן זיך גוט צו צו די פּאָ־ז׳ערונגען פון דער שטאָט און באַזונדערס צו דעם הייסן אַפּעל פון דעם פּרנס — הער פּאַדהאָרצער.

מיט אַ יאָר צוריק איז דאָ, אינעם אַרבעטער־הויז אויפן נאָמען פון דוב האָז, פאָרגעקומען אונדזערע אַ זיצונג צוזאַמען מיט די שטאָט־לייט. די פאַר־טרעטער פון ועד־הפועל פון דער הסתדרות האָבן זיך דאַן פאַרפליכטעט ערנסט צו אינטערעסירן זיך מיטן גורל און צוקונפט פון צפת. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף דער איניציאַטיוו פון „התאחדות בני־הישוב“*) און צו־זאַמען האָבן מיר באַשלאָסן אויפצושטעלן די דאָזיקע פאַך־שול.

דער באַשלוס לייגט אויף אונדז אַרויף גרויסע פליכטן, מיר וואָלטן אים אָבער נישט געקענט אַזוי גיך פאַרווירקלעכן, ווען נישט הער גרין וואָס מיט זיין שפּענדונג און האַרציקער פאַראינטערעסירונג האָט ער זיך דערוואָרבן אַן ערן־פּלאַץ אין דער גרינדונג פון דער אינסטיטוציע.

די פאַך־שול דאַרף צוטראָגן צו דער באַשאַפונג פון אַן עקאָנאָמישער באַזע אין צפת. מען דאַרף דערמעגלעכן דער צפתער יוגנט וואָס האָט ליב איר שטאָט צו פאַרבינדן איר לעבן און צוקונפט מיט איר געבורט־אָרט. די שולע דאַרף אויך מיטהעלפן ביים צוריקברענגען די יוגנט וואָס איז געווען געצוווּנ־גען צו פאַרלאָזן צפת צוליב מאַטעריעלע מאָטיוון.

די דאָזיקע אינסטיטוציע וואָס איר באַרוף איז צו לאָזן די צפתער איינ־וווינער לערנען אַ פאַך, אַנטשפּרעכט דעם גייסט פון דער צפתער טראַדיציע — צונויפפּאָרן קולטור־לעבן מיט יגיעת־כפּיים. פון צפת זיינען דאָך אַרויס פּערזענלעכקייטן און איניציאַטיוון צו בויען און באַזעצן דאָס גאַנצע לאַנד.

די שול איז דערווייל בלויז אַ קליינער אָנהייב פאַר די פּראָיעקטן וואָס זייער ציל איז צו ברענגען אַהערצו ליכט און וואַסער, האַנדווערק און אינ־דוסטרי. צוזאַמען מיט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע וואָס וועט זיך אין גיכן אָנהייבן אין דער אומגעבונג פון צפת, דאַרף זיך די שולע אַריינ־וועבן אין דעם אויפלעבונגס־פּראָצעס פון דער שטאָט פון יענע גאולה־טרוי־מער וואָס זיינען די צירונג פון אַמאָליקער צפת און די אינספּיראַציע פאַר אונ־דזער איצטיקן ציוניסטישן קאַמף.

מיט די בעסטע כוונות און אומגעבראָכענעם ווילן טרעטן מיר צו צו

---

*) אַ בירגערלעכע אָרגאַניזאַציע.

אינדזערע ערשטן ווערק אין צפת; איז אונדזער געבעט — מיר זאָלן מצליח זיין ביים פאַרווירקלעכן אונדזערע פּלענער צוריקצובויען די שטאָט.

אין דעם הימלישן געזאַנג פון דעם צפתער פּאָעט, ר׳ שלמה אלקבץ, אין „לכה דודי״, זיינען אַריינגעפלאָכטן די באַקאַנטע פּאָפּולערע ווערטער:

„לא תבושי ולא תכלמי... מה תשתוחחי ומה תהמי?
בך יחסו עניי־עמי — ונבנתה עיר על תלה!״
(וועסט נישט פאַרשעמט ווערן... וואָס ביסטו דערשלאָגן, וואָס ברומסטו?
מיינע אָרימע וועלן אין דיר שוץ געפינען — און די שטאָט וועט
צוריקגעבויט ווערן!)

— הלואי זאָלן מיר דאָס מעגן זאָגן אויך וועגן דער צוקונפט פון צפת.

---

# „רוען ווערט ער אין זיכערקייט״

(אויפן צוזאַמענקום פאַר אַרבעטער־הויזונג אין די קאָלאָניעס; געדרוקט אין „ידיעות המרכז החקלאי״, יאַנואַר 1944).

מיר זיינען זיך צונויפגעקומען צוליב אַ באַשיידענעם און גאָר פּראָזאַאישן ענין: שיכון — הויזונג — פאַר די אַרבעטער אין די קאָלאָניעס. מיר טרעפן זיך אין אַ צייט ווען אין דרויסן בושעווען שטורעמס און בייזע ווינטן, ס׳יאָגט אַ טרויער און ציטערדיקע דערוואַרטונגען; און פון אינעווייניק — אַ גייסטיקער שטורעם, אַן אויפטרייסלונג צוליב די געשעענישן אין רמת־הכובש...*) אַרום אונדז געשעען אפשר גאָר גרויסע זאַכן. מיר האָבן געהערט וועגן אַ צוזאַמענטרעף פון די דריי גרויסע הערשער פון דער וועלט וואָס האַלטן מלחמה מיט היטלערן. זייענדיק אין מצרים זיינען זיי געגאַנגען אָנקוקן די פּיראַמידן. די דריי לעבעדיקע ספינקסן זיינען געשטאַנען קעגנאיבער דעם שטיינערנעם ספינקס און האָבן אין זייער געדאַנק זיכער געזוכט אַ באַשייד פאַר דער רעטעניש פון דעם ספינקס־בליק וואָס באַגלייט דאָס מענטשלעכע וועזן אין אַלע דורות: ווי אַזוי וועט זיך פאַרענדיקן דאָס געשפּענסטפולע לעבן פון דער מענטשהייט? וועט טאָקע אויפקומען — און ווי אַזוי — די וויזיע פון אַ ניי לעבן?

אין די איצטיקע טעג פון וועלט־היסטאָרישע געשעענישן פאַרזאַמלען מיר זיך צו באַהאַנדלען אַ קליינעם ענין: הויזונג. מיר זיינען איבערצייגט, אַז טראָץ אַלעמען דאַרפן מיר מאַכן אָנשטרענגונגען, כדי איינצוקוואַרטירן אויף זיכער דאָס ביסל יכולת וואָס דאָס פאָלק פאַרמאָגט. מיר ווייסן נישט אויף קלאָר וואָס עס שטייט אונדז פאַר. דער אָפּטימיזם איז אומבאַגרינדעט, דער פּעסי־

*) די בריטישע פּאָליציי האָט דאָרטן געזוכט געווער.

מיזם האָט אויך אונטער זיך קיין פעסטן באָדן נישט. קען מען נישט מאַכן קיין פּראָגנאָזן. גאַנץ איינפאַך: די מענטשהייט האָט נאָך פון אַזאַ וועלט־מלחמה נישט געוואוסט. און אויב עמיצער מאַכט יאָ פּראָגנאָזן — קוקן זיי אויס גאָר אויסטערליש. אָט, למשל, האָבן מיר געלייענט די ווערטער פון גענע־ראַל סמאַטס וואָס זאָגט פאָרויס דעם סוף פון איטאַליע, ווי אַ וועלט־מאַכט און זאָגט אַרויס ספיקות וועגן דער ווידעראויפריכטונג פון פראַנקרייך — יענע פראַנקרייך וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַזאַ סטאַבילן באַגריף אין דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין סיי אין מערב און סיי אין מזרח. דער דאָזיקער פּראָגנאָז איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן גאָר רואיק און מיט איבעררעאַשנדיקער זיכערקייט. פאַר אַזעלכע נביאות־זאָגער איז אפשר אויך באַטירלעך יענע קאַל־טע און רואיקע באַציאונג צו א ו נ ד ז ע ר אומגליק — צו טרעבלינקע, אוישוויץ, צום קאַפּיטל אונדזערן אין פּוילן און צום ברידער־קבר פון אַכציק טויזנט יידן אין קיעוו.

דער ציטער פאַר דער צוקונפט איז אָבער אַזוי גרויס, אַז עס האָט קיין זין נישט צו שפּילן זיך מיט פּראָגנאָזן. מיר דאַרפן זיך אָפּגעבן בלויז מיט איין געדאַנק: ווי אַזוי דאָ צו פאַרפעסטיקן רעאַליטעטן און ווי אַזוי אויף זיכער איינצוקוואַרטירן דאָס ביסל כוח וואָס מיר האָבן מיט אַזויפיל אָנשטרענגונגען אָנגעזאַמלט אין דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות.

אויפן איצטיקן צוזאַמענקום געפינען זיך אַזעלכע, וועלכע ס'איז אויס־געפאַלן צו זיין אין לאַנד נאָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך יענער מלחמה זיינען אונדז אָנטקעגנגעקומען גוטע בשורות און גרויסע האָפענונגען. עס זיינען דאַן געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך באַלד צוגעפאַסט צום נייעם נוסח, האָבן דורכגעבראַכן דעם שמאָלן האָפענונגס־וועג און מינימיזירט די קליינע מעשים. עס זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע וואָס אין דער אַטמאָס־פער פון האָפענונגען האָבן זיי געוואָלט דערגרייכן עפּעס ממשותדיקס וואָס זאָל דינען אַלס ערשטער אָנהאַלט. זייער ווונטש איז געווען צו דערגרייכן כאָטש אַן אָנהויב פון עליה, אַן אָנהויב פון קאָלאָניזאַציע. איינע קעגן די אַנ־דערע: ד י האָבן זיך פאַרנומען מיט קריטיקירן די באַלפור־דעקלאַראַציע, האָבן געפאָדערט צו פאַריכטן דעם פעלער פון ווערסיילער שלום־טראַקטאַט און זיינען באַשטאַנען אויף דער באַלדיקער לייזונג פון דעם יידן־פּראָבלעם; און ד י האָבן מורא געהאַט פאַר די האָפענונגען פון דער דעקלאַראַציע און האָבן געפאָדערט פון וויצמאַנען אַז ער זאָל ברענגען אַן אַרבעטס־קאַרטיע און זאָל פאַרזיכערן די מעגלעכקייטן אַריינצוברענגען נייע כוחות און אָנהייבן די אויפבוי־אַרבעט אין לאַנד. פון דאַן אָן האָט די דיסקוסיע נישט אויפגע־הערט. אָבער די וואָס אין טעג פון דערהויבענע וויזיעס און גרויסע האָפענונ־גען האָבן זיי נישט גרינגגעשאַצט קליינע דערגרייכונגען, זיי האָבן עס גע־לייגט דעם פעסטן יסוד פאַר אונדזער רעטונג און אונדזער צוקונפט.

מיט אונדזערע בהדרגהדיקע אָנשטרענגונגען צו אַקומולירן דאָ־הי אונ־

דזוערע שעפערישע כוחות האָבן מיר זיך איינגעשאָפט אַ נאַציאָנאַלן פאַר־מעגן. מיר האָבן דאָ צונויפגענומען כוחות פון טאַט, ווערק און אומאויפ־הערלעכער איניציאַטיוו אויף אַלע לעבנס־געביטן. מיר האָבן דאָ צונויפגענו־מען שפּרודלדיקע כוחות, פול מיט אומרו פאַרן גורל פון פאָלק.

וואָלטן מיר זיך געווען פאַרלאָזט אויף די גרויסע האָפענונגען פון דרויסן און נישט געשטיצט זיך אויף די האָפענונגען פון אינעווייניק — אין דעם פּראָצעס פון אָקומולירן דעם יידישן פּאָטענציאַל — וואָלטן מיר נישט דער־גרייכט דאָס וואָס מיר האָבן אין לאַנד. דאָס וואָס מיר האָבן געשאַפן צווישן ביידע וועלט־מלחמות שטעלט מיט זיך פאָר דעם פּאָליטישן הויפּט־פאַקטאָר אינעם יידישן פאָלק. און נייטיקן מיר זיך נאָך אָן אין אויפקלערונג וועגן דעם אָרט און דעצידירנדיקער באַדייטונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט — פון דער הסתדרות — אין דער דאָזיקער אויסבילדונג פון אונדזער פּאָליטישן כוח?

דער רעאַלער כוח פון דער הסתדרות ליגט אין איר פּרוכט און אירע וואָרצלען. די פּרוכט: דאָס שפּרודלדיקע לעבן און די רעגענערירטע אָרגאַני־זאַציע־טאַלאַנטן. די פּרוכט: די קינדער וואָס זיינען אויסגעוואָקסן און גע־וואָרן אַרבעטער, פּאַרטיידיקער און די וואָס פירן דעם קריג פון ישראל. אָבער פּרוכט זויגט פון וואָרצלען און דער עיקר־כוח פון דער הסתדרות ליגט אין די לעבעדיקע וואָרצלען: מענטשן — טרעגער פון דעם אידעאַל און פון דער פּערמאַנענטער פאַרווירקלעכונג. די וואָרצלען טיילן זיך אין דרייען: א) דער חבר, וואָס דעראָבערט די אַרבעט אין די קאָלאָניעס; ב) דער מאַן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער זידלונג; ד) דער יידישער אינדוסטריעלער אַרבעטער. און אונדזער אינדוסטריעלן פּאָטענציאַל האָבן מיר געזען אין די איצטיקע מלחמה־טעג. די דאָזיקע וואָרצלען נויטיקן זיך אין פלעגונג, שמירה און שטאַרקונג.

מיר דערנענטערן זיך צום סוף פון קריג. וואָס קען אונדז דער סוף ברענ־גען? דערווייל איז אַלץ איינגעהילט אין סודות. בלוט און נאַפט קאָנקורירן צווישן זיך און לעת עתה איז דער נאַפט שטאַרקער. דער ריח פון דעם נאַפט ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דעם קאָליר פונעם פאַרגאָסענעם בלוט. אין דעם לאַבירינט פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען און קעגנגע־זעצטע ריכטונגען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט טאַפּן מיר דעם וועג צו אונדזער זעלבסטפאַרטיידיקונג. צו דעם צוועק דאַרפן מיר לאָזן אין באַוועג־גונג דאָס רעשטל פון יידישע כוחות אין אייראָפּע און אַמעריקע, ווי אויך דאָס רעשטל פון דער מענטשהייטס געוויסן. אונדזער געבאָט איז — אַ דע־צידירנדיקער געראַנגל פאַר אונדזער רעטונג און פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונעם ציוניזם.

אָנגייענדיק מיטן פּערמאַנענטן געראַנגל דאַרפן מיר אינוועסטירן אונ־דזער גאַנצע ענערגיע און אַלע אונדזערע טאַלאַנטן אין באַפעסטיקן אַלע אונ־

דזערע פּאָזיציעס און אין פאַרטיפן אַלע אונדזערע וואָרצלען. אונדזער לאַנד־ווירטשאַפטלעכע זידלונג — הייסט: וואָס מער וואָרצלען און וואָס שטאַרקער.

נאָך אַ וואָרצל — דער שטאָטישער אַרבעטער — דאַרף געגוי אונטערזוכט ווערן. די מלחמה האָט געבראַכט פּראָספּעריטי פאַרן שטאָטישן אַרבעטער. מען דאַרף אָבער באַצייטנס זאָרגן אויף שפּעטער. מען דאַרף פאַרהיטן אַז די ערד, אין וועלכער דער וואָרצל איז פאַרזעצט, זאָל נישט דאַרן.

דער אַרבעטס־דעראָבערער אין דער קאָלאָניע — דער דריטער וואָרצל — איז אורשפּרינגלעך דער וויכטיקסטער. פון אים איז אַרויסגעוואַקסן די אַרבעטס־באַוועגונג אין לאַנד. פון אים האָבן געשטאַמט די כוחות און טאַלאַנטן פון דעם יידישן אַרבעטער, פון אים — זיין קאָלאָניזאַטאָרישע און געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו; ער — דער וואָס פּעטן באַזינגען אים... כלומרשט לאַנג פאַרגאַנגענע זאַכן, אָבער זייער גלאַנץ און זייער ווערט דויערן נאָך.

קומען מיר זיך ווידער צונויף און זאָגן: לאָמיר פאַרזעצן! עס איז אונדז נישט אינגאַנצן קלאָר די אַנטוויקלונג פון דער ארץ־ישראלדיקער עקאָנאָמיק. מיר ווייסן אָבער, אַז דער פּרדס איז נאָך אַלץ אַ וויכטיקער געביט — אייגער פון די עלעמענטאַרע עקאָנאָמישע געביטן אונדזערע. און די פּרדסים־קאָלאָניע שטעלט מיט זיך פאַר אַ הכשרה־פּלאַץ פאַר די חלוצישע שעפערישע כוחות וואָס וועלן פון דאַנען גיין גרינדן נייע ווירטשאַפטן. דאַרף מען אין דער קאָלאָניע איינוואָרצלען אַ סטאַבילן כוח. און רעדנדיק וועגן שיכון — הויזונג — מיינען מיר נישט די שאַבלאָן־מעסיקע בויעכץ פון ווין־הייזער. ניין, מיר האָבן אין זינען אַ ווערק וואָס דאַרף זיין דורכגעזאַפּט מיטן זעלבן אידעאַל וואָס האָט באַוויגן דעם אַרבעטער צו גראָבן, פלאַנצן, שאַפן, גיין צום גליל און באַלעבן וויסטע געגנטן: דער אידעאַל וואָס אַ דאַנק אים זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן די דאָזיקע כוחות דאַרף אויך באַגלייטן דאָס ווערק וועלכן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע (ההסתדרות החקלאית) גייט איצט אויפשטעלן. מען דאַרף געבן שיכון פאַר טויזנטער חברים, נישט נאָר כדי זיי זאָלן האָבן אַ דירה, נאָר אויך כדי זיי זאָלן זיך פעסט פאַראַנקערן אין דער קאָלאָניע און כדי עס זאָל זיך פון זיי אויסבילדן אַ סטאַבילער שעפערישער פאַקטאָר.

מיר זיינען זיך דאָ צונויפגעקומען כדי איינצוקוואַרטירן אויף זיכער די כוחות וואָס זיינען נויטיק פאַר דער צוקונפט פונעם יידישן פאָלק, כדי צו פאַרגרעסערן די מעגלעכקייטן אויפצונעמען נייע עולים. עס וועלן קומען עולים, זיי הייבן שוין אָן צו קומען. זיי וועלן מיטברענגען טרויער און פאַריתומקייט, אָבער אין דעם סאַמע פּראָצעס פון אונדזער פאַרנעמען זיך מיט זיי וועלן אויך דער טרויער און די פאַריתומטקייט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שעפערישן פאַקטאָר. מיר דאַרפן זאָרגן פאַר די עולים פון די מזרח־לענדער;

מיר דאַרפן זאָרגן פאַר דער תימנער עליה וואָס איז איצט באַנייט געוואָרן — יענע עליה, וואָס האָט צוזאַמען מיט אונדז געלייגט דעם יסוד פאַרן פאַראַנקערן זיך אין דער קאָלאָניע.

עס קען געשען אַ נס, אַזוי, אַז דער נצחון איבער היטלערן זאָל פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון הומאַניטאַרע אידעאַלן אויף דער וועלט... מעגלעך, אַז דורך דעם וועלן אויך מיר אויסגעלייזט ווערן און אונדזער שארית הפליטה וועט זיך ראַטעווען און קאָנצענטרירן אין ארץ ישראל. — אפשר וועט געשען דער נס... מיר אָבער, פון אונדזער זייט, דאַרפן זיך ג ר ײ ט ן דערצו: מיר דאַרפן צוגרייטן דעם יידישן כוח וואָס איז קאָנצענטרירט אין דעם היגן ישוב, אַזוי אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד צו געבן דעם יידישן פאָלק דאָס וואָס ער האָט געגעבן אין דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות. און דער שיכין פונעם אַרבעטער אין דער קאָלאָניע איז אַ רינגעלע אין דער קייט פון אונדזערע אָנשטרענגונגען אויסצושמידן אונדזער לעבנס־פּאָטענץ און אונדזער שטאַנדהאַפטיקייט אין דעם געראַנגל פאַר אונדזער עקזיסטענץ און צוקונפט.

---

## די שיטה פון „הבה נתחכמה"

(אויף אַ עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אין רמת־גן, דעם 20סטן מאַי 1944).

אין רמת־גן זיינען פאַראַן גאָרטנס, אָבער אויך אַ פאַרוואַלטונג וואָס גיט צו דער שטאָט פּאָפּולאַריטעט און „חן" מיט איר מעטאָדע פון „הבה נתחכמה". די מערהייט וואָס הערשט אין שטאָט־ראַט געפינט אַלעמאָל וועגן און הינטערוועגן צו פאַרזיכערן זיך פאַר דער סכנה פון „פן ירבה" — טאָמער וועלן זיך מערן די שטים־באַרעכטיקטע. לעצטנס האָט די פאַרוואַלטונג זיך אַליין איבערגעשטיגן: כדי צו באַרויבן פיל איינוווינער פון שטים־רעכט האָט זי דורכגעפירט אַ באַשלוס, אַז די וואָס צאָלן דירה־געלט ווייניקער פון 36 פונט אַ יאָר, זאָלן באַפרייט ווערן פון שטייערן וואָס גיבן וואַל־רעכט; גלייכצייטיק אָבער האָבן זיי אויף די זעלבע לאָקאַטאָרן אַרויפגעלייגט אַנדערע שטייערן וואָס גיבן נ י ש ט קיין וואַל־רעכט! גאַנץ אָריגינעל: אי מען איז מבטל דעם צענז, אי מען איז מבטל דאָס וואַל־רעכט און אי מען פאַרזיכערט הכנסה פאַרן שטאָט־ראָט!

מען מעג אָננעמען, אַז זיי וועלן זיך באַמיען צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן באַשלוס. צי וועט אָבער אויך די רעגירונג זיין אַ שותף צו דער דאָזיקער קאַריקאַטור פון אַ וואַל־סיסטעם? די אויפפירונג פון דער „הבה נתחכמה"־פאַרוואַלטונג איז נישט בלויז אַ לאָקאַלער ענין און זי מוז אַרויסרופן אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. די גאָרטנס פון רמת־גן זיינען זייער שיין, עס

איז אָבער וויכטיק, אַז עס זאָל אין איר אויך זיין אַ געזעלשאַפטלעך־ריינע אַטמאָספער און אַז דאָס פּלאַנצן ביימער זאָל נישט זיין געפּאָרט מיטן אויסרייסן מענטשלעכע רעכט. דער הויפּט פון רמת־גן גיט זיך אָפּ, ווי באַקאַנט, מיטן פאַרשענערן די שטאָט, און, נאַטירלעך, דאַרף מען נישט אונטערשאַצן קיינעמס איניציאַטיוו און מי; אָבער אַ פּרנס־ציבור וואָס הערשט אומגעזעצלעך און באַרויבט בירגער־רעכט, איז פּסול טראָץ זיינע פּאָזיטיווע טאַטן. קיין שום מעשים טובים פון אַ יחיד האָבן נישט קיין ווערט אויב זיי זיינען אויסגעלייגט מיט גראָבקייטן לגבי דעם כלל און זיינע רעכט.

מיר זיינען דאָ מיט רעכט, נישט מיט חסד; עלטערן זיינען דאָ אין זכות פון די האַרעפּאַשנע קינדער. אונדזער זיין דאָ און אונדזער ווילן דאָ זיך אויסצולעבן גיבן אונדז רעכט איבערן גאַנצן לאַנד און אין יעדן איינצלנעם ווינקל וווּ נאָר מיר ווינען און לעבן. מיר וואַרפן אָפּ יעדן צענז פאַר עליה און אויך יעטוועדן צענז פאַר אונדזער אויפבוי־ווערק און פאַר אונדזער זעלבסט־פאַרוואַלטונג דאָ אין לאַנד. די מוניציפּאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג איז איינע פון די גרונט־קעמערלעך אין אונדזער היינטיקער אויטאָנאָמיע. ווי אַזוי זשע קען וואָגן אַ צופעליקע מערהייט אָוועקצורויבן פון וועמען ס׳זאָל נישט זיין בירגערלעכע רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג? נישט דער יחיד — דער אוזורפּאַטאָר, נאָר דער כלל וועט באַשטימען ווי אַזוי אָנצופירן מיט ענינים — לטובת הכלל. געוויסע קרייזן אין רמת־גן נעמען זיך שטאַרק איבער מיט זייערע אנשויאונגען און בירגערלעכע טעאָריעס, אָבער דער פיינער באַגריף „בירגער“ איז פאַרשוועכט געוואָרן דורך די מעשים־תעתועים פון באַרויבן מענטשן פון זייערע בירגער־רעכט. און כדי רמת־גן זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „רמת־דזשונגל“ — דאַרף מען אַ סוף מאַכן צו די מעשים־תעתועים.

---

# דער עיקר

אויף אַ קבלת־פּנים פאַר ד״ר חיים ווייצמאַן אין נהלל, טבת 1945.

דער איינציקער קאָנצענטרירטער יידישער כוח היינט צו טאָג אין דער וועלט איז דער ישוב אין ארץ־ישראל. מיטן דאָזיקן כוח און אין זיין שליחות קען מען ווירקן און אפשר אויך מנצח זיין אין אונדזער נאַציאָנאַלן געראַנגל. אָן אים קען מען גאָרנישט טאָן פאַר דער רעטונג פון דעם פאָלק.

דער צוועק פון איצטיקן באַזוך פון ד״ר חיים ווייצמאַן איז צו מאַכן אַן איבערזיכט און אויסצופּרובירן דעם כוח און וווקס פונעם יידישן ישוב —

אין אינהאַלט און אין פּאַטענץ — אין פאַרלויף פון די יאָרן וואָס ער איז דאָ נישט געווען. אין זיינע באַזוכן איבערן לאַנד — אין די זידלונגען און אין די ווערק — וועט זיך דער פּרעזידענט איבערצייגן, אַז אין די לעצטע פינף יאָר איז געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער פאָרשריט אויף אַלע לעבנס־געביטן. עס האָבן זיך פאַרמערט די אַרבעטס־דערגרייכונגען און ס׳האָט זיך פאַר־צווייגט אונדזער ווערק. דער אורשפּרינגלעכער ציל פון דער ארץ־ישראלדי־קער אַרבעטערשאַפט איז געווען — כיבוש־עבודה: „די דעראָבערונג פון אַלע אַרבעטס־פאַכן". כיבוש — האָט געמיינט: איינגעמען יעדע נייע יידישע מעג־לעכקייט פון אייגענער שאַפונג און אייגענער אויסהאַלטונג — אין די אינ־טערעסן פון דער זעלבסטשטענדיקייט פונעם ישוב און פונעם יידישן כוח. אַרומפאָרנדיק איבערן לאַנד וועט זיך דער פּרעזידענט איבערצייגן, אַז דער פּראָצעס פון באַהערשן אַלע אַרבעטס־געביטן איז פאַרענדיקט געוואָרן, ווי אין דער לאַנדווירטשאַפט, אַזוי אין אינדוסטרי.

די טעג איז פאָרגעקומען די יאָר־קאָנפערענץ פון דעם אינדוסטריעלער־פאַרבאַנד — אין דער אָנוועזנהייט פון ד״ר חיים וויצמאַן. אויף דער קאָנ־פערענץ האָט מען געקענט הערן זייער נישט־סימפּאַטישע טענער פון רעאַק־ציאָנערע אַרויסזאָגן, באַזונדערס, אין באַצוג צו דער הסתדרות. אָבער די דאָזיקע אַרויסזאָגן זיינען נישט בכוח צו פאַרטונקלען דעם ווערט פון דער אינדוסטרי און אירע דערגרייכונגען. פונעם נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט פרייען מיר זיך מיט די דערגרייכונגען און מיר פאַרערן די מענטשן פון איניציאַ־טיוו און טאַט. יעדער חפץ, יעדע כלי, וואָס ווערט געשאַפן מיט יידישע הענט און יידישער איניציאַטיוו, איז אונדז טייער, ווייל דאָס פאַרגרעסערט און שטאַרקט אונדזער אַבסאָרבירונגס־קאַפּאַציטעט.

ס׳איז פאַר מיר איבעריק אָפּצוגעבן דעקלאַראַציעס וועגן מיין פּיעטעט צו דער „משפחה פון דער ערד": איך הער זיך יעדנפאַלס צו מיט פאַרערונג צו די רייד פון דעם מחבר פון „משפחת האדמה".*) — דאָך קען איך נישט אָננעמען די ווערטער פון משה סמילאַנסקי, וועלכע ער האָט היינט געלאָזט הערן וועגן די „נאַלעווקעס"... זאָל דער דאָזיקער נאָמען ביי אונדז נישט דערמאָנט ווערן צום שלעכטן און לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז אויך פון די נאַלעווקעס זיינען צו אונדז געקומען חלוצים און בויער פון אַ ניי לעבן.

מען מעג פאַרשיידנאַרטיק אויספאַסן דעם אָדער יענעם שטריך אין דעם אויפבוי־פּלאַן און אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון ארץ־ישראל; עס קענען אויך אָנגענומען ווערן פאַרשיידענע דעפיניציעס, זאָל מען אָבער נישט ריידן וועגן „נאַלעווקעס" אין ארץ־ישראל, נישטאָ דאָ קיין נאַלעווקעס... דאָרט, אין די גלות־לענדער, זיינען מיר געווען געצוווּנגען צו זיין פאַרמיט־לער און אַגענטן ב יי אַ נ ד ע ר ע; אָבער דאָ — אפילו ווען מיר פאַר־

*) „משפחת האדמה" — אַ פאַרטרעטן־בוך פון משה סמילאַנסקי.

מיטלען — איז דאָס אַ פאַרמיטלונג צווישן  א ו נ ד ז ע ר ע  פּראָדוצענטן און קאָנסומענטן.

איך נעם אָבער אָן דעם  ע י ק ר  פון משה סמילאַנסקיס ווערטער און זיין ווונטש אין באַצוג צום היפּער־פונדאַמענט פון אונדזער עקאָנאָמיש ווערק — די לאַנדווירטשאַפט.

ביז איצט איז דער פּרעזידענט אַרומגעפאָרן, האָט זיך צוגעקוקט און געזען, די ווענט פון אונדזער בנין. מיטן צוזאַמענטרעף דאָ, אין נהלל, גייט ער איבער צום באַקענען זיך נענטער מיטן יסוד פון דעם בנין — ד י  ע ר ד־א ר ב ע ט,  וואָס איר חשיבות איז מיט אַזאַ פּשטות פאַרמולירט געוואָרן אין אונדזער אַרבעטער־ליד... „ויתרון עוד לעבודת האדמה, כי לכל עם היא הנשמה“...*) די טעג איז געפייערט געוואָרן דער זעכציק־יאָריקער יובילײ פון גדרה. די ביל״ו־לייט זיינען, ווי באַקאַנט, געווען נישט נאָר לאַנדווירטן. צום נאָמען ביל״ו איז אויך צוגעגעבן געוואָרן אַ נאָמען „שה״ו“ (שיבת החרש והמסגר; דער צוריקקער פון דעם מייסטער און דעם שלאָסער). — „שה״ו“ איז געווען דער נאָמען פון אַ ביל״ו־גרופּע, וואָס האָט געלעבט אין אַ קאָמונע אין ירושלים און געפּרוווט פאַרנעמען זיך מיט שטאָטישער אַרבעט.

אויך די שה״ו־גרופּע איז געווען אַ חלוצישע און אפשר אויך די אָנזאָגערין פון באַנייען האַנטווערקעריי און אינדוסטרי אין לאַנד פון די אָבות. און דאָך ווערט יעדער וואָס רעדט וועגן ביל״ו, אידענטיפיצירן דעם באַגריף ביל״ו איינציק און אַליין מיט ערד־אַרבעט, מיטן אָנהויב פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. אָט אַזוי האָט זיך דער דאָזיקער באַגריף אַריינגעלעבט אין אונדזער באַוווסטזיין.

און ווי אין די ביל״ו־טעג, אַזוי — און נאָך פיל מער — אין די איצטיקע טעג.

מיר זיינען דאָ דורכגעזאַפּט מיט דער שטרעבונג צו אַ באַלדיקער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער גרויסער האָפענונג. מעגן די פאָרמולעס זיין פאַרשיידענע — די פאָדערונג פון אַ גרויסער פאַרווירקלעכונג איז אָבער אַ געמיינזאַמע.

ווילן מיר דאָ זאָגן דעם פּרעזידענט און אונטערשטרייכן: כדי די ווענט פון אונדזער בנין זאָלן זיין פעסטע און סטאַבילע דאַרף מען קודם־כל זאָרגן פאַר דער באַפעסטיקונג פון דעם פונדאַמענט אויף וועלכן דער בנין ווערט אויפגעריכט. דערצו פאָדערט זיך אַ גרויסער אַרומנעמענדיקער פּלאַן פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. אָן דעם וועט דער בנין  נ י ש ט  אויפגעבויט ווערן און אויך די ווענט וועלן גאָרנישט ווערט זיין.

מיט 25 יאָר צוריק איז חיים ווייצמאַן געקומען אַהערצו אין דער שפּיץ פון „ועד הצירים“ (דעלעגאַטן־קאָמיסיע) און האָט אונדז געבראַכט די מגילת

*) און נאָך אַ מעלה האָט די ערד־אַרבעט: זי איז די נשמה פון ישרן פאָלק.

**פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מיר האָבן אים דאָן אויפגענומען מיט אַ פאַ־דערונג צו ברענגען אונדז אויך די „אַרבעטס־מגילה״ — די מעגלעכקייטן אַנצוהויבן רעאַליזירן דעם א י נ ה אַ ל ט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.**

**איז אַט באַגעגענען מיר זיך ווידער מיטן פרעזידענט און אויך דאָס מאָל נעמען מיר אים אויף מיט אַ ווונטש: ער זאָל זוכה זיין ברענגען די מגילה פון דער גרויסער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג.**

**מיר ווינטשן דעם פרעזידענט און אונדז אַלעמען, אַז דער א י נ ה אַ ל ט פון דער דאָזיקער מגילה זאָל זיין — גאולה שלמה, און איר אומפאַנג — די פולע רעטונג פונעם יידישן פאָלק.**

---

# קעגנאיבער דער ווירקלעכקייט

אויף דער צווייטער סעסיע פון דער זעקסטער
„הסתדרות־קאָנפערענץ״, 2טער פעברואַר, 1945.

**דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער סעסיע איז צוצוגרייטן און אויפצור־דיכטן אונדזער ווערק „לקראת הבאות״ (אַנטקעגן די קומענדיקע טעג). עס וואָלט אָבער געווען טרעפלעכער צו דעפינירן די אויפגאַבע פון דער קאָנפע־רענץ נישט „אַנטקעגן די קומענדיקע טעג״, נאָר — ק ע ג נ א י ב ע ר ד ע ר ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט ...**

**אין די רעפעראַטן, דעבאַטן און אויספירונגען און איבערהויפּט אין דעם גאַנצן גייסטיקן געפיל וואָס האָט פולסירט אין דער קאָנפערענץ, איז געקומען צום אויסדרוק די גרויזאַמע דערקענטעניש פון דעם טראַגישן מצב — קעגנאיבער דער ווירק־לעכקייט פון די היינטיקע טעג.**

**דער מהות פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט איז געקומען צום אויס־שפּרוך אין צוויי אויפטרייסלענדיקע מאָמענטן. איינער, ווען אַן עולה, אַ יונג מיידל, פון די לעצטע אין געטאָ, איז דאָ געשטאַנען און דערציילט, וואָס זי האָט מיט אירע אויגן געזען און ווי אַזוי די לעצטע פון געטאָ האָבן גע־קעמפט. זי האָט געזאָגט, אַז נישט נאָר די דייטשן, נאָר אַלע, טאַקע „אַלע זיינען געווען קעגן אונדז״.**

**אַ צווייטן אויסדרוק צו אונדזער ווירקלעכקייט האָט געגעבן דער קור־צער באַריכט פון דער קאָנפערענץ־דעלעגאַציע איבער איר שמועס מיטן רעַ־גירונגס־פאַרטרעטער וועגן עליה און וועגן ראַטעווען די פאַראורטיילטע צו פאַרניכטונג.**

**אַט־אָ־דאָס איז די ווירקלעכקייט! אָבער קעגנאיבער דער דאָזיקער ווירק־לעכקייט האָבן מיר זיך דאָך פאַרמאָסטן צו שאַפן אַן אַנדערע — די, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם טאַט פון חלוצישע דורות.**

עס האָבן נישט געפעלט קיין חילוקי־דעות אויף אונדזער קאָנפערענץ. עס זיינען געווען מאָמענטן, וועלכע איך וואָלט נישט וועלן באַצייכענען ווי קיין „שיינהייטס־פעלערן“ — פעלערן אין דער אמתער שיינקייט פון אונדזער באַוועגונג. איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון דער קאָנפערענץ, צוגעהערט זיך צום גרונט־טאָן פון די פאַרהאַנדלונגען און עס איז ביי מיר פאַרט רייף געוואָרן דאָס געפיל און דער גלויבן, אַז אונדזער מחנה איז איינִיק. אמת, טיילמאָל טיילן אונדז אָפּ דיסטאַנצן, דאָס זיינען אָבער וואָרט־דיסטאַנצן. ווערטער דערווייטערן, עס איז אָבער פאַראַן נאָענטקייט פון ווילן, פון התעוררות, פון הארץ. ווו איז דען דאָ מער האַרץ־נאָענטקייט, ווי דער פלאַמיקער ווילן פון דער גאַנצער קאָנפערענץ, צו ראַטעווען איינע אַ מיידל*) פון געטאָ, אין וועלכן זי און אירע חברים זיינען איינגעשלאָסן און אָפּגעריסן פון גאָר דער וועלט און זיי קעמפן און פאַרניכטעט ווערן זיי — טראַגנדיק אין האַרצן דעם זכר פון ארץ־ישראל און די האָפענונג אָפּצוראַטעווען און אויסצולייזן דאָס יידישע פאָלק?

טראָץ די חילוקי־דעות און די פאַרשיידענע טעאָריעס און פאָרמולירונגען איז איינער דער אינהאַלט און איינס דאָס ווערק, וואָס נעמען אונדז צונויף אינאיינעם און פילן אויס אונדזער לעבן.

די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט מיר דערוויזן, אַז שטופנווייז, מיט אַ קולטורעל־גייסטיקער אָנשטרענגונג, מיטן פאַרקירצן די „וואָרט־דיסטאַנצן“ וועלן מיר זיך באַפרייען פון טפל־זאַכן און וועלן אין דער פולער מאָס אַרויסברענגען דעם גייסט פון איינִיקייט. דער וואָס האָט געשאַפן די הסתדרות, האַלט זי אויף און ברענגט צו קאָנפערענצן ווי די איצטיקע וואָס האָט פאַרזאַמלט מאַסן און זיי צו זיך צוגעשמידט במשך די טעג און נעכט פון דער זעקסטער קאָנפערענץ.

עס זיינען אויף דער קאָנפערענץ געווען מאָמענטן פון רוגז און קעגנזאַצן. דאָס זיינען אָבער נישט מער ווי פאַרביילויפנדיקע מאָמענטן און זיי טאָרן נישט פאַרווישן דעם אמתן אינהאַלט פון דער קאָנפערענץ און אונדזער געמיינזאַמען ווילן שנעל אָנצוגיין מיט אונדזער אַרבעט ווייל עס פ אַ ר יי־נ י ק ט אונדז דאָס געפיל, אַז „נאָך אַביסל — און מיר זיינען פאַרלוירן“...

אין די טעג פון ביל״ו, און נאָך מער — אין די טעג ווען ס׳איז דערשינען דער רוף פון יוסף וויטקין, איז שוין קלאָר געווען, אַז אין גלות שטייען מיר אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. די לעצטע יאָרן אָבער איז פאַר אונדז די גאַנצע וועלט געגליכן צו אַן אָפענעם תהום... פונעם דאָזיקן תהום אַרויס שרייען צו אונדז ל ע ב ע ד י ק ע ד ו ר ו ת, וואָס זיינען פאַרטיליקט געוואָרן. דעם דאָזיקן געשריי האָבן מיר פאַרנומען אויף אונדזער קאָנפערענץ.

---

*)צביה לובעטקין.

לאַמיר־זשע זיך צונויפנעמען אין אַ פלאַמיקן ווילן, צונויפצושמעלצן דעם אמתן אינהאַלט און געטרייען כוח פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

---

## דער יום־טוב פון דער הסתדרות — איז אַ פאָלקס יום־טוב

פאַרעפנטלעכט אין „דבר", 12טן משרץ, 1945.

ס'איז געוואָרן 25 יאָר זינט די הסתדרות איז געגרינדעט געוואָרן. אין יענעם גרינדונגס־טאָג האָבן זיך צונויפגענומען אַלע ווילנס, אַלע אורשפּרינג־לעכע דרייסטקייטן און אַלע אָנהויבן פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטס־באַוועגונג און האָבן געשאַפן אַן אַרומנעמענדיקן סטאַבילן פאַקט, וואָס באַשטימט און דעצידירט אין פראַגן פון בנין הארץ און די אַנטוויקלונג פון פאָלקס־לעבן. ווען נישט דער טרויער וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער יידישע היימען; ווען נישט אונדזער איצטיקע פּאָליטישע אומרואיקייט וואָלט דער גרינדונגס־טאָג געפייערט געוואָרן ווי אַ פאָלקס־יום־טוב אומעטום ווו יידן לעבן אין דער וועלט און דאָ אין לאַנד — אומעטום ווו עס ווערט געשאַפן דאָס נייע לעבן אונדזערס. די באַגריפן און דער אינהאַלט פון דער הסתדרות האָבן זיך אין פאַרלויף פון די 25 יאָר פאַרוואָרצלט אין דעם באַוווסטזיין פון אַלעמען — נאָענטע און ווייטע, אייגענע און פרעמדע; פאַרוואָרצלט ווי פאַקטאָרן צום אויספורעמען אַ ניי לעבן, אין יסוד פון וועלכן עס איז פאַרלייגט די אַרבעטס־געמיינשאַפט אין ארץ־ישראל.

די הסתדרות איז געוואָרן אַ טייערער באַגריף פאַר די הערצער פון יענע, וואָס האָבן געלאַגערט אין גראָכאָוו*) און אין קלאָסאָוו,**) אין „משמר הוולגה"***) און אין דער פישער־גרופּע אין גדיניע, אין די הכשרה־צענטערס אין דייטשלאַנד און האָלאַנד; אַ באַגריף, וואָס איז נאָענט און רעדט צום האַרצן פון די דערפאַרענע יוניאָן־מיטגלידער אין בראָנקס און ברוקלין, וואָס מוטיקט דעם גייסט פון די אסירי־ציון אין די סיבירער סטעפּעס און פון די צו פאַרניכטונג פאַראורטיילטע אין דאכאַו און אוישוויץ — און בכלל אומעטום ווו אַ יונג האַרץ קלאַפּט פאַר חלוציזם און עליה; אַ באַגריף, וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין דער אַל־וועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג, אין רעגירונגס־אַמטן און אין אינטעלעקטועלע קרייזן, אין לעבן און אין ליטעראַטור.

---

*) אַ הכשרה־פּונקט ביי וואַרשע.

**) דאָס זעלבע — ביי ראָווגע.

***) דאָס זעלבע — ביי סאַראַטאָוו — רוסלאַנד — ביז 1921.

פון 4500 חברים, ביי דער גרינדונג פון דער הסתדרות, זיינען מיר אויסגעוואָקסן צו אַ צאָל פון 150 טויזנט הסתדרות־מיטגלידער — מענער און פרויען, טרעגער פון אַן אידעאַל וואָס מוטיקט, באַוועגט, באַגייסטערט, צעמענטירט און דיריגירט זייער לעבנס־אַרט. דאָס איז דער אידעאַל פון גאולת ישראל און די גאולה פון דעם פאַרשקלאַפטן מענטש. אין דעם אידעאַל האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן ווילן און בענקעניש פון דורות וואָס האָבן געצויגן זייער יניקה פון דער יידישער קולטור און פון וועלט־קולטור, פון אהבת־ציון און פון ליבע צו אַ פרייער וועלט, פון יידישן פאַרטיידיקונגס־קאַמף און פון דעם פּראָלעטאַרישן באַפרייאונגס־קאַמף. אין יסוד פון דער דאָזיקער אַרומנעמענדיקער סינטעזע ליגט דער כוח און פעאיקייט צו חלוציזם — די דאָזיקע נייע פּאָטענץ וואָס איז אויפגעקומעןביים פאָלק ישראל און וואָס אַ דאַנק איר וועט עס אויסגעלייזט ווערן.

אין די 25 יאָר זיינען געוועזן אַרויפן און אַראָפּן. און דעם שוועל פון דעם צווייטן האַלבן יובל שפּרייזן מיר אַריבער אָנגעלאָדענע מיט כוחות, אָרגאַניזאַציאָנעל־ווירטשאַפטלעכע און גייסטיקע פאַרמעגנס, און נישט ווינציקער פון דעם — אָנגעלאָדענע מיט אינערלעכער קעגנזייטיקער קריטיק, ווי אויך זעלבסט־קריטיק. מיר גייען אַנטקעגן די קומענדיקע טעג אָנגעלאָדענע מיט ציטער און טיפער זאָרג פאַר אַלץ וואָס עס וועט געשען אויף דער וועלט און אויף אונדזערע גאולה־וועגן. מיר קענען די דעפעקטן און די שוועריקייטן — מיר גייען אָבער מיטן באַוווסטזיין, אַז מיר פאַרמאָגן די הסתדרות און מיטן באַוווסטזיין, אַז מיר נויטיקן זיך אין אַ געאייניקטער און אייניקנדיקער אָנשטרענגונג אָפּצוהיטן די הסתדרות און איר חלוצישן אינהאַלט.

אין דעם טאָג פון אונדזער יום־טוב זאָלן זיך הערן אונדזער געמיינזאַמער רוף: זאָל לעבן דער געאייניקטער ווילן פון דער הסתדרות העובדים הכללית!

---

# די ווירקלעכקייט און די שליחות

א באַגריסונג צו דער זעקסטער לאַנדווירטשאַפט־לעכער קאָנפערענץ — 18טן אַפּריל, 1945.

באַגריסנדיק די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָנפערענץ באַגריסן מיר דעם אורשפּרונג פון אונדזער באַוועגונג. די וואָרצלען פון אונדזער באַוועגונג זיינען אין דער לאַנדווירטשאַפט; דער לעבנס־עליקסיר פון דער אַרבעטס־באַוועגונג קומט פון דער חלוצישער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט. זי איז דער אינספּיראַציע־קוואַל פאַר יעטוועדער איניציאַטיוו אונדזערע, פאַר דעם חלוצישן אינהאַלט פון אונדזער ווערק אין לאַנד. דער אָנהויב פון דער פאַר־

ווירקלעכונג פונעם פּאָליטישן ציוניזם איז נאַטירלעכערווייז צוזאַמענגע־פאַלן מיטן אָנהויב פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט. יעדער נייער פּונקט האָט באַדייט די פאַרברייטערונג פון דער באַזע פאַר אונדזער פּאָלי־טישער עקספּאַנסיע. פון פּונקטן נעמט זיך צונויף אַ ליניע — אונדזער נאַ־ציאָנאַלע פאַרטיידיקונגס־ליניע. די פּאָלקסטימלעכע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע איז די רעאַליסטיש־פּאָליטישע פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם.

מיר קומען זיך דאָ צונויף נאָך אַן הפסקה פון זעקס יאָר. עס זיינען געווען דערגרייכונגען. די לאַנדווירטשאַפט האָט דערוויזן וואָס זי קען אין די מלחמה־טעג, אָבער מיר ווילן זיך איצט נישט פאַרנעמען מיט אָפּשאַ־צונגען. פילן — פילן מיר זיך גלייך ווי מיר וואָלטן גאָרנישט אויפגעטאָן. אַ דריטל פון אונדזער פאָלק איז אומגעבראַכט געוואָרן. צוזאַמען מיט דעם פאַקט דערשלאָגט אונדז דאָס באַוווסטזיין, אַז מיר האָבן ניט באַוויזן אַרויס־צוברענגען פון זיך נייע כוחות, אַז עס האָט אונדז נישט געסטייעט קיין כוח צו באַוועגן דאָס פאָלק באַצייטנס זיך צו ראַטעווען. עס איז געווען אַ פּרעכ־טיקע באַוועגונג, ס׳איז געווען אַן אויסגעצייכנטע הסתדרות — איינציק אין יידישן פאָלק — און ס׳איז געווען אַ גרויסער חלוציזם און אַ נייע קולטור איז געשאַפן געוואָרן און טראָץ דעם אַלעמען איז אונדז נישט געלונגען באַ־צייטנס אויפצוטרייסלען דאָס פאָלק.

מיר זיינען אַ האַרטנעקיק פאָלק, אָבער קורצזיכטיק און הינטערשטעי־ליק אין פאַרויסזען געשעענישן. די אויפגאַבע פון ציוניזם איז געווען צו היילן די קורצזיכטיקייט, עס איז אָבער אונדז נישט געלונגען און דערי־בער האָט דאָס אומגליק אָנגענומען אַזעלכע דימענסיעס.

די קאָנפערענץ פון דער הסתדרות חקלאות האָט מיט זיך שטענדיק פאַר־געשטעלט אַ ווענדונגס־עטאַפּ. אָט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין אַן אויס־שליסלעכן מאָמענט ווען די מלחמה ליקווידירט זיך, ווען מיר שפּרייזן אַרי־בער דעם שוועל צו אַ נייער תקופה. מיט וואָס שפּרייזן מיר אַריבער?

דער קוואַל פון אונדזער התעוררות, פון יידישן אַקטיוויזם, איז חרוב געוואָרן. מיר ווייסן נאָך נישט ווי אַזוי עס וועט אויסזען די נייע וועלט, עס איז אָבער זיכער, אַז אויך פון דער נייער וועלט וועט אַזוי גיך נישט אויס־געריסן ווערן די מענטשלעכע בייזוויליקייט. מיר דאַרפן שפּרייזן אַנטקעגן דער צוקונפט, שטעלן פאָדערונגען, קעמפן פאַר אונדזערע צילן — די ציר־ניסטישע צילן. אָבער ביי דעם אַלעמען טאָרן מיר נישט פאַרזען די יידישע ווירקלעכקייט. מיר האָבן פאַר זיך צוויי אויפגאַבן: דעראָבערן באַדינגונגען פאַר דער רעטונג און סטימולירן דאָס פאָלק, ס׳זאָל װ ע ל ן זיך ראַטע־ווען. דער מצב אין דעם געראַטעוועטן יידנטום איז ווייט נישט דערפרייען־דיק, דערמוטיקנדיק.

דאָס דאָזיקע פאָלק איז נאָך אַלץ נישט דער טרעגער פון ציוניזם. איז

אונדזער פליכט צו מאַכן דאָס פאָלק ציוניסטיש־דענקנדיק כדי אימשטאַנד צו זיין אויסצונוצן די פּאָליטישע דערגרייכונגען.

אונדזערע קעגנער פרעגן אונדז: פאַר וועמען דאַרף מען די עליה? פאַר וועמען — די יידישע מדינה? ענטפערן מיר: פאַר די, וועלכע עס קען טרעפן דאָס וואָס ס'האָט געטראָפן אַנדערע טיילן פון אונדזער פאָלק אין די יאָרן 1933 — 1945. מיר דאַרפן אָבער פועלן, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל דאָס זאָגן. אויסער אונדזער זאָרג פאַר וואַסער און באָדן און אויסשטאַטונג און פּאָליטישע פאָדערונגען און זעלבסטפאַרטיידיקונג דאַרפן מיר נאָך אויך בויען אַ ציוניסטיש פאָלק. פון דאַנען אַרויס דאַרף קומען דער איבערברוך צו ציוניסטישער באַנייאונג. זאָל אין לאַנד אויפקומען אַ נייע חלוצישע באַוועגונג, וואָס זאָלן אונדזערע פּאָליטישע דערגרייכונגען אָנפילן מיט אינהאַלט. אָן דעם וועלן מיר דעם ציוניזם נישט רעאַליזירן.

וואָס קען צוציען די חלוצישע באַוועגונג? אַ נייער פונקט ערגעץ־ווו איך די ווי‌סטעניש‌ן פון אונדזער לאַנד, ביי די גרעניצן, אין נייע געגנטן...

ווינטש איך אייך — און דאָס איז דער ווונטש פון דער הסתדרות — איצט אויפן שוועל פון דער שלום־תקופה: זאָל דער קוואַל ווידער שפּרודלען און מיט נייער חלוצישער אינספּיראַציע, כדי אויסצופירן די שליחות פון יידישן אַרבעטער אינעם יידישן פאָלק.

---

## אונדזער ערשטער מאַי

א רעדע אין בית־שם אין תל־אביב (געדרוקט אין „דבר" — 2טן מאַי, 1947).

אויך דאָס יאָר איז ביי אונדז נישט קיין יום־טוב. ס'איז אַ טאָג אָן שמחה און אויך אָן צאָרן־געשריי. דער צאָרן איז סיייוי געוואָרן אונדזער טעגלעך ברויט — פון איין ערשטן מאַי ביז צום צווייטן — און ער שרייט:

איבער דעם איינגעשלאָפענעם געוויסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט און איר פאַראַליזירטן מאָראַלישן כוח;

איבער דעם אויסגוס פון אינטריגע און פיינטשאַפט צווישן פעלקער און לענדער — איינשליסלעך אַרבעטער־רעגירונגען;

איבער קולטיווירן די פאַשיסטישע זוימען און פּראָוואָצירן קאָנפליקטן צווישן פעלקער;

איבער דער גראָביונגישקייט פון די וואָס נאָך נעכטן זיינען זיי געווען פאַרשקלאַפט און איידער זיי האָבן באַוויזן צו זיכערן זייער אייגענעם פרייען קיום פאַרמעסטן זיי זיך שוין צו דערשטיקן אַן אומגליקלעך פאָלק, וואָס מאַכט פאַרצווייפלטע באַמיאונגען צו ראַטעווען זיך און באַנייען זיין קיום;

און איבער דעם גרויליק־שרעקלעכסטן: די טויט־קוילן, מיט וועלכע די זעלנער פון אַן אַרבעטער־רעגירונג נעמען אויף יענע בלאַסע ייִנגלעך — די יתומים פון וועלט־פאָלק — וועלכע וואַגן זיך צו ראַטעווען צו די ברעגן פון זייער פאָטערלאַנד און זיי פאַלן אויף דער שוועל.

איבער דאָס אַלץ האָבן מיר געצאָרנט אין אַלע טעג פון דעם יאָר.

און פונדעסטוועגן —

פייערן מיר דעם היי־יאָריקן ערשטן מאַי, כדי אַרויסצוברענגען:

דעם ג ל ו י ב ן אין דער מיסיע וואָס דער אַרבעטער האָט אויף זיך גענומען צו זיין דער באַפרייער פון דער מענטשהייט;

די פ אָ ד ע ר ו נ ג צום אַרבעטער צו דערפילן די דאָזיקע מיסיע;

און דערהויפּט —

כדי צו דעמאָנסטרירן פאַר אַלעמענס אויגן דעם ב יי ש ט יי ע ר וואָס דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל האָט געגעבן מיט זיינע הענט, שאַפונג און לעבן פאַר דער האָפענונג פון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערשאַפט פון פרייע און ערלעכע פעלקער;

און כדי אונטערצושטרייכן, אַז דאָס ווערק פון דעם יידישן אַרבעטער איז דורכגעזאַפּט מיט ליבע צום פאָלק און לאַנד און מיט שנאה צו אַלע פאַשיזמען און צו יעדן פרווו פון פאַשיזאַציע אויך ביי אונדז.

מיר האָבן שוין פּראַקטיק ווי אַזוי צו פראַוועט אונדזער יום־טוב אפילו ווען ער פאַסט זיך נישט אַריין אין דער אַרומיקער ווירקלעכקייט. מיר האָבן שטענדיק געפייערט דעם פרייהייטס־יום־טוב — פסח — זכר ליציאת מצרים — אין ג ל ו ת, אין שווידערלעכער פאַרשקלאַפונג. שבועות און סוכות — די פייער־טעג פון ערשטפּרוכט, שניט און איינזאַמלונג — האָבן מיר אָפּגעהיט בעת אַרום אונדז זיינען בלויז געוועזן ערשטפּרוכט פון שנאה און אַן אומאויפהערלעכער בלוט־שניט.

מיר האָבן געפייערט אונדזערע ימים־טובים — אַן אַ וועלכן ס׳איז אָנ־האַלט אין דער ווירקלעכקייט — אום צו קענען פלעגן דעם זכר פון אַמאָ־ליקער פרייהייט אונדזערער — דעם אָנדענק פון שניט און איינזאַמלונג — ביז מיר האָבן סינכראָניזירט דעם יום־טוב מיט דער היינטיקער ווירקלעכ־קייט.

כדי צו פלעגן דעם גלויבן אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט וועלן מיר צוגעבן די פייערונג פונעם ערשטן מאַי צו די ימים טובים וואָס מיר האָבן דורות־לאַנג געפייערט אָן אַ פאַרבינדונג מיט דער ווירקלעכקייט.

פונקט ווי מיר פאַרגעסן נישט אויף קיין רגע די אַלע וואָס פאַרמעסטן זיך צו פאַרניכטן אונדז, און פונקט ווי מיר האַלטן אין איין זאָרגן פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דער עליה — פונקט אַזוי וועלן מיר זיך אויף קיין ווייל נישט שיידן פון די אידעאַלן פון ערשטן מאַי, ווייל זיי זיינען דער איב־האַלט פון אונדזער לעבן און צוקונפט.

אין דעם טאָג וועלן מיר מאַניפעסטירן דעם גלויבן אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט און מיר וועלן דעם דאָזיקן גלויבן היטן ביז זיין טאָג וועט קומען.

פון דער פּלאַטפאָרם פון אונדזער לעבן וואָס שפּרודלט און ברויזט מיטן בלוט פון אונדזער שאַפונג און פאַרטיידיקונג וועלן מיר אויסרופן צו די פעלקער און צו די אַרבעטער איבער דער גאָרער וועלט:

שטיי אויף, לעב אויף פאָלק!

שטיי אויף, דערוואַך מענטש!

---

# אַ לויכטנדער צענטער

באַגריסונגס־רעדע אויף דער חנוכת־הבית פון דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט א"נ פון ח. וייצמאַן („מכון ויצמן למדע") אין רחובות. — געדרוקט אין „הפועל הצעיר", 8טן נאָוועמבער, 1949.

הער פּרעזידענט, מיינע הערן, פאַרשטייער פון דער וויסנשאַפט און אירע טרייע דינער — פון ארץ־ישראל און פון חוץ־לארץ!

מיר זיינען דאָ אויף אַן אינהאַלטרייכער פייערונג וואָס פיקסירט אַ וויכטיקן קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער געמיינשאַפט און אין דעם אויפבוי פון מדינת ישראל.

דאָס היגע ווערק איז אַזוי איבערצייגנדיק, און דער ציל רעדט אַזוי פאַר זיך אַליין, אַז עס איז איבעריק פון מיין זייט מאריך צו זיין אין לויבגעזאַנגען און אָפּשאַצונגען. איך וויל זיך באַגנוגענען מיט אויסדריקן ליבשאַפט און אָנערקענונג דער דערהויבענער איניציאַטיוו, דעם פאָטער פון דעם טאַט און אַלע יענע וויסנשאַפטס־אַרבעטער וואָס וועלן ווידמען זייער לעבן און טאַלאַנט דער פאַרווירקלעכונג פון די געבענטשטע צילן פון דער דאָזיקער איניציאַטיוו.

אין אונדזער וואָרט־שאַץ איז נישטאָ קיין העכערער און פּרעכטיקערער טיטול ווי „חלוציזם". דער כוח פון אונדזער חלוציזם שטאַמט פון גלויבן, ליבע און נויט־געבאָט.

דער גלויבן — אין דעם כוח פון דעם שאַפנדיקן מענטש און דער גערעכטיקייט פון אונדזער אידעאַל.

די ליבע — צו אונדזער ליידנדיק פאָלק און צו אונדזער נאַציאָנאַלן געבוירן־לאַנד.

און דער נויט־געבאָט — איינצוזאַמלען, אַהערצו די צעשפּריי־

טע טיילן פון אונדזער פאָלק פאַר אַ בכבודיקן לעבן אין דעם לאַנד פון די אָבות.

מיטן כוח פון אונדזער חלוצישקייט דאָמינירן די אַרבעט און די לאַנד־ווירטשאַפטלעכע שאַפונג איבער אונדזער באַנייט לאַנד. מיטן כוח פון חלוצישקייט דאָמינירט דאָ אין לאַנד די יידישע זעלבסטשטענדיקייט. און מיטן כוח פון חלוצישקייט וועלן מיר אויך קומען צום געגאַרטן ציל — צו דער דאָמיגירונג פון וויסנשאַפט, קולטור און פראָגרעס אין מדינת ישראל.

עס איז פאַר אונדז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט צו דערהויבן די וויסנשאַפט אין אונדזער לאַנד, כדי צו פאַרלייכטערן די פראָצעסן פון רעגענעראַנס און אויפבוי, כדי צו אַנטדעקן די באַהאַלטענע נאַטור־אוצרות און צו שאַפן נייע, געזונטע ווירטשאַפטלעכע צווייגן, וואָס זאָלן פאַרזיכערן דעם קיבוץ־גלויות און די פאַרוואָרצלונג פון די יידישע מאַסן וואָס קומען אַהערצו.

דער כבוד פון אונדזער וויסנשאַפט איז אויך דער כבוד פון אונדזער באַנייט פאָלק.

פייערן מיר היינט די דערהויבונג פון דער וויסנשאַפט אין ישראל. אויף דעם דאָזיקן יום־טוב וועט פון דאָס ניי אַרויסגעהויבן ווערן דער טיטול פון „גרויס־חלוציזם" און דערלאַנגט ווערן צום מאַן וואָס איז אַזוי טייער זיין פאָלק, וואָס האָט בייגעטראָגן גרויסע, דערהויבענע קאַפּיטלען אין דער יידישער געשיכטע — דער הויפּט־אַרכיטעקט און דער ערשטער פּרעזידענט פון מדינת ישראל.

אַלע טיילן פון פאָלק זיינען פאַרייניקט אין דער אָפּשאַצונג און פאַרערונג פאַרן ווערק וואָס ווערט אויפגעשטעלט אין רחובות, און די ברכה פונעם גאַנצן ציון־פאָלק וועט אים באַגלייטן. זאָל ער אויפגיין און וואַקסן אין זיין ווערט און זאָל ער ווערן אַ לויכטנדיקער צענטער וואָס גיט זיין טייל צו דער וועלט פון וויסנשאַפט און וואָס צו זיין ליכט וועלן זיך ציען די בעסטע וויסנשאַפטלער און אַלע די וואָס ווינטשן גוטס צו ישראל און דער גאַנצער מענטשהייט.

זאָל דער אינסטיטוט זיין אַ בענטשונג אין לעבן פון מדינת ישראל.

---

יוסף שפרינצאַק

# דער כוח פון דגניה

## (צו איר 25־יאָריקן יוביליי)

נעדרוקט אין „הפועל הצעיר" פון 19טן סעפ־טעמבער, 1950.

פייערן אַ יוביליי מיינט אויסדריקן פאַרערונג פאַר אַן אַמאָליקער התחלה, אַ מין „זכרתי לך חסד נעוריך". ביי אַזאַ געלעגנהייט לייגט אָבער קיינער נישט קיין אַכט אויף די ענדערונגען אין צייט, אין אומשטענדן און אויף דאָס וואָס דער יובילאַר אַליין איז אויך געטראָפן געוואָרן פון די צייט־צייגער...

בעת מיר זיינען געקומען קיין גדרה פייערן דעם יוביליי פון די בילו״יים האָבן מיר זיך טאַקע געפילט זייער נאָענט צו די יובילאַרן, אָבער דאָך איז דאָס געווען אַ געפיל פון: אַ מ אָ ל זיינען געווען בילו״יים... אין דגניה, דאַקעגן, האָבן מיר געמאַכט אַ ברכה אויף די פירות, וואָס מיר אַליין האָבן געהאָדע־וועט אין גלות און איצט פאַרזוכן מיר מיט שמחה, זייער טעם.

מיט 25 יאָר צוריק האָט זיך דגניה אונטערגענומען צו באַווייזן, און דער־ווייזן, אַז מ׳קען זיין אַ ייד אַן אַרבעטער און מ׳קען דורך אַרבעט מאַכן דעראָ־בערונגען אויף יענער זייט פון ירדן. זיינען פאַרביי 25 יאָר און מיר דאַרפן נישט אונטערשטרייכן דעם „ ז כ ר ת י לך חסד נעוריך" ווייל די „נעורים" — די יונגע יאָרן — זיינען דאָ נישט קיין ענין פון מעמואַרן, זיי לעבן נאָך מיט אונדז און אפילו געקרעפטיקטע. דער ווילן צו שאַפן אַ קולטור־לעבן איז געקרוינט געוואָרן מיט נצחון.

די באַגריסער האָבן געקרוינט דגניה ווי די „מוטער פון די קבוצות" און ס׳איז טאַקע אַזוי: פון דעם באָדן פון דגניה זיינען אַרויסגעוואַקסן אי־דייען און איניציאַטיוון. מיין אויפמערקזאַמקייט האָט זיך אָבער געווענדט נישט צו דער מאַמע־דגניה, נאָר צו דער טאָכטער פון דגניה — שושנה וואָס איז געשטאַנען אויף דער טריבונע צווישן די שליחים פון דער באַוועגונג און פון ישוב; זי האָט רעציטירט א. ד. גאָרדאָן און די ווערטער אין איר מויל האָבן געקלונגען ווי אַן אָנזאָג פאַר דער צוקונפט: „...אין יענעם טאָג וועט איין מענטש נישט זיין צו לאַסט דעם אַנדערן, אַ ברודער וועט אין יענעם טאָג דער מענטש זיין, ווייל עס וועט זיין געוווג הימל אין דער נשמה פון יעדן מענטש און געוווג ערד, און גרויס וועט זיין דער שליאָך זיינער..."

עס זיינען פאַרביי פינף און צוואַנציק יאָר פון מי און נויט, אַראָפּן און אַרויפן, אַנטלויפעניש אין שטאָט אַריין, דורכפאַל פון כיבוש עבודה און ספקות עגבערן אין האָרצן... און פלוצים אַ פּ אַ ק ט: 25 יאָר! הייסט עס, אַז נישט בלויז מ׳קען אַרבעטן, נאָר מ׳קען אויך לעבן אויף אַרבעט.

געדענקען מיר דיר, דגניה, דעם חסד וואָס דו האָסט געטאָן מיט אונדז און וואָס דו וועסט נאָך טאָן מיט אונדזער יוגנט און מיט אונדזערע פאָלקס־

מאָסן אין לאַנד און אין גלות. עס איז אונדז טייער דער יובילייט נישט נאָר דערפאַר וואָס דגניה האָט אַרויסגעקוועלט, אויסגעפורעמט און באַשטראַלט דעם געדאַנק, נאָר איבערהויפּט דערפאַר וואָס מיר זעען איר שאַפונג אַ לעבעדיקע, בליענדיקע און פּראָספּערירנדיקע.

אין דעם יובילייט פון דגניה ווילט זיך מיר גאָר פּשוט זאָגן: „קומט קיין דגניה און לאָמיר זיך אָן עצה האַלטן"... דאָס איז ביי אונדז געוועזן אַ טראַ־דיציע זינט צענדליקער יאָרן, אין שווערע מאָמענטן פלעגן מיר זיך צונויפ־קומען קיין דגניה אויף אַ באַראַטונג און פלעגן צוריקקומען דערמוטיקטע.

אַזוי, למשל, איז געווען מיט 23 יאָר צוריק בעת אין שפּיץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז געשטאַנען ד ו ד וו אָ ל פ ס אָ ן — אַ גרויסער ייד וואָס האָט לײדער נישט באַגריפן דעם טיפן אינהאַלט פון ציוניזם. זיינען מיר זיך צונויפגעקומען אין דגניה צו באַטראַכטן דעם שווערן מצב אין ציוניזם און האָבן באַשלאָסן: מיר ווילן דעם פּראָגנאָט נישט פאַרלאָזן! דער ציוניזם — דאָס זיינען מיר!

און זעכצן יאָר שפּעטער ווען ס'זיינען ווידער געקומען שווערע טעג אין ציוניזם — די טעג פון דעם סאָקער־רעזשים, ווען מיר, די אַרבעטער, האָבן פאַרלאָזן די עקזעקוטיוו און ד"ר רופּין איז באַזיגט געוואָרן — זיינען מיר זיך ווידער צונויפגעקומען אין דגניה און ווידער אָנגענומען זיך מיט מוט און דרייסטקייט אָנצוהייבן דעם קאַמף פון דאָס ניי.

אין די טעג פון בלאָקאַדע און הונגער — די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָבן מיר זיך געטראָפן אין דגניה אָן עצה צו האַלטן, ווי אַזוי צו שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט די חלוצים פון יענער זייט ים. אונ־דזערע חברים זיינען טיילווייז פאַרשיקט געוואָרן פון לאַנד, טיילווייז — געזעסן אין טורמע, איז אונדז ווידעראַמאָל דגניה געבליבן דער קוואַל פון גלויבן און אָפּטימיזם פאַר דער צוקונפט.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ גרויסער טייל פון ישוב האָט אויסגעזען כמעט ווי אַ שענק פון דער ענגלישער אַרמיי, זיינען מיר אַרויסגערופן געוואָרן קיין דגניה וווּ מיר האָבן מקבל־פּנים געווען די ערשטע שוואַלבן — די ערשטע חלוצים פון פּוילן מיט וועלכע א. ד. גאָרדאָן, אין זיין כאַראַקטעריסטישער תמימות, האָט זיך אָוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ — דעם טאַנץ פון דער יידישער עליה־יוגנט. און אָט אַזוי האָבן מיר אַ סך שפּעטער אין דגניה געעפנט דעם ערשטן מפא"י־סעמינאַר, מיט דער באַטײ־ליקונג פון ארלאָזאָראָוו און אַנדערע.

האָב איך דעריבער אויך דאָס מאָל געזאָגט: „לאָמיר גיין קיין דגניה זיך אָן עצה האַלטן!"

דגניה איז בלויז אַ ווינקל. פאַראַן נאָך אַזעלכע ווינקלען, אָבער דער אומפּראָדוקטיווער ישוב האַלט אין איין וואַקסן, טאָ וואָס וועט זיין מיט אונדז?! דאָס זיינען שווערע און געפאַרפולע פּראָבלעמען, וועלכע מוזן גע־

לייזט ווערן. וויסן מיר דאָך, אַז די אַכציק טויזנט יידישע אַרבעטער זיי־נען געקומען קיין ארץ־ישראל נישט „צו מאַכן אַ לעבן", נאָר כּדי צו בילדן דאָ אַ „דגניה" פאַרן גאַנצן פאָלק.

מיר זיינען די וואָס רעדן אין נאָמען פון יידישן פאָלק, און מיר דאַרפן זיך באַראַטן, ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן, פונאַנדערשיפרירן און מאָביליזירן דעם כּוח פונעם פאָלק, כּדי צו פאַרמיידן דעם דורכפאַל פון אונדזער ווערק פאַר די אויגן פון פאָלק און דער וועלט. „קומט קיין דגניה — מיישב זיין זיך!"...

איך האָב זיך דערמאָנט אין יענער „סדר"־נאַכט אין אום־דזשוני*), מיט 25 יאָר צוריק, צווישן אַ הייפל בחורים און מיידלעך, וואָס פון זייער פּנים האָט געשטראַלט דער נייער „מה נשתנה" פון אונדזער לעבן. דאָס האַרץ האָט געציטערט און געפרעגט: צי הערן, צי זעען דאָס די עלטערן פון די דאָזיקע קינדער דאָרט אין דער גרויסער וועלט? ווען אַמאָל צו זיי דער־גרייכן — דורך די בערג און טאָלן פון דעם גליל — די קלאַנגען פון דער נייער הגדה? — און אָט זיינען אַריבער 25 יאָר...

די קלאַנגען זיינען נישט פאַרלוירן געגאַנגען. זיי האָבן דערגרייכט צו די אויערן פון די יידישע מאַסן, וועלכע הערן זיך גוט איין אין זיי.

יענער צוזאַמענקום אין דגניה, וואָס כ'האָב דערמאָנט, האָט זיך פאַר־ענדיקט מיט אַ נאַכט פון טענץ פול מיט התלהבות. דער אַלטער גאָרדאָן און דער יונגער בוסעל האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אין דעם באַגייסטערטן טאַנץ און געזונגען: בוקר, בוקר בא לעבודה!

זאָל דער שעפערישער גייסט פון די חלוצים פון דגניה רוען צווישן אונדז, אין דער שעה ווען עס קוקט אַריבער צו אונדז אַ נייער מאָרגנשטערן פון גרויסע האָפענונגען און גרויסע טאַטן — פאַר דער באַנייאונג פון דעם פאָלק.

---

## „גיט מיר אַ בלום"

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָב איך געלייענט אַ קליינע דערציילונג פון דער פּוילישער שרייבערין עליזאַ אָרזשעשקאָ, אונטערן נאָמען „גיט מיר אַ בלום"... די שרייבערין גייט אַרום איבערן שטאָט און זי פילט זיך נידער־שלאָגן פון אַלץ וואָס זי זעט אין די אָרעמע, נעבעכדיקע געסלעך, אין וועל־כע עס איז צונויפגעפאַקט די יידישע באַפעלקערונג. אַזוי אַרומגייענדיק

*) דער נאָמען פון דעם אָרט, ווו דגניה איז אויפגעבויט געוואָרן.

באַמערקט די שרייבערין, ווי אַ קליין מיידעלע, בלאָס און מאָגער, האָט זיך צו איר ווי צוגעקלעפּט, באַגלייט זי די גאַנצע צייט און לאָזט זי נישט אָפּ אויף קיין ווײַל. די שרייבערין פאַרהאַלט זיך, גלעט דאָס מיידעלע איבערן קעפּל און פרעגט זי פאַרוואָס זי גייט איר נאָך די גאַנצע צייט. עס גייען פאַרביי אַ פּאָר מינוט פון דערשראָקענעם שווייגן. דעם קינדס אויגן זיינען צוגעשמידט צו דער האַנט פון דער שרייבערין, וועלכע האַלט בלומען און לסוף שעפּטשעט זי אַרויס: „גיט מיר אַ בלום"...

די שטילע בקשה פון דעם מיידעלע וואָס איז באַפרידיקט געוואָרן, האָט אויפגעטרייסלט די שריפטשטעלערין. אין דעם מורמל פון דער בקשה האָט זי ווי אַרויסגעהערט דאָס געבעט פון אַ גאַנץ פאָלק, אַ געבעט וואָס טראָגט זיך פון די טיפענישן פון טרויער און פון דער שטיקעניש פון דעם לעבן אין געטאָ, אַ לעבן — באַרויבט פון לופט, בלומען און ברייטקייטן פון פעלדער.

יאָרן זיינען פאַרלאָפן זינט איך האָב געלייענט די סקיצע פון אָרזשעש־קאָ. און אָט דאָ נישט לאַנג בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ ליבלעכער פייערונג פון אַ בליענדיקער ווירטשאַפט — דער פינף און צוואַנציקסטער געבוירנטאָג פון דער קבוצה „משמר השרון". מען האָט זיך אויף דער פייע־רונג געפילט גאָר יום־טובדיק, ווייל עס האָט אויף איר גערוט די ברכה פון דערגרייכונגען וואָס די פראַצע פון יידישע הענט האָבן געבראַכט. ביים אָנקוקן די קבוצה און איר ווירטשאַפט האָט מיך באַגלייט אַ פריינט פון אַמעריקע — אַ טוריסט. ער איז, נאַטירלעך, נתפּעל געוואָרן פון אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געזען און גאַנץ באַזונדערס פון דער אויסשטעלונג פון די אַרטיקעל לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער בלומען־אָפּטיילונג אויף דער אויסשטעלונג, האָט דער טוריסט, אָן אי־בערראַשטער, אויסגערופן: „זע נאָר, זע! פונקט אַזעלכע בלומען האָב איך דאָך דאָ נישט לאַנג געקויפט אין ניו־יאָרק!" דער חבר פון דער קבוצה, וואָס איז געווען אונדזער וועגווייזער, האָט זיך באַלד אָפּגערופן: „די בלו־מען וואָס איר האָט געקויפט אין ניו־יאָרק זיינען טאַקע דאָ געוואַקסן; דאָס זיינען גלאַדיאָלעס, וועלכע מיר שיקן פון דאַנען קיין אַמעריקע..." אין דעם מאָמענט וואָס איך האָב געהערט די ווערטער פון דעם חבר פון דער קבוצה, האָב איך זיך דערמאָנט אין „גיט מיר אַ בלום!"

וואָס פאַר אַן אויסטערלישע זיגזאַגן עס מאַכט דורך די יידישע גע־שיכטע! פון „גיט מיר אַ בלום" ביז צו די גלאַדיאָלעס פון משמר השרון; פון דער דאַרער, בלאַסער געטאָ־מיידעלעס בעטן אַ בלומען־נדבה — ביז צום ברייטהאַרציקן און אָפּפרישנדיקן גרוס צו די ווייטע ערטער וווהין מען ברענגט די בלומען וואָס די הענט פון יידישע מיידלעך האָבן אויפגעהאָדעוועט אין יידי־שע בייטן!

און פון די בלומען — צו ביימער — וואַלד־ביימער — וואָס ווערן דאָ

געפלאַנצט; און פון „ביער בחדרה"*) ביז צום וואַלד אין נוה־אילן, וואָס דער קרן קימת פלאַנצט אַלס אַן ערן־מתנה פאַר דער הסתדרות צו איר דרייסיק־יאָריקן יובילײ.

דער געבאָט פון אונדזער געשיכטע וואָס איז אין זיין צייט פאָרמו־לירט געוואָרן דורך פּרץ סמאָלענסקין אין זיין „עת לטעת" (צייט צו פלאַנצן) האָט געמאַכט וואַקסן דעם וואַלד אין חדרה וואָס דער דיכטער האָט אים אַזוי פאַרפּוצט אין זיין פּאָעמע. און פון דעם וואַלד אין חדרה — ביז צו דער גרינדונג פון דער הסתדרות. און פון דאַנען ביז צו די הייג־טיקע טעג, ווי שרעקלעך זיינען די איבערקערעניש און ווי אויסטערליש די אַנטפּלעקונגען אין אונדזער לעבן אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער תקופה! און ביי דעם אַלעמען האָט נישט אויפגעהערט און איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן די טרייב־קראַפט פון דעם היסטאָרישן געבאָט: צייט צו פלאַנצן. דער דאָזיקער געבאָט האָט געזאָרגט פאַרן המשך פון „ביער בחדרה", ער האָט עס געהויבן דעם גייסט און כוח פון דער הסתדרות און האָט אונדז דערפירט ביז צו די איצטיקע טעג — טעג פון באַלעבן ירושלים און פלאַנצן וועלדער אויף די בערג אַרום איר. און אָט דאָ, א י ן נ ו ה ־ א י ל ן, ה אָ ב ן מ י ר ה י י נ ט ג ע ה ע ר ט דאָס פלאַנצונגס־ליד פון אַ מיידעלע — אַ טאָכטער פון עולים פון בבל. און דאָ, אין נוה־אילן, וועלן ייִנגלעך און מיידלעך — די ערשטע חלוצים פון פראַנצויזישע ייִדן — פלאַנצן דעם הסתדרות־וואַלד. לאָמיר ווינטשן די פלאַנצער — אַלע פלאַנ־צער — אַ שנעלן פאַרענדיקן די אויפגאַבע פון באַדעקן ישראל מיט פלאַנצונגען.

זאָל פאַרפלאַנצט ווערן און זאָל פּראָספּערירן דאָס לעבן וואָס פון זיין כבוד וועגן זינגען ביימער אין די וועלדער!

---

## די אַרבעטס־באַוועגונג אין ציוניזם

(„דבר", 31סטער יאַנואַר, 1941).

ס'איז אונדז אַלעמען קלאָר, אַז אין דער איצטיקער לאַגע אין דער וועלט און אינעם ייִדישן לעבן פּאַסט נישט צו פּראַווען פייערונגען און יו־בילעאומס. ס'פעלט אַ יובילײ־„אַקוסטיק". און אויב מיר באַצייכענען דאָך דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילײ פון דער הסתדרות, איז עס בלויז כדי צו רעזומירן די צוגרייטונגען צו אַ נייעם שוווּנג, און נאָר צוליב דעם נעם

*) אַ פּאָעמע פון דוד שמעוני.

איך אַ וואָרט צו דער טעמע: ד ע ר י י ד י ש ע ר אַ ר ב ע ט ע ר א י ן צ י ו נ י ז ם.

די „הסתדרות" איז אַן אָרגאַניזאַציע פאַר אַרבעטס־ענינים, פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג, קעגנזייטיקער הילף, קאָלאָניזאַציע און בנין הארץ. ווי אַזעלכע איז זי — פאָרמעל גענומען — נישט קיין טייל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אָבער דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל איז אַ ציוניסט פון זיין אייגענעם פרייען ווילן, אין זיינע טאָג־טעגלעכע מעשים, אין זיין גייסטיק־אידייאישן וועג און אין דעם גאַנצן אינהאַלט פון זיין לעבן. און אַזוי ווי די הסתדרות נעמט אין זיך אַריין דעם אינהאַלט פון דעם יידישן אַרבעטער, איז זי פאַקטיש אַן אינטעגראַלער טייל פון ציוניזם. אויף אירע פאַרשידענע טעטיקייטס־געביטן ציט די הסתדרות איר יניקה פון ציוניסטישע וואָרצלען און זי, פון איר זייט, שפּייזט אין אַלע אירע יאָרן מיט אירע וואָרצלען די ציוניסטישע באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע.

אונדזער ציוניסטישן אינהאַלט האָבן מיר אָפּגעהיט אינעווייניק און אין דרויסן. מיר זאָרגן נישט נאָר פאַר די אַקטועלע לאָקאַלע טאָג־טעגלעכע ענינים וואָס אויך זיי געהערן צום כלל ישראל. די הסתדרות אַבסאָרבירט פּליטים פון אַלע גלות־לענדער. זי האָט נאָך מיט 20 יאָר צוריק געוווסט, אַז אין גלות זייַנען פאַראַן אַרעסטירטע ציוניסטן — שבויי ציון — איז זי געווען פול מיט זאָרג פאַר זיי. דריי יאָר נאָך איר גרינדונג האָט די הסתדרות געשיקט שליחים קיין מאָסקווע צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג, כדי אין דעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם פון רוסלאַנד צו ברענגען די בשורה וועגן דעם ווערק פון דעם יידישן אַרבעטער. זי האָט דאָרט אויפגעשטעלט איר פּאַוויליאָן, כדי צו לאָזן די ציוניסטישע פאָן פלאַטערן אי־בער אים. אָפן, אומבאַהאַלטן איז די ציוניסטישע פאָן אַרויפגעצויגן געוואָרן אין דער רויטער מאָסקווע און די פאָן האָט סיגנאַליזירט צו אַלע אונטערערדישע באַוועגונגען אין שטעט און שטעטלעך ווו ס'זייַנען געווען דערשטיקט דער יידישער געדאַנק און דער ציוניסטישער ווילן.

צען יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער הסתדרות, אין יאָר 1930, זייַנען שליחים פון דער הסתדרות געגאַנגען אין דער ברייטער וועלט אַריין, צונויפצונעמען פריינטשאַפט און סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג מצד דעם בעסטן טייל פון דער מענטשהייט: אין 1930 איז פאָרגעקומען דער אַרבעטס־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אַ גרויסער קאָנגרעס, קוואַליטאַטיוו ווי קוואַנטיטאַטיוו. דעלעגאַטן פון אַ פערטל מיליאָן יידישע אַרבעטער און יוגנטלעכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן אַרבעטס־קאָנגרעס. עס האָבן זיך דאַן אין בערלין געטראָפן די בעסטע מענער פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג; געווען דאָרט פריינט — יידן און ניט־יידן — גרויסע, וויכטיקע פּערזענלעכקייטן. דאָרטן איז געווען איינשטיין, געווען דער פאַרשטאָרבענער עדואַרד בערנשטיין — דער זיידע פו־

נעם אייראָפּעאישן סאָציאַליזם, געווען דער יונג־פּאַרשטאָרבענער ערנסט טאָלער וואָס האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אין די שטורעמס פון סאָציאַליסטישן געדאַנק און געווייסן. עס איז אויך געווען אַן אָפיציעלער ציוניסטישער פאַר־טרעטער: דער דעמאָלטיקער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטי־ווע, נחום סאָקאָלאָוו, האָט געהאַלטן אַ רעדע אין נאָמען פון דער אַלוועלט־לעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן מיט וועלכע זיינע ווערטער זיינען אויפגענומען געוואָרן האָבן געלאָזט וויסן צו חברים, פריינט און סימפּאַטיקער, צו נאָענטע און זיך־דערנענטערנדיקע, צו יידן און נישט־יידן, אַז די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער — די הסתדרות — אנערקענט די דאָזיקע ציוניסטישע פרעזידענטשאַפט, אַקצעפּ־טירט איר מאַכט און נעמט אָן העברעאיש ווי די שפּראַך פון דער יידישער נאַציע אין ארץ־ישראל.

און אָט ווידער אַ נייע שליחות: אַ הסתדרותישע ציוניסטישע שליחות אין די טעג פון דער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1941 איז איינמאָל, אין זאַל פון ועד הפועל, געשטאַנען אַ חבר פון דער הסתדרות און אָפּגעגעבן אַ באַ־ריכט וועגן דער דאָזיקער ש ל י ח ו ת. נישט אין אַ בלויער אַרבעטס־העמדל איז ער געווען דאָס מאָל אָנגעטאָן, נאָר אין אוניפאָרם פון אַ יידישן סערזשאַנט. ער האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ גרוס פון די יידישע מיליטער־לאַ־גערן אין דער בריטישער אַרמיי אין מדבר. ער האָט דערציילט וועגן זאַמד־שטורעמס, וועגן באַגייסטערטע טאַטן, וועגן באַמיאונגען צו גייסטיקער פאַרפולקאָמונג.

די שליחות האָט געמיינט: אויסערלעך — לאָזן די ציוניסטישע פאָן הויך פלאַטערן; און אינעווייניק, אין האַרצן — פלאַנצן דעם ווילן פון פריי־וויליקן גיין צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם; פלאַנצן אים אין די הער־צער פון צענדליקער טויזנטער פון דער יוגנט — אין טעג פון פּראָספּעריטי אָדער קריזיס, אין טעג פון פרייד אָדער טרויער, אין טעג פון פּראָגרעס אָדער אַטענטאַטן אויף אונדז... זיינען די שליחים פון דער הסתדרות גע־גאַנגען צו פאַרשיידענע לענדער, שטעט, שטעטלעך און דערפער אויפצו־רודערן דעם ציוניסטישן געוויסן און וועקן די יוגנט צו אַ חלוציש לעבן. און ווהין זיי זיינען — די זעלנער אונדזערע אין דער בריטישער אַרמיי, די שליחים פון דער הסתדרות — געקומען, האָבן זיי מיט זיך געבראַכט — אין פאַרשיידענע פאָרמען — דאָס ציוניסטישע ווערק פון דעם יידישן אַר־בעטער, די ציוניסטישע צילן און זאָרגן און קיין מחיצה איז נישט גע־ווען צווישן דעם יידישן אַרבעטער און פאָלק, צווישן הסתדרות און ציוניזם, הגם עס זיינען דאָ מענטשן וואָס ווילן אויפשטעלן אַזאַ מחיצה.

נאָך ביי די ערשטע טריט פון דעם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל ווען זיין באַגער איז געווען נישט כלומרשט „העגעמאָניע און הערשאַפט", נאָר אַ טאָג אַרבעט און אַ שטיקל ברויט, אויך דאַן האָט מען זיך שוין גע־

פּלייסט אויפצושטעלן אַזאַ מחיצה. לעצטנס אָבער האָבן זיך גאָר און גאָר פאַרמערט די אינטריגאַנטן וואָס ווילן צעשטערן כדי זיך אויפצובויען, וואָס מיינען אַז ס׳וועט זיי געלינגען אויפצושטעלן אַ וואַנט צווישן פאָלק און דער הסתדרות, צווישן ציוניזם און דעם אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער.

פאַרוואָס האָט זיך אַזוי פאַרמערט די צאָל „וואָלונטערן" אויפצושטעלן די וואַנט? די סיבות זיינען אַ סך און מיר דאַרפן קיין איינע פון זיי נישט גרינגשעצן, פאַרקערט, מיר דאַרפן זיי גענוי אונטערזוכן. עס זיינען פאַראַן שווערקייטן — איבערהויפּט אָביעקטיווע — ביים פאַרטיילן אַרבעט און באַזאָרגן פּרנסה. עס זיינען אויך דאָ פאַלן פון אָפּגעלאָזטקייט, פאַרוואָר־לאָזטקייט און אפילו פעלערן מצד דעם אָדער יענעם, וואָס פאַרטיילט די אַרבעט. עס זיינען אויך פאַראַן דערשיינונגען פון מינדערוועריקייטס־קאָמ־פּלעקסן וואָס געפינען זייער אויסדרוק אין פאַרביטערטקייט און ברוגז. דאָס זיינען באַגלייט־דערשיינונגען פון איבערשיכטונגס־פּראָצעס, וועלכער איז בלויז נאָרמאַל אין צייטן פון היסטאָרישע ענדערונגען אינעם לעבן פון פעל־קער. ווייזט אויס, אַז אָט די יסורים פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן דינען די „וואָלונטערן" אַלס גיפטיק זויערטייג, כדי פאַרבאַרגענערהייט צו שפּייזן דערמיט די נשמה פון פאָלק און העצן קעגן דעם יידישן אַרבעטער וואָס איז אָרגאַניזירט אין דער הסתדרות.

לאָמיר זאָגן דעם גאַנצן אמת, ווען אפילו קעגן זיך. אונדזער ווערק איז גרויס און אונדזער מחנה — ברייט, אָבער די לאַגע איז געדריקט און דער שיקול־דעת, טיילמאָל, הינקט. וועלן מיר נישט גערעכט זיין אויב מיר וועלן האַלטן אַז מיט אונדזער ווערק, אויפפירונג און מעשים זיינען מיר אַלע־מאָל הונדערט פּראָצענט אין אָרדענונג! ניין! מיר אַבסאָרבירן אומאויפהער־לעך עולים פון אַלע גלות־לענדער. מיר אַבסאָרבירן דעם מענטשן מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות, מיט זיינע שיינע טרוימען און אויך מיט זיינע גלותדיקע מידות און גייסטיקע פאַרקריפּלענישן. איז קיין וווּנדער נישט וואָס אין אַזאַ שווערן פּראָצעס פון גייסטיקער און פיזישער אַבסאָרבירונג קלעפּן זיך צו פעלערן און דעפעקטן. מ י ר אָבער קענען זיך אַזעלכע דע־פעקטן נישט דערלויבן.

מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו זיין אַ פאָלקס־פּראָנט וואָס זאָל אַב־סאָרבירן אַלע שיכטן פון פאָלק פאַר אַרבעט, פאַרן ווערק. מיר האָבן זיך אונטערגענומען סיי מיטן גוטן ווילן און סיי מיט צוואַנג צו ענדערן די יידי־שע געשיכטע. אָט דערצו זיינען מיר געוויילט. מ׳וויל אונדז פאַרשוואַרצן מיטן צונעמעניש „אתה בחרתנו". יאָ, „אתה בחרתנו!"! מיר האָבן זיך גע־ווידמעט מקיים צו זיין מצוות, בויען דאָס ניי־לעבן. שווער זיינען זיי די מצוות. אָבער גרויס איז זייער שכר! און מיר, די אויסדערוויילטע פון דער געשיכטע, האָבן אויף זיך אַ פליכט וואָס ליגט אויף תלמידי־חכמים: אָפּ־צוהיטן זיך, אַז אויף אונדזער בגד זאָל קיין פלעק נישט זיין. ס׳זיינען אָבער

פאַראַן אַזעלכע וואָס — ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק — ווייזן זיי אָן אויפן מינדסטן פלעק ווי אויף שמוץ, וואָרענען מיר זיי, אַז דערמיט קענען זיי פאַרשמוצן דעם אמת פון דער געשיכטע און ווירקן קעגן די אמתע אינטע־רעסן פון פאָלק. עס זיינען, ווי געזאָגט, פאַראַן אָביעקטיווע סיבות אין וועל־כע דער אָדער יענער ווערט סוביעקטיוו געטראָפן: זייענען די עווענטועל־ געטראָפענע אפשר גערעכט מיט זייערע טענות, אָבער ד אָ ס פ אָ ל ק, ווי אַ כ ל ל איז נ י ש ט באַ ע וו ל ה ט געוואָרן פ ו ן ד ע ם ה ס ת ד ר ו ת ־ וו ע ר ק!

זאָלן באַזונדערס פאַרזיכטיק זיין יענע אַרבעטער וואָס זיינען נאָך מחוץ דער הסתדרות און וואָס די הסתדרות וויל איינשטעלן מיט זיי ברי־דערלעכע באַציאונגען און צוזאַמענאַרבעט.

אין דער באַגריסונג וואָס חיים ווייצמאַן האָט געשיקט צום אַרבעטס־קאָנגרעס, אין יאָר 1930, שרייבט ער: „אויב עס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס צווייפלען אין דער וויטאַליטעט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג קומט דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל און באַזייטיקט אַלע ספיקות“. ווייצמאַן איז גע־רעכט געווען אין באַצוג צו די יאָרן פון פאַר 1930 און זיינע ווערטער זיי־נען גילטיק אויך לגבי די שפּעטערדיקע יאָרן, טראָץ אַלע שוואַכקייטן און פעלערן. דאָס פאָלק האָט געשאַפן אַ פאָנד צו דערוואָרבן באָדן און גיט אים באַגייסטערט זיינע שפּענדונגען, אָבער ערשט די הענט פון די אַרבעטער האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ פ אָ נ ד, זיי האָבן דעם קרן פאַרוואַנדלט אין אַ קרן ־ ק י י מ ת. דאָס פאָלק האָט אויך אויפּ געשטעלט אַ קרן פאַר קאָלאָניזאַציע און אויפּבוי און גיט פאַר דעם צוועק אַ סך געלט, אָבער ערשט נאָכדעם ווי דער יידישער אַרבעטער האָט געשאַפן דעם יכוד איז געוואָרן אַ קרן־היסוד, אַ יסוד נישט נאָר פאַר אונדז ציוניסטן, נאָר פאַר אונדז אַלעמען — אפילו פאַר „אגודת ישראל“ וואָס קען, אַ דאַנק קרן־היסוד, מאַכן אַ פאַרטיי־קאָנפערענץ אין שרון. ווען נישט אונדזער יסיד וואָלט נישט געווען קיין פלאַץ, וואָלט נישט געווען קיין לעבנס־ראַם פאַר אַזעלכע קאָנפערענצן.

פון צייט צו צייט האָט דער יידישער אַרבעטער אַפּעלירט צום פאָלק. אין די טעג פון דער גרויסער דעפּרעסיע, איידער עס איז געקומען די צווייטע עליה, ווען ס'האָט אויסגעזען, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין האָ־פענונג, האָט זיך אַ הייפל אַרבעטער געווענדט צום פאָלק מיט אַ רוף צו גלויבן אין זיך און אין ציוניזם; מיט דער אייגענער עליה און מיטן רוף צום פאָלק האָבן דאַן די אַרבעטער געראַטעוועט דעם ציוניזם פון באַנקראָט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט געלויערט די סכנה פון אַ קריזיס און פון אַ גרויסער אַנטוישונג, האָט דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל געוואָרנט דאָס פאָלק נישט לאָזן זיך פאַרפירן פון פאַנטאַזיעס, נישט שאַפן זיך קיין אילוזיעס, נישט וואַרטן אויף פּאָליטישע נסים, נאָר

מאָדעלירן אַלע כוחות און בויען אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר פּאָליטישע דער־גרייכונגען. אַזוי אַרום איז דער ציוניזם געקומען צום אויפשטעלן דאָס קאָ־לאָניזאַציע־ווערק אין ארץ־ישראל.

איצט איז ווידער געקומען אַ צייט, ווען מיר זיינען מחויב צו ווענדן זיך צום פאָלק. גאַנץ אייראָפּע איז חרוב געוואָרן, מיליאָנען יידן זיינען אין דער אונטערערד, דערשטיקט, פּאַראַליזירט, טעראָריזירט, פול מיט פחד פאַרן מאָרגן. די לעצטע פעסטונג פון מאַסן־יידנטום אין אייראָפּע ברענגט אין די לעצטע וואָכן כסדר קרבנות און קיינער ווייס נישט וואָס אין דער נאָענטסטער שעה וועט געשען. ווער ווייס, צי דער שרעקלעכער גורל פון אוקראַינע וועט נישט טרעפן אויך רומעניע? מיר קענען נישט אַפּעלירן צום יידישן האַרץ אין אייראָפּע און מאָנען הילף פאַר די רומענישע יידן. דאָס דאָזיקע האַרץ איז אַליין אין תפיסה, אין באַהעלטעניש און שרעק, גלייך ווי עס עקזיסטירט נישט. אָבער עס עקזיסטירט יאָ! די שארית־הפליטה וואַרט נאָך אויף אַ צייכן פון אונדז — וועט זי זיך נאָך אָננעמען מיט כוח און אויפמונטערן.

איז אין זייער נאָמען און אין נאָמען פון די וואָס שטייען דאָ אויף דער וואַך — סיי הינטערן „מויער און טורעם"*) און סיי אין מיליטערישע לאַגערן אין דעם עגיפּטישן מדבר — און אין נאָמען פון דעם יידישן אַרבע־טער וואָס לאָזט שוין צענדליקער יאָרן דעם ציוניזם נישט צורו, מוזן מיר זיך ווענדן צו די ביים לעבן פאַרבליבענע יידן אין צפון־ און דרום־אַמעריקע און אין די בריטישע דאָמיניעס און דאָס מאָל מאָנען פון זיי עפּעס אַנ־דערש פון דאָס וואָס מיר פלעגן מאָנען ביז איצט. מיר שאַצן אָפּ זייערע אָנשטרענגונגען און דעם יידישן געפיל זייערן. מיר פאַרשטייען גרייל(ע)ך די איצטיקע טיפע פאַרלוירנקייט זייערע. און דאָך מוזן מיר זאָגן פון דער הסתדרות־טריבונע אַראָפּ: דאָס דאָזיקע יידנטום האָט זיין נאַציאָנאַלע פליכט נ י ש ט דערפילט, עס איז נישט אויפגעשטורעמט געוואָרן און נישט גע־נוג אינטערעס אַרויסגעוויזן, נישט צו די דערמאָרדעטע און נישט צו די וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן צו זייער שוץ. די דאָרטיקע ציוניסטישע פירער און די מאַסע און אויך אונדזער באַוועגונג האָבן נישט געשטאַרקט זייער ציוניסטישע פעסטונג אין דער צייט פון חורבן, פון געפאַר פאַרן יידישן פאָלק! זיי האָבן נישט דערפילט זייער חוב אין דעם איצטיקן דעצידירנ־דיקן מאָמענט פאַר שוץ און רעטונג פון יידישן פאָלק.

ווו איז דער אויפברויז? ווו איז דער ציוניסטישער ווילן? און עס

*) די ישובים, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין די יאָרן פון די „געשעענישן" (1936—1939) און אין דער ערשטער תקופה פון דער וועלט־מלחמה, האָבן געטראָגן דעם נאָמען „ישובי חומה ומגדל" צוליב דעם מויער און טורעם, וועלכע מען פלעגט אויפשטעלן באַלד אין אנהייב פאַר פאַרטיידיקונגס־צוועקן.

האַנדלט זיך נישט אין קיין קאַמפּיינען און אַפּיציעלע באַגריסונגען, נאָר אין דעם ציוניסטישן געוויסן פון אַלט און יונג צוגלייך. טאָג איין, טאָג אויס ברענגען מיר אונדזערע קרבנות און פון די הספדים שעפּן מיר כוחות אויס־צוהאַלטן דאָ אין לאַנד. ווו איז אָבער די נאַציאָנאַלע הילף? דאָס וואָס מיר טוען דאָ אין לאַנד טוען מיר דאָך נישט פאַר זיך אַליין, די לעצטע צוויי יאָר אין יידישן לעבן האָבן דאָס באַשיינפּערלעך דערוויזן. ווען מיר וואָלטן געזאָרגט פאַר זיך אַליין וואָלטן מיר זיך שוין לאַנג איינגעאָרדנט, אין די איצטיקע טעג ווילן מיר דווקא בויען, שטאַרקן אונדזערע פּאָזיציעס, שאַפן נייע קאָלאָניזאַציע־פּונקטן בכדי צו פאַרפעסטיקן די איינציקע באַזע פון דעם יידישן פאָלק פאַרן טאָג פון די גרויסע היסטאָרישע דעציזיעס.

מיט 150 יאָר צוריק איז אינעם יידישן פאָלק אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט, פאַר אויטאָעמאַנציפּאַציע. איצט נויטיקן מיר זיך אין אַ גרויסער באַוועגונג די אויטאָעמאַנציפּאַציע צו פאַר־פעסטיקן. פאָדערן מיר דאָס פון יענע טיילן פון פאָלק, וועלכע זיינען נאָך פריי. מיר פאָדערן דאָס פון ציוניזם, פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין „התקוה" זינגען מיר: „מיטן לעצטן ייד איז אונדזער לעצטע האָ־פענונג". רופן מיר צו אונדזער אומגליקלעכן פאָלק: שטיי אויף, דערוואַך, אָרעם פאָלק!

---

# אויפן ציוניסטישן פראָנט

## דער ארץ־ישראל־אַמט און זיינע אויפגאַבן

(געדרוקט אין „הפועל הצעיר”, נומערן 39, 40, 41; יאַר 1914).

**א.**

ווי באַקאַנט איז דער ארץ־ישראל־אַמט געשאַפן געוואָרן לויט אַ באַשלוס פון דעם אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַג. אין דעם באַשלוס דאַרף מען זען דעם ערשטן רעאַלן נצחון פון די וואָס זיינען באַשטאַנען אויף רעאַל־ציוניסטישער אַרבעט. דערמיט איז אנערקענט געוואָרן, אַז דער ציוניזם האָט אין ארץ־ישראל רעאַלע אינטערעסן, וועלכע מען דאַרף אָנהויבן באַהאַנדלען סיסטעמאַטיש און גרינטלעך. דאָס מאָל האָט מען זיך נישט באַנוגנט מיט געוויינלעכע פּרינציפּיעלע הסכמות, נאָר מען האָט דערמעגלעכט די אַרבעט דורך אַ בודזשעט און ספּעציעלע אָנגעשטעלטע.

דאַרף מען מודה זיין, אַז ערשט איצט קען מען רעדן וועגן אַ ווירקלעכן נצחון וואָס די אָנהענגער פון רעאַל־ציוניסטישער אַרבעט האָבן אָפּגעהאַלטן, ערשט איצט, נאָך יאָרן פון פּאַקטישער טעטיקייט. נאָר ביי דער אָפּשטימונג, ווען אַ סך האָבן געהויבן די הענט פאַר דער גרינדונג פון דעם אַמט, זיינען געווען בלויז ווייניקע, וועלכע האָבן די זאַך גענומען ערנסט. דער רוב דעלעגאַטן וואָס האָבן דאַן געקעמפט פאַר רעאַלער אַרבעט זיינען געווען, אַזוי צו זאָגן, פּרינציפּיעלע „ציוני־ציון”. טיף ביי זיי אין האַרצן האָט זיך נאָך נישט אויסגעפאָרעמט קיין קלאָרער באַגריף וועגן פּראַקטישער ציוניסטישער אַרבעט אין לאַנד. אפילו די וועלכע האָבן זיך געריסן צו אַזאַ אַרבעט האָבן דאַן נישט געגלויבט, אַז עס איז מעגלעך עפּעס צו טאָן כל זמן די לייצעס פון דער לייטונג זיינען געווען אין די הענט פון דוד וואָלפסאָן און יעקובוס קאָן*). עס האָט זיך דאַן בכלל געשטאַרקט דער אומצוטרוי צו די וואָס האָבן געהיט די טראַדיציע פונעם פּאָליטישן ציוניזם און עס איז אַלץ שאַרפער געוואָרן דער קאַמף קעגן זיי. אויף יענעם קאָנגרעס איז שוין דערשינען אַ מינדערהייט וואָס האָט געוואַגט צו שטימען קעגן ווילן וואָלפסאָנען ווי פּרעזידענט פון דער

*) ד. וואָלפסאָן (1856—1914) האָט געירשנט הערצלס פּלאַץ ווי ־ער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; יעקובוס קאָן איז געווען איינער פון די ציוניסטישע מנהיגים אין האָלאַנד און הערצלס אַ נאָענטער מיטאַרבעטער. ביידע זיינען זיי נישט געווען קיין אָנהענגער פון פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל.

ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און וואָס וואָלפסאָן האָט געגלויבט אַז ער וועט זי קענען איבערציען אויף זיין זייט. אויף דער הייסער מינוט ווען אויף דער טאָג־אָרדענונג איז געשטאַנען די פראַגע פון אַ גרינטלעכער ענדערונג אין דער ציוניסטישער פירערשאַפט האָט מען, פאַרשטייט זיך, נישט געלייגט קיין אַכט אויף קליינע דערגרייכונגען פון דער אָפּאָזיציע. אַזוי אַרום האָט די קאָנגרעס־מערהייט געלאָזט אָננעמען אַ באַשלוס וועגן דעם ארץ־ישראל־אַמט, ווי אַן אויפגעצווונגענע קאָנצעסיע, אַ מין ביין וואָס מען האָט צוגעוואָרפן דער אָפּאָזיציע...

די שאַפונג פון אַ נייער אינסטיטוציע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווערט געוויינלעך אויפגענומען ענטוזיאַסטיש. דאָס מאָל אָבער ביים גרינדן דעם א״י־אַמט, איז נישט געווען קיין שום באַגייסטערונג. און דער אַמט איז פאַר ברייטע קרייזן אין דער באַוועגונג אַ לאַנגע צייט, כמעט ווי יאָרן גאַנצע, געבליבן אומבאַקאַנט. אַזאַ באַציאונג צום אַמט האָט אַרויסבאַוויזן דער גלות. און אין ארץ־ישראל, אויפן אָרט? דער אַמט האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין אַן אַטמאָספער פון אומצוטרוי און אַנטיפּאַטיע, אָדער, אין בעסטן פאַל, אין גלייכגילטיקייט. אין די ערשטע דריי יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט כמעט קיינער קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן זיין טעטיקייט. מען האָט נאָר געוווסט צו דערציילן וועגן דער דייטשער שפּראַך פון די באַאַמטע. אָבער די אומפּאָפּולאַריטעט האָט דעם אַמט אפשר געבראַכט מער נוצן ווי שאָדן. די יאָרן ווען דער אַמט איז נישט געווען אויסגעמישט מיטן ציבור און זיינע קעגנגעזעצטע פאָדערונגען, האָבן וואַרשיינלעך דערמעגלעכט די אַמט־פירער רואיק צו שטודירן די באַדינגונגען, איינזאַפּן אין זיך די ערנסטקייט פון זייער אויפגאַבע אין ישוב און איבערהויפּט אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן און אַ סיסטעם אין זייער אַרבעט.

און נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אינערלעך געקרעפטיקט, נאָך דעם ווי זיי האָבן באַקומען צוטרוי צו די אייגענע כוחות האָבן די אַמט־לייט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען פּאָזיציעס אין דער עפנטלעכקייט. ווי פון נעפּל אַרויס איז דערשינען דער נייער כוח וואָס טראָגט אין זיך אפשר די צוקונפט פונעם ישוב. דער „פּאַלעסטינע־אַמט" אויף וועלכן מען האָט געקוקט ווי אויף אַ פרעמדער, אויסלענדישער באַשעפעניש האָט זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ „משרד ארצישראלי" — אַ דורכויס לאָקאַלע אינסטיטוציע וואָס שלאָגט וואָרצלען און באַהערשט שטופנווייז אַלע געביטן פון לעבן אין ישוב.

מיר דוכט זיך, אַז צום ערשטן איז דער „פּאַלעסטינע־אַמט" דערשינען ווי אַ „משרד ארצישראלי" אין דגניה און איבערהויפּט באַקאַנט געוואָרן איז ער אַ דאַנק מרחביה. מיט דער שאַפונג פון דגניה איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די פאַרטרעטערשאַפט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד גיט זיך אָפּ און זאָרגט פאַר דער סאָציאַלער קרעפטיקונג פון דער יידישער שאַפונג אין לאַנד; און אין דער דערוווערבונג פון מרחביה — אונדזער

ערשטער ישוב אין עמק־יזרעאל — האָט מען איינגעזען דעם אָנהויב פון אַ באַשטימטער סטאַבילער קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק. דגניה און מרחביה האָבן בכן אָנגעצייכנט צוויי גרונט־וועגן פון ארץ־ישראל־אַמט, וועלכער שטרעבט אויסצולייזן דעם באָדן און די אַרבעט צוגלייך.

די דגניהער קבוצה האָט געדינט ווי אַן אָנהויב צו אַ ריי פון ענלעכע אונטערנעמונגען און אַזוי אַרום האָט די אַרבעטערשאַפט אָנגעבונדן נאָענטע באַציאונגען מיטן אַמט און זיינע לייטער. די דאָזיקע דערנענטערונג האָט ביי די אַרבעטער אַרויסגערופן סימפּאַטיע און צוטרוי צום אַמט. די אַרבעטער האָבן זיך אפשר צום ערשטן מאָל אָנגעטראָפן אויף אַן אַנשטאַלט וואָס באַגרייפט זייערע אידייען און באַציט זיך ערנסט צו זייערע געדאַנקען און טרוימען וועגן שאַפן אַן אַרבעטנדיקן ישוב. און מרחביה — דער דאָזיקער ערשטער פונקט וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן דורכן אַמט, ווי אויך די באַדינגונגען פון דער דערוווערבונג — זיינען געוואָרן די טרובאַדורן פון אַ נייער תקופה אין אונדזער עקספּאַנסיע. דער דאָזיקער אָנהויב האָט אין ישוב באַנייט און געשטאַרקט דעם גלויבן און די האָפענונגען און האָט אין זיינע אויגן אויפגעהויבן דעם פּרעסטיזש פון דעם אַמט און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי אַ קאָמפּעטענטער — כמעט איינציקער — פאַקטאָר אין אַלץ וואָס איז נוגע דער באָדן־אויסלייזונג. אויפן אָרט פון די פריערדיקע פאַקטאָרן — דער באַראָן און די ייק״א. מען דאַרף, אגב, באַמערקן, אַז ד״ר רופּין האָט אויך זיין באַאיינפלוסט צו באַנייען זייער טעטיקייט אין לאַנד. אויך אין דער ראָל פון דעם אַמט לגבי דער עליה פון תימנער יידן איז זיין מהות געקומען צום אויסדרוק. מיט איר היסטאָריש־וויכטיקער טעטיקייט אויפן דאָזיקן געביט האָט די ציוניסטישע פאַרטרעטערשאַפט אין לאַנד דערוויזן, אַז זי איז נישט פאַרגליווערט, נישט באַגרענעצט מיט ספּעציעלע אַרבעטס־געביטן, אַז זי האָט שווונג און זי באַגרייפט דעם ווערט פון גרויסע נאַציאָנאַלע טאַטן.

אין דער טעטיקייט פון דעם א״י־אַמט דאַרף מען אויך פאַרצייכענען די גרינדונג פון דעם משפּט־השלום (פרידנס־געריכט). די דאָזיקע שאַפונג וועט פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט אין דער געשיכטע פון דער אינערלעכער אָרגאַניזירונג פון דעם ישוב.

נאָך צוויי שטריכן דערגאַנצן די באַשרייבונג פון דער ראָל וואָס דער א״י־אַמט האָט געשפּילט אין דער ציוניסטישער געשיכטע.

דער אַמט איז אַהער דעלעגירט געוואָרן ווי אַזאַ וואָס דאַרף אויספירן באַפעלן פון דרויסן. מיט דער צייט אָבער — עפּעס ווי פון זיך אַליין — איז ער פון אַ געפירטן און אויספירערישן אָרגאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן כמעט אין אַ פירנדיקן, אין אַזאַ וואָס איז משפּיע אויף דער פירערשאַפט אין בערלין און קעלן. דער שטויס צו קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט, די איניציאַטיוו צו פאַרשיידענע קאָלאָניזאַטאָרישע עקספּערימענטן האָבן געשטאַמט פון ארץ־ישראל און נישט פאַרקערט. דערמיט האָט דער אַמט אַריינגעטראָגן דעם עיקרדיקסטן

עלעמענט אין דער אַרבעט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיוו פאַר די לעצטע יאָרן. דערמיט האָט ער אויך געלייגט דעם יסוד פאַר דער העגעמאָניע פון ארץ־ישראל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אויפן געביט פון פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ ישראל.

און פון דאַנען איז אַרויס דער צווייטער שטריך:

דער אַמט — אפשר שלא בכוונה — האָט צוריק באַקערט דאָס האַרץ פונעם ארץ־ישראלדיקן ציבור צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די פריערדיקע באַציאונגען זיינען דאָך גוט באַקאַנט. די קאָלאָניסטן פלעגן זיך באַציען (און טייל באַציען זיך נאָך אויך היינט) מיט פולשטענדיקן ביטול. אפילו די ציוניסטן צווישן זיי זיינען נישט אַנדערש געווען, ווייל זיי האָבן מצד דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע נישט געזען קיין שום וויכטיקע טעטיקייט. באַזונדערס האָט זיך אַרויסגעוויזן דער ביטול בעת די קאָלאָניסטן פלעגן מאַכן פאַרגלייכונגען צווישן דער היינטיקער טעטיקייט און דער פריערדיקער טעטיקייט פון באַראָן און ייק״א. און אַז מען פלעגט קומען צו די קאָלאָניסטן און דערמאָנען זיי זייערע זינד קעגן ציוניזם פלעגט זיך דער ביטול פאַרוואַנדלען אין שנאה און כעס. אויך די יוגנט און די אַרבעטער — די ציוניסטישע עלעמענטן — האָבן זיך כמעט מייאש געווען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דער קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ וואָס דער אַמט האָט געפירט אין די טעג פון דער פריערדיקער עקזעקוטיווע, דער קאַמף קעגן כלערליי שטרויכלינגען מצד קעלן און האַג אין די טעג פון דער איצטיקער עקזעקוטיווע און דאָס אויסנוצן אַלערליי מעגלעכקייטן פאַר פּראַקטישער אַרבעט אין לאַנד, האָבן באַנייט און צוריקגעקערט די פאַרלוירענע האָפענונג. אַ דאַנק דעם א״י־אַמט זיינען פאַרשיידענע ציוניסטישע אַנשטאַלטן ביסלעכווייז אריינגעדרונגען אין כלערליי געביטן פון דער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט און דער ישוב האָט אָנגעהויבן אויפצונעמען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ווי אַ דעצידירנדיקן קאָלאָניזאַטאָרישן פאַקטאָר וואָס זיין אויפגאַבע איז אַוועקצושטעלן די קאָלאָניזאַציע אויף פעסטע יסודות.

צוזאַמען מיטן צוריקגעווונענעם צוטרוי האָט זיך אויך צוריקגעקערט דער גלויבן; די ווייטזעעוודיקע האָבן זיך איבערצייגט, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַ גרויסער פּאָטענציעלער כוח וואָס געווינט אַלץ מער השפעה אויפן פאָלק לטובת ארץ־ישראל. און די יונגע דעמאָקראַטישע קרייזן האָבן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געזען דעם איינציקן פאַקטאָר וואָס איז בכוח צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן ישוב וואָס טראָגט דעם חותם פון זעלבסט־אַרבעט, נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד און העברעאישע קולטור — אַ ישוב פון אמתן רענעסאַנס.

ס'איז קלאָר, אַז פון דער פריערדיקער ביטול־באַציאונג לגבי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון די פעסימיסטישע שטימונגען צווישן דער

יוגנט ביז צו דער גרויסער באַטייליקונג פון דעם ישוב אין דעם לעצטן קאָנגרעס און ביז צו דער באַציאונג פון דעם ישוב צו דער קאָנטראָל־קאָמיסיע*) — איז אַ ווייטער מהלך, כ'וואָלט געזאָגט: אַ גאַנצע איבערקערעניש.

***

שטעלט זיך פון זיך אַליין אַ פראַגע: מיט וואָס האָט דער א״י־אַמט זוכה געווען צו אַ גורל וואָס אונטערשיידט זיך אַזוי ווייט פונעם גורל פון אַלע אַנדערע קאָלאָניזאַציע־אַנשטאַלטן? מיט וואָס האָט גראָד ער געוווּנען אָנערקענונג און ליבשאַפט — אויב נישט פון גאַנצן ישוב, איז לפחות פון וויכטיקע טיילן זיינע? — לויט מיין מיינונג האָט ער עס צו פאַרדאַנקען זיינע פאָלגנדיקע מעלות:

די ערנסטע און אָרנטלעכע באַציאונג פון דעם א״י־אַמט צו זיינע אויפגאַבן, נישט נאָר די, וואָס מען האָט אויף אים אָרויפגעלייגט, נאָר אויך די, וואָס זיינען במשך דער צייט אַרויסגעוואַקסן פון דער אַרבעט אַליין; סיסטעמאַטישע און קאָנסעקווענטע אַרבעט, באַזירט אויף פעסטע פרינציפּן: ערד און יידישע אַרבעט; דאָס כסדרדיקע זוכן דעם ריכטיקן וועג אין דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט און במילא אויך דאָס ווידמען אויפמערקזאַמקייט יעדן נייעם און ערנסטן געדאַנק און דאָס אַרויסווייזן גרייטקייט צו מאַכן אַנטשפּרעכנדיקע עקספּערימענטן אין דער פאָרם פון אַ פערמע, אַ קבוצה, אַן אחוזה אָדער אַ מושב־עובדים, אויערן אָפענע צום לעבנס־געוויש אין לאַנד און צו יעטוועדן קאָלעקטיוון געדאַנק; געוואָגטקייט אין באַצוג צו נייע וועגן און אַ בולטע ביי־גונג מקרב צו זיין די כוחות וואָס רייסן זיך צו נייע וועגן אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, ווי אויך דערנענטערן זיך צו זיי — צו די אַרבעטער־קרייזן — די וואָס דער אידעאַל און דער ציל זיינען ביי זיי ריין און אויסגעשפּראָכן און נישט פאַרווישט דורך אַלטקייט אָדער קאָמפּראָמיסן אָדער פּריוואַטע אינטערעסן.

דאָס איז געווען אַ געבענטשטער וועג וואָס איז אָפּן פאַר קאָנסטרוקטיווע איינפלוסן. אויפן דאָזיקן וועג האָט דער א״י־אַמט איינגעזאַפּט אין זיך אַ סך אידעאַלן און טרוימען פון דעם ישוב און פונעם ציוניזם און אַ דאַנק דעם פאַרנעמען דער דונאַם און די יידישע אַרבעט דעם צענטראַלן פּלאַץ אין זיין גאַנצער טעטיקייט.

אַ וויכטיקע ראָל אין דער דערהויבונג פון דעם אַמט, שפּילט אויך די אויסערלעכע פאָרם פון זיין אַרבעט און זיינע פאַרהאַנדלונגען. די מאָדערנע אַר־

---

*) אַ קאָמיסיע וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה קיין ארץ־ישראל, אויסצופאָרשן די פראַגן פון יידישער אַרבעט און די באַציאונגען צווישן די אַרבעטער און די קאָלאָניסטן.

בעטס־סיסטעמען, דער נאָנטער קאָנטאַקט מיטן קרן־קימת און מיט חברת הכשרת הישוב און דאָס כסדרדיקע זוכן וועגן צו אַ גוט איינגעפונדעוועטעטער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבעט — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויפגעהויבן דעם ווערט פון דער קאָלאָניזאַציע און איר ראָל אין פורעמען די צוקונפט פון אונדזער פאָלק.

## ב.

ד״ר רופין האָט אויפן עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס געהאַלטן אַ פּראָגראַ־מאַטישע רעדע. לויטן מהות און ראָל פון דעם רעפערענט און לויטן אינהאַלט פון דעם רעפעראַט איז דאָס געווען כמעט אַן אָפיציעלע פּראָגראַם פון דעם א״י־אַמט. צום ערשטן מאָל איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער דירעקטאָר פון דעם אַמט אויפגעטראָטן אויפן קאָנגרעס און האָט אַרויסגעלייגט זיין „אני מא־מין״ וועגן דער ציוניסטישער טעטיקייט אין ארץ־ישראל. נאָך דעם ווי זיינע אנשויאונגען זיינען אַרויס בשלום פון דער קאָנגרעס־קריטיק איז דער אַמט אַריינגעטראָטן אין דער צווייטער פאַזע פון זיין אַנטוויקלונג און פון זיינע אַרבעטס־סיסטעמען. זיין מהות איז שוין מער קלאָר געוואָרן, זיין אַרבעטס־פּלאַן מער באַקאַנט, קענען מיר פעסטשטעלן די אויפגאַבן פון דעם א״י־אַמט פאַר דער נאָענטסטער צייט.

דער הויפּט־אונטערשייד צווישן דער פריערדיקער תקופה און דער טע־טיקייט פון דעם אַמט און דער נייער תקופה וואָס הייבט זיך איצט אָן, באַ־שטייט אין דעם, וואָס פאַר זיבן יאָרן, ווען דער אַמט איז אַהער געשיקט גע־וואָרן, האָט ער נישט געהאַט קיין שום אַרבעטס־פּלאַן (עס האָט אים בלויז געקערעוועט דער אַבסטראַקטער פּרינציפּ פון „פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל״) און איצט האָט שוין די „רעאַלע אַרבעט״ אַ באַשטימטן אינהאַלט. דער אינהאַלט איז אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער. יאָ, מען קען זיך מער נישט באַ־נוצן מיטן באַגריף פון **ס ת ם  אַ ר ב ע ט**. מען מוז שוין היינט **רעדן** וועגן „די באַדערפענישן פון ישוב און די אויפגאַבן פון ציוניזם אין ארץ־יש־ראל״. די ריכטיקע דעפיניציע פון דער נייער תקופה איז אפשר די: די תקופה פון ראַציאָנעלער אַרבעט אין ארץ־ישראל. אין פאַרלויף פון די זיבן יאָר זיי־נען — אונטערן איינפלוס פון פאַרשיידענע פאַקטאָרן — פאָרגעקומען טיפע ענדערונגען אין לאַנד: דער ישוב איז אַ סך גרעסער געוואָרן און אין די שטעט ווי אין די קאָלאָניעס איז פיל גרעסער געוואָרן דאָס פאַרמעגן אין כמות און אין איכות.

צווישן די דריי שיכטן פונעם ישוב — דער ציוניסטישער טייל, דער ישוב פון די „חיבת־ציון״־צייטן און דער אַלטער ישוב — לייגן זיך אויס בריקן. און דערווייל וואַקסט אויך די זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער־קאָלאָני־זאַציע. אויך די אַנדערע טיילן האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס געמאַכט אומ־

אָפּהענגיק פון פרעמדע חסדים און פון אפּוטראָפּסות. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַ־נען אַ פרייע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, אַ פרייע פרעסע און פּאָליטישע אָרגאַ־ניזירטקייט. עס האָט זיך אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געשטאַרקט דאָס בירגער־באַוווסטזיין וואָס עס האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע פאָרמען פון אויטאָנאָמער אָרגאַניזירונג און אין געמיינזאַמע באַמיאונגען צו שאַפן באַ־דינגונגען און אינסטיטוציעס לטובת די כלל־באַדערפענישן.

ביסלעכווייז איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־סביבה און אַ באַ־שטימטע דערציאונגס־סיסטעם. די העברעאישע שפּראַך האָט באַהערשט די שול און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. זי דרינגט אַלץ מער אַריין אויך אין פריי־האַטן לעבן. קורץ: אין פאַרלויף פון דער צייט האָט זיך אויסגעבילדעט, ריכ־טיקער — אויסקריסטאַליזירט, אַ געזעלשאַפטלעכער גוף מיט אברים, אָרגאַנען און געפיל פאַר פאָלקסטימלעכע באַדערפענישן.

דעם דאָזיקן געזעלשאַפטלעכן גוף דאַרף מען אָפּהיטן, פלעגן און דעקן זיינע באַדערפענישן. די באַדערפענישן זיינען פאַרשידנאַרטיקע. דאָ אָבער רעדט זיך וועגן די פון זיי וואָס אין זייער באַפרידיקונג ליגט דער וועג פון פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַלע צילן.

**א י ן ד ע ר ע ר ש ט ע ר ר יי ש ט ע ט ד י ע ק אָ נ אָ־מ י ש ע פ ר אַ ג ע.** די באַדערפענישן פון דעם אַלץ וואַקסנדיקן ישוב, צו־זאַמען מיט די אויסזיכטן אויף שפּעטער, פאָדערן גרינטלעכע און סיסטעמאַ־טישע אויפמערקזאַמקייט. מיר שטייען פאַר דריי פונקטן: 1) די שטאַרקונג און אויסברייטערונג פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט; 2) דאָס אַריינדרינ־גען אין האַנדל און אינדוסטריע; און 3) דאָס שאַפן באַדינגונגען פאַר עקס־פּאָרט־אינדוסטריע. מען דאַרף דאָ נעמען אין באַטראַכט כלערליי מעגלעכע ענדערונגען, אויך אַזעלכע וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער קאָמוניקאַציע מיט אויסלאַנד. מען דאַרף בכן צוטרעטן צו גרינדן אַן אַנטשפּרעכנדיקן אַנשטאַלט וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט אונדזערע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

די צווייטע פראַגע איז: **ד י אָ ר ג אַ נ י ז י ר ו נ ג** פון ישוב און זיין אַלגעמיינע פאַרייניקונג. די פראַגע איז אַ גאַנץ קלאָרע, מער נישט די לעצטע יאָרן איז זי קאָמפּליצירט געוואָרן. דער ישוב איז געוואָרן גרעסער און פאַרביקער. עס האָבן זיך אין אים אָבער שטאַרק פאַרמערט די עלעמענטן, וואָס ניט די צוציאונגס־קראַפט פון **ע ו ל ה ז יי ן ק יי ן צ י ו ן**; האָט זיי געבראַכט אַהערצו, נאָר די שטויסקראַפט פון אויסוואַנדערונג. און די דאָ־זיקע **א י מ י ג ר אַ נ ט ן**, צוזאַמען מיט אַנדערע אַנטי־ציוניסטישע עלע־מענטן, ווי למשל: געוויסע טיילן פון דעם אַלטן ישוב, ווייזן אויך אַרויס גע־זעלשאַפטלעך־פּאָליטישע טעטיקייט — איצט ווען אַלץ אַרום ברויזט און שפּרודלט מיט געזעלשאַפטלעכן לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלעמאָל איז עס דער נאַציאָנאַלער אינטערעס וואָס באַוועגט זיי צו זייער טעטיקייט. אויס־סער דעם — אויף וויפל דער ישוב איז איינגעטיילט אין סעפּאַראַטע אָרגאַ־

ניזירטע קרייזן, וועלכע זיינען אין קיין איינציקן פונקט נישט פאַרבונדן צווישן זיך מיט אַן אַלגעמיינער אָבליגאַטאָרישער דיסציפּלין, מוזן זיין אָפּ־ניגוגגען פון דער ליניע וואָס פירט צו דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער העכסטן נאַציאָנאַלן אידעאַל. אויך דאָס: מיר מוזן פאַרפעסטיקן אונדזער פּאָ־ליטישע זעלבסטשטענדיקייט און זאָרגן פאַר נאַציאָנאַלן שוץ. איז אויב מיר וועלן — אין די איצטיקע אומשטענדן — רייסן זיך און וועלן זיך נישט אונ־טערוואַרפן אַן אַלגעמיינער דיסציפּלין וועלן מיר זיין אויסגעשטעלט אויף גע־פאַרן. אין אַזאַ לאַגע, ווי די איצטיקע, קען מען נישט גאַראַנטירן אַפילו פאַר ער ווירקזאַמקייט פון דער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, כאָטש זי ווערט געטראָגן דורך אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, ווייל יענע קרייזן וואָס זייערע אינטערעסן קרייצן זיך אָפּטמאָל מיט די ציוניסטישע כוונות, קענען צונישט מאַכן אַלע ציוניסטישע באַמיאונגען. דעריבער זעען מיר אין דער אייניקונג פון דעם ישוב אַ פאַרבאַדינג צום דערפאָלג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט און צום אויפהאַלטן דעם פּאָליטישן אויטאָריטעט פון דעם ישוב.

די דריטע פראַגע איז: די קולטור־סאָלידאַריטעט אין שפּראַך און אין לעבן. אין איין יאָר האָבן מיר דער־גרייכט כמעט אַלץ וואָס מיר האָבן געוואָלט און געקענט דערגרייכן *). שלעכט איז נאָר מיט דעם „כמעט", ווייל ס'זיינען נאָך פאַראַן וויכטיקע פראַגן וועלכע מיר האָבן נאָך נישט געלייזט: 1) די מחלוקת צווישן ירושלים און יפו; 2) די „אַליאַנס"־שולן אין לאַנד. — ירושלים וויל זיין זעלבסט־שטענדיק אויפן געביט פון דערציאונג און זי וויל אויפשטעלן אייגענע שולן. עס פאַרנעמען זיך דערמיט גראָד די בעסטע צווישן אונדז און זיי פילן אַפילו נישט ווי ווייט זייער דאָזיקע סעפּאַרירונג שעדיקט דער נאַציאָנאַלער צענ־טראַליזאַציע, ווי ווייט זיי האַלטן אָפּ דאָס פאַרענדיקן דעם בנין פון נאַציאָ־נאַלן חינוך. דאָס איז ווען מיר האָבן צו טאָן מיט די בעסטע, ווי געזאָגט; דאָס איז אין די האָניק־חדשים פון דעם קאַמף פאַר דער שפּראַך און פון דעם נצחון, — טאָ ווער וועט אונדז גאַראַנטירן פאַר דעם וואָס עס קען נאָך געשען שפּע־טער?

עס קען גרייִלעך זיין, אַז אין אַ צייט אַרום וועלן די חינוך־עניינים רעגו־

*) דאַ רעדט זיך וועגן קאַמף פון אַרבעטער און לערער פאַר העברעאישער דערצי־אונג אין די ארץ־ישראלדיקע שולן. דער קאַמף איז בעיקר געווען געווענדט קעגן דעם „הילפס־פאַראיין פון די דייטשע יידן" („עזרה"), וועלכער האָט געוואָלט איינפירן אויף שטענדיק די דייטשע שפּראַך אין זיינע שולן אין ארץ־ישראל, ווי אויך אין דעם חיפהר טעכניקום וואָס האָט זיך געזאָלט עפענען יענעם יאָר. אויך די פראַנצויזישע „אַליאַנס איז־ראַעליט" (חברת „כל ישראל חברים") האָט געהאַט אייגענע שולן און אויף זיי איז אויך געלעגן דער סטעמפּל פון אַ פרעמדער שפּראַך — דער פראַנצויזישער.

לירט ווערן אַזוי, אַז די סעפּאַראַטע דערציאונגס־אַנשטאַלטן וועלן זיך איינפּאַסן אין איין צענטראַלן געבוי. ווען אָבער אַפילו דער דאָזיקער אידעאַל זאָל פאַרווירקלעכט ווערן איז נייטיק, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל ווייטער אומאויפהערלעך ווירקן פאַר דער אייניקונג פון דעם ישוב אויפן גרונט פון איין שפּראַך און אַלגעמיינע פּרינציפּן פון אַ נאַציאָנאַל לעבן.

און אויב דער קאַמף פאַר העברעאיש האָט נישט געשטאַמט פון אַ פּאַריבערגייענדיקן קאַמפּס־לוסט, נאָר פון אַ טיפער איבערצייגונג, אַז עס איז אונדזער אויפגאַבע אויסצופורעמען דעם נאַציאָנאַלן געשטאַלט פון דעם ישוב און דערפירן אים צו העברעאישער פאַרפולקאָמטקייט, קען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נישט איבערגיין רואיק איבערן פאַקט וואָס עס עקזיסטירן נאָך „אַליאַנס"־שולן אין לאַנד. דער דאָזיקער פאַקט מינערט אַ סך דעם נצחון וואָס מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אין דעם קאַמף מיט דעם „הילפס־פאַראיין", ווייל אין די הענט פון „אַליאַנס" געפינט זיך די דערציאונג פון גאָר אַ סך קינדער. און כל־זמן די מאַסן געפינען זיך אונטערן איינפלוס פון פרעמדן חינוך, כל זמן „אַליאַנס" וועט שטיין צווישן זיי און אונדז — וועלן דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין און די העברעאישע שפּראַך איבער זיי נישט הערשן.

די פראַגע ווערט שאַרפער דורך דעם וואָס די אַלץ וואַקסנדיקע אימיגראַציע ברענגט אַריין אַ סך אָרימע עלעמענטן, וועלכע זוכן פאַר זייערע קינדער אַן אומזיסטע שול און אָפטמאָל אַפילו מאַטעריעלע שטיצע אויף אויסצוהאַלטן זיי. אונדזער קולטור־פּראָגראַם דאַרף דעריבער ארומנעמען דעם תימנער אַרבעטער, דעם ספרדישן טרעגער און דעם אשכנזישן קרעמער. מיר דאַרפן אַריינדרינגען אין מאַרק, אין גאַס און אויך נישט פאַרזען דעם אָרימען אימיגראַנט. מיר זיינען אין דעם פאַראינטערעסירט נישט בלויז צוליב אונדזער קולטור־אידעאַל, נאָר בעיקר צוליב די לעבנסוויכטיקע אינטערעסן פון דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט. מיר דאַרפן שיצן די דאָזיקע טעטיקייט קעגן דער געפאַר פון שטערונגען און שטרויכלונגען מצד דער „אַליאַנס"־דערציאונג.

די אויסגערעכנטע דריי פּראָבלעמען געהערן צו די געוויינלעכע אין דעם לעבן פון דעם ישוב, אָבער אין דער לעצטער צייט זיינען זיי געוואָרן אַקטועל אויך פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע גיט זיך אָפּ אַלץ מער און מער מיט דער פּראַקטישער אַרבעט אין לאַנד.

און ס'זיינען דאָ נאָך צוויי פּראָבלעמען — אויסעראָרדנטלעך וויכטיקע: 1) די יידישע אַרבעט; 2) די באַציאונגען צווישן יידן און אַראַבער אין ארץ־ישראל. אַדאַנק דער פּרעסע און דער פּאָלעמיק וואָס האָט זיך אַרום זיי צעפלאַקערט זיינען ביידע פּראָבלעמען לעצטנס שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אויף דער יידישער גאַס. זיי זיינען ביידע אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ שאַרפער פאָרם און זיי מוזן באַלד אַלזייטיק אויפגעקלערט ווערן.

די פראַגע פון יידישער אַרבעט האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע אַנטוויק־לונגס־עטאַפּן, סיי אין לאַנד און סיי אין אויסלאַנד. צוערשט האָט דער קאַ־לאָניסט באַהאַנדלט דעם יידישן אַרבעטער — מיט זיינע פּרעטענזיעס און קריטיק — ווי אַ באַלעסטיקנדיקן עלעמענט וואָס לאָזט נישט צורו, אָבער פון וועלכן מען קען לייכט פּטור ווערן. צו דער זעלבער צייט האָט דער יידישער בעל־הבית, דער ציוניסט אין חוץ־לארץ, געקוקט אויף דעם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל ווי אויף אַן אידעאַליסט — אַ חלוץ, מיטן גראַבאייזן אין האַנט, מיט דעם ברייטראַנדיקן שטרויענעם הוט אויפן קאָפּ און מיט אַרבעטס־גיד אין מויל. אַזאַ בילד („בצלאל״־פּראָדוקציע) פלעגט באַפּוצן יידישע היי־זער אין חוץ־לארץ און פלעגט פונדערווייטנס אַרויסרופן זיסע געפילן. מיט דער צייט אָבער האָט מען זיך אין חוץ־לארץ, אין די ציוניסטישע רייען, אי־בערצייגט, אַז דאָס איז אַן ערנסט קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעם וואָס פאָדערט אַ ספּעציעלע לייזונג. אָבער וואָס מער מען האָט אין אויסלאַנד געגומען פאַר־שטיין די פראַגע, און יידישע אַרבעט איז געוואָרן אַ וויכטיקער פּרינציפּ אין דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, אַלץ מער האָט דער יידישער אַרבעטער אויס־געזען ביי די קאָלאָניסטן וואָס באַשעפטיקן נישט־יידישע אַרבעטער ווי אַ יתוש וואָס עגבערט אין מוח און לאָזט נישט צורו...

די לעצטע יאָרן איז די יידישע אַרבעט געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פונעם ציוניסטישן ישוב. מיט דער הילף פון די ציוניסטישע אַנשטאַלטן האָט זי, אויף פאַרשידענע אופנים, געשלאָגן וואָרצלען אין לאַנד. די אַרבעטער־שאַפט איז אויסגעוואַקסן און שטאַרקער געוואָרן און איר מאָראַלישע השפעה איז געשטיגן אין דעם דעמאָקראַטישן טייל פון ישוב. טראָץ דעם קאַמף קעגן דער אַרבעטערשאַפט איז זי געוואָרן אַ וויכטיקער פּאָליטישער און קולטורע־לער פאַקטאָר אין ישוב און אין ציוניזם. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז דער יתוש איז אין די אויגן פון די אַרבעטס־געבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין — אַ פאַרזעעניש, און דער פּחד פאַר דער פאַרזעעניש האָט זיך איבערגעגעבן אויף קיין חוץ־לארץ, צו די אַלע וואָס קלייבן זיך ערשט ווערן קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל. דער „פאַרזעעניש״ איז דערקלערט געוואָרן אַ שרעקלעכע מל־חמה... די פּרטים פון דער מלחמה זיינען געגוי רעפּאָרטירט אויף די צייטונגס־שפּאַלטן פון דעם לעצטן יאָר.

יאָ, טראָץ דער דאָזיקער מלחמה, בלייבט דאָך די פראַגע פון יידישער אַרבעט אויף איר אָרט — אַ בכבודיקער אָרט אין דער טאָג־אָרדענונג פון דער ישוב־ווירקלעכקייט.

און איצט קומט די „אַנאָנימע פראַגע״, פון וועלכער מיר האָבן זיך גע־וואָלט אויסבאַהאַלטן, ווי אין די צייטן פון „חיבת ציון״, אַזוי אין די טעג פון פּאָליטישן ציוניזם: די פראַגע פון די באַציאונגען צווישן אונדז און די אַראַבער אין ארץ־ישראל. מיר וועלן דאָ נישט אַנאַליזירן די פראַגע, צי איז אַזאַ אויסבאַהאַלטן זיך גוט צי נישט. אַלנפאַלס איז איצט קלאָר, אַז מער אויס־

באַהאַלטן זיך קען מען נישט. און נישט דווקא דערפאַר וואָס די אַראַבישע קריגערישקייט פאַרפליכט אונדז צו מאַכן אונדזער שטעלונג אין דער דאָזיקער פראַגע. אויך אַן דעם איז שוין לאַנג צייט פעסטצושטעלן די גרעניצן צווישןביידע פעלקער. כל־זמן אונדזער אַרבעט און דער ישוב זיינען געווען צופעליק און באַשרענקט האָבן מיר נאָך געקענט נעגירן אויסערלעכע פאַקטאָרן. אָבער זינט אונדזער אַרבעט איז געוואָרן אַ סיסטעמאַטישע איז אוממעגלעך נישט צו נעמען אין באַטראַכט איינעם פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן — אַ צווייטע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט וואָס הערשט איבער מערערע פּאָזיציעס אין לאַנד.

די פראַגע טיילט זיך אין צוויי: א) אויפקלערן זי פאַר אונדז אַליין; ב) פעסטשטעלן די קאָנקרעטע באַציאונגען צווישן אונדז. דער ערשטער פּונקט איז אַ פאַרבאַדינג צום צווייטן, ווייל ווי עס זאָלן זיך נישט אויסלייגן די באַציאונגען צווישן אונדז און די אַראַבער אין ארץ־ישראל — פריער צי שפּעטער, לייכטער צי שווערער — דאַרפן מיר זיך אַליין קלאָר מאַכן צו וואָס פאַר באַציאונגען און טאַקטיק שטרעבן מיר. און מיר דאַרפן זיך אויפמערקזאַם צוקוקן אויך צו טאָג־טעגלעכע געשעענישן, זען ווי אַזוי די אַראַבישע העצע קעגן אונדז דרינגט אַריין אַלץ טיפער אין די אַראַבישע מאַסן אין ווערט ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטיש־דערציערישן פאַקטאָר געווענדט קעגן אונדז. מיר דאַרפן דאָס נעמען אין אַכט באַצייטנס און נישט וואַרטן ביז די סיטואַציע וועט נאָך מער קאָמפּליצירט ווערן. עס פאָדערט זיך פון אונדז אַן ערנסטע, דורכגעטראַכטע און קלאָרע באַציאונג צום דאָזיקן פּראָבלעם. מיר קענען מער דעם געביט פון הגנה און אינערלעכער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק נישט לאָזן הפקר ווי אַ מין זייטיקן ספּאָרט פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע און אומבאַרופענע קרייזן. בכל אופן — איבערלאָזן די לאַגע, ווי זי איז הייסט, פירן צו טרויעריקע רעזולטאַטן.

ג.

עד כאן די עיקר־פראַגן פון דעם ישוב אַליין. פאַר אונדז שטייען אָבער נאָך אויך פּראָבלעמען וואָס זיינען דירעקט פאַרבונדן מיט די אַנטוויקלונגען אין די גלות־לענדער. דאָס פאָלק אין גלות לעבט איצט דורך טראַגישע יאָרן. די עמיגראַציע־נויט איז שוין דערגאַנגען ביז צום יידישן מיטלקלאַס. אין די אַנגענומענע איינוואַנדערונגס־לענדער איז דער מצב נישט קיין גלענצנדיקער. אויסער דעם האָבן זיך די לעצטע צייט צונויפגעטראָפן פאָלגנדע זאַכן: די רעקלאַמע וואָס מען מאַכט פאַר ארץ־ישראל; דער באַזוך פון דעם גרויסן באַראָן און פון קליינע באַראָנען אין ארץ־ישראל; אפשר ווירקט דאָ אויך דער פילם און נאָך מער די פּרעסע וואָס שענקט לעצטנס אַ סך אויפמערקזאַמקייט צו ארץ־ישראל. דאָס אַלץ צוזאַמען האָבן ביי עמיגראַנטן אַרויסגערופן האָפע־

גונגען גוט איינצואָרדענען זיך אין ארץ־ישראל. קען מען דעריבער נישט זאָגן, אַז די גרויסע עליה פון לעצטן יאָר איז געווען אַן אומדערוואַרטע. אירע ערשטע סימנים האָבן מיר נאָך פאַראַיאָרן געזען און מען האָט געקענט פאָרויסזען איר אָנקומען; מיר האָבן זיך אָבער נישט געקענט ווי געהעריק צוגרייטן אויפצונעמען זי, ווייל אַ גרויסע עליה פון ד ע ם סאָרט מענטשן קומט נישט אין באַטראַכט פאַר דער נאָנטער קאָלאָניזאַציע. די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון לאַנד — מאַנגל אין באָדן־רעזערוון און מאַנגל אין מיטלען צו קויפן באָדן, דאָס הייסט מאַנגל אין עקאָנאָמישע גרונטלאַגן; די אוממעגלעכקייט צו ציען פרנסה פון נישט־יידישע ערד־אייגנטימער; מאַנגל אין עקספּאָרט־אינדוסטרי — דאָס אַלץ שאַפט נישט קיין אַבסאָרבירונגס־קאַפּאַציטעט פאַר אַ גרויסער, בהלהדיקער עליה ווי די פון לעצטן יאָר. דאָס רוב עולים זיינען מטופל מיט גרויסע משפחות, אָבער מיטלען האָבן זיי באַגרענעצטע; ביי טייל פון זיי זיינען די הענט דאָס איינציקע פאַרמעגן און מיט זיי אַליין קען מען נישט שאַפן קיין נייע עקאָנאָמיע־צווייגן און פרנסה־קוואַלן אין אַ לאַנד מיט אַ קליינער באַפעלקערונג און באַשרענקטע באַדערפענישן. עס קען זייער זיין, אַז נאָך צען יאָר פון שטופּנווייזער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט וועט אונדזער לאַנד קענען אַבסאָרבירן אויך די קרבנות פון גירושים און פון אַנטיסעמיטישער עקאָנאָמישער קאָנקורענץ. אין דער איצטיקער לאַגע אָבער איז אַזאַ עליה נישט צו דער צייט און קיין ברכה פאַרן ישוב וועט פון איר נישט אַרויסוואַקסן.

און דאָך מוזן מיר צוטרעטן צו אָרגאַניזירן די עליה־ענינים. דאָס ליגט נישט נאָר אין די אינטערעסן פון דער עליה און פון די עולים, נאָר אויך — און איבערהויפּט — פון דער נאָרמאַלער פירונג פון דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט. מיר דאַרפן זיך קאָנצענטרירן, מיר דאַרפן פאַרזיכטיק און מיט ישוב־הדעת זוכן ריכטיקע וועגן אין דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, ווי שטופּנווייזע באָדן־דערוואַרבונג אָדער דויערהאַפטע און אויסגעהאַלטענע קאָלאָניזיר־עקספּערימענטן און דאָס אַלץ איז נישט מעגלעך אונטער אַ דרוק פון אַ בהלהדיקער עליה וואָס שטעלט אומגעלומפּערטע פאָדערונגען. אַ סך אימיגראַנטן, פאַרביטערטע, זוכן פאַר זיך אַן אויסוועג און געפינען אים נישט. דאַרף מען זאָרגן דערפאַר, אַז מיטן דאָזיקן אימיגראַציע־שטראָם זאָלן נישט אַוועקגעטראָגן ווערן די צ ו י מ ע ן, וועלכע מיר האָבן מיט אַזויפיל מי קאָנסטרואירט אויפן קאָלאָניזאַציע־געביט. פאַר דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון די ענינים אין ישוב פאָדערט זיך אַ גענויער אַרבעטס־פּלאַן, וועלכער זאָל סובאָרדינירן דעם עליה־שטראָם, כדי ווי ווייט מעגלעך פאַרלייכטערן דעם מצב פון די עולים און גלייכצייטיק עלימינירן די אומגינסטיקע רעזולטאַטן פאַרן ישוב.

מען מוז שאַפן אַ ס פ ע צ י ע ל ן ע ל י ה ־ אַ מ ט וואָס וועט געבן ריכטיקע אינפאָרמאַציע קיין חוץ־לארץ און אין לאַנד וועט ער ריכטן

דעם עולה צו אַן אַנטשפּרעכנדיקן פּלאַץ. דער אינפאָרמאַציע־צווייג מוז ווערן אויס שטיף־קינד אין אונדזער אַרבעט. מען דאַרף די אינפאָרמאַציע פּאַראײַניקן און קאָנצענטרירן, אַסיגנירן פאַר איר אַ געהעריקן בודזשעט און איבערגעבן זי אין די הענט פון מענטשן מיט וויסן, פאַרשטאַנד און אָריענטאַציע. דורך די אינפאָרמאַציע־קאַנאַלן דאַרפן אַלע די וואָס ווילן עולה זײַן באַקומען באַלערנדיקע און גוט־קאָנטראָלירטע ידיעות. עס קען גרייִלעך זײַן, אַז ווען מיר האָבן אַ גוט־אָרגאַניזירטן אינפאָרמאַציע־דינסט און ווען מיר האַלטן אָפענע, אָבסערווירנדיקע אויגן אויפן גאַנג פון דער עליה וועלן מיר פאַרשפּאָרט אַ סך צרות פון דער נישט־אָרגאַניזירטער עליה. אפשר דאַרף מען אויך אָפּהאַלטן אומגעוווּנטשטע עלעמענטן פון צו קומען אַהערצו. מען דאַרף מאַכן אַ סעלעקציע.

גלײַכצײַטיק מיט דער אַלגעמיינער עליה אַנטוויקלט זיך אויך אַ צ י ו נ י ס ט י ש ע עליה־באַוועגונג. ארץ־ישראל איז לעצטנס געווען גע־וואָרן צום האַרץ פון די ציוניסטן און יעדער ציוניסט טראַכט הײַנט וועגן עולה זײַן קיין ארץ ישראל. פון דאַנען נעמט זיך אויך דער ערד־הונגער. יעדער עולה — סײַ אַ ציוניסט און סײַ סתם אַ פאַרמעגלעכער אימיגראַנט — שטרעבט מיט אַלע כוחות צו דערוווערבן ערד און קאָלאָניזירן זיך אויף איר. די דאָזיקע דערשײַנונג האָט שוין אַרויסגערופן אַ גאַנצע בהלה; מען האָט וועגן דעם אַ סך גערעדט און געשריבן און איך באַנוגן זיך דאָ בלויז מיט דערמאָנען די זאַך. עס ליגט אויף אונדז ווירקלעך, אַ ביז גאָר ערנסטע אויפגאַבע: צו רעגולירן די באָדן־טראַנזאַקציעס אין אײַנקלאַנג מיט די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע באַדערפענישן און צילן.

אָט פון דעם אַלעמען שיילט זיך אַרויס דאָס געשטאַלט פון דער איצטיקער תקופה אין ישוב. דער ישוב איז נאָך טאַקע קליין, ער שטעלט שוין אָבער מיט זיך פאָר אַ קערנדל פון דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער נאַציאָנאַלן אידעאַל. און ווען מיר מאַכן אויספירונגען פון דער איצטיקער סיטואַציע און מיר שטעלן פאָדערונגען האָבן מיר אין זינען נישט נאָר די אַקטועלע נויטן אָדער די באַדערפענישן פון דעם קליינעם ישוב וואָס האָט זיך שוין באַזעצט אין לאַנד, נאָר, איבערהויפּט, די באַדערפענישן פון דער צוקונפט, פון דעם ג ר ו י ס ן יידישן ישוב. מיר האָבן אין זינען די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. דערפאַר זײַנען די פאָדערונגען גרויסע און דערפאַר זײַנען נויטיק גרויסע טאַטן מיט אַ מלוכה־פאַרנעם — און ראַציאָנעלע רעאַליזירונג פון גרויסע אויפגאַבן.

אויך איצט זײַנען פאַראַן רעאַליזאַטאָרן: די „פּריוואַטע איניציאַטיוו". מען טאָר אָבער נישט איבערלאָזן אַלגעמיינע ענינים אין פּריוואַטע הענט. אין פראַגן פון פּאָליטישער טעטיקייט, למשל, טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזן אויף צופעליקער איניציאַטיוו. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר עליה־ענינים טאָר מען נישט אַרויפלייגן אויף אַ נישט־אָרגאַניזירטן און נישט־אײַנגעפונדעוועטן

שטאָט־קאָמיטעט און עס איז אויך קלאָר פאַר אַלעמען, אַז מען טאָר נישט לאָזן די פּריוואַטע איניציאַטיוו באַהערשן די ערד־ענינים.

פאַר די אַלע אויסגערעכנטע ענינים פאָדערט זיך איין האַנט וואָס זאָל אַלץ קאָנצענטרירן און לייטן. די „איינע האַנט" קען, לויט מיין מיינונג, זיין בלויז דער ארץ־ישראל־אַמט וואָס רעפּרעזענטירט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. ער דאַרף באַקומען אַבסאָלוטע פולמאַכטן און ער דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע ענינים וואָס שטייען ביי אונדז אויף דער טאָג־אָרדענונג.

---

# ווען מיר קענען?

געדרוקט אין „הארץ והעבודה", א׳ ניסן תרע״ח—1918.

וואָס אַ מינוט — נייע איינדרוקן, וואָס אַ מינוט — נייע סיטואַציעס...

אָט זיינען מיר באַצוױבערטע... „היינו כחולמים..." אומגעוויינלעכע ווערטער, נייע און ברייטע באַגריפן, פנים חדשות אין דער באַוועגונג...

און אָט זיינען מיר צומישטע... אַ גרויסער מאָמענט אָבער אַן אומקלאָרער, גראַנדיעזע אויפגאַבן אָבער אומבאַשטימטע. היינט די נייע באַדינגונגען! די מעגלעכקייטן!

און דאָס האַרץ טיאָכקעט...

...אויף דער גרענעץ צווישן טונקעלן נעכטן און גלאַנציקן מאָרגן; אויפן גרענעץ צווישן דעם ציוניסטישן פאַראיין אין דעם קליינעם און אָרעמען גלות־שטעטל און צווישן דער „נאַציאָנאַלער היים" אויף די ברעגן פון מיטללענדישן ים און ביי די ברעגן פון ירדן און כנרת. אויפן גרענעץ צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט, דורך פרייד און געזאַנג, דורך טרוים און פאַרוואונדערונג — רייסט זיך און שטייגט אַ גרויסע און ערנסטע פראַגע, גרויס ווי די פראַגע פון אונדזער צוקונפט און ערנסט ווי אונדזער גורל אַליין: ווען מיר קענען?

נישט ווייל מיר צווייפלען אָדער ווייל ס׳פעלט אונדז גלויבן. „נאַציאָנאַלע היים" — ווי געבענקט האָבן מיר נאָך דעם! דורות איין, דורות אויס זיינען די ציון־תפילות נישט אַראָפּ פון אונדזערע ליפּן. דער דאָזיקער פּאָליטישער אידעאַל האָט אונדז אויף קיין רגע נישט פאַרלאָזן.

אפילו דאַן ווען מיר האָבן זיך קלאָר פאָרגעשטעלט, אַז דער וועג איז נאָך ווייט, אַז עס עקזיסטירן אייזערנע געזעצן פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אומבאַדינגטע נויטווענדיקייטן אויפן וועג פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג, ווען מיר האָבן גענוי געוווסט, אַז די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייטן זיינען — דער וועג פון עליה, דאָס אויסלייזן דונאַם נאָך דונאַם, דאָס באַפרייען דעם פרט און דעם כלל דורך אַרבעט — אויך דאַן איז

די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע שטרעבונג געווען די וואָס האָט ווי אַ לויכטנדיקער שטערן, מיט אַ העלן ליכט, געוויזן דעם וועג פאַר יענע וואָס האָבן טראָט ביי טראָט געשפּרייזט צו דער נאַציאָנאַלער גאולה.

צוליב ד ע ם אידעאַל — און נאָר צוליב אים — איז אַ שומר געקו־מען פאַרטרעטן זיין חבר, וועלכער איז געפאַלן אויף דער וואַך פון דער קליי־נער קאָלאָניע אין גליל; צו ד ע ם אידעאַל — און נאָר צו אים — האָט זיך געצויגן דער לעצטער בליק פון דעם פיבער־קראַנקן אין זיין גוראַנגל מיטן טויט אין די זומפּן פון שומרון.

ווען עס זיינען געקומען די מלחמה־טעג און דערנאָך די שווערע קריזיס־צייטן האָבן מיר געטראַכט: דער שיפער, וואָס לאָזט זיך איבערן ים אין אַ וויטן וועג אַריין האַלט די רודערס אין די הענט, אָבער אין שיפל געפינט זיך ביי אים אויך צונויפגעלייגט אַ זעגל. ווען זיין רואיק — וועט ער דאָס שיפל טרייבן מיט די רודערס, וועט אָבער בלאָזן אַ ווינט — וועט ער אויסשפּרייטן זיין זעגל און דאָס שיפל וועט זיך שנעל טראָגן צום געגאַרטן ברעג. מיר האָבן צו זיך געזאָגט: איצט ווען עס בושעווען ווינטן און שטורעמס אויף דער וועלט איז אפשר געקומען די צייט ווידער אויסצושפּרייטן דעם גרויסן הערצליאַנישן זעגל.

שווערע טעג האָבן מיר דאָ איבערגעלעבט. מיר האָבן זיך איינגעשרומפּט, צונויפגעדריקט, אָבער וואָס גרעסער די ענגשאַפט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן אונדזער גלויבן אין דער פאַרשטייענדיקער גרויסער שעה און אין די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס זי וועט אונדז ברענגען.

נאָך פאַר דער בריטישער אָקופּאַציע האָבן אין דער לופט פון ארץ ישראל געפינקלט אָפּגלאַנצן פון יענעם גלויבן, אויפבליצן פון יענער האָפענונג. מיר וועלן לאַנג געדענקען איינע אַ געלעגנהייט אַזאַ, ווען עס האָט זיך געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ גרויסער מאָמענט פאַרן יידישן פאָלק און דעם דאָזיקן געפיל איז געגעבן געוואָרן אַ קרעפטיקער אויסדרוק. מיר האָבן זיך דאַן פאַרזאַמלט אין דגניה, אין די לעצטע טעג פון יאָר תרע״ז, אַ קורצע ווײַלע איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערסטער קאַפּיטל אין די פאַר־פאָלגונגען קעגן אונדז אין לאַנד און ווייניקע טעג איידער עס האָט זיך אָנ־געהויבן אפשר דער שענסטער קאַפּיטל אין אונדזער געשיכטע. עס וועט טיף אין זכרון בלייבן פאַרקריצט דער מאָמענט פון גרויסער גייסטיקער דערהוי־בונג, ווען דורך אַ גנעפּל פון נויט האָט צו אונדז אין דער פאַרזאַמלונג אַריינ־געשיינט אַ נייער מאָרגן און האָט אונדז פאַרפלייצט מיט גלויבן און בטחון.

אפילו אין די סאַמע שווערסטע מאָמענטן האָט אונדז דער גלויבן נישט פאַרלאָזט.

אָבער איצט... ווען די שעה איז געקומען — צ י ו ו ע ל ן מ י ר ב יי ש ט יי ן ?



לואי בראַנדייס — די אויפגעקומענע ציוניסטישע פּערזענלעכקייט — האָט נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אויף דער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג אין באַלטימאָר, געזאָגט: „מיר דאַרפן איצט האָבן דריי זאַכן: געלט, מענטשן און דיסציפּלין". דאָס איז אַן עלעמענטאַר־איינפאַכע פאָרמולע, אָבער מיט איר גאַנצער פּשטות אַנטהאַלט זי אַ קלאַסישע אָפּשאַצונג פון אונדזערע איצטיקע באַדערפעגישן. אַלץ איז דאָ געזאָגט געוואָרן און דאָ ליגט אויך באַהאַלטן אַ רמז אויף דער שווערער פראַגע וואָס וועקט זיך ביי אונדז איצט.

די פּראָבלעמען פון געלט און מענטשן זיינען נישט מחוץ אונדזערע מעגלעכקייטן. די נויטיקע ריזיקע מיטלען וועט וואַרשיינלעך געבן דאָס פאָלק, וואָס שייך די מענטשן, וועלכע זיינען אונדז נויטיק פאַר דער אָנפירונג מיט דער גרויסער, פאַרצווייגטער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, וועלן מיר זיי אויך געפינען, ווען אפילו זיי וועלן צוליב דעם דאַרפן פאַרלאָזן אימפּאָנירנדיקע פּאָזיציעס אין דער גרויסער וועלט. עס בלייבט דאָן דער דריטער פּונקט, פאַר אונדז דער וויכטיקסטער: ד י ס צ י פּ ל י ן. דאָ שטעלט זיך פאַר אונדז אַן אייגנאַרטיקע פראַגע: צי וועלן מיר קענען אויסהאַלטן אַ זעלבסט־דיסציפּלין? וועלן מיר עס ק ע נ ע ן אין דער גרויסער תקופה פון דער נאַציאָנאַלער היים וואָס איז בכוח אונדז אַרויסצונעמען פון ענגע וועגן און אַרויספירן אויפן ברייטן שליאַך? וועלן מיר קענען אָפּהיטן דעם רעאַלן חוש וואָס האָט זיך ביי אונדז די לעצטע יאָרן אַנטוויקלט? אָפּהיטן די מאָס אין האַרמאָניע אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער לעבן און אַרבעט אין לאַנד?

וועלן מיר קענען באַגרייפן, אַז די אָנקומענדיקע תקופה דאַרפן מיר אויפנעמען נישט ווי אַ ר ע וו אָ ל ו צ י ע, נישט ווי אַ נייע איבערראַשונג פון די ווערטן, נאָר ווי אַ ן ע ק ס פּ אַ נ ס י ע, ווי אַן אַנטפּלעקונג פון גרויסע מעגלעכקייטן פאַרן עיקר־ציל אונדזערן?

עס וועלן קומען טעג ווען די וועגן פון ציון וועלן מער נישט זיין טרויעריקע. עס וועט זיין: אַ סך ערד, גרויסער האַנדל, מאַסן־עליה, און איבערהויפּט — אַ שנעלער אויפבלי פון שטעט, גרויסער וווּקס פון עלעקטרישער קראַפט און דאַמף־קראַפט. וועלן זיך יידן ווידער ציען „מאַכן אַ לעבן". פרעגט זיך: וועלן מיר באַווייזן, וועלן מיר קענען אַוועקשטעלן אין צענטער פון אונדזער באַוועגונג די גרונט־אידיי אונדזערע — די אויפלעבונג פון פאָלק און זיין באַנייאונג אין אַרבעט, אין זעלבסטשטענדיקער שאַפונג? וועלן מיר קענען קאָנצענטרירן די נייע כוחות אַרום דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין און נייער סאָציאַלער דיסציפּלין? וועלן מיר באַווייזן נישט צומישט צו ווערן, נישט געפאַנגען צו ווערן פון אַריבערגייענדיקע אילוזיעס, נאָר פאַרנעמען זיך מיט פלעגן עלעמענטאַרע כוחות, וועלכע זיינען נויטיק פאַר אַ געזונטן קיום און פאַר זעלבסט־פאַרטיידיקונג? וועלן מיר קענען אויך ווייטער לעבן מיטן באַוווסטזיין, אַז נישט מיטאַמאָל, נישט מיטן אויפבינדן אַזאַ מין גאָרדוס־קנופּ, קען מען אויסהיילן גלותדיק־פּאָליטישע שוואַכקייט און אַז מיר

טאָרן אויף קיין רגע נישט איבעררייסן דעם פּאַמעלעכדיקן, אָבער זיכערן פּראָצעס פון אויסבילדן אַ נייעם יידישן מענטש?

דערווייל ווייסן מיר גאָר ווינציק. מיר ווילן ישועות און נחמות און עס זעט אויס ווי זיי האַלטן ביים קומען. מיר ווייסן אָבער נישט ווי אַזוי עס וועלן זיך ביי אונדז קיימלען די געשעענישן איידער מיר וועלן קומען צו אַ קלאָרן פּונקט. און אַז מיר וועלן שוין קומען — וועלן מיר זיין בלויז אַ קליין רעדעלע אין אַ גרויסער מאַשין וואָס מיר ווייסן נאָך נישט מיט וואָס פאַר אַ טעמפּאָ עס וועט זיך דרייען דאָס רעדעלע, אָדער דאַרף זיך דרייען. דאַרפן מיר דעריבער זיין ווי יענער שיפער וואָס ציט אַרויף זיין זעגל אין דעם געהעריקן מאָמענט ווען דער ווינט הויבט אָן צו בלאָזן און וועלכער האָט אויך גענוג מוט צו נעמען די רודערס אין האַנט אַריין און ווייטער פירן דאָס שיפל צום ציל צו.

וועלן מיר קענען? די פראַגע קומט נישט פון צווייפל, צי פון שוואַכן גלויבן, אָבער אויך אין דער יום־טובדיקער שטימונג, וואָס נעמט אונדז איצט אַרום, דאַרף מען זי שטעלן ווי אַ וואָרענונג און ווי אַ רוף אונטערצוגאַרטלען זיך פאַרן גרויסן מאָרגן.

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז די „נאַציאָנאַלע היים" וועט געבויט ווערן נאָר מיט זעלבסטשטענדיקער שאַפונג, וואָס וועט זיך באַזירן אויף אַ נייער, גערעכטער יידישער געזעלשאַפט. אויף דער גרענעץ צווישן חלום אוןווירקלעכקייט וועט די פראַגע „צי וועלן מיר קענען?" באַשטימען די ריכטונג פון אונדזער אַרבעט.

אונדזער גרעסטע פּאַטענץ ליגט אין אונדז אַליין, אין אונדזער באַוווסטזיין און אין דער פאָדערונג וואָס מיר שטעלן צו זיך אַליין: באַנען, אַ וועג פאַר דער אויפלעבונג פון ד ע ם פ אָ ל ק א י ן א ר ץ ־ י ש ר א ל —דורך אַ ר ב ע ט.

---

# די שליחים פון ציוניזם

געדרוקט אין „הארץ והעבודה", ב—ג, אייר—
סיון, תרע"ח—1918.

מיט אַ סך פריינטשאַפט איז צו אונדז געקומען די ציוניסטישע דעלעגאַציע און אונדזער קבלת־פּנים פאַר איר איז אויך געווען ביז גאָר אַ פריינטלעכער. מיר האָבן איר אונטערגעטראָגן אַ געשאַנק און אויפגעשטעלט פאַר איר ערן־טויערן. זיי זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן נישט בלויז פאַר די דעלעגאַטן פון לאָנדאָן, נאָר, סימבאָליש פאַר הערצלען, פאַר באַזעל, פאַרן ציוניזם. דאָס זיינען געווען ערן־טויערן פאַרן טרוים, דעם טרוים פון צוריק אויפשטעלן די „סוכת דוד הנופלת".

יאָ, מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן יום־טוב. אייגנטלעך האָט ער זיך נאָך נישט געענדיקט, אָבער אָט, אָט הייבן זיך שוין אָן די וואָכעדיקע טעג — טעג פון ערנסטער פּראַקטישער אַרבעט.

און אויפן שוועל פון די פּראַקטישע טעג וואָלט גלייך געווען עפּעס צו זאָגן אי צו זיך אַליין, אי צו דער ציוניסטישער דעלעגאַציע.

צו זיך אַליין: ביז איצט פלעגן מיר נאָכמאַכן דעם טיפּישן ארץ־ישראלדיקן דיליזשאַנס: מען שאָקלט זיך, מען מאַטערט זיך, מען פאַר־האַלט זיך, מען פאַרשפּעטיקט זיך און מען קומט צום ציל. אַזוי פלעגן מיר ביז איצט מאַכן אונדזער וועג.

אָבער אָט איז אין „איינעם אַ לויטערן טאָג — באמת אַ לויטערן — געקומען צו אונדז פון דער ווייטנס אַ פּרעכטיקער אויטאָמאָביל וואָס האָט אויף זיך געטראָגן אַ העברעאישע אויפשריפט: „ועד הצירים לארץ־ישראל".*)

ווי אַ סימבאָל פון דער נייער תקופה איז ביי אונדז דערשינען דער דאָ־זיקער אויטאָמאָביל. דער רושם איז געווען אַ שטאַרקער, אָבער נאָך מער — דער קאָנטראַסט. דער דאָזיקער מעכאַנישער וואָגן איז געקומען נישט נאָר אַלס קעגנזאַץ צום אַמאָליקן דיליזשאַנס (די פערד האָט מען ביי אונדז דער־ווייל רעקוויזירט פאַר די טערקישע רעגירונגס־אַרבעטן), נאָר אויך צו יענעם נעבעכדיקן אייזעלע צו וועלכן אונדזער קליין וועגעלע איז געווען צוגעשפּאַנט אין די לעצטע קריזיס־צייטן...

דער נייער אויטאָמאָביל האָט נאַטירלעך פאַרכאַפּט אונדזער פאַנטאַזיע און וואָס מיר טראַכטן און ווילן פון היינט אָן און ווייטער איז: אַלץ צו פירן איינציק און אַליין מיטן דאָזיקן שנעלן מאָטאָר־וואָגן.

נו, וועלן מיר ווירקלעך אין דעם דאָזיקן שנעלן וואָגן דורכמאַכן אונ־דזער גאַנצן וועג?

דער נייער וואָגן קען זיך באַוועגן בלויז איבער אַ געפּלאַסטערטן שאָ־סיי. אָבער ביי די זייטן פון דעם ברייטן שליאַך שלענגלען זיך שמאָלע, נישט־אויסגעטראָטענע, שטעגן. און עס טרעפט, אַז צווישן אונדזערע יידישע — געשאַפענע און נאָך נישט־געשאַפענע — סטאַנציעס זעט זיך דער שאָסיי אינ־גאַנצן נישט אַרויס... און זאַמדן זיינען אַרום און אַרום, און שטיינער, שטיי־נער אָנגעוואָרפן אויפן וועג...

און צוריק: די צייט שטויסט, מען קען נישט אָפּלייגן און מען דאַרף לאָזן שנעלע וואָגנס לויפן איבער אַלע וועגן אין ישוב. טאָ לאָמיר נישט פאַר־שפּעטיקן, לאָמיר שנעל ווי מעגלעך נעמען באַנען וועגן. לאָמיר אָרגאַניזירן אונדזערע גדודי־עבודה (אַרבעטס־בריגאַדעס), מאָביליזירן אַלע כוחות, זאַמ־לען פּרייוויליקע. און געבענטשט זאָלן זיין די אַלע אין גלות וואָס גרייטן זיך

*) דער דעלעגאַטן־קאָמיטעט פאַר ארץ־ישראל.

צו עליה, די אַלע וואָס זעען איין, אַז אַ ר ב ע ט, טאַקע ממש אַרבעט אין ארץ־ישראל, איז פאַר אונדז אויך איצט אַן ערן־קאַמף.

לאָמיר אַלעמען רופן און אַלץ טאָן. נישט מער: ביז מיר וועלן אויפ־ריכטן ברייטע וועגן און קליינע שטעגן, לאָמיר נישט נעגירן די פשוטע אַר־בעטער־וואָגנס; ביז מיר וועלן אויספלאַסטערן פעסטע, זיכערע שאָסייען, קע־נען מיר נאָך דערווייל דורכמאַכן אונדזער וועג אין דעם פשוטן וואָגן.

וואָס קלאָרער מיר וועלן דאָס אַלץ זען פאָרויס אַלץ ווייניקער אָרט וועט בלייבן פאַר עווענטועלע אַנטוישונגען. מיר דאַרפן טאָן אַלץ וואָס ס'איז אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן, אָבער אָן איבערטרייבונגען...

איבער אונדזער לאַנד זיינען צעוואָרפן בערג און פעלזן. איז וויל די מו־טיקע וואָס וועלן אויך איצט וואַגן צ ו קל ע ט ע ר ן אויף די בערג און דערגרייכן זייערע שפּיצן.

און איצט צו די מיטגלידער פון דער ציוניסטישער דעלעגאַציע:

מיר לעבן דאָ איצט איבער טעג אויסשליסלעכע, אומגעוויינלעכע, כמעט גליקלעכע משיח־טעג. מיר זיינען געשפּאַנט צו הערן יעדן וואָרט און יעדעס וואָרט קלינגט ווי אַ גרויסע הבטחה פאַר אַ יום־טובדיקן מאָרגן, יעדעס וואָרט ווערט פאַרנומען ווי אַ שופר־בלאָז.

אָבער אַזעלכע שטימונגען קענען מיר זיך דערלויבן נאָר אין די געצייל־טע יום־טוב־טעג. און איצט לאָמיר מאַכן די ברכה „המבדיל בין קודש לחול". אין די וו אָ כ ן ־ טעג דאַרף זיין אַ מ אָ ס פאַר יעדן געדאַנק וואָס קאָנ־צענטרירט זיך אויף די פּרטים פון סיסטעמאַטישער וואָכן־אַרבעט. לאָמיר זיך נישט שרעקן פאַר אונטערהאַקן די פליגלען — דאָס האַרץ איז ביי אונדז וואַ־כעדיק.

דערווייל גיט אונדז יעדער קלאַפּ פון אַ גראָבאייזן, יעדע נייע פאַראַקע־רונג, יעדע מינדסטע שאַפונג, קראַפט און האַלטונג, ווי אויך שטאַנדהאַפטי־קייט אין ברענגען צום אויסדרוק אונדזער ווילן און אונדזער גרויסע נאַציאָ־נאַלע אידעע.

אין די וואָכן־טעג זאָל די דעלעגאַציע שטיין פעסט אויפן גרונט פון פּראַקטישער אַרבעט.

**
*

דאָס לאַנד איז דורשטיק נאָך פּראַקטישער אַרבעט, נאָך טאָטן!

דער מינדסטער טאַט, אויב ער איז נאָר אַ רעאַלער און איז דורכגע־זאַפּט מיטן גייסט פון שעפערישער באַנייאונג, שטאַרקט די הענט, דער־מעגלעכט אויסדויער און געדולד, באַרעכטיקט די גרויסע האָפענונג.

די טיש־קעסטלעך פון דער דעלעגאַציע זיינען שוין זיכער איבערפולט מיט דערקלערונגען און מעמאָראַנדומס. יעדע גרופּע האָט שוין זיכער גע־זאָגט דאָס איריקע. אויך מיר, פון אונדזער זייט, האָבן שוין אַלץ געזאָגט.

מיר האָבן געזאָגט, אַז „ערד" און „אַרבעט" זיינען שטענדיק — און באַזונדערס איצט — אונדזערע צוויי צוויבער־ווערטער, דער לעבנס־סוד פון דעם ישוב. מיר האָבן אויך געזאָגט, אַז די קאָלאָניזאַציע־סיסטעם אויף ווייטער דאַרף זיין: אַן אַליין־אַרבעטנדיקער ישוב אויף נאַציאָנאַלן באָדן. דאָס וועט פאַרזיכערן דאָס לאַנד פאַרן יידישן פאָלק און וועט לייזן דאָס עקאָנאָמישע פּראָבלעם פון די פאָלקס־מאַסן. אויף דעם וועג וועלן באַפרידיקט ווערן די פאָדערונגען פון גערעכטיקייט און די זיכערקייט פון דעם יחיד אין דעם נייעם לעבנססשטייגער. אויף דעם אופן וועט אויסגעלייזט ווערן די יידישע נשמה און עס וועט אַנטשטיין אַ ניי יידיש פאָלק, אַ שעפעריש און גערעכט פאָלק. אין דעם דאָזיקן סיסטעם ליגט אפשר אויך דער ריכטיקער יסוד און דער אָנהויב פון אַ לייזונג פאַרן פּראָבלעם פון גוטע באַציאונגען מיט אונדזערע שכנים אין לאַנד. אויב עס וועט זיין אַן אַליין־אַרבעטנדיקער ישוב, אויב מענטשן וועלן מיט גוטע מאָדערנע מיטלען באַאַרבעטן דעם שטח ערד וואָס איז נויטיק פאַר זייער אויסהאַלטונג, וועט זיין געגנוג פּלאַץ פאַר אַלעמען, און דער אַראַבישער פעלאַך — איבערן קאָפּ פון דעם אַראַבישן עקספּלואַטאַטאָר — וועט קענען אויסציען זיין האַנט צום יידישן אַרבעטער.

לאָמיר דאָ עפּעס פאַרצייכענען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט: מיט 14־15 יאָר צוריק איז דערשינען אין לאַנד דער יונגער חלוץ וואָס האָט מיטגעבראַכט דעם ציוניזם און צוריקגעקערט דעם גוססדיקן ישוב זיין נאַציאָנאַלע נשמה. אָנגעהויבן האָט דער חלוץ זיין וועג גאַנץ אוטאָפּיסטיש: נאָר דער גראָבאַייזן; בלויז אין פּתח־תקוה און רחובות; און דווקא פאַר זיבן פּיאַסטער אַ טאָג. און אָט אַזוי האָט זיך פון „כיבוש העבודה" ביז צו דגניה און ביז צום געדאַנק פון אַ מוסטערהאַפטן מושב־עובדים געצויגן אַ לאַנגע קייט פון אוטאָפּיעס. אָבער יעדע נייע אוטאָפּיע האָט צוגעגעבן אַ נייעם רעאַלן שטריך צום בנין פון אונדזער לעבן און צום וועג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. עס זעט אויס, אַז די אוטאָפּיסטישע באַוועגונג האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן. יעדער קלאַפּ מיטן גראָבאַייזן אין פּתח־תקוה האָט געשלאָגן כוואַליעס אין ציוניזם, ביז צום אָנזאָגן דאָס אָנקומען פון דער נאָענטסטער כוואַליע, דער באַפרייענדיקער.

די ציוניסטישע השגחה האָט געבענטשט אירע דינער מיטן גרויסן טאַלאַנט פון קענען צוהערן זיך, פון קענען פאַרנעמען דעם קול פון שאַפונג, דעם קול פון יעדער וועג־באַנייערישע התחלה וואָס קומט פון יעדער נייער אוטאָפּיע. אָט אַזוי אַרום, מיטן כוח פון דער פאָדערונג פון געציילטע: „נאָר אַרבעט", „נאָר העברעאיש", נאָר „אינערלעכע זעלבסט־דיסציפּלין" אאַז"וו, איז אַנטשטאַנען אונדזער גרויסע באַוועגונג און האָט אויפגעלעבט דער ציוניזם.

# אַ מאָדנע מיטטיילונג

(געדרוקט אין „הפועל הצעיר", ט' אייר תרי"ט — 1919).

פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט איז די טעג אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז „דער אַקציאָנס־קאָמיטעט באַשטעטיקט נישט אויף די נאָענטסטע זעקס מאָנאַטן דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן בודזשעט, וועלכער איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן צוזאַמען מיט די איבעריקע בודזשעטן פאַר ארץ־ישראל". דער דאָזיקער בודזשעט איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אין אָנהייב פון הייניקן יאָר. אין דער פולער זיכערקייט, אַז דער בודזשעט וועט באַשטעטיקט ווערן האָט מען אָנגעהויבן ס'רוב אַרבעטן, וועלכע ווערן אָנגעמערקט אין בודזשעט־פּראָיעקט און וואָס אויף זיי באַזירט זיך די היי־יאָריקע לאַנדווירטשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דער מאָדנער באַשלוס פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט אונדז גוואַלדיק איבערראַשט און האָט שווער געטראָפן אין אונדזערע ציוניסטיש־קאָלאָניזאַטאָרישע אָנשויאונגען. מער ווי ער האָט אונדז דענערווירט, האָט דער באַשלוס אַרויסגערופן אַ טיפע זאָרג פאַרן צוקונפטיקן וועג און עווענטועלן אַרבעטס־סיסטעם פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ווי באַקאַנט איז אין די קריזיס־טעג נישט מעגלעך געווען אַוועלכע ס'איז קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעט, אַוועלכע ס'איז שאַפונג. אָבער אַפילו אין יענע פינצטערע טעג האָבן די ציוניסטישע מנהיגים געפונען וועגן, וויאַזוי צו שטאַרקן דעם ישוב און געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אָפּצוהיטן דאָס פאַראַנענע, דאָס געשאַפענע. אין די דאָזיקע אָנשטרענגונגען האָט די ציוניסטישע לייטונג אַרויסגעוויזן אַ האַרציקע באַציאונג. טראָץ אַלע לאָקאַלע שטערונגען האָבן זיי אויסגענוצט פאַרשידענע איינפלוסן און הויך־אָפיציעלע פאַרבינדונגען כדי נישט צו לאָזן איבערצורייסן די לעבנס־נערוון אין אונדזער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין לאַנד.

ווי געזאָגט האָט מען דאַן קיין סך נישט געקענט אויפטאָן אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע. אָבער „אָפּהיטן דאָס פאַראַנענע" האָט פּאַקטיש באַדייט אָפּהיטן די שאַפונגס־קוואַלן אין ישוב. און אויב דער דאָזיקער ציל איז צוליבן מלחמה־רעזשים און צוליב מאַנגל אין מיטלען נישט אינגאַנצן דערגרייכט געוואָרן, זיינען אָבער די גוטע כוונות אַליין, די פּערמאַנענטע אָנשטרענגונגען און, איבערהויפּט, דער פּרינציפּיעלער צוגאַנג צו די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער לאַנדווירטשאַפט, גענוג געווען כדי די ציוניסטישע עקזעקוטיווע זאָל געניסן פון צוטרוי און סימפּאַטיע מצד אַלע ציוניסטישע שעפערישע עלעמענטן אין לאַנד. אגב, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז אַפילו דאַן זיינען געמאַכט געוואָרן נייע התחלות. מיט די מיטלען וואָס זיינען אַסיגנירט געוואָרן פאַר עפנטלעכע אַרבעטן האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט איבערן לאַנד דער

גרינציייג־צווייג, און מיר האָבן אויף דעם געביט באַקומען אַ סך ספּעציאַליסטן וועמענס ווערט פאַר דער צוקונפטיקער קאָלאָניזאַציע ס׳איז אומגעהויער.

נאָך דער בריטישער אָקופּאַציע האָט זיך נאָטירלעך דערוועקט די פאָדערונג צו אַנטוויקלען אַ לעבעדיקע און רעגענערירנדיקע לאַנדווירטשאַפט. מיטן דערפילן די דאָזיקע פאָדערונג וואָלט די ציוניסטישע באַוועגונג דעמאָנסטרירט די טיפקייט און אויטענטישקייט פון דעם ציוניסטישן ווילן. האָבן מיר נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן די פאָדערונג טאָג און נאַכט. ס׳זיינען שוין געווען מאָמענטן ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די פאָדערונג איז אַקצעפּטירט געוואָרן. אָבער טעג זיינען געקומען און טעג זיינען אַוועקגעגאַנגען און די הבטחות בלייבן אַלץ הבטחות. קיין טאַטן זעט מען אַפילו אין דער ווייטער פּערספּעקטיוו נישט...

די לאַגע ווערט דערווייל אַלץ שווערער: נאָך דער באַפרייאונג פון דעם גליל און נאָך דעם ווי אַ סך פון די מלחמה־פאַרשיקטע האָבן זיך צוריקגעקערט האָבן זיך פאַרמערט די אַרבעטסלאָזע און עס זיינען שטאַרק נייטיק געוואָרן מערערע עפנטלעכע אַרבעטן. ביז וואָס ווען האָבן זיך אין ישוב פאַרשפּרייט אומפּראָדוקטיווע פּרנסה־צווייגן וואָס זעען אויס ווי אַן איינציקער שרייענדיקער עקספּאָנאַט פון אונדזער גיי לעבן... נאָך אַ ווײַלע וועלן זיי אינגאַנצן פאַרטונקלען אונדזער רעשט ביסל פּראַכט און וועלן אומוואַרפן אונזערע פּראָדוקטיווע יסודות אין לאַנד.

און אָט זיינען זיך ציוניסטישע שליחים פון פאַרשידענע לענדער צונויפגעקומען אויף דער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן. צווישן אַנדערן איז אויף דער קאָנפערענץ צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן דער גרויסער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט — דער געזעצלעך־רעפּרעזענטאַטיווער אָרגאַן פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג. מיר האָבן זיך זייער געפרייט מיט דער דאָזיקער ידיעה וואָס נאָך דעם לאַנג־דויערנדיקן פּאַראַליז אין די מלחמה־טעג האָט זי פאַר אונדז געדינט אַלס ערשטע בשורה וועגן באַנייען די גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיטן באַנייען די גאַנצקייט האָבן מיר אויך פאַרבונדן די האָפענונג, אַז עס וועט באַנייט ווערן די פאַרשטענדעניש פאַר דער פּראַקטישער אַרבעט אין ישוב.

נו, האַלטן מיר שוין נאָך דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ און נאָך דער רעסטאַוראַציע פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און דערווייל איז אַלץ געבליבן ווי פריער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די באַנייטע טעטיקייט הייבט זיך אָן — אויף אַ פאַטאַלן אופן — דווקא פון דער נעגאַטיווער זייט. קודם־כל זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן וואָרענונגען קעגן עמיגראַציע און פאָדערונגען זי צו פאַרהאַלטן און אָפּשטעלן. אונדזער פאָדערונג צו פירן אַ ברייטע קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט ווערט אָפּגעלייגט און אַוועקגערוקט פון דער טאָגאָרדענונג און מיר האַלטן שוין דערביי, אַז אַפילו די פאַרגעשלאָגענע קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקטן וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן דער עקזעקוטיווע צום

באַשטעטיקן און וואָס זייער פאַרווירקלעכונג האָט זיך שוין בעצם אָנגעהויבן זיינען פּלוצים אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

מיר ווייסן נישט וואָס ווירקט און וואָס דעצידירט אין דער דאָזיקער באַציאונג צו פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל: אויסערלעכע באַדינגונגען, צי מאַנגל אין געלט־מיטלען, אָדער די לעצטנס פאַרשטאַרקטע קריטיק קעגן דער יונגער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט.

דאַקעגן ווייסן מיר יאָ וואָס עס זאָגן אונדז אונדזער ציוניסטישער באַוווסטזיין און דאָס אַרבעטס־לעבן אין לאַנד. מיר ווייסן, אַז יעדע נייע גרופּע פון געזונטע יונגעלייט וואָס קומט אַריין אין לאַנד שטאַרקט דעם ישוב און בלאָזט אין אים אַריין פרישע לעבן; יעדע נייע שאַפונג אויפן געביט פון לאַנד־ווירטשאַפט קרעפטיקט דעם קערפּער פון ישוב, פאַרגרעסערט זיין אָפּטימיזם און ווירקט פיל מער פון אַלע דיבורים וועגן דיסציפּלין און אויסדויער. אויך ווייסן מיר, אַז אַן איבעררייס, אָדער אָפּשוואַכונג אין דער קאָלאָניזאַציע איז גלייך צו אַן איבעררייס אין דער האַרץ־טעטיקייט ביי אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם. ביז מיר וועלן מיט אַזעלכע מעטאָדן ברענגען די נחמה וועט אויסגיין די ציוניסטישע נשמה...

און דאָס וואָס מיר ווייסן דאָ דאַרפן אויך וויסן די ציוניסטישע מנהיגים און די ציוניסטישע וואָרט־זאָגער. און אויב זיי וועלן דאָס וויסן און געדענקען וועלן זיי באַזייטיקן די אויסערלעכע שטערונגען און וועלן אויך אַנטדעקן די קוואַלן פון מאַטעריעלע מיטלען.

מיר ווייסן נאָך נישט די אמתע סיבות און דעם ריכטיקן טייטש פון דעם אויבנגעבראַכטן באַשלוס פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. אָבער עס געניגט אונדז די בלויזע פאָרמולירונג פון דעם באַשלוס, כדי צו באַטראַכטן אים ווי אַ אומפאָרזיכטיקן, אומפּאַסיקן און אוממעגלעכן. די דאָזיקע פאָרמולירונג קען ביי אונדז אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט, אַז עס שאַפט זיך אַ נייע, אום־געזונטע סיסטעם. דאַרפן מיר באַצייטנס וואָרענען און מאָנען קלאָרקייט, ווי אויך פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָט־אָ דאָס טוען מיר טאַקע דאָ. און זאָל קלאָר זיין, אַז אַלע די פון אונדז וועלכע האָבן געקענט פאַנאַטיש קעמפן פאַר דער ציוניסטישער העגעמאָניע, סיי אין די ענינים פון ישוב אין לאַנד און סיי אין די נאַציאָנאַלע ענינים אין גלות וועלן נאָך מיט מער פאַנאַטיזם וואַכן איבער דער העגעמאָניע פון דער רעאַלער ציוניסטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל, די אַרבעט וואָס דאַרף געמאַכט ווערן אין אַלע באַדינגונגען און אומשטענדן.

יוסף שפרינצאק

# אויפן פאָליטישן פראָנט

(אַ בריוו פון לאָנדאָן; געדרוקט אין „הפועל הצעיר" פון י' כסלו תר"ב — דעצעמבער 1919).

...כ'האָב ווידער זוכה געווען צו פייערן דעם צווייטן נאָוועמבער. דאָס מאָל נישט ביי אונדז אין לאַנד, נאָר אין לאָנדאָן. ס' איז דאָ פאָרוואָלקנט און פאַרנעפּלט — אויסערלעך און אינערלעך...

די פייערלעכקייט האָט זיך דאָ באַגרענעצט צו אַ „גראַנדיעזן" מיטינג. מאַסן האָבן נישט געשטראָמט און מען האָט זיך נישט געדאַרפט „שטופּן". דער גרויסער אָפּערע־זאַל האָט נישט געברויזט מיט יום־טובדיקער שטימונג, די הערצער האָבן זיך נישט אויפגערעגט, די אויגן האָבן זיך נישט צעפלאַקערט...

זייער סימפּאַטיש — לויטן אינהאַלט און פאָרם פון זיין רעדע — איז געווען דזשעמס ראָטשילד, דער פאָרזיצער. ראָטשילד האָט איבערראַשט דעם עולם מיט זיין רעדן העברעאיש אויף דער טריבונע פון דער ענגלישער אָפּערע. יעדנפאַלס, מיך פּערזענלעך האָט דאָס האַרציק איבערראַשט. אין אַזאַ סביבה איז אָנגענעם געווען צו הערן פון אַזאַ מענטש דעם קלאַנג פון זיין קורצער רעדע אין העברעאיש און מיטן ארץ־ישראלדיקן אַקצענט. עס איז אויך אָנגענעם געווען צו אָבסערווירן דעם עפעקט פון דער רעדע אויף די פאַרזאַמלטע. ראָטשילד האָט אַרויסגערופן ענטוזיאַזם און שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, אַזוי ווייט, אַז נחום סאָקאָלאָוו האָט זיך געמוזט אַנטשולדיקן פאַר רעדן ענגליש בעת ראָטשילד האָט גערעדט העברעאיש.

דערנאָך זיינען געקומען רעדעס פון „אונדזעריקע", רעדעס אין וועלכע ס'האָט געפעלט טעמפּעראַמענט, פעסטקייט, אויסדרוק פון ווייטיק פאַר דער היינטיקער ווירקלעכקייט און גלאַנץ פון מאָלערישער וויזיע.

דווקא הערבערט סעמיועל, דער גאַסט אין ציוניזם, האָט געהאַלטן אַן אָנגענעמע „ציוניסטישע" רעדע מיט אַביסל סענטימענטן פון שיבת־ציון־טרוים און מיט דער האָפענונג פון אַ ניי לעבן פאַרן פאָלק ישראל.

נישט גערירט האָבן מיך די פאָרגעלייענטע בריוו פון הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן וואָס זייער צוועק איז געווען צו שטאַרקן אין אונדז דעם צוטרוי און דעם בטחון און צו דעקלאַרירן, אַז עס האָט זיך נישט געענדערט די פּאָזיטיווע באַציאונג צו אונדז אאז"וו. עס האַנדלט זיך דען סתם וועגן צוטרוי? די דאָזיקע פראַגע שטייט בכלל נישט אויף אונדזער טאָג־אָרדענונג און מיר דאַרפן זי נישט דיסקוטירן. מיר האָבן אַ געחתמעטן וועקסל; די חתימה וועט פאַר אונדז שטענדיק זיין אַ גילטיקע, אַ נישט־געפעלשטע און מיר וועלן נישט אויפהערן צו פאָדערן דעקונג, פולשטענדיקע דעקונג.

נישט קיין פראַגע פון „צוטרוי און בטחון" שטייט דאָ פאַר אונדז, נאָר אַ פראַגע אַ גאַנץ אַנדערע: טויזנטער און צענדליקער טויזנטער פון אונדזער

פאָלק זיינען פאַרמשפּט צו פאַרניכטונג און קיין אויסוועג איז נישטאָ און די ארץ־ישראלדיקע „טויערן פון רחמים" זיינען נאָך אַלץ פאַרשלאָסן פאַר זיי.

אונדזערע כוחות, וועלכע מיר האָבן אַזוי אָפּגעהיט, וועלכע מיר האָבן געפלעגט מיט פּראַצע און אומענדלעכן אומעט גייען אויס פון גאָרנישט טאָן. יעדער טריט וואָס מיר מאַכן איצט אין ארץ־ישראל דאַרף באַפּרוכפּערן, באַ־פרייען. איז אָבער קיין וועג נישטאָ.

פאָדערן מיר: גיט אונדז ב אַ ל ד אַן אויסוועג! הייבט שוין אָן צו צאָלן דעם וועקסל! שוין — ווייל פּראָלאָנגירן קענען מיר נישט.

האָב איך זיך נישט באַגייסטערט און נישט דערמוטיקט ווען מען האָט געלייענט די בריוו וואָס „אָקצעפּטירן" און פאַרשטאַרקן. אַ דערשלאָגענער און פאַרוויטיקטער בין איך געזעסן אין טעאַטער־זאַל און צוגעהערט זיך צום גע־זאַנג פון א ו נ ד ז ע ר „אָפּערע", וואָס איז דאָסמאָל געווען אַזוי אומגע־לונגען. אויף דער טריבונע זיינען געזעסן אונדזערע מענטשן — הויפּט־סאָ־ליסטן אין אונדזער אַמאָליקן ציוניסטישן געזאַנג און אין זייערע פּנימער זיי־נען געווען טיף איינגעקריצט צייכנס פון מידקייט פון דער ציוניסטישער טע־טיקייט אין אירע משונהדיקע, קאַליידאָסקאָפּישע באַדינגונגען, צייכנס פון אָנמעכטיקייט דווקא אין אַ צייט ווען קעגנאיבער אונדזער חורבן אין די גלות־לענדער זיינען אונדז אַזוי נייטיק מעכטיקע כוחות. איז נישט קיין וווּנדער וואָס די מעלאָדיע פון דער „נייער ציוניסטישער וויזיע", לויט דער דעפיניציע פון „דיילי ניוס", איז געהערט געוואָרן דווקא פון הערבערט סעמיועלן — דער נייער פּערזענלעכקייט אין ציוניזם.

אויפן דאָזיקן אומעטיקן פאָן פון דער פייערונג פון צווייטן נאָוועמבער אין לאָנדאָן האָט וואַרשיינלעך געפעלט די פּערזענלעכקייט פון חיים וויצמאַן — דער מאַן פון גייסטיקער אימפּראָוויזאַציע וואָס באַגייסטערט דעם עולם מיט זיין וויזיע און בענקעניש, בענקענישן פון איינעם וואָס האָט געשאַפן אַ ווערק און איז זייער אייפערזיכטיק אין באַצוג צו זיין שאַפונג און איר פאָרם.

...די פאַרזאַמלטע זיינען זיך צעגאַנגען גאָר רואיק, גלייך ווי זיי וואָלטן אָפּגעטאָן „אַ מצווה"...

יוסף שפּרינצאַק

# אין קלעם

(אַ בריוו פון לאָנדאָן; געדרוקט אין „הפועל הצעיר", פון ג' חשוון תר"פ — 27סטער אָקטאָבער 1919).

...דאָס יידנטום שטייט פאַר זייער אַ שווערן קריזיס. ווי אַן עפּידעמיע פאַרשפּרייט זיך די פּאָגראָם־כוואַליע איבער אַלע לענדער. אויך אין אונגאַרן, בעהמען און דייטשלאַנד פילט זיך אַ דירעקטע פּאָגראָם־שטימונג. עס באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַז די עפּידעמיע וועט אָנשטעקן אַלע קריסטלעכע לענדער. די מלחמה האָט געטאָן דאָס איריקע: חרוב געמאַכט, פאַרביטערט דאָס לעבן, פאַרשטאַרקט און צערייצט שלעכטע אינסטינקטן, אומעטום הערשט אומצופרידנקייט. רייסן זיך די אינסטינקטן, זוכן אַן אויסגאַנג און גיסן זיך אויס אויף יידישע קעפּ.

עס הערשט אַ שווערער געמיט ביי יידן. די מאַסן ווילן מוזן עמיגרירן און ארץ־ישראל וועט, וואַרשיינלעך, נישט קענען באַפרידיקן די באַדערפעניש. אַלע פעלקער, אַפילו פאַרשקלאַפטע, האָבן אייגענע ערד, וועלכע זיי קענען באַאַרבעטן און זיך שפּייזן. מיר אָבער, אויב מיר פאַרמאָגן עפּעס, איז עס געלט און געלט האָט איצט פאַרלאָרן דעם ווערט אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד און פּוילן. אויך דאָס געלט פון אונדזערע גבירים אין די גלות־לענדער איז נישט מער ווי אַ פיקציע.

די גרויסע עמיגראַציע וואָס קלאַפּט אין אַלע טירן, ווי בכלל דער מאַטעריעלער חורבן פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, שוואַכן אָפּ די הענט, פאַרהאַלטן די ענערגיע, צעטומלען די מוחות און זיינען עלול נישט דערלאָזן צו קאָנצענטרירן זיך אויף ציוניסטישער שעפערישער אַרבעט וועגן אַפילו אַ דערוויל באַגרענעצטער. איך זע שוין אַפילו די ערשטע סימנים פון אַ מין נייעם „אוגאַנדיזם". אמת, מען רעדט נאָך דערוויל נישט וועגן דעם, אָבער איך שפּיר שוין דאָס אַרויס פון דעם קאַמף וואָס האָט זיך לעצטנס צעפלאַקערט אַרום נאָרדוין און זאַנגווילן. מיר זיינען אַהער געקומען פאָדערן נישט צו מאַכן אונדזער ציוניסטישע אַרבעט אָפּהענגיק פון פּאָליטישע דערפאָלגן און נאָרדוי שרייבט בריוו צו פּריינט (די בריוו ווערן פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען) און באַשולדיקט די ציוניסטישע פירער אין „חיבת ציון" און צוריקצוקערן דער באַוועגונג איר קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און „כאַרקאָוו"*). מיר פאָדערן צוריקצושטעלן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

*) אין כאַרקאָוו האָבן זיך, נאָכן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, פאַרזאַמלט די רוסישע מיטגלידער פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און באַשלאָסן צו פאָדערן אולטימאַטיוו פון הערצלען, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון יעטווערן טעריטאָריאַליסטישן פּראָיעקט מחוץ ארץ־ישראל.

איז אָט פאָדערט מען דאָס אויך דאָ, אויף מיטינגען און אין דער געלער פּרע־סע פון ווייטשעפּעל, דערביי אָבער וואַרפט מען באַשולדיקונגען אויף ווייצ־מאַנען און אויף דער איצטיקער עקזעקוטיווע, וועלכע האָט אומגעזעצלעך „פאַרכאַפּט די מאַכט״. אויך פאָדערט מען דאָ צוריקצוקערן צו דער פירער־שאַפט די „פּראָמינענטע לייט״ — נאָרדוי און זאַנגוויל — ווייל אָן זיי מי־נימאַליזירט מען די ציוניסטישע פאָדערונגען.

דאָ איז געווען אַ גרויסער מיטינג לכבוד נאָרדויס יובילײ. זאַנגוויל האָט געהאַלטן „אַ בריליאַנטענע רעדע״, ווי מען דריקט זיך דאָ אויס. זיין דער־שיינונג, דער אינהאַלט פון זיין רעדע, די פאָרם — מיט אַלץ האָט ער באַ־צויבערט. מיר וואָלטן זיך אַלע געקענט אונטערשרייבן אונטער זיינע פאָדע־רונגען פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע — פאָדערונגען צו זיין „דרייס־טער״ און אַ ל ץ פאַרלאַנגען. אָבער זיין שיינע רעדע האָט אַנטהאַלטן אייניקע פאַרדעכטיקע אַלוזיעס: „מיר*) האָבן געהאַט אַ געוויסן פאָרשלאָג פאַר דער שלום־קאָנפערענץ — אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט שטערן ד״ר ווייצמאַנען אין זיין אַרבעט״. — „איר וועט זיכער מיט מיר נישט איינשטי־מען, אָבער מיין מיינונג איז, אַז אויב מיר וועלן אין ארץ־ישראל נישט דער־גרייכן דעם מאַקסימום איז גלייכער אַז מיר זאָלן צוריקגעבן אויך דאָס ווינ־ציקע און זיך אָפּזאָגן פון אַ באַגרענעצט ארץ־ישראל״. — דאָס זיינען זייער פאַרדעכטיקע רייד. יעדעס מאָל ווען דער ציוניזם געפינט זיך אין קלעם דערשיינען אַזעלכע „פּאָליטישנס״. זיי האָבן קיינמאָל נישט באַוויזן עפּעס אויפצוטאָן, אָדער לפּחות געבן אַ קלוגע פּאָליטישע עצה און דווקא זיי ריידן וועגן שמאָלע האָריזאָנטן אד״גל. מעגלעך אַז איך בין זיך טועה, אָבער אַזעל־כע דיבורים — מיין איך — דעזאָריענטירן און דעזאָרגאַניזירן.

נאָך גרעסער איז די צעפאָרעניש אין דער יוגנט־מחנה און אין אונדזערע פאַרשידענע באַוועגונגען. אָט איז נאָר־וואָס אַהערצו געקומען ד״ר קאָראַל־ניק וואָס האָט אין יולי פאַרלאָזן פּעטראָגראַד. עס איז כדאַי צוצוהערן זיך צו זיינע באַריכטן, וועלכע זענען אויס צו זיין גאַנץ אָביעקטיוו. אין די יידישע פּאַרטייען הערשט אַ פולשטענדיקע צעמישונג. יוגנטלעכע וואָס זיינען גע־ווען טריי דעם ציוניזם זיינען געוואָרן פיינט אונדזערע. דער פירער פון „בונד״ ראַפעס, דער יידישיסט, פירט איצט אַ קאַמף קעגן יידיש. מען ברעכט דאָרטן און מ׳רייסט אויס מיטן וואָרצל אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיטן בוי פון אונדזער נאַציאָנאַל לעבן. אומעטום — צעטומלטע מוחות און אומריינע הענט. מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן? ווער קען פאָרויסזען צו וואָס פאַר אַ מאָס פון כפירה, יאוש און פאַרפרעמדטקייט אַזאַ צעטומלעניש קען פירן?

שוין צוואַנציק יאָר ווי עס גייען ביי אונדז פאַרלוירן כוחות וואָס וואַקסן אַרויס פון אונדזער באַוועגונג. אָט די אַלע פּועלי־ציון, ס״ס, סיימיסטן און

*) דאָס הייסט: מיר, טעריטאָריאַליסטן.

אַז"וי האָבן אָנגעהויבן מיט גוטע כוונות — און איצט? זיי האָבן אָנגעהויבן מיט זעלבסטבאַשטימען זיך אַלס „אַ צווייג" פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג און איצט ענדיקן זיי מיט אויסרייסן די וואָרצלען פון אונדזער נאַציאָנאַלן ווערק. איך האָב מורא, אַז אויך אַ טייל פון „צעירי־ציון" וועט גיין דעם זעלבן וועג. און ווער קען אָפּשאַצן דעם גרויסן גייסטיקן קריזיס אין דער העברעאיש־באַוועגונג און אין די רייען פון אונדזער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ? אויב עס ווערן צעשטערט די יונגע עלעמענטן, ווער וועט אונדזביישטיין אין אַזאַ שרעקלעכער תקופה?

עס ווערט מיר אַלץ קלאָרער, אַז די גייסטיקע רעטונג קען און דאַרף קומען פון אונדז: „ערד און אַרבעט!" לאָמיר פּראָקלאַמירן און דעמאָנסטרירן דעם פּאָזיטיוון שעפערישן טאַט; לאָמיר אויפקלערן, אַז מיר קענען נישט זיין קיין צווייג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַז מיר דאַרפן זיך באַמיען און צופּאַסן זיך צו זיין — אַ סאָציאַליסטישע התחלה.

מיר האָבן פאַר זיך אַ גרויס נאַציאָנאַל ווערק. דאָס וואָס אונדזערע מענטשן האָבן געטאָן מיט 15 יאָר צוריק מוזן מיר טאָן פון דאָס ניי. אונדזער השפעה וועט, נאַטירלעך, קומען פון אונדזער אַרבעט אין ארץ־ישראל. אָבער מיר מוזן אויך אָנפירן אַ וויכטיקע טעטיקייט אין די גלות־לענדער. די דאָזיקע טעטיקייט דאַרף זיין אַ פּערמאַנענטע און מען דאַרף אין איר אַריינלייגן אַ סך כוחות און אויסדויער. ערשט איצט הייב איך אָן אַרויסצופילן די וויכטיקייט פון אונדזער היגער טעטיקייט. אויף וויפל עס וואַקסט די דעזאָרגאַניזאַציע אין דער טראַגישער ציוניסטישער באַוועגונג און אויף וויפל עס ווייזט זיך אַלץ מער אַרויס די צעשטערונג אין אונדזער יוגנט־מחנה — אויף אַזויפיל דאַרפן מיר פון זיך פאַריאָגן די דעפּרעסיע־שטימונגען און אויף זייער אָרט אַריינברענגען דערמונטערונג, כדי פעסטצושטעלן יסודות און פּראָיעקטן פאַר אונדזער אַרבעט.

---

## צו דער אָפּשאַצונג פון דער סיטואַציע

(אַ רעדע אויף דער קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר" אין גהלל; פאַרעפנטלעכט אין „הפועל הצעיר", נומ. 34־35, תרפ"ג — 1923).

מיר זיינען זיך צונויפגעקומען אין אַן אויסערגעוויינלעך שווערער צייט ווען מען הערט נישט אויף צו רעדן וועגן דער „גרויסער אַנטוישונג". עס דאַכט מיר, אַז ס'איז די העכסטע צייט דערצו אַ סוף צו מאַכן. כל־זמן מיר זיינען אין אונדזער טאָג־טעגלעכן דענקען געווען דורכאויס פאַרבונדן מיט די לאָזונגען פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און דער נאַציאָנאַלער היים, האָבן

מיר נאָך געמעגט רעדן וועגן דער גרויסער אַנטוישונג. ס'איז צייט איבער־צושאַצן די ווערטן און דורך דעם צו ענדערן די סיטואַציע. מיר האָבן געהאַט טענות צום פאָלק, וואָס האָט נישט געגעבן די מעגלעכקייט באַלד צו רעאַ־ליזירן די „נאַציאָנאַלע אילוזיע", האָט נישט געשפּענדעט די נייטיקע מיליאָ־נען אויף אויסצונוצן די פּאָליטישע קאָניוקטור. מיר האָבן מיט פאַרביטערונג באַשולדיקט דאָס פאָלק וואָס האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף דער פאָדערונג פון „קרן היסוד" צו זאַמלען 25 מיליאָן פונט פאַרן אויפבוי פון דעם פאָטער־לאַנד; וואָס איז איינגעשלאָפן אין דער שעת רצון ווען די טויערן פון הימל האָבן זיך געעפנט פאַר אַ געבעט. עס איז קלאָר, אַז אַ פאָלק וואָס וויל פאַר־ווירקלעכן זיינע האָפענונגען און שטרעבונגען, מוז פריער אָנזאַמלען כוחות. און אויב צו רעדן וועגן א ו נ ד ז ע ר רעאַלער כוחות־זאַמלונג — מוזן מיר זיך אַבסטראַהירן פון דער „נאַציאָנאַלער היים" און צוריקקערן זיך צו אונדזערע רעאַליטעטן, וועלכע מיר האָבן קיינמאָל נישט פאַרלאָזן און מיט וועלכע דער ציוניזם האָט די האָפענונגען נישט אַנטוישט.

ווען עס איז קיין ארץ־ישראל געקומען דער ערשטער וועד־הצירים*) — אויסגעפּוצט אין אַ פּאָליטישער דעקאָראַציע — האָבן מיר אים אונטערגע־טראָגן אַ מעמאָראַנדום אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן אַריינבריינגען אין לאַנד עטלעכע הונדערט נייע חלוצים, וועגן אויפשטעלן עטלעכע נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּונקטן און דאָס גלייכן. מיר האָבן דאַן אויסגעזען ווי פּרצעס באַנטשע שווייג אין גן־עדן וואָס אויף מער ווי אַ הייסע בולקע מיט פּוטער האָט ער קיין השגה נישט... דאָס איז געווען אין יענע וווּנדערבאַרע דעמאָנסטראַציע־טעג ווען אַזויפיל צווישן אונדז זיינען געפאַנגען געוואָרן פון דעם גלאַנץ פון דער עפּאָכע. איז אויב אַפילו אין יענע שיינענדיקע טעג האָבן מיר געקענט קומען מיט אַזעלכע באַשיידענע און רעאַלע ווונטשן — מעגן מיר נאָכן אַפּלויף פון אַזעלכע יאָרן אַוודאי האָבן אַ גאָר אַנדערע אָפּשאַצונג.

אויב מיר זאָלן אַ ז ו י, רעאַליסטיש, אָפּשאַצן די סיטואַציע, וועלן מיר מער נישט ריידן וועגן אַנטוישונגען, נאָר וועגן אַלעם דעם, וואָס שטאַרקט דעם אָפּטימיזם. אין ליכט פון דעם דערמאָנטן מעמאָראַנדום דאַרפן מיר באַטראַכטן די דערוווערבונג און קאָלאָניזירונג פון דעם נייעם באָדן אין עמק יזרעאל, ווי דעם ערשטן רעאַלן נצחון פון נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַ־ציע. און אַזוי דאַרפן מיר זען ווי אַ גרויסן נצחון דאָס אַריינקומען פון 30 טויזנט נייע עולים און דאָס אַבסאָרבירן 13 טויזנט יידן אין פּ ר אָ ד ו ק־ט י ו ו ע אַרבעטס־צווייגן.

*) נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז קיין ארץ־ישראל דעלעגירט געוואָרן אַ ציוניסטישע קאָמיסיע מיט פולמאַכטן פון אַ באַראַטונגס־אָרגאַן ביי דער בריטישער אַדמיניסטראַציע אין באַצוג צו אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט דער פאַרווירק־לעכונג פון דער „נאַציאָנאַלער היים" אין ארץ ישראל. זינט 1921 זיינען אירע פּרעראָגאַ־טיוון איבער צו דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע.

מיר ווילן, נאַטירלעך, נישט אַלץ אויפנעמען אָפּטימיסטיש, מיר ווילן נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף אונדזערע ווונדן. אונדזער פּאָליטישער באַ־וווסטזיין איז נאָך שטאַרק פאַרוווּנדעט פון דעם פּרווו אָפּצורייסן פון אונדז דעם עבר־הירדן. מיר קענען אויך נישט פאַרשווייגן די געשיכטע־פעלשונגען וואָס זייער צוועק איז צו פאַרלייקענען אונדזער בונד מיטן לאַנד. אַנטקעגן די געשיכטע־פעלשונגען דאַרפן מיר שאַפן היסטאָרישע רעאַלע פאַקטן און דערמיט ווילן מיר זיגן.

אויף אונדזער קאָנפערענץ קענען מיר אויך נישט פאַרבייגיין דעם טומל וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום דער אַראַבישער פעדעראַציע. מיר דאַרפן אָבער נישט איבערטרייבן און נישט אַריינפאַלן אין פּאָליטישער היסטעריע. לאָמיר זאָגן אָפן: מיר זיינען שטענדיק גרייט מיטצואַרבעטן אין דער אויפלעבונג פון דעם מזרח און צו דער באַפרייאונג פון זיינע שעפערישע כוחות. מיר ווילן אָבער נישט אנטיילנעמען אין קאָמבינאַציעס און פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס וואָס זאָלן שאַפן אַ מין מזרח־בלאָק קעגן דעם מערב. לאָמיר זאָגן קלאָר און דייטלעך, אַז מיר ווילן בשום אופן נישט אָננעמען דעם געדאַנק וועגן לאָזן ארץ־ישראל איינגעשלונגען ווערן אין דעם אַלגעמיינעם באַגריף פון די „אַראַ־בישע לענדער". מיט אַן אינערלעכן געפיל פון גערעכטיקייט ווילן מיר באַ־שטיין אויף אונדזער פאָדערונג, אַז ארץ־ישראל זאָל זיין אָפן און באַשטימט פאַרן יידישן פאָלק וואָס קערט זיך אום צו זיין פאָטערלאַנד צו אַרבעטן און שאַפן און פירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן און נישט כדי צו הערשן איבער אַנדערע. דער אידעאַל פון אַליין־אַרבעט, וועלכער דערמעגלעכט די עקס־פּלואַטאַציע פון אונדזער לאַנד און אירע נאַטור־אוצרות לטובת דער אַר־בעטנדיקער באַפעלקערונג — דער אידעאַל, וועלכן מיר האָבן אַדאָפּטירט פאַר זיך אַליין — איז גילטיק אויך פאַר אַנדערע.

עס איז ביי אונדז נישט פריילעך אויף אויפן עקאָנאָמישן געביט. הגם פון די דרייסיק טויזנט נייע עולים האָבן דרייצן טויזנט געשאַפן נייע עקאָ־נאָמישע פּאָזיציעס אין לאַנד. עס זיינען פאַראַן אַרבעטסלאָזע און פּרנסה־לאָזע. מיר זעען פון איין זייט, די אומנאַרמאַלע קאָנצענטראַציע אין די שטעט און פון דער אַנדערער זייט — שלעכטע סימנים — פון באַנייטער אויסוואַנדערונג פון ארץ־ישראל. באַנייטער — ווייל ס'איז אַן אַלטע דערשיינונג: עס איז אַלעמאָל געווען אַן אויסוואַנדערונג פון דאַנען. און דאָ ווידער מוזן מיר דער פאַרדריסלעכער אויסוואַנדערונג קעגנשטעלן אונדזערע עקאָנאָמישע דערגרייכונגען און צווישן זיי — אויך די שטעט וואָס מיר בויען. ווי מיר זאָלן זיך נישט באַציען צו דער שטאָט קען מען נישט פאַרלייקענען איר אַבסאָרבירונגס־ און שאַפונגס־ווערט.

אין אונדזער אַרבעט זיינען, נאַטירלעך, פאַראַן פעלערן, עס זיינען אָבער אויך פאַראַן גאָר, גאָר גרויסע פּאָזיטיווע ציוניסטישע דערגרייכונגען, אַזעל־כע וואָס אַנטשפּרעכן דעם רעאַלן וווּקס פון די ציוניסטישע כוחות.

לאָמיר נאָכאַמאָל ברענגען דעם משל מיט דעם שיפער וואָס שפּרייט אויס די זעגלען לויט דער ריכטונג פון ווינט און נעמט דאָך מיט זיך, פאַר זי־כערקייט, אויך די רודערס — טאָמער וועט דער ווינט אויפהערן. עס ווייזט אויס, אַז עס איז געקומען די ריי אויף אונדזערע רודערס, — טאָ לאָמיר פירן אונדזער שיף אומדערשראָקן און ווען אַפילו — ק ע ג ן דעם ווינט.

---

# אין שווערע טעג

(דערעפענונגס־רעדע אויף דער קאָנפערענץ פון „הפּועל הצעיר", פּתח תקוה, דעם 26סטן סעפּטעמ־בער 1926. געדרוקט אין „הפּועל הצעיר", נומ. 3-4, תרפ"ז).

דריי יאָר נאָך דער קאָנפערענץ אין נהלל פאַרזאַמלט זיך דער „הפועל הצעיר" אויף דער קאָנפערענץ פון זיין צוואַנציק־יאָריקן יובילײ. מיר פאַר־זאַמלען זיך אין שווערע טעג, טעג פון אַנטוישונגען, פון קעגנזאַצן צווישן נויטן און מעגלעכקייטן, פון קריזיס אין דער פּערטער עליה — די מאַסן־עליה — און דער צוועק פון אונדזער קאָנפערענץ איז צו געפינען וועגן, ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון דעם קריזיס פילפאַכיק געשטאַרקטע.

די פערטע עליה איז כלומרשט ניט אונדזערע. אָבער מיר, די דאָ פאַר־זאַמלטע זיינען די וואָס האָבן זי גורם געווען, זי גערופן, זי געוואָלט. יאָרן איבער יאָרן, זינט דער ערשטער קאָנפערענץ פון „הפּועל הצעיר" און זינט די צייטן פון כיבוש־עבודה אין פּתח־תקוה, ווען מיר זיינען נאָך געווען אַזוי איינזאַם אין לאַנד, האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו דערווייזן, אַז בלויז דער ציוניזם און ארץ־ישראל קענען פאַרענטפערן די יידן־פראַגע. מיר האָבן זיך דערנאָך אָפּגעזאָגט פון דיסקוסיעס און דערקלערט: אונדזערע מעשים וועלן דערווייזן. אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון אונדזערע חלוצים און דער ציוניסטישער השגחה עליונה איז דורכגעבראָכן געוואָרן דער וועג פאַר מאַסן־עליה. די פריער־געקומענע בחורים און מיידלעך האָבן גערופן אַהער זייערע עלטערן. מען האָט גערעדט וועגן „אַ זיכערע היים", אָבער מען האָט דאָס פאַלש פאַרשטאַנען. מען האָט פאַרנומען דאָס וואָרט „היים" און אַרויס־געלאָזן דאָס וואָרט „זיכערע". אונדזער אַרבעט אין ארץ ישראל איז שוין באַ־שערט צו שאַפן אין אויסלאַנד אילוזיעס. ווען שמואל יבנאלי איז מיט יאָרן צוריק געגאַנגען קיין תימן האָט ער גערעדט צו די תימנער פּשוטע דיבורים: „בזעת אפיך תאכל לחם" (אין שווייס פון דיין געזיכט וועסטו עסן דיין ברויט). אָבער פאַרשטאַנען האָבן זיי דאָס פאַרקערט, און קומענדיק אַהער האָבן זיי געטענהט, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט — מען האָט זיי צוגע־

זאָגט אַ זיכערן און זאַטן לעבן... מיר האָבן גערעדט וועגן בויען דאָס לאַנד, אָבער מען האָט דעם געדאַנק פאַרקריפּלט. אונדזער „עת לבנות״ (צייט צו בויען) האָט מען פאַרטייטשט „עת להיבנות״ (צייט אויפגעריכט צו ווערן).

עס איז געווען אַ צייט ווען מען פלעגט „כאַפּן״ אַ נחלה אין ארץ־יש־ראל. איצט איז אַ „געכאַפּטע״ — עליה. עס איז אונדז נויטיק אַזאַ עליה ווייל די צייט איז קורץ און מיר זיינען בלוטיק פאַראינטערעסירט שנעל ווי מעגלעך צו פאַרגרעסערן זיך דאָ אין צאָל. טענהט מען איצט אין די גלות־לענדער, אַז מיר האָבן פאַרשפּילט אַ גרויסע געלעגנהייט: אין 18 חדשים האָט דאָס לאַנד אַריינגענומען 40 טויזנט עולים, אָבער זיי זיינען נישט ווי געהעריק אַבסאָרבירט געוואָרן. ווער איז שולדיק אין דעם? — שולדיק זיינען די גלות־לענדער וואָס האָבן נישט צוגעגרייט די עולים צו די באַדינגונגען פון ארץ־ישראל. שולדיק איז די ציוניסטישע באַוועגונג וואָס האָט זיך נישט ערנסט באַצויגן צו דער דאָזיקער עליה. שולדיק איז אויך די אַרבעטער־באַוועגונג. וואָס אַן אמת איז די אַרבעטער־באַוועגונג „מטופל״ מיט זוכן אַרבעט און אויסהאַלטן אַרבעטער־אינסטיטוציעס. אַט אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ מחיצה צווישן אונדז און דער פערטער עליה און דעם אמת האָבן מיר איר נישט געזאָגט.

אונדזער סימבאָל איז דער ים־ברעג פון יפו ווו די כוואַליעס צעשמע־טערן זיך אָן די פעלזן. אַט איז געקומען אַ גרויסע עליה־כוואַליע און איז צעבראָכן געוואָרן. און זאָל דאָס דינען ווי אַ לעקציע פאַר דער פינפטער עליה. היינט איז מער נישטאָ קיין לאַנד פון וואַנען עס זאָל זיך רייסן די עליה קיין ארץ־ישראל, אָבער עס וועלן קומען טעג ווען די עליה וועט זיך דאָך באַנייען. און דאַן וועט ווידער אויפגעפאָדערט ווערן דער יידישער אַר־בעטער.

אויך די „החלוץ״־באַוועגונג האָט זיך נישט געראַטעוועט פון דעם קריזיס. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין דער דאָזיקער וווּנדערבאַרער באַווע־גונג איז געווען אַן אינפלאַציע פון חלוציזם. די באַוועגונג איז איצט — באַרג אַראָפּ. דווקא אין די איצטיקע שווערע טעג זעט מען נישט דעם „החלוץ״. איך זאָג דאָס נישט פון ליבע צו אַליין־קריטיק, נאָר ווייל עס איז אונדז שווער. עס ליגט אויף אונדז דער יאָך פון אויפבוי און מיר ברעכן זיך אונטער אים. אונדזער בנין נויטיקט זיך אין אַ פיל שטאַרקערער מאָ־ראַלישער אונטערשפּאַרונג ווי די וואָס מיר האָבן.

די פערטע עליה איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן און דער ברוך האָט גורם געווען אַ שווערן קריזיס אין ארץ ישראל, אַן אומגעהויערע אַרבעטס־לאָזיקייט און אַן אַנטיציוניסטישע העצע אין אויסלאַנד. דער ציוניזם האָט נישט אָנגעזאָגט דעם גאַנג פון דער עליה. אין אַ גרויסן היסטאָרישן מאָ־מענט האָבן מיר זיך אַרויסגעוויזן צו קליין.

מיר זיינען נישט קיין ענטוזיאַסטן פון דעם יידישן פאָלק אין זיין הייב־

טיקן געשטאַלט. מיר שטרעבן צו אַ יידיש פאָלק אַ באַנייטן, אַ באַפרייטן פון דער גלות־קרענק; מיר שטרעבן צו אַ יידישער אַרבעטנדיקער געזעלשאַפט. פאַר אונדזערע אויגן זיינען פעלקער באַפרייט געוואָרן. אָט איז באַפרייט געוואָרן פוילן — מיט דער הילף פון סאָציאַליסטישע לעגיאָנען — נאָך אַ לאַנגיאָריקן וואַרטן אויף דער באַפרייאונג. אָבער איינער פון די טרובאַדורן פון איר באַפרייאונג, סטעפאַן זשעראָמסקי, האָט פאַרן טויט געפרעגט — בישט מער און נישט ווייניקער: האָט געלוינט צו פאַרגיסן אַזויפיל בלוט אין אַ קאַמף וואָס האָט נישט אויסגעוואָרצלט די פאַרדאָרבנקייט אין דעם לעבן פון פאָלק? מיר קענען נישט פאַרצאַמען דעם וועג פאַר דער עליה פון דעם יידישן בעל־הבית, אָבער מיר מוזן אים זאָגן: אויב מיר וועלן נאָך צען יאָר באַזירן אונדזער בנין אויף דעם יידישן בעל־הבית פון פוילן אָדער ליטע איז אונדזער חורבן אַ זיכערער. אָט האָבן מיר געמאַכט אַזאַ פּרווו און ס'איז באַלד אויסגעבראָכן אַ חורבן. מיר קענען נישט מפקיר זיין אונדזערע צוקונפטיקע צען יאָר צו דער סטיכיע.

אָביעקטיוו גענומען איז אין אונדזער ווערק קיין קריזיס נישטאָ. קיינער שטערט אונדז נישט אויסצולייזן די ערד פון ארץ־ישראל און פאַרזעצן אונדזער קאָלאָניזאַטאָרישע שאַפונג. אויב עס איז דאָ אַ שטערונג איז זי אין אונדז אַליין, אין די מאַסן פון די גלות־לענדער און אין דעם מאַנגל אין מיטלען. און מיר קענען זיך נישט טרייסטן מיט „נצח הציונות לא ישקר" (די אייביקייט פון ציוניזם וועט נישט פאַרפירן). די צייט יאָגט. קיינער וועט נישט גאַראַנטירן, אַז מאָרגן וועלן נאָך זיין די מעגלעכקייטן וואָס מיר האָבן היינט. אין די גלות־לענדער האָט זיך פאַרשטאַרקט דער ציניזם און די „יידישע פּיקחות". גרייטנדיק זיך צו דער פינפטער עליה דאַרפן מיר געדענקען דעם גייסטיקן רענעסאַנס וועגן וועלכן עס האָט גערעדט אחד־העם. נאָר וועלכן ער האָט נישט געגעבן קיין פּראַקטישן אויסדרוק.

מיט 20 יאָר צוריק האָט יוסף וויטקין געעפנט דעם וועג. ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, האָט דערציילט וועגן ארץ־ישראל און גערופן עולה צו זיין. אַ סך פון אונדז האָבן אים נאָכגעפאָלגט און אויך געטאָן אַזוי. אָבער איצט איז נישט גענוג צו דערציילן. מען דאַרף פון דעם יידישן שטעטל אַרויסציען אַלע אירע ציוניסטישע מעגלעכקייטן. מען דאַרף שיקן פון דאַנען אונדזערע בעסטע כוחות און דערקלערן קריג דעם מאָראַלישן קריזיס אין די גלות־לענדער. אויב נישט איז אונדזער גאַנץ ווערק אין געפאַר: דאָס שטעטל וועט קומען אַהערצו און וועט חרוב מאַכן אונדזער פּרווו צו שאַפן אַ ניי פאָלק.

און די צייט ברענט. מיר מוזן באַלד מאָביליזירן גרויסע כוחות פאַר אונדזער אַרבעט. אין זיין בוך „די קאָלאָניזאַציע־מיטלען פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע", האָט חבר אַרלאָזאָראָוו אַרומגערעדט די נויטווענדיקייט פון אַ נאַציאָנאַלער הלואה און איצט רעדט מען וועגן דעם אויף פאַרשיי־

דענע אופנים. מיר מוזן אין די איצטיקע שווערע טעג אונטערנעמען אַ ניי גרויס קאָלאָניזאַציע־ווערק. מיט זעקס יאָר צוריק, אויך אין טעג פון דער־פּרעסיע, האָט „הפּועל הצעיר" פּראָקלאַמירט אַן עליה־אַקציע. טויזנטער יוגנטלעכע האָבן זיך אַריינגעריסן קיין ארץ ישראל און האָבן געענדערט די גאַנצע לאַגע. איצט איז די עליה נישט מער קיין פּאַרטייאישער ענין. אונדזער אויפגאַבע אָבער איז צוצוגרייטן די באַדינגונגען פאַר דער צו־קונפטיקער גרויסער עליה. דאַרפן מיר אונטערנעמען אַ קאָלאָניזאַציע־ווערק, אַ באַוועגונג צו דעם באָדן, אַזאַ וואָס זאָל מיטרייסן די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע.

מיר דאַרפן צוטרעטן צו אַ גרויסער הכשרה־אַקציע. מיר דאַרפן דערצו מאָביליזירן אונדזערע בעסטע כוחות. מיר וועלן נישט אַרויס אויף וואַקאַ־ציעס און מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט דיסקוסיעס און פּאַרטייאי־שע קריגערייען. עס איז נישט קיין צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער קליינ־קעפּלדיקייט. דער גורל פון ציוניזם הענגט איצט אָפּ פון אונדז. די וועלט קען זיך נאָך דערוויסן, אַז דער ייד איז נאָך אַלעמען אַ גלות־מענטש און ער וויל מאַקע נישט אויסטוישן קאַסרילעווקע אויפן עמק. עס נעמען זיך באמת צונויף גלות־עלעמענטן, כדי אַ פּשרה צו מאַכן מיטן גלות און קעמפן קעגן ציוניזם.

ווען ס'איז אַנטשטאַנען די אוגאַנדע־געפאַר איז געפונען געוואָרן דער ענטפער אין דער פּראָקלאַמירונג פון כיבוש העבודה אין די קאָלאָניעס פון יהודה. יאָרנלאַנג האָבן מיר געאַרבעט און די אַרבעט איז נישט פאַרלאָרן־געגאַנגען: די חלוצים האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען. און אָט האָבן מיר פון איין זייט פון פּתח־תקוה*) ווו מיר האַלטן אָפּ אונדזער קאָנפערענץ — די „גבעה" (גבעת השלושה) און פון דער אַנדער זייט — דער „עמק" (עמק השבע). און אין ד ע ם ליגט דער ענטפער אויפן קריזיס.

---

# אין די איבערגאַנגס־טעג

(דערשפּענונגס־רעדע אויף אַ צוזאַמענקום אין דגניה; געדרוקט אין „הפּועל הצעיר" 20-1-1927).

מעגלעך, אַז עס וועלן אונדז דאָס מאָל פאַרפעלן אויסדרוק־מיטלען און עס וועט אונדז נישט געלינגען אַרויסצוזאָגן אַלץ וואָס אויפן האַרצן. אָבער עס פילט זיך, אַז דווקא דאָ, אין דגניה, אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענקום, דאַרף

*) די זעלבע פּתח־תקוה, ווו אין יאָר 1906 האָבן די קאָלאָניסטן דערקלערט אַ בּאָי־קאָט אויף יידישע אַרבעטער און האָבן זיי דערמיט פאַרטריבן פון דער קאָלאָניע.

געזאָגט ווערן דאָס ריכטיקע וואָרט אין דעם ריכטיקן מאָמענט. איך וואָלט עס גערופן: „דער צוזאַמענקום פון די פאַראַנטוואָרטלעכע״. דאָ געפינען זיך מענטשן וואָס האָבן אין דגניה און כנרת — אין רופּינס צייטן און צוזאַמען מיט אים — געטאָן דעם דעצידירנדיקן מעשה־בראשית אויפן געביט פון נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע. מיטן דאָזיקן טאַט האָבן זיי אין יענער צייט אַריינגעבראַכט אַ רעאַלן אינהאַלט אין ציוניזם און געגעבן אַ שוווּנג דעם אויפבוי־אידעאַל אין אונדזער באַוועגונג. דאָס האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט די אחריות פאַר דער נייער ריכטונג אין ציוניזם און פאַר אַלץ וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן מיטן כוח פון יענער ריכטונג, סיי פּאָזיטיוו און סיי נעגאַטיוו. און די וואָס זיצן איצט דאָ דאַרפן אויף זיך נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויך פאַר אַלץ וואָס דאַרף געטאָן ווערן פון איצט אָן און ווייטער, כדי צו פאַרריכטן די פאַרקריפּלונגען אין דער נייער ציוניסטישער ריכטונג.

די איצטיקע לאַגע איז שטאַרק ענלעך צו דער לאַגע אין ציוניזם און אין ישוב אין די טעג, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע אין דעם אונטערשטן גליל. אויך דאַן, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, האָט מען געוואָלט איינפירן אין ציוניזם דעם פּרינציפּ פון „קויפמענישקייט״ וואָס איז געשטאַנען אין קעגנזאַץ צו געזונטע מסחר־פּרינציפּן. און אין ישוב האָט מען דאַן געוואָלט פאַראייביקן די „חכמה פון פּתח־תקוה״ — יענע „חכמה״ וואָס האָט קיין ברעקל נאַציאָנאַלן פאַרשטאַנד נישט געהאַט אין זיך. דאַן — די „קויפמענישקייט״ און היינט — די אילוזאָרישע „קאָנסאָלידאַציע״. איך זאָג „אילוזאָרישע״, ווייל ווען זי וואָלט געווען אַ רעאַלע וואָלט קיינער נישט געווען קעגן איר. אָבער פּונקט אַזוי ווי אין דעם „קויפמענש״ פון וואָלפסאָנס צייטן איז נישט געווען קיין שום טאַט, אפילו נישט קיין קויפמענישער טאַט, נאָר עס איז געווען בלויז פּחד און אַ באַציאונג פון גרינגשעצונג צו יעדן אָנהויב, צו יעדן רעאַלן טאַט אין ציון, פּונקט אַזוי איז אויך די איצטיקע „קאָנסאָלידאַציע״ וואָס האָט אָנגעהויבן באַהערשן דעם ציוניזם זייט דעם פערצנטן קאָנגרעס, נישט קיין שטרעבונג צו פּאָזיטיווע ווערק, נאָר אַ שרעקעוודיקער צוריקטריט פון דעם גרויסן פאַרנעם און באַזונדערס — שרעק פאַר דער אומרואיקער אַרבעטערשאַפט.

מיר האָבן אין זיין צייט געקעמפט קעגן דעם „קויפמענש״ וואָס האָט געוואָלט אומברענגען די ציוניסטישע נשמה. דער דעצידירנדיקער ענטפער איז געווען: דרייסטע איניציאַטיוו אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע. און אויך איצט דאַרפן מיר געבן אַן אמתן ענטפער דער „קאָנסאָלידאַציע״ וואָס פאַרשפּרייט אַפּאַטיע, גרינגשעצונג און אומגלויבן אין די אייגענע כוחות.

דער געדאַנק וועגן דעם דאָזיקן אינטימען צוזאַמענקום האָט זיך ביי אונדז דערוועקט בעת דעם רעפעראַט פון ד״ר רופּין אויפן לעצטן קאָנגרעס אין באַזעל. און דאָ — טראָץ דער אָנוועזנהייט פון ד״ר רופּין — וויל איך זיך דערלויבן זאָגן עטלעכע ווערטער. ווי באַקאַנט האָט ד״ר רופּין רעזיג־

גירט פון זיין אָפיציעלן ציוניסטישן אַמט נאָך אויפן פערצנטן קאָנגרעס. אפשר האָט ד״ר רופין געמוזט האַנדלען אַזוי. ער האָט געזען די צייכנס פון דער בייער ווענדונג — און ווי אַ פיינשמעקער איז ער באַצייטנס אַוועקגע־גאַנגען. אָבער מיר איז שווער געווען שלום צו מאַכן מיט זיין רעזיגנאַציע. טיף אין האַרצן האָב איך צו אים געהאַט אַ פּרעטענזיע דערפאַר וואָס אין אַזעלכע צוויי שווערע יאָר פאַרן ישוב און ציוניזם איז ער אַוועק אין זיין פּריוואַט לעבן. איך דאַרף אָבער מודה זיין, אַז מיין געפיל איז פאַרשווונדן אונטערן איינדרוק פון צוויי הערלעכע פאַקטן: ד״ר רופינס ווערטער אויפן לעצטן קאָנגרעס און זיין רייזע קיין רוסלאַנד. אין די טעג פון קלעם און פאַרלאָרנקייט דאָרט אין באַזעל האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דער דאָזיקער רייזע. רופין וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָנהויב פון דער ציוניסטי־שער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע, די וואָס האָט געזאַמלט די שטורמישע כו־חות פון דער יידישער יוגנט פון רוסלאַנד, האָט געפונען פאַר נויטיק צו גיין קיין רוסלאַנד שטודירן דאָס דאָרטיקע יידישע לעבן און די רעזולטאַטן פון דער דאָרטיקער יידישער קאָלאָניזאַציע. די רייזע האָט אָנגערירט אַ זייער עמפּינדלעכע סטרונע, די פון „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך״...

אין רופינס ווערטער אין באַזעל און אין זיין רייזע קיין רוסלאַנד זע איך סימנים פון זיין צוריקקער צו אַקטיווער טעטיקייט כדי צו ענדערן און פאַרבעסערן די לאַגע. איך געדענק איצט נישט גענוי דעם אינהאַלט פון ד״ר רופינס ווערטער אויפן לעצטן קאָנגרעס, אָבער איך געדענק גוט דעם איינ־דרוק וואָס זיי האָבן געמאַכט. איך האָב זיי דעפינירט אַזוי: „די רעדע פון ד״ר רופין איז געווען אפשר דער איינציקער מאָראַלישער אַקט פון דעם פופצענטן קאָנגרעס. אין דער אַטמאָספער וואָס האָט באַהערשט דעם יובילײ־קאָנגרעס איז דער אויפטריט פון ד״ר רופין געווען נישט נאָר אַ שטייער צו דער יוגנט־ליבע, נאָר אויך אַ טאַט פון אַ קאַפּיטאַן וואָס אַנשטאָט זיך צו ראַטעווען בלייבט ער אויף זיין פּלאַץ אין די געפאַרן פון שטורעמדיקע כוואַ־ליעס״...

געזיגט אויפן קאָנגרעס האָבן טאַקע אַנדערע כוחות, אָבער מיר האָבן אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט דעם איינדרוק פון ד״ר רופינס רעדע און די אַפּלאָדיסמענטן. עס האָבן אַפּלאָדירט די אַרבעטער־דעלעגאַטן און די רעשטלעך פון דער ציוניסטישער אינטעליגענץ וואָס האָבן יאָרן־לאַנג גע־טראָגן די ציוניסטישע פאָן. עס האָט אויך אַפּלאָדירט דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דאָ האָבן מיר פּלוצים דערפילט ווי עס וואָלט געגעבן געוואָרן אַן אָוואַנס צו די כוחות פון דער צוקונפטיקער שע־פערישער קאָנסאָלידאַציע, אַנשטאָט צו די כוחות פון דער ליקווידאַטאָרי־שער קאָנסאָלידאַציע.

איך האָב געזאָגט, אַז אויפן קאָנגרעס האָט רופין דערמאָנט אַ קאַפּיטאַן וואָס בלייבט אויף דער וואַך אין די געפאַרן פון שטורעמדיקע כוואַליעס. יאָ,

די כוואַליעס האָבן געשטורעמט און זיי שטורעמען נאָך, אָבער מיר דאַרפן קלאָר מאַכן, זיך און אַנדערע, אַז אונדזער שיף זינקט נישט און אַז עס איז אומבאַרעכטיקט די שטימונג פון דעפּרעסיע — סיי ביי אונדז, סיי ביי אַנדערע — אין באַצוג צו אונדז. מיר האָבן נאָר וואָס געהערט די ווערטער פון הער ליפּסקי אין קליוולאַנד וועגן דער „אַרבעטער־הערשאַפט". ער האָט פייערלעך דערקלערט, אַז „עס האָט אויפגעהערט די הערשאַפט פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי אויף די געביטן פון קאָלאָניזאַציע און אַרבעט און מער וועלן שוין די אַרבעטער צו דער מאַכט נישט קומען". אויב הער ליפּסקי האָט אין זינען געהאַט די „פּאַרטפּעלן" — די דעפּאַרטאַמענטן פון קאָלאָניזאַציע און אַרבעט אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע — וועלן מיר מיט אים וועגן דעם איצט נישט דיסקוטירן. אויב אָבער ער האָט געמיינט די רעאַלע, די דעצידירנדיקע השפעה פון דער אַרבעטערשאַפט אויף דער ציוניסטישער טעטיקייט און אויף די ענינים פון קאָלאָניזאַציע און אַרבעט — האָט ער זיך אַביסל צוגעאיילט מיט זיינע דערקלערונגען. מיר וועלן אים ענטפערן אין זיין סטיל: עס וועט קיינמאָל נישט אויפהערן די השפעה און די מאָראַלישע מאַכט פון די אַרבעטער אויף די דאָזיקע געביטן. קיינמאָל — כל זמן עס וועלן עקזיסטירן איניציאַטיוו און נאַציאָנאַלע טעטיקייטן אויפן געביט פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג; כל זמן דער ציוניזם וועט זיין דורכגעדרונגען מיטן ווילן צו בויען, צו פאַרווירקלעכן. אָן די אַרבעטער וועלן ביי אונדז נישט זיין קיין אַרבעטס־פראַגן און אָן דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע וועט ביי אונדז נישט זיין קיין נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע. די אַרבעטער און די זידלער, כל זמן עס וועלן זיין אַזעלכע, וועלן האָבן די השפעה און אָן דער דאָזיקער השפעה וועט נישט געשאַפן ווערן דאָס גרויסע ציוניסטישע ווערק.

מיר זאָגן דאָס מיט פולער זיכערקייט אין דער גערעכטיקייט פון דעם וועג וואָס די אַרבעטער־באַוועגונג האָט דורכגעבראָכן פאַרן ציוניזם אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע. די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע האָט זיך פולשטענדיק באַרעכטיקט, הגם זי זעט אויס אַזוי פרעמד און מאָדנע אין די אויגן פון די „קויפמעניש"־לייט. זי האָט דעם ציוניזם אָנגעפילט מיט אינהאַלט, זי האָט געשפּייזט די פאָלקס־באַגייסטערונג, זי האָט באַנייט דעם גלויבן אין לאַנדווירטשאַפט. אויך די פּריוואַטע איניציאַטיוו אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט האָט זיך באַנייט נאָך דעם ווי עס האָט זיך באַוויזן די נאַציאָנאַלע איניציאַטיוו. דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע האָבן מיר דער עיקר צו פאַרדאַנקען אויך אונדזערע פּאָליטישע דערגרייכונגען און די דאָזיקע ווירטשאַפט־לעכע טעטיקייט פון די אַרבעטער — מיט איר ספּעציפישן סאָציאַלן אינהאַלט — האָט אויך אין זיין צייט בייגעהאָלפן דעם ד״ר רופּין צו באַאיינפלוסן קרייזן מחוץ דער ציוניסטישער באַוועגונג ווידער צו פאַראינטערעסירן דעם באַראָן ראָטשילד אין דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, שטאַרק פּאָפּולער צו מאַכן אין דער וועלט די קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־

זאַציע און צו דערפירן צו אַ פריינטלעכער קאָאָפּעראַציע צווישן ייק״א און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסן פאַרזוכן וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן „צוצוציען כוחות״. ווען רופּין איז געווען ביים רודער האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצוקניפּן באַציאונגען און פאַרבינדונגען מיט יענע אויסערלעכע קרייזן, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע באַמיט זיך איצט צוצוציען זיי צו אונדזער אַרבעט. דאָס איז בכן, געווען נאָך איידער עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון דער „יידישער אַגענץ״; דאָס איז דאַן געטאָן געוואָרן מיטן כוח פון די „עקספּערימענטן״ און דער ווירטשאַפטלעכער איניציאַטיוו פון די אַרבעטער.

איצט, אין די טעג פון קריזיס ווען מען רעדט מיט אַזעלכע גוזמאות וועגן דורכפאַלן, רעדט דאָך קיינער נישט וועגן אַ קריזיס אין דער נאַציאָנאַלער לאַנדווירטשאַפט. און מיר געדענקען דאָך נאָך אַלע שווערע איבערלעבונגען אונדזערע ביז מיר האָבן דערגרייכט דעם היינטיקן מצב. מיר געדענקען די געבורט־ווייען, די באַציאונג פון די קריטיקער, פון די קעגנער. אונדזערע דערגרייכונגען אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט שטאַרקט אין אונדז דעם אָפּטימיזם אויך אויף אַנדערע געביטן פון אַרבעטער־איניציאַטיוו און אַרבעטער־טאַטן.

און דאָך, מיט דער גאַנצער גערעכטיקייט פון אונדזער וועג, דאַרפן מיר זיך נישט צוריקציען פון אנערקענען אויך געוויסע פעלערן און שוואַכקייטן אין אונדזער טעטיקייט. מיטן שטורעם פון דער מאַסן־עליה זיינען אַנטשטאַנען אילוזיעס. ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן עקספּערימענטן. ס׳זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן פריערדיקע וויכטיקע אונטערנעמונגען. עס האָט נישט געסטייעט קיין צייט, עס האָבן פאַרפעלט מיטלען און דערווייל איז אויסגעבראָכן דער קריזיס.

און איצט זיינען דערשינען די — קריטיקער! אינגיכן דאַרף אויך פאַרעפנטלעכט ווערן דער באַריכט פון דער „עקספּערטן־קאָמיסיע״*). עס גייען אַרום קלאַנגען וועגן אומגינסטיקע סאָציאַלע אידייען פון אייניקע קאָמיסיע־מיטגלידער. צווישן זיי געפינען זיך אויך אַזעלכע וואָס זיינען נישט קיין עקספּערטן און נישט קיין וויסנשאַפטסלייט און עס איז נישט צו פאַרשטיין וואָס זיי האָבן דאָ צו זאָגן און פאַרוואָס דאַרפן זיי דאָס זיין אונדזערע

*) אין פאַרבינדונג מיט דער צוגרייטונג צו דער גרינדונג פון דער יידישער אַגענץ איז — לויט אַן אָפּמאַך צווישן ד״ר ווייצמאַן און לואי מאַרשאַל — באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע מיטן ציל אויסצופאָרשן די אַרבעטס־סיסטעמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל און צוצוגרייטן אַן אַרומנעמענדיקן טעטיקייטס־פּראָגראַם פאַר דער אַגענץ. די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זיינען געווען: לאָרד מעלטשעט, פעליקס וואָרבורג, ד״ר ר. פרענקל און אָסקאַר וואַסערמאַן.

ריכטער. און אויף וויפל אַזעלכע אומקאָמפּעטענטע מענטשן קומען נאָך אויך אין אַ שלעכטער צייט איז טאַקע דאָ אַ גרונט פאַר אַ געוויסן אומרו פון אונדזער זייט, אומרו אין באַצוג צו זייער אָביעקטיוויטעט.

אָבער אומאָפּהענגיק פון דעם באַריכט פון דער „עקספּערטן־קאָמיסיע“, און בכלל פון אויסערלעכע קריטיקער, דאַרפן מיר אַליין גרינטלעך אונטערזוכן די לאַגע. דאָ, אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענקום, דאַרפן מיר אָפן ריידן וועגן די פעלערן אין אונדזער אַרבעט. מיר דאַרפן גענוי אונטערזוכן וואָס אין אונדזער ווערק איז וועזנטלעך, און וואָס — נישט. עס איז קלאָר, אַז די אומגעזונטע צווייגן אויף אונדזער בוים וועלן מיר אַליין אומברחמנותדיק אָפּשניידן.

דער אויסוועג פון דער איצטיקער לאַגע דאַרף זיין: אַ ניי גרויס ווערק אויפן געביט פון נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע. אַזוי האָבן מיר געהאַנדלט מיט צוואַנציק יאָר צוריק און אַזוי — אין גרעסערע דימענסיעס — דאַרפן מיר האַנדלען איצט. ווי דאַן אַזוי איצט וועט אַזאַ ווערק געבן אַרבעט פאַר מענטשן און אינהאַלט פאַרן ציוניזם. נאָר מיט אַזאַ ווערק וועלן מיר ברעכן דעם קריזיס, פאַריכטן די פעלערן, לאָזן וואַקסן נייע כוחות און באַנייען דעם גלויבן פון פאָלק און זיין וואָלונטירונגס־קראַפט. אונדזער גאַנצע איניציאַטיוו און אונדזער וואַכזאַמקייט דאַרפן מיר ווידמען דעם פּראָבלעם פון באַנייען די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע.

דעם באַשלוס וועגן אונדזער איצטיקן צוזאַמענקום האָבן מיר אָנגענומען ווען מיר זיינען געווען אונטער די אומימיטלבאַרע איינדרוקן פון באַזעלער קאָנגרעס. אָבער צוליב רופינס רייזע קיין רוסלאַנד איז דער צוזאַמענקום אָפּגעלייגט געוואָרן אויף עטלעכע חדשים. עס דאַכט זיך אָבער, אַז די דעפּרעסיע פון באַזעל הייבט אָן צו פאַרשווינדן. אמת, עס זיינען נאָך נישטאָ קיין ענדערונגען, די סטאַגנאַציע איז נישט געבראָכן, די שטימונג איז אַ געדריקטע, די אַרבעטסלאָזיקייט איז נישט קלענער געוואָרן, דער ענין פון פּתח־תקוה*) לייגט אויך שאָטנס. און דאָך פילן זיך געוויסע לופט־וויבראַציעס, אַזעלכע וואָס זאָגן אָן — אַזוי דוכט זיך מיר — דעם נאָענטן אויסוועג פונעם קריזיס. אָט, למשל, האָבן מיר די טעג געלייענט וועגן די באַמיאונגען פון דעם פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו אַראַנזשירן — מיט דער הילף פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן — מאַסן־קאָלאָניזירונג פון אַרבעטער־פאַמיליעס אין די פּלאַנטאַציע־ראַיאָנען. אפשר וועט דאָס אים געלינגען. דאָרט, אין באַזעל, אויפן ברעג פון ריין, האָט אונדז באַהערשט אַ שווערע

---

*) יידישע אַרבעטער וואָס האָבן געהאַלטן פּיקעטן קעגן פרעמדער אַרבעט זיינען געשלאָגן און אַרעסטירט געוואָרן דורך בריטישע און אַראַבישע פּאָליציאַנטן. בירגער און אַרבעטער פון פּתח־תקוה האָבן אָרגאַניזירט אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע און פון דאָרטן האָבן זיי זיך געלאָזט און אַריינגעריסן זיך אין הויז פון דעם אָרטיקן מוניציפּאַלן ראָט.

שטימונג פון דעפרעסיע און דאָ, אויפן ברעג פון ירדן, דאַרפן מיר באַפרייען זיך פון דער דעפרעסיע און די ציוניסטישע באַוועגונג — פון אַפּהענטיקייט.

---

# לאָמיר פאַרפעסטיקן אונדזערע פּאָזיציעס

(אַ רעדע אויף דער דריטער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות העובדים העברים בארץ־ישראל — 6טן אַפּריל 1927).

אונדזער קאָנפערענץ אין די איצטיקע טעג איז נישט קיין יום־טוב — זי איז אַ וויכטיקע געשעעניש. אונדזער צוזאַמענקום איז אַ גורל־דיקער פאַרן ציוניסטישן ווערק אין דער איצטיקער צייט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועט פאָרקומען דער ציוניסטישער קאָנגרעס. מיר ווייסן אָבער — סיי אינערהאַלב, אַזוי אויך מחוץ אונדזער באַוועגונג — אַז נאָר אַ זיכער וואָרט פון אונדזער איצטיקער קאָנפערענץ קען שטאַרקן דעם פאַרשטייענדיקן יו־בילייַ־קאָנגרעס (30 יאָר) אין באַזעל און פונאַנדעריאָגן די אַנציענדיקע וואָלקנס.

אונדזער פריערדיקע קאָנפערענץ, מיט פיר יאָר צוריק, איז אויך אויס־געפאַלן אין אַ צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט. עפּעס ווי אויף אַ פאַטאַלן אופן קומען פאַר אונדזערע קאָנפערענצן אין קריזיס־טעג. דאַן, פאַר פיר יאָר, איז דער קריזיס געווען אַן עלעמענטאַרער: מאַטעריעלע שוועריקייטן, אַרבעטס־לאָזיקייט, מאַנגל אין פרנסה. אָבער וואָס עס דריקט אויף אונדז צום מערסטן איז דער פאַקט וואָס דער קריזיס איז אויסגעבראָכן דווקא אין אַ צייט פון אַ גרויסער מאַסן־עליה, ווען עס האָבן זיך פאַר אונדז פלוצים אַנטפּלעקט מעג־לעכקייטן, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי איבערנאַטירלעכע אין דער יידישער געשיכטע. דאָס זיינען אמתע טאַנטאַלוס־יסורים: די אויגן זעען אַזעלכע מעג־לעכקייטן און די הענט קענען זיי נישט דערגרייכן! מיר האָבן אַמאָל גע־טראַכט, אַז מיר האָבן אפשר פאַרשפּעטיקט מיט דער דערוועררבונג פון ארץ־ישראל און אַז ווען דער „החלוץ" וואָלט אַנטשטיין מיט הונדערט יאָר צוריק וואָלטן מיר אפשר נישט פאַרזוימט. איצט מאַטערט אונדז אַן אַנדער „טאָ־מער": טאָמער זיינען אונדזערע הכשרה־מעגלעכקייטן צו ווייט פאַרלאָפן דעם וועג אונדזערע פאָלקס־מעגלעכקייטן. אָט אַ דער טאָמער שוועבט איבער אונדזער קאָנפערענץ און מיר מוזן זיך דורכוויס מאָביליזירן כדי אים צונישט צו מאַכן.

די פראַגע איז נישט: ווער איז שולדיק? אויב איר ווילט זיינען אין דער ערשטער ריי שולדיק מיר אַליין. מיר האָבן זיך איינגע־

שמועסט, אַז דאָס ארץ־ישראל־ווערק וועט ליידן פאַר זיך אַליין. מיר האָבן מיט אונדזערע גייסטיקע אויגן געזען דאָס פאָלק פון מאָרגן, און נישט באַוויזן מיטצוציען דאָס פאָלק פון נעכטן. אָט האָבן מיר געשאַפן אויסערגעוויינלעכע ווערק און דער יידישער „באַלעבאָס" אין אַמעריקע איז נישט פאַרכאַפּט געוואָרן! און צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע האָבן זיך צו אונדז געשטעלט מיטן רוקן! יאָ, דאָס האַרץ פון פאָלק איז נאָך נישט דערוואָרבן געוואָרן און מיר מוזן אויף זיך נעמען אויך די דאָזיקע אויפגאַבע.

פאַרוואָס איז דער אַרבעטער אין די איצטיקע קריזיס־טעג דער הויפּט־ליידנדיקער? — ווייל ער איז דער וואָס האָט זיך אונטערגענומען אָנצוהייבן פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם; נישט נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַן אַרבעטער. נאָר ווייל ער איז דאָס יידישע פאָלק פון דער צוקונפט. אַנדערע האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין ווילן און קיין ווילִיקייט צו געבן זייער געלט אַין זייערע מעגלעכקייטן פאַר דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. מיר האָבן אויף זיך גענומען אַלע ליידן — אָפּטמאָל, אין פולן קעגנזאַץ צו די טאָג־טעגלעכע אַרבעטער־אינטערעסן, — ווייל מיר האָבן אין זינען די אינטערעסן פון דער צוקונפט. נעכטן און אייערנעכטן האָט מען געזונגען דיפּיראַמבן פאַר דעם חלוץ און היינט פּלייסט מען זיך צו באַשמוצן דאָס אַרבעטער־ווערק אין ארץ־ישראל. פאַראַן אַזעלכע וואָס קוקן בפירוש אויס אויף דעם דורכפאַל פון די אַרבעטער. און די ציוניסטן — דער בעסטער טייל פון דעם יידישן פאָלק — זיינען ליידער נישט גענוג ערנסט, נישט נאָר אין באַצוג צום יידישן אַרבעטער, נאָר אַפילו לגבי די זאַכן פאַר וועלכע זיי קעמפן. אַפילו זייערע באַלעבאַטישע אינטערעסן דערוועקן אין זיי ניט קיין חלוצישע אינסטינקטן.

אָבער לאָמיר זאָגן קלאָר און דייטלעך: אויב עס וועט אונדז געלונגען אונדזער שאַפונג, אויב עס וועט אַנטשטיין דאָס ווערק, וועט די גאַנצע ביי־ווייליקע קריטיק קיין שום ווערט נישט האָבן. די דאָזיקע גאַנצע אויפגעבלאָזענע, גראָבע, „וויסנשאַפטלעכע", „באַראַטנדיקע", אָפּעקונישע קריטיק נעמט זיך דערפון, וואָס אונדזער שאַפונג שטייט אין אַ סתירה צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די בעל־בתישע יידישע מאַסן.

אַוודאי איז דער יידישער אַרבעטער אין אַ סך זאַכן געשטרויכלט געוואָרן ווייל ע ר ה אָ ט ג ע ה אָ ט ד י ה ע ז ה אָ נ צ ו ה י י ב ן. דער וואָס הייבט אָן מאַכט גרייזן. דאָס איז נישט גענוג אויף צו פאַרענטפערן די מאָרגנדיקע גרייזן, אָבער די נעכטיקע — יאָ. און אוודאי וועלן מיר די פעלערן פאַריכטן.

דער לאָזונג פון אונדזער קאָנפערענץ דאַרף זיין: די פאַרפעסטיקונג פון אַלע ריאַלע שעפערישע התחלות אין לאַנד און די דערוועקונג און צוגרייטונג פון דעם פאָלק אין די גלות־לענדער. דאָס זיינען שווערע אויפגאַבן, אָבער נאָך אין די ביל״ו־צייטן, אין די „אוגאַנדע"־טעג אאַז״וו, האָבן מיר

געלערנט, אַז רעוואָלוציאָנערע טאַטן קומען דווקא אין שווערע טעג. מיר דאַרפן אַלץ טאָן גרינטלעך. מיר דאַרפן אַרויסטרייבן דעם „מנחם מענדל“ פון אונדזער אַרבעט.

---

# נאָך צען יאָר

(אַ רעדע דעם 2טן נאָוועמבער 1927 אין ירושלים).

## א.

מיר פייערן איצט דעם צען־יאָריקן יובילײ פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. נישט לאַנג האָבן מיר געפייערט אין באַזעל דעם דרייסיק־יאָריקן יובילײ פון דער הערצל־דעקלאַראַציע.

די דאָזיקע צוויי יום־טובים גיבן אַ געלעגנהייט אונטערצופירן אַ סך־הכול אונטער די דערגרייכונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט און אָנצומערקן אונדזער וועג פאַר דער צוקונפט.

די הערצל־דעקלאַראַציע איז געווען אַ מין דעקלאַראַציע פון דעם יידישן פאָלק צו די פעלקער פון דער וועלט און די באַלפור־דעקלאַראַציע — מיט 20 יאָר שפּעטער — אַ דעקלאַראַציע פון די פעלקער צום יידישן פאָלק.

אין באַזעל — 30 יאָר נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס — האָבן מיר געמאַכט אַ סך־הכול פון די רעזולטאַטן פון דער פאָלקס־דעקלאַראַציע און געפונען, אַז עס זיינען געווען נצחונות. די מאַטעריעלע און גייסטיקע ציוניסטישע באַמיאונגען און אינוועסטיציעס האָבן געגעבן פרוכט און דורך זיי איז אויך געוואַקסן די באַדייטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

און איצט — אויפן צען־יאָריקן יובילײ — מאַכן מיר דעם חשבון פון דעם וועקסל וואָס די פעלקער האָבן אונדז געגעבן.

זי איז אונדז טייער — די באַלפור־דעקלאַראַציע. אין טיפן פּיעטעט האָבן מיר זי פאַרפּוצט מיט היסטאָרישער ראָמאַנטיק. דערהויבנדיק ענגלאַנד צו אַ מדרגה פון אַ טרעגערין פון אַ היסטאָרישער שליחות — די שליחות צו באַפרייען יהודה — פלעגן מיר אָפט אויך דערמאָנען מיט באַגייסטערונג די ראָל פון ענגלאַנד אין דער אָמאָליקער באַפרייאונג פון העלאַס.*) עס פלעגט אונדז אויסזען גלייך ווי דער שאָטן פון לאָרד בייראָן**) באַגלייט די שיינע געשטאַלט פון לאָרד באַלפור.

---

*) גריכנלאַנד.

**) דער ענגלישער דיכטער לאָרד בייראָן (1788—1824) האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון די גריכן קעגן די טערקן. ער האָט אויך אַ סך מיטגע־

דאָס איז געווען אונדזער געפיל אויפן האַריזאָנט פון היסטאָרישער אָפּשאַצונג. די טאָג־טעגלעכעווירקלעכקייט האָט אָבער אויסגעזען אַביסל אַנדערש... דעם דאָזיקן אונטערשייד האָט טרעפלעך דעפינירט חיים ווייצמאַן, ריידנדיק וועגן די „קעגנזאַצן צווישן דעם ב אַ ר ג און דעם טאָל.*)

מיר האָבן נישט לאַנג געהערט אַ מין פירוש צו די קעגנזאַצן. ריידנדיק וועגן פּערזאָנען־ענדערונגען אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, שרייבט די ענגלישע צייטונג "Ner East" אַז עס איז פון דער מאַכט באַזייטיקט געוואָרן „דער מזרח־אייראָפּעאישער טעמפּעראַמענט". דערביי גיט זי צו: „גלייך ווי דער רוימישער באַאַמטער פונעם ערשטן יאָרהונדערט קוקט אויך דער היינטיקער בריטישער באַאַמטער אויפן ייד ווי אויף אַן אומגאַרמאַל, אומגעצוימט, שלעכט באַשעפעניש". אָט אַזוי שאַצט אָפּ דער קליינקעפּלדיקער באַאַמטער די ראָל פון דער באַלפור־מיסיע, דעם אומרו אונדזערן וואָס האָט זיך אָקומולירט אין פאַרלויף פון 2000 יאָר! מען וויל דערקלערן דעם סיכסוך צווישן „באַרג" און „טאָל" מיט דעם אונטערשייד צווישן ענגלישן און יידישן כאַראַקטער: די ענגלענדער זיינען געלאַסענע, מיר — האַסטיקע. אין דער אמתן אָבער איז דאָ נישט קיין קאָנפליקט צווישן פּאַמעלעכע און אייליקע, נאָר צווישן זאַטע און הונגעריקע... די ענגלישע באַאַמטע זיינען זאַט מיט מלוכהשקייט — קענען זיי זיין רואיק און איינגעהאַלטן. מיר אָבער זיינען הונגעריק און דורשטיק נאָך יעדן ברעקל ערד, נאָך יעדן פונק פון אַרבעטס־מעגלעכקייטן, נאָך יעדן פינטל פון שאַפונג — זיינען מיר דעריבער אַזוי פול מיט אימפּעט, אַזוי דורכגעזאַפּט מיט אומרו. אַנדערע פעלקער אויף אונדזער אָרט וואָלטן אפשר געווען נאָך מער אומרואיק, וואָלטן אַרויסגעוויזן ווייניקער דיסציפּלין, איינגעהאַלטנקייט און געצוימטקייט. ענגלאַנד אַליין האָט זיך אין איר אימפּעריע אָפּט געטראָפן מיט „הונגעריקע פעלקער" און האָט זיי — פאַרשטאַנען.

אָבער קעגן די דאָזיקע און ענלעכע שאַטנס זיינען פאַראַן אַ סך ליכטיקע זייטן. איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף פינף מאָמענטן.

אין דער ערשטער ריי: דער „החלוץ" וואָס האָט זיך פונאַנדערגעוואָקסן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, דער חלוציזם שטאַמט נישט, נאַטירלעך, פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. פאַרקערט, די דעקלאַראַציע איז אַ רעזולטאַט פון חלוצישע באַמיאונגען וואָס ציען זיך פון די טעג ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן פּתח־תקוה, דורך די צייטן פון ביל"ו, די תקופה פון „כיבוש העבודה", דעם זעקסטן קאָנגרעס און ביז היינט צו טאָג. עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דעם מאַסשטאַב און דעם טעמפּאָ פון דער חלוצישער באַוועגונג נאָך דער

האלפן צו באַוואָפענען די גריכן. נאָך זיין טויט האָט דאָס גריכישע פאָלק דערקלערט אַ נאַציאָנאַלן טרויער.

*) אַן אילוזיע צום הר־הצופים און צום „טאָל" פון דער נידעריקער אַדמיניסטראַציע.

באַלפור־דעקלאַראַציע. די ברייטע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך נישט אָפּגערופן אויף דער דעקלאַראַציע, אָבער די יוגנט האָט זי אויפגענומען ערנסט און האָט געגעבן אַן אַנטשפּרעכנדיקן ענטפער. די יוגנט האָט דערפילט איר פליכט. זי האָט אָפּגעהיט דעם נאַציאָנאַלן כבוד און דער חלוצישער טאַט פון די לעצטע יאָרן לייקנט דאָס מאָל אָפּ די שווערע רייד, אַז „גראָז איז דאָס פאָלק".*)

דער צווייטער מאָמענט: דאָס אויפהייבן העברעאיש צו אַ מדרגה פון אַן אָפיציעלער שפּראַך אין דער מדינה. דורות־לאַנג איז העברעאיש געווען שטום, באַהאַלטן אין דעם פּאַרמעט פון ספרים און איצט, אין דעם פּראָצעס פון איר אויפלעבונג, האָט זי זוכה געווען צו אַן ערשטקלאַסיקער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אנערקענונג. דאָס איז אַ דערגרייכונג וואָס איז דירעקט פאַרבונדן מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דער קריזיס ליגט ווי אַ שווערער וואָלקן אויף אונדזערע געפילן און דאַך — אין דער נאַכט פון דעם צווייטן נאָוועמבער — איז שווער צו דערדריקן די באַגייסטערונג איבערן לעבעדיקן פּאָליטישן פאַקט וואָס נאָך אַ הפסקה פון טויזנטער יאָרן זיינען ווידער די העברעאישע אותיות אויסגעקריצט אויף די מטבעות פון אונדזער לאַנד. דאָס איז אַ שיינע מתנה צום צען־יאָריקן יובילײ.

די דריטע וויכטיקע געשעעניש אין די לעצטע צען יאָר איז די שטייגערונג פון אונדזער אָנזען אין די אויגן פון די פעלקער פון דער וועלט. די וועלט־מלחמה, די דעקלאַראַציע און אונדזער דערשיינונג אויף דער טריבונע פון פעלקער־בונד האָבן ווי צעשטערט עפּעס אַ מחיצה צווישן אונדז און דער וועלט. אין לעבן און ליטעראַטור פון די פעלקער זיינען מיר שטענדיק געווען אַן אָביעקט פאַר אַכזריותדיקע פאַרפאָלגונגען אָדער פאַר באַרימהאַרציקער פאַרטיידיקונג. די פאַרפאָלגונגען פלעגן אונדז דערדריקן און די רחמנות־פאַרטיידיקונג פלעגט אונדז נישט דערהויבן — נישט אין אונדזערע אויגן און נישט אין פרעמדע. אין די לעצטע יאָרן איז אָבער געשאַפן געוואָרן אַן אַנדער באַציאונג צו אונדז. מען זעט אונדז נישט מער ווי בעטלער פון מענטשלעכע רעכט, נאָר ווי קעמפער פאַר זעלבסטשטענדיקער שאַפונג. אונדזערע טאַטן און פּראָבלעמען אין ארץ־ישראל זיינען געוואָרן אַן אַקטועלע טעמע אין דער פּאָליטיק און ליטעראַטור פון אַנדערע פעלקער. פּאָליטיקער, דיכטער און אַלע, אַלע נעמען אונדז מער נישט אויף ווי אַן אַכאַסווער*), נאָר ווי אַ נייעם יידישן טיפּ — אַ דעראָבערער, אַ באַן־ברעכער, וואָס ברויזט און שאַפט אַ ניי לעבן אין דעם לאַנד פון די נביאים. מיר האָבן אויפגעהערט צו זיין אַ

---

*) „אכן חציר העם", ישעיהו מ', ז'.

*) אין דעם קריסטלעכן דענקען — דער „אייביקער ייד", וואָס איז פאַרמשפּט צו אייביקע וואַנדערונגען דערפאַר, וואָס ער האָט געשטערט יעזוסן — ווען ער האָט געטראָגן דעם צלם — אָפּצורוען אויף זיין וועג.

טראַגישער קוריאָז, מיר טרעטן אויף ווי נאָרמאַלע מענטשן און דאָס הייבט אונדזער מאָראַלישן ווערט אין דער וועלט.

די פערטע גרויסע געשעעניש: אונדזער רעאַל־פּאָליטישער און געזעל־שאַפטלעכער צוזאַמענטרעף מיט די אַראַבער. די נייע ריכטונג אין אונדזער אַרבעט אין לאַנד, די פּאָליטישע עלעמענטן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און דעם מאַנדאַט, די אַנטוויקלונג און אויסברייטערונג פון אונדזער ווערק, האָבן רייף געמאַכט די נויטווענדיקייט פון דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף. מיטן אומאויפהערלעכן פאַרגרעסערן אונדזער כוח אין לאַנד, מיט אונדזער פעסטן באַשלוס אויפצונעמען רעאַליסטיש די אַרומיקעווירקלעכקייט און מיט אונ־דזער פּרינציפּיעלער פּאָזיטיווער איינשטעלונג פאַר פריינטלעכע באַציאונ־גען, וועלן מיר אויסטרעטן און אויסגלייכן דעם וועג צו אַ פרידלעכן צוזאַ־מענלעבן.

און ענדלעך דער פינפטער מאָמענט: די שאַפונג פון „קרן היסוד״.

די באַוועגונג און דאָס אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל עקזיסטירן מיט דער הילף פון די אַראַנזשירונגען און אינסטיטוציעס, וועלכע מיר האָבן צו פאַרדאַנקען דער געניאַלער איניציאַטיוו פון ד״ר הערצל. „קרן היסוד״, דאָ־קעגן, איז דער ערשטער אַרומנעמענדיקער פינאַנציעלער אינסטרומענט וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך הערצלען, געשאַפן געוואָרן אונטערן נאַטירלעכן דרוק פון דער נויטווענדיקייט אין אַ גרויסן קאָלאָניזאַטאָרישן ווערק נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז דאָס פאָלק האָט זיך נישט ווי געהעריק אָפּגע־רופן, האָט מיט זיין מאַטעריעלער אָפּערווויליקייט נישט אַנגעיאָגט דעם טעמפּאָ פון דער פיזישער קרבנות גרייטקייט פון דער חלוצישער יוגנט און אַז ווייצמאַנס פראַגע „יידיש פאָלק, ווו ביזטו?״, האָט קיין גענוגנדיקן ענט־פער נישט באַקומען. און דאָך טאָר מען נישט פאַרמינערן די באַדייטונג פון דער געשעעניש פון שאַפן דעם „קרן היסוד״. מיט דער פאַרמיטלונג פון „קרן היסוד״, ווי אויך פון „קרן קימת״, טראָגט דאָס פאָלק אַריין פרייוויליק מער פון אַ מיליאָן פונט אַ יאָר פאַר דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. אַזאַ מאַסשטאַב פון פרייוויליקע שפענדונגען איז אָן ספק אַן אויסנאַם אין אונדזער געשיכטע, באַזונדערס, אויב מיר וועלן נעמען אין אַכט די פאַרוויקלטע באַ־דינגונגען פון אונדזער אַרבעט, קריזיסן און אַנטוישונגען, גיפטיקע אינסי־נואַציעס, פון רעכטס און לינקס, ווי אויך אונדזער אומפעאיקייט פאָפּולער צו מאַכן אונדזער ווערק פון אַ ניי לעבן אין ארץ־ישראל.

מיט דער הילף פון „קרן היסוד״ און „קרן קימת״ וועט אפשר דאָך גע־געבן ווערן אַן ענטפער אויף דער פראַגע „יידיש פאָלק, ווו ביזטו?״. דער דערפאָלג פון „קרן היסוד״ דאַרף סטימולירן די ציוניסטישע פעאיקייטן צו אַנטדעקן נייע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן כדי צו פאַרזיכערן דעם אויפבוי

פון לאַנד. אויף יעדן פּאַל דאַרפן מיר זיך באַציען מיט רעספּעקט און צוטרוי צום דאָזיקן דערפּאָלגרייכן פינאַנציעלן אינסטרומענט.

איך האָב אויסגערעכנט פינף געשעענישן, נישט דערמאָנענדיק אַנדערע וויכטיקע דערשיינונגען: די אויסלייזונג פון באָדן, די אויסברייטערונג פון דער קאָלאָניזאַציע, די פאַרשטאַרקונג פון דער עליה, די עקספּאַנסיע אין די שטעט און די פאַרהעלטניסמעסיקע אויסבעסערונג פון דער מדינה־אַדמיניס־טראַציע. איך האָב בלויז געוואָלט אונטערשטרייכן ב יי ע זאַכן, רעוואָ־לוציאָנערע, און נישט יענע, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן לאַנג פאַר דער דע־קלאַראַציע.

וואָס מיר דאַרפן יאָ נאָך באַצייכענען, איז די אַנטפּלעקונג פון דער שע־פערישער קאַפּאַציטעט פון דעם יידישן אַרבעטער און זיין פעאיקייט צו דעראָבערן אַלע פּאָכן וואָס זיינען נויטיק פאַרן אויפבוי פון לאַנד. מיר דאַרפן אויך דערמאָנען די באַדייטנדיקע אויפשטייגן פון דער אַרבעטנדיקער פרוי.

## ב.

און איצט לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף די „אַנטוישונגען" און זייערע סי־בות. נישט אַלע אַנטוישונגען האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דווקא דער מאַנדאַט־אַדמיניסטראַציע. נישט ווייניק שולדיק זיינען אויך מיר אַליין. די דעקלאַ־ראַציע האָט אונדז פּאָליטיש פאַרשיכורט. מיר האָבן אין איר געזען דעם אַפּאָטעאָז פון אונדזער ציוניסטיש ווערק און די הויפּט־באַזע פאַר אונדזערע אויפבוי־מעגלעכקייטן אין דער צוקונפט. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ לייכטזיניקע באַציאונג צו דער רעאַלער שאַפונג און צו די שווערע פליכטן ביים פאַרפעסטיקן אונדזערע פונדאַמענטן. די צייטונגען דערמאָנען אונדז איצט די משיחישע לעגענדעס וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין די גלות־לענ־דער נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אויף קיין ארץ ישראל זיינען דאַן דער־גאַנגען קלאַנגען וועגן אַ „יידישער רעפּובליק", מיט אַ פּרעזידענט און מיט קוריאָזע איינטיילונגען פון מיניסטער־פּאָרטפעלן: ד ע ר — אויסערן־מי־ניסטער, י ע נ ע ר — קונסט־מיניסטער אאַז"וו. די ערשטע רומענישע עולים וואָס זיינען געקומען באַלד נאָך דער אָקופּאַציע האָבן מיטגעבראַכט אַ בילד פון לואי בראַנדייס מיט דער אויפשריפט: „פּרעזידענט פון דער יידי־שער רעפּובליק". די עצם מעגלעכקייט פון אַזעלכע בטלנישע פאַנטאַזיעס האָט אונדז דאַן באַלייידיקט און האָט אויך אַרויסגערופן אַ טיפע זאָרג: פון וואַ־נען נעמט זיך צו אונדזער פאָלק וואָס איז אַזוי רייך אין דערפאַרונגען אַזאַ אינסטינקט פאַר לייכטן און שנעלן שניט? האָבן מיר שוין אַזויפיל געזייט אויף די פעלדער פון אונדזער רענעסאַנס, אַז עס זאָל אונדז קומען אַזאַ שניט?

וואָס אָן אמת, נישט אַלע זיינען ביי אונדז געפאַנגען געוואָרן פון אַזעל־

כע אינסטינקטן און פּאָליטישע פאַנטאַזיעס. עס זיינען אויך געווען אויסנאַ־מען. דער „הפּועל הצעיר", למשל, האָט נישט אונטערגעשאַצט דעם ווערט פון דער דעקלאַראַציע, אָבער אין דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שמחה האָט ער געפונען פאַר נויטווענדיק אַרויסצורוקן און אונטערצושטרייכן זיין פאָדע־רונג וועגן אַ באַלדיקער קאָלאָניזאַטאָרישער רעאַלער אַרבעט. אַנשטאָט אַבסטראַקטע פּאָליטישע פאָדערונגען האָט ער געשטעלט אין צענטער פון אונדזערע אינטערעסן די מאָנונג פון „ערד און אַרבעט" — „די צוויי עיקר־עלעמענטן וואָס דאַרפן פאַרשטאַרקן דעם לעבנס־דופק אין ישוב און סטימו־לירן דעם אָנהויב פון אַ נייער תקופה אין דער ציוניסטישער אַרבעט אין לאַנד". אין דעם האָט דער „הפּועל הצעיר" געזען „די באַזע און די רעאַלע גאַ־ראַנטיע פאַרן ציוניזם אין אַלע סיטואַציעס" און אַזוי האָט ער אויך געשריבן צום ערשטן דעלעגאַטן־קאָמיטעט (ועד־הצירים). ליידער האָט מען אין די דאָ־זיקע ווערטער דאַן געזען נישט מער ווי אַ פּראָגראַם פון מינימאַליסטן — קעגנאיבער די כלומרשטע ברייטע פּאָליטישע האָריזאָנטן.

איצט פאַרשטייען שוין אַלע, אַז ווען מיר וואָלטן ווירקלעך אָנגעהויבן די נייע תקופה מיט גרויסע דעראָבערונגען אויפן געביט פון ערד און אַרבעט, ווען מיר וואָלטן נישט פאַרטאַכלעוועט אַזוי פיל יאָרן אויף אומפּראָדוקטיווער פּאָליטיק, וואָלטן היינט אַ סך שטאַרקער געווען סיי די פּאָליטישע און סיי די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אונדזערע.

רעזומירנדיק די דאָזיקע צען יאָר שטעלט זיך די פאַרגאַנגענע צייט פאַר נישט אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך זי געווונטשן. מיר דאַרפן זי אָבער באַ־טראַכטן ווי אַ וויכטיקע צוגרייטונגס־עפּאָכע.

און פון שטאַנדפּונקט פון צוגרייטונג, לאָמיר נישט פאַרשווייגן נאָך אַ מאָמענט: די הויך־קאָמיסאַרשאַפט פון הערבערט סעמיועל. זיין קאָמיסאַר־שאַפט ווערט דורך אַ סך פון אונדז אויפגענומען ווי אַ טייערער פּאָליטישער אַרגאַמענט אין דעם שאַץ פון אונדזערע נאַציאָנאַלע סענטימענטן אין באַ־צוג צו דער צוקונפט. הערבערט סעמיועל איז געווען אַ בריטישער קאָמיסאַר, אָבער ער איז אַהער געקומען ווי אַ ייד און האָט זיך געוויזן ווי אַ טרייער ציוניסט, אַזוי האָט זיך געוויזן דער ערשטער קאָמיסאַר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ער איז, הייסט עס, געווען דער ערשטער מיט וועלכן ס'איז פאַרבונדן אונדזער ווידער־דערשיינונג אויפן פּאָליטישן האָרי־זאָנט אין דעם דאָזיקן מזרח־לאַנד.

אוודאי זיינען געווען ווייטיקלעכע פלעקן און שאָטנס אין סעמיועלס קאָמיסאַרשאַפט. אָבער אין דער אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער קאָמיסאַרשאַפט וועט דעצידירן די שיטה מיט וועלכער עס האָט זיך באַנוצט אחד העם ביים אָפּשאַצן די לעגענדע וועגן משה רבנו און איר פּלאַץ אין דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. די מאַסן האָבן די דאָזיקע אָפּשאַצונג געבראַכט צום אויסדרוק ווען אויף סעמיועלס אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַן ענגלענדער. עס איז

אויך וויכטיק צו וויסן, ווי אַזוי דער פאַקט פון סעמיועלס קאָמיסאַרשאַפט האָט זיך אויסגעווירקט אין די טיפענישן פון די אַראַבישע געפילן און געדאַנקען. סעמיועל האָט געשטרעבט צו שלום אין די פּאָליטישע באַציאונגען און די דאָזיקע שטרעבונג זיינע האָט אָפטמאָל דאָמינירט איבער פאַרשיידענע אַקטועלע אינטערעסן אונדזערע. לויט מיין מיינונג האָט ער געהאַנדלט ל ט ו ב ת די אינטערעסן פון די צוקונפטיקע דורות.

אוודאי איז ער אויך באַגאַנגען פעלערן, און צווישן אַנדערע אויך דעם ווייטיקלעכן פעלער פון דעם 3טן יוני.*) פאַר די דאָזיקע קאָנצעסיעס צו די אַראַבער האָבן מיר געצאָלט אַ הויכן פּרייז. אין די טעג פון סעמיועלס הערשאַפט האָבן זיך די „טאָל־באַאַמטע" צוגעוווינט, פון מאָל צו מאָל, אָראָפּצונעמען פון טאָג־אָרדענונג די פאַרווירקלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אין זיין צייט איז אויך געשען, אַז יידיש בלוט איז אומזיסט און אומנישט פאַרגאָסן געוואָרן אין די גאַסן פון יהודה. די דאָזיקע ווונד איז נאָך ביז היינט נישט פאַרהיילט געוואָרן...

אָבער ביי דער גאַנצער פּיינלעכקייט פון די דאָזיקע זכרונות דאַרף זיין הערשאַפט פאַרצייכנט ווערן ווי אַ פאַקטאָר פון שלום אין אונדזער ווידערדערשיינונג צווישן די מזרח־פעלקער.

עס זיינען פאַריבער די ערשטע צען צוגרייטונגס־יאָרן. איצט דאַרף זיך אָנהויבן דער ערשטער קאַפּיטל פון דער באַמתדיקער רעאַליזירונג פון דער דעקלאַראַציע. עס איז די העכסטע צייט פאַר קאָאָפּעראַציע צווישן אונדז און דער מאַנדאַט־רעגירונג אין דעם אויפבוי פון אונדזער נאַציאָנאַלער היים. דער עיקר איז די קאָלאָניזאַציע. אין ברייטער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע וועלן מיר אויך געפינען דעם באַלדיקן ענטפער אויף די פּראָבלעמען וואָס זיינען אויפגעשווומען מיטן קריזיס.

אין דער קאָאָפּעראַציע מיט דער רעגירונג זוכן מיר נישט נאָר פּאָליטישע אַספּעקטן, נאָר אויך בשותפותדיקע זאָרג פאַר די פינאַנצן, וועלכע זיינען נויטיק פאַר דער קאָלאָניזאַציע. די דאָזיקע קאָאָפּעראַציע דאַרף זיין פאַרבונדן איבערהויפּט מיט א ו נ ד ז ע ר פערמאָגענטן, פאַרשטאַרקטן און אויסגעברייטערטן טאָט. ווען מיר וואָלטן אפילו געקענט אַ סך געווינען מיט בלויז אויסערלעכער הילף, וואָלטן מיר דאָס נישט גערדאַרפט וועלן. אונדזער צוקונפט און אונדזער נאַציאָנאַלער שטאָלץ פאַרפליכטן אונדז, קודם כל, צו אינוועסטירן אונדזערע אייגענע כוחות אין שאַפן דעם אָנהויב, דעם עיקר, דעם יסוד. אויב מיר וועלן טאָן אַליין וועלן אונדז אויך אַנדערע העלפן.

---

*) דעם 3טן יוני 1921, אין דעם געבורטסטאָג פון דעם ענגלישן קעניג, האָט סעמיועל פּראָקלאַמירט די נייע ענגלישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע פּאָליטיק וואָס האָט אָנגעזאָגט די פאַרשמעלערונג פון דער עליה איז געווען אַ פּאַטש אין פּנים די יידן; באַזונדערס אויף וויפל זי איז געקומען באַלד נאָך די אַראַבישע פּאָגראָמען אין חודש מאַי.

עס איז דאָ אין דער וועלט נאָך אַ פאָלק וואָס זיין לאַגע איז שטאַרק ענלעך צו אונדזער ספּעציפישער נאַציאָנאַלער לאַגע: דאָס אומגליקלעכע אַרמענישע פאָלק. אין מיטן דער וועלט־מלחמה האָט זיך פון מויל פון די גרויס־מאַכטן אַרויסגעכאַפּט אַ צוזאָג אויפצושטעלן „אַ נאַציאָנאַלע היים" אויך פאַר די באַרויבטע אַרמענער. יאָרן זיינען אַריבער און אָט האָבן מיר איצט, אויף דער לעצטער סעסיע פון פעלקער־בונד, פון מויל פון דעם פאָטער פון היים־לאָזע און יתומים אין דער וועלט, ד"ר נאַנסען, געהערט וואָס עס איז אַרויסגעקומען פון דעם דאָזיקן צוזאָג. ד"ר נאַנסען איז באַאויפטראַגט געוואָרן מיט אַן אויפגאַבע אויפצושטעלן די אַרמענישע נאַציאָנאַלע היים, אָבער זיין גאַנצע איבערגעגעבנקייט און אַלע זיינע באַמיאונגען זיינען אַוועק אין ניוועץ. ער דערציילט וועגן דער גלייכגילטיקייט מצד אַלע רעגירונגען, וועגן דעם אומווילן צו העלפן אים מיט וואָס ס'זאָל נישט זיין און וועגן דעם דורכפאַל פון זיין אַקציע צו באַקומען די נויטיקע מיטלען פאַר דער אַרמעני־שער „היים". ד"ר נאַנסען האָט זיך איבערצייגט, אַז די גאַנצע זאַך איז נישט מער ווי אַ פּאָליטישע פּיקציע און מיט אַ ביטערן געפיל פון אַנטוישונג האָט ער געמאָלדן, אַז ער רעזיגנירט פון דער דאָזיקער אויפגאַבע. ד"ר נאַנסענס באַריכט האָט אַרויסגערופן אַ לייכטע דיסקוסיע, מען האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן אַ הלוואה פאַר די אַרמענער — צי ס'איז מעגלעך צו באַקומען אַזאַ הלוואה אָדער ס'איז אוממעגלעך, מען האָט אַרויסגעזאָגט סאָלאָן־אַרטיקע באַדויערונגס־ווערטער, מען האָט אויסגעדריקט אַ דאַנק דעם ד"ר נאַנסען... און מ'איז אַריבער צו דער טאָג־אָרדענונג. מיט דעם אייגנטלעך האָט זיך אָפּגעשלאָסן דאָס קאַפּיטל פון דער אַרמענישער „נאַציאָנאַלער היים".

אַזוי איז געשען מיט די אַרמענער, קעגנאיבער דעם דאָזיקן טראַגישן פאַקט איז אונדזער פליכט קלאָר און דייטלעך צו דערקלערן, אַז דאָס וואָס ס'איז געשען מיט די אַרמענער קען נישט געשען און וועט נישט געשען מיט דער נאַציאָנאַלער היים פון דעם יידישן פאָלק. אונדזער „היים" איז נישט קיין קאָניונקטור־פּראָדוקט פון דער וועלט־מלחמה. אונדזער „היים" האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אַריבערגייענדיקע פּאָליטישע קאָניונקטורן. נאָך אין די טעג פון דעם טערקישן סולטאַן אַבו־האַמיד האָבן מיר אָנגעהויבן פון דאָס ניי צו לייגן פונדאַמענטן פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער היים. מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַר־שיידענע סיטואַציעס, און די פונדאַמענטן זיינען פאַרבליבן אומדערשיטערט. מיר זיינען נישט איבערגעשראָקן געוואָרן אין די טעג פון אבדול־האַמיד, מיר זיינען נישט אויסגעריסן געוואָרן אין די טעג פון דזשעמאַל־פּאַשאַ*) און אויך אין די אָקופּאַציע־עטאַפּן פון דער נייער מאַכט זיינען מיר נישט דערשיטערט געוואָרן.

*) דער טערקישער מיליטערישער קאָמענדאַנט אין ארץ־ישראל אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט אַרויסגעגעבן שווערע גזירות אויפן יידישן ישוב אין לאַנד.

און איצט נאָך איין באַמערקונג — צו אונדז גופא. מיר פייערן דעם צען־יאָריקן יובילייַ אין אַ שווערער צייט פון קריזיס. דער קריזיס איז אַנטשטאַנען צוליב דעם וואָס מיר קענען נישט אָניאָגן די מעגלעכקייטן מחמת דעם קאָנפליקט צווישן די דרינגענדיקע באַדערפענישן און דער פּאַמעלעכדיקער עוואָלוציע. דער קריזיס האָט גורם געווען אַ געוויסע דעזאָריענטאַציע אין אונדזערע רייען. אונדזער ערנסטע אויפגאַבע פאַרפליכט אונדז אָבער צו פאַרשטיין, אַז אין אַזאַ אונטערנעמונג ווי אונדזערע זיינען קריזיסן אומפאַרמיידלעך. דאָס האָבן פאַרשטאַנען די ערשטע צווישן די ערשטע: די איינוווינער פון ירושלים וואָס האָבן געוואָגט צו פאַרלאָזן די אַלטע שטאָט און געבויט נייע קוואַרטאַלן מחוץ די מויערן; דאָס האָבן פאַרשטאַנען די וואָס האָבן געגרינדעט פּתח־תקוה; דאָס האָבן געוווסט די לייט פון ביל״ו און אַנדערע, פאַרשטאַנען, געוווסט, געוואָגט און געזיגט. אויך מיר מוזן דאָס וויסן.

און עס איז אַ פאַקט: פון יעדן קריזיס גייען מיר אַרויס געשטאַרקטע. אונדזער גאַנצע באַוועגונג ווערט געטראָגן אויף די כוואַליעס פון קריזיסן. דאָס רוסישע יידנטום האָט אין די אַכציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס און פון דאַנען האָט אויסגעבראָכן די אַקטיוויטעט פון חיבת־ציון. דער ציוניזם האָט דורכגעלעבט אַן אינערלעכן קריזיס נאָך „אוגאַנדע״, און דאַן איז געבוירן געוואָרן די באַוועגונג פון כיבוש העבודה און עס איז באַנייט געוואָרן די רעאַלע אַרבעט אין ארץ־ישראל. נאָך דעם שרעקלעכן קריזיס אינעם לעבן פון פאָלק אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דערגרייכט געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע אנערקענונג פון אונדזער נאַציאָנאַלער היים.

מיר וועלן אויך אין דער צוקונפט נישט אויסמיידן קיין קריזיסן. דער שווערער קעגנזאַץ צווישן די באַדערפענישן און מעגלעכקייטן וועט אָנהאַלטן אויך ווייטער. על פי רוב קומען ביי אונדז די קריזיסן אין רעזולטאַט פון אַן אַזאַרטפולן נייעם שריט. אָבער בויענדיק אַ ניי לעבן מוזן מיר זיך פון מאָל צו מאָל אויסשטעלן אויף אַזעלכע געפאַרן. מיר מוזן דורכויס אויסנוצן דעם דרוק פון די באַדערפענישן כדי צו פאַרשנעלערן דעם טעמפּאָ פון אונדזער אַרבעט. אוודאי ברענגען די קריזיסן אויך ווייטיקן און שווערע פאַרלוסטן. אָבער אין די זיגזאַגן פון אונדזער שאַפונגס־וועג דערמאָנען מיר זיך אין די ווערטער פון יחזקאל: „ואעבור עליך וארא̇ך מתבוססת בדמיך ואומר לך: בדמיך חיי״ (און איך בין פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דיר און איך האָב דיך געזען זיך וואַלגערן אין דיין בלוט און איך האָב געזאָגט צו דיר: לעב אין דיין בלוט!). און מיר זאָגן צו אונדזער באַוועגונג: אין דיינע קריזיסן לעב!

אין דער איצטיקער קריזיס, וועלכער שטאַמט נישט פון אונדזער אויפבוי־ווערק, נאָר פון די באַדינגונגען אין די גלות־לענדער וועט נאָך לאָזן וואַקסן נייע מעגלעכקייטן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם.

# און וואָס ווייטער?

מיט וועלכע מיטלען וועלן מיר ממשיך זיין דעם אויפבוי פון אונדזער לאַנד? דאָס איז די עיקר־פראַגע וואָס דאַרף אונדז איצט באַשעפטיקן און באַזאָרגן. מיר האָבן געהאָפט, אַז מיט דער פאַרברייטערונג פון דער יידישער אַגענץ וועלן קומען די מיטלען און עס וועט אויסגעאַרבעט ווערן אַ פּראָיעקט פון אַ גרויסצוגיק קאָלאָניזאַטאָריש ווערק. עס זיינען אָבער, וואָרשיינלעך, נישטאָ קיין אויסזיכטן, אַז דער צוגעקומענער טייל פון דער אַגענץ זאָל זיין דער טרעגער פון אונדזער ווערק אין דער נאָענטער צוקונפט. מיר האָבן אויך געטרוימט וועגן אַ נאַציאָנאַלער, אָדער אינטערנאַציאָנאַלער, צי ענגלישער הלואה, אָבער די פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס פון די לעצטע צוויי יאָר האָבן ביז גאָר אָפּגעשוואַכט די האָפענונג, אַז דער דאָזיקער טרוים זאָל פאַרווירקלעכט ווערן.

פאַראַן אַזעלכע וואָס גלויבן, אַז דער פּריוואַטער קאַפּיטאַל וועט אויפבויען דאָס לאַנד. עס איז אָבער אַ ספק, צי דער גרויסער פּריוואַט־קאַפּיטאַל וועט גיין קיין ארץ־ישראל און נאָך מער ספקדיק איז זיין נאַציאָנאַלער נוצן. אַ סך וויכטיקער איז דער מיטעלער און קליינער קאַפּיטאַל — דער פאַרמעגן פון בעל־ביתישע יידן — וואָס מען דאַרף אים איצט ראַטעווען אפילו אין אַמעריקע פון וואַנען מען דאַרף אים איבערפירן קיין ארץ־ישראל און אינוועסטירן אין קאָנסטרוקטיווע אונטערנעמונגען. נאָר אפילו אַזאַ קאַפּיטאַל — לויט זיין וועזן — ציט זיך קיין ארץ ישראל בלויז ווען עס איז דאָ אַן אַלגעמיינע פאַראינטערעסירונג, ווען פאַרויס גייט אַן עליה פון אַרבעטער־מאַסן און אין לאַנד הערשט אַן אָפּטימיסטישע שטימונג. איצט, ליידער, גייט נישט קיין מאַסן־עליה. וואָס שייך דער שטימונג זעט עס אויס, אַז דער פּריוואַטער קאַפּיטאַל וואָס פאַראַיאָרן און פאַר צוויי יאָרן האָט ער געמאַכט גרויסע אינוועסטיציעס, דערנענטערט זיך איצט צו דער לאַגע פון „קהלית ציון*) אין וועמענס אונטערנעמונגען אין לאַנד ס'איז אויסגעבראָכן אַ קריזיס צוליב דעם שווערן קריזיס אין אַמעריקע (!) און צוליב אומבאַרעכנטע טראַנזאַקציעס.

אַזוי אַרום איז געבליבן בלויז „קרן היסוד“. „קרן היסוד“ האָט אויפגעטאָן וווּנדער, אָבער אַלץ האָט אַ גרענעץ. אמת, אין אייראָפּע זיינען נאָך די הכנסות געבליבן אויף דער זעלביקער הייך, אָבער עס פילט זיך שוין אַ מידקייט, עס איז אויך משפיע דער קריזיס אין אויסלאַנד און עס קענען זיך נאָך אומקערן די זאַמלונגס־מאַסשטאַבן פון די „חובבי־ציון“

---

*) אַ געזעלשאַפט געגרינדעט אין יאָר 1924 דורך אַמעריקאַנער ציוניסטן מיטן ציל צו דערווערבן ערד און צוגרייטן זי פאַר קאָלאָניזאַציע. צו איר האָבן געהערט די ערד־שטחים פון עפולה און איר אומגעבונג און פון היפה טאָל.

מוז מען דורכבערעכן נייע וועגן. מען מוז מיט געמיינזאַמע דורכגעטראַכ־טע גרויסע אָנשטרענגונגען אונטערנעמען אַ גראַנדיעזע אַקציע. מיר קענען נישט וואַרטן אויף נסים. מיר האָבן אויך מער נישט וואָס אייסצוקוקן אייף מיליאָנערן. די  ה ל ו א ה,  צוליב די איצטיקע באַדינגונגען, איז אָפּגערוקט אין אַ זייט. און די שאַבלאָן־סיסטעמען פון „קרן היסוד" וועלן אונדז אויך נישט ברענגען די נויטיקע מיטלען פאַר עליה און אויפבוי. שלאָג איך פאָר צו ווענדן זיך דירעקט צו די ברייטע פאָלקס־מאַסן און באַוועגן זיי צו אַ ווירק־לעך גרויסער אַקציע פון פרייוויליקע שפּענדונגען. דער געדאַנק איז — צו דערווערבן אַ מיליאָן פונט דורך אַ פּאָפּולערער פאָדערונג פון אַ פונט פון אַ מענטשן. דער פאָרשלאָג איז שוין געקומען צו דער פּרעסע און איז שוין דאָרט פאַרקריפּלט געוואָרן. די פּרעסע האָט אים אַרויסגעשטעלט ווי אַ „בטלנישן" פאָרשלאָג וואָס זאָגט צו אַ לייכטע יערלעכע נעטאָ־הכנסה פון אַ מיליאָן פונט. אָבער דער אויסגאַנגס־פּונקט פון דעם פאָרשלאָג איז נישט דער מיליאָן פונט, נאָר דער  מ י ל י א ָ ן  יי ד ן,  וועלכע מען דאַרף דער־ווערבן און דירעקט פאַראינטערעסירן אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל. צו דעם צוועק דאַרף מען אַרויסרופן אַ „פסיכאָז": אַ באַגייסטן ווילן פון דעם פאָלק צו שאַפן אַ קאָלאָניזאַציע־ווערק.

קענען איצט הונדערטער טויזנטער יידן צאָלן אַ פונט אַ יאָר יעדערער? לויט מיין מיינונג — יאָ; דאָס הענגט נאָר אָפּ דערפון, ווי אַזוי די זאַך וועט אָרגאַניזירט ווערן, ווי אַזוי מען וועט קומען צום פאָלק, וואָס וועט מען דעם פאָלק זאָגן און מיט וואָס פאַר אַ טעמפּעראַמענט. יעדערער ייד וואָס וועט שפּענדן אַ פונט וועט אויטאָמאַטיש ווערן אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אַגענץ. מיר געדענקען אַלע די טעג ווען ס'איז אין ציריך גע־גרינדעט געוואָרן די אַגענץ; יענע געהויבענע שטימונג ווען אפילו דער קעג־נער אוסישקין האָט זיך אויפגערעגט און גערעדט וועגן אַ נייעם קאַפּיטל אין ציוניזם, וועגן פאָלקס־ציוניזם. אָבער די געפילן וואָס האָבן אונדז באַגלייט בעת דער גרינדונג פון דער אַגענץ האָבן זיך שפּעטער נישט באַרעכטיקט. מען טאָר נישט זאָגן, אַז די פאַרברייטערונג פון דער אַגענץ האָט געבראַכט שאָדן. פאַרקערט, אין די טעג פון פּאָליטישן קלעם האָבן די אַגענץ־לייט און די עצם ראָם פון דער אַגענץ געדינט ווי אַ וויכטיקע אונטערשטיצונג אין אונ־דזער קאַמף. אמת, אין פינאַנציעלער און עקאָנאָמישער הינזיכט האָט די אַגענץ דורכויס אַנטוישט, אָבער פון דאַנען איז נישט געדרונגען, אַז מען דאַרף זי ליקווידירן. אַדרבא, די אַרבעטס־באַוועגונג דאַרף זיך באַמיען צו פאַרפעסטיקן די אַגענץ און מאַכן זי ווי ווייט מעגלעך פאָלקסטימלעך, כדי צוצופּאַסן זי צו אירע צילן און אויפגאַבן. ווען מיר האָבן געגעבן אונדזער הסכמה צו דער פאַרברייטערונג פון דער אַגענץ האָבן מיר בפירוש דערקלערט, אַז מיר וועלן קעמפן פאַר איר דעמאָקראַטיזירונג. אַנשטאָט אַן אַגענץ מיט יחידים, מיט „נאָטאַבלען", דאַרף מען אויפשטעלן אַן אַגענץ פון  מ א ס ן.

די מאַסן וועלן צווינגען אויך די יחידים, די פּרנסים און גבירים, צו דערפילן זייער פליכט אין באַצוג צום אויפבוי פון ארץ־ישראל. אַן אַגענץ, צו וועלכער ס'וועלן געהערן אַ מיליאָן יידישע מיטגלידער וועט זיין נישט אַ „פּאַרביי־טערטע", נאָר אַ לעגיטימע אַגענץ פון דעם יידישן פאָלק. דאָס אַליין דאַרף זיין גענוג, כדי צו דערוועקן די הערצער און סטימולירן די געהעריקע אַקטיוויטעט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם פּלאַן.

דער פּלאַן גיט אַ מעגלעכקייט צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם פאַר דער אַבסאָרבירונג פון מענטשן און קרייזן, וועלכע זיינען נאָך נישט רייף פּסי־כאָלאָגיש אַנצושליסן זיך אַן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. כלערליי יידן, רייכע און אָרימע, מיטגלידער פון די „געווערקשאַפטן" אין אַמעריקע, מיט־גלידער פון די „פאַרבאַנדן", פון די קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן, פון די האַנט־ווערקער־פאַריינען, סוחרים־פאַריינען, „בני־ברית"־לאָזשעס, חברים פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און סתם יידן, אַנאָנימע יידן, מאַסן... אַלע זיינען זיי אין דער פאַרגאַנגענהייט, צי אין קעגנוואַרט פאַרבונדן מיט באַגריפן, טראַדיציעס און געפילן, וואָס פאַרצוימען זיי דעם וועג צו דער ציוני־סטישער אָרגאַניזאַציע.

דער ציל פון דער פאָרגעשלאָגענער אַקציע איז אַרויסצורייסן די קאָלאָ־ניזאַציע פון דעם טעמפּן ווינקל און אַרויספירן זי אויפן ברייטן של־אַד. מען רעדט ביי אונדז וועגן קריזיס פון „פירערשאַפט", פון „אידעאָלאָגיע", פון „ענד־ציל", פון פּאָליטישן וועג, פון אָרגאַניזאַציע און אַז"וו, דאָס אַלץ איז אָבער גאָרנישט אַנטקעגן דעם הויפּט קריזיס: דער קריזיס אין דער קאָלאָניזאַציע. שוין יאָרן לאַנג ווי מיר מוזן נישט אויף קיין נייע זאַכן אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע. מיר שפּייזן זיך נאָך אַלץ פון דער התחלה אין עמק יזרעאל, מיר שפּייזן זיך פון עקאָנאָ־מישע סורפּריזן מצד דער פּריוואַטער איניציאַטיוו, פון אַ גוטער קאָניונקטור אויפן ציטרוס־מאַרק, מיט וואָס אָבער וועלן מיר שפּייזן די באַוועגונג אין דער צוקונפט און ווי אַזוי וועלן מיר פאַרזעצן אונדזער סיסטעמאַטישע קאָנסטרוק־טיווע אַרבעט? אָט איז די „קאָלאָניזירונג פון 1000" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „קאָלאָניזירונג פון 400" און אויך דאָס אין נעבעכדיקע באַדינגונגען.*)

*) די „קאָלאָניזירונג פון 1000" איז געווען אַ פּרוּוו צו מאַכן קאָלאָניזאַציע מיט דער הילף פון געזעלשאַפטן און יחידים וואָס שטייען מחוץ דער יידישער אַגענץ און איר קאָלאָניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט. די פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם דאָזיקן פּראָיעקט זיינען געווען פול מיט ראַנגלענישן און קריזיסן, וועלכע האָבן געדויערט כמעט דריי יאָר (1920—1932). נאָך אַלעמען זיינען קאָלאָניזירט געוואָרן בלויז 400 משפּחות. און נאָר אַדאַנק די באַזוי־דערע אַנשטרענגונגען פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג איז ערשט אין יאָר 1937 פאַרענדיקט געוואָרן די אויסשטאַטונג פון נאָך עטלעכע הונדערט פאַמיליעס, וועלכע זיינען נישט באַשטעטיקט געוואָרן פאַר קאָלאָניזאַציע דורך דער געזעלשאַפט, וואָס איז אויטאָריזירט געוואָרן צו פאַרווירקלעכן די קאָלאָניזירונג פון 1000.

אונדזער פֿאָרשלאָג ווערט דעריבער געמאַכט אונטער דעם לאָזונג: „דער אָנ־הויב פֿון דער קאָלאָניזירונג פֿון נייע טויזנטער משפּחות".

דער פֿאָרגעשלאָגענער פּלאַן קען פֿאַרווירקלעכט ווערן מיט דער הילף פֿון דער אָרגאַניזירטער יוגנט און פֿון די אַלע וואָס האָבן ביז איצט נישט געקענט טעטיק זיין לטובת „קרן היסוד". דער פּראָגראַם פֿון „קרן היסוד" באַזירט זיך אויף דעם דערהויבענעם מאָראַלישן פּרינציפּ פֿון „מעשר". דער דאָזיקער פּרינ־ציפּ איז פּאַקטיש קיינמאָל נישט רעאַליזירט געוואָרן, אָבער ער האָט געלייגט זיין סטעמפּל אויף דעם סיסטעם און דער פֿאָרם פֿון דער טעטיקייט פֿון „קרן היסוד". פֿאַר „מעשר" דאַרף מען האָבן פֿון וואָס צו נעמען אַ צענט־חלק, האָט מען איבערהויפּט אין זינען געהאַט די פֿאַרמעגלעכע, די קאַפּיטאַליסטן, די געשעפֿטס־לייט. לויט די קרייזן פֿון די עווענטועלע „מעשר"־געבער זיינען אויך אויסגעשולט געוואָרן ספּעציפֿישע קאַדרען פֿון „מעשר"־נעמער. פֿון „מעשר" האָט מען זיך שוין לאַנג אַראָפּגעלאָזט צו גאָר קליינע שפּענדונגען. אפילו געציילטע דאָלאַרן, אָדער אַ פֿונט, אָבער דער צוגאַנג איז אַלעמאָל אַזוי ווי מען וואָלט גענומען צענדליקער צי הונדערטער פֿונטן. אויב אין אַ קרן־היסוד־דעלעגאַציע קיין אַמעריקע מוז זיין — ווי מען ווילט זיך — לפּחות איין שעקספּיר און אויב אויף דורכצופֿירן אַ קאַמפּיין ערגעץ ווו אין אַ שטעטל מוז מען צו דער פֿאָדערונג פֿון קרן־היסוד צוגעבן אַ בריוו פֿון אַ פּרעמיער אָדער פֿון אַ זיגער אין דער וועלט־מלחמה, איז פֿאַר אַ באַזוך ביי אַן עווענ־טועלן „מעשר"־צאָלער נויטיק אַ הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייט מיט טאַ־לאַנט, השפּעה און תּקיפֿות. אָט אַזוי האָבן זיך אין דער טעטיקייט פֿון „קרן היסוד" אויסגעשולט ספּעציפֿישע טעכניק, סטיל און פּראָפֿעסיאָנעלע באַאַמטן־טיפּן; אין דער דאָזיקער קאָנסטרוקציע איז נישט געווען קיין אָרט פֿאַר דער טעטיקייט פֿון יוגנטלעכע. די פּאַרטייען און די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט פּרינציפּיעלע רעזאָלוציעס לטובת „קרן היסוד", ווייל העלפֿן ווי עס באַדאַרף צו זיין אין דער פּראַקטישער אַרבעט האָבן זיי נישט געקענט.

די אַלע וואָס זיינען נישט אַקטיוו לטובת קרן־היסוד וועלן בכן קענען מאָ־ביליזירט ווערן פֿאַר דער רעגיסטראַציע און פֿאָלקסטימלעכע זאַמלונגען לטובת דער אַגענץ.

פֿון צווישן די ציוניסטישע און נאַציאָנאַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, די חברות פֿון „הדסה" און „וויצאָ", די ליגעס פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, דאַרף מען מאָביליזירן פֿופֿציק טויזנט אַקטי־ווע טוערס פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם פּלאַן. זיי וועלן גיין נישט לויט פֿאַרויס באַשטימטע אַדרעסן, נאָר פֿון גאַס צו גאַס, פֿון הויז צו הויז. עס דאַרף זיין אַ מין פֿאָלקס־ציילונג אין דער וועלט.

# צום 17טן ציוניסטישן קאָנגרעס

(לויט א רעדע אויפן פּאַרטיי־ראַט פון מפא״י)

עס קורסירן פּאָפּולערע לאָזונגען וועגן די אויפגאַבן פון קאָנגרעס — וואַל־לאָזונגען. לויט די רעוויזיאָניסטן און די מזרחיסטן איז די אויפגאַבע פון באַעגטסטן קאָנגרעס פעסטצושטעלן דעם „ענד־ציל״ פון ציוניזם וואָס וועט געשען באחרים הימים. די צווייטע פראַגע — פאַר זיי אפשר די צענטראַלע — איז: ווער וועט שטיין אין דער שפּיץ? די דריטע פראַגע — פאַר געוויסע קרייזן זייער אַ קעמפערישע — איז די פראַגע פונעם מיטלקלאַס. צום סוף קומט נאָך די פראַגע וועגן דעם געזעצגעבערישן ראַט. איך ברענג דאָ בלויז די פראַגן וואָס שטייען אין צ ע נ ט ע ר פון דעם ערב־קאָנגרעס־קאַמף.

לויט אונדזער מיינונג שטייט דער קאָנגרעס פאַר גאַנץ אַנדערע פּראָבלע־מען, אָבער מיר ווערלן מוזן נעמען אַ שטעלונג אויך צו די אויבנדערמאָנטע פראַגן.

די פאָדערונג צו דעפינירן דעם „ענד־ציל״ קומט סיי פון די רעוויזיאָ־ניסטן און סיי פון „ברית שלום״.*) אַ באַוועגונג וואָס לעבט, וואָס רעאַ־ליזירט אירע אידייען, גריבלט זיך נישט צופיל אין דער פאָרמולירונג פון „ענד־צילן״. אַזאַ מין גריבלען זיך פאַרטונקלט דעם באַוווסטזיין און איז אויך עלול צו שאַפן פּראָוואָקאַטיווע סיטואַציעס. אין אונדזער פאַל האַנדלט זיך זיכער נישט וועגן אַ לעבעדיקן פּאָליטישן אינהאַלט. דאָ איז נישט מער ווי פּאָליטישע ראָמאַנטיק וואָס שטאַמט פון אייניקע צעהיצטע מוחות. לאָמיר זיך איצט נישט באַשעפטיקן מיט פעסטשטעלן ענדגילטיקע דעפיניציעס, אַ לעבעדיקע אַקטיווע פאַרווירקלעכונגס־באַוועגונג קען זיך באַנוגענען מיט פעסטשטעלן אַ ציל אויב ער איז אפילו נישט דער סאַמע לעצטער. אין דעם ליגט איר כוח. יעדנפאַלס, דער קאָנגרעס פאַרזאַמלט זיך אונטער דער לאָ־זונג פון באַזעלער פּראָגראַם: שאַפן אַן עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטע היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. דעם פאָרשלאָג וועגן „ענד־ציל״ וועט מען דאַרפן פאָדערן אַראָפּצונעמען פון סדר־היום, נישט נאָר פון קאָנגרעס, נאָר פון דעם פּראַקטישן סדר־היום פון ציוניזם בכלל.

אויף דער פראַגע „ווער וועט שטיין אין דער שפּיץ?״ האָבן מיר שוין געגעבן אונדזער ענטפער דורך אונדזער פּאָזיטיווער באַציאונג צו ווייצמאַ־נען — די באַציאונג וואָס איז געקומען צו אַ באַגייסטערטן אויסדרוק בעת זיין באַזוך, דעם לעצטן פסח, אין לאַנד.

אויב ווייצמאַן וועט בלייבן אין דער שפּיץ וועט דאָס זיין אַ שווערער

*) אַ קרייז פון מענטשן וואָס האָבן געפּרעדיקט שלום מיט די אַראַבער — פּ א ר י ע ד ן פּ ר י י ז.

קלאַפּ פאַר די רעוויזיאָניסטן. אונדז אָבער באַזאָרגן אַנדערע גרונט־פראַגן, למשל, די פראַגע פון דער עקזעקוטיווע בכלל. עס איז קלאָר, אַז זי דאַרף זיך באַזירן אויף אַ קאָאַליציע פון די קאָנסטרוקטיווע ציוניסטישע עלעמענטן — אָן די רעוויזיאָניסטן. מען דאַרף וויילן אַן עקזעקוטיווע, נישט סתם פון פּאַרטיי־פאַרטרעטער, נאָר פון מענטשן איבערגעגעבענע וואָס זיינען פאַר־בונדן מיט דער באַוועגונג און זוכן וועגן צו באַנייען און אויסברייטערן זי.

אין דער פראַגע פון דעם מיטלשטאַנד וועלן זיך אויפן קאָנגרעס צעי־פלאַקערן די אינסטינקטן פון סאָציאַלער רעאַקציע און שנאה צו די אַרבע־טער. דער רעוויזיאָניזם איז דאָך נישט אַזוי אַ פּאָליטישע באַוועגונג ווי אַ צייטווייליקע מאַסקע פאַר סאָציאַלער רעאַקציע. נישט אומזיסט גרופּירן זיך אַרום דעם רעוויזיאָניזם כלערליי „פאַרביטערטע" בעלי־בתים אָדער עלע־מענטן וואָס באַטראַכטן זיך פאַר באַוואוהטע, צי אַזעלכע וואָס ווילן זיך נוקם זיין פאַר זייער אייגענער אומפעאיקייט אויפן געביט פון קאָנסטרוקטיוון ציוי־ניזם. רעדנדיק וועגן דעם רעאַקציאָנערן מהות פון רעוויזיאָניזם שליס איך אויס פון חשבון זיינע פּאָעטן, די פּאָליטישע „מקובלים", פּאָליטישע ראָמאַנ־טיקער און מאָדערנע „קץ"־רעכענער. אויך — די יוגנטלעכע פון בית"ר. אַ טייל יוגנטלעכע זיינען פּשוט פאַרבלענדט געוואָרן פון פאַשיסטישן מונדירן־גלאַנץ און שווערדן־רייץ, נאָר כדי צו באַשיינען זייער מיליטאַריזם און צוגעבן זייער באַוועגונג אַ געוויסן חן האָבן זיי זיך אויסגעפּוצט מיט „תל חי" און „יוסף טרומפּעלדאָר" - פּעדערן, אויסגעריסענע פון די שאַפונגס־פליגלען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; אַנדערע, להבדיל, האָבן זיך אויף אַזאַ שטייגער געפּוצט מיט „סאָציאַליזם".

אויב אָבער די ביתר־ייִנגלעך וועלן מקיים זיין די נבואה פון דעם „הויפּט־קאָמאַנדיר" זשאַבאָטינסקי וועגן ירשענען די החלוץ־באַוועגונג — דעם „נעגער וואָס האָט זיינס געטאָן" און צוליב דעם וועלן זיי אויף זיך נע־מען דעם יאָך פון אַרבעט, וועלן אויפשטעלן אַן אייגענע אַרבעטער־באַוועגונג וועלן גרינדן אַ באַנק אאַז"וו; אויב, הייסט עס, זיי וועלן אָנהייבן זיין „מטופל" מיט שאַפונג — וועלן זיי ב מ י ל א ווערן ערנסטער און וועלן רעוואָלטירן. זיי וועלן זיך דאַן נישט באַנוגענען מיט אַ פּאָר פּעדערן, זיי וועלן וועלן גאַנצע גאַנצע פליגלען — די שאַפונגס־פליגלען פון דער אַרבע־טערשאַפט — און וועלן אַזוי אַרום קומען צו דעם אמתן טרומפּעלדאָר.

די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער קאָלאָניזירונג פון דעם מיטלשטאַנד ווערט באַגלייט מיט אַגיטאַציע קעגן דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. מיר פון אונדזער זייט, הגם מיר פאָדערן קודם־כל און איבערהויפּט נאַציאָנאַלע אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע, באַשטייען מיר אויך אויף דעם, אַז מען זאָל זיך אויף אַן אָר־גאַניזירטן און סיסטעמאַטישן אופן אָפּגעבן מיט דער רעטונג פון די רעשט־לעך פון פאַרמעגן פון דעם יידישן מיטלשטאַנד אין די גלות־לענדער. גלייכ־צייטיק דאַרפן אויך צוגעגרייט ווערן די באַדינגונגען פאַר דער עליה און פּראָ־

דוקטיווער אָבסאָרבירונג פון די מיטלשטאַנד־עלעמענטן. די דאָזיקע טעטי־קייטן זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, ווייל די געשוווירענע פאַרטיידיקער פון דעם מיטלשטאַנד וואָס ווייסן ווי אַזוי צו קעמפן קעגן די אַרבעטער, זייַנען נישט פעאיק געווען אַרויסצוברענגען אידעאַליסטישע כלל־טוערס מיט טאַלאַנט פאַר פערמאַנענטער פּאָזיטיווער אַרבעט לטובת זייער קלאַס. אין דער פאַרנאַכלעסיקונג איז אויך שולדיק די ליבעראַליסטישע אנשויאונג וועגן „פרייהייט פאַר פּריוואַטער איניציאַטיוו“ און דעם „שאָדן“ פון געזעלשאַפט־לעכער אַריינמישונג אין די ענינים פון מיטלשטאַנד. דער אַלץ וואַקסנדיקער חורבן פון דעם יידישן מיטלשטאַנד אין פאַרשידענע לענדער פאַרפּליכטעט אונדז צו אַן אָרגאַניזירטער אַקטיווער טעטיקייט. מיר וועלן דאַרפן ווידמען אונדזער אויפמערקזאַמקייט און אויסטיילן כוחות פאַר דער דאָזיקער טעטי־קייט. דער קאָנגרעס וועט זיך דאַרפן ערנסט פאַרנעמען מיט דעם.

וואָס שייך דעם געזעצגעבערישן ראַט האַלט איך נישט אַז דער קאָנגרעס דאַרף אָננעמען פאַרפּליכטנדיקע באַשלוסן אין דער פראַגע, ווייל ווי אין איב־האַלט אַזוי אין די באַדינגונגען קענען נאָך פאַרקומען פאַרשידענע ענדע־רונגען.

אָבער נישט אין די דאָזיקע אויסגערעכנטע פראַגן דאַרף מען זען דעם שווער־פּונקט פון די פאָרשטייענדיקע קאָנגרעס־פאַרהאַנדלונגען. דער עיקר איז: ווי אַזוי און מיט וואָס וועלן מיר ווייטער בויען דאָס לאַנד?

בערך צוויי יאָר האָבן מיר זיך נישט אָפּגעגעבן מיט נייע שאַפונגען. זינט די אָב־געשעענישן*) ביז דעם מאַקדאָנאַלד־בריוו**) זיינען מיר געווען פאַרנומען מיט זעלבסטפאַרטיידיקונג, מיטן קאַמף קעגן אויסערלעכע פּראָ־וואָקאַציעס און אַטענטאַטן אויף אונדזערע רעכט און מיר האָבן נישט גע־קענט ווידמענען אונדזער אויפמערקזאַמקייט דעם מצב אין דער באַוועגונג, דער קאָנצענטרירונג פון מיטלען און דער אויסבויאונג פון דער אַגענץ. קערן מיר זיך אום איצט, ערב דעם 17טן קאָנגרעס, צו דער פּרי־עדדיקער ווירק־לעכקייט.

די ציוניסטישע באַוועגונג געפינט זיך אין אַ מצב פון אומאויפהערלע־כער ירידה. די מענטשן פון דעם דור וואָס האָט געשאַפן די באַוועגונג, ווערן עלטער און ווערן ווייניקער. אויך די פּאַרטיי־רייסענישן האָבן דערווייטערט אַ סך אַקטיווע כוחות. אמת, עס וואַקסט אַ יוגנט־באַוועגונג מיט מעכטיקע חלו־צישע מעגלעכקייטן, אָבער אויך זי קען נישט דערהייבן די ציוניסטישע פּאָ־טענצן אין דעם פאָלק אין גלות.

---

*) אב תרפ"ט (אויגוסט 1929), ווען די אַראַבער זיינען איבערגעפאַלן דעם יידישן ישוב; ס'זיינען דאַן געווען די גרויסע רציחות אין חברון, צפת און אַנד.

**) דער בריוו פון ענגלישן פּרעמיער צו ווייצמאַנען — פון 13טן פעברואַר 1931 — מיט אַ פירוש צו פּאַספּילדס ווייסבוך. דער פירוש האָט דעם ווייסבוך נישט אָפּגעשאַפט, — ער האָט עס אָבער געמילדערט.

די טעטיקייט פון די פאָנדן איז די איינציק רעאַלע אין ציוניזם. לויט די באַדינגונגען זיינען די רעזולטאַטן וווּנדערבאַרע. אָבער אַרום דער טעטי־קייט פון „קרן היסוד" איז נישט געשאַפן געוואָרן קיין פאָלקס־באַוועגונג און זי ווערט געפירט בלויז דורך אַ הייפל עסקנים.

צום דעם אַלעמען איז איצט צוגעקומען די פיקציע פון דער אויסגע־ברייטערטער אַגענץ. ס'איז דעריבער נייטיק, אַז אנשטאָט סתם פאָדערונגען זאָלן מיר דאָסמאָל ברענגען צום קאָנגרעס קאָנקרעטע פאָרשלאָגן. און דאָ קום איך צו מיין פאָרשלאָג וועגן דערוועקן די פאָלקס־מאַסן אַזוי, אַז זיי זאָלן זיין פאַרבונדן מיטן אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל, נישט אַלס נדבה־געבער, נאָר ווי פאַראַנטוואָרטלעכע חברים.

מיין פאָרשלאָג וועגן אַריינציען אַ מיליאָן יידן ווי מיטגלידער פון דער אויסגעברייטערטער אַגענץ, איז פאַלש אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ נייער פינאַנץ־פּראָגראַם פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. דער ציל פון מיין פאָרשלאָג איז צו שאַפן אַ באַדן פאַר ווייטערדיקע פינאַנציעלע קוועלן און פּראָיעקטן, גלייך אַזוי ווי די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט ביז איצט גע־דינט ווי אַ באַדן פאַר דער גאַנצער פריערדיקער ציוניסטישער טעטיקייט. מיט דער דערוועקונג פון אַ מיליאָן מיטגלידער פאַר דער אַגענץ ווילן מיר זי טאַקע אויסברייטערן און פאַרוואַנדלען אין אַ פאָלקס־אָרגאַני־זאַציע. אין צירוף האָבן מיר דאָך אַ נדר געטאָן זי צו מאַכן פאָלקסטימלעך און דעמאָקראַטיש אַזוי, אַז אירע פאָרשטייער זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאָלק.

דער פאָרשלאָג וועט, נאַטירלעך, נישט ברענגען קיין גיכע הילף און קיין באַלדיקן אויסוועג פון דער איצטיקער סיטואַציע שוין אויף מאָרגן נאָכן 17טן קאָנגרעס. פאַרן מאָרגן דאַרפן מיר מאָביליזירן אונדזערע בעסטע פּאָ־ראַנענע מעגלעכקייטן און נאָרמאַל פאָרזעצן די טאָג־טעגלעכע קאָלאָניזאַטאָ־רישע טעטיקייט. מיר מוזן אָבער זאָרגן פאַר דער צוקונפט. מיר מוזן געפינען אַן אויסוועג פון דער איצטיקער פאַרגליווערונג. איך ווייס נישט, צי עס וועט אונדז געלינגען צו דערוועקן אַ מיליאָן יידן מיטאַמאָל, אָדער מיר וועלן עס מוזן מאַכן שטופּנווייז. איך ווייס אָבער, אַז דער דאָזיקער וועג איז אַן אומ־באַדינגט נייטיקער. אַלע אונדזערע פינאַנציעלע פּראָיעקטן און אַלע פּאָלי־טישע אונטערנעמונגען מוזן האָבן אַ פעסטן באָדן אונטער זיך — אַ ברייטע פאָלקס־באַזע.

דער קאָלעקטיווער כוח — די אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל — דאַרף אָנהייבן ברענגען די פאָדערונגען און פאָרשלאָגן צום קאָנגרעס און דערקלערן די אייגענע גרייטקייט צו העלפן שאַפן דעם פאָלקס־כוח.

---

# צו נהלל — צו איר צען־יאָריקן יובילײ

**חברים, פרײנט, טײערע מײנע פון נהלל!**

עס איז צו מיר געקומען די ידיעה, אַז איר פײערט דעם צען־יאָריקן יובילײ פון נהלל. איך בין געװען מיט אײך װען ס'האָט זיך געװעבט דער געדאַנק װעגן גרינדן נהלל. איך האָב מיט אײך קאָאָפּערירט אין פּאַרװירקלעכן דעם דאָזיקן געדאַנק. איך האָב מיטגעמאַכט די שאַפונג פונעם דאָזיקן פּונקט װאָס האָט זיך אין פאַרלויף פון יאָרן אַנטװיקלט צו אַ גרויסן מושב־עובדים און װאָס דינט װי אַ באַװײז פון די מעגלעכקײטן פון דעם ײדישן אַרבעטער אין לאַנד. װעט איר זיכער פאַרשטײן װי טיף איך באַדויער װאָס איך קען זיך נישט באַטײליקן אויך אין דער דאָזיקער פײערונג — דעם אַפּ־שלוס פון אײנעם פון די ערשטע קאַפּיטלען אין דער עקזיסטענץ פון נהלל.

עס איז גוט װאָס אײער פײערונג, װי אויך די פון עין־חרוד פאַלן אויס דװקא איצט װען אין ציוניזם איז אַ דעפּרעסיע און אין דעם ײדישן לעבן — אַ טיפער טרויער. מיר געפינען זיך אין אײנער פון די געפערלעכסטע עפּאָכעס פון דעם ײדישן גלות־לעבן. דער עקאָנאָמישער קריזיס אין דער װעלט קען צעברעכן די לעצטע עקזיסטענץ־מעגלעכקײטן. און װאָס מער עס װאַקסט די נויט, אַלץ גרעסער װערט די געפאַר פאַר ײדן צו װערן אָנגעגריפן דורך אויפגעהעצטע, פינצטערע מאַסן.

און דװקא אין אַזאַ צײט געפינט זיך די ציוניסטישע באַװעגונג אין אַ מצב פון שװערער גײסטיקער ירידה. פון דער באַװעגונג האָט זיך אויסגע־װעפּט די פרישקײט.

די רעװיזיאָניסטן פּרעטענדירן און נעמען זיך אונטער צו ירשענען דאָס אָרט פון די „אָפּגעשטאַנענע“ דורכן פּראָקלאַמירן דעם „מלוכה־געדאַנק“. זײ האָבן געשאַפן אַ יוגנט־באַװעגונג לויטן מוסטער פון דער הײנטיקער װעלט־רעאַקציע. זײ באַמיען זיך אויסצובילדן אַ זעלנער־קלאַס אויף אָפּצושלאָגן די „סכנה“ פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אַזעלכע משונהדיקע געװיקסן פאַרגרע־סערן נאָך מער די צעמישונג אין די רײען פון דעם אָפּגעשװאַכטן ציוניזם. עס איז נאָך אײן קאַריקאַטור אויפן טראַגישן פּאָן פון אונדזער פאָלקס־לעבן.

שײנען צו מיר דעריבער די פײערונגען פון נהלל און עין־חרוד װי ליכ־טיקע שטראַלן װאָס קומען פאַריאָגן די מרה־שחורה־װאָלקנס פון די איצטיקע טעג. אין אײערע פײערונגען זע איך, נישט די רעזומירונג פון דער פאַר־גאַנגענהײט, נאָר די פּראָקלאַמירונג פון ײדישער פּאָטענץ װאָס איז געװענדט צו דער צוקונפט.

מען דאַרף ענדערן די לאַגע אין ציוניזם און באַלד. די עקאָנאָמישע קאַ־טאַסטראָפע אין דער װעלט קען דערפירן צו אַ צװײטער װעלט־מלחמה, װעל־כע װעט אויפן פאַטאַלסטן אופן משפּיע זײן אויפן ײדישן לעבן. װי איר

ווייסט זיינען מיר נאָכן אומפּראָדוקטיוון קאָנגרעס פאַרבליבן אין אויסלאַנד, כדי צו זוכן וועגן און מעגלעכקייטן פאַר באַנייטער ציוניסטישער טעטיקייט. די דערפאַרונג האָט אונדז געלערנט, אַז די לייזונג, דער אויפשטייג, קען קו־מען בלויז פון דגניה, נהלל, עין־חרוד, כנרת און פון די רייען פון די אַרבעט־דעראָבערער — אין קאָלאָניע און אין שטאָט. די אָנשטרענגונגען דאַרפן קודם כל קומען פון אונדז גופא — מיט מענטשן און מיט מיטלען.

חברים! געוואָלט האָב איך אייך בלויז באַגריסן, לאָזט זיך אָבער אויס, אַז אין פאַרלויף פון דער באַגריסונג לייג איך אויף אייך אַרויף אַ יאָך פון נייע מצוות. מיר זיינען דאָך שוין אָבער געוווינט דערצו, אַז אין יעדן פאַל און ביי יעדער געלעגנהייט זאָלן מיר אַרויסברענגען די שטענדיקע פאָדערונג צו טראָגן דעם ציוניסטישן יאָך. דערין זע איך אויך דעם אמתן ווערט און פּירוש פון דער פייערונג אין נהלל.

---

## ווייטערדיקע אָפּשוואַכונג צי באַנייאונג?

נאָך מער אָפּשוואַכונג, אָדער אַן אָנהויב פון דערמוטיקונג און אויפ־מונטערונג — וו אָ ס פון דער אַלטערנאַטיווע וועט ברענגען די פאַר־שטייענדיקע סעסיע פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט?

דער אויפשטייג פון דעם איצטיקן ארץ־ישראל אין דעם באַוווסטזיין פון פאָלק און — פון דער אַנדער זייט — די אַלץ שטייגנדיקע קאַטאַסטראָ־פע אינעם לעבן פון אונדזער פאָלק אין אַלע לענדער — פאַרפליכטן אונדז צו אַ גאַנץ נייעם צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון דער ציוניסטישער טעטי־קייט. מיר מוזן שאַפן אַן אָרגאַניזירטע פ אָ ל ק ס ־ ב אַ וו ע ג ו נ ג, וואָס זאָל דינען אַלס טרייב־קראַפט פאַר דער שאַפונג פון נייע מעגלעכ־קייטן אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל אויף פאָלקסטימלעכע יסודות. און דאָ קומען מיר ווידער צו דער פראַגע פון דער אויסגעברייטערטער אַגענץ.

מיט צוויי יאָר צוריק, בעת דער מעכטיקער פּראָטעסט־אַקציע קעגן פּאַספילדס „ווייס־בוך", איז געגעבן געוואָרן אַ געלעגנהייט צו פאַרוואַנדלען דעם אויפברויז קעגן די פיינט פון אַ יידישער ארץ־ישראל אין אַ פאָלקס־סטימול פאַרן אויפבוי פון דעם לאַנד. עס איז דאַן אויפגעקומען דער „מיל־יאָן־פּראָיעקט": פאַרוואַנדלען דעם מיליאָן יידן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן לאָרד פּאַספילד אין שטענדיקע מיט־גלידער פון אַ פאָלקס־אָרגאַניזאַציע פאַר ארץ־ישראל, אַ פאַסיקע ראַם פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט שוין דאַן עקזיסטירט, די אויסגעברייטערטע אַגענץ.

אַ סך גייסטרייכע פערזענלעכקייטן — צווישן זיי אויך ביאַליק און

וואַסערמאַן*), — האָבן זיך אַרויסגעזאָגט לטובת דעם געדאַנק צו דער־ווערבן פאַר דער אַגענץ אַ מיליאָן יידישע מיטגלידער, וועלכע וועלן צאָלן אַ מינימאַלן יערלעכן שטייער פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, וועלן דינען אַלס אָרגאַניזירטער סוביעקט פון אַ פאָלקס־באַוועגונג און אַלס פעסטער באַזע פאַר געלט־זאַמלונגען.

אָבער ווען מען האָט געדאַרפט צוטרעטן צו רעאַליזירן די זאַך זיינען געקומען די מענטשן פון שאַבלאָן און ביוראָקראַטיזם, מענטשן מיט „דער־פאַרונג״, און געהרגעט דעם פּראָיעקט אין סאַמע אָנהויב. דער אַגענץ־ראַט האָט זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום פאָרשלאַג און באַשלאָסן צו וויילן אַ קאָ־מיסיע וואָס זאָל באַטראַכטן די פּרטים און צושטעלן אירע אויספירן צו דער זיצונג פון דעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון דער אַגענץ. אָבער עס איז שוין פאַרלאָפן אַ גאַנץ יאָר און די קאָמיסיע איז נאָך אַפילו נישט נאָמי־נירט געוואָרן. די קריטיקער און קעגנער פון דעם „מיליאָן־פּראָיעקט״ האָבן מורא טאָמער וועט דאָס אָפּשוואַכן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און טאָ־מער וועט דער „פונט״ — דער פאָרגעשלאָגענער מינימאַלער יערלעכער אָפּצאָל — ברענגען שאָדן דעם „קרן היסוד״. האָבן ד י פאָרגעשלאָגן, צו ווענדן די ענערגיע אויף דער דערוווערבונג פון מאַסן נייע חברים פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און י ע נ ע — צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט לטובת „קרן היסוד״. מיר וועלן אָבער דאָ נישט באַנייען דעם ויכוח. אַנשטאָט דעם ויכוח רעדט פאַר זיך אַליין דער טרויעריקער רעזולטאַט פון די לעצטע צוויי יאָר.

אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר איז גאָרנישט געטאָן געוואָרן כדי צו פאַרבעסערן די לאַגע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און די פאַרברייטערטע אַגענץ איז געבליבן אינהאַלטסלאָז און גוזעלשאַפטלעך אימפּאָטענט.

וואָס שייך „קרן היסוד״ — זעצט ער פאָר זיין טעטיקייט געטריי און פלייסיק, אָבער פאַקטיש דערנענטערט ער זיך צו יענעם „פונט״ וואָס מען האָט אין אים געזען אַ געפאַר פאַר דער גרויסער שפּענדונג. ס'איז קלאָר, אַז בלויז מיטן קאַמפּיין פון „קרן היסוד״, אָן ברייטע מאַסן־אַקציעס, אָן אַ נייעם אָרגאַניזאַציאָנעלן סטימול וועט מען קיין גרויסע רעזולטאַטן נישט דער־גרייכן.

אין זיינע פאַרעפנטלעכטע איינדרוקן פון די גלות־לענדער לאָכט ב י אַ־ל י ק אויס די מיטאַרבעטער פון „קרן היסוד״. ער האָט דאָס נישט גע־דאַרפט טאָן. זיי זיינען שליחי־מצוה און זיי האָבן אַזוי אויך גענוג אויסצו־שטיין פון דער נעבעכדיקער לאַגע אין דער באַוועגונג. ניין, ער האָט זיי נישט געדאַרפט אָפּשוואַכן די הענט, אָבער אַ פאַקט איז, אַז ביאַליק — דער „זעער־

*) אָסקאַר וואַסערמאַן, דירעקטאָר פון דייטשישן מלוכה־באַנק, פון די נים־ציוניסטן וואָס האָבן אַ סך געטאָן פאַר „קרן היסוד״ (פאָרזיצער פון „קרן היסוד״ אין דייטשלאַנד).

— האָט אַזוי געזען די אַרבעט פון „קרן היסוד“ און נישט אַנדערש. די דאָזיקע וואונדערבאַרע טעטיקייט האָט זיך אים פאַרגעשטעלט אָרעם אין אינהאַלט און פאָרם: פאַרוואָס? ווייל, אײַנקאַסירנדיק פון פאָלק דעם שטייער קאַסירט מען נישט איין אויך די הערצער.

די לעצטע צייט האָבן זיך ווידער דערוועקט די סענטימענטן צו ציון. עס פליסן ליבע און פאַרערונג פון פאָלק צום ווערק אין לאַנד. ווער דען דורכגעלאָזן ווערן אויך די איצטיקע געלעגנהייט אײַנצוקאַסירן הערצער? די פאַרברייטערטע אַגענץ איז איצט נישט פּאָפּולער, זי איז נישט רעאַל, זי איז נאָך ווײַניקער פון אַ פיקציע — און דאָך וועלן מיר זי נישט ליקווידירן. דאַרף מען עפּעס טאָן כדי זי זאָל אויפהערן צו זיין אַ פיקציע. אויך די אַגענץ־קרייזן וואָס מען רופט זיי „נישט־ציוניסטן“, האַלט מען, אַז מען מוז אויפלעבן די אַגענץ, מען מוז אין איר אַרײַנפירן נייע כוחות מיט דער הילף פון אַ פאָלקס־אָרגאַניזאַציע. אגב, ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאָלגנדן סימפּטאָמאַטישן פאַקט: די דאָזיקע מענטשן איז נמאס געוואָרן דער נאָמען „נישט־ציוניסטן“, וועלכער איז אויף אַ פאַטאַלן אופן צו זיי צוגעקלעפּט געוואָרן. די פּרווון צו רעאָרגאַניזירן די אַגענץ גייען אין דער ריכטונג פון אײַנפירן אַ נייעם נאָמען: „פּריינט פון ארץ־ישראל“.

דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט וואָס וועט זיך פאַרזאַמלען אין אַ חודש אַרום דאַרף נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו קאָנסאָלידירן און אָרגאַניזירן די ציוניסטיש־דערוואַכטע מאַסן.

***

די קאַטאַסטראָפע אין דעם יידישן גלות־לעבן האַלט אין איין וואַקסן. צו דער מגילת „איכה“ קומען צו נייע קינות. די קינה פון „גלות דייטשלאַנד“ אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ חורבן פון דעם שרעקלעכסטן גראַד. נאָך אַ הערלעכער תקופה האַלט אַ טייל פון אונדזער פאָלק — אַ פאַרשעמטער און אַ חרוב־געוואָרענער — ביים אומקערן זיך צוריק אין געטאָ אַריין — יענעם געטאָ פון וועלכן משה מענדעלסאָן איז אַרויס מיט 120 יאָר צוריק, כדי צו עפענען די תקופה פון צופּאַסן זיך צום גלות־לעבן.

די איצטיקע רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד וועלן זיך אָפּרופן אויף דער גאַנצער וועלט מיט פאַרשטאַרקטער שנאה צום וועלט־פאָלק, און דער ציוניזם איז באַרופן צו שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער זעלבסטפאַרטיידיקונג פון גאַנצן פאָלק. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס דאַרף נישט צעברעקלט ווערן אויף דאָ־דאָרטיקע טיילווייזע איניציאַטיוון און ביוראָקראַטישע אונטערהאַנדלונגען פון פאַרבאַלזאַמירטע אינסטיטוציעס. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט גערעדט אין נאָמען פון פאָלק אין ווערסייל און סאַן רעמאָ*).

---

*) אין ווערסייל, אין 1919, אויף דער שלום־קאָנפערענץ, זיינען פאַרזיכערט געוואָרן

וואָס האָט נאָך דער וועלט־מלחמה אויפגעשטעלט דעם „קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס" (אין פּאַריז)*) און וואָס האָט אין 1929, אויפן קאָנגרעס אין ציריך, געשאַפן די יידישע אַגענץ — ז י דאַרף איצט צונויפרופן אַ יידישן וועלט־קאָנגרעס וואָס זאָל אָרגאַניזירן דאָס פאָלק פאַר זעלבסט־פאַרטיידיקונג און פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל. דאָס איז אַ געבאָט פון דער שעה און דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט דאַרף זיך דערמיט פאַרנעמען.

***

די צענטראַלע פראַגע אויף אונדזער סדר־היום איז די פּאָליטישע. עס האַנדלט זיך וועגן דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט דעפיניטיוו קלאָר צו מאַכן די לאַגע נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און נאָך דעם מאַקדאָנאַלד־בריוו. מיר דאַרפן פירן אַנטשיידענע פאַרהאַנדלונגען מיט דער צענטראַלער רעגירונג און קומען צו אַן אָפּמאַך וועגן אויספירן אַ באַשטימטן קאָלאָניזאַציע־פּראָגראַם וואָס זאָל פאַרזיכערן די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם.

אויפן סדר־היום שטייט אויך די פראַגע פון באַנייען און פאַרשטאַרקן די אַרבעט פון די ציוניסטישע פאָנדן. די באַוועגונג מוז דורכגעדרונגען ווערן מיטן באַוווסטזיין, אַז די פאָנדן זיינען דער ווינקל־שטיין פון דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט.

ביז גאָר אַקטועל איז אויך די פראַגע פון פאַרשטאַרקן די אַלגעמיינע טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָרגאַניזירן די עליה און ראַטעווען דאָס רעשט ביסל יידיש פאַרמעגן פאַר פּראָדוקטיווע אינוועסטיציעס אין ארץ־ישראל.

און נאָך און נאָך פראַגן שטייען אויף דער טאָג־אָרדענונג. ליידער לערנט אונדז די דערפאַרונג פון די לעצטע יאָרן, אַז קיין שום פּראַקטישע רעזולטאַטן קומען נישט אַרויס פון די ציוניסטישע צוזאַמענקונפטן. די סיבה איז אַן איינפאַכע: עס האָבן זיך ווי פאַרשטאָפּט די קוואַלן פון דער ציוניסטישער ב אַ וו ע ג ו נ ג, און אונדזער כוח איז ב ל ו י ז אין באַוועגונג. דאַרף מען צוריק אויפעפענען די קוואַלן; נישט מיט „טיפע טעאָריעס", נישט מיט אויסבעסערן די „סטאַטוטן", נאָר מיט פּראַקטישע פּראָיעקטן, וואָס זאָלן פאַרכאַפּן דעם געדאַנק און דאָס געפיל פונעם פאָלק.

דער יידישער אַרבעטער אין ארץ ישראל און די ציוניסטיש־סאָציאַליס־

---

די רעכט פון נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מינדערהייטן — אויך יידן — אין זייערע ווייזלענדער; און אין סאַן־רעמאָ, אויף דער קאָנפערענץ פון אַליאַנס־ברידער, אין אַפּריל 1920, איז באַשטעטיקט געוואָרן דאָס איבערגעבן צו ענגלאַנד דעם מאַנדאַט אויף ארץ־ישראל מיטן ציל אויפצושטעלן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק.

*) דער „קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס" האָט זיך באַשעפטיקט מיט פאַרטיידיקן יידישע רעכט אין דער וועלט.

טישע באַוועגונג אין די גלות־לענדער זיינען אָרגאַנישע באַשטאַנד־טיילן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זייער באַטייליקונג אין איר איז אַ פעסטע און אַ זיכערע און שטאַמען שטאַמט זי פון דעם באַוווסטזיין, אַז נאָר דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע קענען און דאַרפן אַקטיוויזירט ווערן די פאָלקס־כוחות פאַרן דירעקטן אויפבוי פון ארץ־ישראל. מיטן כוח פונעם דאָזיקן באַוווסטזיין איז געוואַקסן די אַרבעטער־באַוועגונג אינערהאַלב דעם ציוניזם, איז געשטיגן די פּאָטענץ פון דער הסתדרות־העובדים, האָט זיך געשטאַרקט די שפּאַנונג פאַר חלוצישער שאַפונג, איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער אַרבעטס־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, ווערן געמאַכט אָנשטרענגונגען צו דערווערבן יידישע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע פאַר אונדזערע אידייען, ווערן געשאַפן די ליגעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און ווערן דערצויגן יוגנט־קאַדרען פאַר אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע און פאַר זעלבסטשטענדיקע טעטיקייטס־געביטן. דער יידישער אַרבעטער שטרעבט צו גרויס־ציוניזם, גרויס אין אינהאַלט, איניציאַטיוו און פראַקטישער שאַפונג — גרויס גענוג, כדי אַרויסצורופן די סענטימענטן פון די פאָלקס־מאַסן, צו סטימולירן די אַרבעטס־פעאיקייטן אין דער יוגנט, צו לאָזן אונדזער ווערק אַריינדרינגען אין באַוווסטזיין און אנערקענונג פון די פעלקער און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און אַוועקצושטעלן אונדזער בנין אויף פעסטע יסודות, אַזעלכע, וואָס זאָלן אויך פאַרזיכערן שלום צווישן אונדז און די אַראַבער.

מיר, אין אונדזער ציוניסטישער טעטיקייט, האָבן נישט בדעה צו גריבלען זיך אין די קליינלעכקייטן פון די „באַציאונגען" אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אירע צוזאַמענקונפטן, ווי אויך נישט אין די פּאַרלאַמענטאַרישע שפּילערייען און נישטיקע קריזיסן וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך קליינע מענטשן און מינדערווערטיקע קרייזן — קאָניונקטור־כוחות, וועלכע שווימען אַרויף אויפן רוקן פון מוטנע כוואַליעס.

די דאָזיקע „קריזיסן" זיינען אַ ברענענדיקע חרפה און אַן אומפאַרגעבלעכער חטא לגבי דעם איצטיקן גרויסן קריזיס אין לעבן פון פאָלק. די דעלעגאַטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג דאַרפן אויף דער פאַרשטייענדיקער סעסיע פון דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט אַרויסברענגען אַט די אַלע פראַגן און פּראָבלעמען און קעמפן פאַר נייע וועגן און מעטאָדן.

---

# אויפן נײַנצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס

איך ווייס נישט צי אין קאָנגרעס־הויז הערשט דער זעלבער געפיל וואָס האָט באַגײַסטערט טויזנטער יונגעליַיט צו גיין פון הויז צו הויז און אַגיטירן פאַרן קאָנגרעס. אין האַרץ פון צענדליקער טויזנטער — אַלט און יונג — וואָס האָבן זיך צונויפגעשלאָסן אַרום דעם דאָזיקן קאָנגרעס האָט געווירט דאָס געפיל, אַז דער קאָנגרעס וועט זײַן אַ דעצידירנדיקער און אַז ער וועט אַרויספירן די ציוניסטישע טעטיקייט אויף נײַע וועגן. האָב איך נישט דעם אײַנדרוק, אַז אויך מיר אַלע דאָ צוזאַמען זײַנען דורכגענומען מיטן זעלבן געפיל.

אָט האָבן מיר נעכטן געהערט אַ דערקלערונג פון „מזרחי״, אַז ער וועט זיך נישט באַטייליקן אין די אַרבעטן פון קאָנגרעס ביז וואַנען עס וועלן דערפילט ווערן זײַנע פאָדערונגען. עס וווּנדערט מיך וואָס די „מזרחי״־דעלעגאַטן פילן זיך נאָך נישט גענוג זיכער אין הויז פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. האָבן זיי נישט, צוזאַמען מיט אונדז, געבויט דאָס דאָזיקע הויז? איז דען נישט די טריבונע אויך זייער טריבונע? איך און מײַנע חברים נעמען אָן — אָן וויכוחים — אַז אין ארץ־ישראל מוז זײַן אַ רו־טאָג און אַז מ׳דאַרף אָפּהיטן די הייליקייט פון שבת, אָבער אָן אולטימאַטומס. מיט וואָס פאַר אַ רעכט דערלויבט זיך „מזרחי״ צו זאָגן, אַז אין ארץ־ישראל — אין שטאָט און דאָרף — וועלן פאַרשווּעכט די פאָלקס־הייליקייטן? מעגן מענטשן פון גלויבן און רעליגיע מאַכן בילבולים? זיי קעמפן קעגן חילול־שבת בפרהסיה, טאָ פאַרוואָס דערלויבן זיי זיך מחלל צו זײַן בפרהסיה דעם דור? דאָס לאַנד? — און אַזוי רעדן זיי אין 1935, ווען מאַסן פון אַרבעטער, פרויען, יוגנט־לעכע — פול מיט שעפערישע כוחות — שטרעבן צו ארץ־ישראל, זאַמלען זיך אין איר, גיבן זיך איר אָפּ, רײַסן זיך צו דערווײַזן, אַז דאָס פאָלק ישראל איז פול מיט גלויבן און אַז דער גאַנצער דור איז גרייט זיך מקריב צו זײַן פאַרן פאָלק און פאַר דער מענטשהייט! דער סטיל און דער טאָן פון דער „מזרחי״־דערקלערונג זײַנען אין אַ שרײַענדיקן ווידערשפּרוך צו דער באַגײַסטערונג, אָפּפערוויליקייט און טיפן גלויבן פון דעם יונגן דור וואָס שאַפט אַ נײַ לעבן אין ישראל און ברענגט אפשר אַ נײַע תורה צום פאָלק ישראל. איר, די וואָס רעדן אין נאָמען פון דער ייִדישער תורה, זײַט פאַרזיכטיק מיט אײַערע רייד! גלויבט איר טאַקע, אַז מיט אַרויפלייגן שטראָפן וועט איר פאַרטיפן די ליבשאַפט צו דער תורה, צו קיום המצוות און שמירת־שבת? אדרבא, ד ע ר צ י ט די מאַסן, אַז זיי זאָלן מקיים זײַן די מצוות; דערציט, נישט מיט קיין בלבולים און דראָונגען, נאָר מיט אַ גוטן בײַשפּיל, מיט אַ ריינעם וועג, מיט אמתן גלויבן! דאַן וועט זײַן אָן אָרט פאַר אַ וויכוח, פאַר אַן אידייען־קאַמף — און זיגן וועט דער גלויביקער, דער וואָס פ א ר ו ו י ר ק ל ע כ ט זײַנע אידייען.

**

מיר שטייען איצט אין אַ צייט פון מאַסן־עליה. דאָס פאָלק קומט פון אומעטום: פון תימן און נירעמבערג, פון בוכאַרע און סיגעט — פון אַלע עקן פון דער וועלט. אַ געוועזענער יוסטיץ־ראַט אין בערלין, אַ געוועזענער טרעגער אין וואַרשע... פון אַלע קרייזן און שיכטן, באַרויבטע און געיאָגטע, הונגעריקע און פאַרשטויסענע, גייען זיי צום רעטונגס־לאַנד, קיין ארץ־ישראל. און דאָס דאָזיקע פאָלק ווייס נאָך אַפילו נישט וואָס ציוניזם איז. דאָס דאָזיקע פאָלק האָט פאַרגעסן דעם רמב"ם, נישט געלייענט אחד־העם, נישט גע־הערט וועגן הערצלען, האָט נישט קיין אַנונג וועגן באָראָכאָוון און גאָרדאָנען. אָבער די דאָזיקע יידן מוזן גיין קיין ארץ־ישראל — רייסן זיי אויף די בריקן הינטער זיך. איך האָב באַזוכט שטעט און שטעטלעך, געזען דעם הונ־גער און די נויט, די רעכטלאָזיקייט, — און נישט נאָר אין דייטשלאַנד אַליין. די מאַסן גייען קיין ארץ־ישראל אַזוי ווי זיי זיינען — מיט דער גאַנ־צער גלות־ירושה: מיט זייערע שפּראַכן, געוווינהייטן און אַלדאָס שלעכטס, וואָס זיי האָבן אין זיך אַריינגעזאַפּט. זיי גייען נישט — זיי לויפן, זיי האָוועזן, זיי שמייען — ווייל מען יאָגט זיי. קענען זיי פאַרפלאַנצן אין לאַנד דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן געוואָלט אויסרייסן מיטן וואָרצל און אַוועקוואַרפן פון אונדז, כדי מיר זאָלן ברענגען די גאולה פון פאָלק.

זיינען אונדזערע אויפגאַבן שווערע. אַוודאי דאַרפן די טויערן פון ארץ־ישראל זיין ברייט אָפן. מיר קענען זיך אַפילו נישט באַנוגענען מיט די איצ־טיקע 60.000 עולים אַ יאָר — די צאָל מוז וואַקסן ביז הונדערט טויזנט! אָבער די הונדערטער טויזנטער וואָס וועלן געבראַכט ווערן דאַרפן האָבן הכשרה — איז ווער וועט דאָס טאָן? די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע? אָט אָ די וואָס בעת דאָס פאָלק שטייט פאַר אַ פולשטענדיקן חורבן פאַרנעמען זיך אירע פאַרטייען, אין פאַרשידענע לענדער, מיט אומאויפהערלעכע קעגנזיי־טיקע קאַמפן? אונדזער ווערק גייט אַלץ באַרג אַרויף, דער ציוניזם אָבער גייט אַלץ באַרג אַראָפּ. מיר האָבן פאַרשפּרייט אַ מיליאָן שקלים, מיר האָבן געזען די באַגייסטערונג פון ברייטע מאַסן פאַרן ציוניס־טישן קאָנגרעס, פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, אָבער דאָס אַלץ איז אין קיין שום איינקלאַנג מיט דער אינערלעכער לאַגע אין ציוניזם.

דער קאָנגרעס דאַרף קודם־כל באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון עליה און פון דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אויפן עליה־געביט דאַרף מען באַצייכענען, אַז דווקא איצט איז געפאַלן די חלוצישע עליה. דווקא אין טעג פון מאַסן־עליה וואַקסט די באַ־דייטונג פון חלוץ, אַלס אַוואַנגאַרד און וועגווייזער. ניין, מיר זיינען ווייט נישט צופרידן מיט דער צאָל חלוצים וואָס זיינען געקומען די לעצטע צוויי יאָר. מיר נייטיקן זיך אין אַ כוח וואָס זאָל קענען אויספורעמען דאָס גע־

שטאַלט פון אַ ציוניסטיש לעבן אין לאַנד; אַ כוח וואָס זאָל בויען נייע וועגן, זאָל דערוועקן גלויבן און באַגייסטערונג.

דעם שווער־פונקט פון זיין אַרבעט דאַרף דער קאָנגרעס זען אין דער אָרגאַניזירונג פון די פֿאָלקס־כוחות פֿאַרן ציוניזם. אָן דעם וועט די עליה נישט מצליח זיין. די נייע עליה איז אַפילו עלול חרוב צו מאַכן די שאַפונגען פון ביל״ו און פון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט; זי וועט נישט שטאַרקן אין לאַנד די פּאָליטישע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און נישט די יידישע פּאַרטיידי־קונג־כוחות. צום אַכטן קאָנגרעס זיינען געקומען — צום ערשטן מאָל — דעלעגאַטן פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און געקעמפט פאַר פּראַקטישער אַר־בעט אין ארץ־ישראל. דורך די וויטערדיקע צען קאָנגרעסן האָבן מיר גע־רופן די ציוניסטן קיין צ י ו ן, און איצט רופן מיר די ציוניסטן — צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. יאָרן־לאַנג האָבן מיר זיך באַנוגנט מיט דער אילוזיע, אַז עס עקזיסטירט אַן אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן זיך באַנוגנט מיטן קאָנגרעס און מיט די פֿאָנדן — די פֿאָנדן אַליין האָבן געמאַכט פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרן קאָנגרעס און פֿאַר ציוניזם.

מיר האָבן פֿאַרנאַכלעסיקט הערצלס שאַפונג. אויף די קאָנגרעסן פֿאַר־נעמען מיר זיך מיט „פּאַרלאַמענטאַריזם״, דעקלאַראַציעס, דערקלערונגען, רע־דעס צום סדר־היום, און גאָרנישט טוען מיר כדי צו מאַכן אָרדענונג אין דער אָרגאַניזאַציע. דעם מיליאָן שקלים האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען נישט דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר דעם ווערק אין ארץ־ישראל. און אויב ארץ־ישראל איז ביז איצט געבויט געוואָרן דורך ציוניזם, דאַרף איצט דער ציו־ניזם אויפגעריכט ווערן דורך ארץ־ישראל.

הערצל האָט געפֿאָדערט איינצונעמען די קהילות פֿאַרן ציוניזם, פֿאַר־וואַנדלען זיי אין מכשירים פֿאַר דער דערוואַרבונג פון יידן פֿאַרן ציוניזם. און מיר איצט קענען איינגעמען דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿאַרן ציוניזם. אַ מיליאָן שוקלים איז דער טייטש — מיליאָנען יידן. זיינען מיר איצט אויפן קאָנ־גרעס פון ציוניסטישער רעאָרגאַניזאַציע. און לאָמיר דאָס טאָן אין הערצלס גייסט.

---

## צו דער באַפֿעסטיקונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

(אַ רעדע אויפֿן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמי־טעט, מאַי 1937).

הרב פישמאַן האָט געמאַכט אַ פּרוּוו צו דעפֿינירן די לאַגע אין ציוניזם מיט איין זאַץ: „דער ציוניזם האָט אויסגעהויכט זיין נשמה״. אַ צו שאַרפֿע דעפֿיניציע: אויב עס איז אויסגעהויכט געוואָרן די נשמה איז נישט פון ציו־ניזם, נאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (אין אייניקע לענדער).

אַוודאי איז די לאַגע אַ שווערע. עס איז קיין שום פאַרגלייך נישט צווישן אונדזערע דערגרייכונגען אין לאַנד און דער טרויעריקער לאַגע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין לאַנד ברויזט אַלץ, מען בויט, מען גייט אין די רייען פון דער הגנה. עס גייען קינדער און מיט זיי — זייערע מאַמעס... און די ציוניסטן האָבן איין דאגה: אַ „פּראָגראַם" פאַר דער אייביקייט!

הרב פישמאַן האָט געפונען אַ סיבה פון דער דאָזיקער ירידה אין דער ציוניסטישער באַוועגונג: חילול־שבת. פירט „מזרחי" אַ קאַמף אַרום דער דאָזיקער „סיבה". איך זע אָבער נישט, אַז „מזרחי" זאָל אויפגעריכט ווערן פון דאָזיקן קאַמף, אַז זיין אידייאישער אינהאַלט זאָל דורך דעם רייכער ווערן. איך האָב באַזוכט אייניקע לענדער און האָב נישט געפונען, אַז די אַקציעס פון די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציעס זאָלן האָבן געשטיגן צוליב דעם דאָזיקן קאַמף.

און הער גרינבוים טענהט, אַז די לייזונג איז אין — פּאַרווירקלעכונגס־ציוניזם. אָבער מיר האָבן דאָך שוין אויך דאָס געהאַט, מיט 2־3 יאָר צוריק האָבן מיר אַפילו געהאַט „פּראָספּעריטי", און ארץ־ישראל איז געווען אויף אַלעמענס ליפּן. נו, איז דאָן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געווען שטאַרקער ווי איצט?

ניין, מען דאַרף זוכן אַנדערע סיבות. איינע פון זיי איז דאָס וואָס מיר האָבן ווירקלעך קיינמאָל ערנסט נישט געזאָרגט פאַר די באַדערפעניש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן מנהיגים אויפן פּאָליטישן געביט, אויפן קאָלאָניזאַציע־געביט, אָבער נישט אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט. אין דער הינזיכט איז די לאַגע איצט, ווען די אָרגאַניזאַציע־אָפּטיילונג געפינט זיך אין ירושלים, נישט ערגער ווי ווען זי איז געווען אין לאָנדאָן...

מען דאַרף שאַפן די א י נ ה י ט ל עכ ע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אין די לענדער, וועלכע איך האָב באַזוכט, האָב איך זיך באַמיט צו מאָביליזירן עסקנים פאַר דער איינהייטלעכער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע. אָבער טראָץ דעם בפירושן באַשלוס פון קאָנגרעס איז עס אין ערגעץ נישט צושטאַנד געקומען. דאָ, זאָגט מען, ווילן נישט די לינקע, דאָ — די רעכטע, דאָרטן — „מזרחי". און איך זע אין דעם בלויז פאַרנאַכלעסיקונג מצד דער עקזעקוטיווע. מען האָט זיך דערמיט פּשוט נישט פאַרנומען, ס'איז נישט געווען קיין לייטנדע האַנט. מיט קיין בלויזע באַשלוסן, באַפעלן און ציר־קולאַרן וועט מען די איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע נישט אויסבויען.

עס זיינען פאַראַן אַזעלכע גליקלעכע ווינקעלעך ווו עס עקזיסטירן שוין יאָ איינהייטלעכע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, אָבער מען שענקט זיי קיין שום אויפמערקזאַמקייט נישט. אין טראַנסילוואַניע, למשל, האָב איך, צו מיין אַנגענעמער איבעראַשונג, געפונען אַ פיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אויסגעצייכנטע עסקנים, מיט אַן אייגענער פּרעסע, מיט אַן אַנגעזעענער אינ־טעליגענטן־גרופּע. מיט עטלעכע טעג צוריק זע איך צופעליק אַן איינלאַדונג צו דער לאַנד־קאָנפערענץ אין טראַנסילוואַניע. פרעג איך: „וואָס האָט איר

געטאָן מיט דער איינלאַדונג?״ — ענטפערט מען מיר: „מיר האָבן געשיקט אַ באַגריסונגס־בריוו״. פאַרוואָס אָבער האָט מען נישט געשיקט אַהין אייגע פון אונדזערע וויכטיקע פערזענלעכקייטן?

מיר דאַרפן זאָרגן, אַז אויפן נאָענטסטן קאָנגרעס זאָל די אָרגאַניזאַציע־פראַגע פאַרנעמען דעם צענטראַלן אָרט. מיר מוזן פאַרפעסטיקן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — „די מדינה אונטערוועגס״. און מען דאַרף זיך דערמיט פאַרנעמען גלייך אַזוי ווי מיט די פּאָליטישע ענינים.

---

# אין יידנטום און אין ציוניזם

(אויף אַ זיצונג פון מרכז פון מפא״י דעם 12טן יאַנואַר 1938).

מען רעדט ביי אונדז איצט וועגן דער „גרויסער מאָביליזאַציע״. איך האַלט נישט דערפון. שוין דרייסיק יאָר ווי איך בין אין ארץ־ישראל און נישט איינמאָל האָט מען גערעדט וועגן „אויפטרייסלען״ דעם גלות, וועגן „מאָביליזירן״ גרויסע מיטלען און ס'איז דערפון קיינמאָל גאָרנישט אַרויסגעקומען. איך בין געווען אין רומעניע, און לעצטנס אין אַנדערע לענדער, און פון די אַלע באַזוכן האָבן איך געמאַכט איין אויספיר: די לאַגע אין דער יידישער וועלט דערלויבט נישט צו רעדן וועגן סתם „מאָביליזאַציעס״. מען קען „מאָביליזירן״ די מאַסן פאַר וואַלן און פּראָטעסטן. וויל מען אָבער אַריינציען מענטשן אין פּרייוויליקער טעטיקייט פאַרן ציוניזם, מוז מען פריער אין דעם אינוועסטירן אַ סך סיסטעמאַטישע צוגרייטונגס־אַרבעט. דאָס איז אָבער נישט געטאָן געוואָרן.

מיר, אין ארץ־ישראל, זיינען שטענדיק באַגייסטערט פון אונדזער שאַפונג און פון דעם פאַרנעם פון אונדזער טעטיקייט און צייטנווייז רייסן מיר מיט אויך דאָס פאָלק אין גלות. אָבער דאָרט, אין גלות, ווערן זיי געפּלאָגט פון זייערע ספּעציפישע דאגות. אין פּוילן ליידן איצט יידן פון די פּיקעטן וואָס די אַנטיסעמיטישע „נאַראַ״־יוגנט שטעלט ביי זייערע קראָמען; דאָ און דאָרט ווערן פאַרברענט יידישע סטראַגאַנעס. און איבער אַלעמען הענגט דער באַוווסטזיין, אַז מען שטייט ביים שוועל פון אומקום. ס'הערשט אַ פאַרגעפיל, אַז ס'זיינען געבליבן געציילטע שעהן צום לעבן. אין אַזאַ צושטאַנד קען מען נישט באַוועגן מאַסן מיט רעזאָלוציעס, מיט לאָזונגען און מאָביליזאַציע־רופן. מען קען אויף זיי ווירקן נאָר דורך אומאויפהערלעכער טרייער טעטיקייט צווישן זיי אַליין.

**
*

איך האָב אויפן קאָנגרעס געשטימט פאַר דער חלוקה*), אָבער איך בין ווייט נישט זיכער, אַז מיר האַלטן שוין ביי דער אתחלתא דגאולה — לויט דער דעפיניציע פון די חלוקה־ענטוזיאַסטן אויפן קאָנגרעס. מיט מיין גאַנצן זיין קעגן די „ניין"־זאָגער טייל איך מיט זיי געוויסע ספקות זייערע. גוט, אויב דער פאָרשלאָג איז אַ רעאַלער, וואָס וועט אָבער זיין דערווייל, ב י ז ער וועט זיין רעאַל? ביז וואָס־ווען מוזן מיר דאָך אָפּהיטן אונדזער ווערק אין לאַנד, האַלטן זיך און אויך גיין פאָרויס — און דערצו זיינען נויטיק מיט־לען און פאָלקס־באַגייסטערונג. אויב אָבער עס וועט זיך צעפלאַקערן אַ ויכוח און אַרום אים — אַ גרויסע מחלוקת, אָן טאַט און אָן האָפענונג, קען דאָס בלויז פאַרשאַפן דעם חורבן אין דער באַוועגונג.

אונטערוועגס, נאָכן ציריכער קאָנגרעס, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַ־טונג. האָב איך געזאָגט: לאָמיר פאַרלויפן דעם וועג! צי עס וועט יאָ זיין אַ מדינה, צי נישט — לאָמיר פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וואָס איז צעברעקלט און צעטרייסלט, צעפרעסן פון אינערלעכע קריגערייען און נאַ־רישע קליינלעכקייטן. איך האָב פאָרגעשלאָגן אין גיכן איינצואָרדענען אין אַלע לענדער פאָלקס־קאָנפערענצן „פאַרן לאַנד און ציוניזם". אויף די קאָנפע־רענצן וועלן מיר רופן צו פערמאַנענטער באַדינגונגסלאָזער טעטיקייט און מיר וועלן אויף זיי אויך לייגן דעם יסוד פאַר סיסטעמאַטישער אָרגאַניזאַ־ציאָנעלער ציוניסטישער אַרבעט. דער פאָרשלאָג איז אויפגענומען געוואָרן כמעט מיט התלהבות, אָבער ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל אים פאַרווירק־לעכן. האָט מען מיר לסוף געזאָגט: גיי, מאַך דאָס דו אַליין. און איך בין געגאַנגען.

איך האָב באַזוכט רוים, ווין, פּראַג, וואַרשע, קראָקע, לעמבערג, ריגע, קאָוונע. איך בין אויך געפאָרן קיין האָלאַנד, וווּ איך האָב זיך באַטייליקט אין דער ציוניסטישער קאָנפערענץ. איך האָב אויך געמאַכט אַ קורצן באַזוך אין בערלין. אַרום און אַרום האָט דאָס געדויערט דריי חדשים. און איך בין מודה: איך האָב אַ סך „פאַרדינט" פון דער רייזע. איך האָב באַקומען אַ פולע פאָרשטעלונג וועגן דער יידישער לאַגע אין דער שרעקלעכסטער עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע, ווען דעם פאָלק איז נישט פאַרבליבן קיין שום האָ־פענונג און עס איז אויסגעשטעלט אויף פולשטענדיקער פאַרניכטונג. איך בין געווען אין לענדער וואָס זיינען באַפעלקערט מיט מיליאָנען יידן — און אומע־טום וואַרט אויף זיי די פאַרניכטונג. פּוילן האָט באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון אַ מיליאָן יידן. דאָס וויל אפילו „פּ. פּ. ס." — די פּוילישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי, די איינציקע וואָס האַלט זיך נאָך נישט אָפּ פון פאַרטיידיקן יידן. פּוילן וועט דעם דאָזיקן מיליאָן יידן אַרויסטרייבן, אָדער זי וועט זיי דערפירן צו גסיסה און פאַרניכטונג. נישט אין אַלע לענדער איז איינע און די

*)די צעטיילונג פון ארץ־ישראל אויף צוויי מדינות — אַ יידישע און אַן אַראַבישע.

זעלבע סיטואַציע, אָבער אומעטום הענגט איבער די יידישע קעפּ דער פּחד פון ליקווידירונג.

און אין אַזאַ תקופה האָבן מיר נישט קיין אָרגאַניזירטע ציוניסטישע באַוועגונג! נישטאָ קיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע! ווען עס איז געווען אַ גרויסע עליה איז אומעטום דער ארץ־ישראל־אַמט געווען דער טרעגער פון ציוניזם און האָט פאַרנומען דעם אָרט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אָבער ווען די אַרבעט אין די ארץ־ישראל־אַמטן איז פאַרגליווערט געוואָרן האָט זיך אַרויסגעוויזן די אָרגאַניזאַציאָנעלע אָרעמקייט פון דער ציוניסטי־שער באַוועגונג. אַ דאַנק דעם איז איצט אויפגעגאַנגען דער שטערן פון „בונד״, הגם זיין גאַנצער מהות באַרעכטיקט דאָס נישט און אויך נישט זיין „זכות אבות״. אָבער יידן גלויבן, אַז דער „בונד״ וועט זיי שיצן — שטימען זיי פאַר אים ביי די וואַלן צו די קהילות, למשל. די ציוניסטן קריגן זיך און רייסן זיך צווישן זיך — פאַר די וואַלן און נאָך די וואַלן — טאָ פאַרוואָס זאָל מען זיי געבן שטימען? די ציוניסטישע באַוועגונג איז צעמישט, אָנגעשטאָפּט מיט קעגנזייטיקער שנאה, פאַרנעמט זיך מיט נאַרישקייטן, מיט ענינים וואָס האָבן נישט צו טאָן מיטן ציוניזם און נישט מיט יידישע צרות און יידישן כבוד אין

מען מוז דעלעגירן צענטראַלע פּערזענלעכקייטן פאַר אַרבעט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; וועט דאָס געטאָן ווערן — וועט נאָך אויפגע־שטעלט ווערן אַ גרויסע באַוועגונג. אין די לענדער וועלכע איך האָב איצט באַזוכט האָב איך זיך איבערצייגט אַז די מאַסן פאַרנעמען נאָך ציוניסטישן פּאַטאָס און רופן זיך אָפּ פאַר פּראַקטישער אַרבעט לטובת ארץ־ישראל; איך האָב אויך געזען, אַז מיט געהעריקע אָנשטרענגונגען לאָזט זיך נאָך אויך פאַראייניקן די ציוניסטישע רייען — אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען — פאַר גע־מיינזאַמער אַרבעט. מיר וועלן שטענדיק דאַרפן אָנקומען צום גלות, מיר וועלן דאַרפן פאָלקס־געלטער און פאָלקס־אונטערשטיצונג. אָבער צי שפּייזט דען עמיצער די „הון וואָס לייגט די גאָלדענע אייער״? אפשר שפּייזן מיר זי דער־מיט וואָס מיר לאָזן דעם ציוניזם אין די גלות־לענדער דעגענערירן אין די לאָקאַלע רייסערייען?

וואָס שייך אונדזער אייגענער באַוועגונג, איז זי אין גאָר אַ שווערן מצב. אונדזער באַוועגונג אין פּוילן פאַרגלייך איך צו אַ פידל מיט געפּלאַצטע סטרונעס. אמת, אַ פידל אָן סטרונעס איז נאָך נישט קיין צעבראָכענע, פאַר־פאַלענע כלי. אויף אָרגאַניזירן אַ גרויסע עליה איז אונדזער באַוועגונג אַ גור־טער אינסטרומענט, אָבער אויף גיין צום פאָלק און ווירקן אין ציוניזם — ניט. אין טשעכאָסלאָוואַקיי איז געווען אַ ויתרוצצו צווישן צוויי גרופּן, ביז זיי האָבן זיך פאַראייניקט. דאָס דאָזיקע לאַנד איז אפשר דאָס איינציקע ווו אונדזער פּאַרטיי האָט מענטשן מיט גרויסע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן — אויך פאַר דער אָנפירונג מיט דער אַלגעמיינער ציוניסטישער טעטיקייט. אין אַנדערע לענדער איז עס ליידער נישט אַזוי.

יוסף שפרינצאַק

# די רעטונגס־אַקציע

(שלום־רעדע אויף דער זיצונג פון ציוניסטישן
אַקציאָנס־קאָמיטעט — דעם 17טן נאָוועמבער 1938*).

מיר ווייסן אַלע אין וואָס פאַר אַ שטימונג מיר זיינען זיך צונויפגעקו־מען, וואָס פאַראַ געשעענישן און שוידערן עס האָבן אונדז באַגלייט צו דער זיצונג. דאָך זיינען די הערצער נישט געבראָכן געוואָרן און דער גייסט נישט דערשלאָגן געוואָרן. מיר האָבן באַוויזן צו באַהערשן אונדזערע ווייטיקן און צו קאָנצענטרירן זיך אויף די באַהאַנדלטע ענינים.

מיר רעזומירן דעם דורכגעגאַנגענעם וועג און זעען, אַז די אַרבעט פון צוויי דורות האָט אונדז געגעבן אַ פולן עקוויוואַלענט. — דער אַרבעטער, דער קאָלאָניסט, דער שטאָטישער ווי דער דאָרפישער איינוווינער און אונ־דזערע מונדירטע בחורים, וועלכע שלאָגן אָפּ מיט אויסערגעוויינלעכער גבורה די אַנגריפן פון דעם פיינט — אַלע זיי באַשטראַלן אונדז מיט זייער ליכט און טאַט און מוטיקן אונדז צום ווייטערדיקן וועג. מיר דאַרפן גיין צום פאָלק און שטאַרקן זיין קראַפט — די קראַפט וואָס האָט אונדז דערפירט צו אונ־דזער איצטיקן מעמד.

די רעטונגס־אַקציע פאַר די דייטשע יידן דאַרף איצט געפינען דעם אויס־לייזונגס־וועג קיין ארץ־ישראל. דאָס יאָר 1938 דאַרף זיין אַ יאָר פון גרויסער עליה, אַ יאָר פון קאָנסאָלידירן די כוחות אין לאַנד. מיר דאַרפן גיין צו די יידישע מאַסן אין נאָמען פון אונדזערע באַוואָפנטע וועכטער וואָס האָבן אָפּ־געווישט דעם פחדנות־פלעק פון יידישן פאָלק. מיר דאַרפן גיין אין נאָמען פון די יונגעלייט וואָס זיינען היינט אַרויף אויף דער ערד פון חירבת־צמח, כדי אויפצולעבן און באַפרוכפערן די ווויסטעניש. מיר דאַרפן גיין אין נאָ־מען פון דעם גאַנצן ישוב וואָס האָט באַוויזן מעכטיקע גייסטיקע כוחות ביים באַשיצן אונדזער ווערק אין לאַנד. מיר דאַרפן גיין צו די יידישע מאַסן און זאָגן זיי: דאָס אַלץ וואָס איר האָט אינוועסטירט אין פאַרלויף פון צענדלי־קער יאָרן אין ארץ־ישראל האָט געשאַפן אַ פעסטן יסוד פאַרן וווקס און ביל־דונג פון דעם ישוב. דאַרפט איר פאַרטאָפּלען אייערע אָנשטרענגונגען און ברענגען נאָך ציגל צום בנין וואָס ווערט אויפגעשטעלט צום שטאָלץ פון פאָלק ישראל.

מיר נויטיקן זיך איצט אין קרבנות מצד דעם פאָלק פאַרן אויפבוי פון דעם לאַנד. דער ציוניזם דאַרף איצט אויפטרייסלען די יידישע מאַסן. מיר דאַרפן דערווייזן, אַז ארץ־ישראל איז דער איינציקער רעטונגס־פלאַץ, דער איינציקער זיכערער פאָרט פאַר די געפייניקטע, גערודפטע יידישע מאַסן.

---

*) נאָך די נאָוועמבער־געשעענישן אין דייטשלאַנד.

# מיטן כוח פון שקל

איך רייד וועגן שקל צום 21סטן קאָנגרעס און פאַר מיינע אויגן גייען דורך די פאַרשיידענע גילגולים וואָס דער שקל האָט דורכגעמאַכט. פאַראַן צווישן אונדז אַזעלכע וואָס האָבן נאָך אין זייערע קינדער־יאָרן זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן דעם שקל. איך געדענק נאָך מיינע אייגענע ייגלשע יאָרן, ווען די דערוואַקסענע האָבן אויף מיר אַרויפגעלייגט די דאָזיקע שליחות. אין יענע צייטן פלעגן מיר דאָס טאָן אונטער דער אינספּיראַציע פון הערצלס „יידנשטאַט". די רעאַלע ארץ־ישראל האָבן מיר נאָך דאַן נישט געקענט. מיר פלעגן זינגען „במקום שם ארזים", נישט וויסנדיק ווו די „ארזים" געפינען זיך. דאָס איז געווען דער שקל פון פאַנטאַזיע און טרוים.

און איך דערמאָן זיך אין אַ צווייטן גילגול פון דעם שקל. עס זיינען געווען די טעג פון — אוגאַנדע. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער חלום איז ווי אויסגעוועפּט געוואָרן, דער בונד מיט ציון איבערגעריסן געוואָרן, איר אָרט האָט באַזעצט אוגאַנדע. אַ סך האָבן דאַן פאַרלאָזן אונדזערע רייען. אַנדערע האָבן געפאָדערט אַ באַלדיקן ענטפער צו די אויפגעשוווּמענע שוועריקייטן. הערצל, דער אויסדערוויילטער און האַלב־פאַרגעטערטער, איז געבליבן שטיין אינמיטן וועג — ווי פאַר אַ בלינדער וואַנט; אַ סך גרויסע, וויכטיקע פערזענלעכקייטן — גייסט־מענטשן און פאָלקס־פירער — זיינען אַוועק פון אונדז און מיר זיינען דאָך געבליבן ווייטער שטיין אויף דער וואַך פון דעם שקל. אַ הייפל פון דער יידישער יוגנט האָט דאַן דעם אויסוועג פון דער געשאַפענער לאַגע געפונען אין „אינפילטראַציע": זיי האָבן זיך אַריינגעגנבעט קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון פּלאָנסק, קישינעוו און אַנדערע ערטער און האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

און אָט זע איך פאַר זיך נאָך אַ גילגול פון דעם שקל. ס׳זיינען געווען די צייטן פון זיבעטן און אַכטן קאָנגרעס. דאָס רוסישע יידנטום — דער רוב מנין פון דעמאָלדיקן ציוניזם — איז שווער און מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן: אין גאַנץ רוסלאַנד האָבן געווילדעוועט פּאָגראָמען; הערצל איז אַוועק אין דער אייביקייט און אַ טרויער־וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן ציוניזם; און מיר... מיר האָבן געבראַכט דעם שקל צום אַכטן קאָנגרעס. דאָרט האָבן מיר, די דעלעגאַטן פון די גלות־לענדער, זיך געטראָפן מיט די פיר דעלעגאַטן פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. ביים דאָזיקן צוזאַמענטרעף איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר ד״ר רופּינס ווערק אין לאַנד: די גרינדונג פון דער חלוציזם־קאָלאָניע כ נ ר ת וואָס האָט געעפנט אַ ניי־בלאַט אין דער געשיכטע פון אונדזער קאָלאָניזאַציע.

ווידער זע איך אַ נייעם גילגול פונעם שקל: אין דער צייט פון טערקישער הערשאַפט. דער קאָנגרעס האָט זיך נישט פאַרזאַמלט, אָבער דער שקל איז נישט פאַרשוווּנדן, כאָטש די מאַכט האָט געוואָרנט אין מודעות, אויף

די וועגט פון די הייזער אין ירושלים און יפו, אַז דער, וואָס מ׳וועט ביי־אים געפינען אַ ציוניסטישן שקל וועט פאַרמשפּט ווערן צום טויט. ווי אויס־טערליש! אַט דאָס קליינע צעטל — דער שקל — האָט דאַן געדינט אַלס גענוגנדיקע סיבה פאַר אַ טויט־אורטייל!

נאָך איינער אַ גילגול: נאָך דער וועלט־מלחמה — דער שקל צום צוועלפטן קאָנגרעס; יענער קאָנגרעס וואָס האָט מאַניפעסטירט די אָנקו־מענדיקע פאַרווירקלעכונג.

דאָ קומען מיר צו אַ נייעם שטאַפּל: דער צוואַנציקסטער קאָנגרעס — דער אָנזאָגער פון דער יידישער מדינה; יאָ־זאָגער און ניין־זאָגער: די ערש־טע זיינען איבער־אָפּטימיסטיש און די צווייטע שאַצן נישט אָפּ, ווי ווייט דער שקל עקזיסטירט שוין — נישט נאָר צוליב הערצלס „יידנשטאַט״, ווי ווייט ער איז שוין פאַרבונדן מיט דער האָפענונג אויף אַ רעאַלער יידישער מדינה.

ווייטער אַ גילגול: מיר קומען צום קאָנגרעס מיטן שקל, נאָכדעם ווי די לוחות פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע זיינען צעבראָכן אויף ברעקלעך.

איך האָב אויסגערעכנט אַלע שקל־עטאַפּן, — די וועג־צייכנס פון אונ־דזער ביז־איצטיקער אַנטוויקלונג. מיטן כוח פון דעם שקל האָבן מיר דורכ־געמאַכט אונדזער גרויסן וועג, מיטן כוח — פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע.

אויף איינעם פון די קאָנגרעסן האָט זשאַבאָטינסקי עפנטלעך צעריסן זיין שקל. ער האָט געמיינט, אַז דערמיט צערייסט ער די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע. דער ענטפער איז געווען: אַ פאַרשטאַרקטע שקל־קאַמפּאַניע צום קומענדיקן קאָנגרעס. איצט האָט דער בריטישער קאָלאָניע־מיניסטער ׳צע־ריסן״ די באַלפור־דעקלאַראַציע. אונדזער ענטפער וועט זיין: די צונויפשליי־סונג פון די יידישע מאַסן אין דער ראַם פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע.

---

## צוערשט — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

(אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פאַרן שקל, 1941).

מיר לעבן אין טעג פון חורבן און אומקום, און דווקא איצט לאָמיר לאָזן הערן דעם ציוניסטישן רוף: גיב דעם שקל פאַרן ציוניזם!

ווען פיינטלעכע באָמבעס זיינען געפאַלן אויפן ענגלישן קיניגלעכן פּאַ־לאַץ אין וועסטמינסטער, האָט מען געמאָלדן, אַז דער וועסטמינסטער־זייגער, דער באַרימטער „ביג בען״, איז באַשעדיקט. אָבער ער איז נישט צעשטערט געוואָרן. די קלינגערייַ פונעם „ביג בען״ וועט זיך פון די וועסטמינסטער־

הויכקייטן אויך ווייטער טראָגן — אויף די ראַדיאָ־כוואַליעס — איבער ענגלאַנד און איבער גאַר דער וועלט...

יעדן טאָג טרעפט אונדז דער פּיינט, דער יידישער חורבן האַלט אין איין וואַקסן, אָבער מיר דאַרפן לאָזן וויסן, אַז אונדזער „ביג בען" איז נישט צעשטערט. אונדזער וועקונג־כוח וועט נישט אויפהערן צו קלינגען און סיג־נאַליזירן אונדזערע געבאָטן אומעטום, ווו עס צאַפּלט נאָך די יידישע נשמה און עס לעבט די בענקשאַפט צו ציון.

ווייסן מיר אונדזערע צייט־געבאָטן און מיר וועלן זיך גרייטן צום שוץ פון אונדזער לעבן און כבוד. מיר דאַרפן דערפירן אונדזער אָנטייל אין דער מלחמה ביז צו דער העכסטער שפּאַנונג, ווייל די מלחמה פירט זיך קעגן דעם גרעסטן שונא אונדזערן און ווייל מיר דאַרפן פאַרזיכערן אונדזער חלק — אונדזער איינציקע נחלה אויף דער וועלט: דאָס לאַנד אונדזערס. דאָס־גלייכן דאַרפן מיר שטרעבן איינצושטעלן געהעריקע עפנטלעכע באַציאונ־גען און דירעקטע נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט. און אין דעם אַלעמען דאַרפן מיר איינהאַלטן און פאַרשטאַרקן אונדזער טריישאַפט צום גרויסן שעפע־רישן כוח וואָס האָט אַרויסגעבראַכט און קאָנסאָלידירט די רעסטאַווירטע יידישע נאַציאָנאַלע פּאָטענץ — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. דער אָפּיציע־לער אויסדרוק צו דער דאָזיקער טריישאַפט איז — דער שקל.

אויף אַ זיצונג פון הסתדרות־ראַט האָב איך איבערגעגעבן די רעזול־טאַטן פון דער שקל־אַקציע אין דער הסתדרות אין דעם קאָנגרעסלאָזן יאָר 1940 — אַ יאָר פון מלחמה און פּאַניק. איך האָב מיטגעטיילט, אַז די הסתדרות האָט געמאַכט אַ סוף צו דער אַנאַרכישער שקל־פאַרשפּרייטונג און אַז די הסתדרות־מיטגלידער קויפן אויס זייערע שקלים אָרגאַניזירטער־הייט און בכבודיק. איך האָב דאָס געמאָלדן מיט אַ באַזונדערער ציוניסטי־שער גייסטיקער הנאה און איך בין זיכער, אַז דאָ, אויף דער אַ ל ג ע־מ יי נ ע ר שקל־קאָנפערענץ, זיינען אַלע שותפים צו מיין דאָזיקער ציו־ניסטישער הנאה.

איך נעם אָן, אַז צווישן די ציוניסטן זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס טייטשן אויס די איבערגעגעבנקייט פון די אַרבעטער צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און צום שקל אויף אַזאַ אופן: „וואָס איז דער וווּנדער? די גאַנצע דאָזיקע טעטיקייט פון דער הסתדרות אויפן געביט פון שקל לוינט זיך איר, ווייל די השפעה און די דעציזיעס אויף די קאָנגרעסן ליגן אין אירע הענט". וויל איך אייך דורכלייענען אַ פּאָר שורות פון אַ בריוועלע וואָס איך האָב אַמאָל געשיקט קיין חדרה. אַ חבר וואָס האָט געהערט אויפן הסתדרות־ראַט מיין מיטטיילונג וועגן שקל האָט מיר שפּעטער איבערגעשיקט דאָס בריוועלע. איך האָב דאָרטן געשריבן צו די חברים אין חדרה, אַז צו זיי אין דער קאָלאָניע זיינען געשיקט געוואָרן עטלעכע יונגעלייט פאַר דער שמירה־אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע „השומר". די אָרטיקע חברים ווערן

אויפגעפאָדערט מקרב צו זיין די יונגעלייט און מיט זיי חבריש צו פאַרנע־
מ׳ען זיך. אגב, אין פאַרלויף פון די יאָרן זיינען די נעמען פון די יונגעלייט
פאַרהייליקט געוואָרן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג; אַ טייל פון זיי זיינען
שוין מער נישטאָ... זיי זיינען געפאַלן — ווער פון אַ פיינטלעכער קויל, און
ווער פון געלן פיבער...

נאָך דער מעלדונג וועגן די יונגעלייט קומען אין בריוו פאָלגנדיקע שו־
רות: „מיט עטלעכע טעג צוריק זיינען צו אייך אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ
צירקולאַר און שקלים. ענטפערט באַלד אויף די פראַגן פון דעם צירקולאַר
און באַזונדערס באַמיט זיך צו פאַרשפּרייטן די שקלים, ס׳זיינען פאַרבליבן
בלויז געציילטע טעג״... די דאַטע פון דעם בריוו איז — תמוז, תרע״א
(1911). דאָס הייסט — מיט דרייסיק יאָר צוריק!

די אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאָך דאַן אפילו נישט געחלומט וועגן
„השפעה און דעציזיע״ אויף די קאָנגרעסן. מיר האָבן דאַן געקענט אויס־
ווילן קוים איין דעלעגאַט צום קאָנגרעס. מיר האָבן זיך מיט
אַלע כוחות באַמיט צו קריגן כאָטש אַ דריסת רגל אויפן קאָנ־
גרעס. אַן אַרבעטער־דעלעגאַט אויף אַ ציוניסטישן קאָנגרעס האָט דאַן בכלל
אויסגעזען עקזאָטיש. אַפילו קעגנער פון דער הסתדרות וועלן זיכער מודה
זיין, אַז די דעמאָלטיקע אַקטיוויטעט אונדזערע אויפן שקל־געביט איז נישט
געווען דיקטירט פון „אינטערעסן״.

פון יענעם בריוועלע קיין חדרה ביז צו מיין דערמאָנטער מיטטיילונג
אויפן הסתדרות־ראַט ציט זיך אַ ליניע פון גלויבן און טריישאַפט. די דאָזיקע
טריישאַפט — אונדזערע און פון אַנדערע פאָלקס־שיכטן — האָט געהאַלטן
אין איין שטאַרקן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — די טרעגערין פון דער
פאָלקס־האָפענונג און פון דער זאָרג פאַרן פאָלקס־גורל.

מיר זיינען דורכגעגאַנגען פאַרשיידענע עטאַפּן: פון דעם רוף צום שקל
זיינען מיר אַריבער צום רוף צו עליה; פון רוף „קיין ארץ־ישראל״ זיינען
מיר געקומען צום רוף „צו אַרבעט״; דער רוף צו אַרבעט האָט זיך ברייט
פאַרשפּרייט, אַקטיוויזירט פאַרשיידענע שיכטן און סטימולירט פאַרצווייגטע
אונטערנעמונגען פאַר דער באַזעצונג פון לאַנד און זיין אויפבוי. און אַזוי
זיינען מיר פון דעם רוף „צום שקל״ דערגאַנגען דערצו, אַז אַן אַביטוריענט
פון גימנאַזיע „הרצליה״ — היינט איינער פון די ציוניסטישער פירער*)
— זאָל זיך דירעקט ווענדן צו דער יוגנט מיט אַ רוף „צום געווער!״. ווען
נישט דער רוף צום שקל וואָלטן מיר נישט געקענט קומען צום רוף צו גע־
ווער.

דער ציוניזם הענגט אָפּ פון אַלע פאָלקס־טיילן און פון די שוקלים
אין אַלע וועלט־טיילן. אָבער די גרויסע יידישע צענטערס זיינען פאַרניכ־

---

*) משה שרת.

טעט געוואָרן; עס זיינען פאַר אונדז פאַרבליבן געציילטע לענדער — און דאָרטן דאַרף מען זיך באַמיען צו דערגאַנצן דעם מיליאָן שוקלים וואָס דער ציוניזם האָט געהאַט.

מיר ווייסן נישט, צי עס וועט איינגיכן זיין אַ קאָנגרעס, אָבער ה כ נ ו ת צום קאָנגרעס דאַרפן געמאַכט ווערן. ווען אַפילו דער קאָנגרעס קומט נישט פאַר שוועבט ער פאַר אונדזערע אויגן, — דאָס איז אונדזער „וועסטמינסטער״.

זאָל פונדאַנען, פון דעם זאָל וואָס טראָגט הערצלס נאָמען*), אַרויס די דערקלערונג: מיר היטן אָפּ הערצלס ירושה — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע!

איך וויל נאָך צוגעבן און זאָגן אַ פּאָר ווערטער צו די וואָס האָבן זיך פון אונדז דערווייטערט**) מיינענדיק, אַז זיי וועלן געפינען אַן אָרט מחוץ דעם באַזעלער שקל: אפשר איז שוין אויך פאַר אייך געקומען די צייט פון ישוב הדעת? סטערילע קריגעריי פירט אייך צו דעגענעראַציע! ס׳איז שוין צייט, אַז דער שקל זאָל צוריקברענגען די ציוניסטישע דעזערטירן!

---

# אונדזער חוב צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

(אויף אַ זיצונג פון הסתדרות־ראַט, דעם 21סטן מערץ 1943).

איך וויל מודיע זיין וועגן דער אַרבעט פון אַ קאָמיסיע וואָס פאַרנעמט זיך מיט ציוניסטישן שטייער — דעם „זיידע״ פון אַלע ציוניסטישע שטייערן — דעם שקל. איך רעד וועגן דער צענטראַלער שקל־קאָמיסיע. אויף דער פריערדיקער ראַט־זיצונג האָב איך דערציילט וועגן דער נייער אָרדענונג אין דער הסתדרות לויט וועלכער דער פרייז פון דעם שקל ווערט פון הסתדרות־מיטגלידער איינגעמאָנט צוזאַמען מיטן הסתדרות־שטייער. אַזוי אַרום זיינען דאַן פאַרקויפט געוואָרן שקלים צו 73.000 הסתדרות־מיטגלידער. פון דאַן אָן האָבן מיר פאַרפולקאָמט אונדזער סיסטעם און מיר האַלטן שוין ביי העכער הונדערט טויזנט שקלים. דערמיט האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דער צאָל שוקלים אין לעצטן קאָנגרעס־יאָר, הגם דאָס יאָר איז אַ קאָנגרעסלאָזער און אין אַזאַ יאָר פאַלט שטאַרק די צאָל שוקלים. מיר האָבן זיך, בכן, באַפרייט פון דער צופעליקייט און פון דער גרינגשאַצונג צום שקל.

---

*) גימנאַזיע „הרצליה״.

**) די רעוויזיאָניסטן.

מען קריטיקירט און מען באַקעמפט דעם דאָזיקן סיסטעם. מען טענהט, אַז דאָס איז אַן אָבליגאַטאָרישער שטייער, אַן אויטאָמאַטישער. איך דער־קלער, אַז דער שקל־שטייער אין דער הסתדרות איז אַ פ ר יי וו י ל י ־ק ע ר. די וואָס בענקען נאָך דער אינדיווידועלער אַגיטאַציע בעת דער שקל־אַקציע ווייל איך דערמאָנען דעם סטיל פון דער שקל־פּראָפּאַגאַנדע אין די קאָנגרעס־יאָרן — דער סטיל פון „מאַסן־פּראָדוקציע”. און וואָס שייך צ י ו נ י ס ט י ש ע ר פּראָפּאַגאַנדע — הערט זי ב יי א ו נ ד ז קיינמאָל נישט אויף. דער גאַנצער אינהאַלט פון אונדזער לעבן, אַלע רייד אונדזערע, קאָנפערענצן, ליטעראַטור — אַלץ איז דורכגעזאַפּט מיט פּראָ־פּאַגאַנדע פאַר ציון און ציוניזם.

אונדזערע קריטיקער וואָלטן בעסער געדאַרפט זאָרגן דערפאַר, אַז אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס זאָלן דאָ נאָכטאָן דער הסתדרות. אָט זיינען באַ־לערנדיקע ציפערן: אין דעם פאַריקן קאָנגרעס־יאָר זיינען פאַרקויפט געוואָרן 105.000 הסתדרות־שקלים און 62.000 שקלים פון אַנדערע קרייזן. היי־יאָר — אין אַ קאָנגרעס — 100.000 הסתדרות־שקלים און בסך הכול 23.000 פון אַנדערע! אויב אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס וועלן ס י ס ט ע מ אַ־ט י ש (נישט אויטאָמאַטיש און נישט אַנאַרכיש) פאַרשפּרייטן דעם שקל, וועלן מיר אפשר פאַרקויפן אַ פערטל מיליאָן שקלים, דאָס הייסט, מיר וועלן דערגרייכן די מערהייט פון דעם ישוב. עס זיינען אונדז נישט איבערגע־בליבן קיין סך לענדער און ארץ־ישראל דאַרף כאָטש טיילווייז פאַרפילן דעם דעפיציט.

**
*

איך גיי איבער צו אַן ענין וואָס אייגנטלעך איז איבעריק אַ סך וועגן אים צו רעדן אויף דעם הסתדרות־ראַט: קרן־קימת און קרן היסוד. דאָ זיצן דאָך פאַרטרעטער פון די וואָס האָבן מיט אומגעהויערע חלוצישע אָנשטרענ־גונגען געשאַפן אַן אמתן ק ר ן ־ ק י מ ת — אַ באמת באַשטייענדיקן פאָנד — און די וואָס זייער גאַנצער לעבנס־אינהאַלט איז צו פאַרפעסטיקן דעם י ס ו ד פון דעם אויפבוי־פאָנד. פון קינדווייז אָן האָבן מיר זיך ווי מיט אַ כישוף געצויגן צו דער קליינער בלויער קרן־קימת־מאַרקע, מיר האָבן זיך צו איר צוגעקלעפּט און האָבן זי געקלעפּט ביי יעדער געלעגנהייט. מיר האָבן דערמיט אויסגעדריקט אונדזער בענקשאַפט נאָך ערד.

אין יאָר 1920 זיינען מיר געווען אויף דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ נאָך דער וועלט־מלחמה. די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט באַנייט דאָס לעבן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און געלייגט דעם יסוד פאַרן קרן היסוד. אין צענטער פון אונדזערע פאַרהאַנדלונגען זיינען געשטאַנען די פּאָליטישע פראַגן, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז נישט אויסערלעכע פּאָ־

ליטישע פאַקטאָרן, נאָר מיר אַליין, מיט אונדזערע אייגענע הענט, דאַרפן פאַרווירקלעכן, בויען. און מיר האָבן געשאַפן דעם קרן היסוד.

עס זיינען אַריבער 23 יאָר און קרן היסוד האָט באַוויזן אויפצושטעלן די קאָלאָניזאַציע אויפן נאַציאָנאַלן באָדן, צו בויען און אַנטוויקלען די שטאָט, צו פלאַסטערן וועגן, אַבסאָרבירן אַ גרויסע עליה, אויסצובעסערן דעם געזונטהייט־וועזן און פלעגן דעם העברעאישן חינוך. פיל מער ווי קרן היסוד האָט אַליין אינוועסטירט האָט ער צוגעצויגן אויסערלעכע אינוועסטיציעס. ער האָט פאַר זיי אויסגעטראָטן דעם וועג און געשאַפן באַדינגונגען אפילו פאַר די וואָס ווילן נישט געהערן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און זיי באַנוגענען זיך מיט באַקעמפן זי...

מיר האָבן, יאָרן לאַנג, טריי געאַרבעט פאַר די פאָנדן. איצט, אין טעג פון געוויסער „פראָספעריטי", איילן מיר זיך אויך צוריקצוצאָלן דעם קרן־היסוד זיינע אינוועסטיציעס. אונדזערע ווירטשאַפטן זיינען די ערשטע אויף צוריקצוצאָלן.

עס איז אַ גורל־תקופה פאַרן פאָלק און מיר ווערן אויפגעפאָדערט צו גרויסע מעשים. אַ טאָג אָן ניי אויסגעלייזטן באָדן איז אַ פאַרלאָרענער! אַ טאָג אָן מער בוי־אַרבעט איז מער שוואַכקייט פאַר דער צוקונפט! און עס פאָדערן זיך איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען און אומגעהייערע פינאַנ־ציעלע מיטלען. וואָס נוגע דעם ישוב מעגן מיר הויך זאָגן: אין באַציאונג צו מאַטעריעלער וואָלונטירונג איז דער ישוב פולקום רעהאַביליטירט. דער טייל פון דער אַרבעטערשאַפט אין די זאַמלונגען — מיט איניציאַטיוו, טע־טיקייט און אַליין־באַשטייערונגען — איז גאָר גרויס. און איצט איז געקו־מען די צייט אָפיציעל איינצושליסן די טעטיקייט פאַר די ציוניסטישע פאָנדן אין דעם טעטיקייטס־געביט פון דער הסתדרות, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס גע־מאַכט מיטן שקל.

אונדזערע חברים וואָס שטייען אין שפּיץ פון קרן קימת און קרן היסוד אין ארץ ישראל טוען אַ גרויסע אַרבעט. און ס'איז אַ שווערע אַרבעט. און די הסתדרות דאַרף די דאָזיקע חברים אונדזערע פאַרלייכטערן זייערע אויפ־גאַבן. מיר שלאָגן דעריבער פאַר דעם ראַט אויפצושטעלן אַ באַזונדער הסתד־רות־אַנשטאַלט פאַר די פאָנדן און דערביי ווענדן זיך צו אַלע הסתדרות־חברים מיט אַ רוף ווי געהעריק צו באַשטייערן זיך פאַר די פאָנדן.

---

יוסף שפרינצאק

# צום אנקום פון ד״ר חיים ווייצמאַן

(אַ באַגריסונג אויף דער זיצונג פון ענגן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט; דעצעמבער 1944).

איך באַגריס אייך מיטן צוריקקער אַהיים און מיטן ווידער־דערשיינען אין דעם ציוניסטישן געזעצגעבערישן אַנשטאַלט.

העכער פינף יאָר זיינען פאַרביי זינט מיר האָבן זיך געזעגנט אויפן 21סטן קאָנגרעס, — דעצידירנדיקע יאָרן אין אונדזער געשיכטע. מיר געדענקען גוט יענע געזעגענונג, די דערשיטערנדיקע, די דורכגענומענע מיט טרויער און זאָרג פאַר די שרעקלעכע טעג וואָס קומען. אייערע לעצטע ווערטער אין זשענעווע זיינען געווען פול מיט גלויבן, אַז „די שארית הפליטה וועט ווייטער אַרבעטן, קעמפן, לעבן ביז עס וועלן קומען בעסערע טעג״...

זיינען פאַרביי פינף יאָר... מיר האָבן שוין פאַר די אויגן דעם שווידער־לעכן סך־הכול. און יאָ: אַ טייל פון דער שארית הפליטה האָט געקעמפט... דער גרעסטער טייל אָבער וועט — נישט אַרבעטן, ווייל ער לעבט נישט מער.

אין זשענעווע האָבן מיר דאַן געזאָרגט פאַרן גורל פון אונדזער לאַנד, אָבער די געשיכטע האָט אונדז געטאָן אַ חסד: מיר זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון חורבן וואָס האָט געוואָרט אויף אונדז. נאָך מער: דער ישוב איז גרעסער און רייפער געוואָרן. די שעפערישע כוחות פון ישוב האָבן זיך אויס־טערליש פונאַנדערגעבליט. עס איז אונטער דער צייט אויך אויסגעוואַקסן אַ יונגער פּראַכטפולער דור פון פרייוויליקע באַשיצער. דער פרייוויליקער קעמ־פערישער כוח, ווי אויך די גאַנצע גרויסע פּאָטענץ וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אין דעם ישוב, קערן אום צום פאָלק און לאַנד זייער באַדייטונג און אָנזען אין דער וועלט־געשיכטע. דער ישוב איז רייף געוואָרן פאַר דער אויפגאַבע פון אַקטיוון קאַמף פאַר אונדזערע פּאָליטישע פאָדערונגען.

אָבער צוזאַמען מיט רייפקייט און בליאונג דאַרפן מיר פאַרצייכענען אויך שעדלעכע געוויקסן. אַמאָל האָט זיך דער טעריטאָריאַליזם פאַרמאָסטן אויף דער נשמה פון ציוניזם, היינט — דער טעראָריזם.

אין די יאָרן פון צעשיידונג האָט די דאָזיקע קערפּערשאַפט — דער ענגער אַקציאָנס־קאָמיטעט — נישט איינמאָל געהאַט צו באַהאַנדלען פּראָבלע־מען וואָס נאָר איר, הער פּרעזידענט, האָט זיי געקענט קלאָר מאַכן און פאַר־שלאָגן דעם געהעריקן ענטפער. אָבער נאָך וויכטיקער איז אייער זיין מיט אונדז אין דער א י צ ט י ק ע ר ביטערער און פאַראַנטוואָרטלעכער שעה. זאָל אייער קומען געבענטשט זיין, פאַר אייך, פאַר אונדז, פאַרן ישוב און פאַר דער צוקונפט פון ציוניזם.

# קעגנאיבער דער פאַרשווערונג

(דערעפענונגס־רעדע אויפן 58סטן הסתדרות־ראַט: יולי 1946).

היינטיקן שבת זיינען פאַרגעקומען געשעענישן,*) וואָס זייער כאַראַקטער איז אַ טייל פון די דאָ אַנוועזנדיקע אַביסל באַקאַנט פון די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. עס איז געווען אַ טאָג ווען צו דער באַלאַגערטער תל־אביב האָבן זיך געטראָגן שרעקלעכע קלאַנגען: כפר־סבא איז אַרומגערינגלט... מרחביה און דגניה זיינען אַרומגערינגלט... און כנרת... און אַנדערע ערטער. אויך דאַן פלעגט מען באַלאַגערן, שלאָגן, זוכן געווער.

אַזוי איז געווען אין די טערקישע צייטן. און אָט קומען איצט ווידער קלאַנגען צו דער באַלאַגערטער תל־אביב: מען איז אַרומגערינגלט, און משמר־השרון, און יגור... אָט דאָ דערנענטערט זיך דאָס מיליטער און אָט דאָרטן זיצט מען פאַרזאַמלט אויף איין אָרט און מען וואַרט אויף אַן אָנגריף... מ׳הערט — און דאָס בלוט פרירט אין די אָדערן: דאָס ווערט דאָך געטאָן אין נאָמען פון דער בריטישער אַרבעטער־רעגירונג!

מיט 30 יאָר צוריק האָבן די טערקן געשלאָגן דעם אַלטן א. ד. גאָרדאָן און איצט האָבן די ענגלענדער געשלאָגן דעם אַלטן רב פישמאַן. און אין אונדזער אויפרעגונג, דערשטוינונג און דערשלאָגנקייט פרעגן מיר זיך: איז דאָס די אַרבעטער־רעגירונג פון אַ קולטור־פאָלק?!

יאָ, נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. דער רוסישער מיניסטער פלעווע האָט אַמאָל געטענהעט, אַז יידישע בחורים און מיידלעך ווילן חרוב מאַכן די רוסישע אימפעריע; דער טערקישער גובערנאַטאָר דזשעמאַל־פּאַשאַ האָט געהאַלטן, אַז יידישע בחורים און מיידלעך פון ארץ־ישראל ווילן אויפרייסן די אָטאָמאַנישע אימפעריע; און איצט זאָגט דער ענגלישער פּרעמיער, דער לייבאָר־פירער עטלי, אַז „די בחורים און מיידלעך צעשטערן די אָרדענונג און צעטרייסלען די פונדאַמענטן“...

דער פּרעמיער וואַרפט באַשולדיקונגען פאַר די אונטערערדישע מעשים אין לאַנד. ווער אָבער — אויב נישט ער — איז שולדיק אין דעם? ווער אויב נישט זיין קאַבינעט־קאָמיסיע וואָס האָט פאַראורטיילט דעם ציוניזם צו פאַרניכטונג? אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק דאַרפן זיצן נישט די אַרעסטירטע פון

*) די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט האָט דעם 29סטן יוני 1946, אַ שבת־טאָג, דורכגעפירט רעוויזיעס אין פאַרשידענע פונקטן אין לאַנד און ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן מאַסן־אַרעסטן. עס זיינען אויך אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לאַטרון די פירער פון דער יידישער אַגענץ און פון ישוב (מ. שרת, ד. רמז, הרב פישמאַן, י. גרינבוים, ד. יוסף און אַנד.).

יגור, נען און אַנדערע ישובים, נאָר די איצטיקע ענגלישע מלוכה־פירער — די וואָס האָבן אַזוי ביטער אַנטוישט די חסידים פון ענגלאַנד.

ווען די טערקן האָבן געשלאָגן דעם אַלטן א. ד. גאָרדאָן האָט ער געזונגען דאָס יידישע לידל:

און אַז מען צאַפּט פון מיר דאָס בלוט אַרויס,
מען מוטשעט מיך פאַמעלעך —
לאָך איך זיך פון מיינע שונאים אויס
און גיי מיר גאָר אַ פריילעכס...

מיר פאַרזאַמלען זיך דאָ, כדי צו שטאַרקן דאָס, וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן נאָך יענער געשעעניש אין כנרת. מיר וועלן רעאָרגאַניזירן אונדזערע כוחות, כדי צו שיצן אונדזער לעבן און שאַפונג און כדי צו פאַרזיכערן ווייטערדיקן אויפשטייג אין פיל גרעסערע דימענסיעס.

צו דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי וועלן מיר פונדאַנען שיקן אונדזער אויפפאָדערונג צום משפט פון דער סאָציאַליסטישער מאָראַל: אָט אַזוי האַנדלט די גרעסטע אַרבעטער־פּאַרטיי אין דער וועלט?! אָט אויף אַזעלכע מאָראַלישע יסודות וועלן געבויט ווערן די מענטשלעכע און אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען?!

מיר וועלן דאָ אויך באַהאַנדלען די עליה־פראַגע. מיר וועלן זיך גרייטן אויפצונעמען די עולים — די צענדליקער טויזנטער, די „הונדערט טויזנט"*), טראָץ אַלעם, אין אַלע באַדינגונגען און אומשטענדן.

---

## צו די מעפּילים פון „יציאת אייראָפּע"

(אויף דער זיצונג פון וועד־הפועל פון דער הסתדרות; דעם 22סטן יולי 1947).

לאָמיר אָפּגעבן כבוד די הרוגי מלכות בריטאַניע: דעם אָפּיצער וויליאַם בערנשטיין — אַ פרייוויליקער פון אַמעריקע, דעם 15־יאָריקן הירש יאַקובאָוויטש — אַ געראַטעוועטער פון בענדין און דעם וואַלד־פּאַרטיזאַן מרדכי בלומשטיין — אַלע דריי געפאַלענע אויפן מזבח פון דעם פאָלק וואָס שטרעבט צום פאָטערלאַנד.

די דריי האָבן מיר פאַרגאַנגענעם זונטיק באַהאַלטן אין דער ערד פון אונדזער פאָטערלאַנד. 4.500 חברים זייערע זיינען מיט גוואַלד פאַרשיקט

*) די ענגליש־אַמעריקאַנישע קאָמיסיע האָט אין אַפּריל 1946 רעקאָמענדירט צו געבן 100.000 סערטיפיקאַטן.

געוואָרן אין ערגעץ אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין דער וועלט. און דאָס ווערט געטאָן אויפן „געזעצלעכן" גרונט פון דעם אומגעזעצלעכן, גרויזאַמען „ווייס־בוך".

די עליה פון „עקזאָדוס — 1947" („יציאת אירופה — התש"ז") קיין ארץ־ישראל איז געזעצלעך נישט ווינציקער פון דער ענגלישער מלחמה קעגן היטלערן, ווייל די מלחמה האָט געראַטעוועט דאָס ענגלישע פאָלק. די עליה איז אַ מלחמה פאַר דער רעטונג פונעם יידישן פאָלק.

בעווין — ווייזט אויס — וויל דווקא אָנשליסן דאָס ענגלישע פאָלק אין דער רשימה פון פעלקער אויף וועלכע עס פאַלן די קללות פון געיאָגטע און געפּלאָגטע: צו דער אינקוויזיטאָרישער שפּאַניע, באַיאַרישער רומעניע, צאַריי־שער רוסלאַנד, נאַציסטישער דייטשלאַנד...

מיר ווייסן, אַז די שיפן מיט די 4500 זיינען צוריקגעשיקט געוואָרן אין דער ריכטונג פון פראַנקרייך. פאָדערן מיר פון פראַנקרייך, פון אירע אַרבע־טער, פרייהייטס־קעמפער, פון אַלע די וואָס זיי איז הייליק די הומאַניטאַרע טראַדיציע פון פראַנקרייך, נישט צוצולייגן זייער האַנט צו דער דאָזיקער גרויזאַמער האַנדלונג, נישט העלפן יענע, וואָס האָבן באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען די גאַנצע וועלט אין אַ פּאַסטקע פאַר די געראַטעוועטע פון פאַרניכטונג.

מיר האָבן אַלעמאָל געבראָכן וועגן קיין ארץ־ישראל, זינט די עליה פון די ערשטע חסידים ביז צו דער עליה פון רומענישע יידן — די בויער פון זכרון יעקב — וואָס האָבן זיך וואָכנלאַנג געדרייט אַרום יפו איידער זיי האָבן געקענט אַריינקומען אין לאַנד. איצט איז אונדזער אַלעמענס האַרץ מיט די 4.500 ברידער און שוועסטער — יידישע קינדער וואָס טראָגן מיט זיך די צוקונפט פונעם יידישן פאָלק, מיט זיי, זייערע יסורים און זייער מוט. זאָל נישט אָפּגעשוואַכט ווערן דער מוט פון די „עקזאָדוס"־מענטשן! מיר זאָגן זיי מיט די ווערטער פון יהודה הלוי: „זאָל אין האַרץ פון די ימים אייער האַרץ נישט געבראָכן ווערן"!

---

# אינמיטן די פלאַמען

(דעם 28סטן יאַנואַר 1948).

איך קום פון לייק־סאַקסעס — דעם אָרט ווו עס האָט זיך אַזוי אימפּאָ־זאַנט אַרויסגעשטעלט דער רעזולטאַט פון דער יידישער פּאָליטישער טעטי־קייט. און איך בין געקומען אַהיים — ווו עס שפּילט זיך אָפּ אפשר דער שאַרפסטער און אַנטשיידנדיקסטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן רענעסאַנס.

מיר שטייען אינמיטן דער צעפלאַקערטער מלחמה. עס איז אויף אונדז

נגזר געוואָרן צו פירן די מלחמה אין די שווערסטע באַדינגונגען און טראָץ דער ענגלישער „נייטראַליטעט" אין לאַנד — די נייטראַליטעט וואָס דער־מאָנט אונדז די קעגנזייטיקע שחיטות פון אַרמענער און טאַטאַרן אין דער „נייטראַלער" צאַרישער רוסלאַנד.

אין דער איצטיקער מלחמה מוזן מיר אַרויסווייזן אַ טאַלאַנט פון פאַר־טיידיקונג. באַגייסטערונג און טריישאַפט האָבן שטענדיק באַגלייט אונדזער שאַפונג אין לאַנד און אַ דאַנק זיי האָבן מיר אַלץ דערגרייכט. און איצט זע איך דאָס זעלביקע אויף אונדזערע פראָנטן. איך זע די באַגייסטערטע גבורה פון די זין און טעכטער און איך זע די גבורה פון זעלבסט־באַהערשטע על־טערן וואָס טרויערן נאָך געפאַלענע קינדער. אַלע צוזאַמען ציען זיי די גבורה פון איינעם און דעם זעלבן קוואַל.

מיר דאַרפן זיך איצט פאַרנעמען נישט מיט אינפאָרמאַציע, נאָר מיט אָרגאַניזאַציע. מיר דאַרפן מאָביליזירן אַלע אונדזערע כוחות און דערביי ווי וויט מעגלעך שפּאָרן די כוחות. אונדזער בלוט דאַרפן מיר האַלטן אָן אַ שיעור טייער. זאָל דאָס בלוט זיין טייער און דאָס געלט — ביליק. מיר דאַרפן האַנדלען אין באַצוג צו די פינאַנציעלע באַדערפענישן אַזוי ווי עס האָבן געהאַנדלט ענגלאַנד און אַמעריקע אין דער צייט פון מלחמה. זאָל ביי אונדז די פינאַנציעלע זעלבסט־באַשטייערונג זיין אַ שנעלע און אַן ערן־פּולע. זאָל נישט זיין קיין מאַנגל אין פאַנצער און קאָלדרעס פאַר די פרייוויליקע קעמ־פער און אין שפּייז — פאַר זייערע פרויען און קינדער.

די דאָזיקע פליכטן ליגן קודם כל אויף דער הסתדרות. אָבער גלייכצייַ־טיק דאַרפן מיר זאָרגן פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער הסתדרות אַליין — דעם דאָזיקן גרויסן פאָלקס־אוצר.

איך וויל צום סוף פאַרצייכענען אַ באַזונדערן פאַל פון „נייטראַליטעט": מיר האָבן געוואַרט אויף אַ דעלעגאַציע פון פראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל, וועגן וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער לעצטער ראַט־זיצונג פון אינטערנאַציאָנאַל. מיר האָבן געוואָלט, אַז די דעלעגאַציע זאָל זיך אויפן אָרט איבערצייגן אין אונדזערע שלום־כוונות. אָבער די מאַנדאַט־רעגירונג, וועלכע האָט זיך אונטערגענומען אָפּצוהיטן די זיכערקייט אין לאַנד, האָט נישט געוואָלט גאַראַנטירן די זיכערקייט פון דער דעלעגאַציע און זי איז נישט געקומען.

---

# אַ צוויבער־יאָר

(פון אַ רעדע אויף אַ קאָנפערענץ פון מפא״י־חברים אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע זידלונגען; נאָוועמבער 1948).

איך האָב זוכה געווען צו זיין פאַראַיאָרן, דעם 29סטן נאָוועמבער, אין לייק־סאַקסעס. איז פאַרלאָפן אַ יאָר, אַ צוויבער־יאָר. די געשיכטע פון דעם יאָר איז ווערט מען זאָל זי פאַרשרייבן ווי נאָך אַ קאַפּיטל אין די כתבי־הקודש פון דעם יידישן פאָלק.

אָבער די כתבי־הקודש האָבן גאָרנישט פאַרשוויגן, אפילו נישט פאַרשוועכונג פון קודש: די מעשה מיט עכן, וואָס האָט פּריוואַט גענומען פון קריגס־רויב, די מעשה מיטן עגל, די מעשה מיט דער פלגש בגבעה אאַז״וו. און אויך דאָס מאָל וועלן מיר נישט אויסבאַהאַלטן צוויי גרויסע זינד: 1) די אויפפירונג פון אייניקע זעלנער אין אַראַבישע ישובים און 2) דאָס נישט צוריקשטעלן די אייניקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

**

מיר שטייען פאַר די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער יידישער מדינה. דאָס איז דער פינפטער עטאַפּ.

דער ערשטער עטאַפּ איז דער ציוניסטישער קאָנגרעס. פיר יאָר האָט הערצל שטודירט דעם פראַנצויזישן פאַרלאַמענטאַריזם און פון דאַנען איז געקומען די קאָנסטרוקציע פון דעם קאָנגרעס.

דער צווייטער עטאַפּ איז געווען אין לאַנד — אויף דער פאַרזאַמלונג אין זכרון יעקב, אין יאָר 1903. אוסישקין האָט צונויפגערופן די דאָזיקע אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג פון דעם ישוב, אָבער עס האָט נאָך דאַן געפעלט אין לאַנד דער אַקטיווער טרעגער — די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט.

דער דריטער עטאַפּ — די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דעם ישוב אין יאָר 1917. עס איז שוין דאַן געווען דער אַקטיווער טרעגער. אַזוי האָבן מיר געהאַט אַן „אסיפת הנבחרים״ און דעם פון איר געוויילטן „ועד לאומי״. און ווען משה שרת האָט איבערגעגעבן די בקשה פון מדינת ישראל וועגן מיטגלידערשאַפט אין „די פאַראייניקטע פעלקער״ („יו־ען״), האָט ער געשריבן: „דעם 14טן מאַי, 1948, האָט דער ו ע ד ל א ו מ י פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקייט פון דער יידישער מדינה״...

דער פערטער עטאַפּ איז „דער צייטווייליקער מדינה־ראַט״. דאָס איז געווען אַ דערהויבענע פּרעלודיע. אין דעם צוויבער־יאָר איז דאָס געווען אַ קאָרידאָר צום געזעצלעכן פאַרלאַמענטאַרישן לעבן אין לאַנד.

און איצט גייען מיר צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג — צום פאַרלאַמענט. עס וועט ציטערן די האַנט ביים וויילער ווען ער וועט אָפּגעבן זיין

שטים אויף די פאָרשטייער אין ערשטן יידישן פּאַרלאַמענט. מיר האָבן קיין פּאַרלאַמענט נישט געהאַט אין די צייטן פון די שופטים, נביאים און מלכים. דאָס וועט זיין אַ פּאַרלאַמענט ווי ביי אַלע אַנדערע דעמאָקראַטישע פעלקער, נאָר מיט אַ יידישן נוסח.

**

לעצטנס האָט אונדז באַזוכט אַ גאַסט — אַן עסקן — פון אויסלאַנד. אין אַ שמועס זאָגט ער מיר: „איר האָט דאָך מנצח געווען". איך האָב גע־הערט און דערמאָנט זיך די אַלטע צייטן, ווען מיר זיינען געווען יונגע „בטלנים", צעירי־ציון, עקזאָטישע גרופּן און קעגנער האָבן זיך גערייצט מיט אונדז און גערעדט וועגן „דעם געפייגערטן לאַנד". „איר ווילט אין ארץ־ישראל זיין — האָט מען אונדז געזאָגט — טערקישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן". שפּעטער פלעגט מען זאָגן: „פאָמעראַנצן־סאָציאַליסטן". איך געדענק, איך האָב אַמאָל געפרעגט בונדיסטן: זאָגט מיר, איר וואָס אייערע פעסטונגען זיי־נען אין די שטעטלעך, ווו מען אַרבעט אויס חזיר־האָר־בערשטלעך, מיט וואָס איז „חזיר־האָר־סאָציאַליזם" בעסער פון פאָמעראַנצן־סאָציאַליזם"?

מיט 35 יאָר צוריק האָב איך געזאָגט צו אַן אינטעליגענטן בונדיסט: „לאָמיר אָפּלייגן אונדזער דיסקוסיע אויף עטלעכע צענדליק יאָר און מיר וועלן זען". נו. איז איצט געקומען אַ גאַסט און איז מודה: „איר האָט גע־זיגט". עס האָבן געזיגט די וואָס זיינען געגאַנגען מיט לייידיקע הענט מאַכן קאָלאָניזאַציע, עס האָט געזיגט דער ציוניסטישער גרונט־געדאַנק — דער חלו־ציזם, עס האָבן געזיגט די העלדן פון „באר חפרנו"*); עס האָט געזיגט דאָס מיידל מיט די לאַנגע האָר און ווייסן פאַרטוך, וואָס זיצט אין אַ שאָקלדיקן באַראַק אין נגב און שאַפט יידישע געשיכטע:

...זייט מודה: נישט דער קאָנגרעס, מיינע פריינט,
און אויך נישט די אַגענץ, ווי עס שיינט,
וואָלטן געווען אַ פּאָליטישער פאַקטאָר —
אָן איר און איר ווייסן פאַרטוך...

(נתן אַלטערמאַן)

זי האָט געזיגט!

אָן דעם זיג פון דער אַרבעטערשאַפט, פון איר גרונט־געדאַנק — די נייע פאָרמען פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע — וואָלטן מיר דאָס אַלץ נישט דערגרייכט. דאָ זיינען אויסגעשמידט געוואָרן אַלע אונדזערע שאַ־פונגען און איר האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די ליבע און פריינטשאַפט צו אונדז

*) „אַ ברונעם האָבן מיר געגראָבן" — אַ נאָוועלע פון מ. ווילקאַנסקי וועגן דעם ערשטן ברונעם וואָס יידישע הענט האָבן געגראָבן אין אַ יידישער קאָלאָניע.

אין גאַר דער וועלט. זי — די נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע — האָט אין זיך פאַרקערפערט און זי סימבאָליזירט אונדזער נאַציאָנאַלן רענע־סאַנס — אין אונדזערע אויגן און אין די אויגן פון דער אויסערלעכער וועלט.

און איצט ווערט די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אויפגעפאָדערט אַקטיוו צו באַטייליקן זיך אין צוגרייטן די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. די וואַלן זיינען גורלדיקע. מיר ווילן האָבן אַ מדינה מיט אַלע אַטריבוטן, אָבער זי דאַרף זיין אַ מוסטער־מדינה. מוזן אונדזערע „פּעלאַכן" זיין אַקטיוו, זיי דאַרפן אין זייערע הענט האַלטן דעם רודער פון דער פאָלקס־באַוועגונג.

***

איך וועל זיך נישט באַרואיקן כל זמן מפא"י און מפ"ם וועלן נישט זיין פאַראייניקט. אָבער ביז דאַן מוז מפא"י שטיין אין דער שפּיץ, זי מוז זיגן אין די וואַלן. ווייל די דאָזיקע פּאַרטיי איז דער דינאַמישער כוח אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און אויפן פּאָליטישן פראָנט; זי פירט אויס די היסטאָרישע שליחות פון זינט „אַ ברונעם האָבן מיר געגראָבן" ביז צום דערלאַנגען די בקשה וועגן אַריינגעמען אונדזער מדינה אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. איך האָף, אַז אונטער דער פירונג פון מפא"י וועט דער ערשטער פּאַרלאַמענט אונדזערער זיין דער ערשטער עטאַפּ צו אַ פאָלקס־לעבן.

---

# זאָל אונדזער געראַנגל ריין זיין!

האט יהושע געזאגט צו עכנען: מיין זון, גיב אפּ כבוד צו גאט, דעם גאט פון ישראל, זיי זיך מודה פאר אים, און זאג מיר, איך בעט דיך, וואס דו האסט געטאן, לייקן נישט. האט עכן געענטפערט יהושוען און געזאגט: אמת, איך האב געזינדיקט קעגן גאט פון ישראל און אזוי און אזוי האב איך געטאן. איך האב געזען אין דעם רויב א גוטן מאנטל פון שנער אין צוויי הונדערט זילבערנע שקלים און א צונג גאלד וואס וועגט פופציק שקל, האב איך זיי געגלוסט און האב זיי צוגענומען. זיי זיינען באהאלטן אין דער ערד אינמיטן פון מיין געצעלט און דאס זילבער איז אונטער דעם. האט יהושוע געשיקט שליחים... און זיי האבן זיי ארויסגענומען און געבראכט צו יהושוען און

י ו ס ף   ש פ ר י נ צ א ק

אוועקגעלייגט פאַר גאָט... און יהושוע און גאַנץ
ישראל האָבן זיי אַרויפגעבראַכט צום טאָל עכור.
(יהושוע ז׳, י״ט—כ״ד).

זינט ישראל איז אַרויס אין גלות זיינען נישט געווען אַזעלכע פּרוווּ־טעג פאַרן פאָלק ווי די היינטיקע. די איצטיקע מלחמה וועט אויף לאַנגע יאָרן באַשטימען דעם גורל פון פאָלק. פאָרויס צום פראָנט גייט די ארץ־ישראלדיקע יוגנט, וואָס איז מיט איר גבורה און קרבנות־גרייטקייט מקדש דעם נאָמען פון ישראל צווישן די פעלקער. די דאָזיקע יוגנט פאַרקערפּערט אין זיך די האָפענונגען פון אַלע דורות און איז מקיים מיט לייב און לעבן די וויזיעס פון אונדזערע דערהויבנסטע טרוימער, פּאָעטן און דענקער.

די דאָזיקע יוגנט, וואָס האָט זיך געווידמעט דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, איז דורכגעזאַפּט מיט דער הויכער נאַציאָנאַלער קולטור פון „לא ישא גוי אל גוי חרב״ („אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט קיין שווערד נישט הייבן״). און זי טראָגט אויך אין האַרצן די נביאישע וויזיע פון דער צו־קונפט, ווען אַ מענטש צו אַ מענטש וועט נישט וועלן שלעכטס טאָן.

די  ד אָ ז י ק ע  יוגנט איז איצט מחויב מיט כבוד און אַנגסט אָפּצו־היטן דעם אינהאַלט פון אונדזער קריג, אַז ער זאָל נישט פאַרשוועכט ווערן און נישט פאַראומרייניקט ווערן. לאָמיר געדענקען וואָס עס ווערט דערציילט וועגן די אור־צייטן ווען ישראל פלעגט זיך אָפּרעכענען מיט שונאים: „און אין רויב האָבן זיי זייער האַנט נישט אַריינגעטאָן״.

זאָלן אונדזערע רייען ריין זיין! צום רוף פון דער הגנה: „זיי שטאַרק!״ וועלן מיר אויך צוגעבן: „זיי ריין!״

---

# מ י ט ן  ג ע ז י כ ט  צ ו  ד י  ג ל ו ת ־ ל ע נ ד ע ר

(אויפן ראַט פון דער „פאַראייניקונג פון פּועלי־
ציון־צ.ס.־התאחדות״; אויגוסט 1951).

מיר זיינען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען ערב דעם ציוניסטישן קאָנגרעס וואָס פאַרזאַמלט זיך אין ארץ־ישראל. מען רעדט און שרייבט, אַז דער דריי און צוואַנציקסטער קאָנגרעס דאַרף זיין אַזוי ווי דער ערשטער אין באַזעל. מיר אָבער דאַכט זיך, אַז ער דאַרף זיין וויכטיקער פון דעם ערשטן. דער קאָנגרעס אין באַזעל איז געווען אַ מין  ס ד ־ ה כ ל — פון האָפענונגען, פון דורות־לאַנגער קאָנטינואיטעט. און פונדאַנען האָט געשטאַמט דער טאַט: דער אויפבלי פון ציוניזם, די קאָנסאָלידאַציע פון דער באַוועגונג. דאַקעגן דער

ערשטער קאָנגרעס אין ירושלים איז אַ מין  אַ נ ה ו י ב,  אין איינקלאַנג מיט דער באַנייאונג פון דעם פאָלק. און דאָס איז אַ ריזיקע אויפגאַבע.

דער קאָנגרעס פאַרזאַמלט זיך אין אַ צייט פון אַן אומגעהויערער טראַנס־פאָרמאַציע אין דעם יידישן פאָלק. ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אונדזער פאָלק געווען פאַרשפרייט איבער אַלע גלותן, ווו — מיט מער רעכט, ווו — מיט ווייניקער, אָבער אומעטום — אויפן גלות־שטייגער — פאַר־וואָרצלט. און איצט איז אַ גאַנץ אַנדער פאָלק, אַזאַ וואָס איז צעטיילט אויף יידן פון מדינת ישראל און יידן פון די תפוצות. בכן, אויך צוויי צענטערס: מדינת ישראל און די תפוצות.

צווישן די צוויי צענטערס פאַרנעמט איר פּלאַץ די ציוניסטישע באַוועג־גונג — סיי ווי אַ בריק און פאַרבינדונג או סיי ווי אַ השפעה־קאַנאַל צו פאַר־שטאַרקן דעם יידישן אינהאַלט אין די תפוצות. עס מוז אויך ווייטער זיין אַ ב אַ ו ע ג ו נ ג — אַ באַוועגלעכער און באַוועגנדיקער גייסט — מיט אַ טרייען און איבערגעגעבענעם  ט ר ע ג ע ר.  אַלע אַקטיווע אידייאישע באַ־וועגונגען האָבן זייערע פאַנאַטישע טרעגער וואָס ברעכן דורך דעם וועג פאַר דער באַוועגונג. אַזוי איז אויך געווען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין פוילן, רוסלאַנד, ליטע, רומעניע, האָט דער ציוניסטישער אידעאַל געפלאַקערט אין האַרצן פון מיליאָנען יידן — געשטויסענע און סטימולירטע דורך רדי־פות, סכנות, יידישער דערציאונג און דורות־לאַנגער טראַדיציע. דער אידעאַל האָט געגעסטיקט אין קליינע הייזער, בתי־מדרשים, ישיבות, דירות פון אָרע־מע לייט, געוועלבלעך, סטראַגאַנעס... די אַלע האָבן אויסגעטראָגן דעם ציו־ניזם און זיין פאַרווירקלעכונג. זיי האָבן אַרויסגעבראַכט פינסקערן, ליליענ־בלומען, הערצלען, דאָס ערשטע הויז אין פתח־תקוה. זיי האָבן אויך געשאַפן די גרויסע חלוצישע באַוועגונג. בקיצור — דער טרעגער פון ציוניזם איז גע־ווען דאָס פאָלק אַליין.

אָבער פון דעם פאָלק זיינען זעקס מיליאָן אויסגעהרגעט געוואָרן  און צוויי מיליאָן זיינען פון אונדז אָפּגעריסן. עס איז אויסגעוואַקסן  אַ  נ יי ע ר יידישער צענטער, אַ זעקס־מיליאָניקער, אין אַמעריקע. אָבער דער דאָזיקער יונגער צענטער קען נישט זיין קיין טרעגער פון היסטאָרישער קאָנטינואיטעט. די זעקס מיליאָן יידן פון אַמעריקע זיינען אַזויווי אַ ניי פאָלק. אמת, ארץ־ישראל רופט ביי זיי אַרויס באַגייסטערונג, אָבער מיר ריידן דאָ נישט וועגן באַגייסטערונג, נאָר וועגן גייסט. זיינען פאַראַן ווינקעלעך, ווו „אויפן פּרי־פּעטשיק ברענט אַ פייערל״, אָבער אין שטוב איז קאַלט.

אין יענער גרויסער נאַכט פון לייק־סאַקסעס  האָבן מיר דאָרטן גע־טאַנצט אין די גאַסן. ס׳האָבן געטאַנצט יידן וואַרשעווער, קישינעווער, בערדי־טשעווער, בוקאַרעשטער און בודאַפּעשטער, אָבער אויטענטישע ניו־יאָרקער יידן האָב איך נישט געזען. איך האָב זיי געזוכט מיט ליכט און נישט גע־פונען.

זיי זיינען נישט שולדיק, די אַמעריקאַנער יידן, וואָס זיי קענען נישט זיין די טרעגער פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. די סיבות זיינען דורכ־אויס אָביעקטיווע און ס'איז איבעריק צו זאָגן מוסר. עס איז אַ היסטאָרישע אַנטוויקלונג — אַ שייד־פּונקט אין דער יידישער געשיכטע. און דערפאַר איז דאָרט אויך נישטאָ קיין חלוצישע באַוועגונג.

עס איז דאָ אין אַמעריקע אַן אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַ סך יידישע פירער. אָבער קיין יידישע אַרבעטער־מאַסן — ליידנדיקע, זינגענדיקע און שטורעמדיקע — זיינען נישטאָ. עס האָט זיך איבערגעריסן די גאָלדענע קייט...

און דאָס אַלץ דאַרף זיין דער פירנדיקער געדאַנק פון קאָנגרעס, דער איב־האַלט זיינער. ביי דער זייט פון דער פראַגע וועגן הילף פון דעם פאָלק דאַרף שטיין די פראַגע וועגן אונדזער פליכט צום פאָלק, דאַרף קומען אַ ריזיקע טע־טיקייט אויפן געביט פון דערציאונג. און געטאָן דאַרף דאָס ווערן מיט שטור־רעם און דראַנג, מיט פאַנאַטישער איבערגעגעבנקייט. נאָר אַזוי וועלן מיר דורכברעכן די כינעזישע וואַנט, דאָס הייסט, די אַמעריקאַנישע...

און אויף אונדזער איצטיקער קאָנפערענץ דאַרף די באַוועגונג אָנעמען פאַרן 23סטן קאָנגרעס די פאָרמולע: „מיטן פּנים צו די גלות־לענדער!" צו זיך אַליין דאַרפן מיר זאָגן: „מיטן פּנים צו דער יוגנט!"

---

## לאָמיר באַנייען דעם ציוניזם

דער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס וועט זיך פאַרזאַמלען צום ערשטן מאָל אין ציון, דאַרף זיין דער קאָנגרעס פון ציוניסטישער באַנייאונג. ווען מען זאָגט „באַנייאונג" מיינט דאָס, אַז דער אָביעקט איז פאַרעלטערט גע־וואָרן און אָט דאָס איז טאַקע געשען מיטן ציוניזם וואָס געפינט זיך איצט — איידל גערעדט — אין אַ שווערן קריזיס. איך האָב דאָ נישט אין זין דעם „קריזיס" וואָס שטעלט צו יעדן טאָג סענסאַציעס פאַר דער יידי־שער פרעסע — קריזיס פון באַציאונגען צווישן ניו־יאָרק און ירושלים, פון ויכוחים איבער קאָמפּעטענצן, אָרגאַניזאַציאָנעלע דעפעקטן, פערזענלעכע קעגנזאַצן, צי אפילו פון אידייאישע און סאָציאַלע קאָנפליקטן אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג. דאָס אַלץ איבערראַשט אונדז נישט. דאָס זיי־נען געוויינלעכע דערשיינונגען אין אַלע מאַסן־באַוועגונגען, שוין אָפּגערעדט — אין אַזאַ פילפאַרביקער באַוועגונג, מיט אַזאַ געאָגראַפישער צעשפּרייט־קייט, ווי די ציוניסטישע.

דער קריזיס איז אַ גאַנץ אַנדערער. זיין הויפּט־סיבה איז דער חורבן פון

דעם עיקרדיקן, דעם „פּאַראינטערעסירטן" טרעגער פון ציוניזם. זעקס מיליאָן ייִדן זײַנען אויסגעהרגעט געוואָרן און צוויי מיליאָן — אויף יענער זייט פון דעם אײַזערנעם פאָרהאַנג — זײַנען פּאַראַליזירט געוואָרן. עס איז חרוב גע־וואָרן דער צענטער פון ייִדישן גײַסט און נאַציאָנאַלער אויסשטראַלונג, דער צענטער פון די פּאַראינטערעסירטע אין ציוניזם און זײַנע פּאַרווירקלעכער.

אמת, עס זײַנען נאָך, אויסער די אייראָפּעאישע, אויך אין די מוסול־מענישע לענדער פאַראַן ייִדישע ישובים וואָס זייער לאַגע האָט זיי געמאַכט פּאַראינטערעסירט אין דער דערגרייכונג פון די ציוניסטישע צילן. אָבער דער היסטאָרישער פּראָצעס אין די עטלעכע יאָר פון דער ייִדישער מדינה האָט אַ טייל פון די דאָזיקע גלותן ליקווידירט און זייערע ייִדן געבראַכט קיין ישראל. איז אַזוי ווי זיי זײַנען ב י ז א י צ ט נישט געווען קיין טרעגער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און ציוניסטישער טעטיקייט, וועלן זיי שוין ב מ י ל א אויך ווײַטער נישט זײַן.

אָבער לויטן ווילן פון אונדזער געשיכטע איז אונדז פאַרבליבן דער מעכ־טיקער, ווערטפולער צענטער פון דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום מיט וועלכן עס אידענטיפיצירט זיך איצט פּאַקטיש דער באַגריף „ייִדיש פאָלק". דאָ זעט אויס צו זײַן דער אַדרעס פונעם גלות־ייִדנטום. די דאָזיקע צענטראַלע ראָל האָט דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום אָנגעהויבן צו שפּילן ווען דער אייראָפּעאישער צענטער האָט נאָך עקזיסטירט — אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. אָבער קיין ט ר ע ג ע ר פון ציוניזם איז דער נײַער צענטער נישט גע־וואָרן. דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום איז געבענטשט מיט זיכערקייט, גלײַכבאַ־רעכטיקונג, עקאָנאָמישער פּאַרוואָרצלונג און מאַטעריעלן וווילשטאַנד. דאָס אַלץ נעמט אַוועק די דירעקטע סטימולן פאַר פּערזענלעכער פּאַראינטערע־סירטקייט אין ציוניזם. א י נ ט ע ר ע ס י ר ן ז י ך — יאָ, ז ײַ ן פּ אַ ר א י נ ט ע ר ע ס י ר ט — ניין. אויסער דעם פעלט דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום נאַציאָנאַל־קולטורעלע טראַדיציע אָן וועלכער מען קען נישט זײַן קיין טרעגער פון אַ באַפרײַענדיקער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

אויפן געביט פון גײַסט און קולטור האָט דאָס דאָזיקע ייִדנטום געלעבט פון „אימפּאָרט". די אײַנוואַנדערונג פון מערב־אייראָפּע האָט אימפּאָרטירט דײַטשע רעפאָרם־ייִדישקייט און האָט געשאַפן וויכטיקע בילדונגס־אַנשטאַלטן. דער דאָזיקער „אימפּאָרט", וואָס האָט ביסלעכווײַז אָנגענומען דעם אַמערי־קאַנער סטיל, האָט אַ סך צוגעהאָלפן דערהאַלטן דעם געמיינדע־בונד. און די אײַנוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּע האָט געבראַכט דעם גײַסט פון „ייִדיש־קייט" — פון „דער אַלטער היים". די „לאַנדסמאַנשאַפטן" האָבן אָפּגעהיט דעם דאָזיקן גײַסט און מיטגעהאָלפן אַבסאָרבירן די שפּעטער געקומענע.

דער וועג פון אימיגראַציע האָט געפירט צו פּראָלעטאַריזאַציע און די גרויסע ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט געזאָלט ווערן אַ דע־צידירנדיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דעם נײַעם ייִדישן גלות־

צענטער. דאָס שפּרודלדיקע פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפטלעכע לעבן, דער גייס־טיקער ביישטייער פון דער ניי־געקומענער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער אינטעליגענץ און דער סינטעז צווישן דעם „אימפּאָרט" פון מערב און דער „יידישקייט" פון מזרח — דאָס אַלץ האָט געזאָלט שאַפן דעם יסוד פאַר דער אויסבילדונג פון אַ נייעם יידישן מהות. אָבער די אַנטוויקלונג איז פאַקטיש געגאַנגען אין דער ריכטונג פון מימיקריע, פון שנעל אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלע עלעמענטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און יעטוועדע פאַרבינדונג מיט איר. דער עלטערן־דור קלאַמערט זיך נאָך אין רעליגיעזע צערעמאָניעס, איז נאָך פול מיט סענטימענטן צו דער אַלטער היים. אָבער די אַלע דאָזיקע געפילן און סענטימענטן פאַרשווינדן אויפן שוועל פונעם לעבן פון דעם יונגן דור.

אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַ יונגער דור, געזונט פיזיש און גאַנץ אַמע־ריקאַניש־גייסטיק — אָן דעם יאָך פון תורה און נאַציאָנאַלער קולטור, אָן „אַ ריס אין האַרצן", אָן העברעאיש און יידיש צוגלייך, דורכויס פרעמד צו די נאַציאָנאַלע ווערטן און פּראָבלעמען. און די קאָלאָסאַלע ענדערונג אויפן עקאָנאָמישן געביט — די כמעט טאָטאַלע דעפּראָלעטאַריזאַציע — האָט נאָך דערצו אַ סוף געמאַכט אויך צו דער עקזיסטענץ פון אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט איר גייסטיקן ביישטייער צום יידישן לעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז מען טאָר נישט פאַרגעסן די גרויסע מאַטעריעלע הילף וואָס אַמעריקאַנער יידן האָבן געגעבן פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, ווי אויך די פּאָליטישע הילף ביים אויפשטעלן און אויסהאַלטן די מדינה. דאָס ענדערט אָבער נישט דעם פאַקט, אַז אַמעריקאַנער יידן ווייזן נישט אַרויס דעם מינדסטן סימן פון דירעקטער באַטייליקונג — דורך זעלבסט־פאַרווירק־לעכונג — אין די פּראַקטישע געבאָטן פון ציוניזם און מדינת ישראל. קיינער קומט נישט פון דאָרטן העלפן אונדז בפועל ממש בויען דאָס לאַנד. נישטאָ דאָרטן קיין טרוימער, וואָס דער אידעאַל פון שיבת־ציון זאָל זיי באַוועגן עולה צו זיין און באַהעפטן זיך מיטן לעבן אין ישראל און מיט דער גרויסער היס־טאָרישער, יידישער און מענטשלעכער, געשעעניש. קיין איין איינציקער ראַ־ביי איז נישט געקומען. אויך ציוניסטן — פון אַלע פּאַרטייען און שאַטירונ־גען — קומען נישט.

מיטן אויפשטעלן די מדינה איז אין אַמעריקע נישט אַנטשטאַנען ספּאָנ־טאַן קיין חלוצישע באַוועגונג — נישט לויטן מוסטער פון דער יידישער שטעטל אין פּוילן און נישט לויטן אַמאָליקן גויאישן פּיאָנערישן מוסטער פון אַמעריקע אין די יאָרן פון איר אויפקום. עס האָט זיי נישט געוועקט די ציון־בענקשאַפט פון דער דיכטערין עמאַ לאַזאַרוס, וועמענס פערזן עס באַצירן די אַמעריקאַנער פרייהייטס־סטאַטוע, און אויך נישט די פאַנטאַסטישע ציוניס־טישע אונטערנעמונג פון מרדכי עמנואל נח — מיט הונדערט יאָר צוריק אין אַמעריקע...

אמת, מיר טאָרן נישט זיין אומדאַנקבאַר אין באַצוג צו די הונדערטער־

פרייוויליקע — צווישן זיי דוד מאַרקוס — וואָס זיינען צו אונדז געקומען אין די טעג פון אונדזער פרייהייטס־קריג. אָבער דאָס ענדערט נישט דאָס אַלגע־מיינע בילד. אדרבא, מען דאַרף צוגעבן נאָך אָ שטריך — אַ „פסיכאָלאָגישן", אַזאַ וואָס איז געקומען מיט דער שאַפונג פון מדינת־ישראל. אַרטור קעסט־לער פאַרענדיקט זיין בוך „צוזאָג און פאַרווירקלעכונג" מיט די פאָלגנדיקע וידוי־ווערטער:

„דאָס זיינען די אויספירן פון איינעם, וואָס איז במשך אַ האַלבן יובל יאָרן געווען אַ סימפּאַטיקער פון ציוניזם און וואָס לויט זיין קולטור־וויסן גע־הערט ער צו מערב־אייראָפּע. ער און אַ סך ענלעכע צו אים האָבן אַלץ גע־טאָן, כדי צו פאַרזיכערן אַ היים פאַר די וואָס זיינען געבליבן אָן אַ היים — צוליב פּאָראורטיילן, טעראָר אָדער פּאָליטישן פאַראַט. איצט, ווען מדינת יש־ראל איז אַ סטאַבילער פאַקט, זיינען זיי ענדלעך פריי — צו ווינטשן דער־פאָלג דער זיכערער היים, און — גיין ווייטער זייער וועג מיט יענעם פאָלק, מיט וועמענס לעבן און קולטור זיי זיינען דורך און דורך פאַרבונדן".

מיר הערן אין דעם דאָזיקן „וידוי" אַן עכאָ פון די געפילן פון נישט־וויי־ניקע, וועלכע האַלטן, אַז איצט מעגן זיי שוין זיין גלייכגילטיק צו ציוניסטי־שע פליכטן. פון דאַנען שטאַמט אויך די איינרעדעניש פון דער „טאָפּלטער לאָיאַליטעט", אַן איינרעדעניש אויף צו דערדריקן דעם פּחד פון „מה יאמרו הגויים", די זעלבע איינרעדעניש, וואָס האָט זיינער צייט באַוויגן די דייַ־טשע „פּראָטעסט־ראַבינער" קעגנצושטעלן זיך דעם צונויפרופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס קיין מינכען.

דער ציוניזם איז נישט סתם אַן איינפאַל — ער איז אַ נאַטירלעכער און גרינטלעכער אויספיר פון דורות־לאַנגע און קאַרק־ברעכערישע עקספּערימענטן צוצופּאַסן זיך צום גלות־לעבן. עס איז געווען אַ פּרעכטיקע עפּאָכע: גלות בבל; געווען אַ פריידפולער גלות — אין שפּאַניע; געווען צום סוף דער הער־לעכער גלות אין דייטשלאַנד — הערלעך ביז צום אַבסאָלוטן אויסמעקן דעם גלות־אָנדענק. האָט זיך אָבער די היסטאָרישע ראָד געדרייט און אין יעדן פאַל געבראַכט צו דער איינציקער פאַרטיידיקונג און רעטונגס־ליניע. אָבער אין אַלע תקופות — שלעכטע ווי גוטע — זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס — לויט הערצלס דעפיניציע — „ווילן נישט אָדער קענען נישט בלייבן אין גלות". פאַר אַזעלכע — איבער אַלע „תקופות" — יורשט די ציוניסטישע קאָנצעפּציע; פאַר זיי דאַרף מען סטימולירן דעם געדאַנק פון דער אַלטערנאַטיווע.

מיר האָבן געשאַפן די מדינה אָבער דער פּראָצעס פון פאַרפעסטיקן איר עקזיסטענץ און זיכערקייט וועט נאָך לאַנג דויערן. דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיך דאַרפן באַטייליקן אין דער „אינוועסטיציע" פון מענטשן־מאַטעריאַל; עס וועט זיך פון אים אויך פאָדערן אַ סך פינאַנציעלע הילף. אין פאַרשיידענע פּאָליטישע סיטואַציעס וועט נויטיק זיין פּאָליטישע אונטערשטיצונג מצד די יידישע מאַסן אין די „תפוצות". ענגלישע יידן, למשל, האָבן לענג אויס און־

דזער קאַמף קעגן דער מאַנדאַט־מאַכט דעמאָנסטרירט סאָלידאַריטעט מיטן ישוב, הגם אַלס ענגלישע בירגער זיינען זיי דערביי אָפט געווען אין זייער דעליקאַטע סיטואַציעס. מיר קענען נישט וויסן, צי וועט זיך די מדינה נישט נויטיקן אין אַזאַ סאָלידאַריטעט דאָ־דאָרט אויך אין דער צוקונפט. און צוליב דעם אַלעם איז אונדז נויטיק די שוץ־וואַנט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער 23סטער קאָנגרעס פאַרזאַמלט זיך ביים ליכט פון דער דאָזיקער אַקסיאָמע.

אַ וויכטיקן פּלאַץ אין די פאַרהאַנדלונגען פון קאָנגרעס וועט אויך פאַרנעמען די פראַגע פון „סטאַטוס״: די קאָמפּעטענצן, טעטיקייטס־קרייז און לעגאַלע רעכט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אינערהאַלב דער מדינה. עס איז קלאָר, אַז ציוניסטן אַנערקענען די פולע סוווערעניטעט פון דער מדינה אין אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע ענינים. אָבער דאָס הייסט נישט, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז נישט קיין פ אַ ר א י נ ט ע ר ע ס י ר ט ע ר צד. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געבראַכט צו דער גרינדונג פון דער מדינה איז אַ פאַראינטערעסירטער שותף אין דעם לעבן פון דער מדינה און אַלע אירע אַנגעלעגנהייטן.

די פאָרמעלע זייט פון דער דאָזיקער פראַגע וועט וואַרשיינלעך אין אַ געוויסער מאָס רעגולירט ווערן דורכן געזעץ וואָס די כנסת וועט אָננעמען וועגן די קאָמפּעטענצן און לעגאַלן סטאַטוס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מדינת ישראל. אָבער עס לוינט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן נאָך איינער אַ פאַרבינדונג צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער מדינה: קאָאָפּטירן אַ פאַרטרעטער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי אַן אויסערארדנטלעכן מיטגליד פון דער רעגירונג און איבערגעבן אים אַ מיניסטעריום פאַר די ענינים פון גלות און ציוניזם.

הערצלס געבאָט איז געווען: איינעמען די קהילות, איינעמען דאָס פאָלק. אין פּראָצעס פון אויספירן דעם דאָזיקן געבאָט איז אויסגעוואַקסן אַ יונגער דור וואָס האָט איינגענומען דעם ציוניזם און אויפגעשטעלט אַ מעכטיקע חלוצישע פאַרווירקלעכונגס־באַוועגונג. דער איצטיקער ציוניסטישער געבאָט דאַרף זיין: איינעמען דעם נייעם יונגן דור און דורך דעם אַרויסברענגען דעם נייעם טרעגער פון ציוניזם.

---

# אין אונדזער באַוועגונג

## „צעירי־ציון"

דער נאָמען „צעירי־ציון" איז איינער פון די באַשיידנסטע צווישן די נעמען פון פאַרטייען און שטרעמונגען, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער דאָזיקער נאָמען האָט באַדייט קודם־כל — יוגנטלעכקייט, פערמאַנענטע יוגנטלעכקייט — אין ווילן, אין דערפילן פליכטן און אין פאַרווירקלעכן אויפגאַבן. די דאָזיקע יוגנטלעכקייט האָט דערהויבן די באַשיידענע טרעגער פון דער „צעירי־ציון־התחיה"*)־באַוועגונג צו דער ראָל פון באַנבר֫עכער אין דער געשיכטע פון זייער פאָלק. אָפטמאָל איז זייער אויפגאַבע געווען אָפּצוהיטן דעם ציוניסטישן פייער, אַז ער זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן, אָבער נאָך אָפטער איז זיי אויסגעקומען אַליין אָנצוצינדן דעם פייער פון באַגייסטערונג פאַר נייע אידייען און זייער פאַרווירקלעכונג.

„צעירי־ציון" זיינען געווען טעטיק אין דעם יידישן „תחום המושב"**) פון רוסלאַנד, פוילן און ליטע. זיי האָבן געווירקט אין אַ שטורעמדיקער צייט פון פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַמפן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט די אָנקומענדיקע רעוואָלוציע און געגעבן האָפענונגען אויף אַ פרייערן סאָציאַל־פּאָליטישן רעזשים. אַלץ אַרום זיי האָט געברויזט און געראַשט, עס האָט געפלאַקערט אַן אידייען־קאַמף און דער קאַמף האָט באַזיגט די הערצער, געוועקט כוחות, געוויזן דעם וועג צו אַ נייער לעבנס־אָרדענונג. האָט דאָס אַלץ אויפגעשטורעמט אויך די רייען פון „צעירי־ציון". זין פון דעם פּראָלעטאַרישסטן פאָלק אויף דער וועלט, אור־אייניקלעך פון נביאים און פון עלטער־זיידעס וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס אויף קידוש־השם, האָבן זיי נישט געקענט, נישט מיטגעריסן ווערן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קעגן רשעות און פאַרדאָרבנקייט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. עס איז אָבער געווען „עפּעס" אַזוינס וואָס האָט געהאַלטן די „צעירי־ציון" אויף זייער אייגענעם וועג. דער

---

*) „התחיה" איז אַנטשטאַנען אין די טעג פון דער פּאָלעמיק צווישן די ציוני־ציון און די טעריטאָריאַליסטן, אין יאָר 1903, צוערשט אין וואַרשע און דערנאָך אויך אין אַנדערע שטעט; „התחיה" האָט זיך באַטראַכט ווי אַ פאָלקס־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. פון דער פראַקציע האָבן זיך שפּעטער אָפּגעצווייגט צוויי שטרעמונגען: „פּועלי־ציון" און „צעירי־ציון". מיט דער צייט האָבן זיך „התחיה" און „צעירי־ציון" פאַראייניקט.

**) אין צאַרישן רוסלאַנד האָבן יידן געמעגט וווינען בלויז אין באַשטימטע געביטן וואָס האָבן באַקומען אַ נאָמען „תחום־המושב".

דאָזיקער עפּעס האָט אַמאָל אויסגעדריקט דער האַרציקער פאָלקס־דיכטער ש. פרוג:

צווייערליי ווייטיקן האָט מיין גורל מיר באַשערט —
פרייהייטס־דאָרשט און אַ לעבן פון אַ קנעכט.

די עמפּינדונג פון דער פאַרשאָלטענער ווירקלעכקייט, וועלכע ענדערט זיך נישט אונטער קיין שום אומשטענדן אין דער וועלט, איז בייגעשטאַנען די „צעירי־ציון" און האָט זיי צוגעשמידט צום עיקר. און דער עיקר איז — דער ציוניזם, וועמענס אינהאַלט עס איז די שרעק פון דעם גלות און די וויזיע פון דער גאולה. אוודאי האָבן „צעירי־ציון" געהאַט אַ פּראָגראַם, אוודאי זיינען אויך ביי זיי געווען מיינונגס־פאַרשיידנהייטן און פּראָגראַמאַטישע קעגנזאַצן. דאָס אַלץ איז אָבער געווען בלויז אַ צוגאָב צום עיקר־צוועק: די פּראַקטישע פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם.

איינע, אַ „צעירי־ציון"־גרופּע, האָט אַמאָל פאָרמולירט איר פּראָגראַם קורץ און שאַרף: „מיר זיינען סאָציאַליסטן אויף שפּעטער". דאָס האָט געזאָלט מיינען: אַן באַדן אונטער די פיס, אָן זיכערקייט פאַר אונדזער לעבן און אָן אַן אינהאַלט פאַר אונדזער ווילן און שאַפן — וואָס פאַר אַ טעם וועט עס האָבן צו דערקלערן זיך ווי סאָציאַליסטן — אויף באַלדי?

דאָס האָט אויסגעזען לעכערלעך, נישט וויסנשאַפטלעך, אָבער אין דעם דאָזיקן געדאַנק האָט געשטעקט דער אמת פון דער ווירקלעכקייט. מיט דער צייט איז די „נישט וויסנשאַפטלעכע" פאָרמולע דורכויס באַשטעטיקט געוואָרן.

שאַפן אייגענע מעגלעכקייטן, פאַרוואַנדלען דעם „פרייהייטס־דאָרשט" אין אַ מאַטאָר־קראַפט צו ליקווידירן דעם אַרט „לעבן פון אַ קנעכט" — דאָס איז געווען דער ציל פאַר וועלכן „צעירי־ציון" זיינען אַנטשטאַנען און געווידמעט זייער לעבן. מיטן באַוווסטזיין פון דער איינציקייט פונעם ציל האָבן אין זיך די „צעירי־ציון" געטראָגן באַגייסטערונג און טריישאַפט פאַר אַלץ וואָס קען פאַרשנעלערן די אויסבילדונג פון אַ זעלבסטשטענדיקן יידישן כוח. פון דאַנען נעמט זיך זייער גרויסע טריישאַפט און באַגייסטערונג פאַר דער עקזיסטענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פאַרן שקל און אַנדערע ציוניסטישע פליכטן, פאַר אַלץ וואָס שטאַרקט דעם ציוניזם אין זיין פּראַקטישער טעטיקייט. פון דאַנען שטאַמט זייער פיעטעט פאַרן גראָבאייזן, וואָס גראָבט אויף די פעלדער פון ארץ־ישראל פונדאַמענטן פאַרן נייעם לעבן; פון דאַנען איז אויפגעקומען, דערהויבן און געהייליקט געוואָרן די ציוניסטישע אַרבעטס־אידיי.

„צעירי־ציון" האָבן דורכגעמאַכט זייער וועג פון דעם ציוניסטישן שקל ביז צו דער קאָמונע אויפן ברעג פון ירדן, דורכגעמאַכט אַן טעאָרעטישע פאַרפוצונגען. זיי זיינען געווען געבענטשט מיט אַן אייגנשאַפט אויף אַן עלע־

מענטאַרן אופן אויפצונעמען די ציוניסטישע פליכטן און די וועגן פון זייער פאַרווירקלעכונג. דאָס איז אפשר די איינציקע באַוועגונג וואָס האָט אַזוי פול און ערנסט אויפגענומען די ציוניסטישע געבאָטן.

אין די ראַטן־לענדער זיינען „צעירי־ציון" געשטעלט געוואָרן פאַר אַ ברירה: אויפהערן צו גיין דעם אייגענעם וועג און פאַרלייקענען דעם אייגענעם וועזן, אָדער פאָרצוזעצן זייער ציוניסטישע טעטיקייט, טראָץ די דראָענדיקע רדיפות און יסורים. זיי האָבן אויסגעוויילט דעם צווייטן וועג און האָבן אַריינגעשריבן אין דער ציוניסטישער געשיכטע דעם קאַפּיטל פון אונטערערדישן ציוניזם, פון דעם אייגנאַרטיקן „קידוש השם" פאַרן שקל, פאַר העברעאיש, פאַר חלוציזם, פאַר גרייטן כוחות וואָס זאָלן פאַרשטאַרקן די אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל און שאַפן דעם באָדן פאַר „סאָציאַליסטן איך שפּעטער"...

די דאָזיקע באַוועגונג — באַשיידן אין נאָמען און פאָרנעם — האָט געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין דער געשיכטע פון ציוניזם און אפשר — פון גאַנצן יידישן פאָלק. פון איר זיינען געקומען כוחות פאַר דער צווייטער עליה; אין איר שויס האָט זיך אויסגעטראָגן דער געדאַנק וועגן שאַפן אַ החלוץ־אָרגאַניזאַציע און אין אירע רייען זיינען אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן כוחות פאַר דער דריטער עליה.

„צעירי־ציון", מיט זייערע „שמאָלע האָריזאָנטן" — לויט די טענות פון קעגנער — האָבן קלאָר געמאַכט די האָריזאָנטן פון זייער פאָלקס צוקונפט און די „נישט וויסנשאַפטלעכע" האָבן געהאָלפן בויען אַ גרויסע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון וועמענס וואָרצלען עס וואַקסן תורה און וויסנשאַפט פאַרן אויפגעלעבטן פאָלק.

---

# צו דער צוקונפט

ראש־השנה תרע"ח (1918) איז אין דגניה פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר". עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט חברים פון אַלע ישובים אין יהודה, שומרון און גליל. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. עס האָט זיך געפילט, אַז עס קומען אָן גרויסע טעג.

„צו דער צוקונפט" איז געווען איינע פון די פונקטן אויפן סדר־היום און דער אַקס אַרום וועלכן עס האָבן זיך אין פאַרלויף פון דריי טעג געלאָזט הערן רעפעראַטן און דעבאַטן. מען האָט רעזומירט די אַרבעט אין די לעצטע צען יאָר און אָנגעצייכנט וועגן פאַר ווייטערדיקער ברייטער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט. אין צענטער זיינען געשטאַנען די פראַגן פון נאַציאָנאַליזירן דעם באָדן, פון דער קבוצה און פון דעם מושב־עובדים.

מען האָט זיך שטאַרק פאַרטיפט אין די דיסקוסיעס און אין די רעזאָ־לוציעס. עס זיינען געשטעלט געוואָרן גרויסע פאָדערונגען צו דער פּאַרטיי און די דעלעגאַטן האָבן מיט גרויס באַגייסטערונג גענומען אויף זיך פאַר־שיידענע מאַטעריעלע התחיבותן, באַזונדערס אין באַצוג צו דער פּאַרטיי־צייַ־טונג. עס איז דאַן אויך אויפגעשוומען דער פאָרשלאַג צו גרינדן אַן „אַרבע־טער־באַנק" — אַ קאָאָפּעראַטיווע פינאַנץ־אינסטיטוציע פאַר אַלע קאָלאָני־זאַציע־באַדערפענישן פונעם יידישן אַרבעטער. עס זיינען פאַר דעם צוועק דורך אייניקע אַרבעטער־גרופּן צוגעזאָגט געוואָרן באַדייטנדיקע געלט־סכומים.

טראָץ די מלחמה־באַדינגונגען האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסן צו שיקן דריי חברים קיין רוסלאַנד און שטעלן זיך אין דירעקטע פאַרבינדונגען מיט די חברים פון „צעירי־ציון". דער „הפועל הצעיר" האָט פון אַלעמאָל באַ־טראַכט רוסלאַנד, פּוילן און ליטע ווי דעם הויפּט־רעזערוואַר פון זיין מיט־גלידערשאַפט און נאָכפאָלגערשאַפט. פון דאָרטן האָט געשטאַמט די אידעאָ־ליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט אונדז געגעבן די „יזכור"*)־העלדן, זכרם לברכה, און די באַנבערעכער אין אַרבעט און שאַפונג — אויף די ברעגן פון ירדן און כנרת — זיי צו לאַנגע יאָר. די מלחמה האָט איבערגעריסן אונדזע־רע פאַרבינדונגען מיט „צעירי־ציון" און מיר האָבן גאָרנישט געהערט פון זיי און וועגן זיי.

און אַט האָט אונדז די ציוניסטישע פּרעסע געבראַכט, ערב דער קאָנפע־רענץ, אַ פריילעכע בשורה וועגן דער גלענצנדיקער אַנטוויקלונג פון „צעירי־ציון", וועלכע האָבן דאַן געציילט 30.000 מיטגלידער. די פּרעסע האָט אויך דערציילט וועגן די קאָנפערענצן און פאַרזאַמלונגען פון „צעירי־ציון", און באַזונדערס, וועגן זייער ערשטער קאָנפערענץ — נאָך דער רוסישער רעוואָ־לוציע — ווו ס'זיינען אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן וועגן קאָאָפּערירן מיט „הפועל הצעיר". דאָס האָט געשטאַרקט די אויסזיכטן פון דער פּאַרטיי און די קאָנפערענץ אין דגניה האָט דעריבער, ווי געזאָגט, באַאויפטראָגט דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו דעלעגירן קיין רוסלאַנד דריי חברים.

עס האָבן דאַן בכלל אָנגעהויבן אָנצוקומען צו אונדז גרויסע נייעסן פון יענער זייט גרענעץ**) און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָנטפּלעקן ברייטע פּערס־פּעקטיוון פאַר גרויסצוגיקער טעטיקייט. דאָס אַלץ האָט געהאַלטן די קאָנפע־רענץ אין דגניה אין אַ געשפּאַנטער יום־טובדיקער שטימונג.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז אין די טעג פון דער קאָנ־

---

*) „יזכור" — אַ בוך מיט דעם דאָזיקן נאָמען, געווידמעט דעם אָנדענק פון שומרים און אַרבעטער וואָס זיינען געפאַלן אויף זייערע פּאָסטנס אין די טעג פון דער צווייטער עליה.

**) ערשט דאַן זיינען קיין ארץ־ישראל דערגאַנגען די ערשטע ידיעות וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

פערענץ איז אין דגניה אויך פאַרגעקומען אַ צוזאַמענקום פון 20 לערערס און לערערינס — מיטגלידער פון „הפּועל הצעיר“. זיי האָבן געזוכט וועגן, ווי אַזוי איינצופירן די אַרבעטס־דערציאונג אין דער נייער שולע אין ארץ־ישראל. די לערערס האָבן זיך דאַן אָרגאַניזירט און געשאַפן אַ ספּעציעלע סעקציע אין דער פּאַרטיי.

---

# וועגן דער פאַרייניקונג

(דערציילונגס־רעדע אויף אַ ראַט־זיצונג פון „הפּועל הצעיר“, געווידמעט דער פאַראייניקונגס־פראַגע).

## א.

מיטן אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן פאַרייניקונג דערוועקן זיך אין מיר סענטימענטן פון צוואַנציק יאָר לעבן אין „הפּועל הצעיר“ און מיט „הפּועל הצעיר“.

דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אייגנאַרטיקער פּאַרטיי מיט אייגנאַרטיקע פּאָליטישע און שפּרודלדיקע שאַפונגען. אונדזער פּאַרטיי האָט פון קיינעם נישט באַקומען בירושה איר כאַראַקטער און אירע אייגנשאַפטן, — זי האָט קיינעם נישט קאָפּירט. בערך מיט 25 יאָר צוריק זיינען מיר דאָ פּלוצים אויפגעקומען און אָנגעהויבן שאַפן ווערטן, וואָס אין זייער גרעסטן טייל געהערן זיי שוין צו דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט. די אידיי פון כיבוש־העבודה איז אין פולער קראַפט ביז היינט צו טאָג. די קבוצה, — ווען מען זאָל אפילו לאָזן אָפן די פראַגע ווען ס'זיינען געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוּוון צו שאַפן פאַרשיידענע קאָלעקטיוון, — אָבער די קבוצה, וואָס פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דער אידייען־וועלט פון דער אָריגינעלער אַרבעטער־שאַפונג און וואָס דינט אַלס מאָטאָר־קראַפט פאַר דער אויסבילדונג פון אַ יוגנט־באַוועגונג, איז — דגניה; די אידענטיפיקאַציע פון דעם מושב איז — נהלל; מיר זיינען געווען די וואָס האָבן געשאַפן די ערשטע העברעאישע אַרבעטער־צייטונג; מיר האָבן געפּלעגט העברעאיש ווי די שפּראַך פון דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל און פון דער חלוצישער באַוועגונג אין חוץ־לארץ; מיר האָבן פון זיך אַרויסגעבראַכט פּערזענלעכקייטן וואָס זייער לערע לעבט און שיינט אַן פולן גלאַנץ. אַ פּאַרטיי מיט אָריגינעלער שאַפונג, מיט אייגנאַרטיקן אינהאַלט, מיט אַן אייגענעם סטיל און אַ זעלבסטשטענדיקן צוגאַנג צו פאַרשיידענע פּראָבלעמען — אַזאַ פּאַרטיי שאַפט געשיכטע און שאַפט לאַנגדויערנדיקע ווערטן.

און מיר רעדן וועגן פאַרייניקונג דווקא אין אַ צייט, ווען דער כוח פון דער פּאַרטיי האַלט אין איין שטייגן, סיי אין לאַנד, סיי אין אויסלאַנד. פאַר צען יאָרן בין איך — צוזאַמען מיט נאָך חברים געפאָרן קיין חוץ־לארץ, צו שאַפן אַ רעזערוו פאַרן „הפּועל הצעיר". אונדזער דעמאָלטיקער פּרווו אין פּראַג*) איז נישט זייער געלונגען. אָבער דווקא איצט אָרגאַניזירט זיך די „גור־דוניה" וואָס איז פאַרבונדן מיטן „הפּועל הצעיר" און זיין אידעאָלאָגיע. און דווקא איצט האַלט זיך אין איין אויסבעסערן אונדזער צייטונג, די וואָס האָט יאָרנלאַנג קאָנצענטרירט אַרום זיך די חברים אין לאַנד און די חלוצישע יוגנט־מאַסן אין די גלות־לענדער.

און דווקא איצט קערן מיר זיך אום צו דער פאַרייניקונגס־פראַגע! מיר טוען דאָס, ווייל דער ציוניסטישער געוויסן און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער צוקונפט פאַרפליכטן די פאַרייניקונג פון „הפּועל הצעיר" און „אחדות־העבודה"!

צוויי פאַקטאָרן האָבן באַדינגט די פאַרייניקונגס־פראַגע און פון זיי ביידע העגנגט אָפּ די פאַרווירקלעכונג פון דער פאַרייניקונג: א) אידענטיש־קייט אין די יסודות און שטרעבונגען פון ביידע פּאַרטייען; ב) די איצטי־קע נויטווענדיקייט פון פאַרייניקונג.

א) די אידענטישקייט זעט זיך אַרויס פון די פאָלגנדיקע פּונקטן:

1. ביידע פּאַרטייען האָבן איינעם און דעם זעלביקן אויסדריקלעכן אידעאַל: בויען דאָס לאַנד און שאַפן אַ פרייע יידיש אַרבעטס־פאָלק אין ארץ ישראל.

2. חלוצישע איבערגעגעבנקייט צו אַלץ וואָס ברייטערט אויס אונ־דזער שאַפונג און די זעלבסטשטענדיקע ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער אַרבעטערשאַפט.

3. טריישאַפט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און צו דער כנסת־ישראל אין ארץ־ישראל.

4. פּאָזיטיווע באַציאונג צו כיבוש־העבודה.

5. עקסטרעמער העברעאיזם.

6. גרייטקייט אָפּצוזאָגן זיך פון דאָקטרינעס אויב דאָס פאָדערט זיך פאַר פּאָזיטיווער שאַפונג אין לאַנד.

7. פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער אויסברייטערונג פון דער יידישער אַגענץ.

8. אינטענסיווע טעטיקייט אין דער חלוצישער באַוועגונג אין די גלות־לענדער.

---

*) אין אַפּריל 1920 איז אין פּראַג אויפגעשטעלט געוואָרן די וועלטלעכע „התאח־דות" (פאַראייניקונג פון „הפּועל־הצעיר" און „צעירי־ציון"), וואָס האָט אָנגעשריבן אויף איר פאָן: חלוציזם, אַרבעט אין ארץ־ישראל און פאָלקס־סאָציאַליזם.

זיינען דען פאַראַן אונטערשיידן צווישן אונדז אין די אַלע פראַגן? זיי־נען פאַראַן אַנדערע צענטראַלע פּראָבלעמען ווו מיר שיידן זיך יאָ?

אַוודאי זיינען פאַראַן געוויסע אונטערשיידן — נישט עיקרדיקע — און איך וועל נאָך רעדן וועגן דעם. דערווייל אָבער ברענג איך אַרויס די ג ע מ יי נ ז אַ מ ע י ס ו ד ו ת.

ב) ד י נ ו י ט וו ע נ ד י ק יי ט פ ו ן ד ע ר פ אַ ר יי נ י ־ ק ו נ ג. איך זע די דאָזיקע נויטווענדיקייט אין ליכט פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. די אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל ציילט 25 יאָר, וועלכע טיילן זיך אויף צוויי תקופות: 1) די ערשטע תקופה, ווען ס'איז געבוירן גע־וואָרן דער „הפועל הצעיר"; די תקופה פון „רעאַלער אַרבעט אין ארץ־ישראל" (דאָס איז געווען די טעמע פון דעם ערשטן אַרטיקל אין „הפועל הצעיר"). יענע צייט — נאָך „אוגאַנדע" און דעם קישינעווער פּאָגראָם — האָט זיך אין דער ציוניסטישער באַוועגונג געפילט פאַרלוירנקייט און אָפּהענטיקייט. און דאַן איז פון רוסלאַנד געקומען אַ קליין הייפל און פּראָקלאַמירט די לאָזונג פון רעאַלער אַרבעט. צו יענער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער ארץ־ישראל־אַמט אונטער דער לייטונג פון ד"ר רופּין און עס האָט זיך אָנגעהויבן די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע. 2) די צווייטע תקופה דאַטירט זיך פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע אָן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַריינגע־טאָן אין פּאָליטיק און מיר — די אַרבעטער־באַוועגונג — האָבן ווידער גע־פאָדערט צו עקספּלואַטירן די ציוניסטישע ענערגיע פאַר פּראַקטישער אַרבעט אין לאַנד. מיר האָבן געשיקט חברים קיין אויסלאַנד און זיי האָבן סטימולירט און אָרגאַניזירט די עליה, וועלכע האָט געראַטעוועט דעם ציוניזם און זי באַ־וויזן צו גרויסער קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט.

און אַט שטייען מיר איצט אין דער דריטער תקופה: די תקופה פון דער אויסגעברייטערטער אַגענץ. גראָד איצט איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַלע לענדער, אויסער אפשר דייטשלאַנד, דורכאויס אָפּגעשוואַכט און עס קען געשען, אַז נייע מענטשן — תקיפים און פרעמדע צום ציוניזם — זאָלן אַריינגעמען אין זייערע הענט די דורות־לאַנגע און אַלטע ציוניסטישע ווערק. מוז ווידער קומען די אַרבעטערשאַפט און פון דאָס ניי נעמען אויף זיך די היסטאָרישע ראָל אויפן געביט פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג.

אין דער אַרבעטערשאַפט זיינען פאַראַן צוויי כוחות וואָס קענען נישט רוען און זיינען אידענטיש אין זייערע יסודות און אין זייער דראַנג צו ראַטע־ווען ציון: מיר און „אחדות־העבודה". מוזן זיך די ביידע פאַרייניקן און מיט געמיינזאַמע כוחות גיין צום ציל.

***

די פאַרייניקונג קען זיין נוצלעך און וויכטיק אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי קען געבן פּראָדוקטיווע רעזולטאַטן. דאַרף מען קלאָר מאַכן, צי קען זי זיין פּראָדוקטיוו.

מען דאַרף אָננעמען, אַז מיט דער צייט, נאָך דער פאַראייניקונג, דורך אַנ־שטרענגונגען פוןביידע זייטן, וועלן פאַרשווינדן געוויסע געווינהייטן, באַ־שטימטע באַציאונגען צווישן דער הערשנדיקער מערהייט און דער באַעוולה־טער מינדערהייט און עס וועט זיך איינשטעלן אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן פון ביידע פריערדיקע טיילן. דאָס קען קומען בלויז שטופּנווייז. און דער ערשטער תנאי איז, אַז פון באַלד נאָך דער פאַראייניקונג אַן זאָלן זיך ביידע טיילן פילן גלייכמעסיק אין כוח און השפעה, אַז מען זאָל זיך מער נישט מעסטן לויט די צאָלן.

און נאָך אַ זאַך: נישט מבטל מאַכן דערוואַרבענע ווערטן. אויך נישט קיין באַגריפן וואָס זיינען געוואָרן ווערטן. צווישן אַנדערע — אונדזער צייַ־טונג, דער „הפועל הצעיר". איך גלויב, אַז די פאַראייניקונג וועט ווירקלעך צו־שטאַנדקומען און אַז אַלע פּאָזיטיווע ווערטן וועלן פאַרבלייבן ווי אייגנטום פון דער געאייניקטער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד.

## ב.

(אויף דער לעצטער קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר").

אייניקע האָבן אונדזער קאָנפערענץ גערופן „שלום־קאָנפערענץ". איך וואָלט זי בעסער גערופן „באַשלוס־קאָנפערענץ". מיר שיידן זיך היינט פון דער אַלטער ראַם און מאַרגן גייען מיר צו דער פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ — די קאָנפערענץ וואָס וועט „פאַראייניקן די פאַרייניקטע", ווי איך האָב זיך גע־האַט אויסגעדריקט און ווי עס זעט אויס — מיט רעכט.

מיט 25 יאָר צוריק זיינען מיר — יוגנטלעך־נאַאיווע — צוגעטראָטן צו דער גרינדונג פון אונדזער באַוועגונג און איצט זעען מיר אַ קנייטש אויפן שטערן פון אונדזער געשיכטע... וואָס אַן אמת, שוין דאַן איז געווען אַ קנייטש — עס איז געווען נאָך „משא נמירוב"*) — איצט זיינען מיר נאָך „משא חברון"...

עמיצער האָט דאָ געזאָגט, אַז די דאָזיקע קורצע קאָנפערענץ, וואָס איז געווידמעט איין איינציקן באַשלוס, דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אַליין־אָפּ־שאַצונג. ניין, מיר וועלן זיך איצט נישט פאַרנעמען דערמיט. איך וועל זיך באַנוגענען מיט עטלעכע ווערטער וועגן דעם ספּעציפישן אין „הפועל הצעיר".

מיר האָבן אַלעמאָל געוווּסט, אַז די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם איז אַ שווערער און לאַנגער פּראָצעס פון דערגאַבערונג, פאַרוואַרצלונג און גאולה. מיר האָבן געוווּסט, אַז דער באַדן פאַר אונדזער ווערק איז נישט צוגעגרייט

---

*) דער ערשטער נאָמען פון ח. נ. ביאַליקס פּאָעמע „בעיר ההריגה" (געשריבן נאָך דעם קישענעווער פּאָגראָם).

און אַז מיר מוזן זייען אויף האַרטער ערד און פלאַנצן אַפילו אין פעלדזן.

מיר האָבן געהאַט אַ טאַלאַנט פאַר איניציאַטיוו און דערביי זיינען מיר שטענדיק געווען רעאַליסטיש. מיר זיינען קיינמאָל נישט מיטגעריסן געוואָרן פון אויסערלעכע קאָניוקטורן; מיר האָבן זיך געהיט פון דעמאַגאָגיע, פון פראַזן, פון אָפּאָזיציע צוליב פרעסטיזש און צוליב ראַדיקאַליזם. מיר האָבן קיינמאָל נישט געמאַכט קיין פּאָליטישע פּאָזע. מיר האָבן טייער געהאַלטן דעם מענטש, ווי אַ מענטשן, אין אונדזערע רייען. מיר זיינען גרייט געווען צו פאַרגעבן פעלערן פון מענטשן, וואָס האָבן ערלעך געדינט דעם פאָלק; מיר זיינען געווען אַן אַרבעטער־פאַראיין, דערנאָך אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און איצט זיינען מיר אַן אַרבעטער־באַוועגונג, אַ ח ל ו צ י ש ע אַרבעטער־באַוועגונג. אונדזער וועג איז געווען: פון דעם אַרבעטנדיקן ייד צום אַרבעטנדיקן פאָלק. מיר האָבן הויך געשאַצט די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזירונג, די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — די „יידישע מדינה אונטערוועגס״.

דער צוקונפטיקער היסטאָריקער, וואָס וועט שטודירן די 25 יאָר פון „הפועל הצעיר״, וועט פסקענען, צי זיינען מיר געווען „מעסיקע״, אָדער מיר האָבן אַריינגעשריבן אונדזערן אַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער אמתער יידישער רעוואָלוציע.

דאָס לעצטע מאָל „עפּן״ איך אַ קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר״, אָבער איך פיל נישט דעם צער פון „געזעגענען זיך״. איך בין נאָר אומרואיק און זאָרג פאַר אַלץ וואָס דאַרף פון מאָרגן אָן געטאָן ווערן דורך דער פאַראייניקטער פאַרטיי.

אַ סך פעלן דאָ אונדז היינט. לאָמיר דערמאָנען נאָר עטלעכע פון די אַוועקגעגאַנגענע: ל. ממשי, יוסף וויטקין, א. ד. גאָרדאָן, יוסף בוסעל, שלמה שילער — די וואָס האָבן דערצויגן די באַוועגונג. זיי לעבן נישט מיט אונדז, אָבער מיט ז יי — מיט זייערע אידייען — טרעטן מיר אַריין אין דער פאַראייניקטער פאַרטיי: צו טאַט, צו שלום און אפשר אַפילו — ווער ווייס? — צו איינערלעכן אידייאישן געראַנגל. אינערהאַלב „הפועל הצעיר״ פלעגן אויך זיין אידעאָלאָגישע שטרייטן, אָבער דער ציל איז געווען איינער: שאַפן אַ ניי יידיש פאָלק. און אַזוי וועט אויך זיין אין דער פאַראייניקטער פאַרטיי.

## ג.

(אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון מפלגת פועלי ארץ־ישראל (מפא״י).

מיר זוכן אַ ניי ליכט, און די הויפּט־פראַגע אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז: במה מדליקין? מיט וואָס צינדט מען אָן הערצער און ווילנס אין פאָלק, צו גיין ווייטער, גיין פאָראויס?

מיר ווילן דאָ נישט באַווייזן אויסצואַרבעטן אַן אויספירלעך פּראָגראַם — אַ פּראָגראַם איז נישט אַסטראָלאָגיע און מען שאַפט עס נישט מיט נבואה. אַ פּראָגראַם באַזירט זיך אויפן אַנאַליז פון דער ווירקלעכקייט און אונדזער ווירקלעכקייט דאַרפן מיר ערשט שאַפן — טאָג איין, טאָג אויס, אין פּראָצעס פון שווערער אַרבעט וועט זיך שאַפן דאָס פּראָגראַם פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיי.

פון הײַנט אָן זײַנען מיר איין פּאַרטיי. דערווייל נאָך צוויי צדדים, אָבער דאָס זײַנען איצט צוויי זײַטן פון איין מטבע — אַ ניט געפעלשטע מטבע, וואָס איר קלאַנג איז ווי אַ רוף צו אַ נײַ לעבן.

אונדזער ריכטונג איז: פאָדערונגען צו זיך גופא. אונדזער לאָזונג: זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט אויף די געביטן פון ווירטשאַפט, פּאָליטיק און קולטור. אונדזער סיסטעם: דרייסטקייט און ראָמאַנטיק אין אונדזערע שטרעבונגען און געדאַנקען און פולשטענדיקער רעאַליזם אין פאַרווירקלעכונג.

די פאַראייניקטע פּאַרטיי וועט אויף זיך נעמען גרויסע פליכטן אין באַצוג צו דער הסתדרות. יעדער אַרבעטער דאַרף אין דער הסתדרות זען זײַן היים — אַ שיינע, גערוימע און פרייע היים, וואָס זאָל נישט נאָר אַרויפלייגן פליכטן אויף אירע מיטגלידער, נאָר אויך — און איבערהויפּט — זאָרגן פאַר זייער עקזיסטענץ.

ביז איצט האָבן מיר געלעבט מיטן געבאָט פון דעראָבערן די אַרבעט, און איצט דאַרפן מיר זיך פאַרנעמען מיט דעראָבערן אונדזער פּלאַץ אונטער דער זון. דאָ שטויסן מיר זיך באַלד אָן אין דעם אַראַבער־פּראָבלעם. אונדזער דעוויז איז: אַלץ פאַר דער באַפרידיקונג פון די לעבנס־אינטערעסן פון 700.000 אַראַבער אין לאַנד, אָבער גאָרנישט וואָס זאָל שעדיקן די לעבנס־אינטערעסן פון דעם 17־מיליאָניקן יידישן פאָלק! מיר דאַרפן עליה, זיי — נישט, זיי זײַנען שוין דאָ. מיר דאַרפן קיבוץ־גלויות, די אַראַבער זײַנען נישט אין גלות. מיר נויטיקן זיך אין אַ מדינה, די אַראַבער — אין די אַראַבישע לענדער — זײַנען אַריבערגעזעטיקט מיט מלוכה־לעבן. וואָס שייך ערד איז אונדזער דעוויז: קולטיווירטע ערד — פאַר קולטור־מענטשן. דער דאָזיקער דעוויז שליסט נישט אויס דעם אַראַבישן פעלאַך.

אַ פּאָר ווערטער צו די ענגלענדער: צו ענגלאַנד איז אָנפּאַרטרויט געוואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע. מיר זאָגן זיך נישט אָפּ פון דער דעקלאַראַציע און מיר ווילן פאָדערן ערלעכקייט און וואָרהאַפטיקייט מצד דער פאַרטרויאונגס־מאַכט. מיר נויטיקן זיך אין אַן אַדמיניסטראַציע פון קולטור־מענטשן און נישט פון סערזשאַנטן, נישט פון קאָלאָניאַלע גאַסטראָלערן. די אַדמיניסטראַציע דאַרף וויסן, אַז אויף איר ליגט די פליכט אויסצופירן אַ גרויסע היסטאָרישע מיסיע: אויפשטעלן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק.

אונדזער פאַראייניקונג איז גילטיק אויך פאַר די גלות־לענדער. מיר האָבן זיך נאָר וואָס געזעגנט מיט דער דעלעגאַציע צום „החלוץ" און האָבן געזאָגט:

אין אייער אַרבעט אין 1930 דאַרפט איר פאַרזיכערן אַ רעזערוו פֿאַר יאָר 1935. רויבט אָוועק קינדער פון די עלטערן — פאַר דער נאַציאָנאַלער היים.

מיר האָבן ביז איצט געזאָרגט פאַר הכשרה אין אַרבעט. מיר דאַרפן אָנ־הייבן זאָרגן אויך פאַר קולטור־הכשרה. העברעאיש פאָרן פאָלק — איז אונדזער לאָזונג. נישט לאַנג צוריק בין איך, צוזאַמען מיט יצחק בן־צבי, געווען אין פוילן אויף דער קאָנפערענץ פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. מיר האָבן דאָרטן פּראָקלאַמירט אַן אָפענסיווע איינצונעמען די יידישע גאַס אין די גלות־לענדער. מיט דער פאַראייניקונג פון אונדזערע פּאַרטייען אין די גלות־לענדער וועלן מיר שאַפן נייע מעגלעכקייטן פאַר דער באַוועגונג. מיר דאַרפן אין גיכן פאַרווירקלעכן דעם באַשלוס וועגן אַ ציוניסטישן אַרבעטס־קאָנגרעס און דורך דעם קאָנצענטרירן אַרום זיך נייע כוחות אין דער וועלט.

לאָמיר דאָ דערמאָנען מיט פאַרערונג די טעטיקייט פון „פועלי־ציון“ וואָס האָבן פאַר אונדזערע אידייען דורכגעטראָטן אַ וועג צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

און איצט, אין דער שעה פון פאַראייניקונג, לאָמיר אַרויסלאָזן אַ רוף און אַ באַפעל צו גיין פאָראויס! צען יאָר האָבן מיר געוואַרט אויף דעם אַקט פון פאַראייניקונג; אינטערעסאַנטע, גלענצנדע אָבער שווערע צען יאָר, שווערע צוליב דער צעשיידונג. איך ווינטש אונדז אַלעמען, מיר זאָלן נאָך זוכה זיין צו אַ פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ פון צענדליקער טויזנטער — פון דער גאַנ־צער אַרבעטערשאַפט.

---

# אונדזער פליכט צו דער באַוועגונג אין די גלות־לענדער

(אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון מפא״י;
נאָוועמבער 1932).

אונדזער זאָרג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם באַוועגט אונדז צו מאַסן־אַקציעס אויף אויסצוברייטערן אונדזער באַוועגונג, פאַרוואַנדלען זי אין אַ פאָלקס־באַוועגונג. אויפן ערשטן פּלאַן שטייט, נאַטירלעך, אונדזער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל, אָבער פּאַראַלעל צו איר מוזן מיר אויך האָבן אַ ווערטפולע און שלאַגפערטיקע פּאַרטיי אין די גלות־לענדער. אויך נאָכדעם ווי מיליאָנען יידן וועלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל וועלן מיליאָנען פאַר־בלייבן אין גלות און זיי וועלן דורות־לאַנג דינען ווי אַ היופּט־שטיץ־פּונקט פאַר ארץ־ישראל. דעריבער נויטיקן מיר זיך אין אונדזערס אַ פּאַרטיי וואָס וועט ווירקן אינערהאַלב דער יידישער ווירקלעכקייט אין די תפוצות און וואָס איר צענטראַלע אויפגאַבע וועט אַנטשפּרעכן דער אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל.

וואָס דאַרפֿן מיר אין די גלות־לענדער: אַ באַוועגונג פֿון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפֿט אָדער אַ פּאַרטיי פֿון אַ באַשטימטער צאָל מיטגלידער? עס דאַכט מיר, אַז דאָ אין לאַנד וואַקסט די באַדייטונג פֿון דער פּאַרטיי לטובת דער גאַנצער באַוועגונג.

אין גלות צעצווייגט זיך אונדזער באַוועגונג אויף דריי טיילן: דער „החלוץ”, די ליגע פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אונדזער יוגנט האָט נישט וואָס צו טאָן אין גלות חוץ גרייטן זיך צו דער עליה און צום אַרבעטס־לעבן אין ארץ־ישראל. די יוגנט־באַוועגונג האָט פֿאַר זיך ברייטע האָריזאָנטן, אָבער אויפֿן סאָציאַל־געזעלשאַפֿטלעכן געביט אין גלות איז איר טעטיקייטס־קרייז אַ שמאָלער.

מיר נויטיקן זיך אין אַ כוח וואָס איז פֿאַרוואָרצלט אין דער גלות־ווירקלעכקייט און וואָס זיין שטרעבונג איז דער אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל. דאַרפֿן מיר האָבן אַ פּאַרטיי וואָס זאָל שטיין אין צענטער פֿון אַ באַוועגונג. אַ ציל־באַוווסטע, גוט אָרגאַניזירטע פּאַרטיי וועט פֿון דער פּעריפֿעריע פֿון מיליאָנען יידן קענען אַרויסבאַקומען געהעריקע מעגלעכקייטן פֿאַרן אויפֿבוי פֿון אונדזער לאַנד. מיר זיינען פֿאַראינטערעסירט אין אַ פּאַרטיי וואָס זאָל זיין בכוח צו טריקענען די בלאָטעס פֿון דער יידישער גלות־ווירקלעכקייט און דערביי פֿלאַסטערן אַ וועג קיין ארץ־ישראל.

אַ פּאַרטיי (אָדער פּאַרטייען) האָבן מיר געהאַט אין גלות פֿון זינט מיר עקזיסטירן ווי אַ פּאַרטיי (פּאַרטייען) אין לאַנד; פֿון פֿאַר דער וועלט־מלחמה. פֿון דאָרטן זיינען געקומען די ערשטע יונגע כוחות צו לייגן דעם יסוד פֿאַר דער אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. זיי זיינען געקומען פֿון „פּועלי־ציון”, שפּעטער — „פּועלי־ציון־צ. ס.”; „צעירי־ציון”, שפּעטער „התאחדות”. ביז דער מלחמה האָבן זיךביידע פּאַרטייען דערווייטערט איינע פֿון דער אַנדערער. נאָך דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן די דערנענטערונג.

וואָס האָט זיי דערנענטערט? די שטרעבונג צו ארץ־ישראל האָט זיי דערנענטערט, הגם אידעאָלאָגיש זיינען זיי זיך ווייט פֿונאַנדערגעגאַנגען. אין לאַנד גופא האָט די אַרבעטער־שאַפֿונג געבראַכט צו אַ ממשותדיקער דערנענטערונג. און וואָס מער עס איז געוואַקסן די רעאַלע שאַפֿונג, אַלץ מער זיינען פֿאַרווישט געוואָרן די אַבסטראַקטע אידעאָלאָגישע קעגנזאַצן, אַזוי אין לאַנד און אַזוי שפּעטער, אין ארץ־ישראל. אַזוי אַרום איז נאָך דער נאַטירלעכער פֿאַראייניקונג פֿון „הפּועל הצעיר” און „אחדות־העבודה” — מיט 3 יאָר צוריק — געוואָרן אומפֿאַרמיידלעך די פֿאַראייניקונג פֿון ביידע מוטער־פּאַרטייען אין אויסלאַנד.

אַן אָנהויב צו דער פֿאַראייניקונג אין די גלות־לענדער איז געמאַכט געוואָרן אויפֿן זיבעצנטן קאָנגרעס אין באַזעל, ווו מפּא״י האָט אויפֿגעשטעלט אַ פֿאַראייניקטן אַרבעטער־פֿליגל. דאָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דער פֿאַ־

דייניקונגס־קאָנפערענץ אין דאַנציג (אין יאָר 1932). דאָרטן איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער ערשטער קאַפּיטל פון דער פאַרייניקונג צווישן „פּועלי־ציון" און „התאחדות". אין דער דאַנציקער פאַרייניקונגס־פּלאַטפאָרם איז געשאַפן געוואָרן דער סינטעז צווישן די אינטערעסן פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און די אינטערעסן פון דעם פאָלק אין גלות. די פאַרייניקטע פּאַרטיי זאָרגט און קעמפט פאַר די אינטערעסן פון דעם יידישן אַרבעטער און גלייכצייטיק באַמיט זי זיך צו פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן. זי וועט דאָס טאָן אויף פאַרשיידענע אופנים, אויך מיט דער הילף פון פאַרשפּרייטן קאָאָפּעראַציע. די דאַנציגער פּלאַטפאָרם האָט אויך פאַרווישט דעם קעגנזאַץ צווישן העברע־איש און יידיש אין אינערלעכן לעבן פון די פאָלקס־מאַסן. עס איז נאָר פאַר־בליבן איין גרויסער פּגם: דער פּלאַץ פון העברעאיש אין דעם קאַמף פאַר נאַ־ציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין די גלות־לענדער. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן בלויז די אנערקענונג פון יידיש. אָבער דעם אמת זאָגנדיק איז עס נישט מער ווי אַ פּאָליטישע פיקציע: עס זיינען סיי ווי נישטאָ קיין אויס־זיכטן פאַר יידישער אויטאָנאָמיע אין גלות.

די ווערטפולסטע דערגרייכונג פון דער דאַנציגער קאָנפערענץ איז דאָס, וואָס אין אַ צייט פון אַ וועלט־קריזיס, פון חורבן אין דעם יידישן לעבן, פון דער פאַרלאָרנקייט אין ציוניזם, האָבן מיר באַוויזן צו פאַרייניקן קעגנגעזעצטע כוחות און צונויפפאָרן באַזונדערע אידייאיש־מאָראַלישע ווערטן.

מיר זיינען פון דאַנציג אַרויס דערמוטיקטע. דאָך איז אונדזער פליכט צו זאָגן, אַז ווען עס איז אפילו דערגרייכט געוואָרן די פאַרייניקונג, הייסט דאָס נאָך נישט, אַז אונדזער פּאַרטיי אין די גלות־לענדער אַנטשפּרעכט די פאָדערונגען פון איצטיקן מאָמענט. דער פּאַרטיי (די פּאַרטייען) איז פאַר־בליבן נאָר אַ טייל פון איר (זייער) אַמאָליקן כוח. פאַרשיידענע סיבות האָבן געבראַכט דערצו: קודם־כל — די טיפע ענדערונגען אין לעבן פון פאָלק נאָך דער מלחמה, די איבערגאַנגען פון דער האָפענונג פון אילוזיעס צו דער בייזע פון אַנטוישונגען אויפן געביט פון די נאָך־מלחמהדיקע „דערגרייכונגען" אין די גלות־לענדער. די פונדאַמענטן פון יידישער עקזיסטענץ זיינען חרוב געוואָרן, די רעשט שטאַנדהאַפטיקייט אין דעם יידישן לעבן איז פאַרשוווּנדן. קען מען אין דער דאָזיקער לאַגע פון פערמאַנענטע טרייסלונגען נישט געפינען קיין אָנהאַלט פאַר ממשותדיקער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דאָך מוז איצט, נאָך דער פאַרייניקונג, אונטערגענומען ווערן אַ גרויסע אַקציע אויסצובויען, אויסצובררייטערן און דערהייבן די פּאַרטיי. מען דאַרף אין דער אַקציע איינוועסטירן די גאַנצע ענערגיע, וואָס פלעגט ביז איצט אין אַ גרויסער מאָס פאַרנוצט ווערן אויף סטערילע פּאָלעמיק צווישן די פריער־דיקע טיילן פון דער איצט פאַרייניקטער פּאַרטיי.

די פּאַרטיי דאַרף איבערהויפּט זאָרגן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציו־ניזם און דעם אויפבוי פון דער אַרבעטס־געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל. זי

דאַרף דינען ווי אַ מאָטאָר־קראַפט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַר די אידייען פון דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. זי דאַרף צוציען צו זיך און קאָנצענטרירן אַרום זיך די חלוצישע יוגנט־באַוועגונג. גלייכצייטיק דאַרף זי זיין אַקטיוו אין דעם אָרטיקן לעבן. זי דאַרף שטרעבן צו דערוווערבן אַלץ גרעסערע טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט פאַר די אידעאַלן פון דער פּאַרטיי. זי דאַרף נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם פּאָליטישן לעבן פון יעדן געגעבענעם לאַנד. זי דאַרף פאַרנעמען אַ געהעריקן פּלאַץ אין דעם קהילה־לעבן. זי דאַרף זיך באַמיען צו פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידישע מאַסן. זי דאַרף שטיין אין שפּיץ פון די יידישע זעלבסט־שוץ־אָרגאַניזאַציעס. מיר ווילן, אַז אונדזער פּאַרטיי זאָל זיך אויסצייכענען מיטן געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישן ניוואָ פון אירע חברים. מיר ווילן, אַז די פּאַרטיי אין די גלות־לענדער זאָלן געניסן פון די געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישע ווערטן פון אונדזער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל און זאָל פון איר זייט אויסשטראַלן ליכט פאַר דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט.

מיר האָבן שטענדיק געצויגן כוחות פון אונדזער באַוועגונג אין חוץ־לארץ, דאַרפן מיר איצט אַ טייל פון די כוחות צוריקקערן פאַר טעטיקייט אין דער וועלט־באַוועגונג. אונדזער קאָנפערענץ דאַרף עפנטלעך מעלדן, אַז מפא״י וועט אַ טייל פון אירע פירנדיקע כוחות איבערגעבן דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ פון דער וועלט־באַוועגונג, — כוחות וועלכע וועלן זיך ווידמען דער אויפגאַבע פון אויסבויען אַ טעטיקע און אינהאַלטסרייכע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

---

# קעגנאיבער פאַרשלאָסענע טויערן

(אויף דער קאָנפערענץ פון וועלט־פאַרבאַנד (איחוד עולמי); זשענעווע 1939).

פון אַ סך לענדער זיינען אַהער געקומען דעלעגאַטן פון דער גרעסטער יידישער פּאַרטיי: דעלעגאַטן פון דעם ציוניסטישן ווערק, פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, פון דער זאָרג פאַר דער צוקונפט פון דער יידישער יוגנט. מיט טרויער־דורכגעזאַפּטע דעלעגאַטן פון די חרובע תפוצות־ישראל; מיט שווערע דאגות־באַלאַדענע דעלעגאַטן פון ארץ־ישראל, מיט צאָרן־דורכגענומענע דעלעגאַטן פון אַ וועלט וואָס איז געשלאָגן פון רעאַקציע און דיקטאַטור. אויך צו אונדז האָט זיך אַריינגעכאַפּט די צרעת פון רעאַקציע און באַנדיטיזם און עס איז איינע פון אונדזערע ערשטע אויפגאַבן אָפּצורייניקן דעם באַציאָנאַלן גוף פון דער דאָזיקער פּלאָג.

מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט ערב דעם 21סטן קאָנגרעס און מיר דאַרפן

דאָ באַהאַנדלען פּאָליטישע פראַגן, וועלכע שטייען אויפן סדר־היום פון קאָנ־גרעס, אין דער ערשטער ריי: דער קאַמף קעגן מאַלקאָלם מאַקדאָנאַלדס „ווייס־בוך" — דער ליקווידאַציע־בוך. דאָס וועט זיין אַ פּערמאַנענטער פּאַרטיזאַני־שער קאַמף פאַר פערמאַנענטער עליה, פּערמאַנענטע קאָלאָניזאַציע און אָר־גאַניזירטע, מוטיקע הגנה. מיר וועלן פירן דעם קאַמף מיט שיקול־דעת — אָן אַוואַנטוריזם און באַנדיטיזם. עס הייבט זיך אָן שאַפן אַ סטיל פון דער איצ־טיקער פינצטערער עפּאָכע, אַ סטיל פון אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט און פון דערגרייכן צילן מיט דער הילף פון סטראַשונקעס און וואָרענונגען. מוזן מיר אָפּברעכן דעם דאָזיקן סטיל אין סאַמע אָנהויב.

אויסער פּאָליטישע, וועלן אויפן קאָנגרעס אויך שטיין פראַגן אָרגאַני־זאַציאָנעלע. מיר דאַרפן שטעלן אַ פאָדערונג ענדלעך צו דערליידיקן די עני־נים פון דער ציוניסטישער לייטונג. עס איז פאַראַן אַן עקזעקוטיווע, וואָס איז פאַרטאָן מיט פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם אין ארץ־ישראל, אָבער עס איז נישטאָ קיין קאָמפּעטענטע לייטונג פאַר די ענינים פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר טראָגן אויף זיך — מיט דערפאָלג — די אחריות פאַר די פּאָליטישע, קאָלאָניזאַטאָרישע און פינאַנציעלע ענינים און פונקט אַזוי מוזן מיר זיך אויך איינשפּאַנען אין דער אחריות פאַר דער ליי־טונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר פאַרמאָגן צוויי הויפּט־ווערטן: דעם ישוב אין ארץ־ישראל און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אין זיי ליגט דער פּאָליטישער כוח פון אונדזער פאָלק אין דער איצטיקער צייט. דאַרפן מיר אויפן 21סטן קאָנגרעס מאַניפעסטירן זייער ווערט און זאָרגן דערפאַר, אַז זיי זאָלן זיין אין טרייע הענט.

**
*

נעכטן האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה וועגן אַ שיף מיט 600 יידישע היימ־לאָזע פון טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס איז אָנגעקומען קיין סמירנע, נאָכדעם ווי מען האָט די היימלאָזע עולים נישט געוואָלט אַריינלאָזן קיין ארץ ישראל. זיי זיינען אָנגעקומען צו די טערקישע ברעגן הונגעריקע און דאָרשטיקע, נאָר מען האָט זיי דאָרטן נישט געגעבן קיין ברויט און נישט קיין וואַסער: די טערקישע מאַכט האָט פאַרבאָטן יעטוועדן קאָנטאַקט מיט דער שיף. ווי צייטן ענדערן זיך! מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק האָט טערקיי געעפנט אירע טויערן פאַר אַרויסגעטריבענע יידן פון שפּאַניע און איצט, נאָך הונדערטער יאָרן פון אַנטוויקלונג און מענטשלעכן פּראָגרעס, מ'שטיינס געזאָגט, זאָגט טערקיי אָפּ ברויט פאַר הונגעריקע און וואַסער פאַר דאָרשטיקע. אָט אַזוי ווערט איצט סימבאָליזירט אונדזער לעבן! און דאָך וועלן מיר ביי זיך נישט אַראָפּפאַלן. מיט אָפּטימיזם און גלויבן וועלן מיר גיין צו דער צוקונפט, וועלן מיר זיך לאָזן אין שטורעם אויף די שטרויכלונגען, וואָס ליגן אויף אונדזער וועג.

איידער מיר זיינען אַרויסגעפאָרן דאָ אַהער זיינען אין ארץ־ישראל פאָר־געקומען קאָנפערענצן פון די מושבי־עובדים, דעם קיבוץ־המאוחד און חבר־הקבוצות. מיר האָבן זיך אויף די דאָזיקע קאָנפערענצן געפילט גלייך ווי מיר וואָלטן נאָך אַ לאַנגן בלאָנדזשען אין דער וויסטעניש אַריינפאַלן אין אַ פּרעכטיקן אָאַזיס, ווו עס וואַקסן ביימער און עס שפּרודלט וואַסער און די שכינה רוט אויף אַלץ און אַלעמען. די קאָנפערענצן זיינען געווען דורכגע־דרונגען מיט אַ בענקעניש, גלויבן און ווילן, פאַרצווזעצן און אויסברייטערן דאָס ווערק אין ארץ־ישראל — טראָץ אַלע שטערונגען.

מיט דעם דאָזיקן גייסט פון ווילן און גלויבן גייען מיר אַלע צום קאַמף פאַר אונדזער עקזיסטענץ און פאַר אונדזער צוקונפט.

---

# ווער וועט ראַטעווען?

(אויף אַ געמיינזאַמער קאָנפערענץ פון „גור־דוניה" און „מכבי הצעיר"; משמרות 1940).

דאָס, פאַר וואָס מיר האָבן צענדליקער יאָרן נאָכאַנאַנד אַזוי מורא גע־האַט, איז איצט געשען און אין אומגעהויערע דימענסיעס. אויסער די טעלעכע הונדערט טויזנט ענגלישע יידן איז דאָס גאַנצע אייראָפּעאישע יידנטום פּול־שטענדיק רואינירט. מיר גלויבן, אַז דער פיינט פון יידישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט וועט פאַרניכטעט ווערן, אָבער ווען אפילו אַזוי -- וואָס וועט זיין מיט יידן אין די פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע?

איך גלויב נישט מער אין דעם כוח פון יידן אין פּוילן און אַנדערע לענ־דער אין אייראָפּע. בלויז צוויי צענטערן זיינען אונדז פאַרבליבן: אַמעריקע און רוסלאַנד. און די פראַגע איז — ווער וועט די דאָזיקע צוויי גרויסע יידישע צענטערן אויפוועקן צו אַ ניי לעבן? ווער וועט זיי באַוועגן, אויפצוהייבן זיך צו דער פאַרטיידיקונג פונעם יידישן פאָלק? מיין איינציקער ענטפער איז: צ י ו ן. אויף דעם דאָזיקן קליינעם ישוב ליגט די גרויסע מיסיע צו פאַר־טיידיקן זיך, צו מאָביליזירן זיך פאַר דער גרויסער וועלט־מלחמה און גלייכ־צייטיק אויך אויסצוגעפינען קאַנאַלן און לאָזן דורך זיי פליסן ו י ל ן — נאַציאָנאַלן ווילן — צו די הערצער פון רוסישע יידן. דער דאָזיקער ישוב — נישט קיין אַנדערער — דאַרף אויף זיך אויך נעמען די מיסיע צו וועקן און דערוועקן דאָס אַמעריקאַנער יידנטום. ווען איך רעד וועגן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל מיין איך דעם יידישן אַ ר ב ע ט ע ר — ע ר דאַרף אויף זיך נעמען אויך די דאָזיקע מיסיע.

ווי אַזוי וועלן מיר דאָס טאָן? — דורך דעם וואָס מיר וועלן פ אַ ר יי־

נ י ק ן אַ ל ע א ו נ ד ז ע ר ע כ ו ח ו ת און דורך דעם וואָס מיר וועלן פון דאָס ניי הויך אויפהייבן די פאָן פון ע ל י ה און אַ ר ב ע ט. דאָס פאָלק טרינקט זיך און מען דאַרף עס ראַטעווען, דאַרף מען אַרבעטן. די אַר־בעט וועט זיין שווער און דאָס לעבן וועט זיין אַ דלות־לעבן, אָבער מיר וועלן אַרבעטן. די רעטונג וועט קומען נישט דורך געדאַנקען, נאָר דורך מעשים, דורך אָנשטרענגונגען, דורך אַרבעט. אונדזער פּאַרטיי באַזירט זיך אויפן פּרינציפּ פון זעלבסט־פאַרווירקלעכונג — הגשמה עצמית — פון זיין אַ מוס־טער פאַר אַנדערע.

אויב מיר נעמען אָן, אַז דער ישוב איז די צ י ט אַ ד ע ל פון וועלכער עס דאַרפן אַרויס שליחים צו דער שארית־הפליטה און צו די גרויסע צענטערן אין אַמעריקע און רוסלאַנד כדי צו וועקן דעם נייעם יידישן ו י ל ן — דאַרף מען דעם ישוב ווירקלעך פ אַ ר פ ע ס ט י ק ן. און טאָן דאַרפן מיר דאָס, פלעגנדיק דעם פרייען גייסט פון דעם מ ע נ ט ש. אייער איצטיקער אַקט פון אָנשליסן זיך אָן מפא״י איז אויך אַן אַקט פון פעסטיקן דעם ישוב. געבענטשט זאָל זיין יעדע אייניקונג אין דער פּאַרטיי און אין דער הסתדרות.

---

## יוגנטלעכע און געאייניקטע

(אויף דער פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ פון „גורדוניה" און „מכבי הצעיר"; משמרות 1941).

אין אייער פאַרייניקונגס־פּלאַטפאָרם זיינען פאַראַן אַ סך וויכטיקע פּונקטן, אָבער דער וויכטיקסטער איז דער ערשטער: „זעקס יאָר פון שותפות־דיקן חלוצים־לעבן". אין דער פאַרייניקונגס־פּלאַטפאָרם פון „הפועל הצעיר" און „צעירי ציון" (פּראָג; אַפּריל, 1920) האָט דער דאָזיקער וויכטיקער פּונקט געפעלט.

איר פאַרייניקט חלוצישע כוחות פון מזרח און מערב און דאָס איז באַ־זונדערס וויכטיק איצט, ווען פאַרשיידענע דעמאַגאָגן טראַכטן אויס און צע־בלאָזן אַ מחלוקת צווישן „אָסט־יידן" און „וועסט־יידן". די פאַרייניקונג, וואָס איז היינט דאָ ענדגילטיק צושטאַנד געקומען, איז אַ פאַקט און אַ באַווייז פון צונויפגיסן די נאַציאָנאַלע יוגנט־ענערגיע פון מזרח און מערב צוגלייך.

דער נאָמען „מכבי הצעיר" רופט אַרויס אַ באַשטימטע אַנאַלאָגיע. יידי־שע אַרבעטער זיינען אין ארץ־ישראל געוועזן אויך פאַר דער צווייטער עליה. ווייניקע זיינען זיי געווען און שוואַכע, אינגאַנצן פאַרטאָנענע אין זאָרג פאַר קליינלעכע, נעבעכדיקע פּריוואַטע אינטערעסן. און דאַן איז געקומען די צוויי־טע עליה, ס'זיינען געקומען נייע כוחות און צום באַגריף „הפועל" האָבן זיי צוגעגעבן „הצעיר", וואָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז דער אַרבעטער איז דער

טרעגער פון דער יוגנטלעכקייט פונעם פאָלק, וועלכער פאַרווירקלעכט דעם ציוניזם און בויט דאָס לאַנד. עפּעס אַזוינס איז געשען אויך מיט „מכבי״, וואָס איז ביסלעכווייז געוואָרן „אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם בירגערלעכן בלאָק״. און דאָ איז געקומען אַ שטורעם פון יונגע כוחות, וואָס האָבן צום נאָמען „מכבי״ צוגעגעבן „הצעיר״ און האָבן זיך פאַרייניקט מיט „גורדוניה״. א. ד. גאָרדאָן האָט זיך טאַקע אַמאָל געוווּנדערט צו די יוגנטלעכע פון מכבי״ מיט אַן אָפענעם בריוו אין וועלכן ער האָט זיי גערופן צו חלוציזם.

אין דעם ערשטן נומער פון „הפועל הצעיר״, וואָס איז דערשינען מיט 33 יאָר צוריק, איז אָנשטאָט אַ פּראָגראַם געווען געדרוקט אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל: „די רעאַלע אַרבעט אין ארץ־ישראל״. די דאָזיקע לאָזונג איז געוואָרן דער גרונטשטיין אין דער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי „הפועל הצעיר״. ווינטש איך אייך, אַז די דאָזיקע לאָזונג זאָל אויך אייך באַגלייטן אין אַלע אייערע אידייען און טעטיקייטן, אין אייער זאָרג פאַר דער צוקונפט און אין אייער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער שטעלונג.

---

# אָרדענונג און חבֿרישקייט

(אויף דער פינפטער קאָנפערענץ פון מפא״י; כפר־ויתקין, 25טן אָקטאָבער 1942).

איך וויל דאָס מאָל עפענען די קאָנפערענץ מיט כראָניק פון די איצטיקע טעג:

היינט איז אָנגעקומען אַ סענסאַציאָנעלע ידיעה, אַז „די אַכטע בריטישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אַן אָנגריף וואָס וועט אפשר דעצידירן דעם גורל פון דער מלחמה אין מדבר״... אַ טעלעגראַמע פון לאָנדאָן דערציילט, אַז די ידיעה וועגן דעם אָנגריף אין על־אַלאַמען האָט „עלעקטריזירט דאָס גאַנצע לאַנד״. און מיר דאָ זיינען דאָך אַזוי נאָענט צום קוואַל פון דער „עלעקטריזיטעט״!... דאָרטן, אויפן פראָנט, געפינען זיך אונדזערע שוועסטער, ברידער און זין און דער קאַמף פירט זיך קעגן אונדזער פאַרשאָלטענעם פיינט.

און אָט איז אַן אַנדערע כראָניק פון אַן אַנדערן פראָנט — דער פראָנט פון בלוט און טרויער: די יידישע קאָנסיסטאָריע אין פראַנקרייך האָט פּראָטעסטירט קעגן דער ווישי־רעגירונג, וועלכע האָט איבערגעגעבן יידן — נישט־פראַנצויזישע בירגער — אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט אונדז דערשיטערט די ידיעה וועגן זעלבסטמאָרד פון א. טשערניאַקאָוו — פאָרזיצער פון יידן־ראַט אין דעם וואַרשעווער געטאָ. ער האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן — האָט ער פּראָטעסטירט דורך זעלבסטמאָרד. און דאָ איז געקומען דער פּראָטעסט פון די פראַנצויזישע יידן — „אין

באַוווסטזיין פון זייער סאָלידאַריטעטס־פליכט". אין מיטלאַלטער, ווען פּרנסים פלעגן גיין צום אונטערדריקער, משתדל זיין זיך פאַר יידן, פלעגן זיי אונטער זייערע בגדים טראָגן תכריכים, ווייל זיי האָבן געמוזט גרייט זיין אויף קידוש־השם און אויך איצט קען אפשר דער פּראָטעסט פון די פראַנצויזישע יידן פירן צו קידוש־השם. אויף יעדן פאַל, וואָס עס פאַרבינדט אונדז דאָ אין פרייען כפר־ויתקין מיט אַלע יענע יידן וואָס גייען אָפּ מיט בלוט און מיט די קאָנסיסטאָריע־יידן אין פראַנקרייך און מיט אַלע די וואָס וואָגן און פאַלן לענג־אויס דעם יידישן געטאָ אין דער וועלט, איז „דער באַוווסטזיין פון סאָ־לידאַריטעט". און דער דאָזיקער באַוווסטזיין, דער דאָזיקער געפיל, וועט פאַר זיך דורכברעכן אַ וועג דורך דער פינצטערניש פון דער וועלט...

און נאָך אַ כראָניק — פון די געטאָ־מויערן — פון אונדזערס אַן אַק־טיוון יוגנטלעכן אין דער אונטערערדישער באַוועגונג: „...איך פיל זיך לעצטנס שלעכט. איך שפיי מיט בלוט: מען האָט מיך געשלאָגן.*) צוליב מיין קראַנקייט וועל איך שוין נישט קענען חתונה האָבן מיט מיין געליבטער מולדת.**) אָבער וואָס עס זאָל נישט געשען וועל איך זי ליב האָבן ביז מיין לעצטן טאָג און מיינע לעצטע ווערטער וועלן זיך טראָגן צו איר"...

דאַן קומט גאָר אַן אַנדער כראָניק: פון דעם מרכז חקלאי (לאַנדווירט־שאַפטלעכער צענטער) צום ועד הפּועל פון דער הסתדרות. דער מרכז פאָדערט מאָביליזירן מיטלען אויף אויפצושטעלן עלף נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישו־בים אין נגב.

...אָט אַזוי זעען אויס די כראָניק־ידיעות פון די איצטיקע טעג, ידיעות אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ די כראָניק פון אַלע יידישע דורות.

***

דאָס איז די כראָניק און פון דאַנען פליסן אַרויס די פליכטן און געבאָטן פון מפלגת פּועלי ארץ־ישראל (מפא"י). אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ וועט זיך פירן אַן אידייאישער קאַמף אַרום אונדזערע פליכטן און געבאָטן. וועט דאָס זיין אַ קאַמף אַ חברישער, אַ באמת אידייאישער — וועט ער זיין אַ קאַמף אַ הייליקער, ווייל ער וועט שטאַרקן און אייניקן, וועט ער אָבער נישט זיין קיין חברישער — וועט ער זיין אַ טמאדיקער, ווייל ער וועט פאַרדאַרבן די מעגלעכקייט אויסצופירן די פליכטן און געבאָטן...

צוויי פראַגן שטייען דאָ פאַר אונדז: אָרדענונג און חברישקייט. מיר מוזן אַריינטראָגן אָרדענונג אין אונדזערע אינער־לעכע באַציאונגען און אין אונדזער גאַנצער טעטיקייט. איך רייד וועגן אָר־דענונג און נישט דווקא וועגן דיסציפּלין. אַן שטרענגער אָרדענונג וועלן מיר

*) אין געסטאַפּאָ.

**) פאָטערלאַנד.

נישט קענען אויספירן די אויפגאַבן וואָס ליגן אויף אונדז אין דער איצטיקער עפּאָכע, איצטיקער שעה, איצטיקן מאָמענט. איך שטרייך אונטער: א י צ ־ ט י ק ן  מ אָ מ ע נ ט, ווייל מיר ווייסן נישט וואָס עס קען געשען באַלד נאָך דעם.

און מיר מוזן צוריק איינפירן חברישקייט אין אונדזערע באַציאונגען. אָן אַ געפיל פון חברישקייט, אָן חברישער ברידערלעכקייט, וואָלטן מיר נישט אויסגעוואָקסן פון אַ קליינעם הייפל ביז צו אונדזערע איצטיקע דימענסיעס — קוואַליטאַטיוו און קוואַנטיטאַטיוו. אָן חברישקייט וועלן מיר נישט גיין ווייטער, וועלן מיר נישט אויסטראָגן די פליכטן און געבאָטן אונדזערע.

אונדזער איצטיקע קאָנפערענץ ציט צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט. אויך אין נישט־אַרבעטער־קרייזן אינטערעסירט מען זיך גוואַלדיק מיט דער קאָנפערענץ: ווער וועט זיגן? וועט אויסברעכן אַ קריזיס? וועט קומען צו אַ שפּאַלטונג?

און אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין צו אַנטוישן אַלע סענסאַציע־זוכער. אונדזער זאָרג דאַרף זיין — בויען, בויען און בויען.

---

# אין אַ מאָמענט פון פּיקוח־נפש

(אויף דער דרינגלעכער זיצונג פון דער „סע־ניאָרן־קאָמיסיע", וועלכע איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער ראַט־זיצונג פון מפא"י, אין ירושלים, 8טן יאַנואַר 1944).

ווי אַ קאָמיסיע פון עלטערע און פאַראַנטוואָרטלעכע חברים, זיינען מיר באַאויפטראַגט געוואָרן צו זוכן און געפינען אַן אויסוועג פון דער אינערלעכער לאַגע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין מפלגת־פּועלי־ארץ־ישראל. אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין, נישט נאָר ליקווידירן די אינערלעכע רייסערייען און פאַרמיידן אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי, נאָר אויך אַרויסקומען צו דער באַ־וועגונג מיט אַ וויכטיק וואָרט וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער וויכטיקייט פון דעם מאָמענט. איך האָב אין זינען דאָס יאָר 1944 אינעם לעבן פון יידישן פאָלק. איך האָב אין זינען די איצטיקע טעג, ווען פון איין זייט קומען אָן ידיעות וועגן אַלץ גרעסערע נצחונות פון די פאַרבינדעטע און פון דער צווייטער זייט — ידיעות וועגן אַ ווייטערדיקער פאַרניכטונג פון יידישע מאַסן, וועלכע געפי־נען זיך אינערהאַלב די פיינטלעכע געביטן.

איבער וואָס קריגן מיר זיך?! ווערן דען די פאַרשיידענע אידייאישע פאַרבן, וועלכע טיילן אונדז, נישט בלאַס קעגנאיבער דעם פאַרב פון יידיש בלוט וואָס פאַרפלייצט די וועלט? וועלן מיר ווירקלעך נישט אויפגעטרייסלט

ווערן? וועלן מיר, די פאַרזאַמלטע דאָ אין ירושלים, נישט ענדערן די לאַגע אינערהאַלב דער אַרבעטערשאַפט וואָס פּ אַ ק ט י ש איז זי פּאַרייניקט אין דעם נאַציאָנאַלן גרונט־ווערק? לאָמיר זיך דאַך צונויפרעדן, מאַניפעס־טירן די גאַנצקייט און אייניקונג פון דער פּאַרטיי און לאָמיר זיך ווענדן צום „השומר הצעיר" און צו אַנדערע מיטן רוף צו פאַרייניקן זיך מיט מפא"י, כדי צו שאַפן אַ געאייניקטן אַרבעטער־פראָנט אין איצטיקן דעצידירנדיקן מאָ־מענט אין אונדזער געשיכטע.

קומענדיק מיטן דאָזיקן פאָרשלאָג פאַרמאַך איך נישט די אויגן אויף אונדזערווירקלעכקייט, קודם כל — אויפן פראַקציאָניזם. איך האָב זיך גוט צוגעהערט צו די רייד פון די פירער פון סיעה ב'*) — אַלע פון קיבוץ המאוחד. אָבער איך האָב נישט געקענט אויסגעפינען פאַרוואָס דאַרפן די מיינונגס־פאַר־שיידנקייטן פירן צו פראַקציאָניזם און איזאָלאַציאָניזם. איך קען אָננעמען, אַז דער קיבוץ, צוליב די ספּעציפישע לעבנס־באַדינגונגען פון זיינע חברים, זאָל בילדן אַ באַזונדערע נאַטירלעך־אָרגאַנישע קערפּערשאַפט, אָבער בשום אופן נישט קיין אָרגאַניזירטע פראַקציע אינערהאַלב דער פּאַרטיי. די אָנגעהערי־קייט צו אַ פּאַרטיי מיינט זעלבסט־צוימונג אויפן פּונקט, ווו עס הייבן זיך אָן די אינטערעסן פון אַנדערע אינערהאַלב דער פּאַרטיי. יעדער טייל אין אַ פּאַרטיי איז פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז זיינע מעגלעכקייטן זאָלן נישט פאַראַליזירט ווערן דורך סעפּאַראַטיזם און איזאָלאַציע פון אַנדערע. דער כוח פון אַ פּאַרטיי ליגט אין קאָלעקטיווע אַנטשיידונגען.

טאָ וואָס האָט אַן אָרגאַנישע קיבוץ־פראַקציע צו טאָן מיט אַן אָרגאַני־זירטער לאַנד־פראַקציע? און וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַזאַ קיבוץ־פראַקציע מיט שטאָטישע אַרבעטער? די סיעה ב' — די דאָזיקע קאָמבינאַציע פון קי־בוץ־חברים און נישט־קיבוץ־חברים — איז אַרום און אַרום אַ קינסטלעכע און קרענקלעכע דערשיינונג און איצט איז געקומען די צייט, אַז זי זאָל זיך ליקווי־דירן — אויף אַ נאַטירלעכן אופן.

פון סיעה ב' גיי איך אַריבער צום „השומר הצעיר". איך ווייס, אַז מיין פאָרשלאָג וועגן אַ ווענדונג צום „השומר הצעיר" קלעפּט זיך נישט אַזוי שטאַרק צו אונדזערע באַציאונגען אין דער לעצטער צייט. די אידעאָלאָגיע פון „השומר הצעיר" רעדט גאָר ווייניק צו מיין האַרץ און צום האַרץ פון אַ סך חברים אונדזערע. אָבער וואָס עס אינטערעסירט מיך איז נישט אַזוי די טע־

*) סיעה (פראַקציע) ב' האָט זיך געשאַפן אינערהאַלב מפא"י אויפן גרונט פון אומ־צופרידנקייט פון אַ געוויסער קליינער מינדערהייט — אין די שטעט — מיט דער פּראָ־פעסיאָנעלער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, באַזונדערס אין די הסתדרות־ווירטשאַפטן (משרד קבלני, סולל־בונה און אַנד.). שפּעטער האָט זיך אָן דער סיעה ב' אָנגעשלאָסן די מער־הייט פון קיבוץ המאוחד וועמענס אָפּאָזיציע צו דער פּאַרטיי־פּאָליטיק האָט געשטאַמט פון גאַנץ אַנדערע מאָטיוון.

אַריע, ווי די פּראַקטיק — דער טאַט אויף די פעלדער פון פּאַטערלאַנד. טויזנ־טער יוגנטלעכע זיינען אויפגעקומען אין די רייען פון „השומר הצעיר" און האָבן אויפגעשטעלט פיינע יידישע ישובים — זיכערע היימען פאַרן יידישן כוח און יידישן ווילן. זיי האָבן עס געטאָן נישט מיטן כוח פון „אָריענטאַ־ציעס", נאָר מיט חלוצישער איבערגעגעבנקייט און ענערגיע. איינער אַ חבר אונדזערער האָט אַמאָל דיסקוטירט מיטן „השומר הצעיר" און האָט זיי דער־ביי דעפינירט אַזוי: „איר רעדט שרעקלעכע רייד, אָבער עס שאַדט נישט, ווייל איר רעדט איינס מיטן מויל און איינס מיטן פעלד". „איינס מיטן פעלד"... ד אָ ס דעצידירט! ווי זינגען אונדזערע קינדער: „טעג פאַרלויפן, דאָס יאָר פאַרגייט — בלויז די מעלאָדיע באַשטייט". אָריענטאַציעס פאַר־לויפן, די טעאָריע פאַרגייט — בלויז די מעלאָדיע פון „איינס מיטן פעלד" באַשטייט. דאָס „איינס מיטן פעלד" און אונדזער גרויסער נאַציאָנאַלער אומ־גליק — ביידע אינאיינעם זיינען די פּלאַטפאָרם פאַר מיין פאָרשלאָג צו ווענדן זיך צו נאָענטע חברים, אַז זיי זאָלן זיך דערנענטערן נאָך מער — ביז די הערצער זאָלן זיך אויפריכטיק פאַרייניקן. עס אַרט מיר נישט אפילו איינ־צוגיין אויף געוויסע קאָמפּראָמיסן, אַלץ בעסער ווי סעפּאַראַטיזם און שפּאַל־טונג.

ס'זיינען, נאַטירלעך, פאַראַן מיינונגס־פאַרשיידנקייטן און צוימונגען, אָבער מען מוז זיי גובר זיין. נישטאָ ביי יידן קיין הייליקערע זאַך פון שבת, אָבער דער פאָלקס־הומאַניזם האָט געפּסקנט, אַז פ י ק ו ח ־ נ פ ש איז דוחה שבת. דאָס פאָלק איז איצט אין אַ צושטאַנד פון „פּיקוח־נפש" — מוז דאָס ברעכן אַלע צוימונגען צווישן אונדז.

# די עליה פון תימן

## תימנער אין ראשון־לציון

(געשריבן אין יאר 1912).

„...מיר הערן צומאָל אפילו קיין טרייסט־וואָרט נישט פון די היגע איינ־ווױנער״ — האָט דער אַלטער תימנער צוגעגעבן. ער האָט אָפּגעזיפצט און איז שטיל געבליבן. אויף זיין געזיכט איז געווען אַן אויסדרוק פון טרויער און לײדן און ער האָט געקוקט אויפן גאַסט, גלייך ווי ער וואָלט געוואָרט אויף אַ באַרואיקנדיקן און דערמוטיקנדיקן ענטפער.

דער שמועס איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די באַראַקן — „די תימנער־הייזער״ — הינטער דער גרויסאַרטיקער שול אין ראשון־לציון. אין אַ קליינעם צימערל — אַ קוים־קוים באַלויכטענע „דירה״ פון צוויי משפּחות — איז פאָרגעקומען אַ מין קליינע אסיפה פון תימנער. זיי האָבן זיך פאַר־זאַמלט כדי צו דערציילן זייערע פריינט, וואָס האָבן באַוויליקט צו קומען צו זיי, וועגן זייער לעבן און מאַטערנישן אין ראשון־לציון. צוערשט זיינען געווען בלויז ווייניקע, אַנגעזעענע און בכבודיקע תימנער, ביסלעכווייז אָבער האָט זיך דער צימער אָנגעפילט מיט איינגעבויגענע געשטאַלטן, פאַרוויקלטע אין טיכער און מאָדנע שמאַטעס. זיי קומען אַריין הכנעהדיק, באַגריסן מיט רעס־פּעקט און דרך־ארץ און בלייבן שטיין איינגעקאָרטשעטע, ווי ציטערנדיק פון קעלט...

כמעט אַלע ריידן זיי. יעדער איינער גיט צו אַ שטריך, אַ פּינטל, צו דערגאַנצן דאָס בילד פון זייער לעבן. אָבער דער הויפּטרעדנער איז דער אַל־טער, דער שטענדיקער פאָרשטייער פון „עדת־תימני־ראשון־לציון״, וועלכער הערט נישט אויף צו פאָדערן „הייזער און אַביסל באָדן״. פון מאָל צו מאָל גייט ער אין שליחות פון זיין עדה קיין יפו, זיך משתדל זיין ביי די דאָרטיקע אינסטיטוציעס און גלייכצייטיק אויסצוגיסן דאָס ביטער האַרץ פאַר די לייט פון „הפועל הצעיר״.

אַ סך טענות האָבן זיי, די תימנער: די צאָל הייזער קלעקט נישט פאַר דער צאָל נפשות; די הייזער טויגן בכלל צו גאָרנישט — ס׳איז ענג אין זיי, קאַלט און נאַס... און קיין פּרנסה איז ניטאָ: ניטאָ קיין סטאַבילע אַרבעט. און אַז עס טרעפט זיך אַביסל אַרבעט — צאָלט מען ווינציק: דער העכסטער לוין פון אַ תימנער אין וויין־קעלער איז צוויי בישליקס און דריי צענטל*) אַ טאָג.

---

*) אַ בישליק — אַ האַלבער פראַנק. פראַנק.

און אַן פּאַרמעגן, אַן הכנסה — ווי אַזוי זאָלן זיך די זקנים אויסהאַלטן?
— היינט די איינזאַמקייט! די אָפּגעלאָזנקייט! די תימנער זייַנען צעוואָרפן איבער גאַנץ ראשון־לציון און זיי קענען זיך נישט שאַפן אַן אייגענע היימישע סביבה.

— „נו, און די סביבה פון דער קאָלאָניע?"

— „קיינער פון די קאָלאָניסטן פרייט זיך נישט מיט אונדז אין אונדזערע שמחות און קיינער פילט אונדז נישט מיט אין אונדזערע ליידן. ווי פרעמדע אין אַ פרעמד לאַנד זייַנען מיר דאָ..." אַלע אַרום שאָקלען־צו מיטן קאָפּ: זיי באַשטעטיקן דאָס.

דו הערסט זיך צו צו די דאָזיקע רייד, צו די טענות, צום אינהאַלט און צום טאָן, נעמסט אַרום דאָס גאַנצע עלנט־בילד און ווערסט פאַרכאַפּט פון אַ געפיל פון בושה און פאַרביטערונג. דו פאַרגלייכסט ביידע בילדער, איינס אַנטקעגן דאָס אַנדערע: די שיינע גאַסן פון ראשון־לציון און דאָס דאָזיקע קליינע עלנטע וועלטל. אויף יענע גאַסן גרופּירן זיך קאָלאָניסטן און שמועסן וועגן געשעפטן, בודזשעטן, סינדיקאַט, קאָנטראַקט... טיילמאָל הערט זיך אַ וויץ, אַ גלייכוואָרט... אין דער לופט טראָגן זיך קלאַנגען פון אַ קלאַוויר...

„ווי פרעמדע אין אַ פרעמד לאַנד" — אַזוי פילן זיך די פּליטים פון תימן צווישן זייערע ברידער, וואָס זייַנען אַמאָל געווען פּליטים פון רוסלאַנד...

בלויז מיט צוויי און אַ האַלב יאָר צוריק האָבן די דאָזיקע מענטשן באַשלאָסן אויסצוּוואָרצלען זיך פון תימן און וויפל צרות און גייסטיקע קריזיסן האָבן זיי איבערגעלעבט אין דער דאָזיקער קורצער צייט! דאָס בלויזע אַרויסגיין פון תימן האָט פאַר זיי באַדייט — אָפּצורייסן זיך פון דעם אָרט, וווּ עס האָבן געלעבט זיי און זייערע עלטערן און אור־אור־עלטערן ביז צו די ווייטסטע דורות. און די רייזע האָט באַדייט — לאַנגע חדשים פון וואַנדערונגען, מאַטערנישן און פּלאָגונגען, ביז זיי זייַנען אָנגעקומען אין דעם הייליקן לאַנד. און אַז זיי זייַנען ענדלעך געקומען — וואָס האָבן זיי דאָ געטראָפן? — אַ הייפל ברידער, תימנער, וואָס זייַנען געקומען נאָך פאַר דער צווייטער עליה, אָבער זיי זייַנען ליידער געווען דורכויס מאַטלאָז און האָבן זיי מיט גאָרנישט נישט געקענט העלפן. אויסער דעם האָבן זיי געפונען אַ סביבה פון אַזעלכע „מאָדנע", אַזעלכע „ווייטע" יידן. זיי זייַנען געווען נאָענט צו פאַרצווייפלונג, ווען נישט אַ גרופּע יוגנטלעכע פון יענע „ווייטע יידן", וואָס האָט זיי וואַרעם אויפגענומען, האָט זיך מיט זיי אָפּגעגעבן און געזאָרגט פאַר זייער איינאָרדענונג אין לאַנד. דאָס האָט דערמוטיקט די וואַנדערער און האָט אין זיי פון דאָס ניי אָנגעצונדן אַ פונק פון האָפענונג. דערנאָך זייַנען געקומען נייע איבעררעשונגען: דאָס גיין קיין ראשון־לציון, ווידער אַ נייע יידישע סביבה, ווידער אַ שטימונג „צווישן פאַרצווייפלונג און האָפענונג" — טאָמער וועט מען זיי דאָרט נישט אויפנעמען... אָבער זיי זייַנען

געבליבן אין ראשון־לציון. און איצט, נאָך צוויי און אַ האַלב יאָר, האָבן די תימנער דערפילט, אַז מען וויל זיי נישט האָבן אין דער קאָלאָניע און זיי בעטן זיך: „גיט אונדז ערגעץ אַן אַרבעטס־אָרט וועלן מיר אַלע אַוועק פונ־דאַנען".

ווען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „הפועל הצעיר" האָט פאַר צוויי יאָרן באַהאַנדלט די פראַגע פון אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר די ניי־אָנגעקומענע תימנער און האָט באַשלאָסן אַריבערצופירן זיי קיין ראשון־לציון, האָט ער זיך זיכער נישט פאָרגעשטעלט, אַז נאָך צוויי יאָר וועלן זיך די תימנער פילן אין דער קאָלאָניע ווי איבעריקע און אומגעוווּנטשענע און אַז עס איז פאַר זיי גלייכער צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. דעם אמת זאָגנדיק, איז שוין דער ערשטער קבלת־פּנים פאַר די תימנער נישט געווען קיין דערמוטיקנדיקער: „וואָס האָט איר געבראַכט אויף אונדז די דאָזיקע צרה!" — האָט געשריען דער דעמאָלטיקער ראש־הועד פון דער קאָלאָניע — „פּרעסער האָט איר געבראַכט אויף אונדזער קאָפּ, בעת מיר אַליין האָבן נישט גענוג צום עסן". דער ראש־הועד האָט גע־פאָדערט באַלד צוריקצונעמען די תימנער. דאָך זיינען זיי געבליבן אין ראשון־לציון. עס האָבן זיך געפונען אייניקע עסקנים פון דער „אָפּאָזיציע", וואָס האָבן זיך אַריינגעמישט לטובת די תימנים און האָבן אויסגעפירט. אייניקע תימנערינס זיינען געגאַנגען אַרבעטן ווי דינסטן און אייניקע תימנער ווי אַרבעטער אין ווייַן־קעלער. די ערשטע צייט האָט מען זיי איינקוואַרטירט אין דער קעלער־שטוב פון בית־עם (פאָלקס־הויז) און דערנאָך האָט מען צונויפ־גענומען אַביסל געלט אין אויפגעשטעלט פאַר זיי באַראַקן הינטער דער שול.

עס האָט אויסגעזען, אַז מען וועט שוין דורכקומען, אַז סוף־סוף וועט זיך אין ראשון־לציון געפינען אַן אָרט פאַר יידישע אַרבעטער — אויב נישט פאַר יונגעלייט פון אייראָפּע — „די דענערווירנדיקע קריטיקער" — איז ווײ־ניקסטן פאַר אונטערטעניקע תימנער וואָס באַנוגענען זיך מיט ווייניק.

אָבער דאָס איז געווען אַן אילוזיע. די „דיפּלאָמאַטן" פון ראשון־לציון מאַכן בלויז אַ פּאָזע, באַמיען זיך אַרויסצושטעלן זייער קאָלאָניע, ווי אַ מוס־טער פאַר אַנדערע, אָבער דאָס איז נאָר פאַר אויסערלעכן געברויך. ביי זיך, אינדערהיים, פאַרגעסט מען די פּאָזע און די שיינע פראַזע. אין זייער באַצי־אונג צו די תימנער האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן קיין הארץ, קיין נשמה, קיין מינדסטע פאַרשטענדעניש.

מען דאַרף מודה זיין, אַז די אַרבעטער אין ראשון־לציון אינטערעסירן זיך אויך נישט איבעריקס מיט די באַדערפענישן פון די תימנער און מיט זייער אינערלעכער וועלט.

דער „אידעאַל" פון די תימנער אין ראשון־לציון איז, ווי געזאָגט, „הײ־זער און אַ שטיקל ערד". אַלע שמועסן מיט זיי ענדיקן זיך מיטן רעפריין „מ׳דאַרף הייזער". און מען קען זיי לייכט פאַרשטיין: זיי האָבן נישט פון וואָס צו לעבן און זיי זיינען באַזונדערס באַזאָרגט מיט דער עלטער ווען די

כוחות וועלן אויסגיין — טרוימען זיי וועגן „הייזער און אַ שטיקל ערד". ווען זיי ריידן וועגן הייזער מיינען זיי אַן אייגענעם קוואַרטאַל אָדער אַן אייגענע קאָלאָניע. ליידער זיינען די תימנער נישט אָרגאַניזירט און זיי האָבן נישט קיין אַנטשפּרעכנדיקע פאַראַנטוואָרטלעכע פאָרשטייער וואָס זאָלן קענען געבן זייערע ברידער צו פאַרשטיין אונדזערע באַציאַגאַלע אידייען און אונדזערע קאָלאָניזאַטאָרישע צילן און, פון דער אַנדער זייט, זאָלן זיי קענען רעפערירן פאַר די עסקנים פון דעם ישוב וועגן זייערע באַדערפעניש און עקשנותדיק דערשלאָגן זיך צו דער באַפרידיקונג פון די דאָזיקע באַדערפענישן. אַזעלכע פאָרשטייער וואָלטן אַ סך געמילדערט דעם צער פון די קעגנזייטיקע מיס־פאַרשטענדענישן און וואָלטן באַזייטיקט אַ סך שווערע קאָמפּליקאַציעס.

אַן אָנהויב צו אַזאַ רעפּרעזענטאַציע איז געלייגט געוואָרן דאָ נישט לאַנג דורך די תימנער פון ראשון־לציון און רחובות. פון איין זייט — דער „הפּועל הצעיר" און פון דער אַנדער זייט — דעם חכם־באַשי (ספרדישער הויפּט־ראַ־בינער) פון יפו, האָבן באַוויגן די תימנער צו אייניקן און אָרגאַניזירן זיך. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג (פון י"ח טבת, תרע"ב) איז געוויילט גע־וואָרן אַ קאָמיטעט — דריי מיטגלידער פון ראשון־לציון און דריי פון רחו־בות. דער קאָמיטעט איז באַלד געגאַנגען קיין יפו, וווּ ער האָט פאָרגעשטעלט די פאָדערונגען פון זיינע ווײלער און בעיקר — די פאָדערונג וועגן הייזער. זיי האָבן דערביי אונטערגעשטראָכן, אַז זיי מיינען נישט חלילה אומזיסט — זיי וועלן באַצאָלן; מען זאָל זיי נאָר דערמעגלעכן אויסצוצאָלן אין ראַ־טעס. ד"ר רופּין האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך באַמיען צו קריגן אַן הלוואה אויף צו בויען הייזער.

דאָס ערשטע מאָל זיינען שליחים פון די תימנער צוריקגעקומען געמו־טיקטע און פול מיט האָפענונג.

---

## די יידישע אויסוואַנדערונג פון תימן

(געשריבן אין יאָר 1912).

דאָס באַנייען די באַוועגונג פון תימנער יידן קיין ארץ־ישראל איז אָן ספק איינע פון די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן פון היינטיקן יאָר. אין פאַרלויף פון 6־7 חדשים זיינען צו אונדז אָנגעקומען טראַנספּאָרטן תימנער, אַן ערך 1.200 נפשות, וואָס האָבן זיך מערסטנטייל באַזעצט אין די קאָלאָניעס פון יהודה און אונטערשטן גליל, ווי לאַנדווירט־שאַפטלעכע אַרבעטער. עס איז צוגעקומען נאָך איינער אַ גלות־צענטער, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון אָפּרייסן זיך פון אַן איינגעזעסענעם

וווינאָרט און צושטערן אַלטע איינגעפונדעוועטע פּאָזיציעס. עס איז אָבער פאַראַן אַ קאַרדינאַלער אונטערשייד צווישן דעם אויסוואַנדערער פון תימן און אויסוואַנדערער פון אַנדערע לענדער: פאַר דעם „עמיגראַנט" פון תימן שטייט נישט די פאַרשאַלטענע פראַגע — „וווהין?" זיין וועג איז קלאָר: „צום הייליקן לאַנד". דער דאָזיקער שטריך שליסט אויס די תימנער עמיגראַציע פונעם באַגריף וואַנדערונג און גיט איר צו אַ באַשטימטן נאַציאָנאַלן קאָליר.

וואָס באַוועגט די תימנער צו פאַרלאָזן זייער נעסט? דער ענטפער איז: אַ שקלאַפן־לעבן פון אַ פאַרהאַסטער מינדערהייט, פון פאַראַכטע און מינדערווערטיקע בירגער אין אַן אומקולטורעלן לאַנד, ווו דורות־לאַנג זיינען זיי פאַראורטיילט געווען צו אַ נעבעכדיקער עקזיסטענץ פון קליינהענדלער און האַנטווערקער. דאָס אַלץ האָט זיי ביסלעכווייז דערפירט צו פיזישער און גייסטיקער דעגענעראַציע.

אין דעם דאָזיקן לעבן פון עלנט און אומזיכערקייט האָט שטענדיק גענעסטיקט די שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון פרעמדן יאָך און אומצוקערן זיך צום לאַנד פון די אָבות — אַ שטרעבונג, וואָס האָט געצויגן איר יניקה פון די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע בענקעניש און וואָס האָט געטראָגן אויף זיך דעם סטעמפּל פון אַ מיסטעריע. דאָס איז געווען זייער איינציקע טרייסט אין זייערע שווערע גלות־ליידן. אָבער כדי די באַדערפעניש אין ענדערן דאָס ווויךלאַנד און כדי די בענקעניש נאָך ארץ־ישראל זאָלן קענען געפינען אַ פּראַקטישן אויסדרוק, איז נייטיק געווען אַן אויסערלעכער שטויס — צי אין דער פאָרעם פון רדיפות וואָס עס האָט סטימולירט די עליה פון די תימנער מיט עטלעכע יאָר צוריק, צי אין דעם פאָרעם פון ידיעות וועגן דעם נייעם לעבן אין ארץ־ישראל, ידיעות וואָס שאַפן דעם הויפּט־סטימול אין זייער איצטיקער עליה.

די בשורה פונעם נייעם לעבן אין אונדזער לאַנד איז צו אונדזערע ברידער אין תימן איבערגעשיקט געוואָרן דורך זייערע לאַנדסלייט, וואָס זיינען אַהער געקומען פאַר דריי יאָרן און האָבן זיך באַוויזן אין אַ געוויסער מאָס צו פאַרוואָרצלען אין רחובות און ראשון־לציון. און איצט האָבן די יידן אין תימן באַקומען אַ לעבעדיקע באַשטעטיקונג פון דער בשורה: אונדזער חבר שמואל יבנאלי האָט לעצטנס דורכגעמאַכט אַן איינציקע אין איר אַרט רייזע קיין תימן, וווהין ער האָט געבראַכט אַ גרוס פון ארץ־ישראל און אַ גענויע אויפקלערונג וועגן דער לאַגע אין לאַנד.

מיט 50 יאָר צוריק האָט אַן ענלעכן באַזוך אין תימן געמאַכט יעקב אבן־ספיר. דעם אמת זאָגנדיק, פלעגן די יידן אין תימן באַזוכן — אַזן באַזוכן אויך איצט — פאַרשידענע „חכמים" (תימנער רבנים). פאַר צוויי יאָרן האָט זיי אויך באַזוכט הער צמח — אַ פאָרטרעטער פון „כל ישראל חברים" („אַליאַנס איזראַעליט"). די „חכמים" פאָרן זאַמלען געלט. הער צמח איז געפאָרן אויס־

צופאַרשן זייער לאַגע און זען צי קען מען דאָרטן פירן אַ קולטורעלע טעטי־קייט אין נאָמען פון „כל ישראל חברים". די דאָזיקע באַזוכן לאָזן נישט אי־בער קיין שפורן. אָבער חבר יבנאלי, מער ווי ער האָט געפאָרשט די לאַגע פון די יידן אין תימן, האָט ער זיי דערציילט און אויפגעקלערט די לאַגע פון זייערע ברידער אין ארץ־ישראל. אין ד ע ם ליגט די באַזונדערע באַדיי־טונג פון ח' יבנאליס שליחות. אין תימן פלעגט מען אים אָפט זאָגן: אַ סך „חכמים" פון ארץ־ישראל האָבן אונדז באַזוכט, אָבער קיינער פון זיי האָט אונדז גאָרנישט דערציילט וועגן ארץ־ישראל, דו ביזט דער ערשטער וואָס האָט אונדז געבראַכט די בשורה פון גאולה.

דער דאָזיקער באַזוך וואָס האָט געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל אין לעבן פון די תימנער יידן, האָט אַראָפּגעריסן דעם מיסטישן שלייער פון זייער גע־גאַרט לאַנד, האָט דעם געדאַנק וועגן „עליה" פאַרוואַנדלט אין אַ רעאַלן באַ־גריף און האָט אויך געפירט צו פּראַקטישע רעזולטאַטן — צום אָנהויב פון אַ מאַסן־עליה פון יענער ווייטער אָטאָמאַנישער פּראָווינץ.

כמעט אַלע עולים פון תימן קומען צו אונדז אָן קיין מיטלען. זייער איינ־ציקער פאַרמעגן איז — שטוב־שמאַטעס, ביליקע צירונגען און אָפטמאָל אַ קעסטל מיט ספרים, מערסטנטייל — אין כתב יד. דאָס הייסט, אַז באַלד נאָכן אַריינקומען אין פּאָרט פון יפו, אָדער פון חיפה שטעלט זיך פאַרן עולה פון תימן אין דער גאַנצער האַרבקייט די ברויט־פראַגע. פאַקטיש איז די דאָזיקע פראַגע גינסטיק געלייזט געוואָרן: דער גרעסטער טייל פון די תימנער, וואָס זיינען געקומען דעם לעצטן יאָר, איז באַלד נאָכן אָנקומען איינגעאָרדנט גע־וואָרן אין די קאָלאָניעס, אין לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט.

אַזוי אַרום שטעלן זיך די תימנער באַלד פון אָנהויב אויף אַ געזונטן עקאָנאָמישן באָדן. די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט גיט זיי פאַרלויפיק זייער נויטיקן עקזיסטענץ־מינימום. שפּעטער — מיט דער הילף פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל — וועט זיך פאַרפעסטיקן דער מעמד פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, בכלל, און, אָן ספק, אויך פון דעם תימנער אַרבעטער. אָט אַזוי ווערט דער קליינהענדלער און קליינער האַנטווערקער פון תימן פאַרוואַנדלט אין אַ שעפער פון פּראָדוקטיווע יסודות פאַרן עקאָנאָמישן לעבן פונעם יידישן ישוב אין לאַנד. דער דאָזיקער פאַקט וואָס אונדזער לאַנד, טראָץ דער שווע־רער לאַגע, איז בכוח צו געבן אַ טייל פון פאָלק נישט נאָר פרייהייט, נאָר אויך ברויט — הייבט אויף די עליה פון תימן צו אַ מדרגה פון אַ וויכטיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דעם ישוב און פון ציוניסטישן אידעאַל.

אַזוי זעט עס אויס ווען מיר באַטראַכטן די פראַגע פון אַן אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט. סוביעקטיוו אָבער זעט זי ליידער אויס אַנדערש. דאָ ווירקן איבערהויפּט פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן. ווען עמיצן ווערט פאַרמיאוסט זיין עלנט לעבן און ער גייט ערגעץ אַנדערשוו בויען זיך אַ ניי לעבן איז ער גע־נויגט צו מאָלן זיין צוקונפט אין פאַרבן פון איבערגעטריבענע האָפענונגען.

דאָן קומט דיווירקלעכקייט, צעשטערט די אילוזיעס און די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער צעשטערונג זיינען אָפטמאָל גאַנץ טראַגישע. עפּעס אַזוינס קומט פאָר מיט אַ סך פון אונדזערע עולים. דוכט זיך, אַז מיר קלערן אויף גאָר געגנוי די לאַגע אין ארץ־ישראל, אָבער דער עולה הערט זיך צו בלויז צו זיך אַליין, צו זיינע אילוזאָרישע האָפענונגען. און אודאי מוז עפּעס געשען מיט עולים פון תימן וואָס האָבן בכלל קיין שום באַגריף נישט וועגן אַנדערע לענדער — אויסער תימן — און באַזונדערס וועגן ארץ־ישראל וואָס איז פאַר זיי אַן אַבסטראַקציע, אַ באַשטראַלט הייליקטום. דאָס אַרויסגיין פון תימן שטעלט זיך זיי פאָר ווי דאָס פאַרלאָזן דעם עמק הבכא (טרערן־טאָל). די עליה צום הייליקן לאַנד — ווי דאָס אָנקומען פון „קץ“ און דאָס זיצן אין לאַנד גופא — ווי אַ הייליקע מדרגה פון הנאה האָבן פון דעם ליכט פון דער שכינה...

טראָץ אַלע זיינע באַמיאונגען איז דעם חבר יבנאלי נישט געלונגען אויסצומאָלן פאַר זיי דאָס לעבן אין ארץ־ישראל ווי „אַ לעבן פון אַרבעט און שווייס“... אויסערלעך האָבן זיי מסכים געווען, אינערלעך זיינען זיי געבליבן געפאַנגען אין דער נעץ פון טרוים און אילוזיע...

די אילוזיע פּלאַצט באַלד נאָכן ערשטן טריט אויף דער ערד פון פאָטער־לאַנד, באַזונדערס אונטערן איינדרוק פון די אויסערלעכע פאָרמען פון אונזער היגן לעבן. אין זייער פּרימיטיווער אויפפאַסונג פאַרלירט דאָס לאַנד זייער אַ סך צוליב די דאָזיקע פאָרמען פון מאָדערנער קולטור: נישט אַזוי האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט דאָס הייליקע לאַנד...

נאַטירלעך ווירקן דאָ נישט ווינציק אויך די מאַטעריעלע באַדינגונגען. מיט איינאָרדענען די תימנער עולים פאַרנעמט זיך דער ארץ־ישראל־אַמט — מיט דער אַקטיווער הילף פון „הפועל הצעיר“ און אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציעס. נאָך אַ קורצן ווייל אין שטאָט ווערן די תימנער איבערגעפירט אין די קאָלאָניעס און דאָ הייבן זיך ערשט אָן די שוועריקייטן. דאָס הויפּט־פּראָבלעם איז — אַ דירה. צוליב מאַנגל אין דירות קוואַרטירט מען איין די עולים אין שטאַלן. מען באַמיט זיך אויסצורייניקן די שטאַלן און פאַרוואַנד־לען זיי אין וווינונגען, אָבער אפילו שטאַלן פעלן אויס, אין פתח־תקוה האָט מען איינמאָל באַזעצט 18 פאַמיליעס אין איין שטאַל. אין אָט אַזעלכע „פּאַ־לאַצן“ פאַלן אַריין די, וואָס אין זייער פאַנטאַזיע האָבן זיי זיך געקליבן צו לעבן אין ארץ־ישראל כמעט ווי פּרינצן... — מעגלעך, אַז אין תימן האָבן זיי געוווינט אין נישט בעסערע דירות, אָבער — די פאַנטאַזיע...

נאָך דער דירות־פראַגע קומט די אומגעוויינלעכע אַרבעט. די תימנער זיינען געוווינט צו אַרבעט און זיי קענען ליידן, אָבער זיי האָבן אין תימן נישט געוווּסט פון קיין גראָבאַייזן, פון קיין „גלאָק“*) און פון אַרבעטן אַ גאַנצן

*) דער גלאָק וואָס רופט אינדערפרי צו דער אַרבעט

טאָג אָן אויפהער. זיי פילן זיך טיף באַליידיקט: זיין קנעכט! און ביי וועמען? — ביי אייגענע ברידער! און ווו? אין ארץ־ישראל!...

דאָס אַלץ ענדערט זיך, נאַטירלעך, מיט דער צייט. די תימנער וואָס זיינען געקומען מיט דריי יאָר צוריק און האָבן זיך באַזעצט אין רחובות פילן זיך מער נישט פאַרשקלאַפט, זיי באַגרייפן די אייגנשאַפטן פון לאַנד און די לעבנס־באַדינגונגען און פּאַסן זיך צו צו זיי, — זיי פאַרוואָרצלען זיך אין לאַנד.

אָבער עס דאַרף נאָך פאַר זיי אַ סך געטאָן ווערן. קודם כל מוז מען ליקווידירן די שטאַלן־דירות. מען דאַרף אויסבויען בתי־עולים (אימיגראַנטן־הייזער), ווו די ניי־אָנגעקומענע זאָלן זיך געפינען ביז אַ חודש צייט. דאַן מוז מען ערנסט זאָרגן פאַר זייערע סאַניטאַרע באַדינגונגען, פאַר היגיענע און פאַר געזונטהייט־ענינים בכלל; באַזונדערס — פון די קינדער. די תימנישע פרוי אַרבעט צוזאַמען מיטן מאַן. בלייבן איבער די קינדער איינע אַליין אויף אַ גאַנצן טאָג אין דער היים, פאַרנאַכלעסיקטע, פאַרשמוציקטע און אומעטיקע. טייל ליגן אַ גאַנצן טאָג און שלאָפן; טייל וואַלגערן זיך אין בלאָטע און שמוץ און די איבעריקע פאַרקלייבן זיך אין אַ ווינקל — דערשראָקענע, דערשלאָגענע און שווייגן, שטומען... אָבער מיט וויפיל פרייד אין די בליציקע אייגעלעך און זייער שיינקייט גלאַנצט אַרויס אפילו פון די אויסגעשמירטע פנימלעך. דאָס קליינוואַרג רעאַגירט אויף אַ גלעט און אויף אַביסל ליבשאַפט וואָס דו ווייזט זיי אַרויס! אויפמערקזאַמקייט ווירקט דאָ ווי טוי אויף וועלקנדיקע בלומען.

מען דאַרף פאַר די דאָזיקע קינדער עפענען „טאָג־קינדערהיימען": אינדערפרי וועלן די עלטערן אָפּפירן אַהינצו זייערע קליינע קינדער און פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, וועלן זיי זיי מיטנעמען אַהיים.

מען דאַרף העלפן דער תימנישער פרוי — דער אַרבעטנדיקער מוטער — און די דאָזיקע פליכט ליגט אויף די מיידלעך אין די קאָלאָניעס. זיי דאַרפן זאָרגן פאַר די קינדער — האַלטן זיי אין ריינקייט, באַמיען זיך אַז זיי זאָלן זיין ריין אָנגעטאָן און בכלל פאַרנעמען זיך מיט זיי, שפּילן זיך מיט זיי, דערנענטערן זיך צו דעם קליינוואַרג מיט ליבע, אַריינטראָגן ליכט און קולטור אין דער דאָזיקער וועלט פון אָפּגעשטאַנענקייט. די תימנישע פרויען וועלן זיך אַזוי אַרום לערנען, ווי עס באַדאַרף צו זיין, אָפּצוגעבן זיך מיט די קינדער. און צוליב דעם אַליין איז כדאי די גאַנצע טרחה.

---

# ווי אַזוי צו פאַרפעסטיקן דעם תימנער אַרבעטער

(געשריבן אין יאָר 1912).

די פראַגע, ווי אַזוי צו פאַרפעסטיקן דעם מעמד פון דעם תימנער אַרבעטער, דאַרף מען איינטיילן אין דריי פונקטן:

א) אַ הויז פאַר יעדער משפחה. פרינציפּיעל איז די דאָזיקע פאָדערונג אָנגענומען געוואָרן און זי שטייט אויף דער טאָג־אָרדענונג פון די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, איינשליסלעך דעם „קרן קימת".

ב) טיילווייזע זידלונג אויפן באָדן. מיר שטרעבן צוריקצוקערן זיך צו ערד־אַרבעט און די דאָזיקע שטרעבונג — אין איר פאַרווירקלעכונג — דאַרף אַרומנעמען אויך די עולים פון תימן. דער פּראָצעס פון אַבסאָרבירונג אין ערד־אַרבעט דאַרף אויסגעטראָגן ווערן נישט דורך אַרבעט אין פּריוואַטע לאַנדווירטשאַפטן, נאָר דורך אַ ד י ר ע ק ט ע ר, פרייער, אידייאישער, פּערזענלעכער פאַרבינדונג מיט דער ערד.

אַ הויז מיט אַ שטיקל באָדן — דאָס איז דער עיקר אין פאַרפעסטיקן דעם מעמד פון דעם תימנער אַרבעטער. אויף אָן אייגענעם שטיקל באָדן וועט ער זיך ווירקלעך פילן ווי אַ פרייער פרינץ אין זיין פּאַטערלאַנד; ער וועט טאָקע דערביי האָבן אַן אייגענעם קוואַל פון הכנסה וואָס עס וועט אים פאַרלייכטערן זיין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ.

ג) הויז־ווערקערייַ — נאָך אַ קוואַל פאַר הכנסה. מען דאַרף אַנטוויקלען הויז־אַרבעטן וואָס זאָלן באַשעפטיקן די זקנים, וועלכע קענען זיך נישט באַגיין מיט אַ גראָב־אייזן און די פרויען, וועלכע ווילן אַזוי אַרום נישט דאַרפן איבערלאָזן די קינדער אויף הפקר.

ווי אַ מאָדעל אויפן דאָזיקן געביט קען דינען די קאָלאָניע „בצלאל". מען קען נישט זאָגן, אַז די פאָרם אין וועלכער עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די אידיי פון פּראָפעסאָר ב. שאַץ*) איז גאָר אַ געלונגענע. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. דער עיקר איז די בלויזע אידיי פון דער קאָלאָניע „בצלאל": הויז־ווערקערייַ פאַר די ניי־אָנגעקומענע תימנים.

***

עס איז כדאי אָפּצושטעלן זיך נאָך אויף אַ פּאָר מאָמענטן — נישט פון מאַטעריעלן כאַראַקטער. קודם־כל: ד י ז ע ל ב ס ט ־ אָ ר ג אַ נ י ־ ז י ר ו נ ג פ ו ן ד י ת י מ נ ע ר. די עלפטע קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר" האָט פאַרפליכט דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו זאָרגן פאַר דער אַנט־

---

*) ב. שאַץ — אַ מאָלער און סקולפּטאָר; גרינדער און דירעקטאָר פון דער קונסט־שול „בצלאל" אין ירושלים. ער האָט אָרגאַניזירט וואַרשטאַטן פאַר הכשרה פון יונגעלייט און נייע עולים. געשטאָרבן אין יאָר 1932.

ווירקונג פון זעלבסט־באַוווסטזיין צווישן די תימנער וואָס קען אַמבעסטן דערגרייכט ווערן דורך זייער זעלבסט־אָרגאַניזירונג. דאַרפן מיר זיי טאַקע דערציִען צו זעלבסט־אָרגאַניזירונג. צווייטנס: די אויפהייבונג פונעם קולטורעלן ניוואָ פון די תימנער. די עקאָנאָמישע לאַגע פון די תימנער מאַכט זיי — אין זייער מערהייט — פאַר נאַטירלעכע פאַרבינדעטע פון דער ארץ־ישראלדיקער יידישער אַרבעטער־שאַפט. אויך דאָ האָט די קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר" פאַרפליכט דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו שאַפן מיטאַרבעט צווישן די תימנער אַרבעטער און אַלע אַנדערע אַרבעטער, אויפן געביט פון זוכן אַרבעט, פון אַרבעטס־לוין און אַרבעטס־באַדינגונגען. אָבער ווי ווייט עס זאָל נישט גרייכן די דאָזיקע מיט־אַרבעט קענען מיר נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם גרויסן אונטערשייד צווישן די ביידע טיילן אין דער קולטורעלער און גייסטיקער הינזיכט. די דאָזיקע זאַכלאַגע לאָזט נישט, אַז איין צד זאָל זיך קענען פולשטענדיק אויסלעבן אין דעם קרייז פון דעם צווייטן צד. דעריבער מוז קומען אַ סעפּאַראַטע אָרגאַניזירונג פון די תימנער אין אַ פאָרעם וואָס זאָל זיין נאָענט צו זייער גייסט און זייערע באַגריפן.

וואָס אַן אמת — צוליבן מאַנגל אין סאָלידאַריטעט און קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש איז נישט אַזוי לייכט צו ברענגען די תימנער צו זעלבסט־אָרגאַניזירונג. דאָס איז אַ טרויעריקער צושטאַנד און מען מוז אים ענדערן. כל זמן די מער אַנטוויקלטע עלעמענטן צווישן די תימנער — מיט דער הילף פון אויסערלעכע פאַקטאָרן — וועלן נישט געפינען קיין וועג ווי אַזוי צו פאַרייניקן די עדה, וועט שווער זיין צו לייזן זייערע פּראָבלעמען.

זייער אייניקונג איז נויטיק אויך ווי אַן עטאַפּ צו זייער נאַטירלעכן אָב־שלוס אַן דעם אַלגעמיינעם אָרגאַניזירטן נאַציאָנאַלן ישוב אין לאַנד. עס קען זיין, אַז ביז דעם דאָזיקן אָנשלוס וועט דערווייל די סעפּאַראַטע אָרגאַניזירונג פון די תימנער שטאַרקן זייער קאָנסערוואַטיזם, אָבער דאָס וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן: די פּראָצעסן פונעם נייעם לעבן וועלן אָן ספק משפיע זיין אויך אויף די תימנער. און אין דער צווישנצייט וועט זייער אָרגאַניזירן זיך ברענגען אַ סך נוצן. אויף וויפיל זיי וועלן אויפהערן צו זיין „רוי־מאַטעריאַל" אין געזעלשאַפטלעכער הינזיכט, אויף וויפיל זיי וועלן זיך דערהייבן צו זעלבסט־אָרגאַניזירטקייט, זעלבסטהילף און זעלבסט־טעטיקייט, וועלן זיי פריער אָדער שפּעטער אַנטוויקלען אין זיך אַ סאָציאַלן באַוווסטזיין און אַ רעאַלע אויפפאַסונג פון זייערע אינטערעסן. און דאָ וועט געשאַפן ווערן די באַזע פאַר פאַרשטענדיקונג און דערנענטערונג צווישן די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע גרופּן.

פאַראַלעל צו דער דאָזיקער זעלבסט־אָרגאַניזירונג פון די תימנער דאַרף געפירט ווערן די טעטיקייט „אויפצוהייבן זייער קולטורעלן ניוואָ" און אַזוי־אַרום וועט מען זיך טרעפן אויף אַ געמיינזאַמען באָדן. דאַרף מען די קעגנזיי־

טיקע דערנענטערונג ווי ווייט מעגלעך פאַרשנעלערן און דורך דעם אויסמיידן די שאַפונג פון אַן אָפּגרונט — אַזאַ ווי צווישן די אַשכנזים און ספרדים.

***

אויף צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון די תימנער פאָדערט זיך גע־וואַלדיקע ענערגיע און אויסעראָרדנטלעכע פאַראינטערעסירונג מצד פאַרשיי־דענע קרייזן און אַנשטאַלטן אין לאַנד, אין דער ערשטער ריי — מצד דער יידישער אַרבעטערשאַפט וואָס איר ציל איז: אויסטרעטן אַ וועג פאַר יידי־שער אַרבעט.

---

# דער סך־הכל פון אַ קאַפּיטל

(געשריבן אין יאָר 1918).

ס'איז שוין בערך צען יאָר זינט די ערשטע גרופּע תימנער איז געקומען קיין ארץ־ישראל און איז אַוועק אויף לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין רחובות. די דאָזיקע גרופּע האָט געעפנט דעם וועג פאַר אַ נייער גרויסער עליה פון תימן.

אין משך פון די צען יאָר האָבן זיך געשאַפן נאָענטע פריינטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען צווישן דער אַרבעטערשאַפט און די אָנגעקומענע האָרעפּאַש־ניקעס פון תימן. אייגנטלעך ציען זיך די פאַרבינדונגען נאָך פון פריער. נאָך אין יאָר 1909, אויף אַ קאָנפערענץ פון „הפועל הצעיר“, האָט צבי יהודה געפאָדערט צו סטימולירן אַן עליה פון תימן: „מיר דאַרפן רופן צו אונדז דעם דאָזיקן אָריענטאַלישן עלעמענט וואָס וועט אונדז העלפן דעראָבערן די אַר־בעט“.

די עולים פון תימן האָבן מיר אויפגענומען מיט ליבע און האָבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט זייער איינאָרדענונג אין לאַנד. מיר האָבן אַזוי גע־האַנדלט ווייל מיר פילן צו זיי אַ טיפע סימפּאַטיע, ווייל עס פאַרפליכטעט אונדז דער געפיל פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. און, איבערהויפּט, ווייל מיר אנערקענען זייער ווערט, ווי הילפס־קראַפט אויפן געביט פון כיבוש עבודה, ווי סוביעקטן פון דעם „פאַרבאַדינג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם.*)

אַ סך כוחות האָט דער „הפועל הצעיר“ אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט לטובת די תימנער און צווישן די תימנער, אָנהייבנדיק מיט אויפנעמען די עולים און איינאָרדענען זיי אויף אַרבעט אין רחובות און ענדיקנדיק מיט אַ

---

*) פראַגראַם פון „הפועל הצעיר“ (אויך מאָטאָ פון זשורנאַל „הפועל הצעיר“): „די פאַרגרעסערונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל און איר אַבסאָרבירינג אין אַלע אַרבעטס־צווייגן — איז אַ פאַרבאַדינג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם“.

פּרוּוו צו שאַפן פאַר זיי אַ באַזונדערע ליטעראַרישע טריבונע („קול העם״; 1913), ווי אויך צו בילדן אַ פּאַרטיי פון תימנער („צעירי המזרח״ — אין יפו און די אַרומיקע קאָלאָניעס).

די דאָזיקע טעטיקייט פון „הפּועל הצעיר״, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר האַרציקייט, האָט ענג פאַרבונדן די פּאַרטיי מיט די תימנער און גע־וווּנען זייער פולן צוטרוי.

נאָך דער רייזע פון ש. יבנאלי קיין תימן, ווען די עליה פון דאָרטן האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, זיינען אין דער אַרבעט לטובת די תימנער אַריינגעצויגן געוואָרן אויך אַלע אַנדערע אַרבעטער־שאַטירונגען. אויף וויפיל די תימנער זיינען געוואָרן לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער זיינען אויפגעקומען געמיינזאַמע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן. זיי — די תימנער — זיינען אַלץ מער אָנגעקומען צו דער הילף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט און אַזוי אַרום האָבן זייערע פּראָבלעמען פאַרנומען אַ שטענדיקן פּלאַץ אין די אַרבעטער־קאָנפערענצן און אין דער טעטיקייט פון די לאָקאַלע אַרבעטער־קאָמיטעטן. אויך אין דער אַרבעטער־פּרעסע האָבן זיך ברייט אָפּגעשפּיגלט די פּראָבלעמען פון די תימנער אין ארץ־ישראל. אין די יאָרן 1910 — 1914 זיינען כמעט אין יעדן נומער פון „הפּועל הצעיר״ געווען אָפּהאַנדלונגען וועגן די תימנער — זייער לעבן, ספּעציפישע פּראָבלעמען און אַבסאָרבירונג אין לאַנד.

נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז די געזעלשאַפטלעכע פּאַראינ־טערעסירונג מיט די תימנער שטאַרק געפאַלן, סיי מצד דעם ארץ־ישראל־אַמט, סיי אויך מצד דער אַרבעטערשאַפט.

דער אַלגעמיינער קריזיס אין לאַנד האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן אין די קרייזן פון דער דעמאָקראַטישער אַרבעטערשאַפט. די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע און די טונקעלע פּאָליטישע קאָניונקטור האָבן אַראָפּגעשלאָגן די אַר־בעטערשאַפט פון וועג און אויפגעטרייסלט אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע יסודות. זי האָט געמוזט צונויפנעמען אַ שפּאָר ביסל כוחות כדי צו שיצן אי זיך אַליין, אי די גרונט־פּרינציפּן פון דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַוווסטזיין אין דער ארץ־ישראלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן די פאַרביג־דונגען מיט די תימנער און דאָס אָפּגעבן זיך מיט זיי. דאָך זיינען אויך דאָן געווען מערערע פאַלן פון קאָאָפּעראַציע מיט די תימנער. די אַרבעטער־קאָ־מיטעטן, וואָס האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט, האָבן געזאָרגט אויך פאַר די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון די תימנער. פון מאָל צו מאָל פלעגן אונטערגענומען ווערן ספּעציעלע אַקציעס צו פאַרלייכטערן די שרעקלעכע סאַניטאַרע באַדינגונגען ביי די תימנער אין פּתח־תקוה, שומרון און גליל. מען האָט זיך אויך פאַרנומען — און זייער האַרציק — מיט דער דערציאונג פון די תימנישע קינדער. דאָך זיינען עס געווען בלויז ספּאָראַדישע און צופעליקע

אַקציעס, פונקען וואָס האָבן די פינצטערניש נישט באַלויכטן. דער סטעמפּל פון קריזיס איז געלעגן אויף די דאָזיקע טעטיקייטן. אין די קריזיס־צייטן זייַנען די תימנער געבליבן אויסגעשטעלט אויף זיך אַליין, עלנט און אײנזאַם אין זייערע ליידן.

ווי אַזוי האָבן זיך די תימנער אויסגעלעבט אין פאַרלויף פון די 4 קריזיס־יאָרן? דער ענטפער איז: זייער שווער. ביז צום קריזיס האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צוצופּאַסן צו די אַרומיקע באַדינגונגען. מיט דער ספּעציפישער תימנישער אַרבעטסזאַמקייט און פלייסיקייט פון מוראַשקעס האָט זיך יעדער איינער פון זיי אָפּגעגעבן מיט זיין ווינקל — מיטן ברעקל ערד אין דער גרויס פון אַ האַלבן דונאַם. און אין אַלגעמיין האָבן זיי אויסגעפירט ביי אונדז די ראָל פון די ביבלישע „גבעונים" — פון „האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער". דאַרף מען האָבן לאַנדווירטשאַפטלעכע לוין־אַרבעטער — נעמט מען זיי פון דעם תימנער־קוואַרטאַל; איז עמיצן נויטיק אַ שליח — פאַר אַ גאַנצער אָדער אַ ווייטער צופוס־שליחות — זוכט ער אים אין דעם תימנער־קוואַרטאַל; דער דאָזיקער קוואַרטאַל איז כמעט דער איינציקער אָרט, וווהין עס קומען קאַלאַניסטן און סתם בעלי־בתים צו דינגען פרויען און מיידלעך — אפילו ניין־יאָריקע מיידלעך — ווי דינסטן.

אָט דאָס איז דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער סאָציאַלער פּאָזיציע פון דעם „תימנער פאָלק" אין אונדזער געזעלשאַפט. אַזאַ פּאָזיציע שאַפט נאַטירלעך אַן אַנטשפּרעכנדיקע באַציאונג און ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קריזיס איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז די תימנער זייַנען „סייווי געוווינט צו באַגרענעצן זיך", צו „באַנוגענען זיך מיט ווייניק", צו „עסן דעם ערגסטן ברויט". און אויב אַזוי איז „נישט שרעקלעך", אויב מען וועט זיי געבן בלויז צוויי־דריי אַרבעטס־טעג אין דער וואָך. מען האָט אפילו אָנגענומען, אַז אפילו אין די קריזיס־טעג שפּאָרט דער תימנער פון זיינע „הכנסות". האָט מען טאַקע כמעט אַלע תימנער אויסגעמעקט פון די ליסטעס פון די הילף־באַדערפטיקע.

אַזוי האָט אויסגעזען אויפן עקאָנאָמישן געביט. אָבער פיל ערגער איז געווען די לאַגע פון די תימנער אין די טעג פון די טערקישע גירושים. דער תימנער איז געווען דער ערשטער — און טיילמאָל דער איינציקער — קרבן מיט וועלכן די קאָלאָניעס האָבן מכפּר געווען די גזירה פון די גירושים. די אַרויסגעשיקטע תימנער האָבן איבערפולט די באַן־סטאַנציעס פון ראש־העין און עפולה און זייַנען מאַסנווייז אויסגעשטאַרבן אויף די ברעגן פון כנרת... און קיינער האָט קיין פּיפּס נישט געגעבן. קיין פּרעסע איז נישט געווען! קיין געזעלשאַפטלעכע מיינונג האָט נישט עקזיסטירט, דער שטענדיקער וועקער — דער אַרבעטער — איז געווען מאַכטלאָז און איינגעשרומפּט אין זיך אַליין... בלויז איינמאָל האָט זיך דער פאַרייניקטער אַרבעטער־קאָמיטעט, וועלכער האָט עקזיסטירט אין דער קריזיס־עפּאָכע, אַריינגעמישט און גע־

שיקט דעם חבר ש. יבנאלי אין די קאָלאָניעס, צו אינטערוועניִרן און ווי ווייט מעגלעך אָפּצוהאַלטן די גירושים פון די תימנער.

אַזוי האָבן אויסגעזען די פיר קריזיס־יאָרן אינעם לעבן פון דעם „תימ־נער פאָלק"... זיי האָבן אָנגעהויבן דעגענערירן פיזיש און גייסטיק, זייער דערגאַנגען צום ראַנד פון פאַרצווייפלונג און האָבן אָנגעהויבן אָפן צו ריידן וועגן צוריקקער קיין תימן...

נאָך דער מלחמה איז לייכטער געוואָרן. עס איז געקומען פּראָספּערי־טי אויך פאַר דער דעמאָקראַטישער אַרבעטערשאַפט און אירע אָרגאַניזירטע קרייזן. נאַטירלעך האָבן געדאַרפט דערביי צוריקגעשטעלט ווערן די נאָרמאַלע באַציאונגען מיט די תימנער. מיר האָבן זיך אַליין אויפגעפאָדערט דערצו, אָבער עס זיינען געקומען פאָדערונגען אויך מצד די תימנער. אין זיין בריוו צום צענטראַל־קאָמיטעט פון „הפועל הצעיר" האָט געשריבן דער פירער פון די תימנער — א ב ר ה ם ט ב י ב: „אין דער פינצטערניש, וואָס איז באַפאַלן דעם ישוב אין די לעצטע יאָרן, האָבן מיר גאָרנישט פאַרלאַנגט. איצט אָבער האָט דער טאָג זיך צעלויכטן און די זון האָט זיך צעשיינט — טאָ וואַכט אויף, שלאָפט נישט, גענוג געשלאָפן! קומט צו אונדזער הילף און פאַרנעמט זיך מיט אונדז". באַלד אויף מאָרגן (כ"ג אדר, תר"עח) האָט זיך דער צענטראַל־קאָמיטעט געווענדט צום ארץ־ישראל־אַמט און געפאָדערט, צו־זאַמען מיט דער באַנייאונג און אויסברייטערונג פון דער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט, צו פאַרנעמען זיך אויך מיט די ענינים פון די תימנער — „דעם עלע־מענט וואָס האָט געבראַכט אַזויפיל נוצן און האָט אַזוי באַרעכטיקט די האָפע־נונגען". „מיר דאַרפן באַטראַכטן די תימנער — שרייבט ווייטער דער צ. ק. — נישט נאָר ווי לוין־אַרבעטער, נאָר אויך ווי אַן עלעמענט וואָס איז פעאיק צו זעלבסשטענדיקער אַרבעט".

די פאַרבעסערטע עקאָנאָמישע לאַגע וועט אין אַ געוויסער מאָס פאַר־בעסערן די שטימונג צווישן די תימנער און אָפּשוואַכן די אָנגעזאַמלטע פאַר־ביטערונג. אָבער מאַטעריעלע פאַרבעסערונג אַליין איז נישט גענוג. די תימ־נער דאַרפן פון דאָס ניי דערשפּירן די קאָאָפּעראַציע צווישן אונדז און זיי. זיי דאַרפן אונדז — די אַרבעטער און די יונגע פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין ישוב — ווידער זען ווי זייערע נאַטירלעכע פריינט און פאַרבינדעטע.

---

## די תימנער און די אַרבעטער־באַוועגונג

(געשריבן אין יאר 1944).

צוויי און צוואַנציק טעג אין טבת תש"ד איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַן אָפּמאַך וועגן דעם אַריינטריט פון די תימנער אַרבעטער — מיטגלידער

פון דער „הסתדרות התימנים" — אין דער הסתדרות. דער אָפּמאַך האָט אַרויסגערופן גרויס צאָרן אין געוויסע קרייזן פונעם ישוב און אין דער אַנטי־הסתדרות־פּרעסע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורמישע העצע קעגן דעם אָפּמאַך און זיינע אונטערשרייבער. אויפגערעגט פון דעם „אומגליק", האָבן פאַרשיידענע פריש־געבאַקענע „פּאַרזאָרגער" פון די תימנער געטענהט, אַז די הסתדרות־עסקנים האָבן זיך דאָ שטאַרק געאיילט, זוכנדיק אַ לייכטן נצחון מיט דער הילף פון אַזאַ מין אָפּמאַך. מיר קענען זיי באַרואיקן: די דאָזיקע „געאיילטקייט" דויערט שוין באַלד 13 יאָר, אַזוי לאַנג האָבן זיך געצויגן די אונטערהאַנדלונגען צווישן אונדז און דער „התאחדות התימנים". איצט זיינען מיר ענדלעך געקומען צו אַ הסכם, וועלכער איז געבויט אויף טריישאַפט צו די אינטערעסן און אויפגאַבן פון דער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד און אויך אויף פרייהייט פון זעלבסטבאַשטימונג פון די וואָס שליסן זיך אָן אין דער הסתדרות.

מיטן אָפּמאַך איז צעשטערט געוואָרן די מחיצה צווישן די נאַטירלעכע פאַרבינדעטע. די דאָזיקע פאַרבונדנקייט איז פאַרדאָקומענטירט געוואָרן אין דער תימן־ליטעראַטור. פאַראַן שוין אַזאַ ליטעראַטור: די צוויי ביכער פון אברהם טביב — „גלות תימן" און „שבי תימן"; דער זאַמלבוך פון ישראל ישעיהו און שמעון גרידי — „מתימן לציון"; די בראָשור פון שושנה בלאָוו־שטיין — „עלי תימן", און איבערהויפּט די בריוו פון ש. יבנאלי פ ו ן תימן און וו ע ג ן תימן. פון יעדן בלאַט און פון יעדער שורה קוקט אַרויס דאָס לעבעדיקע עדות־זאָגן וועגן דעם נאַטירלעכן בונד צווישן אונדז און דער תימנער עליה. איך — איינער פון די אָפּמאַך־אונטערשרייבער — האָב אָנגעהויבן מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין ארץ ישראל, מיט צענדליקער יאָרן צוריק, דערמיט וואָס דריי טעג נאָך מיין קומען קיין ארץ־ישראל בין איך באַאויפטראַגט געוואָרן צו באַגלייטן אַ נאָר וואָס אָנגעקומענעם טראַנספּאָרט תימנער קיין ראשון לציון. פון דאַן אָן ציט זיך מיין פאַרבינדונג מיט זיי.

צוליב דריי זאַכן האָבן מיר זיך פאַרבונדן: 1) צוליב זייער שטראַלן מיטן גייסט פון ישראל; 2) צוליב זייער באַגער צום לאַנד פון ישראל; 3) צוליב זייער אַרבעטן אויף דער ערד פון ישראל.

די דאָזיקע פאַרבינדונג האָט געפירט פון דעם תימנער־קוואַרטאַל אין ראשון־לציון ביז צו דער הסתדרות. און איצט, מיטן אונטערשרייבן דעם אָפּ־מיטן טראַדיציאָנעלן „ברוכים הבאים", נאָר מיט „געגריסט זאָלן זיין די צו־מאַך, וועלן מיר די ניי־צוגעקומענע חברים פון דער הסתדרות באַגריסן נישט ריק פאַרייניקטע". די תימנער, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך זיי־נען שוין לאַנג מיט אונדז, זיי האָבן זיך נאָך באַטייליקט אין דער ערשטער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות. עס איז אָבער געשען וואָס ס'איז געשען און מיר האָבן זיך דערווייטערט. ביידע צדדים זיינען שולדיק אין דער דערווייטער־

רונג, אָבער אונדז אינטערעסירט און מאַטערט — א ו נ ד ז ע ר שולד. עס זיינען געווען גענוג סיבות דערצו, נאָר דאָס ענדערט נישט דעם פאַקט, אַז גאַנץ אָפּט זיינען מיר נישט גענוג עמפּינדלעך און נישט גענוג פּאַרזיכטיק. און דאָך, נאָך דעם אַלעמען וואָס ס'איז פאָרגעקומען צווישן אונדז און דער התאחדות התימנים, האָבן מיר קיינמאָל נישט שלום געמאַכט מיטן איבער־רייסן די פאַרבינדונגען. און געהאָלפן האָבן אונדז די יונגע תימנער, וועלכע זיינען מיטגלידער אין דער הסתדרות. אַזוי אַרום האָט זיך אָפּמאָך דערפילט די טיפע ווונטשן פון ביידע צדדים.

מיטן חתמענען דעם אָפּמאַך האָבן מיר אויף זיך גענומען גרויסע פאַר־פליכטונגען קעגנאיבער די תימנער, וועלכע ווילן אַרבעטן און וועלכע ווילן באַזעצן זיך אויף דער ערד. קענען — קענען זיי דאָס. עס האַלטן זיך ביי זיי אין איין פונאַנדערוואַקסן טאַלאַנטן פאַר אַרבעט, פאַר קונסט און קולטור־טע־טיקייט. עס זיינען פון זיי אַרויסגעקומען וויכטיקע כלל־טוער, ליטעראַטן, פּאָעטן און קינסטלער. 1.500 תימנער האָבן זיך — אויפן רוף פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס — מאָביליזירט פאַר דעם יידישן קריג קעגן היט־לערן. און אָט האָבן מיר פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט דערהאַלטן אַ וווּנדערבאַרע פּאָסט־קאַרטל: אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ גרופּע תימנער זעלנער — מיט אַ תימנער סערזשאַנט אין זייער שפּיץ — געפאַנגענע דורך די דייטשן אויפן אינדזל קרעטאַ, גריכנלאַנד. דאָס קאַרטל ברענגט אַרויף אויפן זכרון אוראַלטע צייטן, די מלחמה פון יוסף דע־גואַס, דער יידישער פירשט פון תימן, וועגן וועלכן גרעץ דערציילט, אַז „ער האָט געזען די ליידן פון זיינע יידישע ברידער אין דער רשעותדיקער ביזאַנטישער אימפּעריע, האָט זיך אין אים צעפלאַקערט דער גרימצאָרן, ער האָט זיך אָנגענומען זייער קריוודע און איז געגאַנגען נוקם זיין זיך פאַר זיי"...

דער תימנער שבט באַרייכערט אונדזער נאַציאָנאַלע שאַפונג און די הסתדרות וועט דאַרפן אַרויסברענגען און פלעגן אַלע ספּעציפישע אייגנ־שאַפטן פון די תימנער.

די התאחדות־התימנים פון איר זייט האָט פאַרעפנטלעכט אַן ענטפער צו די פאַרלוימדער; דאָרטן ווערט, צווישן אַנדערן, געזאָגט: „וויכטיקע פּראַק־טישע באַדערפעניששן פון דער עליה האָבן אונדז געבראַכט צו אַ פאַרשטענדי־קונג און פאַראייניקונג מיט דער „הסתדרות"...

מיר ווילן נאָך זאָגן צו די חברים פון דער הסתדרות: דער טאָג פון אונ־טערשרייבן דעם אָפּמאַך וועט פאַרבלייבן אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכ־טע פון דער הסתדרות, אַ דאַטע פון אַן עקזאַמען פאַר אונדזערע מעגלעכ־קייטן און פעאיקייטן אין באַצוג צו די יידישע מאַסן פון די מזרח־לענדער, וואָס זייער עליה שטייט איצט אויף אונדזער טאָג־אָרדענונג.

# צו נאָענטע און צו ווייטע

## צו אַן אָפּענסיווע פאַר רעכט אויף אַרבעט

(דערעפענונגס־וואָרט אויף דער קאָנפערענץ פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין פוילן; 1929).

נאָך מיין פריערדיקן באַזוך אין פוילן בין איך געווען אין ארץ־ישראל און האָב געזען וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט דאָרט געמאַכט די ידיעה וועגן דעם הסכם פון אייערע פאַרטייען צונויפצורופן די דאָזיקע קאָנפערענץ. די ידיעה האָט אַרויסגערופן פרייד, גלייך אַ שטיין וואָלט אַראָפּ פון האַרצן. קען זיין, אַז עס איז דורך דעם אויך באַזייטיקט געוואָרן אַ שטיין פון דעם וועג וואָס פירט צו דער פאַרייניקונג פון די אַרבעטער־פאַרטייען אין ארץ־ישראל.

עס איזווירקלעך אַ פרייד צו זען די דאָזיקע אימפּאָזאַנטע קאָנפערענץ מיט אירע הונדערטער דעלעגאַטן פון פוילישע שטעט און שטעטלעך, יענע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן געשיקט נישט נאָר דעלעגאַטן צו דער קאָנ־פערענץ, נאָר — איבערהויפּט — יונגע כוחות קיין ארץ־ישראל, חלוצישע אַרבעטס־כוחות.

מיר געהערן אָבער נישט צו די שמחים בחלקם, צו די וואָס באַנוגענען זיך מיט ווייניק. פאַרדריסט אונדז וואָס עס פעלן נאָך דאָ אַלע יענע עלע־מענטן וואָס דאַרפן דאָ זיין.

עס פעלן אונדז דאָ — די „לינקע פועלי־ציון". די דאָזיקע פאַרטיי האָט אָפּגעהיט איר העברעאישן נאָמען און האָט פאַרטושט און פאַרלאָרן דעם אינהאַלט פון איר נאָמען.

און עס פאַרדריסט אונדז וואָס דאָ באַטייליקן זיך נישט חברים פון דער ערשטער יידישער אַרבעטער־פאַרטיי אין גלות. עס איז דער היסטאָרישער פאַרדינסט פון „בונד", וואָס ער האָט אויפגעהויבן דעם כבוד פון דער אַרבעט און פון דעם יידישן אַרבעטער אין פאָלקס־לעבן פון גלות. עס איז אָבער זיין היסטאָרישע שולד, וואָס ער וויל נישט זען און אַנערקענען די פרייע שאַפונג פון דעם יידישן אַרבעטער, וואָס האָט אייפגעשטעלט אַ זעלבסטשטענדיקן יידישן אַרבעטס־צענטער אין ארץ־ישראל. דאָס האָבן די בונדישע פירער, וואָס ציטערן פאַר אונדזער השפעה אויף זייערע מאַסן, אויפ־געשטעלט אַ וואַנט צווישן אונדז און די דאָזיקע מאַסן; זיי פאַרשליסן פאַר זיי טיר און פענצטער און שרעקן זיי מיט כלומרשטע געפאַרן מצד דעם ציור־ניזם. זיי שרעקן זיי ווען עס שטאַרקט זיך די פאָלקס־עליה, ווען עס קרעפּ־טיקט זיך די חלוצישע באַוועגונג, אָדער ווען עס קומט צום אויסדרוק די טיפע

סימפּאַטיע פון פאַרטרעטער פון וועלט־סאָציאַליזם צו אונדזער ווערק, ווי, למשל, איצט, ווען עמיל וואַנדערוועלדע באַטייליקט זיך מיט אונדז דאָ, אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ. איך האָב היינט געלייענט אין דער בונדישער צייטונג די פאָלגענדע שורות: „פאַר וואַנדערוועלדען — ווי פאַר אַ סך סאָציאַליסטן פון מערב־אייראָפּע — איז דאָס יידישע פאָלק אָן עדה קרעמער, באַנקירן, פאַבריקאַנטן, דימענטן־הענדלער, און דערצו — אָרימע, פּנימלאָזע מאַסן, און אַז וואַנדערוועלדע האָט באַזוכט ארץ־ישראל און האָט דאָרטן געזען די „פּאָטיאָמקין־דערפער“,*) האָט געזען, ווי אַזוי אידעאַליסטישע מענטשן טוען קאָטאָרזשנע אַרבעט, איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן און געשריבן אַזוי ווי ער האָט געשריבן“...

פרעגט זיך: וואָ־זשע איז דער „בונד“, וואָס פּרעטענדירט צו זיין „דער איינציקער פאָרשטייער“, דער כלומרשטער מאָנאָפּאָליסט פון דעם יידישן סאָציאַליזם? פאַרוואָס האָט ע ר נישט אויפגעקלערט די מערב־סאָציאַליסטן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט בלויז „אַ פאָלק פון קרעמער, הענדלער און אָרימע, פּנימלאָזע מאַסן“? דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז, אין גרונט גענומען, אַ מערב־אייראָפּעאישער; דער „בונד“ עקזיסטירט שוין 32 יאָר — איז אָ ט ד אָ ס דער רעזולטאַט פון זיין אויפקלערונג וועגן דעם כאַראַקטער און אינטערעסן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן? אָט אַזוי אַ האָט עס דער „בונד“ מקדש געווען דעם שם פון יידישן פאָלק אין דער וועלט פון אינטערנאַציאָנאַלן געדאַנק? די בונדישע מאַסן וועלן אויך זיכער פרעגן זייערע פירער, פאַרוואָס האָבן זיי, די פירער, נישט באַוויזן צו דערגרייכן אין 32 יאָר דאָס, וואָס די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט האָט דערגרייכט אין די נאָך־מלחמהדיקע 8־10 יאָר אויפן געביט פון פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע פאַרן יידישן פאָלק מצד דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם?

אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין און צי וועלן די בונדישע פירער וועלן אָדער נישט וועלן — מיר וועלן אויף די חברים פון „בונד“ און אויף זייער אָנשליסן זיך אין אונדזער באַוועגונג און טעטיקייט נ י ש ט מוותר זיין!

וואָס וועט אָפּעלירן צו זייער האַרץ? אויף דעם האָט שוין אַמאָל א. ד. גאָרדאָן געענטפערט: „די אַרבעט וועט אָפּעלירן“ די אַרבעט, דער טאַט, די שאַפונג וועלן אַפּעלירן. דער יידישער אַרבעטער אין אַמעריקע האָט שוין לאַנג אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דעם אַפּעל. דאָס זעלביקע וועט אויך געשען מיטן יידישן אַרבעטער אין פּוילן...

די פּלאַטפאָרם פון דער ה ס ת ד ר ו ת צו דעם פאָרשטייענדיקן אַרבעטס־קאָנגרעס פאַר ארץ־ישראל, ווי אויך צו די לאַנד־קאָנפערענצן, אַנט־

---

*) קינסטלעכע מוסטער־דערפער, וואָס פירשט פּאָטיאָמקין האָט אויף דער גיך אָנגעבויט אין דרום־רוסלאַנד, אין דער דערוואַרטונג פונעם באַזוך פון דער צאַרין יעקאַטערינע „די גרויסע“.

האַלט דעם ווונטש צוצוציען אַלע אַרבעטנדיקע און האָרעפּאַשנע עלעמענטן צו דער באַוועגונג פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. דער ווונטש איז געווענדט אויך צו די האַנטווערקער, וועלכע זיינען דירעקט פאַראינטערעסירט אין דעם אויפבוי פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל — פאַר זיך אַליין און פאַר זייערע קינדער.

מיר באַדויערן וואָס דאָ זיינען נישטאָ מיט אונדז מערערע פאַרטרעטער פון די 8000 יידישע סטודענטן. ווו זיינען זיי? די נאַציאָנאַלע און כאַציאַלע ברויזונג אין אונדזער באַוועגונג דאַרף אויפטרייסלען אויך די סטודענטן־מאַסן און ברענגען זיי צום דינסט פון דער חלוצישער שטרעבונג און פון דער אַרבעטער־שאַפונג אין ארץ־ישראל.

וואָס איז דער ציל פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ? די הסתדרות האָט פּראָקלאַמירט דאָס צונויפרופן אַן אַלוועלטלעכן אַרבעטס־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. די אויפגאַבע פון קאָנגרעס איז, אויפצווועקן נייע כוחות און צו פאַרשטאַרקן דעם כוח פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־שאַפט. די אויפגאַבע פון דער קאָנפערענץ אין פוילן — גלייך ווי פון די קאָנפערענצן אין אַנדערע לענדער — איז מיטצוהעלפן אין דער פאַרווירקלעכונג פון דעם באַשלוס וועגן דעם אַלוועלטלעכן אַרבעטס־קאָנגרעס און פון דער אַנדער זייט — צו פאַרפעסטיקן דאָ אויפן אָרט די רעגולערע טעטיקייט לטובת דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

די דאָזיקע קאָנפערענץ באַשטייט פון פאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און פאַרשיידענע שטרעמונגען. דאָס זיינען פאַרשיידענע שאַלעכצן, אָבער אונטער זיי געפינט זיך דער קערנדל פון דעם איינציקן און פאַרייניקנדיקן אמת: דער ווילן צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם דורך דער שאַפונג פון אַ צענטער פאַר יידישער אַרבעט און קולטור אין ארץ־ישראל; דער ווילן אויפצושטעלן אַ יידישע אַרבעטנדיקע מדינה — פאַר מאַסן־עליה און פאָלקס־קאָלאָניזאַציע. און זאָלן די שאַלעכצן נישט שטערן דער אייניקונג פון אַלע כוחות וואָס זיינען טריי די אידייען און דעם וועג פון דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל.

מיטן פּראָקלאַמירן דעם אַרבעטס־קאָנגרעס האָבן מיר אָנגעזאָגט אַן אָפענסיווע אויף דער יידישער גאַס — צו דעראָבערן די יוגנט, דעם גאַנצן יונגן דור, פאַרן ציוניזם און דער אַרבעטס־באַוועגונג, ווי אויך צו סטימולירן און אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין די גלות־לענדער, צו דערהייבן די ענערגיע פון די האָרעפּאַשנע מאַסן און אַרויסברענגען די קולטור־פּאָטענצן פון דער יידישער אינטעליגענץ — פאַרן גרויסן חלוצישן ווערק פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל.

די דאָזיקע קאָנפערענץ איז די פּראָקלאַמירונג פון דער אָפענסיווע אויף דער יידישער גאַס אין פוילן.

---

יוסף שפרינצאַק

# אַ בריוו צו מאַרטין בובער

דיינע פאַרערער און טרייע פריינט האָבן זיך צוגעאײלט און פּראָקלאַמירט זיין פופציק־יאָריקן יובילײ. „מאַרטין בובער" איז אַזאַ לעבעדיקער, שפּרודלדיקער באַגריף, אַז עס קוקט אויס אויסטערליש איינצופאַסן דעם דאָזיקן נאָמען אין אַ ראַם פון אָפּשאַצונגען און רעזומירונגען און דורכפירן אַ גרענעץ צווישן אים און די פליסנדיקע שטראָמען פון דער צייט. אָבער די פאַרערער האָב דאָך שוין פּראָקלאַמירט, בלייבט מיר מער נישט איבער, ווי אויך אַריינצושטופן זיך אין כאָר אַריין. נאָר פון פּראָטעסט, וועל איך דיר נישט זינגען קיין יובילײ־דיטיראַמבן; פאַרקערט, איך וועל קומען מיט טענות צו דיר — איינעם פון די וויכטיקסטע מאַנער און געמאָנטע אונדזערע. מיינע ווערטער וועל איך ווידמען די טעג פון פּראַג — די טעג פון דער באַגעגעניש צווישן די פאַרטרעטער פון ארץ־ישראל, וואָס פאַרווירקלעכן, מיט די פאַרטרעטער פון גלות, וואָס רייסן זיך צו פאַרווירקלעכונג, — די ערשטע באַגעגעניש נאָך דער פעלקער־שחיטה און דעם שרעקלעכן חורבן פון די צעשפּרייטע יידישע ישובים.*)

זיכער געדענקסטו די טעג פון פּראַג, גלייך ווי מיר געדענקען דיינע רייד און איינדרוקן. „איך האָב זיך געפילט, אַזוי ווי איך וואָלט זיך צוריקגעקערט פונעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס" — האָסטו געזאָגט נאָך דער ערשטער „התאחדות"־קאָנפערענץ אין פּראָג. אונדזער באַגעגעניש איז אויסגעפאַלן גאָר נאַטירלעך, ווי אַ לאַנג דערוואַרטעטע. נאָך פאַר פּראַג, פון דער ווייטנס, האָבן מיר דיך געקענט און געשעצט, נאָר גאָר נאָענט ביסטו אונדז געוואָרן אין דער צייט פון דער מלחמה, בעת דו ביסט געשטאַנען אויף דער טריבונע פון "Der Jude" ווען דו האָסט געשאַפן און האָסט פאַרלאַנגט צו אַנטפּלעקן אין מערב די שטרעבונגען און אידייען פון דעם נייעם ייד — שטרעבונגען צו אַן אינהאַלטסרייכן און געשמאַקפולן לעבן פון אַ באַפרייענדיקער מענטשהייט.

אונדזער באַגעגעניש איז געווען נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך. עס האָבן זיך דאָרט אין פּראַג באַגעגנט — בובער מיט גאָרדאָנען... מיר האָבן דאַן גערעדט און דערגעדט זיך וועגן די געבאָטן פון דעם נייעם ט אָ ט אינעם יידישן פאָלק, וועגן דער באַנייאונג פון ציוניזם, דעם חלוצישן ווערק, דעם פאָלקסטימלעכן אינהאַלט פון דער יידישער אַרבעטס־קולטור אין ארץ־ישראל, דער שעפערישער עליה, דער זעלבסט־פאַרווירקלעכונג און וועגן די פּרינציפּן פון דעם נייעם לעבן אין ארץ־ישראל.

מיר זיינען זיך פונאַנדערגעפאָרן מיט אַ געפיל, אַז נאָך פּראַג דאַרף זיך עפּעס רירן — אין גלות און אין ארץ־ישראל. מיר האָבן געגלויבט, אַז עס

*) דא רעדט זיך וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה.

וועלן זיך צעשפּילן כוואַליעס — אין מזרח און אין מערב. אין מזרח האָט זיך טאַקע געריִרט: עס האָבן זיך געריִרט אייבצלנע און הונדערטער און טויזנטער און זייבען געגאַנגען קיין ארץ־ישראל. עס האָבן זיך געריִרט און געהויבן כוואַליעס פון יוגנטלעכקייט, פון מסירת־נפש און נייער יידישער פּאָטענץ — געשפּאַנטע דורך געוואַגטער, פּראַכטפולער אַנטשלאָסנקייט. אין מערב אָבער האָט זיך עס נישט געריִרט. עס זייבען געווען שפּראָצונגען פון אָנשטרענגונגען. אַפילו פון התלהבות — און נישט מער. און לאָמיר נישט באַהאַלטן: דווקא פון דעם קרייז פון דיין אוממיטלבאַרן איינפלוס איז געקומען נישט ווייניק אַנטוישונג. די כוחות, וואָס האָבן זיך שוין יאָ געריִרט, האָבן זיך צוריקגעקערט פון מיטן וועג — דעם שווערן, נישט אויסגעטראָטענעם וועג. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן ביז צו דער פּיליסטערישקייט און „ניכטערקייט" פון דעם „לינקן צענטער"*). דאָ איז בלויז געווען אַריבערגייענדיקע ראָמאַנטישע אַפעקטאַציע און שטימונג.

נאָך פּראָג האָבן מיר געוואַרט אויף דיר אַליין, בובער. עס זייבען געקומען טויזנטער תלמידים און עס האָבן פאַרפעלט לערער און וועגווייזער. גאָר־דאָן איז אויך אַוועקגענומען געוואָרן פון אונדז... האָט מען געוואַרט אויף דיר — דעם וואָס גיט פון זיין אייגענעם קוואַל און וואָס געניסט און גיסט זיך צונויף מיטן נייעם קוואַל, וועלכער שאַפט זיך אין ארץ־ישראל דורך ליידן און דורך שעפערישער דראָבערישער פאַרוואָרצלונג.

אַמאָל זייבען פירער און לערער געגאַנגען מיטן פאָלק אין גלות אַריין; איצט איז געקומען די צייט פאַר די פירער און לערער צו גיין מיטן פאָלק — קיין ארץ־ישראל. האָבן נאָך פּראָג טויזנטער צוהערער געוואַרט דאָ אויף דיין וואָרט... און דו ביסט נישט געקומען. עס זייבען זיכער געווען סיבות דערצו, אָבער דאָס ענדערט נישט דעם פאַקט...

מיר האָבן אין פּראָג געטרוימט וועגן אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט פאַר אַ קולטור, וואָס זאָל דערהייבן די מי פון די וואָס וואַגן, אָבער איר פּלאַץ פאַרנעמט נאָך דערווייל — די קאַטעדרע אין פראַנקפורט... דער שריפטלעכער Der Jude איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן מיר געמיינט, אַז וועט אויפקומען אַ Der Jude וואָס וועט מיטלעבן דאָס נייע לעבן אין ארץ־ישראל; לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דו בויסט גאָר אַ נייעם אָרגאַן — ווידער אין אַ פרעמדער שפּראַך — געווידמעט נישט אונדזער שאַפונג אין לאַנד, נאָר דעם וועלט־חשבון פון דער אַבסטראַקטער (*) "Die Kreatur"

עס זייבען געקומען שווערע טעג. אונדזער דרייסטקייט האָט זיך צוזאַ־

*) אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָגרעסיווע ציוניסטישע קרייזן, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1927, פאַרן פופצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס. עס האָבן צו איר געהערט די אַלגעמיינע ציוניסטן פון דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע.

**) אַן אַלגעמיינע דייטשע צייטונג וווּ בובער איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן.

מענגעשטויסן מיט די פעלדזן פון דערווירקלעכקייט; די פליגלען פון דער אילוזיע האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אין די קייטן פון דער ניכטערקייט; אומשטערבלעכקייט האָט זיך געראַנגלט מיט שטערבלעכקייט... און אין די איצטיקע זאַפטיקע טעג, ווען אַ חלוצישער דור שרייבט מיטן בלוט פון זיין האַרצן אַ לעבעדיקן און געוואַגטן ס פ ר ב ר א ש י ת, פאַרנעמסטו זיך גאָר מיט אַ נייער איבערזעצונג דיינער פון אונדזער אור־אַלטן „ספר בראשית", וועלכן מען קען שוין און וועלכער איז שוין זייט פאַרצייטנס איבערגעזעצט אויף שבעים לשונות.

מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט דעם ווערט פון אַזאַ בייטראַג צום קולטור־אוצר פון דער מענטשהייט. און דאָך? דאָך, וואָס האָט א ו נ ד ז ע ר מאַרטין בובער צו זאָרגן פאַר די פעלערן פון ז יי ע ר מאַרטין לוטער? אַט אין דעם דאַרפן מיר עס אַריינלייגן די ענערגיע, וועלכע איז אונדז אַזוי טייער? ליגט נישט אין דער דאָזיקער זאָרג פאַר באַרייכערן דעם דייטשן קולטור־אוצר אַ שווער־דריקנדיקער סימבאָל? ווייזט דאָס נישט, אַז עס זיינען פאַרגעסן געוואָרן די מצוות און פליכטן אין באַצוג צו אונדזער פאָלק — פליכטן וואָס זיינען געווען אַזוי באַשיינפערלעך קלאָר אין די טעג פון פּראָג?

אין באַזעל, אויפן יובּיליי־קאָנגרעס, האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן — אויף אַ ווײַלע. ביסט געקומען קיין באַזעל מספיד זיין אחד־העם'ן. האָסטו אָבער מיטן דאָזיקן הספד יוצא געווען? אַט ד א ס זיינען דיינע פאַרבינדונגען מיטן אַרבעטנדיקן ציון אין דער איצטיקער שווערער שעה?

איך פיל, אַז מיט מיינע רייד זינדיק איך צו אַלע קאָנווענאַנסן. נישט אַזוי רעדט מען צו מענטשן אין טאָג פון זיין יום־טוב. אָבער דער אמת איז, אַז איך באַנעם גאָר אַנדערש דיין פּופּציק־יאָריקן יובּיליי. א'ך האָב דאָך שוין אויבן געזאָגט, אַז פאַר מיר איז בובער אַ לעבעדיקער, ברויזנדיקער באַגריף און אַז עס איז נאָך נישט געקומען די צייט אונטערצופירן אַ סך־הכול פון זיין לעבנס־ווערק. איך שטעל מיר פאָר פון דער ווייטן, אַז אין דעם דאָזיקן טאָג פאַרנעמסטו זיך נישט מיט רעזומירונגען, נאָר מיטן חשבון פון דיינע חובות און לעבנס־פאַרפליכטונגען. דערמאָן איך דיר, אַז דו האָסט נאָך נישט דערפילט דיינע פאַרפליכטונגען צו דער פּראָגער קאָנפערענץ.

פריינט בובער! דו פאָדערסט שטענדיק דעם אמת — גלויב איך, אַז דו וועסט אויפנעמען מיינע ווערטער ווי האַרציקע אמת־ווערטער, וואָס פליסן פון געטרייער פאַרערונג צו דיין פּערזענלעכקייט און וואָס זיינען אַ מאַנונג און אַ באַגריסונג צוגלייך.

---

# צו יצחק גרינבוים

(פון א בריוו).

...איך שטעל מיר דיך איצט פאָר, איך זע דיך אין אַלע באַקאַנטע סי־טואַציעס — פון די ערשטע טעג אין וואַרשע ביז צו די טעג פון ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך און איך ווער פול מיט פּראָטעסט קעגן דעם מאָדנעם פרווו אַריינצוונעמען אויך דיך אין פּאַנטעאָן פון די „יובילירטע". דערצו דאַרף מען דורכגיין אַ סאָלידקייט־מעטאַמאָרפאָזע און דו האָסט עס נאָך נישט דורכגע־מאַכט. נאָך יאָרן־לאַנג וועלן אומרו און קאָמפּראָמיסלאָזע אַקטיוויטעט באַ־גלייטן דיין וועזן און דעם וועזן פון דיין טעטיקייט, טראָץ אַלע יובילייִ־רע־זומירונגען.

אונדזער ערשטע באַגעגעניש איז אויסגעפאַלן אין שווערע טעג פאַרן ציוניזם. דאָס איז געווען אין די טעג פון „אוגאַנדע", נאָך דעם ווי הערצל האָט זיך אין דעם סולטאַנס רעזידענץ אָנגעשטויסן אויף אַן אייזערנער וואַנט וואָס האָט פאַרצוימט דעם וועג צו דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. און איצט שרייב איך די דאָזיקע שורות אויך אין אַ שווערער צייט, ווען ס׳זיינען דאָ אַזעלכע וואָס מיינען, אַז עס האָט זיך ווידער אָוועקגעשטעלט עפּעס אַן אייזערנע וואַנט אויפן וועג פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. אין די אוגאַנדע־טעג האָבן מיר געדאַרפט ראַטעווען דעם א י ד ע אַ ל, איצט ליגט אויף אונדז אַ שווערע זאָרג פאַר דעם ווערק אַליין, פ אַ ר ד ע ם פ אַ ר ווי ר ק ל ע כ ו נ ג ס ־ וו ע ג. אַוודאי זיינען מיר גליקלעך וואָס מיר שטייען שוין פאַר אַ וו י ר ק ל ע כ ן וו ע ר ק, אָבער אונדזער אַר־בעט איז איצט פיל שווערער, ווייל מיר געפינען זיך אין באַדינגונגען און צווישן פאַקטאָרן וואָס הענגען נישט אָפּ פון דעם ווילן פון אונדזער פאָלק.

מיר וועלן אפשר נישט זיין גאַנץ איינשטימיק אין דער אָפּשאַצונג פון דער איצטיקער סיטואַציע. איך נעם אָבער אָן, אַז גלייך ווי אַמאָל, אונטער־שיידן מיר זיך נישט אין דעם גרונט־געפיל. מיר זיינען זיכער אייניק אין באַצוג צו אונדזער אַלטער לאָזונג: „ אַ ן א ו מ ב אַ ד י נ ג ט ע ר ת נ א י פ אַ ר ד ע ר פ אַ ר ווי ר ק ל ע כ ו נ ג פ ו ן צ י ו נ י ז ם — א י ז ד י פ אַ ר מ ע ר ו נ ג א ו ן פ אַ ר פ ע ס ט י ק ו נ ג פ ו ן ד ע ם יי ד י ש ן פ אָ ל ק א י ן א ר ץ ־ י ש ר א ל". אונ־טער דער פאָן פון דער דאָזיקער לאָזונג האָבן מיר געקעמפט קעגן אוגאַנדיזם. דאָס איז אויך געווען די לאָזונג אין דער צייט פון „כיבוש העבודה". און איצט דאַרפן מיר מיט דער דאָזיקער לאָזונג און אַנטשפּרעכנדיקער טעטיקייט פאַרצוימען דעם וועג פאַר איבערגעאיילטע אויספירונגען — סיי מצד די מי־נימאַליסטן און סיי מצד די רעוויזיאָניסטישע פאַרפירערישע מאַקסימאַליסטן.

אין די טעג פון אוגאַנדע ביסטו געווען איינער פון די וואָס האָבן גע־וואַכט איבערן ריכטיקן אינהאַלט פון ציוניזם. איצט דאַרפסטו וואַכן איבערן

ריכטיקן גאַנג פון אונדזער טעטיקייט. איך גלויב אין דיין ספּעציפישן אַק־טיוויזם און איך פיל פון דער ווייטנס, ווי אַזוי — קעגנאיבער די שטורעמ־דיקע כוואַליעס ביי אונדזערע ברעגן — ראַנגלסטו זיך מיט די כוואַליעס פון דיינע געפילן.

איך דערמאָן זיך אין דעם אַלטן ליד „לא לנו המנוחה, לא לנו המרגוע" (נישט פאַר אונדז די רו, נישט פאַר אונדז דער אָפּרו). עס זיינען דיר טאַקע געוואָרן פופציק יאָר, אָבער — לא לנו המנוחה, לא לנו המרגוע!

---

# אַ רפואה פאַר דעם פאָלקס בראָך

(אַ באַגריסונג צו דער דריטער קאָנפערענץ פון „העובד הציוני", אין 1943).

מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער ערשטער קאָנפערענץ פון „העובד הציוני" — מיט זיבן יאָר צוריק — און איך האָב אויך דאָן געהאַט דעם כבוד צו באַגריסן אייך אין נאָמען פון דער הסתדרות. איך האָב דאָן געזאָגט: „מיר זיינען געקומען אַהערצו נישט כדי אָפיציעל צו באַגריסן אייך, נאָר מיטבאַ־טייליקן זיך אין אייערע באַמיאונגען צו פאַרפעסטיקן פאַר זיך אינהאַלט, כוח און אַרבעטס־מעגלעכקייטן אין דער הסתדרות". עס דאַכט מיר, אַז איצט דאַרפן מיר אייך קודם־כל באַגריסן מיט אייער דערפאָלג אין די דערמאָנטע באַמיאונגען.

אין די פאַרגאַנגענע זיבן יאָר האָט איר גובר געווען פאַרשידענע אינער־לעכע שטערונגען. איר האָט נאָכגעגעבן, איר האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון וואַקלעניש, ברוגזן און פּרעטענזיעס און איר האָט צונויפגעשלאָסן אייערע כוחות און פאַרנומען אייער געהעריקן אָרט אין דער הסתדרות.

מיט „גובר זיין די שטערונגען" וויל איך נישט זאָגן, אַז איר זייט גע־שטאַנען פאַר אָביעקטיווע שטערונגען — מצד דער הסתדרות אָדער פון אייער אייגענער זייט. מצד דער הסתדרות — דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציע — קענען נישט געמאָלט זיין קיין שטערונגען פאַר אַן אַרבעטער וואָס וויל מקיים זיין דעם ציוניזם, די גאולה פון יידישן פאָלק און די אויפריכטונג פון פאָלק דורך אַרבעט. די וואָס געהערן צום פּראָגרעסיוון אַלגעמיינעם ציו־ניזם, וועלכער האָט אַרויסגעבראַכט פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן — טייע־רע צו אונדז אַלעמען, די וואָס לערנען פון אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי משה גליקסאָן, די וואָס פּראָקלאַמירן די לאָזונגען פון „נאַציאָנאַלער פרייהייט, סאָ־ציאַלער גערעכטיקייט און רענעסאַנס פון דער העברעאישער קולטור", די אַלע קענען נישט ליידן פון גייסטיקע העמונגען ביי זייער אָנגעהעריקייט צו דער הסתדרות!

איר האָט ווארשיינלעך געדאַרפט איבערקומען אַן אַריבערגייענדיקן גע־פיל. אָבער אַריינטרעטנדיק אין דער הסתדרות האָט איר זיך איבערצייגט, אַז עס איז אין איר פאַראַן פלאַץ פאַר אַ פּאָזיטיוון שאַפונגס־קאַמף און אַז עס איז אומזיניק צו קומען סתם מיט קריגערישע פּרעטענזיעס וואָס אַנדערע האָבן זיך אַזוי געוואָרפן אויף זיי. די דאָזיקע „אַנדערע" זיינען זייער פלייסיק אין קלייבן און אַרויסשטעלן יעדן פעלער אין דער טעטיקייט פון דער הס־תדרות. איך וועל נישט זאָגן, אַז אַלץ אין דער הסתדרות איז אין דער בעס־טער אָרדענונג. אין אַ וועלט פון שווערן אויפקום, אין אַ פּראָצעס פון זאַמלען פּילפאַרביקע עלעמענטן וואָס בילדן דעם קיבוץ־גלויות, כדי צו שאַפן אַ גע־אייניקטן כוח, לאָזט זיך נישט האָבן „אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג". און דאָך האָט איר געזען, אַז אין דער הסתדרות איז נישט אַזוי שלעכט, און אַז אויך דאָס שלעכטע קען מען פאַרריכטן.

די קעגנער פון דער הסתדרות, די „חטאים־זאַמלער", באַמיען זיך אויס־צונוצן די „פּרעטענזיעס", כאַפּן זיך אָן און אַלאַרמירן וועגן „שרעקלעכע סכנות": דער „געשפּענסט" פון קלאַסן־קאַמף, דער „אַפּאַראַט", די „מאַכט", די הערשאַפט", די מחלוקת און פּאַרטיי־קאַמף אינערהאַלב דער אַרבעטער־שאַפט"... די זינד־זוכער, וואָס פאַרליימדן די אַרבעטער־באַוועגונג און וואַרפן איר פאָר „פאַרדאָרבענע מידות", וואָס באַשולדיקן זי אין אַריינברענגען שנאה און שפּאַלטערײַ אויף דער יידישער גאַס, וואָס טענהן, אַז מיט גיפטיקער פּאַרטײַיאישקייט ברעכט זי דעם ציוניזם, וועלכער צייכנט זיך כלומרשט אויס מיט אחדות־ריינקייט, גאַנצקייט און שלום — אָט די אַלע צדיקים אין פּעלץ דראַפּען זיך גלאַט אויף גלייכע ווענט, אָן אַ יסוד און אָן אַן אַנהאַלט. איך האָב פיינט דעם אַזוי פּאָפּולערן זאַץ „ויכוח נוקב תהומות" — אַ ויכוח וואָס עגבערט ביז צום אָפּגרונט. איך פיל, אַז דער עיקר איז דאָ נישט דער ויכוח, נאָר דאָס „עגבערן" — עגבערן נישט „אָפּגרונטן", נאָר באַציאונגען, געפילן, מענטשלעכן כבוד. דער דאָזיקער זאַץ איז אַ גילגול פון „מחלוקת לשם שמים", וואָס אַ דאַנק אונדזער „ליבהאַרציקן" כאַראַקטער פלעגט עס על־פּי־רוב זיין נישט ל ש ם ש מ י ם, נאָר לשם דעם אינערלעכן שטן און דעם אויסערלעכן שונא.

אודאי דאַרפן מיר זיך באַפרייען פון פאַרשיידענע געוווינהייטן און אויפפירונגען וואָס זיינען אונדז געקומען בירושה. מיר זיינען אָבער לגמרי נישט ערגער פון די פריערדיקע דורות און אין געוויסע פּרטים — אפילו בע־סער. מיר שאַפן עפּעס נייס וואָס איז בכוח אויסצובעסערן און בעסערט טאַ־קע אויס דעם עבר. אין אונדזערס אַ פאָלקס־ליד ווערט געזאָגט וועגן אַר־בעט, אַז „פון אַלע צרות וועט זי אונדז אַרויסהעלפן" — נישט נאָר פון אוי־סערלעכע — אויך פון אינערלעכע, גייסטיקע צרות...

מיר האָבן געגעבן אַ גרויסן תיקון אין לעבן פון פאָלק און לאַנד: אַן אָר־גאַניזירטן כוח פון הונדערט און צוואַנציק טויזנט יידישע אַרבעטער — פאַר־

רייניקטע אַזוי ווי דאָס פאָלק אין זיינע וואַנדערונגען — איז קיינמאָל נישט געווען געאייניקט; פאַרייניקטע דורך אַ ווילן צו קעמפן, אויסצורייסן פאַר־שקלאַפונג, לופט־לעבן און אָפּגעלאָזנקייט; פאַרייניקטע אין אַרויסברענגען פּאָטענצן פאַר אומאויפהערלעכער בוי־טעטיקייט.

עס האָבן נישט געהאָלפן די פאַרשיידענע פּראָגנאָזן און נביאותן. אויך אין די זיבן יאָר, וואָס טיילן אָפּ אייער פריערדיקע קאָנפערענץ פון דער איצ־טיקער, האָט מען נישט איינמאָל געפּרוווט מיט פרייד און ווילגעפיל פאָר־רויסזאָגן: אָט אָט גייט די הסתדרות אונטער!"... יאָ, עס זיינען טאַקע גע־ווען שווערע יאָרן און נישט נאָר צוליב פּאָליטישע דערשיטערונגען, עס טרעפט דאָך, אַז די זאָרג פאַר אַ טאָג אַרבעט פירט אַראָפּ אפילו אַ צדיק פון גלייכן וועג... און דאָך זיינען די שוואַרצע נביאותן נישט מקויים געוואָרן. אַדרבא, די הסתדרות טיילט נאָך פון זיך אויס כוחות פאַר נאַציאָנאַלע באַ־דערפענישן, פאַר הגנה און רעטונג און דערביי ווערט זי אַלץ גרעסער און שטאַרקער, קאָנצענטרירט נייע כוחות, האַלט אין איין אָפּפרישן איר איניציאַ־טיוו און טעטיקייט. אַלע האָבן מיר אַ חלק אין דעם, אַלע! איר, מיט אייער דערפאַרונג אין די פאַרגאַנגענע זיבן יאָר, האָט אויך דערוויזן, ווי ווייט עס איז אין דער הסתדרות פאַראַן פּלאַץ פאַר יעדן יידישן אַרבעטער וואָס וויל בויען, פאַרבעסערן דאָס מענטשלעכע לעבן, פאַרווירקלעכן טרוימען פון דור־רות, שאַפן אַ פּראָדוקטיווע געמיינשאַפט, אויסלייזן דאָס לאַנד און דאָס פאָלק.

איך האָף, אַז מיר וועלן געפינען אַ וועג אויך צום רעליגיעזן אַרבעטער. אויך ער וועט קאָאָפּערירן מיט דער הסתדרות. איך האָב אַזאַ האָפענונג אויך אין באַצוג צו די אַרבעטנדיקע עדות וואָס לייכטע מחיצות שיידן זיי נאָך אָפּ פון דער הסתדרות.

מיר קומען זיך דאָ צונויף אין אַ צייט וואָס קיין שום מענטשלעכע שפּראַך קען נישט דעפינירן איר שוידערלעכן אינהאַלט. ווער ווייס, וועלכע דאַטומס דער צורר האָט באַשטימט פאַר אונדזער אויסראָטונג? ווער ווייס, וועלכע נאָך לעבעדיקע אברים וועלן אָפּגעהאַקט ווערן פון אונדזער נאַציאָ־נאַלן קערפּער? מוזן מיר שרייען, מאָנען, גרונטעווען און זוכן וועגן און שטעגן ווי אַזוי צוצוקומען צו די וואָס ווערן אומגעבראַכט, ברעכן וועגן און ראַטע־ווען, אָפּגעבן זיך פאַר דעם אַלעם מיטן גאַנצן לייב און לעבן.

אָבער אויך אין די איצטיקע טעג וועלן פון אומגליק אַרויסשפּראָצן נייע כוחות. אין די אַכציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, נאָך די פּאָגראָ־מען אין רוסלאַנד, איז געקומען דער ביל"ויאישער גואל. נאָך דעם קישינע־ווער פּאָגראָם איז געקומען די נייע תקופה פון יידישער אַרבעט, פון יידישן אַרבעטער. עס איז דאַן געקומען די צווייטע עליה און האָט אַ רוק געטאָן די יידישע געשיכטע פאָרויס. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער שחיטה אין אוקראַינע און די פּאָגראָמען אין פוילן, איז אַנטשטאַנען די „החלוץ"־באַווע־

גונג. אויך איצט, נאָך דער שרעקלעכער אויסראָטונג, מוזן געשאַפן ווערן גרויסע גאולה־כוחות.

פון דער הסתדרות, פון אירע צענדליקער טויזנטער אָרגאַניזירטע חברים, דאַרף קומען די רפואה פאַר דעם פאָלקס בראָך.

---

# דער רעליגיעזער אַרבעטער אין דער הסתדרות

(אויף אַ זיצונג פון סעקרעטאַריאַט פון דער הסתדרות־עקזעקוטיווע, 1944).

די גרופּע, וואָס ד״ר י. לייבאָוויטש רעדט דאָ אין איר נאָמען, קען שפּילן אַ וויכטיקע ראָל ווי אַ פאַרמיטלער און אינסטרומענט אַנצושליסן דעם „הפועל המזרחי" אין דער הסתדרות. איך מאַך נישט שלום מיטן פאַקט וואָס דער „הפועל המזרחי" שטייט אויסערהאַלב דער הסתדרות. די דאָזיקע באַוועגונג האָט באַרעכטיקט איר עקזיסטענץ, זייענדיק אַן אָרגאַניזירטער כוח, וואָס שאַפט קאָלאָניזאַציע, לאַנדווירטשאַפט, אַרבעטס־וועזן — וויל איך זי האָבן אין דער הסתדרות.

מיר האָבן דאָ געהערט אַ טענה קעגן „פּאָליטיזאַציע". איך פאַרשטיי נישט די טענה. ווען אַ גרופּע מענטשן אָרגאַניזירט זיך פאַר עפּעס פאַרנעמט זי זיך מיט פּ אָ ל י ט י ק! דאָס הייסט: זי באַמיט זיך צו דערגרייכן געוויסע צוועקן. צוליב דעם אָרגאַניזירט מען זיך, מען פאָרמולירט פּראָגראַמען, מען שרייבט ביכער, מען נעמט אָן רעזאָלוציעס, מען אַגיטירט און מען קעמפט! עס זיינען נישטאָ קיין איבערפּאָליטישע אָרגאַניזירטע קערפּער־שאַפטן.

עס זיינען אפשר גערעכט גראָד די וואָס טענהן קעגן „קלעריקאַליזאַציע" פון דער הסתדרות, אָבער דער אמת איז, אַז עס רעדט זיך נישט וועגן גלויבן און רעליגיע, נאָר וועגן אָפּהיטן ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל ע כ ע  מ אַ נ י ע ר ן. עס איז פאַראַן אַ מינימום אויף וועלכן קיין שום רעליגיעזע גרופּע אין דער הסתדרות קען, לויט מיין מיינונג, נישט מוותר זיין. דער מינימום איז — די זיכערקייט, אַז אין דער ג ע מ יי נ ז אַ מ ע ר אַכסניה זאָל אויך פאַר איר — דער גרופּע — זיין אַ פּלאַץ. די הסתדרות איז נישט נאָר אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע — זי מישט זיך אין אַלע ענינים פון דעם ישוב, פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון דעם יידישן פאָלק. זי איז אַ גרויסע אכסניה און דער רעליגיעזער מענטש דאַרף אין זיין אכסניה האָבן אַ „מזוזה". מיך פערזענלעך באַשעפטיקט נישט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, איך פאַרשטיי אָבער די פאָדערונגען פון די רעליגיעזע חברים און איך וויל זיי דערמעגלעכן צו זיין אין דער הסתדרות. איך האָב גערעדט וועגן אַ „מזוזה" — איך האָב אין

זינען דעם ענין פון שבת. עס ווערן ליידער נישט אויסגעפירט די קאָנגרעס־באַשלוסן וועגן נישט אַרבעטן אום שבת אין האַנדל, אין ווירטשאַפט און אויפן פעלד. דאָס איז דער מינימום און מ׳דאַרף אים אָפּהיטן.

אויך דאַרפן מיר אָפּהיטן כשרות אין אונדזערע קאָאָפּעראַטיווע קיכן. איך מאַך נישט שלום מיטן פאַקט וואָס אין אַ רעסטאָראַן, ווו עס עסן טעגלעך הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער, זאָל אַ רעליגיעזער אַרבעטער נישט קענען אָפּעסן. עס מוזן זיין כשרע רעסטאָראַנען! דאָס האָט נישט צו טאָן מיט די אָנשויאונגען פון אַלע אַנדערע חברים אונדזערע. יעדעס פאָלק האָט טראַדיציעס וואָס דאַרפן פאַרפליכטן אַלעמען.

וואָס נוגע פּ אַ ר ז אַ מ ל ו נ ג ע ן אום שבת איז צומאָל שווער אָפּצוהאַלטן זיך דערפון. מען דאַרף אָבער אויסאַרבעטן אַ רעגולאַמין וואָס זאָל פאַרזיכערן אַ רעספּעקטפולע באַציאונג צום רעליגיעזן חבר.

אויב די רעליגיעזע חברים האָבן ספּעציפישע קולטור און דערציאונג־באַדערפעונישן דאַרף מען זיי דעקן גלייך מיט די באַדערפעונישן פון אַלע אַנדערע חברים פון דער הסתדרות. דאָס איז נאַטירלעך און מיר טוען דערמיט קיין חסד נישט. איך זאָג דאָס נישט צוליב אונדזער רעליגיעזער גרופּע, איך וואָלט דאָס סיי ווי געזאָגט.

איך וועל זיין צופרידן אויב נאָך דער רעליגיעזער גרופּע וועלן מיר קענען אויך דעם „הפועל המזרחי" אַרייננעמען אין דער הסתדרות. צוליב דעם דאַרף מען שאַפן באַדינגונגען וואָס זאָלן נישט פוגע זיין אין קיינעמס גלויבן־פרייהייט און זאָלן אויך נישט אויפצווינגען גלויבן־נאָרמעס אויף אומגלויביקע.

---

# באַלערנדיקע פאַקטן

(אויף אַ זיצונג פון ועד־הפועל פון דער הסתדרות — אַ קבלת־פּנים פאַר יעקב לעשטשינסקי, פּראָפ׳ ל. העריג, א. העמלין און ד״ר רעבעלסקי; 1947).

...מיר פרייען זיך מקבל פּנים צו זיין די געסט וואָס זיינען געקומען זען דעם „אמת פון ארץ־ישראל" — אין ארץ־ישראל.

מיר נעמען אויף יעקב לעשטשינסקי, וועלכן ס׳איז איבעריק פאָרצושטעלן פאַר די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער. פון סאַמע אָנהויב פון אונדזער באַוועגונג לעבט זיין נאָמען צווישן אונדז. איך באַגריס אים ממש אין דער זעלבער שפּראַך — הגם אין אַן אַנדער אַטמאָספער — אין וועלכער ער האָט אונדז, יוגנטלעכע, באַגריסט מיט 45 יאָר צוריק אין וואַרשע. זיין נאָמען איז

געווען אונטערגעשריבן אויפן ערשטן אויפרוף וואָס איז דערשינען נאָך איי־דער עס איז אַנטשטאַנען אונדזער באַוועגונג — די באַוועגונג פון „פּועלי־ציון" און פון „צעירי־ציון". ער האָט אונדז באַגריסט אין נאָמען פון „אַרבע־טער ציוניסטן". די דאָזיקע „אַרבעטער ציוניסטן" האָבן דורכגעמאַכט פאַר־שיידענע גילגולים און דאָך קומט איצט לעשטשינסקי צוריק קיין ארץ־ישראל און דאָ טרעפט ער זיך מיט אַ טאָכטער פון די „אַרבעטער ציוניסטן" — מיט דער הסתדרות. ער האָט, בכן, זוכה געווען צו האָבן „נחת פון קינ־דער". עס זיינען צווישן אונדז געווען ויכוחים און חילוקי־דעות, אָבער זייער צייט איז שוין פאַרביי. געבליבן זיינען — באַלערנדיקע פאַקטן.

יעקב לעשטשינסקי, וואָס ציילט און קאָנטראָלירט די צאָל יידן — ציי־טערט איבער יעדן הייפל יידן, וועלכע זיינען ערגעץ־ווו פאַרבליבן נאָכן חורבן און ער ציילט זיי, אַזויווי איינער ציילט טייערע לעבנס־שעהן. און אָט איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל און דאָ זעט ער, ווי אַזוי קעגנאיבער דעם חורבן שטעלן זיך אויס כוחות וואָס ווילן בויען — און זיי בויען. ער זעט ווי אַזוי שטיינער פון די ווענט זינגען דאָ אַרויס. אין נאָמען פון הונדערט און זיבעציק טויזנט הסתדרות־מיטגלידער — געגריסט זאָל ער אונדז זיין.

***

און איך נעם אויף מיט אַ ברכה דעם טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דעם וויסנשאַפטסמאַן — פּראָפעסאָר ליבמאַן הערש וואָס באַ־שעפטיקט זיך, גלייך ווי לעשטשינסקי, מיט די כראָניקערס פון יידישן פאָלק און מיט יידישער סטאַטיסטיק. אַמאָל, אַמאָל פלעגן מיר דיסקוטירן און עס איז געווען קלאָר, אַז מיר וועלן זיך אין אַ דיסקוסיע קעגנזייטיק נישט אי־בערציייגן. איך האָב אַמאָל אָנטייל גענומען אין אַזאַ דיסקוסיע מיטן „בונד" אין אַ וויכטיקער שטאָט — באַברויסק. איך האָב דאָרט געזאָגט: אין גרונט גענומען זיינען מיר פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן און מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען און משפטן איינער דעם אַנדערן לויט פאַקטן... — איך האָב געשעצט דעם „בונד" וואָס האָט דערהויבן דעם יידישן אַרבעטער צו אַ מדרגה פון אַ וויכטיקן פאַקטאָר און האָט דעראָבערט פאַר אים אַ פּלאַץ אין דער יידישער און אַלמענטשלעכער געשיכטע. און עס איז געווען בלויז אַ היסטאָרישע מיספאַרשטענדעניש צווישן אונדז און דעם „בונד". אין דער אַנטוויקלונג, באַוווסטזיין און ווילן פון דעם יידישן אַרבעטער האָט דער „בונד" מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם ערשטן עטאַפּ און איצט געפינען מיר זיך אויפן צווייטן עטאַפּ אין וועלכן די יידישע אַרבעטער־שאַפט פון ארץ־ישראל פאַרווירקלעכט איר מיסיע אין פאָלק און טראָגט אויף זיך די אחריות פאַרן גורל פון פאָלק. דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל פורעמט אַ נייַ לעבן, שאַפט אַ נייע געזעלשאַפט, ראַנגלט זיך מיט די שווערע כוחות פון דער אַלטער געזעלשאַפט און אַרום און אַרום איז

זיין האַרץ פול מיט רחמים צו זיין פאָלק. אין דעם היי־יאָריקן ערשטן מאַי איז די יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל געווען אפשר די איינ־ציקע אין דער וועלט וואָס האָט גערופן צו אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, ווייל מיר געהערן צו אַן אונטערדריקט פאָלק וואָס שטרעבט צו פרייהייט און ווייל מיר ווייסן, אַז אין אַ וועלט פון שפּאַלטונגען און אינטריגעס וועלן מיר אפילו אין ארץ־ישראל קוים אַ קיום האָבן. איך בין צופרידן וואָס איר וועט זען אונדזער ווערק, איר וועט זיך באַקענען מיט אונ־דזערע אַרבעטער — מיט זייער קאָלאָניזאַציע, זייערע אידייען, ליטעראַטור, אינטערעסן, זייערע אינטערנאַציאָנאַליסטישע עמפינדונגען און זייער פּאַטריאָ־טיש־ציוניסטישן ברען פאַר דער שאַפונג פון אַ זעלבסטשטענדיק יידיש לעבן אין ארץ־ישראל. טראָגט דאָס אַלץ אַריין אין אייערע אַרבעטן אויפן גע־ביט פון דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק.

**
*

מיר נעמען דאָ אויך אויף אַ דעלעגאַציע פון אונדזערע חברים אין אַמע־ריקע און קאַנאַדע וואָס זיינען געקומען זען מיט זייערע אייגענע אויגן, צי דאָס אַלץ וואָס זיי האָבן צענדליקער יאָרן נאָכאַנאַנד דערציילט די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע איז אַן אמת. מיר שאַצן זייער דאָרטיקע טעטיקייט וואָס ווערט געפירט, ווי אין גינסטיקע, אַזוי אין אומגינסטיקע באַדינגונגען. די דאָזיקע טעטיקייט צווישן די אַרבעטער אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן מיט 23 יאָר צוריק, ווען בערל קאַצנעלסאָן, מאַניע שוחט און יוסף באַראַץ זיינען געקומען קיין אַמעריקע און דערציילט, אַז דער „עם־עולם" עקזיס־טירט און באַנייט זיין לעבן אין ארץ־ישראל. עס איז זיי דאַן געלונגען אויפ־צושטעלן אַ באַוועגונג — דעם „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין".

אונדזערע חברים פון דעם „קאַמפּיין" מאַכן דורך — פון דערוויטן — אַלע אונדזערע אַנטוויקלונג־עטאַפּן, פרייען זיך מיט אונדזער פרייד און זיינען שותפים צו אונדזערעליידן. זיי ווייסן — גלייך ווי מיר — אַז ווען דאָס פאָלק וואָלט נישט געווען אַזוי רואיק, וואָלט אונדזער צאָל אין לאַנד געקענט זיין פילפאַך גרעסער. דער „קאַמפּיין" טראָגט אין זיך אַ גרויסן גייסטיקן אינהאַלט. איך שטעל פעסט מיט צופרידנקייט, אַז די בעסטע כוחות פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע — אפילו אַזעלכע וואָס זיי־נען אַמאָל געווען קעגנער אונדזערע — זיינען איצט פאַרבונדן מיט אונדזער באַוועגונג און ווערק. מיר האָבן דאָס צו פאַרדאַנקען די טוער פון דעם „גע־ווערקשאַפטן־קאַמפּיין".

ברוכים הבאים!

---

# אַ באַגריסונג און אַ רוף צו איינִיקייט

(אויף אַ ראַט־סעסיע פון „השומר הצעיר" אין
משמר־העמק, אַפּריל 1947).

איר פייערט צוויי געבענטשטע דאַטעס: דער צוואַנציק־יאָריקער יובילײ פון אייער באַוועגונג און דער פופציק־יאָריקער יובילײ פון דעם גרינדער פון דער באַוועגונג — מאיר יערי.

ש. ראַזען האָט דאָ אין זיין רעפעראַט דערמאָנט, אַז מען האָט אַמאָל געצווייפלט, צי וועלן די לייט פון „השומר הצעיר" זיין בכוח בייצושטייערן רעאַלע ווערטן צום אויפבוי פון לאַנד. יאָ, עס זיינען געווען אַ סך וואָס האָבן געצווייפלט. נישט נאָר די וואָס האָבן חוזק געמאַכט פון די „באַלעבאַטישע זינדלעך", די יינגלעך מיט די מאָדנע דאָקטרינעס און לאָזונגען, נאָר אויך פריינט האָבן געצווייפלט. אָבער איצט, נאָך צוואַנציק יאָר, איז שוין אַלעמען קלאָר, אַז די וואָס האָבן געהאַט „איינע גוטע קינדער־שטובע" — אין הויז פון די עלטערן, אין שולע, אין דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע און אין דער חלוצי־שער הכשרה — ווילן גוט און וויסן גוט, ווי אַזוי גוט צו בויען מיט איי־גענע הענט דאָס הויז און זייער ביישטייער צום בנין פונעם הויז פון ישראל איז גאָר גרויס.

אין די צוואַנציק יאָר איז אייער באַוועגונג רייף געוואָרן אין אירע כוחות און איר ווערק: אין דער ווירטשאַפט, אין אויסבעסערן די לעבנס־באַדינגונ־גען, אין קולטור־טעטיקייט און אין באַגיין זיך מיט דער יוגנט, אייער באַ־וועגונג איז רייף געוואָרן און דאָך איז זי אַזוי יונג און פריש!

בענטש איך אייך, אַז זיבן מאָל אַזויפיל זאָל גרעסער זיין אייער ביי־שטייער צו דער רעטונג פון פאָלק ישראל און דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל!

איינער פון די רעדנער דאָ האָט גערעדט וועגן אייערע דערגרייכונגען און האָט צוגעגעבן: „און דאָך". ווינטש איך אייך, אַז דער דאָזיקער באַפּרוכפּער־דיקער „און דאָך" זאָל זיך פון אייך נישט אָפּטאָן און אַז אייער רייפקייט און יוגנטלעכקייט זאָלן אייך אויך ווייטער פירן „אין דעם לאַנגן וועג"...

און טראָגט הויך דעם דעוויז פון דעם ערשטן רעפערענט, אַז „דער פּרימאַט פון דאָרף און לאַנדווירטשאַפט איז אַ פאַרבאַדינג פאַר דער העגעמאָניע פון דער אַרבעטערשאַפט אין ציוניזם". מיר ד אַ ר פ ן זאָרגן פאַר דער השפעה פון דער אַרבעטערשאַפט און פאַר איר העגעמאָניע, אויב דער תנאי דערצו איז די פּריאָריטעט פון דאָרף, וועלכער איז אַזוי וויכטיק פאַר דער עקזיס־טענץ פון אונדזער פאָלק און זיין צוקונפט.

און פון כלל — צום פּרט. עטלעכע ווערטער וועגן מאיר יערי — דעם מאַן וואָס זיין טעטיקייט איז דורכויס באַגלייט מיט האַרציקייט און זאָרג פאַרן גורל פון פאָלק, פאַרן גורל פון אונדזער יוגנט און פאַר דערהויבן און פאַרפּולקאָמען די ראָל פון דעם יידישן אַרבעטער. דער וועד־הפועל פון דער

הסתדרות האָט שוין צו מאיר יערין געשיקט זיין באַגריסונג אין וועלכער ער האָט אים — אין נאָמען פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד — אויסגעדריקט שאַצונג און פאַרערונג. אָבער איך וויל נאָך צוגעבן עפּעס פּערזענלעכס. מיר קענען זיך שוין פון לאַנג. אונדזער פריינטשאַפט איז עלטער פון דעם קיבוץ ארצי. איך גלויב, אַז מאיר יערי וועט זיך נישט פילן געטראָפן אויב איך וועל דערמאָנען, אַז צווישן אונדז איז אַמאָל געווען אַן אידייאישע קרובהשאַפט. אמת, מיט דער צייט האָט זיך יענער „אידייאישער קאָלעקטיוויזם" אויסגעוועפּט, אָבער נישט אויסגעוועפּט האָט זיך אונדזער נאָענטקייט — טראָץ די פיל סטאַנציעס וואָס יערי און דער „השומר הצעיר" זיינען דורכגעגאַנגען אויף זייער „לאַנגן וועג" אין ארץ־ישראל.

עס איז טייער די פאַרגאַנגענהייט, אָבער נאָך טייערער איז דאָס וואָס מיר זוכן אין דער צוקונפט — אויף די ווייטערדיקע סטאַנציעס פון דעם לאַנגן וועג. צו די פריערדיקע סטאַנציעס זיינען מיר געקומען — צומאָל איבאיינעם און צומאָל — אויף באַזונדערע און אָפּגעווייטערטע שטעגן. עס איז אָבער נאָך דאָ אַ סטאַנציע וואָס איך וואָלט וועלן, אַז מיר זאָלן זי דערגרייכן בשלום, צוזאַמען און שנעל ווי מעגלעך: די סטאַנציעס פון פ אַ ר ײ נ י ק ו נ ג און דאָס וויל איך אַריינפּאַסן אין מיין פּערזענלעכער ברכה צו מאיר יערי.

איך האָב — דעם אמת זאָגנדיק — געצווייפלט, צי זאָל איך ברענגען צו אייער צוזאַמענקום אַזאַ מין ברכה. אָבער גייענדיק אַהערצו האָב איך אויף אַ ווײַלע אָפּגעטראָטן ביים טרויער־ווינקל — דאָס גלות־ווינקל אויף אייער אויסשטעלונג — און האָב דאָרטן געלייענט די ווערטער פון טאָסיאַ אַלטמאַן: „פאַר מיינע אויגן גייט אונטער דאָס פאָלק ישראל... העלפן קען איך נישט — צו קורץ זיינען מיינע הענט, טאָ העלפט איר, ראַטעוועט!.." דער דאָזיקער פאַרצווייפלטער רוף האָט באַזײַטיקט אַלע מיינע ספקות און האָט מיך באַוויגן אַרויסצוברענגען דאָ מײַנע פאַרבאָרגענע ווונטשן. איך ווייס, אַז די דאָזיקע ווונטשן גייען אַרום איבערן גאַנצן לאַנד און באַזונדערס נעסטן זיי אין די רייען פון דער אַרבעטערשאַפט. און אויב מיר זיינען טאָקע באמת אַזוי ווי מיר זעען זיך אַרויס פון אונדזערע מעשׂים און אונדזערע אָפּהאַנדלונגען איבער ציוניזם, פאָלק און לאַנד — טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר נישט זיין קיין געשלאָסענע משפחה וואָס ברעכט זיך נישט אונטערן יאָך פון פאַרטיי־פאַנאַטיזם און פאַרטיי־קריגעריי? פון אונדזער פאַרטיי־פאַנאַטיזם קומען אונדז נישט צו נישט קיין תורה און נישט קיין שאַפונג, פאַרקערט, עס קומען בלויז צו שנאה און מכלומרשטע דערפאָלגן וואָס זיינען בפירושע מיסדערפאָלגן. קענען מיר אַזוי האַנדלען בעת „פאַר מיינע אויגן גייט אונטער דאָס פאָלק ישראל"? פאַרוואָס זאָלן מיר נישט שאַפן אַ געאייניקטע באַוועגונג וואָס בויט, דערציט און ראַטעוועט? אונדזערע קעגנזאַצן? — אָבער כמעט אין אַלץ וואָס הענגט אָפּ פון אונדז אַליין זיינען מיר דאָך געאייניקט! מיר שיידן זיך נאָר

— צומאָל — אין זאַכן וואָס הענגען אָפּ נישט פון אונדז, נאָר פון אַנדערע, פון פרעמדע.

איך האָב מיינע אייגענע ז׳ערפאַרונגען אויפן געביט פון אייניקונג. עס זיינען געווען צייטן ווען אויך איך און מיינע חברים האָבן זיך געפילט אינער־לעך געשטערט ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פאַראייניקונג פון „הפועל הצעיר" און „אחדות העבודה". אָבער ווען איך האָב דערפילט, אַז עס איז געקומען די העכסטע שעה, האָב איך צוזאַמען מיט אַנדערע פּראָקלאַמירט די „פאַראייניקונג פון די פאַראייניקטע". עס דאַכט מיר, אַז מיר זיינען ווידער אין אַ סטאַדיע פון „פאַראייניקן די פאַראייניקטע". הלואי זאָלן מיר באַוויזן צו קו־מען צו דער פאַראייניקונג־סטאַנציע — נישט קיין אַלטע און מידע, נאָר פרי־שע, ברויזנדיקע וואָס ווילן און קענען צונויפנעמען די ווייניקע כוחות אונדזע־רע און אויסשמידן פון זיי איין גרויסן, פּרוכטבאַרן כוח וואָס בויט און ראַ־טעוועט.

---

# די וואָס זייען מיט זייער בלוט

(אויף אַ קבלת־פּנים פאַר די פּאַרטיזאַנער פון פראַנקרייך; נאָוועמבער 1944).

איר פאַרשטייט אוודאי וואָס מיר פילן איצט. מיר נעמען אייך אויף און זעען מיט אונדזערע גייסטיקע אויגן אַלע די וואָס זיינען צוזאַמען מיט אייך געווען אין פאַרשיידענע קאָמפּאַניעס און וואָס מיר האָבן געהאָפט צו זען זיי דאָ מיט אונדז אין דער אויפבוי־אַרבעט, נאָר מיר האָבן דערצו נישט זוכה געווען, נישט מיר און נישט זיי.

אָמאָל פלעגן מיר חזרן דעם פּסוק: „הזורעים בדמעה — ברינה יקצורו" (די וואָס זייען מיט טרערן — וועלן שניידן מיט געזאַנג). און אָט האָט אונדז אונדזער געשיכטע אויסגעלייגט אַ נייעם פּסוק: „די וואָס זייען מיט זייער בלוט — וועלן שניידן מיט האָפענונג".

איר זייט אין דעם הסתדרות־הויז — דאָס הויז פון די פרייוויליקע — און עס קומט אייך פונדאַנען אַנטקעגן אַ „שלום חברים"!" מיט די דאָזיקע צוויי ווערטער באַגריסן מיר די אַלע וואָס שליסן זיך אָן אין דעם דאָזיקן הויז. די אַנגעשלאָסענע, די פרייוויליקע, רופן זיך מיט פאַרשיידענע נעמען: אַ ר־ב ע ט ע ר (אָמאָל האָבן זיי געהייסן ביל"ויים); דערנאָך איז געקומען דאָס צויבער־וואָרט — ח ל ו צ י ם; און שפּעטער — דאָס אַזוי טייערע וואָרט: ז ע ל נ ע ר, — די וואָס וואָלונטירן מלחמה צו האַלטן פאַרן לעבן און פאַרן כבוד פון פאָלק ישראל. די יידישע ווירקלעכקייט האָט אונדז צוגעגעבן נאָך נייע נעמען: פּאַרטיזאַנער, מאַקיס (פּאַרטיזאַנער פון פראַנקרייך). די אַלע —

די געטאָ־אויפשטענדלער, די ארץ־ישראל־חלוצים, די ארץ־ישראל־אַרבעטער און די יידישע זעלנער — נעמען זיך צונויף אינאיינעם, כדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף צו מאַכן צו דעם שווידערלעכן „זייען מיט בלוט“.

יאָ, איר האָט געזייט מיט אייער בלוט. איר האָט געדינט דעם דעוויז פון „התקוה“: „מיטן לעצטן ייד — איז אונדזער לעצטע האָפענונג“. איר האָט דעם דאָזיקן דעוויז געטראָגן דורך פעלדער, פאַרזייטע מיט טויטע, ביז איר זייט געקומען אַהערצו צו גיין ווייטער אייער וועג — צוזאַמען מיט אונדזערע ברידער און חברים — ווי אין אַרבעט אַזוי אין קריג. איר וועט זיך מיט זיי טרעפן אויפן פראָנט און אינאיינעם וועט איר געבן דעם אייביקן נדר: אַ סוף צו מאַכן צום יידישן גלות, אַ סוף צו מאַכן צום פאַרגאָסענעם בלוט!

ווען אונדזערע זין און ברידער זיינען געגאַנגען אויפן פראָנט, מלחמה צו האַלטן מיטן יידישן שונא, האָבן מיר יעדן איינעם פון זיי געגעבן אַ תנ״ך — דער ספר פון דעם יידישן   נ צ ח   וואָס זאָל ווערן דער ספר פון אונדזער   נ צ ח ו ן.   איר וועט אויך באַלד באַקומען דעם דאָזיקן ספר. און מיר ווינטשן אייך: זייט זוכה צו זיין די טרעגער פון דעם יידישן נצחון. זייט זוכה צו ברענגען די יידישע גאולה!

---

# די פרוי אין ציוניזם

(אַ באַגריסונג צו דער קאָנפערענץ פון „וויצאָ“*); ירושלים 1951).

זיצנדיק אויף דער דאָזיקער טריבונע אין די טעג פון דעם 23סטן קאָנגרעס פלעג איך פון מאָל צו מאָל באַקומען פרעכטיקע בראַשורן וועגן דער טעטיקייט פון „וויצאָ“, „הדסה“, אַרבעטערנס־ראַט, פרויען־פיאָנערן, מזרחי־פרויען — אַרום און אַרום קרוב צו אַ האַלבן מיליאָן אָרגאַניזירטע פרויען — נישט פרויען פון ציוניסטן ווי אויף די אַמאָליקע קאָנגרעסן — נאָר ציוניסטישע פרויען. דאָס איז אַ מעכטיקער כוח פון וועלכן עס הערט זיך אַרויס עפּעס ענלעכס צום נצחון־געזאַנג פון דער יידישער דיכטערין, וואָס האָט אויסגערופן: „עד שקמתי דבורה, שקמתי אם בישראל“... (ביז איך, דבורה, בין אויפגעשטאַנען, ביז איך, אַ מוטער אין ישראל, בין אויפגעשטאַנען).

און דעריבער, פול מיט פאַרערונג פאַר אייך, דאַנק איך אייך פאַר דער פאַרבעטונג צו באַגריסן אייך — אויב נישט אין נאָמען פון דער כנסת, איז לפחות — אין נאָמען פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט.

---

*) די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען באַלד נאָך דעם 23סטן ציוניסטישן קאָנגרעס און אין דעם זעלבן בנין.

איך דערמאָן זיך איצט נישט נאָר אין דער אורצייטיקער דיכטערין, נאָר אויך אין דער דיכטערין שרה שאַפּיראָ פון וועלכער עס איז אונדז פאַרבליבן איין איינציק ליד: „אל טל ואל מטר — דמעי ירטיבו, ציון את הרריך..." (נישט קיין טוי און נישט קיין רעגן — מיינע טרערן, ציון, וועלן דיינע בערג באַפייכטן). דאָס דאַזיקע ליד האָט נאָך פאַר „התקוה" געדינט ווי אַ האַרצי־קער הימן אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען און פייערונגען.

היינט דאַרף מען אַביסל קאָרעגירן שרה שאַפּיראָס ליד: „נישט טוי און נישט רעגן — די שפּרינקלען פון שפּריצרעגן־רערלעך וועלן דיינע בערג, ציון, באַפייכטן..." — די שפּריצרעגן־רערלעך אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע שולן, אין אַרבעטערנס־פּערמעס און ווירטשאַפטן און אין הכשרה־פּלעצער פון דער „יוגנט־עליה" — אין דעם דאַזיקן ווערק פון די ציון־פרויען וואָס לאָזט וואַקסן פריש לעבן אויף די בערג פון ציון.

דער ציוניזם באַנייט אונדזער אַמאָליק לעבן אין פאַרשיידענע פאָרמען: ער באַנייט דעם לאַנדווירט, דעם לערער, די מדינה, דעם מיניסטער. אָבער אַ יידישע באַוווסטזיניק־אַקטיווע פרוי — דאָס איז אַ גאַנץ נייע דערשיינונג. אַ פּרעבליסטין, אַ חלוצה, אַן אַרבעטערין, אַן אַרבעט־דעראָבערין, אַ באַרמ־האַרציקע שוועסטער, אַן אַרמיי־קאַלאָנעלין, אַ מיניסטערשע — דאָס איז דאָך אַ רעוואָלוציע אין דער יידישער געשיכטע.

ליידער איז נאָך דאָ אַ דיספּראָפּאָרציע צווישן דעםביישטייער פון דער ציוניסטישער פרוי פאַר דער אויפלעבונג פון פאָלק און אויפבוי פון דער מדינה און צווישן דעם פּרייז — איר פּלאַץ אין דער פאָלקס־פירונג. אָבער אויך דאָס וועט נאָך פאַרריכט ווערן. דער טייל פון דער פרוי אין דער אויפלעבונג פון אונדזער פאָלק מוז אַוועקלייגן אַן אויסגעשפּראָכענעם סטעמפּל אויפן לעבן פון פאָלק.

איך פאַרער די טעטיקייט פון „וויצאָ". איך האָב געזען ווי אַזוי איר טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן און אויסגעוואַקסן אין לאָנדאָן. איך האָב געקענט און פאַרערט די נאָבעלע איניציאַטאָרנס — די פרוי אידער און די קדושה אַנאַ שטיינער — פאָרזיצערין פון „וויצאָ" און איינע פון די צענ־טראַלע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי. איך האָב שטענדיק געפילט די ציוניסטיש־פאָלקסטימלעכע ריכטונג פון „וויצאָ" וואָס האָט זיך, צווישן אַנדערן, אויסגעדריקט אויך אין דער ענגער קאָאָפּע־רירונג מיט דער אַרבעטערנס־באַוועגונג אין ארץ ישראל אויפן געביט פון הכשרה. און ווען איך האָב באַזוכט לאַנדסבערג, אין דייטשלאַנד, האָב איך דאָרטן געפונען אַ שיינעם קלוב ווו פרויען האָבן מיר מיט שטאָלץ דער־ציילט, אַז דער קלוב איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך „וויצאָ" און אַז זיי, די פרויען, זיינען חברות פון „וויצאָ" אין לאַנדסבערג... אַן אָפּטיילונג פון „וויצאָ" נישט ווייט פון דאַכאַו!..

איך באַרים זיך דערמיט וואָס מיין פאַרלאַמענטאַריש־קאָנגרעסיסטישע

קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קאַמף פאַר ווילן אַ פרוי, אַ פאַר־טרעטערן פון „התחיה“, אין וואַרשע, ווי אַ דעלעגאַטן צום זעקסטן ציוניס־טישן קאָנגרעס. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ד״ר שרה ראַבינאָוויטש, אַ טאָכטער פון שפ״ר־ראַבינאָוויטש, דער פירער פון „חיבבי־ציון“ און דער וואָס האָט איבערזעצט גרעצס געשיכטע אין העבּ־עאיש. די דעלעגאַטן איז צוריקגעקומען פון באַזעל פול מיט באַגייסטערונג פאַר ד״ר הערצל. איך געדענק אויך איר אַרטיקל אין הערצלס „די וועלט“ אויף דער טעמע: „די יידישע פרוי און דער ציוניזם“, אונטערגעשריבן „בת עמי“. איך האַלט, אַז דאָס איז דער בעסטער פון אַלע אַרטיקלען וואָס זיינען דורך פאַרשיידענע מחברים געשריבן געוואָרן אויף דער דאָזיקער טעמע. ס'איז כדאי איבער־צודרוקן אים. דער צענטראַלער געדאַנק פון דעם אַרטיקל איז, אַז די אַקטי־ווע באַטייליקונג פון דער פרוי אין דער אויטאָעמאַנסיפּאַציע פון דעם יידישן פאָלק וועט זי, די פרוי, אויף אַ נאַטירלעכן אופן עמאַנציפּירן אין פאָלק און אין דער מדינה.

— געוויינלעך קומען פאַר די „וויצאָ“־קאָנפערענצן פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס. דאָס מאָל — נאָכן קאָנגרעס. טאָ זאָל דאָס זיין די דערעפענונג פון דער נאָך־קאָנגרעס־טעטיקייט. דער קאָנגרעס איז געשטאַנען אונטער דעם צייכן פון דער נייער יידישער ווירקלעכקייט, וועלכע פאַרפליכטעט אונדז אָנצופירן אַ באַגייסטערטע אַרבעט פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער מדינה און פאַר דער הכשרה פון דעם פאָלק.

ציוניסטישע פרויען! זאָל אייער וועג זיין אויסגעבעט מיט דערגריי־כונגען און דערפאָלגן פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער נאַציאָנאַלער אוי־טאָ־עמאַנציפּאַציע און פאַר דער סטאַביליזירונג פון דער עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי אין פאָלק און אין דער מדינה.

---

# אַ וואָרט צו דער ספרדישער עדה

(אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט די ספרדישע פאַר־שטייער אין דרום־אַמעריקע; 1951).

מיין האַרץ זינגט אין מיר צוקוקנדיק זיך צו דער דאָזיקער פּרעכטיקער פאַרזאַמלונג און צוהערנדיק זיך צו די דערהויבענע ווערטער וואָס זיינען דאָ געזאָגט געוואָרן לכבוד דער יידישער מדינה. עס וואָלט זיך מיר זייער געוואָלט האָבן דאָ מיט מיר אייניקע פון מיינע ספרדישע פריינט אין ארץ־ישראל: יענער מאַן פון טבריה וואָס איז היינט אַ מיניסטער אין מדינת יש־ראל, יענער פון דמשק וואָס איז אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, יענער ספרדישער יונגערמאַן פון מצרים וואָס איז איצט ראַטגעבער פון אונדזער

אַמבאַסאַדע אין פּאַריז און אויך יענער ספּרדישער ייד וואָס איז איינער פון די גרעסטע העברעאישע שרייבער און נאָך און נאָך. איך וואָלט זייער געוואָלט זיי זאָלן זיין דאָ און זען ווי אַזוי ספרדים נעמען אויף אַן אורח, וואָס איז נישט קיין ספרדישער ייד, ווען אפילו ער איז נישט געכאַפּט אויפן געפיל, אַז ער געהערט צו אַזאַ מין שטאַם וואָס הייסט „אשכנזי"...

אַרויספּאָרנדיק קיין אַרגענטינע האָב איךווירקלעך געגאַרט נאָך אַזאַ באַגעגעניש מיט די ספרדישע ברידער. אויסער מיין דירעקטער שליחות האָבן מיך צו זיך געצויגן צוויי זאַכן אין אַרגענטינע: 1) אַ באַזוך אין מאָזעסוויל — אין באַראָן הירשס קאָלאָניע קרית־משה. איך האָב געוואָלט זיין אין אַן אָרט ווו מען קען מיט די הענט אָנטאַפּן אַ שטיק יידישע געשיכטע; ווו יידן האָבן געמאַכט ערשטע, באַזונדערע, אָנשטרענגונגען צו באַזעצן זיך אויף דער ערד און שאַפן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב — און דאָס אַלץ אויסערהאַלב ארץ־ישראל. — 2) אַ באַגעגעניש מיט די ספרדישע יידן פון אַרגענטינע און אורוגוויי.

פון וואַנען קומט צו מיר אַזאַ אינטערעס צו דער דאָזיקער עדה? ווען איך האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין איסטאַמבול. דאָס איז געווען נאָך דער רעוואָלוציע פון די „יונג־טערקן" און דער דעטראָניזירונג פון סולטאַן אַבדול האַמיד. די רעוואָלוציע האָט אויפגעברויזט אויך דאָס יידישע לעבן אין איסטאַמבול. דאַן האָב איך געשאַפן מיינע ערשטע באַציאונגען מיט ספרדישע יידן — פון די קהילה־פירער ביז צו די איינוווינער פון די יידישע פאָרשטעט. דערנאָך האָב איך געוווינט אַ גאַנץ יאָר אין ביירוט ווו איך האָב זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיטן לעבן פון די יידישע מאַסן, מיט די אינערלעכע באַציאונגען אין דער קהילה, מיט די סכסוכים צווישן די רייכע „סעניאָרן" אאַז"וו און פון זינט איך לעב אין ישראל אינטערעסיר איך זיך מיט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דעם ספרדישן ישוב אין לאַנד. נאָך דעם ווי די גריכן האָבן — פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — איינגענומען סאַלאָניקי און סמירנע, האָט זיך פון דאָרטן אָנגעהויבן אַן עליה קיין ארץ־ישראל. איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט די דאָזיקע עולים און דאָס האָט מיך נאָך מער צוגעבונדן צו דעם ספרדישן ציבור. אויך מיט די עולים פון בולגאַריע האָב איך שטענדיק אָנגעהאַלטן זייער האַרציקע באַציאונגען. צוליב דעם אַלעמען האָב איך זיך געוואָלט טרעפן מיט די ספרדישע ברידער אין אַרגענטינע, ווי אויך כדי אַוועקצושטעלן פאַר זיי דאָס געבאָט פון דער שעה, — די פליכט וואָס ליגט איצט אויף זיי צו שטיין אויף דער וואַך, זיין אַקטיוו און פאַרנעמען פונדאַסניי זייער פּלאַץ אין דעם פּראָצעס פון דער יידישער געשיכטע.

יעדער דור האָט זיינע טרעגער. יעדער דור שפּילט זיין ראָל אין דער יידישער געשיכטע. דאָס ספרדישע יידנטום האָט געשפּילט ז יי ן ראָל — און אַ גאַנץ לאַנגע צייט. דאָס דאָזיקע יידנטום איז דאַן געווען די נשמה

פון דעם גאַנצן פאָלק. דאָס פאָלק איז דאָן באַרייכערט געוואָרן אויף די געביטן פון פּאָעזיע, געדאַנק, לעבנס־שטייגער און נאַציאָנאַלע זאָרג פאַר די יידישע קיבוצים אין די גלות־לענדער. די פּראַכטפולע שאַפונג פון דעם ספרדישן יידנטום אין יענער גלענצנדער עפּאָכע האָט איבערגעלאָזן אַ טיפן רושם אויפן גייסט פון דעם גאַנצן פאָלק און אויף די יסודות פון זיין לעבן ביז היינט צו טאָג. דאָס אַלץ מאַכט, נאַטירלעך, די ספרדים פילן זיך מיוחסדיק. די ערשטע „שבי ציון" — די אשכנזים, וואָס זיינען געקומען ווען ס'האָט זיך געהאַלטן אין אויסבילדן דער „אַלטער ישוב", האָבן זיך געפילט שווער געטראָפן פון דער ספרדישער „יחסנות", הגם די ספרדים האָבן זיכער קיינעם נישט געוואָלט באַוועלן און הגם זייער פאַרצוג האָט געשטאַמט פּשוט דערפון וואָס זיי זיינען פריער געקומען קיין ארץ־ישראל און וואָס זיי האָבן אַזויפיל געטאָן פאַרן קיום האומה.

און אָט זיינען פאַרגעקומען ענדערונגען. ביסלעכווייז האָט זיך אויסגעוועפּט די שעפערישקייט פונעם ספרדישן יידנטום וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיינע וואָרצלען און האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער וועלט. און די רעדער פון דער יידישער געשיכטע האָבן אַרויפגעבראַכט אַ נייעם כוח — דאָס אַזוי גערופענע אַשכנזישע יידנטום. אין דייטשלאַנד און אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך קאָנצענטרירט גרויסע יידישע מאַסן; עס זיינען אַנטשטאַנען מעכטיקע קהילות און אויטאָריטאַטיווע תורה־צענטערן; אינערהאַלב דעם געטאָ האָט געברויזט אַ טיף גייסטיק לעבן. דאָס אַלץ, און די גרויסע אויסערלעכע אויפטרייסלונגען, האָבן געפירט צו דער אויסטערלישער אויפמונטערונג פונעם אַשכנזישן יידנטום. די דאָזיקע אויפמונטערונג האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אַלע גלות־לענדער, האָט געוועקט דרעמלער און טרוימער און האָט זיי פאַרוואַנדלט אין קעמפער. די בענקעניש נאָך ציון איז אַריבערגעגאַנגען צו אַ פאָלקסטימלעכער שיבת־ציון. אין די קינות איבערן חורבן האָבן זיך אַריינגעריסן געזאַנג־טענער פון בנין הארץ. ביי דער זייט פון דער מעכטיקער פּאָעטישער געשטאַלט פון יהודה הלוי האָט זיך אַוועקגעשטעלט די געשטאַלט פון דעם נאַציאָנאַלן פּאָעט חיים נחמן ביאַליק; נעבן די געשטאַלטן פון דאָן יצחק אברבנאל און דאָן יוסף הנשיא — די געשטאַלטן פון די פירשטן פונעם יידישן ווילן — לעאָ פינסקער און טעאָדאָר הערצל.

אַמאָל פלעגן זיך יידישע קהילות אָפּגעבן מיט דער גרויסער מצווה פון פדיון־שבויים. איצט פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט דער אויסלייזונג פון איינצלנע געפאַנגענע, נאָר מיט דער אויסלייזונג פון דעם גאַנצן פאָלק פון זיין געפאַנגענשאַפט. עס איז אַנטשטאַנען די ציוניסטישע באַוועגונג. עס איז אויפגעקומען דער גרויסאַרטיקער חלוצישער דור. אשכנזים פון ירושלים האָבן אויפגעשטעלט די ערשטע יידישע קאָלאָניע פּתח־תקוה. און יידישע יוגנט שטראָמט קיין ארץ־ישראל, לעבט אויף די וויסטענישן, בויט אַ ניי

לעבן און מאַכט אַ וועג פאַרן קיבוץ־גלויות. די „גאָלדענע צייט" פון די אשכנזים פאַרווירקלעכט דעם ווונטש פון דער ספרדישער „גאָלדענער צייט": ס'איז געהאָלפן געוואָרן דאָס פאָלק, ס'האָט זיך דערנענטערט די גאולה, ס'איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן די מדינת ישראל.

אַלע יידישע שבטים האָבן אַ חלק אין דער הייליקער אַרבעט פון בנין הארץ, פון דער מלחמה און פון אויפשטעלן די מדינה, אָבער די העגע־מאָניע איז איצט אין די הענט פון די אשכנזים. זיי, די אשכנזים, די פירער פון דער מדינה און פון ציוניזם, האָבן אויסגעשפּרייט דעם „צויבער טע־פּיך", וועלכער ברענגט טאָג־טעגלעך הונדערטער און טויזנטער שבי־ציון פון לענדער וואָס רעכענען זיך פאַר „ספרדישע". די עליה ברענגט צענדלי־קער טויזנטער יידן פון בבל (איראַק), בולגאַריע, טערקיי, תימן, פּערסיע, קורדיסטאַן און אַלע אַנדערע מזרח־לענדער. זיי קומען מיט זייערע ווייבער און קינדער — באַרוויבטע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע און איבערהויפּט — איבערגעשראָקענע פון די נייע באַדינגונגען, וועלכע זיי געפינען אין ישראל און אין וועלכע זיי דאַרפן בויען זייער ניי לעבן, — באַדינגונגען וואָס זיינען פרעמד צו זייער גייסט און זייער גאַנצן ביז איצטיקן לעבנס־שטייגער. מיר זעען דאָ פאַר זיך די יסורים פון אַבסאָרבירט ווערן אין אַ נייעם פלאַץ. פאָדערט זיך פאַר דער דאָזיקער עליה, אַז כוחות וואָס זיינען נאָענט צו איר אין גייסט און טראַדיציע, זאָלן איר קומען צו הילף — אין צוגאָב צו דער הילף פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דער מדינה און דער אַרבעטער־באַוועגונג.

און דאָ קום איך צום עיקר: דער אָנהויב פון קיבוץ־גלויות מוז ברענ־גען דעם רענעסאַנס פונעם ספרדישן יידנטום. עס זיינען פאַראַן וויכטיקע ספרדישע קהילות און אין זיי — פאַרמעגלעכע עלעמענטן, אינטעליגענץ, קולטורעלע יוגנט — דאַרפן די דאָזיקע קהילות ווערן די וועקער פון דעם ספרדישן יידנטום. איך האָב דאָ אין זינען נישט נאָר די הילף וואָס מען מוז באַלד געבן פאַר דער פאַרוואָרצלונג פון די נייע עולים אין ארץ־ישראל. איך רייד איבערהויפּט וועגן דעם חלוצישן ברען וואָס דאַרף זיך פונאַנ־דערפלאַקערן אין אייערע הערצער און, קודם־כל, צווישן דער אינטעליגענץ און יוגנט. זאָלן זיי ווערן אַקטיוו אויפן נאַציאָנאַלן געביט. זאָלן זיי גיין מאַסנווייז קיין ישראל און פאַרנעמען דאָרטן זייער פּלאַץ אין דאָרף און אין שטאָט, אין קולטור און דערציאונג, זאָלן זיי געבן זייער ביישטייער צום אויפבוי — פון פונדאַמענט ביז צום דאַך. דורך דעם וועלן אויך באַזיי־טיקט ווערן די טענות וועגן עוולות, וועגן כלומרשטער דיסקרימינאַציע.

איך ווייס, אַז עס גייען אַרום אַזעלכע טענות. עס חזרט זיך איבער דאָס וואָס איך האָב דערציילט וועגן די טענות פון די אשכנזים קעגן די ספרדים. די אשכנזים האָבן גובר געווען זייערע געפילן נישט מיט טענות, נאָר מיט

פּראַקטישער ענערגישער טעטיקייט. אָט אַזוי דאַרפן אויך האַנדלען אונ־
דזערע ספרדישע ברידער.

מיר טאָרן נישט סטאַביליזירן די „אשכנזישקייט" און די „ספרדיש־
קייט" אין דעם באַגייטן לעבן אונדזערן אין מדינת ישראל. אויב עס גייט
עמיצן אין לעבן צו האַלטן זיך ביי „נוסח אשכנז" אָדער „נוסח ספרד" —
זאָל מען דאָס איבערלאָזן פאַרן סידור, אין שול,ביים דאַווענען. אָבער אין
אונדזער לעבן וועט זיין בלויז „דער יידישער נוסח". מיטן פאַרזיכערן דעם
דאָזיקן איין און איינציקן נוסח וועלן מיר אויך באַערן דעם אָנדענק פון צוויי
גרויסע „ספרדישע" יידן וואָס געהערן צום גאַנצן פאָלק: דער שר משה
מאָנטעפיאָרע, וואָס האָט געזאָרגט פאַר ציון און פאַרן גלות צוגלייך, און
הרב יהודה אלקלעי וואָס האָט אַרויסגערופן די גרויסע וויזיע פון גאולה
און פון מדינת ישראל.

---

# אויפן געביט פון קולטור

## „הבמה העברית"*)

(געשריבן אין יאר 1911).

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט „הבמה העברית" געשפּילט אין יפו איבסענס „דער פיינט פון פאָלק". די דאָזיקע וויכטיקע אויפפירונג אויף אונדזער יונגער בינע איז פאַר אַ סך דורכגעגאַנגען כמעט ווי אומבאַמערקט. די אָבער, וואָס זיינען נאָענט צו קונסט און אינטערעסירן זיך מיט איר אַנטוויקלונג, האָבן אויפגענומען די דאָזיקע דערשיינונג מיט גרויס פרייד און האָבן באַטראַכט דעם אָוונט, ווען איבסען איז אויפגעפירט געוואָרן אויף אונדזער סצענע, ווי אַ יום־טוב פונעם העבּרעאישן טעאַטער.

„הזורעים בדמעה — ברינה יקצורו..." ווער עס באַגרייפט די שמחה פון דעם זייער ווען ער שפּרייזט איבער זיין פעלד און זעט ווי אַזוי זיין האַרעוואַניע ברענגט אַרויס געוויקסן — דער וועט אויך פאַרשטיין די פרייד פון די וואָס זייען אויפן פעלד פון דער קונסט אין ארץ־ישראל.

„זעט ווי די זריעה איז געלונגען!" — וועט זיך צו אייך מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים ווענדן דער זייער און וועט אייך פאַרהאַלטן ביי יעדן געוויקס וואָס אין אייערע אויגן זעט ער אפשר אויס ווערטלאָז. יאָ, דער געוויקס, וואָס צום האַרץ פון דעם זייטיקן זאָגט ער גאָרנישט, רעדט זייער, זייער פיל צום האַרץ פון זייער...

ריידנדיק וועגן דער דערמאָנטער פאַרשטעלונג, האָב איך נישט בדעה צו רעצענזירן דעם אינהאַלט און די ראָלן, — ווער קען דען נישט די קרעפטן און באַדינגונגען פון אונדזער יונגער בינע! דער עיקר איז דער פאַקט אַליין: אונדזער בינע שטרענגט אָן אַלע אירע כוחות און גייט איבער פון וואָדעוויל און לייכטער קאָמעדיע צו דער ערנסטער דראַמע. דאָס איז אַ גאַנץ נייער שריט. און דער דאָזיקער שריט אַליין איז קאַפּאַבל צו לאָזן וואַקסן פליגל פאַר דיין פאַנטאַזיע. בעת דער פאַרשטעלונג איז מיר שווער געווען צו קאָנצענטרירן זיך און נאָכפאָלגן די שפּיל אויף דער בינע. מיין פאַנטאַזיע האָט מיך געצויגן אַנדערשווו, ווייט ווייט: „אָט שפּילט מען איצט „שטאָקמאַן"; מען קלייבט זיך צו שטעלן אין גיכן זודערמאַנס „יאָהאַנעס פייער"; מען טראַכט שוין וועגן דער אויפפירונג פון „נאָראַ" און אַנדערע שאַפונגען — דאָס בעסטע פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור... הייסט עס, אַז די פּלאַנ־

---

*) די העברעאישע בינע.

צונג האָט זיך אָנגענומען. וואָס ס׳איז פאַרזייט געוואָרן הייבט אָן צו וואַקסן און אָט אַזוי, ביסלעכווייז, אַנטוויקלט זיך העברעאיש טעאַטער ביי אונדז אין לאַנד... מיר זיינען נאָך אָרעם, די העברעאישע דראַמע איז נאָך נישט געשאַפן געוואָרן — וועט „הבמה העברית" נאָכפאָלגן דעם פאַרלאַג „יפת": גלייך ווי „יפת" וועט אויך „הבמה העברית" צוערשט געניסן פון פרעמדע שפּראַכן, וועט באַרייכערן אונדזער גערדאַנקען־וועלט מיט די גייסטיקע אוצ־רות פון אַנדערע פעלקער — גליקלעכערע פון אונדז. דאָס וועט זיין דער פונדאַמענט. דערנאָך וועט קומען אונדזער שאַפונג, די אָריגינעלע, די ספּעציפישע..."

די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע רוען נישט, פאַרהאַלטן זיך נישט: אָט האָבן מיר שוין דעם אייגענעם שעפער; אָט זיינען די קוואַלן פון וועלכע ער וועט שעפּן זיינע שאַפונגען און אָט איז אויך דער אינהאַלט פון דער אָרי־גינעלער שאַפונג... און אָט אָט קומען צו מיר פון דער צוקונפטיקער שאַפונג צוויי גרונט־מאָטיוון:

„אין דער פרעמד" — דער געראַנגל פון דעם פאָלק מיט זיין שרעק־לעכן גלות־גורל...

„אין דער גאולה" — דער נצחון פון דער שטרעבונג איבער דאָס אומ־מעגלעכע... און די קינסטלערישע דראַמע אין דער העברעאישער שאַפונג וואָס אַנטהאַלט אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע מאָטיוון וועט אַריינפירן אונדזער בינע אין דער ספערע פון אוניווערסאַלער קונסט. בקיצור: אונדזער גאַנצע גלענצנדיקע צוקונפט וויקלט זיך פונאַנדער פאַר די אויגן פון דער פאַנ־טאַזיע. גאָרנישט ווערט פון איר פאַרבאָרגן!

און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אין דער ווירקלעכקייט. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם הייפל אַמאַטאָרן, וועלכע קענען ווידמען דער קונסט בלויז זייערע אָפּרו־שעהן, נאָך דעם אַרבעטס־טאָג. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער אָרעמער סצענע — אָן דעקאָראַציעס און אַנדערע בינע־מיטלען. איך האָב זיך דערמאָנט אין איינצלנע אַרטיסטן, מיט אַ באַדייטנדיקן דראַ־מאַטישן טאַלאַנט וואָס האָבן קיינמאָל קיין לייטישע פאַרשטעלונג פאַר די אויגן נישט געזען... אָן אַ דראַמאַטישער שולע, אָן אַ דערפאַרענעם רע־זשיסער, אָן גאָרנישט! ווי אַזוי זשע וועלן מיר פון דער דאָזיקער ווירקלעכ־קייט קומען צו דער פאַרווירקלעכונג פון דער פאַנטאַזיע?

***

דער הויפּט־פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון אַ נייער בינע איז דאָס פּובליקום, וואָס פאַר אַ בילדונג דאָס פּובליקום פאַרמאָגט און וואָס פאַר עסטעטישע פאָדערונגען — אַזאַ סטעמפּל לייגט עס אַרויף אויפן טעאַטער, אויף דער בינע. און אויב אַזוי, לאָגיש גענומען, פאַרזיכערן די אָביעקטיווע באַדינגונגען דעם דערפאָלג פונעם העברעאישן טעאַטער אין לאַנד.

דער יידישער טעאַטער אין גלות האָט נישט קיין לעבעדיקן קאָנטאַקט מיטן אינטעליגענטן פּובליקום. דער יידישער משכיל, מיט זיין אַלגעמיינער דערציאונג, ציט זיך צום פרעמדן, רייכן און אַנטוויקלטן טעאַטער. דער באַזונדערער אינטערעס וואָס אונדזער נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ אין רוסלאַנד ווייזט אַרויס צום יידישן טעאַטער איז נישט קיין טעאַטרלעכער, ווייל ער שטאַמט נישט פון אירע געוויינלעכע טעאַטער־באַדערפענישן. דאָס איז אַ באַוועגונג וואָס איר יסוד איז — פּראָפּאַגאַנדע און איר אויפגאַבע — נאַציאָנאַלער קאַמף מיט פרעמדע איינפלוסן.

ביי אונדז איז אַנדערש: יענער געזעלשאַפטלעכער קרייז וואָס איז דורך און דורך עמפּינדלעך צום אינהאַלט פון דער מרידה פון „פאָלקס פיינט" — ער איז דאָס דער, וואָס האָט געשאַפן די „אַמאַטאָרן־בינע", האָט אַרויסגעגעבן פון זיך די אַרטיסטן וואָס זוכן די פאַרקערפּערונג פון שטאָקמאַנען אויף דער בינע און וואָס איז מיט דעם אַלעמען די לעבעדיקע גאַראַנטיע פאַר דער קינסטלערישער פעדערונג פון טעאַטער. פאַראַן דאָ אין לאַנד אַן אינטעליגענטן־קרייז, וואָס נויטיקט זיך אין אַ העברעאישער בינע, ווייל דאָס איז פאַר אים אַ טעאַטרלעכע עסטעטישע באַדערפעניש וואָס קען נישט באַפרידיקט ווערן אַנדערש ווי אין העבראיש. אַנדערע עלעמענטן — אַנאַציאָנאַלע אָדער אומאַנטוויקלטע — ווייזן דערווייל נית אַרויס קיין אינטערעס און באַציאונג צום טעאַטער און אַז זיי וועלן זיך אַמאָל דערנענטערן צו אונדז וועלן נישט זיי באַאיינפלוסן די בינע, נאָר די בינע וועט באַאיינפלוסן זיי.

לאָמיר אַגב אונטערשטרייכן נאָך איינע אַן אויפגאַבע פון טעאַטער: ביי אַלע פעלקער פאַרבעסערט די בינע און פאַרפולקומט די רייד־שפּראַך; אויך באַרייכערט זי דעם אוצר פון אירע אויסדרוקן און דיאַלעקטן. דער קינסטלער וואָס רופט זיינע טיפן אַרויס צום לעבן אין פאַרשיידענע גייסטיקע סיטואַציעס, שאַפט גלייכצייטיק די ניואַנסן פון יעדער נייער גייסטיקער באַוועגונג, וואָס איז נאָך אומקלאָר און אומבאַקאַנט און וואָס אין איר לעבעדיקער פאַרקערפּערונג אויף דער סצענע גייט זי אַריין — ניי־געפאַרבט — אין טאָג־טעגלעכן לעבן. פון שטאַנדפּונקט פון שפּראַך־אויפלעבונג איז בכן, די עקזיסטענץ פון דעם העברעאישן טעאַטער נישט קיין עסטעטישער לוקסוס, נאָר אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט.

די פלאַנצונג, ווי געזאָגט, האָט זיך אָנגענומען, איז געלונגען. אַ גרופּע טרוימער מאַכט אַנשטרענגונגען און שטייגט טריט נאָך טריט, מען פירט אויס שיין און קינסטלעריש די קאָמעדיעס פון טשעכאָוו דעם רוס און שלום־עליכם דעם ייד; מען באַמיט זיך און מען שטעלט די פּיעסן פון יעקב גאָר־דין, דוד פּינסקי און שלום אַש — ביז מען וואַגט און מען שפּילט אויך דראַמעס פון איבסען...

ליידער איז נאָך אָבער ווייט די צייט ווען אונדזער אַמאַטאָרן־גרופּע

וועט קענען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּראָפעסיאָנעלער טרופּע. ווער ווייס ווען דאָס וועט אַמאָל געשען; נאָר ביז דאַן וועט זיך נישט אַמאָל צעלויפן דאָס הייפל קונסט־חלוצים אונדזערע? וועט נישט פאַרוועלקט ווערן די איי־דעלע פלאַנצונג אָן באַוואַסערונג?

איך האָב נישט לאַנג צוריק געהאַט אַ שמועס מיט אַ טוריסט. ביי זיך אין לאַנד איז ער אַ באַקאַנטער מעצענאַט וואָס שטיצט אונטער אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט קונסט און ליטעראַטור אין העברעאיש. ער האָט זיך אַמאָל זייער אינטערעסירט מיטן „יידישער פאַרלאַג" און מיט דער דייטש־יידישער רענעסאַנס־ליטעראַטור, לעצטנס האָט ער זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט אונדזער „בצלאל" — מיט רעקלאַמירן אים און פאַרשפּרייטן זיינע אַר־בעטן. דעם נאָמען פון דאָזיקן מעצענאַט קען מען אויך געפינען צווישן די גרינדער פון דעם יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד — דעם אַרום וועלכן עס האָט זיך איצט אין רוסלאַנד געשאַפן אַ באַוועגונג אַ גאַנצע. האָב איך גע־מיינט, אַז ער וועט זיך פאַראינטערעסירן אויך מיט אונדזער בינע און אפשר וועט זיך ביי אים דערביי צעפלאַקערן זיין מעצענאַטיש פייערל. אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט: דער מעצענאַט האָט איינגעפונען, אַז דער גאַנצער ענין פון טעאַטער, ווי אויך קאָנצערטן און אפילו ליטעראַטור, זיינען אין ארץ־ישראל סתם דברים בטלים. לויט זיינע דערפאַרונגען, במשך די עט־לעכע טעג פון זיין באַזוך אין לאַנד, פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע זאַכן בלויז פּוסטעפּאַסניקעס — יונגעלייט וואָס האַלטן אין איין ריידן וועגן עבודה עברית און אַליין פירן זיי זיך אויף אַזוי, אַז זיי שטערן יעטוועדע אַרבעט אין ישוב. און צוריק גערעדט: פון וואַנען זאָל אַזאַ איינער פאַרשטיין אונ־דזערע שטרעבונגען? ער איז דען געבליבן מיט אונדז דאָ, כדי צו לעבן מיט אונדז צוזאַמען און צוזאַמען קעמפן פאַר גייסטיקן שפּייז?

ביי אַנדערע פעלקער איז דער טעאַטער געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף פון נדיבים, קעניגן, רעגירונגען און סתם מעצענאַטן און עד היום האַלטן זיך דער רוב טעאַטערן אויס פון אַזעלכע קוועלן. אויך אונדזער טעאַטער נויטיקט זיך אין מעצענאַטן וואָס דער טעאַטער איז פאַר זיי אַ „האָבי".

אָבער ביז עס וועט קומען דער „גואל" — אונדזערע בעסטע ווונטשן פאַר די פלאַנצער, פאַר די וואָס מאַכן אָנשטרענגונגען, וואַגן, שטרעבן צו דער צוקונפט און בויען פאַר דער צוקונפט. זאָלן זיי נאָר נישט מיד ווערן! עס וועט נאָך קומען אַ טאָג און דער כראָניקער פון אונדזער רענעסאַנס וועט אַריינפירן אויך אונדזערע טעאַטער־חלוצים אין דעם פּאַנטעאָן פון די וואָס שאַפן דאָס ניי־לעבן.

---

# „קול העם"*)

(געשריבן אין יאָר 1913).

ערב־פּסח איז ענדלעך דערשינען דער ערשטער נומער פון דער פאָלקס־צייטונג „קול העם". ווען דער פּאַרטיי־ראַט האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די דאָזיקע צייטונג האָט ער זיך קאָנקרעט נישט פאָרגעשטעלט איר פאָרם און אינהאַלט. דאָס איז אַ נייער געביט אין אונדזער ליטעראַטור און עס איז, בכלל, אַן אייגנאַרטיקע אויסגאַבע: אַ ה ע ב ר ע א י ש ע צ יי ט ו נ ג פאַר די פאָלקס־מאַסן! אונדזער פּרעסע, ווי אונדזער ליטעראַטור, איז אַמאָל געווען באַשטימט פאַר למדנים און משכילים, היינט — פאַר דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ. אָבער ריידן צו דער מאַסע וועגן אַקטועלע ענינים אין ה ע ב ר ע א י ש — אַזוינס איז נאָך נישט געווען און האָט גאָר נישט געקענט זיין. אין דעם לעבן פון פאָלק אין גלות הערשן די גלות־שפּראַכן. אין ארץ־ישראל איז אָבער אַנדערש: דאָ — פּאָטענציעל — עקזיס־טירט אַ ה ע ב ר ע א י ש ע מאַסע און וויל מען צו איר ריידן — מוז מען באַנוצן די שפּראַך וואָס פאַרייניקט אַ ל ע טיילן פון פאָלק.

די זאַך איז אָבער ניי און די מאַסע — אין אירע פאַרשיידענע טיילן — איז אונדז נישט גענוי באַקאַנט, קומט אונדז אָן שווער — דערווייל — אויסצוגעפינען די געהעריקע פאָרם און אינהאַלט.

ביים צוגרייטן דעם ערשטן נומער פון „קול העם" האָבן די אַרויסגע־בער גענומען אין אַכט צוויי מאָמענטן: 1) דער קאָנקרעטער לייענער־קרייז פון צווישן דער מאַסע — די תימנער, 2) דער ליטעראַרישער פּראָטאָטיפּ פון די רוסישע „נאַראָדניקעס".

וואָס שייך די תימנער: די כוונה איז לכתחילה געווען, אַז די צייטונג זאָל זיין געווענדט צו אַשכנזים, ספרדים, תימנים אאַז"וו, אָבער ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק, האָבן מיר געמוזט אויס־קלייבן אַן אָנהאַלטס־פּונקט צווישן אַ באַשטימטן לייענער־קרייז אויף וועלכן מיר זאָלן זיך אָריענטירן און וועלכער זאָל אונדז דינען אַלס קאָמפּאַס. האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף די תימנער וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטע־ריסטיש און אַזוי אייגנאַרטיק אין זייער העברעאישן וועזן. עס דאַכט מיר, אַז די תימנער זיינען אַמנאָענטסטן צום העברעאישן שורש. אונדזערע אַמאָ־ליקע קולטור־ווערטן און אונדזערע אייביקע בענקענישן נאָך דער צוקונפט באַוועגן זיי אין זייער טאָג־טעגלעך לעבן און אין זייער גייסטיקער וועלט.

און וואָס נוגע דעם מוסטער פון די רוסישע נאַראָדניקעס, נעמען מיר אים, נאַטירלעך, נישט צוליב דער נישט־עקזיסטירנדיקער ענלעכקייט צווישן

*) אונטערן נאָמען „קול העם" דערשיינט איצט אין ישראל אַ טעגלעכע צייטונג פון די קאָמוניסטן...

די רוסישע מאַסן און די יידישע אָריענטאַלישע מאַסן, נאָר ווייל מיר ווילן קאָפּירן די רוסישע נאַראָדניקעס אין זייער צופּאַסן זיך צום פאָלקס־גייסט און אין זייער שטרעבונג אינטים צו פאַרבינדן זיך מיט דער מאַסע און ריידן אין איר שפּראַך.

עס איז דערשינען דער ערשטער נומער פון „קול העם" און הגם מיר זיינען נאָך נישט אינגאַנצן זיכער צי איז ער אַ געלונגענער, קענען מיר באַ־הויפּטן, אַז אַ שריט האָבן מיר געמאַכט אַ וויכטיקן. נאָך דער גרינדונג פון דער ערשטער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און נאָכדעם ווי מיר האָבן אויפגעשטעלט דעם פאַרלאַג „לעם"*) און דערמיט געלייגט דעם יסוד פון אַ ליטעראַטור פאַר פאָלקס־בילדונג, האָבן מיר ווידער זוכה געווען צו זיין די ערשטע ביים שאַפן די ערשטע העברעאישע פאָלקס־טריבונע.

„קול העם" דאַרף גיין צו די מאַסן, ריידן צו זיי אין אַ פּאָפּולערער שפּראַך וועגן זייערע אַקטועלע ענינים, וועגן בירגערלעכע רעכט און פליכטן, וועגן די באַדערפענישן פון דעם ישוב. די דאָזיקע טריבונע דאַרף אויך סטי־מולירן די מאַסן צו באַנייען אונדזערע נאַציאָנאַלע ווערטן און אַדאַפּטירן די אוניווערסאַלע קולטור־דערגרייכונגען. קורץ: „קול העם" דאַרף אַקטיוויזירן די מאַסן און דערהייבן זיי צו אַ מדרגה פון אַ רעאַלן סאָציאַלן פאַקטאָר. „קול העם" דאַרף זיין אַ שטאַנדהאַפטיקע פּעריאָדישע אויסגאַבע אַרום וועלכער עס זאָלן זיך קאָנצענטרירן אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן.

---

# אַ הערצל־מוזעאום

(געשריבן אין יאָר 1914).

הערצל האָט געבעטן, אַז מען זאָל זיינעביינער אויפברענגען קיין ארץ־ישראל... אָבער איידער מיר וועלן איבערפירן דעם טויטן מנהיג, לאָמיר אויפברענגען אַהערצו הערצלען דעם לעבעדיקן — דעם וואָס לעבט אין זיי־נע שאַפונגען, וואָס לעבט אין זכרון און אין די ווערק פון זיין דור. זיין פּערזענלעכקייט, זיין לעבנס־סוד, די צען יידישע יאָרן זיינע — דאָס אַלץ איז פאַר אונדז און פאַרן קומענדיקן דור אַ גאַנצע תורה וואָס פירושים צו איר געפינען מיר אין זיינע רעדעס און שריפטן, ווי אויך אין שאַפונגען פון שרייבער און קינסטלער, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו אַנטפּלעקן זיין מהות.

לאָמיר בכן שאַפן, צום צענטן יאָרצייט, אַ הערצל־מוזעאום. דאָרטן

---

*) ביכער־פאַרלאַג פון „הפועל הצעיר" וואָס האָט אַרויסגעגעבן צענדליקער בראָ־שורן איבער פעלקער, לענדער, נאַטור, געשיכטע און אַז. וו.

וועט זיין דער אַרכיוו פון זיינע מאַנוסקריפּטן און בריוו און פון אַלץ וואָס איז געשריבן און געשאַפן געוואָרן איבער אים — אָפּהאַנדלונגען, לידער, בילדער, סטאַטועס... עס וואָלט געוועזן גוט צו קאָנצענטרירן דאָרט אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יענע אינסטיטוציעס אונדזערע אין וועלכע דער גרויסער שאַפער האָט געהאַט אַ האַנט. צו אַזאַ מוזעאום וואָלטן וואָרשיינ־לעך אויך איבערגעפירט געוואָרן הערצלס מעמוארן און אַנדערע זאַכן זיינע, וועלכע געפינען זיך אין דעם ציוניסטישן אַרכיוו. דאָרטן וועלן אויך געהיט ווערן אַלע ווערט־זאַכן פון זיין פּריוואַטן באַזיץ, ווי מעבל, די ביבליאָטעק זיינע אאַז״וו און וועט אונדז געלינגען אויפצושטעלן דעם דאָזיקן מוזעאום וועלן מיר אויך טראַכטן וועגן אַ ספּעציעלן פאָנד וואָס זאָל פון צייט צו צייט געבן פּרייזן פאַר שאַפונגען געווידמעטע הערצלען.

פאַרשטייט זיך, אַז אויפשטעלן דעם מוזעאום וועט מען דאַרפן אין ירושלים, וועלכער הערצל האָט אויפן לעצטן קאָנגרעס פון פאַר זיין טויט, געשוואָרן טריישאַפט. און ס'איז געווונטשן, אַז דער מוזעאום זאָל זיין אין דער געביידע פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק — אין „בית נאמן" פון ד״ר ל. כאַזאַנאָוויטש.

פאַר דער שאַפונג און אויסהאַלטונג פון דעם הערצל־הויז אין ירושלים פאָדערן זיך געלט־מיטלען און זיי וועלן געגעבן ווערן דורך ציוניסטן, קודם־כל — דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער דעם ערשטן אָרט אין די ביישטייערונגען דאַרף פאַרנעמען ארץ־ישראל. די הכנסה פון ספּעציעלע הערצל־אָוונטן וועט זיין געווידמעט דעם הערצל־מוזעאום.

זאָל זיך אָרגאַניזירן אַן איניציאַטיוו־גרופּע וואָס זאָל אויף זיך נעמען די אויפגאַבע אויפצושטעלן דעם דאָזיקן טעמפּל. און מען דאַרף זיך צו־איילן: הערצלס גענעראַציע גייט פון אונדז ביסלעכווייז, איינציקווייז, אַוועק...

---

# אונדזער קולטור־טעטיקייט

(אויף אַ כינוס פאַר קולטור־טעטיקייט אין די קאָלאָניעס: 7טן מאַי 1937).

דער דאָזיקער כינוס פון די קולטור־קאָמיסיעס פאַלט אויס נאָך אַ יאָר פון אויפטרייסלונגען און שווערע פאַרלוסטן. ס'איז גרויס דער ווייטיק, אָבער אויך יסורים זיינען באַלערנדיק און אויך דורך שווערע איבערלעבונ־גען ווערט רייכער דאָס גייסטיקע לעבן פון אַ פאָלק. דאָס מסירת־נפש, דער צער און די ווייטיק פון די ביים לעבן־איבערגעבליבענע און די פּראַכט־לעגענדע וואָס וועבט זיך אַרום די געשטאַלטן פון די אומגעקומענע — פאַר־

טיפן די עמפינדלעכקייט פון די מאַסן און זייער קולטור. די „עשרה הרוגי מלכות" — די קרבנות פון פאַרברעכערישער הערשאַפט וואָס דאָס פאָלק האָט זיי נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען אין זיינע תפילות — האָבן דור־רות־לאַנג געשטאַרקט דעם מאָראַלישן כוח פון פאָלק. די טייערע געשטאַלטן פון אונדזערע געפאַלענע וועלן נישט פאַרגעסן ווערן און נישט פאַרגעסענע וועלן זיי אונדז מאָראַליש קרעפטיקן אין אונדזער קאַמף מיט דער הערשאַפט פון מענטשלעכער רשעות.

מיר דאַרפן זיך אָפּשטעלן אויף נאָך גרויסע פאַרלוסטן וואָס מיר האָבן געהאַט זינט אונדזער פריערדיקן כינוס: עס זיינען פון אונדז אויף אייביק אַוועקגעגאַנגען צוויי חברים־לערער, וועלכע האָבן דיריגירט מיט די געדאַנקען פון דער יידישער אַרבעטס־באַוועגונג. דער ערשטער איז אַוועק משה ביילינסון, דער ממשיך און נאָך אים — יוסף אַראָנאָוויטש, דער יסודות־לייגער.

משה ביילינסאָן האָט אין זיך פאַרקערפּערט און מיט זיך סימבאָלי־זירט קולטורעלע דערהויבנקייט — אין פאָרם און אינהאַלט. זיין גייסטיקן כוח —. די אַמאַלגאַמאַציע פון אייראָפּעאישן וויסן און רוסישן אידעאַליזם מיט גרויסן יידישן גאולה־פאַנאַטיזם — האָט ער אַריינגעטאָן אין זיין טאָג־טעגלעכער פובליציסטישער טעטיקייט. דעם גייסטיקן מהות פון דעם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער האָט ער איינמאָל דעפינירט אויפן פאָלגענדיקן אופן: „דער א״י־אַרבעטער לייקנט אָפּ די עצם פאַרטיילונג אויף מאַטעריע און גייסט. אין זיין באַוווסטזיין איז ער, דער מענטש פון האַמער און אַקער־אייזן, נישט ווינציקער אינטעלעקטועל פון דעם וויסנשאַפטלער אָדער שריפטשטעלער. ער האָט טאַקע נישט די בילדונג פון יענעם געלערנטן, און נישט דעם טאַלאַנט פון דעם דיכטער, ער וועט אָבער נישט מוותר זיין אויף זיינע אינערלעכע גייסטיקע ווערטן און וועט נישט אנערקענען דעם מאָנאָפּאָל פון ווענען ס׳זאָל נישט זיין אויף די דאָזיקע ווערטן..."

דער צווייטער וואָס איז פון אונדז אַוועק איז דער אינספּיראַטאָר און שעפער, דער בויער פון דער ערשטער העברעאישער טריבונע פאַר אַרבעטער און פאַר דעם אַרבעטס־אידעאַל, דער וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אונ־דזער ווערק פון זינט זיין אויפקום ביז היינט צו טאָג. אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען א״נ „דער טעמפּל פון דער העברעאישער קולטור" (געדרוקט מיט 27 יאָר צוריק אין זיין צייטונג „הפועל הצעיר") האָט ער אויפן פאָלגנדן אופן פאָרמולירט די געפאַר, וואָס לויערט אויף אונדז אין דעם פּראָצעס פון שאַפן אַ ניי לעבן דאָ אין לאַנד: „אנשטאט איין גלות האָט זיך דאָ קאָנצענ־טרירט אַ קיבוץ־גלויות — יעדער איינער מיט דער שפּראַך פון זיין פריער־דיקן לאַנד און מיט דער קולטור פון זיין פריערדיקער מדינה". דער דאָזיקער דורכדרינגלעכער אַנאַליז פון אונדזער ווירקלעכקייט האָט געדינט ווי אַ טרייב־קראַפט פאַר דער טעטיקייט פון י. אַראָנאָוויטש אין פאַרלויף פון צענד־

ליקער יאָרן. זיין טעטיקייט האָט זיך ברייט צעצווייגט, אָבער מער פון אַלץ האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט קולטור־ענינים. אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל שלאָגט ער פאָר „צו שאַפן פאַר דער קולטור־טעטיקייט אין ארץ־ישראל אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע. וואָס איז צענטער זאָל זיין אין ארץ־ישראל און איר פּעריפעריע זאָל זיין די גאַנצע וועלט". אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז נישט אַנט־שטאַנען, אָבער עס זעט אויס אַז אין אונדזער קולטור־אַרבעט, און אפשר אויך אין אונדזער איצטיקן כינוס, הערט זיך דער עכאָ פון אַראָנאָוויטשעס צוואה.

דער כינוס דאָ פאַרנעמט זיך ווידער מיטן פּראָבלעם וואָס באַשעפטיקט דעם יידישן אַרבעטער פון זיינע ערשטע טריט אין לאַנד. אָנהייבנדיק מיט דער ערשטער קאָרעספּאָנדענץ פון דעם יידישן אַרבעטער צו זיין צייטונג. האָט דאָס פּראָבלעם פון קולטור־טעטיקייט נישט אויפגעהערט צו דינען ווי אַ טעמע פאַר אונדזער פּובליציסטיק. די קאָרעספּאָנדענץ פון אַ שרייבער, אַן אַרבעט־דעראָבערער, וועלכע איז געווען דער אָנהייב פון אונדזער אַר־בעטס־ליטעראַטור, האָט באַהאַנדלט נישט נאָר אַרבעטס־פראַגן, האָט זיך פאַרנומען נישט נאָר מיט קריטיקירן די קאָלאָניסטן און מיט מאָלן די עקס־פּלאָטאַציע און די פרעמדקייט צום ציוניסטישן אידעאַל, נאָר אויך מיט שאַרף קריטיקירן דעם קולטור־מצב אין דער קאָלאָניע. די קאָרעספּאָנדענץ האָט דערציילט וועגן די באַמיאונגען אויפצושטעלן אַן אַרבעטער־קיך און צו פאַר־בעסערן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פונעם אַרבעטער און גלייכצייטיק האָט זי מיט ליבשאַפט געשילדערט אַלע דערשיינונגען פון קולטור־טעטיקייט: דאָס לערנען העברעאיש, אָוונט־קורסן. אַמאַטאָרן־פאָרשטעלונגען און אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער אידייאישער און קולטורעלער פעסטיקונג פון אַרבעטער און לערערס אין דער קאָלאָניע. דער כיבוש־העבודה איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון די באַמיאונגען אויפן געביט פון קולטור. אין די באַ־דינגונגען, וועלכע האָבן עקזיסטירט פאַר יידישער אַרבעט, האָט מיט זיך „כיבוש העבודה" פאָרגעשטעלט אַ שווערן פּראָצעס פון כיבוש היצר. אָן אַ טיפן קולטור־פונדאַמענט, אָן אַן אַלזייטיקער אויפקלערונג פון דעם פּאָליטישן און אידייאישן אינהאַלט פון דער „כיבוש־העבודה"־אויפגאַבע איז אוממעג־לעך צו סטימולירן יונגע כוחות צו אונדזער אידעאַליסטיש ווערק. אין זיין אַרטיקל „נאַציאָנאַלע שאַפונג און — חשבונות" אַנטפּלעקט אונדז אליעזר שוחט דעם סוד פון אַרבעט אין דער שאַפונג פון אַ ניי לעבן אין לאַנד. ער זאָגט: „בלויז די אַרבעט קען וועבן דעם פאָדעם. וואָס זאָל אונדז אינערלעך, אויף אַן אמת, באַהעפטן צום לאַנד, די אַרבעט וועט פאַר אונדז שאַפן די טי־פע נשמהדיקע באַציאונג וואָס אַ מאָלער האָט צו זיינס אַ בילד און נישט יע־נע אויבערפלעכלעכע, „געזעצלעכע באַציאונג וואָס עס האָט אַ קונה צו אַ גע־קויפט בילד"...

אין דעם פּראָצעס פון שאַפן אונדזער לעבן דאָ שפּילט זיך אָפּ אַ שווע־

רער גרעאַנגל צווישן צוויי אומטיילבאַרע עלעמענטן — עמיגראַציע און עליה. דער חורבן פון פאָלק אין גלות און דער מוז פון אונדזער וואַקסן אין ארץ־ישראל מאָנען אַן אומאויפהערלעכע מאַסן־עמיגראַציע. אָבער אונדזער שטרעבונג צו נייע לעבנס־פאָרמען פאַרלאַנגען ע ל י ה, און נישט אַן עמי־גראַנטן־שטראָם.

אין דעם געראַנגל צווישן עמיגראַציע און עליה וועט דעצידירן די קול־טור וואָס וועט פאַרוואַנדלען עמיגראַנטן אין עולים.

באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין ארץ־ישראל איז מיר אויסגעקומען צו פאָרן מיט אַ דיליזשאַנס פון חיפה קיין זכרון־יעקב. צווישן די פּאַסאַזשירן זיינען געווען קאָלאָניסטן פון זכרון און אויך אַ מאַלאַריע־קראַנקער אַרבע־טער, וואָס האָט פאַרבראַכט אין חיפה, ווהין מען האָט אים געשיקט צוליב דער דיפערענץ אין קלימאַט. אויפן וועג האָט זיך געפירט אַ בייסיקער שמועס צווישן דעם אַרבעטער און איינעם פון די קאָלאָניסטן. מען האָט גערעדט יידיש און דער אַרבעטער האָט זיך צווישן אַנדערן געקלאָגט אויף שווינדלע־רייען: אַפילו דער וויין, וואָס „כרמל"־אַגענטן פאַרקויפן אין חיפה, איז געמישט מיט וואַסער. „טאָ פאַרוואָס קלאָגן זיך נישט די אָפּגענאַרטע אַר־בעטער פאַר דער לייטונג פון וויין־קעלער אין ראשון־לציון?" — פרעגט דער באַליידיקטער קאָלאָניסט. ענטפערט אים דער אַרבעטער פראָסט־פּשוט: „צום וויין־קעלער אין ראשון־לציון דאַרף מען שרייבן העברעאיש, און די אַרבעטער וואָס האָבן צוטאָן מיט וויין, קענען קיין העברעאיש נישט; די וואָס קענען — טרינקען נישט קיין וויין".

זייט דאַן זיינען אַוועק אַ סך יאָרן. אין לעבן פון אַרבעטער זיינען פאַר־געקומען גוואַלדיקע ענדערונגען. מיר האָבן גרויסע דערגרייכונגען אין קול־טור־לעבן פון דער אַרבעטערשאַפט. עס איז אַפילו פאַרשוווּנדן דער „קעגנ־זאַץ" צווישן ליב האָבן וויין און קענען העברעאיש. עס איז אויסגעוואַקסן אַ ליטעראַטור און עס האָבן זיך פאַרמערט אונדזערע קולטור־ און קונסט־פאַר־מעגנס. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן אַ סך סעמינאַרן. ס'זיינען געעפנט געוואָרן אַרבעטער־קלובן, עס איז אויך דערהויבן און פאַרטיפט געוואָרן דער אינהאַלט פון אונדזערע פייערונגען. עס איז געענוג אַ בלעטער צו טאָן די „הגדה לפסח", וואָס גבעת־ברנר האָט אַרויסגעגעבן צום סדר פון פסח תרצ"ז, כדי אַרויסצולערנען אונדזער טיפן קולטורעלן ווילן צו אַמאַלגירן דאָס אַלטע מיטן נייעם און פון דאָס ניי צו פורעמען אונדזער לעבן. אונדזערע דערגריי־כונגען דריקן זיך אויס נישט נאָר אין וואָרט און שריפט. אונדזער טיפע קול־טור אַנטפּלעקט זיך אויך אין אַנדערע פאָרמען. איך האָב אין זינען בעיקר צוויי דערשיינונגען: א) אונדזער האַלטונג אין די איצטיקע געשעענישן *),

---

*) די געשעענישן פון 1936—1939, ווען די אַראַבער האָבן געפירט אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן דעם רואיקן ישוב.

דאָס וואָס מען רופט „הבלגה״*). ווי מיר זאָלן נישט אָפּשאַצן די הבלגה — איינס איז קלאָר: אַן אַ טיפער אינערלעכער קולטור קען נישט געמאָלט זיין אַזאַ קאָלעקטיווע דיסציפּלין און אַזאַ מאָס פון זעלבסטבאַהערשונג. ב) די גרינדונג פון נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אין די איצטיקע טעג; אָן גרויסער קולטור און גייסטיקע אוצרות וואָלט נישט מעגלעך געווען דאָס באַזעצן די ערד אין די איצטיקע באַדינגונגען, אין טעג פון די געשעענישן — און נישט ווי אַ זשעסט, ווי אַן איינמאָליקער גבורה־אַקט, נאָר נעמענדיק אויף זיך דעם יאָך פון אַ לעבן, וואָס איז דורכאויס אויסגעשטעלט אויף סכנות, אָפּענע און באַהאַלטענע. יאָ, מיר האָבן זייער פּראָגרעסירט אין אונדזערע קולטור־דערגרייכונגען.

און דאָך, ווען דו לייענסט דעם באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון מרכז לתרבות פאַר די לעצטע זעקס חדשים, באַפאַלט דיך אַ טיפע זאָרג. אָט לייענען מיר: „טויזנטער הסתדרות־חברים, וואָס די עליה האָט זיי געבראַכט אין די לעצטע יאָרן, זיינען נישט געבילדעט און זיי האָבן אפילו קיין אַנונג נישט וועגן דער הסתדרות און דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ סך עולים קענען נישט די שפּראַך און זיי באַזוכן נישט קיין אָוונט־קורסן. און עס איז ביי אונדז נישטאָ קיין אַטמאָספער אין וועלכער דער עולה זאָל זיך פילן פאַרפליכטעט צו דערווערבן די שפּראַך...״ אַזעלכע שורות צעשטערן אונדז די שמחה פון די פּאָזיטיווע דערגרייכונגען. מוזן מיר שאַפן אַן „אַטמאָספערע״. און מיר דאַרפן זיך נישט באַגרענעצן מיטן געביט פון שפּראַך און בילדונג. מיר דאַרפן אויסברייטערן אונדזער טעטיקייט אויך אויף געביטן פון סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן אין לאַנד. למשל, אויפן געביט פון מוניציפּאַלער אַרבעט. אונדזערע פאָרשטייער אין די מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס זאָרגן נישט נאָר פאַר מאָמענטאַנע, טיילווייזע אינטערעסן פון זייערע וויילער, נאָר — בעיקר — פאַר „איבערשאַצן די ווערטן״, פאַר דער דערהייבונג פון דעם גייסטיקן און מאַטעריעלן לעבן פון דעם גאַנצן כלל. דאַרף די הסתדרות אויסבילדן, צוגרייטן, ווי דעם ציבור, אַזוי זיינע פאָרטרעטער, צום אויספירן בירגערלעךפּאָליטישע אויפגאַבן. אונדזער קולטור־טעטיקייט דאַרף אין זיך בכן איינשליסן אויך דעם דאָזיקן געביט.

נאָך אַן אויפגאַבע, אַ גרויסע, האָט פאַר זיך אונדזער קולטור־טעטיקייט: דערציִען די יוגנט. מיר דאַרפן „איינגעמען״ אויך די יוגנט, וואָס שטאַמט פון בירגערלעכע קרייזן אין לאַנד.

מיר לעבן איצט אין שווערע טעג, אָבער גרויסע. אַ סך הענגט אָפּ פון אונדזער מאָראַלישער שטאַנדהאַפטיקייט. און די שטאַנדהאַפטיקייט הענגט אָפּ פון אונדזער קולטורעלן ניוואָ. ד אָ ליגן דער אינהאַלט און די אויפגאַבן פון אונדזער קולטור־טעטיקייט.

*) הבלגה: זעלבסטבאַהערשונג.

יוסף שפּרינצאַק

# „בית־הספר לפּעילי־ההסתדרות" *)

(דערעפענונגס־רעדע; דעם 1טן מאַי 1947).

מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער שולע, וואָס איר אויפגאַבע — לויט דער דעפיניציע פון זלמן אַראַנאָוויטש — איז „צו געבן די אַקטיווע טוער פון דער הסתדרות אַ טעאָרעטישע צוגרייטונג פאַר הסתדרות־טעטיקייט". איך האַלט עס פאַר אַ זכות צו זיין איינער פון די וואָס עפענען די פייערונג. דאָס איז אַ זעלטענע דערשיינונג אין אונדזער לעבן; אַ דערשיינונג, וואָס מוטיקט און טרייסט, באַזונדערס אין דער איצטיקער תקופה פון תוהו־ובוהו, פון געפאַרן און אומגליקן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און פון חורבן און אומקום פאַרן פאָלק ישראל.

דעם היינטיקן ערשטן מאַי פילט זיך מער ווי אַנדערש־ווען, ווי ווייט דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג פעלט אויס גייסטרייכקייט. און אין אונדזער פאָלק האָט די פיזישע אויסראָטונג פון גרויסע מאַסן רואינירט גייסטיק די שארית הפליטה. די איבערצייגונגס־קראַפט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איבערצייגונג מיט קראַפט. עס זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן די קוואַלן פון חלוציזם. זיינען מיר פאַרפליכטעט צו לאָזן פון דאָס ניי וואַקסן אַ חלוצישן דור און מיר דאַרפן שטאַרקן דעם כוח פון דעם יידישן אַרבעטער.

מיר זיינען אַ קליין פאָלק מיט באַגרענעצטע פיזישע כוחות, אָבער אין גייסט זיינען מיר געווען אַ גרויס פאָלק. דער יידישער גייסט איז שווער געטראָפן געוואָרן אין זיינע מערערע גילגולים, אין פאַרלויף פון די צייטן, אָבער צום שווערסטן איז ער געטראָפן געוואָרן אין אונדזערע איצטיקע טעג. דער יידישער אַרבעטער — ער איז דער, וואָס אין זיין חלוצישער, שעפערישער ראָל און מיטן כוח פון זיין באַוועגונג — דער אַרבעטער־באַוועגונג — האָט ער אויפגעלעבט און דערהויבן דעם יידישן גייסט.

אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן איז געוואַקסן און האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסן די לערע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאַרפן מיר אַריינברענגען אָרדענונג אין דער לערע און איבערגעבן זי דער יידישער יוגנט, דעם יידישן אַרבעטער, די נייע שיכטן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז די טעאָריעס און אידייען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג נייטיקן זיך אין טרעגער. פּאָפּולאַריזאַטאָרן, פאַרטיפער, נייטיקן זיך אין אידייאישע כוחות. און איצט ווערט דער דאָזיקער געדאַנק פאַרווירקלעכט. מיר ווילן נאָך מער פאַרגרעסערן אונדזערע באַמיאונגען; מיר ווילן אויך נישט אויפגעבן אונדזער פלאַץ אין דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג. צוליב דעם אַלעם עפענען מיר היינט דעם בית־ספר לפּעילי־ההסתדרות.

---

*) אַ שול פאַר אַקטיווע טוער פון דער הסתדרות.

דאָס הויז איז שיין, אָבער דער עיקר איז דאָס לערנען. דאָ אין הויז וועט מען לערנען און שטודירן די אַרבעטער־באַוועגונג אין איר פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט, אויפן וועג צו גאָר גרויסע טעג. און אין די לימו־דים דאָ, אין דעם דאָזיקן בית־מדרש, וועט זיך צעפלאַקערן די יידישע „נשמה יתירה״.

איך דערמאָן זיך אין נאָך אַ חנוכת־הבית אין אונדזער שטאָט: מיט 38 יאָר צוריק האָבן מיר געפייערט די דערעפענונג פון דער גימנאַזיע „הרצליה״. אונדזער שטאָט איז דאַן געווען נישט מער ווי אַ קוואַרטאַל, אַ פאָרשטאָט, אָבער וויפיל לעבן האָט יענער בנין אַריינגעבראַכט! עס זיינען פון אים אַרויס־געקומען באַרימטע הסתדרות־טוערס, ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, ווי אויך וויכטיקע ציוניסטישע עסקנים. איך נעם זיך שטאַרק איבער דערמיט, וואָס מיר שטעלן אויף דאָס דאָזיקע הויז, וואָס וועט זיין אַ שיינער המשך צו יע־נער קולטורעלער התחלה.

---

## דער פּרייז אויפן נאָמען פון יוסף אַראָנאָוויטש

(אויף אַ זיצונג פון ועד־הפועל פון דער הסתדרות).

מיר האָבן צו אונדזער זיצונג פאַרבעטן די טרעגער פון אונדזער פּרייז אויפן נאָמען פון יוסף אַראָנאָוויטש: יעקב ראַבינאָוויטש, יהושע מאַרגאָ־לין, צבי הר־זהב און יצחק גערזאָן.

יעקב ראַבינאָוויטש איז אַלט געוואָרן 70 יאָר, און מיר באַגריסן אים דאָ אין נאָמען פון דער באַוועגונג, וואָס אין איר אַנטשטייאונג און וווקס האָט ער אַריינגעלייגט אַזוי פיל געדאַנק און גוטן ווילן. עס איז דער שטיי־גער פון אַ ליטעראַרישער זשורי צו מאָטיווירן זייערע באַשלוסן וועגן אויס־טיילן פּרייזן. ביי אונדז איז דאָס איבעריק, ווייל מיט אונדזער באַשלוס דריקן מיר איבערהויפּט אויס אונדזער פאַרערונג און באַציאונג צו דער געגעבענער פּערזאָן. ביז איצט האָבן מיר באַערט מיט פּרייזן — צווייען: שאול טשער־ניכאָווסקי און מנחם גנעסין. איך וועל זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט אָפּ־שאַצן יעקב ראַבינאָוויטשן; צופיל בין איך פּערזענלעך פאַרבונדן מיט דעם קאַפּיטל אין וועלכן זיין נאָמען איז אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות. איך וויל נאָר זאָגן, אַז דער פּרייז איז געגעבן געוואָרן צו איינעם פון די אָנזאָגער פון אַרבעטס־ציוניזם, איינעם וואָס האָט אַמאָל פאַרעפנטלעכט אַ פּאָפּולערע בראָשור אין יידיש און האָט זיך אונטערגעשריבן „פּראָלעטאַרישער ציוניסט״. ער איז איינער פון די ערשטע אין דער אַרבעטס־באַוועגונג און איינער פון

די שעפער פון איר ליטעראַטור. ער האָט באַגלייט דעם יידישן אַרבעטער פון דעם אַמאָליקן „באַכאַר"*), ביז צו די נייע זידלונגס־פּונקטן.

דער פּרייז איז נישט פאַרבונדן דווקא מיט זיין 70־יאָריקן יובילײ. עס האָט פּונקט אַזוי געקענט געשען ביי זיין 60־יאָריקן צי 65־יאָריקן יובילײ. מיר זיינען אויך גרייט איבערצוחזרן דאָס ביי זיין 90־יאָריקן יובילײ. דאָס וואָס מיר גיבן אים איז בלויז אַ סימבאָל — אַן אויסדרוק פון פאַרערונג פאַר זיי־נע בראָשורן, זיין אומאויפהערלעכן דיסקוטירן ציוניסטישע פּראָבלעמען, זיין באַרימטע קאָרעספּאָנדענץ פון פּתח־תקוה, וועלכע איז געוואָרן אַ ווינקל־שטיין אין דער ליטעראַטור פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

***

מיר האָבן אויך באַשלאָסן צו געבן אַ פּרייז יהושע מאַרגאָלינען — דעם באַלעבער פון דעם בעל־חי־ווינקל. איך ווייס נישט, ווי צו רופן אים — זאָאָ־לאָג צי ביאָלאָג, איך ווייס נאָר, אַז קינדער רופן אים „אָנקל יהושע". מיר גיבן אַ פּרייז (ווידעראַמאָל אַ סימבאָלישן) דעם אָנקל יהושע, וואָס דערנעע־טערט אונדזערע קינדער צו דער נאַטור פון אונדזער לאַנד.

מאַרגאָלין איז איינער פון די סאַמע ערשטע אין דער אַרבעטס־באַווע־גונג אין לאַנד.

***

מיר האָבן באַשלאָסן צו געבן אַ נאָך מער „סימבאָלישן" פּרייז, דעם חבר יצחק גערזאָן. ער אַרבעט אין אַ פאַך, וואָס האָט זיך אַמאָל ביי יידן גע־רעכנט א „מלאכת־הקודש": דרוקער־פאַך. ער איז אַלט געוואָרן 50 יאָר; פון זיי — 38 אין ארץ־ישראל. די ערשטע צוויי פּרייז־נעמער אַרבעטן מיטן פּע־דער, און ער איז דער זעצער, וואָס לאָזט אַרויס זייערע שריפטן צו די לייע־נער.

***

מען שרייבט, מען זעצט אויס, מען דרוקט אָפּ, מען דאַרף אָבער זאָרגן, אַז דאָס אַלץ זאָל זיין ריין, אין אָרדענונג, און דאָ קומט דער גרויסער „צענ־זאָר" — דער קאָרעקטאָר און בעל־דיקדוק, וואָס איז אָפּטמאָל אַ „סטראַ־שידלע" פאַר די שרייבער. מיר האָבן געפייערט דעם יובילײ פון אונדזער חבר צבי הר־זהב — דער בעל־דיקדוק, פילאָלאָג און קאָרעקטאָר, וועלכער זאָרגט פאַר דער ליטעראַרישער שאַפונג, אַז זי זאָל זיך אַריינפּאַסן אין גייסט פון דער שפּראַך און אין לאָגיק. און פאַר דעם אַלעם האָבן מיר באַשלאָסן צו געבן אויך אים אַ טייל פון דעם פּרייז אויפן נאָמען פון י. אַראָנאָוויטש. — דאָס איז, בכן, אַ קאָלעקטיווער פּרייז.

---

*) טיפע גראָבונג אין דער ערד מיט אַ „טוריע" — אַ ברייטער, פּירקאַנטיקער גראָב־אייזן — כדי אַרויסצונעמען שעדלעכע גראָז־וואָרצלען.

# אם אשכחך, גולה!

## אם אשכחך, גולה*)

### (יסורים־כראָניק)

שטראָמען בלוט און טייכן טרערן
זידן,' פליסן טיף און ברייט...
אונדזער אַלטער, גרויסער אומגליק
האָט זיין האַנט אויף אונדז פאַרשפּרייט.

„(האָט רחמנות" — פון ש. פרוג; געשריבן נאָכן קישינעווער פּאָגראָם, 1903).

יידן אין אַלע גלות־לענדער גייען אָפּ מיט בלוט און דער יידישער ישוב אין אונדזער לאַנד־פון־אַלע־לענדער צאַפּלט זיך אינעם בלוט פון אַלע גלותן... דער ישוב איז אַזוי צונויפגעשטעלט און זיינע פאַרבינדונגען זיינען אַזעלכע, אַז דער בלוט־וועג אין גלות שלענגלט זיך אַרום אונדזער גאַנצן דאַאיקן ווערן און וועזן. יעדע ווייטע קאַטאַסטראָפע שיקט אַהער אירע בליצן, וועלכע וואַרפן אַזוי אָפּט און אַזוי שרעקלעך זייער ליכט און מאַכן אויפציטערן אַמאָל דעם און אַמאָל יענעם טייל פון דעם ישובס קערפּער.

יאָרן ציט זיך עס אַזוי און תקופהס גאַנצע. אין אונדזער באַוווסטזיין און זכרון וואַקסט פון טאָג צו טאָג די כראָניק פון די יסורים אין אַלע גלות־לענדער. דער „יסורים־פּנקס" ציט זיין געשיכטע פון זינט די ערשטע טעג פונעם נייעם ישוב, זינט די אַכציקער יאָרן פונעם פאַריקן יאָרהונדערט — „בפרוע פרעות בישראל"**).

עס זיינען שוין געווען טעג, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז יידן אין רוסלאַנד וועלן ווערן גלייכבאַרעכטיקט און וועלן אויפהערן צו זיין וועלט־נעבעכס. איז געקומען די פּאָגראָם־כוואַליע אין יעליסאַוועטגראַד, באַלטע און אַנדערע שטעט פון דרום־רוסלאַנד און האָט חרוב געמאַכט ווי לעבנס, אַזוי האָפענונגען און שטרעבונגען. גרויס איז געווען דאָס אומגליק און גרויס דער בזיון. דער דיכטער פרוג האָט דאַן געקלאָגט דאָס ליד פון די איבעראַשטע און פאַרשעמטע: „מיר זיינען אַרויס אויף דער פריי. זינגענדיק אַ ליד

*) אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, גלות!

**) „בפרוע פרעות בישראל" — ווען מ'האָט געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן (שופטים ה').

צום פרילינג, וואָס גייט, וואָס קומט, — טאָ פאַרוואָס, אָ פאַרוואָס האָט איר מיין ליד פאַרסמטט?"

די כראָניק פון יענע טעג האָבן אַהער אין לאַנד געבראַכט יענע דרייסטע, יענע טרוימער פון אַ נײַ לעבן, וואָס די קאַטאַסטראָפע אין באַלטע האָט אין זיי דערוועקט דעם ווילן און די כוחות פאַר „נס ציונה"; דאָס זײַנען געווען די מענטשן פון דער ערשטער עליה, וועלכע האָבן געלייגט די יסודות פאַר אונדזער נײַ־לעבן אין ארץ־ישראל.

דערנאָך זײַנען געקומען די קישענעווער טעג פון 1903 — די טעג פון „עיר ההריגה",*) וועלכע האָבן אויפגעציטערט דעם גאַנצן יידישן גלות. „בעלקינדס יתומים"**) — די יתומים פון דעם סאַמע פאַריתומטן פאָלק אויף דער וועלט — האָבן אַרײַנגעשריבן די כראָניק פון יענע טעג אין אונדזער פנקס אַרײַן.

באַלד נאָך דעם זײַנען געקומען די שרעקלעכע טעג פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. די כראָניק פון יענע טעג האָט פאַראײביקט דער מאָלער יאַפּע: אַ יידישער זעלנער — אַ קריגס־העלד — אַן אינוואַליד אין רוסישן מיליטערישן מונדיר, אָנגעשפּאַרט אויף קוליס, קערט זיך אום אַהיים; שטייט ער אין זײַן שטוב און קוקט זיך צו צום חורבן, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָנגעמאַכט פאַר אים און זײַן משפחה איידער ער האָט זיך צוריקגעקערט פון פראָנט... אָבער יענע כראָניק איז אין אונדזער פנקס פאַרצייכנט געוואָרן נישט דורך פיזיש און גייסטיק־צעבראָכענע אינוואַלידן, נאָר דורך די ערשטע בויער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די טעג פון ערשטן פאַרזוך מיט דער רוסישער פרייהייט — אין יאָר 1905 — האָבן אויך געליפערט אַ כראָניק פון חורבן און בראָך אין הונדערטער יידישע קהילות. בלוט פון טויזנטער האָט געפליצט אין די גאַסן און געסלעך פון שטעט און שטעטלעך איבערן יידישן „תחום־המושב" פון רוסלאַנד. אין יענע טעג איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַ נײַער טעזיס: „יידיש בלוט איז אייל אויף די רעדער פון דער רוסישער רעוואָלוציע". די דאָזיקע באַרואיקונגס־פאָרמול איז דאַן דערפונדן געוואָרן דורך יידן, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס פון דער רוסישער רעוואָלוציע. מער נישט, דער גאַנג פון די געשעענישן האָט צוגעגעבן אַן אַכזריותדיקע אויסבעסערונג: „און אויך אויף די רעדער פון דער רוסישער רעאַקציע".

און אָט אָ, די דאָזיקע כראָניק פון רוסישער רעאַקציע און יידישן חורבן

---

*) „בעיר ההריגה" — אין דער שלאַכט־שטאָט — פּאָעמע פון ח. נ. ביאַליק, געשריבן נאָכן קישינעווער פּאָגראָם.

**) ישראל בעלקינד (1861—1929) פון די ערשטע בילו"יים — אַ קאָלאָניסט, לערער, שרייבער און עסקן. ער האָט אַריבערגעבראַכט קיין ארץ־ישראל אַ גרופּע קישינעווער פּאָגראָם־יתומים און האָט פאַר זיי געגרינדעט אין בן־שמן אַ שולע „קרית ספר".

איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דעם לעבעדיקן „פּנקס" פון ארץ־ישראל, ווי אַ פּרעכטיקער בוי־קאַפּיטל אין די טעג פון דער צווייטער עליה. דער שרייבער פון די שורות געדענקט אַ סך עדות פון דער כראַניק; ער האָט געזען ווי זיי האָבן פייערלעך מאַרשירט אין דער פרייהייטס־פּראָצעסיע; ער האָט זיי אין אַ פּאָר שעהן שפּעטער געזען אין זעלבסטשוץ, קעמפנדיק מיט די כוליגאַ־נעס; ער האָט זיי דערנאָך געזען פאַרוווּנדעטע, פאַרבאַנדאַזשירטע; און ער האָט זיי דערקענט דאָ אין לאַנד, אַרבעטנדיק בייטאָג מיטן גראָבאייזן אָדער שטייענדיק אויף שמירה אין פינצטערע, געפאַרפולע נעכט.

**
*

אויף אַ קורצער ווײַלע רייסן זיך די כראַניק־נאָטיצן איבער. אָבער ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה עפנט זיך ווידער אויף דער פּנקס: יעדע וואָך ברענגען אַריין די שיפן קיין ארץ־ישראל אַ נייעם סאָרט עולים, אַזעלכע וואָס ריידן שפּאַניאָליש און טערקיש — דאָס זיינען קרבנות פון דער גריכישער אָקופּאַציע אין סאַלאָניקי! די דאָזיקע שטאָט איז דורות־לאַנג געווען אַן עיר ואם בישראל, אַן עיר־מקלט פאַר די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניע, אַ שטאָט — פול מיט האַרציקע זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט און בכבודיקער סטאַ־בילער יידישער ווירקלעכקייט אין דער קעגנוואַרט, יידישער פאַרוואָרצלונג אינעם לעבן אויף דער יבשה און אויפן ים. אויף דעם וועג פון יידישע וואַנ־דערונגען זיינען די אַנטרונענע פון שפּאַניע אָנגעקומען צו דער דאָזיקער אכסניה, און אָט האָט זיי אויך דאָ אָנגעיאָגט דער חורבן.

דער שרייבער פון די דאָזיקע כראָניק־נאָטיצן געדענקט נאָך דאָס ספר־דישע הכנסת אורחים־הויז אין אַלט־יפו, וווּ מען האָט איינגעקוואַרטירט די אור־אור־אייניקלעך פון די אַרויסגעטריבענע פון ספרד — איבערגעשראָקענע און צעטומלטע פון זייער נייעם גירוש.

און אָט איז די וועלט־מלחמה. מיר זיינען דאָ אין לאַנד געווען פאַר־שלאָסענע, אָפּגעריסענע פון דער וועלט. און ס'איז קיינער פון דרויסן נישט געקומען, צו פאַרשרייבן די כראַניק פון דער אויסראָטונג אין דעם יידישן גלות. און דאָך האָט זיך — דורך דער באַלאַגערונגס־מויער — צו אונדז דער־טראָגן דער שוידערהאַפטער געשריי פון די צעריסענע עופעלעך אין אוקראַי־נע, פון די צענדליקער טויזנטער פאַרפייניקטע ברידער אונדזערע בעת דער וואַקואַציע פון גאַליציש און פוילישע שטעט.

...די מלחמה האָט זיך געענדיקט; די ברויזנדיקע בלוט־כוואַליעס האָבן זיך איינגעשטילט; די באַלאַגערונג איז פון אונדז אַראָפּגענומען געוואָרן און מיט די ערשטע נאָכמלחמהדיקע עולים האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען די כראָ־ניק פון בראָך און אומקום אין רוסלאַנד. עולים, וואָס האָבן זיך אַריבערגע־שמוגלט איבערן דניעסטער אין פינצטערע נעכט; טרייע חלוצים, די עולים

פון „רוסלאַן“*) — זיי אַלע האָבן מיטגעבראַכט די כראָניק פון רוסישן יידנטום אין דער וועלט־מלחמה. און די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט די עליה פון דער יוגנט פון פוילן און גאַליציע, האָבן געבראַכט אינפאָרמאַציע וועגן די הפקר־מעשים פון דער באַפרייטער פוילן און די נידערטרעכטיקייטן פון גענעראַל האַלערס**) פאָגראָם־העלדן, וועלכע האָבן אויסגעפורעמט די באַציאונג פון דער פרייער פוילן צו אירע יידישע בירגער. ווען דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט געהערט וועגן די 35 קדושים פון פינסק, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך קאַלטבלוטיקע מערדער — מיליטער־לייט — ווען פוילן האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט און מיליטערישער קאָמאַנדע פון איר נאַציאָנאַלן גואל, — האָט אים טיף אין האַרצן אָנגעכאַפּט אַ בושה פאַר זיינע אַמאָליקע סענטימענטן צום דאָזיקן פאָלק און פאַר זיין התלהבות בעת מ'האָט אין וואַרשע — אין די צאַרישע צייטן — אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל פאַרן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש. די „באַפרייער“, די מערדער פון די פינסקער קדושים, האָבן זיך מיט זייער נידערטרעכטיקייט נישט געהאָט וואָס צו שעמען אַנטקעגן די קאָזאַקן, וועלכע האָבן געשלאָגן מיט נאַגייקעס די אַלע, וואָס האָבן זיך דאַן פאַרזאַמלט אַרום דעם מיצקעוויטש־דענקמאָל, די וואָס האָבן געגלויבט אין אַ פריי פוילן.

**
*

עס איז אויך פאַראַן אַ כראָניק נוסח־תימן, דאָרטן, אין יענעם פאַרוואָרפענעם ווינקל פון דער ערד, בושעוועט דער אונטערדריקער, הערשט אָן קיין שום אָפּהאַלט דער איסלאַמישער פאַנאַטיזם. און ס'איז גאָר קיין אונטערשייד נישט. די טרויעריקע טענער פון פרוגס לידער, וועלכע האָבן באַגלייט די וואַנדערער איבערן שוואַרצן ים זיינען אייגנטלעך בלויז אַ המשך פון די קינה־טענער אין שלום שאַבאַזיס לידער, וועלכע באַגלייטן די פליטים פון תימן אין זייערע וואַנדערונגען איבערן מדבר — אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. דאָס זיינען די דורות־אַלטע טענער פון „פלגי מים תרד עיני על שבר בת עמי“, טענער וואָס פאַרגייען נישט ווען צייטן בייטן זיך, ווען ציוויליזאַציעס ענדערן זיך; טענער וואָס בלאָנדזשען פון איין אכסניה צו דער אַנדערער, פון איין לאַנד צום אַנדערן, פון איין דור צו דעם אַנדערן.

די דאָזיקע טענער האָבן מיר אויך געהערט אין דער כראָניק וואָס עס האָבן געבראַכט די גרעאַטעוועטע פון בוכאַרע און אַפגאַניסטאַן, די אַרויסגעטריבענע פון טעראַקיע און די אויסגעוואָרצלטע פון דער נייער טערקיי. מיר

---

*) מיט דער שיף „רוסלאַן“ איז דעם 20סטן דעצעמבער 1919, אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל דער ערשטער גרויסער טראַנספּאָרט נאָך־מלחמה־עולים (620 מענטשן) פון רוסלאַנד.

**) די דיוויזיעס פון גענעראַל האַלער האָבן זיך געלאָזט ווילגיין איבער פּוילישע יידן און האָבן אויך געמאַכט פּאָגראָמען.

האָבן זיי געהערט אין דער כראָניק פון די פּערסישע יידן, די עולים פון מאַש־האַד, וואָס זייער לעבן איז געווען אַזוי ענלעך צום לעבן פון די אנוסים.

און דאָך זיינען די אַלע נישט מער ווי פּעטיט־כראָניקעס; זיי בלאָסן אַנטקעגן דער כראָניק פון דעם לאַנד פון משה מענדעלסאָן, היינריך היינע און משה העס.



הונדערטער יאָרן האָבן אונדז באַגלייט פיינוקונגען און פאַרפאָלגונגען: גויישע שטראָף פאַרן קרייציקונגס־חטא, וועלכן מיר זיינען נישט באַגאַנגען. און עס איז געווען די קייט פון בלוט־בילבולים און אַנדערע בלבולים אויפן וועג פון דעם אייביקן ייד. און איצט, נאָך הונדערטער, נאָך טויזנטער יאָרן, איז אַנטשטאַנען אַ נייע געשיכטע: די אַרישע „ראַסן־ריינקייט". — די דאָזי־קע „ריינקייט" האָט אַרויסגעבראַכט די מענטשלעכע טומאה און צעבראָכן דעם יידישן זיין אויף דער וועלט. פון דייטשלאַנד איז דער אומגליק אַרויס־געקומען און פאַרן מערב־יידנטום, וואָס האָט געהאָט אַביסל רואיקע מענטש־לעכע יאָרן, זיינען ווידער אָנגעקומען טעג פון חורבן און פאַרניכטונג, באַ־גלייטע פון אכזריות, מער פון דער וואָס האָט געפּייניקט דאָס מזרח־אייראָ־פּעאישע יידנטום.

מיט 115 יאָר צוריק האָט היינע געשריבן „דער רבי פון באַכראַך"; איז דען נישט די דאָזיקע נישט־פאַרענדיקטע דערציילונג אַ גוטע מאָטאָ צו דער דייטשער כראָניק אין אונדזער היינטיקער מגילה פון יסורים? יאָ, איינע איז די קינה, ווי פאַר שלום שאבאַזי אַזוי פאַר היינריך היינע און אַזוי פאַר שמעון פרוג... מיר האָבן אַביסל פאַראַפראַזירט היינען: אַנשטאָט „טרערן, וואָס שטראָמען שטיל צום ירדן" — זאָל קומען: „גירוש אשכנז — שיבת ציון".

פאַרן שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט דעם דאָזיקן נוסח פאַרגע־לייגט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דייטשע עולים, זיינען די געשעענישן נישט גע־קומען ווי אַן איבעררעשונג. ער האָט אַליין בייגעוווינט די התחלה, פאַר דריי יאָרן. ווען די נאַצישע דעפּוטאַטן פון דעם נייעם רייכסטאַג האָבן געפייערט זייער קומען צו דער ערשטער זיצונג מיט אַ פּאָגראָם אויף דער לייפּציגער־שטראַסע און איר אומגעבונג. דער כראָניק־שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט דאָס געזען מיט אייגענע אויגן און זיין דערפאַרענער חוש האָט אים באַלד אונטערגעזאָגט, אַז אַט הייבט זיך דאָס אָן. אַזוי האָט דאָך אויך אויס־געזען די התחלה וואָס ער האָט אַמאָל מיטגעלעבט אויף די גאַסן פון שטעט אין בעסאַראַביע און אַזוי — אין פּוילן. דעם דאָזיקן פּאָרגעפיל האָט ער דעם זעלביקן אָוונט אַרויסגעבראַכט אין אַ באַרימטן בערלינער קלוב. די שטאַמ־געסט פון דעם קלוב — זשורנאַליסטן און פּאָליטיקער — האָבן זיך אויס־געלאַכט פון דעם „קרענקלעכן" פאָרגעפיל: „ס'איז גאָרנישט, קיינע געפאַרן לויערן נישט אויף דייטשע יידן... אַזעלכע צוזאַמענשטויסן קומען פאַר יעדן

טאָג צווישן רעכטע און לינקע אין דייטשלאַנד". אין רוסלאַנד האָט מען דאָך אויך אַמאָל גערעדט וועגן יידיש בלוט, ווי וועגן „אייל אויף די רעדער פון דער רעוואָלוציע"...

**
*

זינט דעם ערשטן אַפּריל 1933 האָבן די כראָניקעס ווידער גענומען פלייצן מיט בלוט און טרערן. אָט איז די כראָניק פון עסטרייך: מען האָט גע־פייניקט און דערנאָך אַרויסגעטריבן פון לאַנד די פירער פון עסטרייכישן יידנ־טום. אין ווין — ווו עס האָט אויפגעשיינט פרץ סמאָלענסקיס „השחר" און ווו ס'איז רייף געוואָרן הערצלס לייזונג פאַר דער יידן־פראַגע — זיינען יידן אויסגעשטעלט געוואָרן אויף רויב און באַנדיטיזם.

נאָך ווין איז געקומען די ריי פון דעם מהרלס*) שטאָט — פּראָג. דער טומאה־שעף פון בערלין האָט אונטערגעבראַכט און פאַרשקלאַפט די מדינה פון דעם קרישטאָל־ריינעם טאָמאַס מאַסאַריק. אַן אונטערגעהאַקטע איז זי געפאַלן, די נייע טשעכאָסלאָוואַקישע מדינה, און מיט איר פאַלן איז אויף חורבן פאַראורטיילט געוואָרן דאָס באַהעמיש־מאַראַווישע יידנטום — איינער פון די עלטסטע יידישע שבטים.

די פּלאָג פון דער תקופה פאַרשפּרייט זיך ווי אַ ראַק איבערן קערפּער פון מערב־אייראָפּע. די ראַסן־טעאָריע און די שנאה צום יידישן פאָלק איז שוין אויך דערגאַנגען צו די ברעגן פון טיבער. די דערגרייכונגען פון קאַוור און גאַריבאַלדי און די האַרציקייט פון די איטאַליענער האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ קנאַפּע קאַראַנטין אַנטקעגן דער מגפה.

**
*

דאָ קומט די וועלט־מלחמה, עס קומט די אָקופּאַציע פון פּוילן דורך היט־לערס חיילות. פינצטער איז געוואָרן די וועלט פאַרן יידנטום פון דער פאַר־שקלאַפטער, צעטראָטענער און געפאַנגענער פּוילן. דער שונא פון דער יידי־שער ראַסע האָט דאָ געמאַכט זיין חשבון מיט זיין יידישן קרבן און אָנגעמאַכט אַ חורבן אין זיין גוף און זיין נשמה.

פאַרטרעטער פון דעם דריי און אַ האַלב־מיליאָניקן פּוילישן יידנטום האָבן צו אונדז געבראַכט די כראָניק פון שרעק און שוידער, וועלכע זיינען באַפאַלן די מוטער פון די גלותן אינעם איצטיקן דור.

און די כראָניק פון 1940 וויל גאַרנישט אויפהערן... פון דער מוטער פון די גלותן — צו דער צירונג פון די גלותן; פון פּוילן — צו דער מדינה פון מנשה בן ישראל און ברוך שפּינאָזע. אויך פאַרן אַריסטאָקראַטישן, לאַנג

---

*) מה"רל — פּראָגער רב (1525—1609), מיט וועמענס נאָמען עס איז פאַרבונדן די לעגענדע וועגן גולם, וועלכער איז באַשאַפן געוואָרן מיטן כוח פון שם המפורש.

ניסט־פאַרשקלאַפטן האָלענדישן יידנטום זיינען אָנגעקומען טעג פון חושך, יסורים און גלות־שאַנד.

⁂

עס איז אויך געקומען די רייַ פונעם פראַנצויזישן יידנטום. וואָס איז פאַר אונדז געווען דאָס דאָזיקע יידנטום? אָט נישט לאַנג צוריק האָבן מיר געפייערט דעם 900־יאָריקן געבורטסטאָג פון רש״י. דאָס יידנטום פון דער בייער פראַנקרייך האָט אונדז געגעבן אַדאָלף קרעמיען — דעם פריינט פון גאַמבעטאַ און דעם גרויסן יידישן פּאַטריאָט. פון פראַנקרייך איז צו אונדז געקומען באַראָן עדמונד ראָטשילד — דער „נדיב הידוע״. פון דאָרטן איז אויך געקומען קאַרל נעטער — דער באַנייער פון דער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ־ישראל. פון דעם פראַנצויזישן יידנטום שטאַמט אויך לעאָן בלום — דער יורש פון זשאָרעסן; דער פירער און דאָס געוויסן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז אויך אַ טרייער ציוניסט, אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון דער צוריקשטעלונג פון דער יידישער מדינה. פון פראַנקרייך האָבן מיר געלערנט די תורה פון עמאַנציפּאַציע און פון קאַמף פאַר בירגער־רעכט. דורכן שטודירן די פעלערן פון בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע זיינען מיר דערגאַנגען צו דער אידיי פון אויטאָ־עמאַנציפּאַציע. דווקא אין פראַנקרייך — דאָס וויגעלע פון יידישער אַסימילאַציע — איז אויפגעלעבט געוואָרן דער באַגריף פון נאַציאָנאַלער איינִיקייט — פון „כל ישראל חברים״. די קרומע וועגן פון די „אַליאַנס איזראַעליט״־לייט האָבן נישט פאַרטושט דעם גרויסן וואָרט פון „חברת כל ישראל חברים״ און אירע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן סטימולירט די אָרגאַניזירונג פון אַלוועלטלעכער יידישער סאָלידאַריטעט פאַר קעגנזייטיקער הילף און זעלבסטשוץ.

פון פראַנקרייך איז אַרויס די לערע פון גלייכע מענטשלעכע רעכט און זי, פראַנקרייך, האָט זיך פאַרמאָסטן אויפן פאַרדאַרבער פון דער דאָזיקער לערע אין דער וועלט. אָבער פראַנקרייך האָט נישט אויסגעהאַלטן — זי איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן, און זי ליגט איצט אויף די חורבות פון איר פרייהייט. אָבער דאָס ליכט וועט ווידער אויפשיינען און פראַנקרייך וועט צוריק אויפשטיין. דערווייל אָבער איז גרויס די ירידה. און אין דער ירידה שלייכן זיך אַרויס פאַרצייטיקע שאָטנס פון זייערע באַהעלטענישן; די פראַנצויזישע מאָראַלישע דעפּיטיסטן זיינען געוואָרן די שליחים פון היטלערס גייסט און זיי האָבן זיך גענומען די אויפגאַבע צו צעטרייסלען די ווערטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און רעסטאַווּרירן די מויערן פון דער באַסטיליע. נאַטירלעך, האָט דאָס אַלץ קודם כל געטראָפן די יידן...

אין יאָר 1791, נאָכן פּראָקלאַמירן די בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע פאַר יידן, האָט יצחק בער. דער פירער פון פראַנצויזישן יידנטום, געשריבן צו די יידישע קהילות: „מיר האָבן צוריקבאַקומען די רעכט, וואָס זיינען פון אונדז

אַוועקגערויבט געוואָרן מיט 1800 יאָר צוריק"... און איצט ווערן די יידן פון פראַנקרייך ווידער גלייך צום גאַנצן פאָלק ישראל — דעם געפּייניקטן און געטראָטענעם. נאָך פאַר דער אינוואַזיע, פאַר דער מלחמה, האָבן זיך באַוויזן בייזע שאָטנס. זאָל דאָ אויך דער נאָמען פון הערשל גרינשפּאַן אַריין אין דער פראַנצויזישער כראָניק. דער שרייבער פון די שורות איז אַ טאָג נאָך גרינ־שפּאַנס אַטענטאַט אויף היטלערס שליח פאַן ראַט געקומען קיין פּאַריז און האָט באַלד דערשפּירט, אַז די שטימונג אין דער פּרעסע, אויפן גאַס און אין די רעגירונגס־קרייזן איז ווייט נישט אַזאַ, ווי אין די טעג פון שוואַרצבאַרדס אַטענטאַט אויף פּעטלורען. עס איז געווען אַ גרונט אָנצונעמען, אַז דאָס מאָל וועט מען זיך אָפּטרייסלען פון דעם באַשולדיקטן און זיין פאָלק — יענע פּ״עמדע, אומרואיקע עלעמענטן, וואָס „ויינען קאַפּאַבל צו צעשטערן דעם שלום און פּראָוואָצירן קאָנפליקטן צווישן שכנותדיקע מדינות". די אַטמאָס־פער פון יענע טעג האָט צוגעגרייט די שפּעטערדיקע אַטמאָספער פון ווישי.

די כראָניק פון פראַנקרייך איז גלייך צו אַלע כראָניקעס פון די איצטי־קע שוואַרצע טעג — דער זעלבער שאַבלאָן: מ׳גיט איבער צו די נאַציס דעם „שולדיקן" ייד; מ׳גרייט צו די ראַסן־געזעצן; מ׳באַזייטיקט יידן פון עפנטלע־כע פּאָסטנס און רעגירונגס־אַמטן; מ׳קאָנפיסקירט דעם פאַרמעגן און פון אַלע זייטן קומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען און פּאַניק־לויפן. אויך דערציילט די כראָניק, אַז צווישן די הימלאָזע, וואָס האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן ביז צו לי־סאַבאָן, איז געווען איינער פון די ראָטשילדס. דער פּליט ראָטשילד האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין אַמעריקע, נאָר אין ליסאַבאָן האָט ער זיך דערוווּסט, אַז מען גיט אים נישט קיין וויזע קיין אַמעריקע. ווען ער האָט דאָס דערהערט, האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. פון דערווייטנס האָבן מיר געזען די דאָזיקע יידישע טרערן. אונדזער גורל האָט נישט אונטערשיידט צווישן איינעם פון די ראָטשילדס און אַלע אַנדערע יידישע וואַנדערער. דער דאָזיקער עפּיזאָד דערמאָנט אונדז אָן אַנדערן: ה ע ר צ ל , דער גרויסער טרוימער, וואָס זיין גרויסע זאָרג פאַר אַ וויזע פאַרן כלל ישראל האָט אים באַוועגט צו פאַרהאַנדלען אויך מיטן ראָטשילד־הויז. האָט דאָ געקריגן אַן אָפּזאָג. ביי אונדז אַלעמען האָט זיך דאַן דאָס האַרץ פאַרקלעמט פון דעם אָפּזאָג. ווען מען לאָזט אים דאַן אַריין, ווען מען עפנט פאַר אים דאַן די טויערן פון דעם ראָ־טשילד־הויז, וואָלטן אפשר פאַרמיטן געוואָרן טרערן פון אַ סך היינטיקע וואַנדערער און פּליטים.

און דער פּנקס וויל זיך נאָך אַלץ נישט פאַרשליסן. נאָכן חורבן פון דעם גרעסטן יידישן צענטער — דעם פּוילישן — האָט זיך אונדזער זאָרג אַריבערגעטראָגן צום לעצטן גרויסן יידישן צענטער אין אייראָפּע — צום רומעניש ן — אין וועלכן עס האָבן זיך אַמאָל אויפגעעפנט די ערשטע קוואַלן פון דער שיבת־ציון־באַוועגונג. אַן אייגנאַרטיק געשטאַלט האָט געהאַט דאָס בעסאַראַבישע יידנטום. פון דאַנען איז געקומען אַ רייכער ביישטייער צו אונ־

דזער נייער נאַציאָנאַלער שאַפונג. אין בעסאַראַביע זיינען געווען יידן טאָ־באַק־פלאַנצער, וויינטרעטער און גערטנער, אָבער אויך דיכטער און שרייבער העברעאישע. פון בעסאַראַביע האָבן געשטאַמט וואָרטזאָגער, פירער און הויפּטן פון חיבת־ציון, פון פּאָליטישן ציוניזם און פון ישוב. אַ טיפּע בענקע־ניש נאָך ציון און אַ דבקות אין סאָציאַליסטישן אידעאַל האָבן זיך אויסגע־מישט אין האַרץ פון דער יידישער יוגנט אין בעסאַראַביע נאָך אין די צאַ־רישע צייטן. אין בעסאַראַביע איז אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע פערמע און איינע פון די ערשטע צוויי יידישע פּאַכ־שולן. דאָ האָבן געשלאָגן חלוצישע קוואַלן זינט דער צווייטער עליה און ביז היינט צו טאָג; פון דאַנען זיינען געקומען די גרינדער און הויפּט־טרעגער פון „הפּועל הצעיר" און „השומר" אין ארץ־ישראל.

מיר האָבן נישט איצט קיין שום פאַרבינדונג מיט בעסאַראַביע און דאָס טוט וויי גליי׳ך ווי מען וואָלט אָפּגעהאַקט אַ לעבעדיקן אבר פון גוף פון ישוב און פון ציוניזם.

***

איצט קומט די כראָניק פון דער שכנותדיקער בוקאָווינע, די כראָניק פון טשערנאָוויץ — די שטאָט פון יידישער נאַציאָנאַלער קולטור, די שטאָט פון שטענדיקער ציוניסטישער אַקטיוויטעט. אַלע געדענקען די העלסינגפאָרסער ציוניסטישע קאָנפערענץ פון יאָר 1906 און גרויס איז די פּאָפּולאַריטעט פון דעם „העלסינגפאָרסער פּראָגראַם", אָבער אויסגעטראָגן און געבאָרן געוואָרן איז דער געדאַנק אין טשערנאָוויץ. די פירער פון נאַציאָנאַלן יידנטום אין עסטרייך זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן פון דער פּאַרלאַמענט־טריבונע פּראָקלאַמירט די שטרעבונג פון יידישן פאָלק צו פרייען לעבן און זעלבסט־שטענדיקער שאַפונג אין ארץ־ישראל און צו נאַציאָנאַלן לעבן אין גלות. בענאָ שטרויכער און לעאָ קעלנער האָבן אין פּרעכטיקע רעדעס אין בוקאָווינער פאַר־לאַמענט באַגרינדעט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט. אין טשערנאָוויץ איז דאָ אַ סקווער, וואָס טראָגט הערצלס נאָמען — „הערצל־פּלאַץ". און אין צענטער פון שטאָט געפינט זיך אַ גרויס הויז, וואָס באַדינט די גאַנצע אָר־טיקע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט; דאָס הויז איז באַפּוצט מיט אַ גלאַנציקער העברעאישער אויפשריפט — אין גאָלדענע אותיות: „בית ישראל". לאַנגע יאָרן האָט מען פון דער טריבונע אין יענעם הויז גערעדט צום פאָלק וועגן יידישן צער און יידישע האָפענונגען; שליחים פון ציון און פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל האָבן — ביז צום לעצטן טאָג — באַנוצט די דאָזיקע טריבונע. דער שרייבער פון די שורות קען זייער גוט דאָס דאָזיקע הויז און עס פּיי־ניקט אים די פראַגע: וועט דאָס דאָזיקע הויז נישט מער טריי זיין צו ישראל? וועט פאַרטונקלט ווערן דער גלאַנץ פון דעם וואָרט „ישראל" אין יענער אויפ־שריפט?

...און אַ גזר־דין פון שטומקייט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף דער שטאָט מיט גרויסער טראַדיציע, וואָס איר נאָמען איז איינגעקריצט אין באַוווסטזיין פון דורות און וואָס האָט זוכה געווען צום טיטל „ירושלים דליטא". ווילנע, די שטאָט פונעם גאון, פון י. ל. גאָרדאָן און פון דעם רעוואָלוציאָנער הערש לעקערט; ווילנע, די ציון־טריע שטאָט, — דאָס אָרט, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָרגאַניזירונג פון דעם יידישן אַרבעטער און פונוואַנען עס זיינען אַרויס פאָלקס־טעטיקייטן — איז דורך די סאָוועטן פון אונדז אָפּגעשניטן געוואָרן און זי איז פאַר אונדז שטום־שטיל געבליבן. אַזוי איז אויך דער גורל פון קאָוונע — די שטאָט פון אברהם מאַפּו און רבי יצחק אלחנן; אַזוי — דער גורל פון גאַנץ ליטע, די קלאַסישע מדינה פון ישיבות, פון תורה־לערנער און פון חלוצישע יוגנט־כוחות פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם „אהבת ציון"־אידעאַל. און אַזוי — דער גורל פון די שכנותדיקע עסטלאַנד און לעטלאַנד. די צוויי מדינות — צוזאַמען מיט ליטע — האָבן אין זייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישן פרילינג, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געגעבן זייערן אַ בייטראָג צום שאַץ פון פאַנטאַזיעס און אילוזיעס פון דעם אוראַלטן פאָלק. די יידישע באַפעלקערונג אין די דריי לענדער האָט אַ קורצע צייט גענאָסן פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע; דאָרטן זיינען אויך געווען באַזונדערע מיניסטעריומס פאַר יידישע ענינים. דער פרילינג איז אָבער שנעל אַריבער; די געזעצן פון מינדערהייטן־שוץ זיינען פאַרווישט געוואָרן און די דערגרייכונגען זיינען געוואָרן אַ פיקציע. עס האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן ווינטן פון בערלין, און די באַלטישע גויים האָבן זיך אויך אומגעקערט צו זייערע אינטימע געפילן — די געפילן וואָס גויים האָבן צו יידן... וויכטיק און טייער איז אונדז געווען דאָס באַלטישע יידנטום מיט איר אייגנאַרטיקן אינהאַלט און גוטע מידות. דאָרטן האָט זיך אויפגעהיט ברייטהאַרציקייט און נאָבעלע יידישע אַקטיוויטעט — אויפן שטייגער פון רוסישן יידנטום פון די פאַר־מלחמה־יאָרן. איצט זיינען זיי פאַרשוויגן געוואָרן; אויסגעריסן געוואָרן איז דאָס דאָזיקע לעבן.

**
*

וואָס ווייטער? וואָס וועט זיין אין רומעניע, דאָס לאַנד פון דעם מלבי"ם, פון די ערשטע חלוצים, פון די גרינדער און בויער פון ראש־פינה, פון אברהם גאָלדפאַדענס יידישן טעאַטער; דאָס לאַנד, ווו ס'איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פאַר ציון און ישוב־ארץ־ישראל. וועגן דער דאָזיקער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין פאָקשאַני, אין יאָר 1882 (תרמ"ב) איז געזאָגט געוואָרן: „מערערע און פאַרשיידענע יידישע פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין אַלע צייטן, אָבער זייט יידן זיינען אַוועק אין גלות איז נאָך נישט געווען אַזאַ פאַרזאַמלונג ווי די דאָזיקע, וואָס איר ציל איז — אויפבויען דאָס פאָלק און צוריק אויפשטעלן „דודס געפאַלענע סוכה" אויף אונדזער הייליי־

קער ערדי!" שמעון בערנפעלד האָט זיך דאַן געווענדעט צו די באַטייליקטע אין דער קאָנפערענץ מיט די פאָלגנדיקע באַגייסטערטע ווערטער: „ווייל איז אייך, מיינע ברידער פון רומעניע, וואָס איר האָט די ערשטע זוכה געווען צו באַנייען די יידישע נאַציע און צוריקצוקערן איר דעם אַמאָליקן כבוד אירן; אייער נאָמען וועט פאַראייביקט ווערן אין דער געשיכטע".

און וואָס וועט זיין מיט דער יידישער עדה אין בולגאַריע — דאָס לאַנד פון די גרינדער פון הרטוב און בית־חנן; דאָס לאַנד פון דעם פלאַם־פייערדיקן מאַרקאָ ברוך — איינער פון די ערשטע מבשרים פון ציוניזם? וואָס וועט זיין מיטן יידנטום פון אונגאַרן — דאָס לאַנד פון הרב יהודה אלקלעי, הערצל און נאָרדוי?

איין כראָניק נאָך דער אַנדערער, איין אבר נאָכן אַנדערן, איין אכסניה נאָך דער אַנדערער... אויסגעהרגעטע, דערשטיקטע, פאַרשטומטע... דער כראָניק־שרייבער איז מיד... די האַנט ציטערט... פון זיין פעדער טריפט בלוט...

---

# דער גלות אין טעג פון נסיון

(פון אַ בריוו צום ועד הפועל; 8טן אָקטאָבער 1936).

איך ווייס נישט גענוי פאַרוואָס, נאָר דאָס מאָל האָב איך עפּעס צו לאַנג געשוויגן, נישט געשריבן אפשר צוליב דער קאַליידאָסקאָפּישקייט פון מיינע וואַנדערונגען: גענף, ציריך, לאָנדאָן, לעמבערג, קאָלאָמיי, פּשעמישל אאַז"וו; און דאַן: בוקאַרעשט, טשערנאָוויץ, טראַנסילוואַניע, בעסאַראַביע אאַז"וו און דאָס אַלץ אין געציילטע וואָכן. און אפשר ליגט די סיבה אין דער מידקייט פון שווערער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט, מידקייט ביז צו חלשות. און אפשר איז די עיקר־סיבה אין „נתרחקנו מעל אדמתנו" — איך בין ווייט פון דער היים. איך בין אַליין שולדיק: דאָס האָב איך אַמאָל פאָרגעלייגט צו מאָביליזירן די „געוועזענע" מיטגלידער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע פאַר ציוניסטישער אַרבעט און פאַר דעם „מפעל הבצרון".*) — פאַרן „חטא" פון פאָדערן פון אַנדערע בין איך באַשטראָפט געוואָרן און האָב געמוזט נעמען די דאָזיקע פליכט אויף זיך אַליין; אויך בין איך באַשטראָפט געוואָרן מיט „נתרחקנו מעל אדמתנו". שוין דער דריטער חודש, ווי איך בין אין דער פרעמד; דאָס מאָל — באמת „פרעמד"; און ס'דויערט לאַנג...

מיין אויפגאַבע איז: וועקן הערצער; און איך לעב דערביי צומאָל איבער גאָר דערהויבענע מאָמענטן. אין לעמבערג איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ

---

*) אַ ספּעציעלער פאָנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָכן אויסברוך פון די געשעעניש אין אַפּריל 1936.

פאַר מזרח־גאַליציע; אין בוקאַרעשט — פאַר אַלט־רומעניע; אין טשערנאָוויץ — פאַר בוקאָווינע, און אין קישיניעוו — פאַר בעסאַראַביע. אין די קאָנפערענצן האָבן זיך באַטייליקט גרויסע מאַסן און זיי זיינען דורכגעגאַנגען אין אַ גאָר געהויבענער שטימונג; ס'האָט זיך געפילט אַ טיפע אויפרעגונג, ס'זיינען גע־ווען טרערן, און די דערקלערונג פון דעם שליח פון פראַנט, אַז „עם ישראל חי", האָט אויפגעשטורעמט די פאַרזאַמלטע — נאָענטע און ווייטע. ס'זיינען אין פאַרשיידענע שטעט געווען מאַסן־מיטינגען, באַגייסטערטע פאָלקס־פאַר־זאַמלונגען, האַרציקע שמועסן — ביז פאַרטאָג — מיט חברים, ציוני־סטישע פּרויען, סתם יידן, ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע עסקנים, פּרנסים, רייכע, אָרעמע... זיי האָבן זיך אַלע באַצויגן מיט צוטרוי. מען האָט געשמועסט וועגן אַלץ — וועגן די קינדער־יאָרן פון דער באַוועגונג, די טעג פון „פאָלג מיך אַ גאַנג" ביים פאַרשפּרייטן די ערשטע שקלים — און וועגן די לעצטע צייטן אין דער אויפגעטרייסלטער ארץ־ישראל, וועגן די טעג און נעכט פון די געשעענישן. דער נייער אינהאַלט פון די ארץ־ישראל־געשעענישן האָט זיך אויסגעמישט מיטן אַלטן — מיטן הווה און עבר אַרום דעם לעמבערגער גרויסן בית־מדרש אויפן נאָמען פון דער הייליקער לעגענדאַרער פרוי „די גאָלדענע רויזע"; מיט אַלץ וואָס אַרום דעם קבר פון רבי לייב שרהס אין קאַלאָמיי; מיטן דלות און טרויער אין די געסלעך, וואָס טראָגן די נעמען פון נחום סאָ־קאָלאָוו און שלום אַש, אין פּשעמישל; מיט אַלץ וואָס עס איז אין פאַרלויף פון 30 יאָר געזאָגט געוואָרן אין דעם „„יידישן הויז" — „בית ישראל" — אין טשערנאָוויץ; מיט אַלץ, וואָס עס פילט אָן דעם זאַל פון דער „בני ברית־לאָזשע אין בוקאַרעשט — די לאָזשע „ציון", וואָס האָט נאָך מיט 54 יאָר צוריק באַשטייערט אירע חברים מיט 12 פראַנק אַ יאָר „לטובת ישוב ארץ־ישראל"... יאָ, אַלץ האָט זיך אויסגעמישט. די רייד זיינען גוט אויפגענומען געוואָרן, עס זיינען פאַרשוווּנדן די סתירות צווישן עפּאָכעס, קרייזן און ספע־רעס. און דאָך איז דער אויספיר אַ דערדריקנדיקער: דער ישוב האָט טאַקע אויסגעהאַלטן דעם נסיון, אָבער דאָס פאָלק האָט אין דער דעצידירנדיקער שעה באַנקראָטירט...

איך רייד נישט פון מיין אייגענער דערפאַרונג אין די פיר לענדער פון רומעניש קיניגרייך. עס קען גריילעך זיין, אַז מאַטעריעל וועלן דאָ די רע־זולטאַטן זיין גאָר דערפאָלגרייך; איך אורטייל אָבער לויט דעם אַלגעמיינעם רעזולטאַט פון דער ווענדונג צום פאָלק, מיט וואָס פאַראַ קונצן, תקיעות און תרועות דאַרף מען זיך עס באַנוצן כדי אַרויסצובאַקומען פון „פאָלק" אַ פּרוטה! מיר האָבן פּראָקלאַמירט אַ זאַמלונג פון 300 טויזנט פונט — אַ נישטיקע סומע פאַר אַ פאָלק, וואָס פאַרמאָגט מאַסן אָרעמעלייט, אָבער אויך נישט ווייניק גבירים און פאַרמעגלעכע עלעמענטן. עס איז קלאָר, אַז נאָך אַלעם, וואָס עס איז געשען אין ארץ־ישראל, האָט אַזאַ פּאַטריאָטישע אויפ־פאָדערונג געדאַרפט מיט באַגייסטערונג דערפילט ווערן אין 24 שעה. אָבער

מיט וויפיל שווערקייטן, מאַטערנישן און גיין איבער די הייזער קומט עס אָן ביז מען קריגט אַ שפּענדונג פאַרן „מפעל הבצרון והבטחון" — די אַקציע פאַר זיכערהייט און ווירטשאַפטלעכער פאַרפעסטיקונג!

ווער איז שולדיק? שולדיק איז אַט ד אָ ס פ אָלק, צו וועלכן ווייצמאַן האָט זיך נאָך סאַן־רעמאָ געווענדעט מיט זיין באַרימטער פראַגע: „יידיש פאָלק, ווו ביסטו?": ד אָ ס פאָלק, וואָס ביאַליק האָט אים אַ נאָמען גע־געבן „חציר יבש" — טרוקן גראָז...

„מען דאַרף — טענהט מען — אויפקלערן די לאַגע"... — וועלכע אויפ־קלערונג פעלט זיי? נאָך דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע פאַרנעמען די ארץ־ישראל־געשעענישן דעם ערשטן פּלאַץ אין דער אינפאָרמאַציע פון דער וועלט־פּרעסע. אַפילו די פּרימיטיווע גויע, וואָס האָט באַדינט מיין האָטעל־צימער, פלעגט מיר יעדן טאָג אַרויסלייענען פון איר רומענישער צייטונג, אַז „ביי אייך איז מען ווידער געהרגעט און פאַרוווּנדעט געוואָרן" און אַז „ביי אייך איז היינט, גאָט צו דאַנקען, רואיק" אאז"וו. וועלכע אינפאָרמאַציע, וועלכע אויפקלערונג פעלט זיי?

דאָס פאָלק איז שולדיק. אָבער אויב עמיצער איז פ אַ ר אַ נ ט־וו אָ ר ט ל ע ך פאַרן דאָזיקן שולד — איז דאָס די ציוניסטישע באַוועגונג אין גלות...

צום שבח פון פאָלק וויל איך זאָגן, אַז די מאַסן אונדזערע האָבן אַרויס־געוויזן אַ רעאַליסטישן צוגאַנג צו די געשעענישן. זיי האָבן זיי אויפגעפאַסט ווי אַ וויכטיקע היסטאָרישע געשעעניש, און נישט בלויז אַלס אַ פּראָוואָקאַציע פון עפּעס אַ פּיינטלעכן בריטישן באַאַמטן. זיי פאַרשטייען, אַז דאָס איז אַן אויפשטאַנד קעגן דעם דערפאַלגרייכן פּראָגרעס פון דער ציוניסטישער פאַר־ווירקלעכונג אין לאַנד. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דאָס מאָל האָט מען נישט געהאַקט קיין שויבן אין ענגלישע קאָנסולאַטן. דאָ האָט געווירקט דער נאַטירלעכער קאָלעקטיווער „הבלגה"־פאַרשטאַנד. אין אונדזער איצטיקער איינזאַמקייט אין דער וועלט באַווייזט נאָך דאָס פאָלק טייער צו האַלטן אונ־דזערע פאַרבינדונגען מיטן ענגלישן פאָלק. קורץ און קלאָר: דאָס פאָלק ווייזט אַרויס גאָר קנאַפּ אידעאַליזם און פרייוויליקייט לגבי ארץ־ישראל, און דאַקעגן — גאָר אַ סך פּאָליטישן רעאַליזם.

עס האָט נישט אויפגעהערט די ציוניסטישע שטרעבונג; עס האָט נישט אויפגעהערט די ליבע צו ארץ־ישראל; עס האָט אָבער אויפגעהערט די דירעק־טע פּערזענלעכע פאַראינטערעסירטקייט. אין די טעג פון אונדזער „פּראָס־פּעריטי" און מאַסן־עליה האָט יעדער ייד געהאַלטן אין „פּאַקן די מטלטלין", יעדער איינער האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. איצט זיינען גע־קומען די געשעענישן און האָבן אַלץ איבערגעדרייט.

און עס איז פאַראַן נאָך אַ סיבה. איך האָב פריער דערמאָנט די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פון די ציוניסטן פאַרן דורכפאַל פון פאָלק. אין דער איצטיקער

גורלדיקער שעה פון אונדזער ציוניסטיש לעבן האָט זיך אַנטפּלעקט די שרעק־לעכלעכע סתירה צווישן די פאָדערונגען פונעם ציוניסטישן ווערק און דער מעגלעכקייט פונעם גלות־ציוניזם אָפּצורופן זיך און אויפנעמען די דאָזיקע פאָדערונגען. די דאָזיקע אוממעגלעכקייט דערגייט ביז צו אומלאָיאַליטעט און שענדלעכער קאָמפּראָמיטאַציע. די ציוניסטן זיינען אַריינגעטאָן אין קריגע־רייען, מחלוקתן און אומאויפהערלעך יאָגן זיך נאָך גבאות. זייער באַשעפ־טיקן זיך מיט „קעגנוואַרטס־אַרבעט" פירט זיי פּשוט אַראָפּ פון גלייכן וועג. אַזוי ווי עפּעס אויפצוטאָן אין די איצטיקע באַדינגונגען אין גלות איז סיי ווי אוממעגלעך, בלייבט בלויז איבער די מחלוקת. די קריגערייען אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג ציען זיך שוין דאָך יאָרן־לאַנג. די פאַרביטערונג צוליב דער מכלומרשטער דיסקרימינאַציע מצד די לינקע; די צעטומלעניש, וואָס זשאַבאָטינסקי האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער וועלט; דאָס אַריבער־פירן די ציוניסטישע טעטיקייט צו „אַפּאַראַטן" און ביוראָס, וואָס זיינען אוי־סערהאַלב די לאָקאַלע אינסטאַנצן; דאָס קאָנצענטרירן די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער דערציאונג פון דעם יונגן דור אין די הענט פון די יוגנט־באַוועגונגען — דאָס אַלץ האָט אויסגעליידיקט די טעטיקייט פון די בירגערלעכע ציוניסטן פון יעטוועדן אינהאַלט. צווישן די בעלי־בתישע ציוניסטן, וואָס פאַקטיש שטייען זיי אומעטום אין שפּיץ פונעם אָפיציעלן ציוניזם, געפינען זיך מערערע פאַרמעגלעכע און קאַפּיטאַל־קרעפטיקע מענטשן. און דווקא זיי דרייען זיך אַרויס פון פינאַנציעלער זעלבסט־באַשטייערונג, געבנדיק דערמיט אַ שלעכטן ביישפּיל פאַר נישט אָפיציעלע ציוניסטן. דער ציוניזם, די לעבעדיקע ארץ־ישראל זיינען אומשטאַנד אויפצולעבן און אָפּצופרישן דאָס פאָלק, אָבער די לאָקאַלע ציוניסטישעווירקלעכקייט פאַראַליזירט און קאָמפּראָמיטירט. נאָכן אַכטן קאָנגרעס האָבן מיר באַקומען אַ פירערשאַפט און אַן אַדמיניסטראַציע פאַר דער ציוניסטישער  פ אַ ר וו י ר ק ל ע כ ו נ ג,  אָבער עד־היום האָבן מיר נישט קיין פירערשאַפט און קיין אַדמיניסטראַציע פאַר דער ציוניסטי־שער  ב אַ וו ע ג ו נ ג  אין גלות. קיינער זאָרגט נישט, קיינער מישט זיך נישט און אַלץ איז הפקר.

אין מיינע רעדעס בין איך זיך נוהג אַרויסצושטעלן דעם ארץ־ישראל־ישוב ווי אַ „מעטראָפּאָליע", און די גלות־ישובים ווי „קאָלאָניעס" פון דעם יידישן פאָלק. אין די „קאָלאָניעס" האָבן מיר אַ „קאָלאָניאַל־דינסט": די „שליחים" און די לאָקאַלע דירעקטאָרן פון „קרן היסוד" און „קרן קיימת" — אונדזערע „קאָנסולן" אין די גלות־לענדער. ליידער שענקען מיר נישט גענוג אויפמערקזאַמקייט אונדזער „קאָלאָניאַל־דינסט". עס איז זייער שווער, יאָר איין — יאָר אויס צו מאָנען און איינצומאָנען שטייערן און בייטראָגן — אין נישט דורך צוואַנג, נאָר דורך אַפּעלירן צום פרייוויליקייט־געפיל. די דאָזיקע אַרבעט מאַטערט אויס דעם מענטשן און מאַכט פון אים אַ תל. דער „שליח" און דער „דירעקטאָר" מוזן זיך צופּאַסן צו כלערליי קאַפּריזן און שוואַכקייטן,

ביז זיי פאַרפּלאָנטערן זיך און פאַרפּלאָנטערן — נאַטירלעך -- אַנדערע. עס קומט נאָך צו די קעגנזייטיקע אייפערזוכט און שנאה פון אונדזערע פּאַנד־אינסטיטוציעס. צייטנווייז איז אין דעם אויך שולדיק די נישט געלונגענע סע־לעקציע פון אונדזערע „קאָנסולן". מיר האָבן טאַקע נישט געניג פּאַסיקע קאַנ־דידאַטן און אויך זאָרגן מיר נישט פאַר דער צוגרייטונג פון קאַנדידאַטן, וועל־כע זאָלן קענען ווי געהעריק אויספירן זייער שליחות. וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר דער צוקונפט פון ציוניזם און פון אונדזער ווערק אין לאַנד. די ציוניס־טישע אַנגעלעגנהייטן האָבן זיך צעוואַקסן און אַנטוויקלט אַזוי, אַז אונדזערער אַן אָפיציעלער פאַרטרעטער — פון דער צי יענער אינסטיטוציע — מוז זיך אויסצייכענען מיט פערזענלעכע און ציוניסטישע אייגנשאַפטן און זיטן, כדי אימשטאַנד צו זיין צו דערווערבן אַ מאָראַלישן אויטאָריטעט און בכבודיק צו רעפּרעזענטירן די דעלעגירנדיקע מאַכט — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

ביי דעם אַלעמען טאָרן מיר נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף די פעלערן פון אונדזער אייגענער באַוועגונג אין די גלות־לענדער. די פריער אויסגע־רעכנטע דעפעקטן געפינט מען — אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס — אויך אין אונדזער באַוועגונג. עס איז נאַטירלעך גאַנץ איבעריק אויסצורעכענען די פּאָ־זיטיווע זייטן פון אונדזער באַוועגונג, זיי זיינען געניג באַקאַנט. ווען נישט אונדזער באַוועגונג וואָלטן מיר נישט פאַרנומען אַזעלכע פּאָזיציעס אין ארץ ישראל. אין אונדזער באַוועגונג איז אַנטשטאַנען די משיחישע קראַפט פון חלוציזם. אָבער דאָס אַלץ איז אויפן געביט פון „פּאַלעסטינע־צענטריזם"; וואָס נוגע דעם ציוניזם אין גלות זיינען די אויפגאַבן אין די ראָל פון אונדזער באַוועגונג היינט צו טאָג גאָר שוואַכע. איר באַטייליקונג אין דעם אַלגעמיינעם ציוניסטישן לעבן איז אָפט פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר מכלומרשטע פּאָ־זיציעס.

די יוגנט־באַוועגונג איז אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין די ענינים פון ארץ־ישראל און מיטן גאַנצן וועזן גרייט זי זיך צום דאָרטיקן לעבן, זי האָט אין דער גלות־ווירקלעכקייט אַזוי ווי אויסגעגראָבן אַ קאַנאַל, וואָס פירט קיין ארץ ישראל. די יוגנט שיפט זיך און לייגט נישט קיין אַכט אויף אַלץ וואָס עס געשעט פוןביידע זייטן פון קאַנאַל; אָבער פון ביידע זייטן עקזיסטירט אַ „ווירקלעכקייט". און דער פוילשטאָף פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט קען צומאָל פאַרשטאָפּן דעם קאַנאַל און דעם גאַנצן וועג. אין אַ קאָנגרעס־יאָר איז אונדזער באַוועגונג פול מיט לעבן, זי איז אַקטיוו, זי ברויזט. אויך די יוגנט־באַוועגונג שפרודלט מיט לעבן ווען עס גייט די עליה און מ׳דאַרף נישט קיין „מפעל הבצרון". אָבער ווען עס ברעכט אויס אַ קריזיס, ווען די עליה שטעלט זיך אָפּ, ווען מ׳דאַרף מאָביליזירן כוחות כדי צו ענדערן די לאַגע — ווייזן אונדזער באַוועגונג און אונדזער יוגנט נישט אַרויס קיין איבעריקע לעבהאַפטיקייט. און אויך אין אונדזער באַוועגונג זיינען פאַראַן פאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרויס פון פרייוויליקע פינאַנציעלע ביישטייערונ־

גען; דער תּירוץ איז: זיי געהערן צו אַ באַוועגונג, וואָס גיט „מער" — „זי גיט חלוצים"... אַזאַ באַציאונג שאַפט אַ געפאַר פאַר אונדזער פּאָזיציע און אונדזער כּוח אין ציוניזם אין דער צוקונפט.

איך שרייב דאָס אַלץ נישט כּדי צו קלאָגן און פאַרקלאָגן, נאָר כּדי צו זוכן וועגן, ווי אַזוי די לאַגע צו פאַרבעסערן. אַט אַזאַ פאָלק האָבן מיר, און נישט קיין אַנדערן — מ ו ז פון אים קומען די ישועה. וואָס איז שייך דעם ציוניזם, — אַפילו דעם בעל־הבתּישן, דעם אַנגעשטאָפּטן מיט פעלערן — איז ער עס פונדעסטוועגן דער, וואָס האָט אונדז אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן דור געגעבן די מעגלעכקייט צו בויען; מיר האָבן געבויט — מיט נאַציאָנאַלע מיט־לען. און אונדזער אייגענע באַוועגונג — טראָגט אַלע אירע דעפעקטן און סתּי־רות — איז עס די, וואָס פון איר שטאַמט אונדזער קראַפט און אונדזער וויקס און וואָס זי איז אַ טייל פון אונדזער וועזן. אויך די „אַפּאַראַטן" און די „שלי־חים" זיינען אַזעלכע, וואָס אָן זיי וועלן מיר קיין סטאַבילע אַרבעט נישט אָנ־פירן. דאָס זיינען די מכשירים פון אונדזער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג און אין זיי אַליין ליגט דער כּוח אונדזערער. מ ו ז ן מיר אָפּהיטן די מכשי־רים און זאָרגן פאַר זייער ריינקייט און גאַנצקייט. עס איז די העכסטע צייט, אַז מיר זאָלן אָנהייבן זאָרגן פאַר דער צוגרייטונג פון אַ פעאיקער און פּראַק־טישער אַדמיניסטראַציע פאַר די ציוניסטישע ענינים אין גלות. אין רוסישן ציוניזם איז אַמאָל געווען אַ וויכטיקע אינסטיטוציע פון „ראַיאָן־באַפולמעכ־טיקטע"; זיי זיינען געווען פירנדיקע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זיי־נען געשטאַנען אין שפּיץ פון ריזיקע ראַיאָנען, און מיטן כּוח פון זייער אויִ־טאָריטעט האָבן זיי זיי באַוואַכט און געפירט אין ריכטיקע וועגן. פאַרוואָס זאָלן מיר אויך איצט נישט שיקן קיין „קאָמיסאַרן", „אַמבאַסאַדאָרן" — פון צווישן די פירנדיקע פּערזאָנען אין ישוב און ציוניזם?

איך רייד ניט וועגן ז ו כ ן מענטשן; איך רייד וועגן צ ו ג ר יי ט ן ז יי. דאָס וואָס עס פעלט אונדז היינט, וועט פעלן אויך אין 2־3 יאָר אַרום און וואָס מיר וועלן צוגרייטן היינט, וועט נוצן ברענגען נאָך אין 2־3 יאָר אַרום. מיר זיינען נישט מער אַמאַטאָרן; אונדזער טעטיקייט פירט זיך אין אַ מלוכה־מאַסשטאַב. קענען מיר זיך נישט מער פאַרלאָזן אויף „נאַטירלעכער אינספּיראַציע" און „אַנטפּלעקטע טאַלאַנטן". מיר דאַרפן דערציען און צו־גרייטן די נויטיקע כּוחות. די קיבוצים און קבוצות, ווו עס האָט זיך קאָנצענ־טרירט די בעסטע יידישע יוגנט, דאַרפן אונדז געבן פעאיקע קאַנדידאַטן פאַר ציוניסטישע שליחותן צו אונדזערע אינסטיטוציעס אין די גלות־לענדער. די דאָזיקע קאַנדידאַטן וועלן אין פאַרלויף פון 2־3 יאָר דורכגיין אַ קורס — אָדער אַ שולע — וווּ זיי וועלן שטודירן די פּראָבלעמען פון דער וועלט, פון אונדזער פאָלק, פון ישוב, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; זיי וועלן אַלזייטיק פאַרפולקומען זייער בילדונג און אַזוי אַרום צוגרייטן זיך צו דער ראָל פון אַ ציוניסטישן „אַמבאַסאַדאָר". דער יוגנטלעכער — אָדער יוגנטלעכע — וועט

אויך לערנען שפּראַכן, און וועט דערנאָך שטיין עטלעכע יאָר צו דער דיספּאָ־זיציע פון פאָלק. דאָס אַלץ דאַרף די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָרגאַניזירן און פינאַנציעל פאַרזיכערן.

דאָס וואָס איך שרייב דאָ איז נישט צוליב אינפאָרמאַציע; דאָס זיינען „הירהורים״, וואָס באַגלייטן מיין איצטיקע טעטיקייט. צו וועמען זאָל איך אי־בערוויזן מיינע „הירהורים״ אויב נישט צו אייך?

---

# אונדזער פליכט פאַרן גלות

(אויף דער מפא״י־קאָנפערענץ, 1938).

פון די רעדעס פון אייניקע חברים האָבן זיך געצויגן פעדים צו דער לאָנ־דאָנער „דויינינג־סטריט״ אָדער צו דער לאָנדאָנער „סיטי״ — וויכטיקע גאַסן: דאָרטן שטייגן און פאַלן אונדזערע „ווערט־פּאַפּירן״. איך אָבער וועל ריידן וועגן די וואַרשעווער נאַלעווקעס און וועגן דזשיקע גאַס. פאַר מיר סימבאָ־ליזירן איצט די דאָזיקע גאַסן אַלצדינג. פון מיינעטוועגן זיינען היינט נישטאָ קיין שענערע און הערלעכערע גאַסן אין דער יידישער גלות־וועלט. אַלע יידי־שע גאַסן זעען אויס אַזוי אָדער כמעט אַזוי. איך דאַרף אייך זאָגן: ערשט נישט לאַנג האָב איך זיך אומגעקערט פון די נאַלעווקעס און דזשיקעס און קומענדיק אַהער וויל איך זיך אָננעמען פאַר זיי און פאַרשטילן די טענער פון פאַרלוימדונג קעגן זיי. פאַרוואָס? ווייל אויף די דאָזיקע גאַסן ווערן היינט אונדזערע ברידער געשלאָגן און ווייל אויף זיי געפינט זיך און פאַרמירט זיך „די מדינה אונטערוועגס״ — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

עס דאַרף צו אונדז דערגיין דער עכאָ פון די נאַלעווקעס און דזשיקעס, דער אָפּקלאַנג פונעם גלות־לעבן אַזויווי עס איז. מיר בילדן דאָ אַ גרויסע פאַרטרעטערשאַפט פונעם גאַנצן גלות — פון בורגענלאַנד ביז צו תימן. דאָ געפינען זיך יידן פון דייטשלאַנד און עסטרייך, קינדער פון דזשיקע און קינ־דער פון לענדער, צו וועלכע עס דערנענטערט זיך דער פּחד פון שוואַרצן גלות. און מיר דאָ דאַרפן עמפינדן אונדזער פאָלק אין זיין גלותדיקן אינהאַלט. דאָס איז אונדז דירעקט נוגע. פון אָט דעם פאָלק און פונעם דאָזיקן גלות וועלן מיר פאָדערן, דורכצודרינגען זיך מיטן גייסט פון דער יידישער זעלבסט־פאַרטיידיקונג אין ארץ ישראל. פון אָט דעם גלות און פון דאָזיקן פאָלק וועלן מיר פאַרלאַנגען דרינגענדע מאָביליזאַציעס. אָבער דאָס פאָלק איז איצט ני־דערגעשלאָגן. נאָרדויס צאָרן־ווערטער און קינות אויף די ציוניסטישע קאָנ־גרעסן זיינען געווען אַ בלאָסע פּרעלודיע צום יאוש־געשריי, וואָס טראָגט זיך איצט פון געטאָ און פון די חורבות פון דער יידישער עמאַנציפּאַציע כמעט אין אַלע לענדער, ביי אַלע פעלקער.

עפּעס דאָך סימבאָליזירט פאַר אונדז די דאָזיקע דערשיינונג מיט דער שיף, וואָס די פּרעשבורגער יידן האָבן זי געדונגען פאַר 15 משפחות פון בורגענלאַנד, וועלכע זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון עסטרייך, און אַ צוים פון שטעכעדיקן דראָט האָט זיי נישט דורכגעלאָזט קיין אונגאַרן, אַזוי אַז מען האָט פאַר זיי געמוזט דינגען אַן עקסטעריטאָריאַלן פּלאַץ. יאָ, דער דונאַי, און אויף אים די שיף, וואָס וואַרט אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער לייזונג פאַר די אַרויסגעטריבענע 15 משפחות. ז יי נ ע ן אַ סימבאָל! אָבער אייגנטלעך איז דאָך דאָס גאַנצע יידישע לעבן איצט געגליכן צו יענער קליינער שיף אויף די דונאַי־וואַסערן. מיר האָבן אַמאָל געהערט די קינה „על נהרות בבל״; אָבער יענע עלעגיע איז פאַרגעשטעלט געוואָרן אין זייער אַ ראָמאַנטישער פאָרם: אַרויסגעטריבענע, מיט פידלען אין די הענט — יידן, וועלכע האָבן נישט געקענט זינגען ציונס לידער אויף פרעמדער ערד. נאָך טויזנטער יאָרן, אין אונדזערע איצטיקע טעג, איז געשריבן געוואָרן אין יידיש אַ בוך, וואָס הייסט נישט „ביי די טייכן פון בבל״, נאָר — „אויף די טייכן פון מאַזאָוויע״.*) אויף די דאָזיקע טייכן זיצט אַ קליין שטעטל, וואָס איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום. דאָס שטעטל — סמאָלין — געפינט זיך נישט ווייט פון וואַרשע. דער שרייבער שילדערט די הונגעריקע יידישע קהילה פון דעם שטעטל, דעם הונגעריקן רב, די נעבעכדיקע קולטור... דאָס גאַנצע שטעטל — אַלט און יונג — גייט אין נאָענטן שטעטל אַריין, וואָס איז אויך הונגעריק, כדי צו געפינען דאָרטן אַרבעט און פרנסה — און קיין פרנסה איז דאָרטן נישטאָ! עס בלאָנקען דאָרט אַרום פאַרזעסענע בתולות, בהורים־אַרבעטסלאָזע, אַ געוועזענער באַנקיר — אַ הונגעריקער; עס דרייט זיך אַרום „עמך״ — פאַרביטערט, הונגעריק, פרנסה־לאָז און דער המון רייסט זיך אַריין אין קהילה־לאָקאַל... דער הונגעריקער באַנקיר הענגט זיך אויף; דער הונגעריקער רב זאָגט מוסר און עמך רייסט אים איבער די רייד; דער דאָקטער פון שטעטל האָט נישט קיין פּראַקטיק — וויל ער זיך פאַרבינדן מיט „עמך״, וועבט ער פאָפּולערע אידעאַלן, אָבער וואָס צו טאָן האָט ער נישט און וואָס צו עסן האָט ער אויך נישט... דאָס לעבן אין סמאָלין — אויף איינער פון די טייכן פון מאַזאָוויע — ענדיקט זיך מיט אַ פּאָגראָם. אַ לאַנגע שורה פון קרבנות ווערט געפירט צום בית־הקברות; די אונטערוועלט פאַרכאַפּט די קהילה; דעם רבס טאָכטער, וואָס האָט שטודירט פּרווידן, ווערט משוגע; דער אַרבעטסלאָזער דאָקטער באַגלייט זיין ווייב צום קבר... אָט אַזוי שליסט זיך דאָס לעבן פון אַ יידיש שטעטל ביי די טייכן פון מאַזאָוויע. די דאָזיקע „מאַזאָוויע״ איז גאַנץ פּוילן, איז גאַנץ רומעניע.

דער טעלעגראַף האָט היינט געבראַכט די ידיעה וועגן טויט פון ג אָ ג אַ — האָט מען שוין מורא, טאָמער וועט די אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי אין

*) „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע״ פון אומגעקומענעם שרייבער מ. בורשטין.

רומעניע בלייבן הלילה אָן אַ פירער. ווייס איך וואָס — עס הייבט זיך גאָר־
נישט אָן! איך בין איסגעפּאָרן לענדער; איך האָב זיך צוגעקוקט צו די גאַסן,
סטאַנציעס, רעסטאָראַנען, באַנען; איך האָב אָבסערווירט די אונטערוואַקסנ־
דיקע יוגנט — בין איך געקומען צום אויספיר, אַז דער באַציל פון אַנטי־
סעמיטיזם איז שוין נישט מער קיין באַציל: ער איז אַ ראַק, וואָס פרעסט דאָס
האַרץ פון דער מענטשהייט. דאָס הייבט זיך אָן מיט דער פּשוטער רומענישער
גויע, וואָס זיצט אין אויטאָבוס און סטראַשעט איר ווייגענדיק קינד, אַז „אַט
גייט דער זשיד״, און ענדיקט זיך מיט סטודענטן — מיט פאַרקרימטע־פאַר־
ביסענע פּנימער, פול מיט גיפט און גאַל צו יידן. דער גאַנצער דור, — אויף
די ברעגן פון די טייכן פון מאַזאָוויע, פון דניעסטער, פון דונאי און אפילו
פון דער טעמזע — איז פאַרסמט מיט שנאה צו יידן. מען דאַרף גאָר קיין
פירער נישט: די גאַנצע מענטשהייט איז פאַרסמט. אַ סך פעלקער זיינען פאַר־
כאַפּט פון שנאה און פאַרניכטונגס־תאוה. דו ווייסט אפילו נישט פון וואַנען
קומט זי — די שנאה: נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן וועגן דעם און נישטאָ
שוין קיין צייט צו רעכט צו מאַכן. פון לאַנד צו לאַנד קריכט ער, דער ראַק
פון דער שנאה, און אָט־אָט האַלט ער שוין ביי אונדז. אויב עס וועט אויס־
ברעכן אַ וועלט־קריג וועט מען זיך אונטערנעמען צו ליקווידירן אונדזער
פאָלק. פאַר אונדז שטייט די פראַגע: וואָס טוט מען? און דער ענטפער איז:
פ אַ ר ט יי ד י ק ן  ז י ך ! — ה ג נ ה ! — אין פּוילן געפינען זיך דריי
מיליאָן יידן, און אויב זיי וועלן נישט רעאַגירן, נישט פאַרטיידיקן זיך, וועט
מען זיי אומברחמנותדיק פאַרניכטן.

די ה ג נ ה  האָט געטראָטן דעם וועג פאַרן  ח ל ו צ י ז ם .  אין
יאָר 1905 זיינען מיטגלידער פון דער יידישער „סאַמאָאָבאָראָנע״ (זעלבסט־
שוץ) פון רוסלאַנד — פון האָמעל און אַרומיקע שטעטלעך — געקומען ווי
חלוצים קיין ארץ ישראל; דאָ האָט זיך דער חלוצישער כוח פאַרפעסטיקט
און איז אויסגעוואָקסן צו הונדערטער, טויזנטער, צענדליקער טויזנטער; אַ
יונגער געזונטער דור וואַקסט דאָ אין לאַנד. דאַרף איצט דער חלוציזם צאָלן
זיין חוב דער הגנה. דער כבוד פון פאָלק און דער געבאָט פון זיין רעטונג פאָ־
דערן פון אונדז איבערצווינדן דעם צושטאַנד פון פאַראַליז און אָנצוהייבן
רעאַגירן, פאַרטיידיקן זיך. אין מיינע רייזעס האָב איך אַ סך געזען און אַ סך
מסקנות געצויגן און איך זאָג נישט, אַז דער זעלבסטשוצלער וועט נישט גע־
כאַפּט ווערן, נישט געשטעלט ווערן צום וואַנט און נישט געשאָסן ווערן. און
דאָך — זאָל אָרגאַניזירט ווערן די הגנה! פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ, צו
וועלכער עס האָבן זיך פאַרזאַמלט מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער, פאַר־
שיידענע שטעט און שטעטלעך אין דעם גרויסן „תחום־המושב״, דאַרף אַרויס־
גיין אַ רוף, אַ פאָדערונג, און אַ דערמוטיקונג צום אָרגאַניזירן די הגנה אין
די גלות־לענדער.

אויסער דעם דאַרפן מיר גיין אין וועג — איך שעם זיך נישט צו זאָגן

— פון דעם אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג: ש ת ד ל נ ו ת. ווייניק צדיקים זיינען פאַראַן אין דער וועלט פון סדום, אָבער זיי זיינען פאַראַן. איינער פון זיי איז רוזוועלט און ער פאָדערט צו זאָרגן פאַר די היימלאָזע פון דייטש־לאַנד און עסטרייך. כל־זמן די פעלקער אַליין זיינען פאַראַליזירט; כל זמן די דעמאָקראַטישע יסודות אין פאַרשיידענע לענדער האַלטן זיך אין איין צוזאַ־מענברעכן מוז זיך דער קאַמף פאַר רעכט איינשרענקען, און דעריבער — שתדלנות. ווער ווייס, צי אין די אָפּמאַכן וועגן די „אַקסן" רוים־בערלין, רוים־לאָנדאָן, רוים־פּאַריז אאַז"וו, וועט נישט אויסגעפורעמט און פאַרפיקסירט ווערן די רעאַקציע אויף אַ סך יאָרן; און ווער ווייס, צי אין צענטער פון דער רעאַקציע וועט נישט אַריינגעפּאַסט ווערן דער אַנטי־יידישער פסיכאָז. אין אַזעלכע באַדינגונגען ווערט אָפּהענטיק דער קאַמף פאַר בירגער־רעכט, און אויף זיין אָרט קומט די שתדלנות. דאָס האָט שוין אַ שייכות צום יידישן וועלט־קאָנגרעס. איך אַליין בין אַמאָל געווען פון די קנאַפּע חסידים זיינע, אָבער יעדער עניין האָט זיך זיין קאָניוקטור און די סיטואַציע אין דער וועלט האָט געשאַפן אַ באַזע פאַרן וועלט־קאָנגרעס. די אויפגאַבע פונעם וועלט־קאָנ־גרעס איז, ערשטנס, צו אָרגאַניזירן קעגנזייטיקע הילף צווישן לאַנד און לאַנד, צווישן איין יידישן ישוב און אַן אַנדערן; צווייטנס — צו אָרגאַניזירן די שתדלנות פאַר יידן אין פאַרשיידענע לענדער. אַזוי איז געקומען די צייט פאַר דעם וועלט־קאָנגרעס. ער וועט זיך פאַרנעמען מיט אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ און קעגנזייטיקע הילף, מיט שתדלנות און פאָלקס־קאָנטראָל איבער דער שתדלנות. איבער אַלעם אָבער איז דער וועג פון גאולה. דאָס ג ל ו י ב ן אין גאולה האָט אָפּגעהיט דאָס פאָלק; די מ ע ג ל ע כ ק י י ט ן פון גאולה דאַרפן ראַטעווען דאָס פאָלק, און די טרעגערין פון די גאולה־מעגלעכקייטן איז די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — די וואָס הערצל האָט גע־שאַפן.

מיר האָבן פאַרנאַכלעסיקט די דאָזיקע ירושה הערצלס. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַ גרויסע „אימפּעריע". זי איז פאַרשפּרייט איבער לענדער, שפּראַכן, סטילן, טעריטאָריאַלע און לאָקאַלע ניואַנסן; זי נעמט אַרום פאַר־שיידענע עדות: כוחות, עלטערס, געוווינהייטן, און איבערהויפּט — פאַר־טייען און שטרעמונגען, ווי רעליגיעזע אַזוי אַנטי־רעליגיעזע. כדי אָנצופירן מיט אַזאַ אַלוועלטלעכער „אימפּעריע" דאַרף מען פאַרמאָגן כוח, טאַלאַנט, אי־בערגעגעבנקייט, איניציאַטיוו, זאָרגפעלטיקייט, פּאַטאָס, אַדמיניסטראַטיוון אויפזיכט און פּערמאַנענטע וואַכזאַמקייט. און דאָס אַלץ פעלט אונדז. מיר שטעלן זיך אַ פראַגע: ווי אַזוי וועלן מיר פאַרווירקלעכן אונדזערע אויפגאַבן, ווי אַזוי וועלן מיר אויפשטעלן די יידישע מדינה, ווען די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע איז אַ חרובע, אַ צעטומלטע, אַן אינערלעך צעריסענע און צעקריגטע, אַן אָפּגעלאָזענע און פאַרוואָרלאָזטע? — מיר האָבן פאַרשפּילט אַ סך גוטע גע־לעגנהייטן. למשל: נאָך דער גרינדונג פון דער פאַרברייטערטער אַגענץ איז

צירין. עס איז דאָן געווען אַ גרויסער פּאַטאָס — האָבן מיר געדאַרפט מיט זיין כוח אַריינציען הונדערטער טויזנטער יידן אין דער אַגענץ — אָבער דער פּאַטאָס איז פאַרשטיקט געוואָרן אין די הויפּט־ביוראָס פון אונדזערע פאַנדן; ער האָט זיך אויסגעוועפּט, דער פּאַטאָס, אין צווישן־דעפּאַרטאַמענטאַלע פאַר־האַנדלונגען.

עס איז געווען נאָך איינער אַ גרויסער מאָמענט. בן־גוריון האָט אַריינ־געלייגט אַ סך ענערגיע, גרויסע אויפקלערונג, כמעט פאַנאַטיזם — אין דער גרינדונג פון אַן א י נ ה י י ט ל ע כ ע ר ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; זאָלן זיך ענדיקן די קריגערייען; זאָל מען זיך צונויפשליסן קעגן דעם אויס־סערלעכן שונא און פאַר דער דערציאונג פון דעם דור, פאַר העברעאישער קולטור, פאַר די געלט־זאַמלונגען, פאַר נאַציאָנאַלן זעלבסטשוץ, פאַר דער אויסברייטערונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — פאַר אַן איינהייטלע־כער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע! מיר האָבן די פראַגע ברייט דיסקוטירט אויף דער קאָנפערענץ פון אונדזער וועלט־באַוועגונג; מיר זיינען געקומען צו אַ הסכם אויפן קאָנגרעס — און דאָך איז דער געדאַנק נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

און נאָך אַ געלעגנהייט: די טעג פון די געשעענישן אין ארץ־ישראל. עס האָט זיך דאָן געטראָגן די פאָדערונג, אַז די בעסטע ציוניסטישע כוחות זאָלן גיין צום גלות־יידנטום, כדי צו רופן אים צום „מפעל בצרון ובטחון", און דערביי אָרגאַניזירן די ציוניסטישע באַוועגונג און דאָס גאַנצע גלות־יידנטום. מיר האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעגעבן מיט אָרגאַניזירן די כוחות, מיר האָבן זיך באַנוגנט מיט פאָדערן געלט, איז אַזוי אַרום צונישט געמאַכט געוואָרן דער גרויסער קאָנסטרוקטיווער געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן דעם גלות.

צוויי יאָר נאָכדעם זיינען מיר ווידער געגאַנגען צום גלות. מיר האָבן געוואָלט דורכפירן די „נאָוועמבער־אַקציע" (צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע). מיר האָבן געמיינט, אַז אַ כוואַליע פון באַגייס־טערונג וועט זיך טראָגן פון לאַנד צו לאַנד, אַז די ציוניסטישע לייטונג וועט זיך ווענדן צום פאַרוויייטיקטן פאָלק מיט אַ רוף: פאַראַן אַ וועג צו גאולה! אָרגאַניזירט זיך! הערט אויף מיט די קריגערייען, פאַרשוועכט נישט הערצלס ירושה!... אָבער ווי אַזוי איז דאָס פאַרווירקלעכט געוואָרן? נאָך גוט, וואָס מיר האָבן כאָטש באַוויזן דורכצופירן אַ קאָנפערענץ אין ווערלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 1400 דעלעגאַטן פון פּוילישן יידנטום. מיין האַרץ איז פול גע־וואָרן מיט ליבשאַפט און אָנערקענונג צו די פּוילישע יידן. אין טעג, ווען פּוי־לישע באַנדיטן פּיקעטירן יידישע קראָמען; ווען אַ רייזע מיטן באַן אָדער אויי־טאָבוס איז פאַר יידן פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות — נעמען זיך צונויף אַזוי־פיל דעלעגאַטן, אָנגעלאָדענע מיט אַזויפיל ציוניסטישן פּאַטאָס! ווי טייער, ליב און חשוב איז אָט דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער רעזערוו פון דזשיקע און נאַלעווקי!

עס זיינען ווידער פאַרלאָפן טעג. עס האָט זיך ווידער פאַרזאַמלט דער

ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט. אויף דער זיצונג זײַנען אָנגענומען געװאָרן פאַרשיידענע גוטע באַשלוסן און צווישן זיי — צו אָרגאַניזירן און צענטרירן די ציוניסטישע באַוועגונג; צו פאַרווירקלעכן די רעפאָרעם; ווו — אָן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע, ווו — אַ קאָאָרדינירטע און ווו — אַ פּאַראַלעליזירטע. און ווידעראַמאָל: ווי נעבעכדיק איז דאָס אַלץ פאַרווירקלעכט געוואָרן!

***

מיר האָבן געעפנט אונדזער איצטיקע קאָנפערענץ מיט אָרגאַניזאַציע־פראַגן. פאַרוואָס? ווייל מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז אונדזער גרויסע און שטאַרקע פּאַרטיי איז נישט גענוג גוט אָרגאַניזירט און דאָס פעלשט, שוואַכט אָפּ, אַנולירט אונדזער כוח. דיסקוטירן מיר טעג גאַנצע, ווי אַזוי צו פאַרריכטן די לאַגע. אָרגאַניזאַציע איז נישט קיין קלייניקייט — ווער שמועסט נאָך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אָרגאַניזירן דעם אַלוועלטלעכן ציוניזם.

זייט נאָך דער וועלט־מלחמה איז נישטאָ קיין ציוניסטישע לייטונג. עס איז פאַראַן אַן עקזעקוטיווע פאַר ציוניסטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל, פאַר פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען, פאַר פינאַנציעלע פאַרהאַנדלונגען, עס איז אָבער נישטאָ קיין לייטונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. און אין די איצטיקע טעג פון „שטורעם און דראַנג" פאַר דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג פאָדערט זיך אַ ריזיקע טעטיקייט, פאָדערן זיך הערצלס טאַלאַנט, ענערגיע און אינספּיראַציע. מיר האָבן ציוניסטישע פּרעזידענטן און עקזעקוטיוו־מיטגלידער, וואָס האָבן נאָך דער מלחמה אפילו נישט באַזוכט זייער „אימפּעריע".

די עקזעקוטיווע דאַרף אויסגעפינען אַ גרופּע פון ענערגישע פּערזענלעכקייטן — פאַראַן נאָך אַזעלכע אין ציוניזם — און באַאויפטראַגן זיי מיט אָרגאַניזירן און פאַרפעסטיקן די ציוניסטישע באַוועגונג. מיר האָבן צו זיך אַמאָל געזאָגט: לאָמיר אַריינדרינגען אין ציוניזם — זײַנען מיר אַריינגעדרונגען; דאַן האָבן מיר געזאָגט: לאָמיר אַריינדרינגען אין דער עקזעקוטיווע — און מיר זײַנען אַריינגעדרונגען; דערנאָך האָבן מיר געזאָגט: לאָמיר איינעמען די עקזעקוטיווע! און מיר האָבן זי איינגענומען. נישט צוליב מאַכט־אַמביציעס האָבן מיר זי איינגענומען, נאָר צוליב דער פאַרשנעלערונג און פאַרטיפונג פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. און איצט דאַרפן מיר צו זיך זאָגן: מיר פאַרנעמען זיך מיט אָרגאַניזירן דעם קלאַס, טאָ לאָמיר, אָרגאַניזירנדיק דעם קלאַס, אויך אָרגאַניזירן דאָס פאָלק. אונדזער לאַגע אין דער וועלט איז זייער אַן ערנסטע און עס איז רייף די צייט פאַר אייניקונג. אַט זײַנען אונדזערע חברים פון די לינקע פועלי־ציון אַריינגעטראָטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; מען קען אויך צוציען די „אגודת ישראל" און פאַרשיידענע אַנדערע שאַטירונגען. דאָס אַלץ וועט מעגלעך זײַן, אויב עס וועט אַנטשטיין אַ ן  אַ ד מ י נ י ס ט ר אַ צ י ע  פאַ ר  צ י ו נ י ס ט י ש ע  אָ נ ג ע־ל ע ג נ ה י י ט ן.

# דער טשעכאָסלאָוואַקישער ציוניזם

דער ציוניזם אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי איז — נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — געווען די ערשטע בריק, וואָס האָט פאַראייניקט ארץ־ישראל מיטן מערב־יידנטום, מיט די יונגע כוחות, וועלכע זיינען דאָרט אַנט־שטאַנען און האָבן זיך געריסן צו נייער יידישער אַקטיוויטעט. אין פראָג איז פאָרגעקומען די ערשטע באַגעגעניש צווישן דעם יידישן אַרבעטער פון ארץ־ישראל מיט די טרובאַדורן פון חלוציזם אין מערב־אייראָפּע.

אין פרילינג 1920 האָט זיך פאַרזאַמלט די עפּאָכע־מאַכנדיקע „פראַגער קאָנפערענץ". די וועלט האָט זיך נאָך דאַן נישט איבעראָריענטירט; עס זיינען נאָך נישט אָפּגעמעקט געוואָרן די שפּורן פון דער מלחמה און פון חורבן, אָבער דעם יידישן אַרבעטער איז געווען קלאָר, אַז מען טאָר נישט וואַרטן, מען דאַרף וואָס שנעלער באַנייען די אַרבעט אין ארץ־ישראל, מען דאַרף סטי־מולירן און דיריגירן די ברויזונג און דעם אומרו, וואָס די וועלט־מלחמה האָט אַרויסגערופן אין די הערצער פון דעם יונגן יידישן דור; מען דאַרף זיי ווענדן אין דער ריכטונג פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג; מען דאַרף אין דער יוגנט און אין דער יידישער אינטעליגענץ פאַרפלאַנצן די אידייען פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטס־באַוועגונג. און דאַן איז צונויפגערופן געוואָרן די פראַגער קאָנפערענץ. עס זיינען צו איר געקומען דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע לענדער, אָבער אירע אידייאישע אַרכיטעקטן זיינען געווען די, וואָס האָבן פאַרטראָטן ארץ־ישראל און די יידישע צענטערן אין מערב. אין שפּיץ פון דער „הפועל הצעיר"־דעלעגאַציע זיינען געשטאַנען א. ד. גאָרדאָן און אליעזר יאָ־פע, און ביידע האָבן זיי טיף באַאיינפלוסט די דאָזיקע קאָנפערענץ, וועלכע האָט אין אַזאַ גרויסער מאָס סטימולירט דעם ציוניסטישן געדאַנק און די חלוצישע באַוועגונג אין די צוקונפטיקע יאָרן.

מיר, די דעלעגאַטן פון ארץ ישראל, האָבן דאַן צום ערשטן מאָל באַ־טראָטן די טשעכישע ערד. דאָך האָבן מיר זיך געפילט היימיש אין פראָג. מיר האָבן געשפּירט דעם חן פון אָרטיקער יידישער פאַרגאַנגענהייט. „פראַגער דערציילונגען" און געטאָ־לעגענדעס האָבן צו אונדז אַרויסגערעדט פון די געסלעך פון דער אַלט־יידישער פראָג. און נאָך עפּעס: אין די מלחמה־יאָרן, ווען ארץ־ישראל איז געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט, פלעגן זיך צו אונדז פאַרוואַלגערן נומערן פון דער פראַגער ציוניסטישער צייטונג „זעלבסטווער". מיר האָבן פון זיי געלערנט די שפּרודלדיקע אידייען פון טשעכישן ציוניזם און מיר האָבן זיך דורך זיי אינפאָרמירט וועגן ציוניסטישן לעבן און וועגן דער פראַקטישער טעטיקייט פון דעם טשעכישן „בר־כוכבא"־פאַריין.

די „יודישע רונדשוי", וועלכע פלעגט צו אונדז דערגיין פון בערלין, האָט אונדז באַשעפטיקט מיט יידישער און ציוניסטישער פּראָבלעמאַטיק; דער „זעלבסטווער" האָט אונדז פאַרכאַפּט מיט זיין פרישקייט, מיט זיין אַקטועל־

קייט. אָפט פלעגט די צייטונג זיין דורכגעזאַפּט מיט הומאָר און מיט יידישן צער. דאָ האָט זיך געפילט די קעגנזייטיקע השפעה פון מערב און מזרח. פון מאָל צו מאָל פלעגן צו אונדז פון די „זעלבסטוועהר"־שפּאַלטן אַרויסקוקן נע־מען פון מענטשן נייע און נאָוואַטאָרישע. פון צווישן זיי זיינען שפּעטער גע־קומען באַדייטנדיקע ציוניסטישע טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער.

האָבן מיר, הייסט עס, דורכגעמאַכט אַ געוויסע הכשרה פאַר אונדזער באַגעגעניש מיטן טשעכישן ציוניזם. און מיר, די טרעגער פון אונדזער נאַ־ציאָנאַלן רענעסאַנס, זיינען געקומען קיין פּראַג אין די טעג פון דעם טשע־כאָסלאָוואַקישן פּאָליטישן רענעסאַנס; מיר האָבן אומעטום געפילט די השפּעה פון טאָמאַס מאַסאַריק — אַ נאָמען און אַ באַגריף, וועלכע זיינען אונדז אַזוי נאָענט געווען נאָך אין אונדזערע ציוניסטישע יוגנט־יאָרן.

אין דער דאָזיקער אַטמאָספער איז ביז גאָר נאַטירלעך געווען די דער־שיינונג פון א. ד. גאָרדאָן. עס האָבן זיך צו אים געצויגן און געקלעפּט, סיי די יוגנט, סיי די ציוניסטישע דענקער און קולטור־טרעגער, — הגם זיי אַלע האָבן זיך מיט אים ערשט נאָר וואָס באַקענט. עס איז אויך פּונקט אַזוי נאַ־טירלעך געווען, וואָס אין די טעג פון פּראַגער קאָנפערענץ האָט זיך אויסקריס־טאַליזירט די ערשטע חלוצישע עליה; עס האָט דאַן עולה געווען די ערשטע חלוצישע גרופּע און מיט איר האָט זיך אָנגעהויבן די חלוצישע עליה פון די מערב־לענדער.

נאָך דער „פּראַגער קאָנפערענץ" האָבן מיר זיך מערערע מאָל אומגע־קערט צו דער דאָזיקער ציוניסטישער אכסניה. מיר פלעגן אַהין קומען אין גוטע צייטן און אין שלעכטע צייטן. און שטענדיק פלעגט אונדז אַנטקעגן קו־מען טרייע און פריינטלעכע ציוניסטישע איבערגעגעבנקייט. וואָס מער מיר האָבן דערקענט דעם טשעכישן ציוניזם, אַלץ מער האָבן מיר געשעצט זיינע אָנהענגער און אַקטיווע טוערס. מיר האָבן באַזונדערס געשעצט די איבערגע־געבענע טעטיקייט פון די ציוניסטישע פּרויען אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי. עס האָט אונדז אויך שטאַרק אימפּאָנירט דער פאַקט, וואָס אין דאָזיקן לאַנד הערשט אַזאַ איינשטימיקייט צווישן די פאַרשיידענע ציוניסטישע גרופּירונגען, איינשליסלעך די ציוניסטישע אַרבעטס־באַוועגונג.

די סינטעטישקייט פונעם טשעכאָסלאָוואַקישן ציוניזם און די פּרעדיס־פּאָזיציע פאַר עליה האָבן לייכט געמאַכט די גייסטיקע אַבסאָרבירונג פון דער טשעכישער עליה אין ארץ ישראל — אין דער התישבות, אין עקאָנאָמישער איניציאַטיוו און אין דער ספערע פון אינטעלעקטועלן לעבן.

די טשעכישע ציוניסטן זיינען צו אונדז געקומען נישט ווי פּליטים, ווי עמיגראַנטן, אפילו נישט ווי עולים — זיי זיינען געקומען ווי ש ב י ־ צ י ו ן . — ציוניזם הייסט — רעטונג, אויפבוי און גאולה; אָבער פאַר־ווירקלעכט ווערט ער דורך עליה און קיבוץ־גלויות. דער ציל פון ציוניזם איז

— פון שטיקלעך און ברעקלעך, פון שבטים און פאַרשיידענע עליות אויפצו־שטעלן אַן אינערלעך און אויסערלעך גאַנצע און זעלבסטשטענדיקע נאַציע. פאַר דער דערגרייכונג פונעם דאָזיקן ציל גיט דער טשעכאָסלאָוואַקישער ציו־ניזם אַ באַדייטנדיקן ביישטייער.

---

# די שליחים פון פיין

(אַ רעדע אויף אַ קבלת־פּנים פאַר די עסקנים פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן; אַפּריל 1940).

נישט איינמאָל האָבן מיר דאָ איינגעאָרדנט פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, געווידמעטע דעם פיין און שמערץ פון פּוילישן יידנטום. דאָ, אין זאַל, ווו די „הבימה" פירט אויף דעם „היהודי הנצחי", האָבן מיר אין זיין צייט געלאָזט הערן אונדזער הילכיקן פּראָטעסט קעגן פאַרבאָטן די יידישע שחיטה אין פּוילן, לויט ווי עס האָבן בייזווילִיק פּראָיעקטירט די באַפרייער און בויער פון פּוילן. מיר האָבן אין דעם פּראָיעקט איינגעזען אַ שרעקלעכע הקדמה צו די צוקונפטיקע טעג. היינטיקן אָוונט זיינען מיר זיך אָבער צונויפגעקומען צוליבן ד ע ר ל ו י ב ן דאָרט די שחיטה, צוליבן היתר אויסצוקוילן יידן דורך די צעשטערער פון פּוילן...

עס זיינען מיט אונדז דאָ חברים פון אונדזער באַוועגונג, פון די פאַר־טרעטער פון דעם חרוב געוואָרענעם פּוילישן יידנטום.

פּוילן! אַ גרויסן און שווערן חשבון האָבן מיר מיט דער דאָזיקער פאָלקס־אכסניה אונדזערער — אַ חשבון פון הונדערטער יאָרן פון יסורים. אמת, אויך צווישן דעם פּוילישן פאָלק האָבן זיך געפונען „חסידי־אומות־העולם" — אָבער ווי ווייניק און זעלטן זיינען זיי געווען! איינער פון זיי איז געווען דער פּוילישער דיכטער וויקטאָר גאָמוליצקי, וועלכער האָט אונדזערע יסורים און דערנידערונגען אויסגעדריקט אין זיין באַקאַנטן ליד „אל מלא רחמים"...

אַ דור איז אַוועק און אַ דור איז געקומען, אָבער אין אַלע דורות — סיי ווען פּוילן איז געווען אין געפאַנגענשאַפט, סיי אין באַפרייאונג און סיי אין איר גרויסקייט — האָט דער „אל מלא רחמים" נישט אויפגע־הערט צו באַגלייטן אונדזער עקזיסטענץ אין פּוילן. — „ מ ע נ ד ל ג ד אַ נ ס ק י " — די וויזיאָנערישע געשטאַלט פון פּויליש־יידישער פרייַנטשאַפט וואָס אַ פּוילישע שרייבערין האָט אַרויסגעבראַכט — האָט נישט זוכה געווען צו פריינטשאַפט אין דער רעאַלער פּוילן. עס זיינען ניט

געשען קיין נסים. דער זעלבער בלוט־וועג און דער זעלבער טרערן־שטעג זיינען געווען באַשטימט אויך פאַר „מענדל גדאַנסקיס" אייניקלעך — אין אַלע גילגולים פון פּוילן ביז היינט צו טאָג.

און אויך האָבן מיר אַ חשבון — מיט אונדזערע אייגענע ברידער פון פּוילן. דור נאָך דור פלעגט דאָס פּוילישע יידנטום אַרויסגעבן פון זיך גע־וואַגטע און דרייסטע — מ ע פּ י ל י ם — וואָס פלעגן דורכברעכן פאַר זיך אַ וועג קיין ארץ ישראל, לייטצוזעליקן און צו בויען דאָס לאַנד, אָבער שטענדיק פלעגן די מעפּילים בלייבן איינזאַם און אַליין. די מאַסן האָבן זיך נישט גערירט. נישט נאָך דער עליה פון די מעזריטשער יידן, וועלכע האָבן געגרינדעט י ס ו ד ה מ ע ל ה, און נישט נאָך דער עליה פון די טאַרנאָווער יידן, וועלכע האָבן געגרינדעט מ ח נ יי ם. וואָס אָב־באַלאַנגט דער פערטער עליה איז זי צו שנעל געגאַנגען און זי האָט זיך צו שנעל צוזאַמענגעבראָכן.

ווען אין פּוילן וואָלט טאַקע געווען אַ גרויסע פאָלקס־באַוועגונג און ווען די באַוועגונג וואָלט לאַנג אָנגעהאַלטן, וואָלטן מיר גאַנץ אַנדערש אויסגעזען אין ארץ־ישראל; גאַנץ אַנדערש אין באַצוג צו אויסערלעכע פאַקטאָרן און גאַנץ אַנדערש לגבי אונדזער איצטיקער קאַפּאַציטעט צו אַבסאָרבירן די חרוב־געוואָרענע יידישע מאַסן. און דאָך, און נאָך אַלעמען, איז אונדז טייער דאָס פּוילישע יידנטום מיט די יידישע שטעטלעך, בתי־מדרשים, וואַרשטאַטן, חסידים, אַרבעטער, תלמידי־חכמים, די אַלע ברייטע פאָלקס־מאַסן, און בעיקר — די יוגנט.

דאָס פּוילישע יידנטום האָט אונדז געדינט ווי אַ הויפּט־אָנשפּאַר אין דעם פּראָצעס פון שאַפן דאָס נייע לעבן אין ארץ־ישראל. פון זייט דעם זמר „מה יפית", וועלכן פּוילישע צעיושעטע פּריצים פלעגן אונדז צווינגען צו זינגען, ביז צום פאָלקס־זמר „בין איך מיר אַ חלוצל — אַ חלוצל פון פּוילן", האָט דאָס פּוילישע יידנטום דורכגעמאַכט אַ באַדייטנדיקע עוואָלוציע; אַ לאַנגער עוואָלוציע־וועג, וואָס פירט דורך חסידישע „שטיבלעך", דורך חיבת ציון, דורך די העברעאישע פאַרלאַגן „אחיאסף" און „תושיה", דורך י. ל. פּרצס „יום טוב בלעטלעך", דורך דער שול די „גאָלדענע רויזע" — צום אָנדענק פון דער לעגענדאַרער יידישער פרוי, וואָס האָט מקדש השם געווען אין לעמבערג, דורכן פּאָליטישן ציוניזם, דורך גימנאַזיעס, אוניווערסיטעטן און אַרבעטער־„בירזשעס" אויף דער אַמאָליקער דזשיקע גאַס אין וואַרשע — ביז צום „חלוצל פון פּוילן", וואָס אין „שיכעלעך אָן זוילן" איז ער מיט מאַטערניש אָנגעקומען אַהערצו, ווו ער בויט פעסטונגען פאַר אַרבעט און חלוציזם, און יענער דביקותדיקער זמר „וטהר לבנו לעבדך באמת", וואָס האָט אַמאָל אָנגעפילט די „שטיבלעך" אין פּוילן, הילכט איצט אַרויס פון די ז'אַזיקע אַרבעטס־פעסטונגען, הילכט ווי אַ ליד פון באַגייסטערונג און דער־מונטערונג פאַר דער יצירה אין ארץ־ישראל.

יאָ, מיר האָבן טענות צום פּוילישן יידנטום, אָבער מיר ווייסן אויך, וואָס דאָס דאָזיקע יידנטום האָט בייגעטראָגן צום אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פּוילן געוועזן די צענטראַלע סטאַנציע אויפֿן וועג פֿון אונדזערע וואַנדערער. זי איז געוואָרן דער צענ־טראַלער אַדרעס פֿאַר יעדער נאַציאָנאַלער פֿאָדערונג אונדזערער. צום פּוי־לישן יידנטום פֿלעגן מיר זיך ווענדן אין טעג פֿון עליה און אין טעג פֿון דער־שלאָגנקייט; אַהין פֿלעגן מיר שיקן שליחים, צו וועקן און צו באַפֿרייען די פֿאַרבאָרגענע יידישע כוחות פֿון זייערע קייטן. ווען מיר פֿלעגן קומען אַהינ־צו, פֿלעגן אונדז אויפֿנעמען אָט די, וואָס זיצן איצט דאָ מיט אונדז — די געטרייע בויער פֿון אונדזער באַוועגונג אין גלות. צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר אויפֿגעשטעלט די מעכטיקע חלוצישע באַוועגונג אין פּוילן; צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר געוועקט און אָרגאַניזירט די יוגנט; צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר איינגעאָרדנט די קאָנפֿערענצן פֿונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און זיי האָבן עס געבראַכט די דעלעגאַטן פֿון צענדליקער טויזנטער חברים און פֿריינט — צום פּראַכטפֿולן אַרבעטס־קאָנגרעס אונדזערן אין בערלין, — יענע אכסניה, וואָס איז די ערשטע חרוב געוואָרן.

אונדזערע געדאַנקען זיינען שטענדיק געווען קודם כל מיטן פּוילישן יידנטום. נאָך גאָר נישט לאַנג האָבן מיר געזוכט וועגן, ווי אַזוי צו קרעפֿ־טיקן אונדזער באַוועגונג אין פּוילן. אָבער דאָ איז געקומען דער בראָך, און אַנשטאָט גיין קיין פּוילן נעמען מיר דאָ אויף פֿאַרטרעטער פֿון דעם אָפּגע־שניטענעם, באַרויבטן און געמאָרדעטן פּוילישן יידנטום. אוודאי פֿרייען מיר זיך אויפֿצונעמען זיי, אָבער די שמחה איז פֿאַרוויקלט אין זייער אַ שווערן טרויער. דער דאָזיקער קבלת־פּנים דערמאָנט אונדז אַ באַגעגעניש פֿון ברי־דער, וואָס ביים טרעפֿן זיך דערוויסן זיי זיך, אַז זיי האָבן פֿאַרלאָרן טאַ־טע־מאַמע — נעמען זיך די ברידער אַרום און ברעכן אויס אין אַ ביטערן געוויין...

איינער פֿון די אָנגעקומענע חברים האָט אונדז געזאָגט: „לאַנגע יאָרן פֿלעג איך ריידן אין נאָמען פֿון מאַסן — פֿון די וואָס פֿלעגן מיך וויילן; איצט האָב איך מער נישט דעם „אין נאָמען"... איך ווייס אפֿילו נישט ווו זיי זיינען אַהינגעקומען און וואָס געשעט מיט די, וואָס אין זייער נאָמען האָב איך גערעדט... איך רייד דאָס מאָל אין מיין אייגענעם נאָמען — איך בין אַ פּליט, איינער פֿון די פּליטים פֿון דעם חורבן פּוילן"...

דאָס דערשיינען פֿון אונדזערע חברים פֿון גלות ברענגט פֿאַר אונדז פּלאַסטיש אַרויס דעם בראָך פֿון אונדזער פֿאָלק אין פּוילן, ברענגט פֿאַר אונדז אַרויס דאָס געשטאַלט פֿון די מיליאָנען געפֿאַנגענע ברידער אונדזע־רע. באַזונדערס שטייט פֿאַר אונדזערע אויגן דאָס טייערע געשטאַלט פֿון דער יונגער יידישער טאָכטער, וואָס איז מקדש דעם שם פֿון דער ציוניס־

טישער שליחות אין די טעג פון פינצטערניש און שרעקלעכע געפאַרן. איר עלטערע שוועסטער האָט אַמאָל מיט סכנת נפשות פאַרשפּרייט אויפרופן קעגן רוסישן צאַריזם, און היינט בלאָנדזשעט די טייערע יונגע מיידל אין די פוילישע וועלדער, ווו זי זוכט וועגן און שטעגן, ווי אַזוי צו שאַפן פאַרבינדונגען צווישן די מחנות געפאַנגענע און מוטיקן זיי אין זייער ציוניסטיש־חלוצישער טריישאַפט.

זאָל אונדזער ליבע צו איר, צו דער יונגער שוועסטער אונדזערער, באַלייכטן איר דעם וועג צו די, וואָס וואַרטן אויף אַ גוטע בשורה פון ציון און אויף נאָענטער עליה.

# געשטאַלטן

## עטאַפּן פון דער יידישער פּאָליטיק

צום אנדענק פון דוב האז.

זינט מיר זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד זיינען פון אונדז אויפגעקומען צווייערליי פּאָליטיקער: 1) יידן־פּאָליטיקער; 2) יידישע פּאָליטיקער — די, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער פּאָליטיק פונעם יידישן פאָלק.

רייך און פילפאַרביק איז די צאָל יידן־פּאָליטיקער צווישן די גויים — פיל מער ווי מען קען זיך פאָרשטעלן לויט אונדזער מעמד אין גלות. וועגן דעם דאָזיקן אָרט יידן, וואָס זיינען טעטיק אין דעם פּאָליטישן לעבן פון פאַרשיידענע פעלקער, ווערט אויספירלעך דערציילט אין אַ בוך — טשיקאַווע אין אינהאַלט און טענדענץ — וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק דערשינען אין אַמסטערדאַם אין דער דייטשער שפּראַך. דער נאָמען פון דעם מחבר איז אויך אַ טשיקאַווער: „דער ריטער וואָן־געלדערן" — אַזוי האָט געהייסן היינריך היינעס אָן עלטער־פעטער — אַ פאַנטאַסטיש געשטאַלט, וואָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פאַנטאַזיע פון דעם דיכטער. וואָן־געלדערן האָט מיט זיך באמת פאָרגעשטעלט אַ מאָדנע, אָן עכט עקזאָטישע דערשיינונג: אַ דייטשער ייד, וואָס איז עולה־רגל צום הייליקן לאַנד און קערט זיך אום אויסגעפּוצט אין מזרח־טראַכט, אויסקוקנדיק זייער געהיימ־בישפּול; אַ שנאָרער און אַן אַוואַנטוריסט, וואָס וואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד און באַזיגט די הערצער פון פירשטן און פרויען, פון אינטעלעקטואַליסטן, ווי וואָלטער, און אויך פון דיגניטאָרן פון דער קירכע. דער נאָמען פונעם דאָזיקן אַוואַנטוריסט זאָגט אונדז אַ סך וועגן דער טענדענץ פונעם בוך, וואָס דאַרף זיין אַ מין יידישע געשיכטע, אָבער גאָר אַנדערש פון געוויינלעכע יידישע געשיכטע־ביכער. דאָ הערשט נישט די טראַדיציע, נאָר די אַוואַנטורע; נישט די געשיכטע פון גייסט, פון הייליקער גבורה, פון קידוש השם און לײדן, נאָר פון פיזישער גבורה, פון באַטייליקן זיך אין וועלטלעכן לעבן און הנאה האָבן פון „עולם הזה".

פון דעם דאָזיקן געשיכטע־בוך דערוויסן מיר זיך, אַז נאָך פאַר דער עמאַנציפּאַציע — אין אַלע צייטן — האָבן אַ סך יידן אָנטיילגענומען אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון לענדער און פעלקער; זיי זיינען געווען מלוכה־מענער, קאָמאַנדירן, אַמבאַסאַדאָרן; זיי פלעגן זיך לאָזן אין ווייטע רייזעס, זיינען געווען שיפס־קאַפּיטאַנען, באַנדע־פירערס און אויך באַרימטע אַוואַנ־

טוריסטן, וואָס האָבן אַלעמען אַרום זיך פֿאַרדרייט די קעפּ. אַ סך פֿון זיי זיינען געווען אין קעניגלעכע הויפֿן, פֿאַרמישטע אין משפּחה־ענינים און אינטריגעס פֿון פֿירשטן און הערשער.

נאָך דער עמאַנציפּאַציע הייבט זיך אָן אַ נייער קאַפּיטל, אַ מער בכבודי־קער, אין דער געשיכטע פֿון יידן און אָנטייל פֿון יידן אין דער פּאָליטיק פֿון פֿעלקער. דעם דאָזיקן קאַפּיטל באַצירן נעמען ווי ד׳איזראַעלי און אַדאָלף קרעמיע. די יידן וואָס זיינען געווען טעטיק אויפֿן פּאָליטישן און געזעל־שאַפֿטלעכן געביט, האָבן זיך בדרך כלל נישט פֿאַרפֿרעמדט צו זייער אָפּ־שטאַם. אַ סך פֿון זיי פֿלעגן אפילו אויסנוצן זייערע פֿאַרבינדונגען און זייער פּאָזיציע, כדי זיך משתדל צו זיין פֿאַר זייערע פֿאָלקס־ברידער און אויסבע־סערן זייער לאַגע. זיי זיינען געווען שותפֿים צו די צרות פֿון זייערע ברידער און טייל האָבן געהאַט דעם זעלבן טראַגישן גורל וואָס זייער פֿאָלק. עס זיי־נען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דערהויבן צו אַ מדרגה פֿון פֿירער־שאַפֿט ביים יידישן פֿאָלק און האָבן אויף זיך געטראָגן די דאגות און האָפֿע־נונגען פֿונעם יידישן פֿאָלק, ווי למשל, דאָן יוסף הנשיא אין מיטלאַלטער און אַדאָלף קרעמיע אין דער נייער צייט. און עס זיינען געווען יידן־פּאָליטיקער, וואָס צוליב זייער אויפֿשטייג אין דער פּאָליטיק פֿון זייער פֿאָלק, זיינען זיי פֿאַרגעסן געוואָרן ביי די פֿעלקער. וועגן איינעם פֿון זיי ווערט דערציילט אין אַ בוך (רודאָלף שאַי: „יודען אין דער דויטשן פּאָליטיק״; בערלין, 1929), וואָס איז געווידמעט דער ביאָגראַפֿיע פֿון יידישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן פֿאַרנומען אַ פּלאַץ אין פּאָליטישן לעבן און דענקען אין דייטשלאַנד. דאָס בוך הייבט אָן מיט קאַרל מאַרקס און ענדיקט מיט וואַלטער ראַטענוי — אַרום און אַרום 16 ביאָגראַפֿיעס, און איינע פֿון זיי געווידמעט דעם מחבר פֿון „רוים און ירושלים״, משה העס, וואָס איינער פֿון זיינע אָפּאָנענטן האָט אים אַמאָל סאַרקאַסטיש אָנגערופֿן „דער קאָמוניסטישער רבי״ און וואָס איז געווען איינער פֿון די מבשרים פֿון ציוניזם. משה העס איז געווען דער פֿאָ־טער פֿון סאָציאַליזם און דער טרעגער פֿון פּראַקטישע סאָציאַליסטישע אי־דייען. „אָבער דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט — שרייבט שאַי — וואָס אים האָט העס געווידמעט זיינע בעסטע יאָרן און זיין הויפּט־טעטיקייט, וואָס צוליב אים האָט ער געליטן רדיפֿות און גלות־לעבן, איז געבליבן אומדאַנק־באַר צום אָנדענק פֿון העסן — דעם פֿאָטער פֿון סאָציאַליזם, דעם וועגווייזער פֿון מאַרקס און ענגעלס״.

דער מחבר פֿאַרשרייבט די דאָזיקע אומדאַנקבאַרקייט — דעם קורצן זכרון פֿון דייטשן פּראָלעטאַריאַט — אויפֿן חשבון פֿון מאַרקס און ענגעלס, ווייל „די שנאה צו זיי האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן צו די היסטאָריקער פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע״. עס קען אָבער זיין אַ גאַנץ אַנדער סברא. אייגנטלעך איז דאָך געווען דער אָפּאָנענט זיינער, — ער איז דאָך טאַקע באמת געווען אַ „קאָמוניסטישער רבי״, און מער ווי סתם אַ ייד־אַפּאָלי־

טיקער איז ער געווען מיט לייב און לעבן פאַרבונדן מיט זיין אייגענעם פאָלק און מיט די אידייען פון יידישער פּאָליטיק; ווי אַזעלכער האָט ער טאַקע נישט געקענט פאַרבלייבן אין זכרון פון דעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט. עס זיינען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָפּגעהיט זיין אָנדענק; דאָס זיינען די, וואָס פאַר זיי האָט ער געשריבן „רוים און ירושלים". דער מחבר פון דעם דערמאָנטן בוך פאַרענדיקט די ביאָגראַפיע אַזוי: „צענדליקער יאָרן נאָכן טויט פון משה העס זיינען זיינע אידייען אויפגעקומען פונדאָסניי. ווען עס איז אַנטשטאַנען אַ יונגער יידישער דור, וואָס איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שטרעבונג צום יידישן רענעסאַנס אין דעם יידישן פאָטערלאַנד, איז ווידער אויפגעקומען דער נאָמען פון משה העס און ס'האָט ווידער אויפגעפלאַמט זיין געניאַליטעט".

דאָס וואָס עס האָט געטראָפן מיטן דייטשן ייד משה העס, האָט אין אַ געוויסער מאָס געטראָפן אויך מיטן פראַנצויזישן ייד אַדאָלף קרעמיע. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע פראַנצויזישע פּאַטריאָטן און דער מאָראַלישער אונטערשטיצער פון פראַנקרייכס רעטער — גאַמבעטאַ; ער איז אויך געווען איינער פון די וויכטיקסטע מיטגלידער אין דער רעטונגס־רעגירונג פון דער אָקופּירטער פראַנקרייך. אָבער דערביי איז קרעמיע אויך געווען אַ גרויסער יידישער פּאַטריאָט. איז זיין אָנדענק, אַלס היסטאָרישע פיגור פון פראַנקרייך, פאַריבן געוואָרן; אָבער נישט פאַרגעסן געוואָרן איז קרעמיע — דער יידישער פּאַטריאָט, דער פאָרזיצער פון „כל ישראל חברים", דער וואָס האָט געמוטיקט און געשטיצט אונדזער צוריקקער צו אונדזער אַלטער היים אין ארץ ישראל.

נישט פּאַסירט האָט דאָס אַלץ מיטן ענגלישן מלוכה־מאַן לאָרד ביקאָנספילד. ער איז דאָך, נאָך אַלעמען, געווען בלויז פון יידישער אָפּשטאַמונג. קיין יידישער פּאָליטיקער איז ער נ י ש ט געוואָרן, הגם ער האָט פאַרבאַהאַלטן אין האַרצן טיפע סענטימענטן פאַר זיין ראַסע און האָט אפילו אַרויסגעבליצט געדאַנקען וועגן יידישן „חדש ימינו כקדם". זיין גאַנצן געניאַלן טאַלאַנט האָט ער געווידמעט דער עקספּאַנסיע פון דער בריטישער אימפּעריע און דעריבער זיינען זיין אָנדענק און כבוד מיט גאָרנישט געמינערט געוואָרן ביי די גויים.

***

אַנטקעגן די יידן־פּאָליטיקער שטייען די יידישע פּאָליטיקער. — אין דער יידישער פּאָליטיק דאַרף מען אונטערשיידן דריי עטאַפּן — דריי צייט־אָפּשניטן.

דער ערשטער עטאַפּ, דער פרימיטיווער, איז — דער ש ת ד ל נ י ־ ש ע ר. דער טיטול „שתדלן" איז אין אונדזער הייַנטיקער געזעלשאַפטלע־

בער אויפפאַסונג געוואָרן אַ זידל־וואָרט. דער וועג פון אויטאָעמאַנציפּאַציע און דער לאָזונג פון „אם אין אני לי — מי לי״ זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס אַנטיטעזע צו יידישער שתדלנות. אָבער די גערעכטיקייט פון דער אַנטי־טעזע באַרעכטיקט נאָך נישט די נעגירונג פון דער טעזע, וואָס איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ באַשטימטער תקופה און אַ רעזולטאַט פון ספּעציפישע באַדינגונגען. וואָס אַנדערש האָבן געקענט טאָן יידישע פּרנסים, שליחים פון אַ צעזייטן, אונטערדריקטן און דערנידעריקטן פאָלק, וואָס זיין לעבן און עק־זיסטענץ העגנגען אָפּ פון קאַפּריזן און שגעונות פון פּויפּסטן, בישאָפן, קע־ניגן, סולטאַנען און סתם ווילדע היידאַמאַקן־אַטאַמאַנען? נישט נאָר יידן אַליין האָבן זיך פאַרנומען מיט שתדלנות. אויך אַנדערע פעלקער, באַרויבטע פון פרייהייט, מאַכטלאָזע, אָן רעוואָלט־מעגלעכקייטן, זיינען געגאַנגען אויפן וועג פון שתדלנות.

נישט קיין פּחדנים, נישט קיין ג ײ ס ט י ק ־ שוואַכע זיינען זיי גע־ווען, די יידישע שתדלנים — מאַכטלאָזע זיינען זיי געווען. זייער פאָלק האָט געצאַפּלט אין די נעגל פון ווילדע אונטערדריקער, אַנגעפּילטע מיט האַס און שנאה — האָבן זיי זיך געזאָגט: „כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא״. מיט אומגעהויערער גבורה האָבן זיי אויסגעפירט זייערע טראַ־גישע שליחותן און טאַקע וועגן זיי ווערט דערציילט: „בעת זיי זיינען גע־גאַנגען צו אַ טיראַן בעטן רחמים פאַר זייער פאָלק, פלעגן זיי נישט פאַר־געסן אָנצוטאָן תכריכים אונטער די בגדים — די שבתדיקע און יום־טובדיקע בגדים זייערע״... אויף קידוש־השם זיינען זיי געגאַנגען.

דאָס געשטאַלט פון דעם גרויסן שתדלן, רבי יוסף יאָסעלמאַן פון ראָס־היים, אין זעכצנטן יאָרהונדערט, באַשטראַלט דעם גאַנצן דאָזיקן ערשטן עטאַפּ פון דער יידישער פּאָליטיק. „טאָג און נאַכט — ווערט וועגן אים דער־ציילט — פלעגט ער לערנען תורה — נגלה און נסתר; און געווען איז ער אַ חכם אין פּראַקטישע ענינים; אַ מאַן מיט פּאָליטישן שכל, וואָס פלעגט גע־פינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט קעניגן און הערצאָגן, מיט קאַרדינאַלן און גלחים; אויך האָט ער געוווסט ווי דורכצוקומען מיט פּשוטע פּויערים, ווען ס'איז נויטיק געווען״. רבי יוסף פון ראָסהיים, דער פּרנס און מנהיג, האָט פאַרשטאַנען אויסצונוצן „פּאָליטישע קאָניוקטורן״ — אין מאָמענטן פון צו־זאַמענשטויסן צווישן פעלקער און קאָנקורירנדיקע מאַכטהאַלטער. ער האָט מחבר געווען אַ תפילה פאַר די, „וואָס שטרעקן אויס זייערע העלדזער אויף קידוש־השם״... און ווען ער איז געגאַנגען צום קעניג קאַרל, וועלכער האָט זיך געפונען אין מאַדריד, די הויפּטשטאָט פון שפּאַניע — „דאָס לאַנד, וואָס לויטן געזעץ פון יאָר 1499, האָט יעדער ייד, וועלכער האָט באַטראָטן איר ערד, געמוזט אומקומען דורך „פאַרברענט ווערן״ — האָט ער, צוזאַמען מיט זיין באַגלייטער צבי משה כהן, זיך פאַרשטעלט און באַקליידט ווי אַדעליקע ריטער־רייטער... ביידע זיינען זיי געווען שומרי־תורה, אָפּגעהיטן אַלע מצוות;

דעם גאַנצן לאַנגן וועג האָבן זיי זיך געפּייניקט, אָפּהיטנדיק זיך פון פאַרבאָטענע מאכלים״.

דאָס פאַרשטעלן זיך אַלס ריטער ביים אויספירן אַ שליחות — דערמאָנט עס אונדז נישט די איצטיקע „אונטערגרונט״ אונדזערע?

**
*

איצט קומט דער צווייטער עטאַפּ: יידישע פּאָליטיקער — אָנזאָגער פון דער גאולה און פאָלקס־טרובאַדורן. נאָך דער עמאַנציפּאַציע און יידישער פולבאַרעכטיקונג האָט מען פריי אָפּגעאָטעמט און יידן האָבן זיך אָנגעהויבן פילן פרייער, גלייך אַלע אַנדערע מענטשן אויף דער וועלט. אָבער מיט דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג איז געשאַפן געוואָרן אַ באָדן פאַר אַסימילאַציע און נאָכן פאַרזוכן דעם טעם פון „גלייך זיין מיט אַלע פעלקער״, האָבן זיך צו אונדז אויך אַריינגעריסן אינסטינקטן פון „אַלע פעלקער״. אין האַרץ פון די „האָפענונגסלאָזע״ איז רייף געוואָרן דער ווילן און פול געוואָרן די זיכערקייט אין דער ליקווידאַציע פון דער פאַרשאָלטענער האָפענונגסלאָזיקייט. איז אָבער געקומען אונדזער שרעקלעכער גורל און צעשטערט די דאָזיקע זיכערקייט. די האָפענונג, אַז אַן „אַנדערש פאָלק״, וואָס איז צעשפּרייט צווישן די פעלקער, וועט קענען פריי עקזיסטירן, האָט זיך אַרויסבאַוויזן ווי אַן אילוזיע, אָבער דער טעם פון דער אילוזיע איז שוין ביי אונדז פאַרבליבן און דער ווילן צו ליקווידירן די האָפענונגסלאָזיקייט האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַ דירעקטן דראַנג צו גאולה. די זאָרג פאַרן פאָלק פון די שתדלנים צוזאַמען מיטן גייסט פון דער עמאַנציפּאַציע האָבן אַרויסגעבראַכט די מענער פון דער נייער תקופה: די מבשרים און פאָלקס־באַפרייער. דאָ דאַרף מען אויך פאַרצייכענען פערזענלעכקייטן פון דער איבערגאַנגס־תקופה, ווי צום ביישפּיל, דאָס האַרציקע, אַריסטאָקראַטישע און פּראַכטפולע געשטאַלט פון משה מאָנטעפיאָרע, וואָס דורך זיין שתדלנות־ווערק האָבן זיך דורכגעבראָכן די ערשטע שטראַלן פון דער „אם אין אני לי — מי לי״־פּאָליטיק.

די טרעגער פון דער נייער יידישער פּאָליטיק האָבן פּראָקלאַמירט די שטרעבונג פונעם יידישן פאָלק צו אויטאָעמאַנציפּאַציע; און אין זייער דראַנג צו פרייהייט האָבן זיי באַפרייט די יידישע ענערגיע פון די קייטן פון פּאַסיוון וואַרטן. דעם אָנקום פון דער נייער תקופה האָבן אָנגעזאָגט ד״ר י. ל. פּינסקער — אין זיין „אויטאָ־עמאַנציפּאַציע״ — און משה העס, אין זיינע פּשוטע קלאָרע ווערטער: „די יידישע מאַסן וועלן זיך באַטייליקן אין דער גרויסער היסטאָרישער באַוועגונג פון באַנייען די מענטשהייט, ערשט נאָכדעם ווי זיי וועלן האָבן אַן אייגן יידיש פאָטערלאַנד״.

טעאָדאָר הערצל, דער שעפער פונעם פּאָליטישן ציוניזם, פּערזאָניפיצירט מיט זיך מער פון אַלעמען די דאָזיקע תקופה. חיים ווייצמאַן זעצט פאָר הערצלס ווערק און פירט צו דער פולשטענדיקער פאַרפעסטיקונג פון דער

פרייער יידישער פּאָליטיק. אויך לואי בראַנדייס געהערט טיילוויז צו דער דאָזיקער גרופּע, הגם ער האָט נישט זוכה געווען, אינגאַנצן אָפּצוגעבן זיך מיט יידישער פּאָליטיק. און ווען נישט זיינע שוואַכקייטן, וואָס האָבן איבער־געריסן זיין שטייגן, וואָלט אפשר אויך זשאַבאָטינסקי אין אַ געוויסער מאָס געהערט אַהערצו.

נאָך איינער האָט געזאָלט פאַרנעמען אַ פּלאַץ צווישן די ריזן פון יענעם צייט־אָפּשניט: חיים אַרלאָזאָראָוו. דער דאָזיקער דעמב האָט געשלאָגן וואָרצ־לען און זיין וווקס האָט צוגעזאָגט גאָר אַ סך. אָבער אַ פאַרשאָלטענע האַנט האָט אָפּגעהאַקט און פאַרוויסט די בליאונג פון דער דאָזיקער נייער פערזענ־לעכקייט אין יידישן פאָלק.

פון דעם צווייטן עטאַפּ איז אַרויסגעוואָקסן דער דריטער. — דער ערש־טער איז פאָרגעקומען אויף דער פּאָן פון שרעקלעכער צעשפּרייטונג איבער דער וועלט און עלנטער אָפּהענגיקייט פון פרעמדע; דער פּאָן פון דעם צווייטן — טיפע אַנטשלאָסנקייט און מעכטיקער דראַנג צו באַפרייאונג; דער דריי־טער עטאַפּ איז שוין נישט אויף אַ פּאָן, נאָר אויף אַ פעסטן באָדן — אויף דער „סטראַטעגישער באַזע", לויט דער דעפיניציע פון בער באָראָכאָוו. אַ לע־בעדיקע ארץ ישראל איז דער רעאַלער סטראַטעגישער באַזיס פאַר דער יידי־שער פּאָליטיק. און אין דעם באַנייטן ארץ ישראל וואַקסט א נייער קאַפּיטל פון יידישע פּאָליטיקער — דער קאַפּיטל פון „שליחים און פּראָפּאַגאַנדיסטן" אין אונדזער פּאָליטיק.

וואָס באַדייט פאַר אונדז פּראָפּאַגאַנדע, אויפקלערונג?

אין אַלע דורות, ביז היינט צו טאָג, האָט אונדז די וועלט פיינט. דווקא אונדז, וואָס פון אונדז זיינען אַרויס מענטשן־ליבע און וועלט־ליבע, פון אונדז — די אוניווערסאַל־מענטשלעכע בשורה פון „ואהבת לרעך כמוך" — דווקא אונדז האָבן אַלע פעלקער פיינט. עס איז אַ שרעקלעכע רעטעניש! מעגן מיר זיין דערשלאָגן און דערנידעריקט, אָדער פאַרקערט — רעוואָלוציאָנערן מיט אויפגעהויבענע קעפּ — אַלץ איינס! מיר זיינען געהאַסט, מיר זעען אויס אין די אויגן פון די פעלקער אויסטערליש, ווונדערלעך און אומפאַרשטענד־לעך. מיר דערוועקן עפּעס אַן אומרו. אין האַרץ פון פרעמדע. אמת, עס זיינען פאַראַן חסידי־אומות־העולם, וואָס ווערן שטאַרק באַאיינפלוסט און באַגייס־טערט פון אונדזערע פערזענלעכקייטן; דאָס זיינען אָבער ביי זיי איבערהויפּט איינדרוקן פון עקזאָטישקייט, געניאַליטעט און אינערלעכן אומרו...

אין לאָנדאָן, ביים וועסטמינסטער, שטייט די סטאַטוע פון ד'איזראַעלי, און אויף איר איז אויסגעקריצט בלויז איין וואָרט: „ביקאָנספילד". עס שטייט נישט, ווען איז ער געבוירן געוואָרן, ווען געשטאָרבן און וואָס האָט דער דאָ־זיקער מענטש אויפגעטאָן פאַר ענגלאַנד — דאָס ווייס סיי וועלכער ענגלענ־דער, און מען דאַרף עס נישט אויפקלערן. און פונדעסטוועגן ווייסן מיר פון דער ליטעראַטור, אַז אין דער עמפּינדונג פון די ענגלענדער האָט ביקאָנספילד

אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט צו זיין ד׳איזראַעלי. דאָס דאָזיקע געשטאַלט, מיט דער אויסטערלישער פּקחות אין די אויגן, איז געבליבן פרעמד און אָפּגעשיידט פון דער גוישער ענגלאַנד.

די דאָזיקע גרויסע פּערזענלעכקייט איז באמת עקזאָטיש און אויסטעריש, ווען מען קוקט אויף איר מיט ברייטע אויגן. דערמאָנט דען נישט דאָס געשטאַלט פון ד׳איזראַעלי — דער מאַן פון יידישן אָפּשטאַם, מיטן סעמיטישן פּרצוף־פּנים, וואָס דערלאַנגט דער קעניגין וויקטאָריע די קרוין פון אינדיע — דערמאָנט עס דען נישט מיט עפּעס דאָס בילד פון דעם לעגענדאַרן דוד הראובני, וואָס פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן פּויפּסט וועגן אַ קריגס־בונד קעגן די מוזולמענער, וועלכע געוועלטיקן איבערן הייליקן לאַנד און איבער דעם הייליקן קבר פון ישו?

אוודאי געפינען זיך צווישן די חסידי־אומות־העולם אַזעלכע, וואָס זייַנען גאַנץ און ערלעך אין זייערע געפילן צו אונדז. אין ירושלים האָט אַמאָל אַ גרופּע פירנדיקע ציוניסטן פאַרבראַכט מיט אַ גאַסט: אַרטור דזשעמס באַלפור. ביי דער געלעגנהייט האָט חיים ווייצמאַן איבערגעגעבן באַלפורן אַ מתנה: מגילת רות, געשריבן אויף פּאַרמעט און קינסטלעריש אָרנאַמענטירט. די דאָן אָנוועזנדיקע וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, ווי אַזוי ווייצמאַן — דער מאַיעסטעטיש־הויכער, מיטן ראַסאָוון יידישן פּנים, מיט יידישן טרויער און פאַרחלומטקייט אין די אויגן — ווי אַזוי ער באַגלייט דאָס איבערגעבן די מתנה מיט אויסטייטשן אונדזער אידעאַל. ער האָט גערעדט רויִק, מיט איינגעהאַלטענער אינערלעכער אויפרעגונג און באַלפור האָט איינגעזונקען זיינע אויגן אין ווייצמאַנס אויסדרוקפולן געזיכט — אויגן פון ליבע, התפעלות און צוטרוי. זיי האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט, און דער בליקן־אויסטויש צווישן דעם אַלטן מלוכה־מאַן, — זאַט מיט קולטור, גרויסקייט און פאַרשטאַנד, פול מיט וויסן און מיט ספקות — און צווישן דעם פאַרטרעטער פון דעם יידישן פאָלק, איינער פון די וואָס טרויערן איבער ציון און — בויען זי — דער דאָזיקער בליקן־אויסטויש איז ווערט געווען פאַראייביקט צו ווערן דורכן פּענדזל פון אַ גרויסן מאָלער, ווי אַ דאָקומענט פון באַציאונגען צווישן יידן און נישט־יידן.

אָבער אַזעלכע בליק־אויסטוישן זייַנען זייער זעלטן אין אונדזער ווירקלעכקייט.

עס זייַנען פאַראַן חסידי־אומות־העולם; פאַראַן נייטראַלע און פאַראַן — רשעי־אומות־העולם. און ביי זיי אַלעמען איז דאָ אַ געמיינזאַמער שטריך: דער אינערלעכער אומרו ביים באַגעגענען זיך מיט יידן. אפשר דערמיט לאָזט זיך דערקלערן דער משונהדיקער פאַקט, וואָס אַזויפיל נישט־יידן גלויבן אין אַזאַ נאַרישן פאַלסיפיקאַט ווי די „פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון״ — דעם אַזוי פּאָפּולערן העצע־אַרטיקל. אויך ביי די חסידי־אומות־העולם פילט זיך אין באַצוג צו אונדז אַ געוויסע צוריקגעהאַלטנקייט. און אין דער דאָזיקער

האַלטונג זייערע ווירקט זיך אויס דער שאָטן פון צוויי איבעררראַשנדיקע יידן: ישו און לעאָן טראָצקי.

דער דאָזיקער צושטאַנד פון זיין פרעמד, און עקזאָטיש און אומפאַר־שטענדלעך פאַר פעלקער, פון וועלכע מיר זיינען אָפּהענגיק, איז פאַר אונדז פול מיט געפאַרן. די דאָזיקע לאַגע דריקט אויף אונדז אין גלות, און אפילו ביים בויען אונדזער ניי־לעבן אין דעם לאַנד פון אונדזערע פאָטערס. ווילן מיר, אַז מען זאָל אונדז פאַרשטיין, אַז מיר זאָלן אויפהערן אויסצוזען משונה־דיק, איז עס איינע פון די אויפגאַבן פון דער יידישער פּאָליטיק איינצושטילן דעם אומרו אין באַצוג צו אונדז און פאַרשטענדלעך צו מאַכן אונדזער ווערק, וועזן, שטרעבונגען און פאָדערונגען — אַזוי ווי עס איז פאַרשטענדלעך דער טאָט פון אַ מענטשן, וואָס פלאַנצט און זייעט; אַזוי ווי עס איז פאַרשטענד־לעך די באַוועגונג פון אַ האַנט, וואָס לייגט אַ ציגל צו אַ ציגל און שטעלט־אויף אַ בנין. מיר זיינען גוואַלדיק פאַראינטערעסירט, אַז מען זאָל אונדז פאַרשטיין.

און איצט האָבן מיר זוכה געווען דערצו, אַז מען הייבט אונדז טאַקע אָן צו פאַרשטיין. מיר האָבן דאָס צו פאַרדאַנקען אונדזערע שליחים, וואָס פון דעם דערפאָלג פון זייער שליחות הענגט אין אַ גרויסער מאָס אָפּ דער גורל פון אונדזער פאָלק און זיין צוקונפט אין דער וועלט. אָנגעהויבן האָט נחום סאָקאָלאָוו — דער גרויסער פּאָפּולאַריזאַטאָר — רייך אין קולטור, פּאָליטישן פאַרשטאַנד און אַ סך וויסן וועגן וועלט־פערזענלעכקייטן, פעלקער און לענ־דער. אַלס אַ מיטגייער און נאָכפאָלגער זיינעם דאַרף מען פאַרצייכענען דעם מענטש פון שיינע מאַניערן און אייראָפּעאישער קולטור, וויקטאָר יאַקאָב־סאָן. פאַרכאַפּט פון דער וויזיע פון יידישן רענעסאַנס, דורכגעזאַפּט מיט רו־סישן אידעאַליזם, אַ הומאַניסט — אין בעסטן זין פון וואָרט, האָט ער זיך באַ־מיט אויסצוגלייכן קעגנזאַצן און איינצושטילן דעם אומרו — פריער אויף די ברעגן פון באָספאָר, און שפּעטער, אין די צייטן פונעם פעלקער־בונד — אויף די ברעגן פון גענפער אָזערע.

***

אין דעם דאָזיקן פעריאָד פון פּאָליטישער טעטיקייט איז געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז עס זאָל קומען די ריי אויף ארץ־ישראל אַליין. און זי האָט ווירקלעך געגעבן דעם ערשטן שליח צו גוים, דעם רעפּרעזענטאַנט און דעם פּאָפּולאַריזאַטאָר פון דער נייער יידישער ווירקלעכקייט, די וואָס באַרואיקט און איבערצייגט מיטן פאַקט פון איר אַנטשטייאונג און מיט איר סאַמע איג־האָלט. דאָס איז געווען דוב האָז — דער ע ר ש ט ע ר א מ ב א ס א־ד א ר, וועלכער איז געגאַנגען צו די פעלקער נישט נאָר אין נאָמען פון דער יידישער פּאָליטישער אידיי, נאָר אין נאָמען פון דער פאַרווירקלעכונג — איך

נאָמען פון די האָפענונגסלאָזע, וואָס זײַנען געוואָרן טרעגער פון דער האָפענונג און אירע פאַרווירקלעכער.

מיר האָבן אים געזען אין אָנהויב פון זײַן שליחות; דערנאָך — אין דעם המשך פון זײַנע פאַרשיידענע מיסיעס און עס האָט זיך געפּרייט דאָס האַרץ, זעענדיק ווי אַזוי עס עפנט זיך אַ נײַער בלאַט — אַן ארץ־ישׂראלדיקער — אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פּאָליטיק. אין זײַן אויפקלערונגס־אַרבעט, אין זײַנע פאַרהאַנדלונגען מיט נישט־ייִדן, איז נישט געווען קיין איבערראַשנדיקע חריפות, נישט געווען קיין בלענדנדיקער גאוניש‍ער גלאַנץ, ס'איז אָבער געווען די גרויסקייט פון פּשטות. דוב האָז איז דערצויגן געוואָרן און אויסגעוואָקסן אין דער גרויסער ברויזונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; ער האָט געהערט צו דער נײַער תּקופה אונדזערער — די תּקופה פון כּיבוש־העבודה און כּיבוש ־היצר אויפן וועג צום הויפּט ־ כּיבוש: דאָס איינגענעמען אונדזער היסטאָרישן ציל. אַלס אַזעלכער, איז ער געווען אונטערגעוואָרפן אַ זעלבסט־דיסציפּלין, וועלכע האָט געדינט דער דיסציפּלין פון דעם טאַט, וואָס מוז אויסגעפירט ווערן נאָך אין אונדזער דור. אַ דאַנק זײַן אָרגאַניזירטקייט, פלייסיקייט און רואיקער עקשנות האָט ער זיך געקענט לײַכט פאַרשטענדיקן מיט מענטשן. אין זײַנע פאַרהאַנדלונגען און שמועסן האָט ער דעריבער געהאַט אַ לײַכטן צוגאַנג, ווי צו אַ קאָנסערוואַטיוון מיניסטער, אַזוי צו אַן אַרבעטער־פירער אָדער אַ פירער פון די ליבעראַלן. מיט ענוות, אָן פּאָמפּע און זעלבסט־רעקלאַמע, פלעגט ער קלאָר און דײַטלעך געבן צו פאַרשטיין אונדזערע באַדערפענישן און פאָדערונגען, אונדזערע אַרבעטס־סיסטעמען און טאָג־טעגלעכן טאַט. פרעמדע פלעגן ליב האָבן צו פאַרהאַנדלען מיט אים. דער פרעמדער, וואָס בלאָנדזשעט אין דעם לאַבירינט פון דער ייִדישער פּסיכאָלאָגיע, פלעגט זיך גערן און מיט רואיקער אויפמערקזאַמקייט צוהערן צו די רייד פון דאָזיקן שליח־פּאָפּולאַריזאַטאָר. דוב האָז פלעגט גאָרנישט באַהאַלטן, ער פלעגט נישט פאַרווישן אָדער אײַנשרענקען אונדזערע פאָדערונגען, אָבער דורך זײַן אויפקלערונג פלעגט אונדזער זאַך אויסזען נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך: דער בוים איז שוין פאַרפלאַנצט — וועט ער וואַקסן און געבן פּרוכט; און דער עולה מוז קומען — וועט ער טאַקע קומען צום ברעג; און דאָרט ביים כּנרת וואַקסט אַן אידיי — בויענדיק וועבן די הענט אַ נײַע לעבעדיקע אידיי... — די נײַע אידיי אין עמק און ביים כּנרת פאַרגרעסערט נישט דעם פּלאָנטער, פאַרקערט, זי בינדט־אויף דעם פּלאָנטער אין די באַציאונגען צווישן אונדז און יענע פרעמדע. דאָס אַלץ פלעגט אַרויסרופן צוטרוי און פאַרלײַכטערן דעם פּראַקטישן צוגאַנג צו אונדזערע ענינים. מיר האָבן דאָס באַשייַנפּערלעך געפילט, ווען נאָך דעם טויט פון דוב האָז האָבן אַהער פון אומעטום, פון גרויסע פּערזענלעכקייטן און פון פאַרשיידענע לאַגערן, געשטראָמט אויסדרוקן פון טיפן צער און פון וואַרעמער, האַרציקער פאַרערונג.

דוב האָז האָט אַריינגעשריבן אַ נייעם בלאַט אין דעם יידישן פּאָליטישן דינסט. און דער בלאַט איז איבערגעריסן געוואָרן אינמיטן. איבערגעריסן איז געוואָרן דאָס יונגע לעבן פון איינעם, וואָס זיין צוקונפט האָט פאַר אונדז געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג.

---

# אליהו גאָלאָמב

(אַ הספד ביי זיין לוויה).

„אליהו איז נישטאָ" — ווי אַ טאָג־באַפעל האָט די מעלדונג געקלונגען, און געהערט האָט זיך פון איר אַ פאַרלייקענונג פון אַלץ וואָס האָט עקזיסטירט, וואָס איז געווען פעסט און זיכער, איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון אונדזער זיין אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן דור. אָט: ויהי ערב ויהי בוקר — און אליהו איז נישטאָ! איבערגעריסן האָט זיך אַ שטראָם לעבן, וואָס האָט געשטורעמט און אויפגעשטורעמט צו שאַפונג, זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט. מיטאַמאָל האָט זיך פאַרענדיקט אַ הערלעכער וועג פון אַ שומר, זעלנער, חלוץ און יידישער פּאָליטיקער. אָט זע איך פאַר מיינע אויגן די עטאַפּן פון זיין וועג: אַ יינגל וואָס לערנט און שלינגט אַ סך וויסן; אַן אַביטוריענט פון דעם ערשטן אַרויסלאָז אין דער גימנאַזיע „הרצליה" — יענער אַרויסלאָז, וואָס איז געווען די ערשטע שטורעם־גרופּע פון דעם יונגן דור און אַ טרייער שותּף צום אויפבוי פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל; אַ יוגנטלעכער, וואָס אַרבעט אויף די פעלדער פון דגניה און גרייט זיך צום צוקונפטיקן לעבנס־וועג; אַ בחור, וואָס רעקרוטירט יוגנטלעכע פאַר הגנה אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; אַ וואָלונטיר — איינער פון די ערשטע — צום יידישן לעגיאָן, פון וועלכן עס איז אַרויסגעוואקסן דער יידישער כוח; און דער קרוין־אַקט פון יענער תקופה: דאָס בויען די כנסת ישראל אין שליחות פון די יידישע זעלנער פונעם ערשטן יידישן לעגיאָן.

דער זאָרגער פאַר ישראל, דער שומר פון ישראל — דאָס זיינען געווען די אייגנשאַפטן פון דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט פאַרנומען אַ צענטראַלן און עיקרדיקן פּלאַץ אין אונדזער לעבן. זאָרג, איבערגעגעבענע אויספירונג פון גרויסע טאַטן און צעמענטירונג פון יוגנט־כוחות פאַרן יידישן פאָלק — דאָס איז געווען זיין לעבנס־וועג.

דער, וועלכן מיר האָבן נאָך געקענט ווי אַ יינגל, איז געוואָרן אַ וועגווייזער, דער הויפּט פון שטאַב אין דער אַרמיי פון זאָרגער, וועלכע רייסן זיך צו זעלבסטשטענדיקייט, דרייסטע אין גייסט און באַגייסטערטע אין טאַט, בויער און באַפרייער. עס איז נסתלק געוואָרן איינער פון די גרונט־

זײלן פונעם דאָזיקן הויז — דאָס יידישע אַרבעטס־הויז, — די הסתדרות; עס איז נסתלק געוואָרן דער קלוגער, דער העלד; עס איז נסתלק געוואָרן אַ גרוי־סער יידישער פּאַטריאָט.

אין ערנסטע מאָמענטן פלעגן מיר אים אַרומזוכן כדי זיך אַן עצה צו האַלטן מיט אים — פלעגט ער גאָר זיין אויף די וועגן... „אליהו וועט קומען, אליהו וועט באַלד דאָ זיין" — און ער פלעגט טאַקע שטענדיק קומען צו דער צייט. און אַט איז ער געקומען צום לעצטן מאָל. דער טאָג־באַפּעל, דער גורל־באַפּעל מעלדעט: „אליהו איז נישטאָ".

אָבער אונדזער טאָג־באַפעל זאָגט: „מחנות אליהו חיים וקימים!"

---

# חיים אַרלאָזאָראָוו

## א.

טויזנטער, צענדליקער טויזנטער פּאַרטרויערטע, מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ; רייען — רייען בלומען־קרענץ־טרעגער; שליחים פון קבוצות, קיבוצים, מושבים, כלערליי ווירטשאַפטן; פּאַרטרעטער פון רעגירונגען, פון אינסטי־טוציעס; מאַסן, אומגעהויערע מאַסן — אַלט און יונג — און אַלץ אַזוי מאָד־נע אויסגעמישט: אַרבעטער־העמדלעך, באַאַמטן־מונדירן, פאַרשיידענע אוני־פאָרמען...

דאָס פּאָלק באַגלייט זיין אויסדערוויילטן — אַזאַ יונגן — און שיידט זיך פון אים אויף אייביק. פון מאָל צו מאָל הערן זיך די קלאָג־ווערטער... „את נשמת הקדוש חיים בן שאול, בעבור שנדב, וואָס האָט מנדב געווען — זיך אַליין פאַרן פאָלק"... דאָס האַרץ ווערט פאַרקלעמט, די אויגן טרערן, פּע־נער לאָזן זיך — אין טרויער — אַרונטער, — ווייטיק און טיפער צער פילן אויס די לופט: די אומה באַוויינט איר זון, די אומה וויל זיך נישט טרייסטן...

אויף דיין פּלייצע און אויף די פּלייצעס פון דיינע חברים ווערט גע־טראָגן דער אָרון אין וועלכן עס ליגט אַ חרוב־געוואָרענער לעבנס־אוצר; און אין האַרצן נאָגט די שאלה: ווי זשע איז דאָס געשען? אין די סאַמע טעג פון בליאונג, אין די טעג פון דעם אויפשטייג — ווי אַזוי איז עס אָפּגעטאָן גע־וואָרן אַזאַ קין־טאַט, אין אַט אַ דער נאַכט — אין דער „נאַכט פון געוויין"?

טעג פאַרגייען, נעכט פאַרלויפן, און דאָס האַרץ־קלעמעניש לאָזט אַלץ נישט אָפּ... דער איבעררראַשטער געדאַנק דרייט זיך אַרום דער אבידה, אַרום דער געשעעניש, אַרום דעם גרויזאַמען פאַרברעכן און זיינע אויף דורות־פאַר־

שאַלטענע אויספירער. אַ געפּייניקטער פּילסטו אַ באַדערפעניש צו דערציילן וועגן דעם אומגעקומענעם חבר און זיין גליקלעכן לעבנס־וועג, וועגן דעם וווּנדערבאַרן וווּקס פון אַ נייעם מעכטיקן כוח — אַ גיכער וווּקס, אַ הערלע־כער, אַ זיכערער, אַ זיגרייכער און איבערצייגנדיקער, אַ וווּקס ביז צום שפּיץ פון פאָלקס באַגער, ביז צו דער העכסטער שטופע פון פאָלקס שליחות. עס ווילט זיך דיר דערציילן, ווייל דו האָסט וואָס צו דערציילן — וועגן אַ תקופה פון דרייצן יאָר, אָנהייבנדיק פון דער ערשטער באַגעגעניש אויף דער פּראַ־גער ווילסאָן־סטאַנציע ביז צו דער לעצטער געזעגענונגס־סטאַנציע אויפן הויף פון „הדסה"־שפּיטאָל אין תל־אביב. דער דאָזיקער שטורמישער קאַפּיטל אינעם לעבן פון פאָלק, וואָס בויט זיין לאַנד, איז אומגעהויער רייך אין גע־שעענישן און טאַטן, גרויסע אָנהייבן און שווערע אָנשטרענגונגען, כסדרדי־קע אינטימע שמועסן און אינערלעכע ויכוחים — און אַלץ אַרום דעם עיקר: שיבת־ציון און דער אויפקום פון אַן אַרבעטס־פאָלק פאַר נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער גאולה.

דו ווילסט דערציילן, אָבער נישט ווילנדיק קערסטו זיך אום צו יענער שרעק־נאַכט — כ"ב סיון — און דו ביזט אימשטאַנד אַרויסצוברענגען בלויז ברעקלעך פון פאַרגאַנגענע פאַקטן און עפּיזאָדן.

זיין ערשטע איבערראַשנדיקע התגלות איז געווען אויף דער „התאח־דות"־קאָנפערענץ אין פּראַג, ווו ער האָט רעפערירט איבער „אונדזער סאָציאַ־ליזם". אונדזער אַלטער — א. ד. גאָרדאָן — האָט געהאַלטן אין איין שיקן בליקן פון ליבשאַפט און נחת־רוח צום רעפערענט וויקטאָר־חיים — דעם מי־זיניק פון דער צווייטער עליה. און נאָך פּראַג — בערלין. עס געדענקט זיך דער קליינער צימער פונעם דייטשן „הפּועל הצעיר" אויף דאָראָטייען־שטראַ־סע; עס געדענקט זיך זיין מוטערס הויז אויף אייזענאַכער־שטראַסע... די מו־טער מיטן זון... די שבת־צו־נאַכטן... דער הערלעכער קבלת־שבת אין דער מו־טערס הויז — אַלץ אַזעלכע טייערע זכרונות פאַר די ערשטע שליחים פון דעם אַרבעטנדיקן ציון — שליחים צו אונדזער מערב־יוגנט. עס געדענקען זיך די שפּאַצירן איבער די בערלינער גאַסן און זיין שטאָלץ רעאַגירן אויף אַן אַנטיסעמיטישער פּערזענלעכער באַליידיקונג אין איינעם פון די געסלעך ביי דער פרידריך־שטראַסע.

דאָ קומט דאָס איבעררייסן די לימודים און די אייליקע עליה — צו זיין חלוצישער אויפגאַבע אין ארץ־ישראל; און אין לאַנד — די דערשיינונג פון אַ גאָט־געבענטשטן יונגן כוח צווישן דעם עלטערן דור אין דער אַרבעטס־באַוועגונג; דאָן: דער ערשטער מאַי 1921 — די ערשטע בלוט־פאַרגיסונג נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע — און זיין אַקטיווע באַטייליקונג אין דער הגנה — אין נוה־שלום, צווישן תל־אביב און יפו; איצט — אַקטיווע טעט־קייט אין דער פּאַרטיי; אין דער צייטונג אין דער פּאַרטיי־לייטונג, און אויפ־טריטן אין פּאַרטייאישע קרייז־קאָנפערענצן. עס ווערט אַלץ קלאָרער, אַז ער

איז באַשטימט פאַר גרויסע טאַטן, און אַן אינטימער קרייז באַשטייט אויף דעם, אַז ער זאָל צוריקפאָרן און פאַרענדיקן זיין שטודיע. און ווידער: בער־לין; די הויפּט־ביוראָ פון דער באַוועגונג; אומאויפהערלעך אונטעררייכטן אין קרייזן פון תלמידים — איבערגעגעבענע נאָכפאָלגער, פון צווישן וועלכע עס וואַקסן שפּעטער אַרויס צענטראַלע כוחות פאַר דער באַוועגונג; דאָ דערמאָנט זיך דער אָוונט אין דעם קליינעם זייטיקן צימער אין „ראָמאַנישעס קאַפע", אין אַן ענגן קרייז פון פריינט: די פייערונג פון זיין באַקומען דעם דאָקטער־טיטול. ווייטער: די ערשטע גלענצנדיקע אויפטריטן אויף ציוניסטישע קאָנ־גרעסן און קאָנפערענצן; זיין קומען צום צווייטן מאָל קיין ארץ־ישראל; טי־פער אַנאַליז פון די ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען און פון דעם פינאַנץ־סיס־טעם אין דעם ארץ־ישראל־אויפבוי; זיין פּרעדיקן אַ פאָלקס־הלואה פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אַ גרויסצוגיקן קאָלאָניזאַציע־פּלאַן; זיין טעטיקייט אין די רייען פון דער אַרבעטערשאַפט; די ערשטע שליחות (צוזאַמען מיט מ. דיזענ־האָף און הרב עוזיאל) — אין נאָמען פון גאַנצן ישוב — צו דער מאַנדאַט־קאָמיסיע פון פעלקער־בונד אין גענף; דער גרויסער צוטרוי צו אים פון אַלע טיילן פון ישוב; די מיינונג פון דעם ענגלענדער גרימשוי (פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט), וועלכע ער האָט, בשעת זיין באַזוך אין ארץ־ישראל, אַרויסגעזאָגט וועגן אַרלאָזאָראָווס אַרויסטריט אין גענף: „ווו איז ער איצט דער וווּנדערבאַרער רעדנער, וועלכן איר האָט דעלעגירט קיין גענף, ווו איז ער, דער יונגער, טאַלאַנטפולער שטאַטסמאַן?"... דערנאָך: זיין טעטיקייט אין אַמעריקע; זיין שאַרפער אַנאַליז פון דער לאַגע אין ציוניזם און זיין פאַר־רויסזאָגן שווערע צייטן פאַר דער באַוועגונג אין די געגעבענע באַדינגונגען; ערשטע פּאָליטישע טריט אין לאָנדאָן, שטודירן פּאָליטישע סיסטעמען, לער־נען, זאַמלען וויסן און אינטענסיוו גרייטן זיך צום פּראַכט־קאַפּיטל — דער קאַפּיטל פון דער צוקונפטיקער פּאָליטישער טעטיקייט.

איין קאַפּיטל נאָכן אַנדערן, סטאַנציע נאָך סטאַנציע — לעבנס־סטאַנ־ציעס, און באַן־סטאַנציעס — אין פאַרשיידענע לענדער און הויפּטשטעט, באַ־זונדערס — „וויקטאָריע"־סטאַנציע אין לאָנדאָן; און אַ סך, אַ סך שווערע טעג אין לאָנדאָן: אין 1926 — טעג פון קריזיס אין ארץ־ישראל און אַרומ־לויפעניש נאָך מיטלען צו פאַרלייכטערן די לאַגע; אין 1926 — טעג פון גע־שעענישן אין ארץ ישראל, טעג פון נערוועזן וואַרטן אויף ידיעות פון צפת און חברון... און ווידער אין לאָנדאָן — נאָך די פּאַספילד־גזירות, וועלכע זיי־נען געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דעם באַריכט פון דער שאָו־קאָמיסיע, וועמענס מיטגלידער — אויסער דעם אַרבעטער־פירער, לאָרד סנעל — זיינען געווען קעגן אונדז. אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אַנגלאָ־ארץ־ישראל־קלוב האָט אַרלאָזאָראָוו גערעדט און געדאַנקט סנעלן. זיין רעדע — אין ענגליש — איז געווען אַ מייסטערווערק, ווי אין סטיל אַזוי אין קראַפט פון פאָרשטעלן אונ־דזערע פאָדערונגען און באַגרינדן זייער גערעכטיקייט. אין די זעלבע טעג:

זיין טעטיקייט אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע אין צוזאַמענהאַנג מיט מאַק־דאָנאַלדס בריוו צו ווייצמאַנען און דער נאָמינירונג פון אַן ענגלישער קאַבי־נעט־קאָמיסיע; אין דער דאָזיקער טעטיקייט האָט ער אַרויסגעוויזן טיפן פאַר־שטאַנד, רייכע ערודיציע, ווונדערבאַרע אָריענטאַציע און גרויסן טאַלאַנט אין פאָרמולירונג און סטיליזירונג. די דאָזיקע טעטיקייט איז געווען אַ פיינע הקדמה צו זיין שפּעטערדיקן שטיין אין שפּיץ פון דער ציוניסטישער פּאָלי־טיק אין ארץ ישראל.

און נאָך איינע אַ רייזע קיין לאָנדאָן: צו דער זיצונג פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. אין צוג, צווישן ווענעציע און לאָנדאָן, האָבן מיר זיך צו־זאַמענגעטראָפן מיט אַ גרופּע סטודענטן און אינטעלעקטואַלן פון אינדיע — גאַנדיס מענטשן און נייטראַלע — אַלע דערצויגענע אויף דער ענגלישער קולטור. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ לאַנגער שמועס וועגן אינדיע, דער ברי־טישער אימפּעריע און ארץ־ישראל, וואָס עס געשעט אַלץ ביי אונדז און וואָס עס שטייט נאָך אונדז פאָר אין דער צוקונפט. „זיי וועלן אייך אויך אָפּנאַרן" — זאָגן אונדז די הינדוסן. דער שמועס ציט זיך, און די הינדוסן וווּנדערן זיך אַלץ מער און מער איבער ארלאָזאָראָווס בקיאות אין זייערע אַנגעלעגנ־הייטן. „האָסטו שוין אַמאָל באַזוכט אינדיע?" — פרעגן זיי אים. זיי קלעפּן זיך צו מיט די אויגן צום שטאָטסמאַן פון ירושלים. און אָבסערווירנדיק זייער וווּנדערן זיך, האָט זיך געשטאַרקט דער גלויבן: דער מאַן אונדזערער וועט נאָך אַמאָל טראָגן זיין וואָרט צו די מזרח־פעלקער.

און שפּעטער, ווידער אין לאָנדאָן, אויף דער לעצטער סעסיע פון ציוי־ניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, האָט ער באַריכטעט איבער דעם ערשטן יאָר פון זיין טעטיקייט. ס'איז נישט געווען קיין אָפּאָזיציע־רעדע, נישט קיין פּאָ־לעמישע רעדע — דאָס איז געווען אַ פאָרטראַג פון אַ לעגיטימען פּאָלי־טישן פירער, וועלכער האָט דערוואָרבן אַלגעמיינעם צוטרוי. — אויך די קעג־נער האָבן זיך געמוזט באַרויִקן.

און איצט — די געשיכטע פון דעם לעצטן יאָר, די געשיכטע פון זיין טעטיקייט, וואָס ליגט אויסגעשפּרייט פאַר די אויגן פון אונדז אַלעמען. דאָ איז די שווערע געשיכטע פון אָנגריפן מצד אַ פיינטלעכער פּאַרטיי, אָבער אין דעם גאַנצן ישוב, אין דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג איז רייף די אנערקענונג: אַ שטערן איז אויפגעטראָטן, אַ מאָרגנשטערן האָט אויפגעשיינט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

צוריק צו די בראשית־טעג — צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. איינדרויסן פאַרשניידן הונגער און שווערד, און אינעווייניק — בלאָקאַדע און שווידער. ס'האָט אויסגעזען: מיר זיינען פאַרמשפּט אויף חורבן און פאַרניכטונג. און אָפּדרוק אַ וואָרט איז געפערלעך; יעדע פרייע טריבונע איז דערשטיקט גע־

וואָרן. דער אָפּיציעלער רעדאַקטאָר — קאַשדאַן — זיצט אין טורמע*); דער פאַקטישער רעדאַקטאָר — יוסף אַראַנאָוויטש — זיצט אין גלות מצרים. איז אויפגעשוווּמען אַ פאָרשלאַג, צו שאַפן פאַר אונדזער געדאַנק אַ מקום־מקלט אין עמיגראַציע. אַ קליין בריוועלע איז אַוועקגעשיקט געוואָרן פון תל־אביב קיין בערלין צום טרייען חבר ישראל רייכערט: נעמט צונויף עטלעכע מענטשן, שטעלט אויף אַ טריבונע, דרוקט עפּעס און זאָל דאָס זיין אַ צייטווייליקע גייסטיקע היים פאַר די, וואָס וועלן דאָ לעבן־בלייבן, — אַ „היים“ ביז נאָך דער שרעקלעכער מלחמה... אָבער נאָך איידער דאָס בריוועלע האָט דערגרייכט דעם ציל, האָבן מיר שוין געהאַט איבערראַשנדיקע נייס, אַז עס זיינען צוגעקומען נאָכפאָלגער און טעאָרעטיקער פון אונדזער געדאַנק. אין מערב — אין קרייזן פון יוגנט און אינטעליגענץ — איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטס־אידייען. זיי האַלטן, אַז דעם קלאַג פון דער מלחמה און דעם חורבן פון מזרח־יידנטום קען מען מכפּר זיין בלויז מיט בויען ארץ־ישראל אויף די יסודות פון אַ ניי לעבן. מיר האָבן אויך דערהאַלטן עטלעכע נומערן פון דער „יידישער רונדשוי“, פון וועלכע מיר האָבן אַרויסגעלערנט, אַז באַרימטע פּערזענלעכקייטן פון דער גייסט־ און קולטור־וועלט שליסן זיך אָן אין אונדזער באַוועגונג. מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן עפּעס אַ „צענטראַלן ועד“ פון „הפועל הצעיר“ אין דייטשלאַנד, וועגן די העפטן „די אַרבעט“, וועגן זלמן רובאַשאָווס טעטיקייט צווישן דעם דייטשן יידנטום; עס זיינען אָנגעקומען בלעטער פון „דער יודע“ מיט בריוו פון א. ד. גאָרדאָן פון ארץ־ישראל; עס האָט זיך באַקומען אַ ידיעה פון רייכערטן, אַז — גוסטאַוו לאַנדויער איז מיט אונדז. ליידער האָבן מיר דערצו נישט זוכה געווען: שונאים פון אַ נייער וועלט האָבן אים דערמאָרדעט נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו קומען צו דער קאָנפערענץ אין פּראָג. דערפאַר האָבן מיר זוכה געווען צו האָבן וויקטאָר־חיים אַרלאָזאָראָוון.

13 יאָר זיינען פאַרביי. ווידער זיינען אָנגעקומען נומערן פון דער „יידישער רונדשוי“. ווידער ידיעות פון דייטשלאַנד: דאָס לאַנד איז פול מיט רעאַקציע און שנאה; אין די גאַסן — שייטערהויפנס: מען ברענט ספרים, וואָס פאַריידיקן דעם נביאים־טרוים וועגן מענטשן־גלייכהייט און פעלקער־פרידן; מיט רויך און פייער און בלוט ווערט ווידער געשריבן די מגילה פון פּיין און פאַרניכטונג פון כנסת ישראל אין דייטשלאַנד. קלאָר: יידן מוזן פאַרלאָזן דייטשלאַנד און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. דער יונגערמאַן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דייטשלאַנד איז רייף געוואָרן און געשטיגן ביז צו אַ מדרגה פון אַ פאָלקס־פירער, האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז איילן צום לאַנד פון זיין

*) פאַר פאַרעפנטלעכן אין „הפועל הצעיר“ אַ שילדערונג פון דעם גירוש פון יפו־תל־אביב.

יוגנט, כדי אויסצוטרעטן און צוצוגרייטן אַ וועג פאַר דער עליה פון דייטש־לאַנד.

מיר אַליין האָבן אים צוגערעדט צו דער רייזע. און ער איז געפאָרן. אויף זיין רייזע האָט ער — דער קאָמאַנדיר — אינספּעקציאָנירט די אַרמיי אין גאַנץ אייראָפּע — ענגלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך, פּוילן און טשעכיע. דאָס איז געווען אַ טריאומף־רייזע און גלייכצייטיק אַ — געזעגענונגס־רייזע, געזעגענונג פון דער באַגייסטערטער יוגנט־אַרמיי, וואָס האָט איר וווקס געהאַט צו פאַרדאַנקען אויך דעם טאַלאַנט און איבערגעגעבנקייט פון דעם קאָמאַנדיר — דעם פירער. דער גורל האָט געוואָלט, אַז ער זאָל באַזוכן אויך פּראָג, ווו ער איז צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן און נתגלה געוואָרן פאַר אונדזער וועלט־באַוועגונג.

נאָך דער געזעגענונג איז געפאַלן דער שאָס און איבערגעריסן דעם פאָדעם פון לעבן און גרויסער האָפענונג. — דער גרויסער חבר איז אַוועקגעטראָגן געוואָרן צום בית־הקברות. דער פיינט האָט פון אונדז אַוועקגערויבט דעם וויכטיקסטן כוח פאַר אונדזער צוקונפטיקער טעטיקייט.

מיט וואָס זאָלן מיר זיך טרייסטן? — ווען ס׳איז דורך דעם פאַנאַטישן ישמעאל בן נתניהו דערמאָרדעט געוואָרן גדליהו בן אחיקם — דער נאַאיווער, ערלעכער נציב פון די איבערגעבליבענע אין יהודה — האָט דאָס פאָלק פאַרפיקסירט זיין צער און ווייטיק מיט איינפירן אַן אייביקן טרויער־טאָג — „צום גדליהו“. עס זיינען אויך פאַראַן פאַלן, ווען מען שטילט אַזאַ שמערץ מיט נקמה־אַקטן. ניין! מ י ר וועלן זיך נישט טרייסטן מיט אַ תענית פון פאַרצווייפלטע און נישט מיט שענדלעכע נקמה־אַקטן פון פאַרשווערער. מיר וועלן זיך טרייסטן דערמיט, וואָס מיר וועלן אַרויסרופן צום לעבן פילפאַכיק גרעסערע כוחות פון אונדזער באַוועגונג, כדי זיך צו קאָמפּענסירן פאַר דער פאַרשניטענער שעפערישער פּאָטענץ פון דער גרויסער פערזענלעכקייט. דער פיינט האָט געצילט אין האַרץ פון ארלאָזאָראָוון, כדי צו טרעפן און פאַרשטאָפּן אונדזער קוואַל פון חכמה און גבורה — ער האָט אָבער פאַרפעלט דעם ציל: דער קוואַל וועט נישט פאַרשטאָפּט ווערן! אונדזער יונגער דור וועט וואַכן איבערן קוואַל פון וועלכן עס וועט שטראָמען גליק פאַרן פאָלק.

יתגדל ויתקדש... גרויס זאָל זיין, הייליק זאָל זיין זיין ווערק אין מויל און האַרצן פון צענדליקער טויזנטער פון דער הגשמה־יוגנט.

---

# יוסף וויטקין

ווען איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל האָב איך אים נאָך געטראָפן ביים לעבן — ער איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון ווין — האָפענונגסלאָז־קראַנק... אָבער מיין באַציאונג צו וויטקינען, דעם מחבר פון באַרימטן אויפרוף, האָט זיך אייגגעשטעלט נאָך איידער איך האָב זיך מיט אים באַקענט פערזענלעך.

מיר האָבן געהערט צו אַ באַשטימטער עפּאָכע — די איבערגאַנגס־עפּאָכע צווישן הערצלען און דער צווייטער עליה. אַ טרויעריקע און פאַרצווייפלטע עפּאָכע. עס איז געווען נאָכן קישינעווער פּאָגראָם, ווען הערצל האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאָרן צו ניקאָלאַי דעם צווייטנס אינערן־מיניסטער — פּ ל ע־וו ע און פירן מיט אים פאַרהאַנדלונגען. דאָס איז געווען נאָך — אוגאַנדע, ווען ווי פאַרשוווּנדן איז געוואָרן דער גרויסער ציוניסטישער פּאָליטישער טרוים, ווען אַלץ און אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען צעטומלטע, דעזאָריענטירטע. אין יענע טעג איז צו אונדז דערגאַנגען יוסף וויטקינס „אויפרוף" צו דער יידישער יוגנט. זינט ביל"ו האָט זיך נישט געהערט אַזאַ רוף צו ציוניסטישן אַקטיוויזם. דער „כרוז" (דער אויפרוף) האָט געעפנט אַ נייע עפּאָכע פון עליה און שאַפונג אין ארץ ישראל. צו די גרויסע ציוניסטישע ד אָ ק ו־מ ע נ ט ן, — פינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע", הערצלס „יודנשטאַט" און אחד־העמס „לא זו הדרך", — גיב איך צו וויטקינס „קול־קורא"; ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט קריטיק, ער האָט פּראָקלאַמירט: „זוהי הדרך" (דאָס איז דער וועג) און געוואָרן איז דאָס דער וועג פון דעם הערלעכן חלוציזם — זינט דער צווייטער עליה און ביז היינט צו טאָג.

ווי געזאָגט, האָט זיך מיין באַציאונג צו וויטקינען אייגגעשטעלט נאָך פאַר מיין קומען קיין ארץ־ישראל. איינער פון מיינע טייערסטע יוגנט־זכרו־נות איז דער פאַקט, וואָס איך האָב זוכה געווען צו באַשעפטיקן זיך מיט אָפּ־דרוקן דעם „אויפרוף". אוסישקין האָט אים — אין האַנטשריפט — איבער־געשיקט צו אונדז, חברים פון „מרכז ציוני־ציון" אין וואַרשע. איך האָב שפּע־טער קאָרעספּאָנדירט מיט וויטקינען, ווען ער איז געקומען קיין רוסלאַנד, אָנ־צוקניפּן פאַרבינדונגען מיט דער יוגנט אין פאַרשיידענע שטעט און שטעט־לעך.

נישט קיין גרויסע ליטעראַרישע ירושה האָט אונדז וויטקין איבערגע־לאָזט, — בלויז עטלעכע געציילטע אַרטיקלען, געזאַמלטע אין אַ העפט. אָבער יעדער זאַץ זיינער טראָגט אַ טיפן געדאַנק, יעדעס וואָרט איז שטורמיש און שטורעמט־אויף דאָס האַרץ. ביז היינט־צו־טאָג האָבן זיינע שריפטן, אין פאָרם און אינהאַלט, אויפגעהאַלטן זייער אָריגינאַליטעט. זיין „אויפרוף", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין גייסט פונעם רעוואָלוציאָנערן לאָזונג „נאָר דורך קאַמף וועסטו דיינע רעכט דעראָבערן"; וואָס זיין אינהאַלט איז אַן אָפּהאַנדלונג פון אונדזער לאַגע אין דער וועלט, פון די באַדינגונגען אין ארץ־ישראל, פון די

אויסערלעכע געפאַרן און איז אויך אַ פּלאַן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, באַגלייט פון אַ רוף צו פּערמאַנענטן חלוציזם — דער דאָזיקער „אויפרוף" קלינגט גלייך ווי ער וואָלט דערשינען אין די סאַמע איצטיקע טעג, גלייך ווי ער וואָלט נאָר וואָס געגעבן אַן אויסדרוק פון אונדזערע אידייען און פאָדערונגען. עס לייענט זיך טאַקע אַזוי, ווי דאָס וואָלט ערשט איצט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

אַזוי — דער „אויפרוף", און אַזוי — אַלע אַנדערע שריפטן זיינע. ער האָט שוין דאַן פעסטגעלייגט די פּרינציפּן, אויף וועלכע עס באַזירט זיך אונדזער גאַנצע אַרבעט אין לאַנד. איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל באַלד נאָך דעם באַקאַנטן ויכוח צווישן יוסף אַראָנאָוויטש און יוסף וויטקין וועגן דעם וועג פון דער אַרבעטערשאַפט: „כיבוש־העבודה צי כיבוש־הקרקע". די ווירקלעכקייט פון יענע טעג — דער דורכפאַל פון די קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט פרעמדע אַרבעטער און דער דעמאָראַליזירנדיקער איינפלוס פון דעם דעמאָלטיקן איינציקן קאָלאָניזאַטאָרישן פאַקטאָר — דעם באַראָן ראָטשילדס אַדמיניסטראַציע — האָט געשטאַרקט צווישן די אַרבעטער די מיינונג, אַז מען טאָר אויף קיין האָר נישט אָפּלאָזן דעם וועג פון כיבוש־העבודה. איינצלנע יוגנטלעכע אידעאַליסטן האָבן געפרוווט גיין צום גליל און ווערן פּויערים, אָבער מען האָט זיך צו זיי באַצויגן מיט גרינגשעצונג: „זיי וועלן זיך באַזעצן אויף דער ערד, דערנאָך וועלן זיי נעמען „אונטערשטיצונגען" פון דעם באַראָן — און שפּעטער וועלן די זין גיין קיין פּאַריז, און די טעכטער וועלן ווערן מאַדאַמען — גלייך ווי עס געשעט אין די קאָלאָניעס". אין דעם עצם צונעמעניש „פאַקטערס" („אריסים") איז שוין געלעגן די גרינגשעצונג. דאָך האָט די הערשנדיקע שטימונג נישט אָפּגעהאַלטן וויטקינען פון ווייטער פרייַדיקן כיבוש־הקרקע און אַגיטירן פאַר אַן אַרבעטנדיקן פּויערטום. אין זיין אַרטיקל „כיבוש־הקרקע או כיבוש־העבודה" האָט ער באַגרינדעט דעם געדאַנק פון אַרבעטנדיקער קאָלאָניזאַציע אויף נאַציאָנאַלן באָדן.

וויטקינס אַרטיקל „דער כוח פון התמדה אין אונדזער באַוועגונג" איז אַ רוף צום גלויבן אין אונדזערע כוחות, וואָס זייער שעפערישקייט האַלט זיך אין איין רעגענערירן, טראָץ אַלע דורכפאַלן און ירידות. דאָס איז געשריבן געוואָרן גראָד ווען אַרום און אַרום האָבן געבלאָזן ווינטן פון פאַרצווייפלונג. ווען איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל האָב איך געפונען אַ רייכע פאַרצווייפלונגס־ליטעראַטור. געפירט דערצו האָבן — די לאַגע אין די קאָלאָניעס, די ביייזוויליקע שטעלונג פון די קאָלאָניסטן צום ציוניזם, זייער קעגנערשאַפט צום יידישן אַרבעטער, די שוועריקייטן פון כיבוש־העבודה און די ליידן פון די אַרבעטער. אין די קאָלאָניעס האָט מען זיך דאַן פאַרנומען מיט אויסרייסן די וויינגערטנער, און דער ציוניזם איז נאָך אויך געווען אָפּגעריסן פון קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט. און דווקא דאַן האָט וויטקין גערעדט וועגן דעם כוח פון התמדה אין אונדזער באַוועגונג. און געשריבן האָט ער דאָס אין

דער צייט, וואָס זיין אומהיילבאַרע קראַנקהייט האָט געפירט צום סוף, אין די טעג פון זיין שקיעה — אַ יאָר פאַרן טויט. די אַנטוויקלונגען נאָך זיין טויט האָבן באַרעכטיקט זיין גלויבן.

ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט גלות־פּראָבלעמען. ער האָט געפאָדערט צו שאַפן אַן ארץ־ישראלדיקע אַטמאָספער אין דער גלות־שולע; ער האָט אויך געפאָדערט הכשרה פאַרן יונגן דור, וואָס וועט עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ער האָט ווי פאַרויסגעזאָגט די הכשרה־סיסטעם פון „החלוץ". זיין רוף צו הכשרה, עליה, פּערמאַנענטן חלוציזם, אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע אויפן נאַציאָנאַלן באָדן, שאַפונג פון אַ נײַ לעבן, און זיין גלויבן אין דעם כוח פון התמדה אין אונדזער באַוועגונג — דאָס זיינען די פּרינציפּן, וועלכע יוסף וויטקין האָט פעסטגעלייגט און וואָס ביי זייער ליכט לעבן מיר און ווירקן ביז צום היינטיקן טאָג.

נאָך אַ פּרט: ביז דאַן פלעגן מיר שעפּן פון קוואַל פון אידייען און געדאַנקען, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אין די גלות־לענדער; דאָס מאָל איז דער דירעקטער רוף צו אַקטיוויזם געקומען פון לאַנד גופא, פון די „ציון־בערג" אַליין, לויטן אויסדרוק פון וויטקינס „אויפרוף".

ווען איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל און דאָ געטראָפן זיך מיט וויטקינען, האָב איך פאַר זיך געזען אַ באַשיידענעם מענטשן מיט אַן אַריסטאָקראַטישן און גלייכצייטיק ראָמאַנטישן אויסזען; אַ טיפּ פון אַן אַמאָליקן רוסישן אידעאַליסטישן פאָלקס־לערער — אַ לערער, וואָס פאַרשפּרייט אַרום זיך אידעאַלן, אַ לערער פאַרן פאָלק.

וויטקינס רוף ווערט אויפגענומען און פאַרווירקלעכט דורך אַ מחנה פון צענדליקער טויזנטער, וואָס גייען אין זיינע וועגן און שאַפן אַ גאַראַנטיע פאַרן כוח פון התמדה אין אונדזער באַוועגונג. און דאָס איז דער בעסטער אָנדענק פאַר אים.

---

## יוסף אַראַנאָוויטש — דער באַנבערעכער

עס איז נאָך נישט אַוועק דער ווייטיק און עס איז נאָך נישט די צייט פאַר אָפּשאַצונגען; באַזונדערס שווער איז דאָס פאַר מיר, וואָס זינט מיין ערשטן טאָג אין ארץ־ישראל בין איך שטענדיק געווען צוזאַמען מיט אים. שטענדיק צוזאַמען — אויך אין חילוקי־דעות, אויך אין אידעאָלאָגישע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן — שטענדיק אויף איינעם און דעם זעלביקן וועג. אין לאַנג איז דער וועג: פון דער ערשטער באַגעגעניש אויפן אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַג ביז צו דער לעצטער זיצונג, מיט עטלעכע טעג צוריק, ביי

בן־גוריונען אין שטוב; פון די ערשטע ראָמאַנטישע, העראָאישע טעג אין דער באַוועגונג ביז צום היינטיקן גרויסן העראָאישן ווערק. דאָס איז געווען אַ לאַנגער שווערער וועג — פון ווערן, פון זוכענישן נאָך דער ריכטיקער פאָרמולירונג, פון בשותּפותדיקע געדאַנקען און טאָטן. אויב צו אָפּעריר ן מיט טערמינען פון וועג־פּלאַסטערונג, דאַרפן מיר אַראַנאָוויטשן — לויט זיין כאַראַקטער — דעפינירן אַלס דעם  ב אַ נ ב ר ע כ ע ר. ברעכנדיק — פלעגט ער אָפט שווער טרעפן, אָבער דאָס, וואָס ער האָט דורכגעהאַקט, האָט פריי געמאַכט דעם וועג פאַר מערערע און מערערע.

ער שטעלט זיך אונדז פאָר ווי איינער, וואָס האָט קיינמאָל פון קיין פשרות נישט געוווּסט; ווי איינער, וואָס איז דורכאויס פוריטאַניש — ער איז ווירקלעך געווען איינער פון די פוריטאַנער אין אונדזער באַוועגונג. באַלד ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש, אין האַג, אין אַ האָטעל־צימער, ווען מיר האָבן געשמועסט וועגן דער באַוועגונג אין גלות און אין ארץ־ישראל, וועגן דער אַרבעטס־באַוועגונג, וואָס איז נאָך כמעט ווי נישט געבוירן געוואָרן, האָט אַראַנאָוויטש אָפּגעפּסקנט: איר האָט נישט וואָס צו טאָן אין גלות, קומט קיין ארץ־ישראל! און אַזוי פלעגט ער שטענדיק  פּ ס ק ע נ ע ן . ער פלעגט זיך נישט אינטערעסירן מיט קיין זייטיקע, מינדערווערטיקע זאַכן, ער פלעגט גיין דירעקט צום עיקר, צום תוך. צייטנווייז פלעגט די שאַלעכץ זיין אַ האַרטע, אָבער ווער עס פלעגט זיך מטריח זיין און צעקנאַקן די שאַלעכץ פלעגט געפינען אַ זייער דעליקאַטן קערן.

ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער קולטור פון דער אַרבעטס־באַוועגונג — די קולטור פון אַ נייעם לעבנס־שטייגער. ער איז געווען אַ בייזער — צומאָל אומברחמנותדיקער — קריטיקער, אָבער זיין קריטיק האָט באַרייכערט די קולטור. ער האָט אַליין געשטעלט אויף מאָראַל, און אויף דעם גרונט האָט ער קריטיקירט און אויפגעקלערט און פאַרמולירט פאָדערונגען.

עס איז צעבראָכן געוואָרן די כלי, וואָס האָט אַנטהאַלטן דעם יין המשומר פון די חלוצישע אידייען, זייט דער צווייטער עליה און ביז היינט צו טאָג. די כלי איז צעבראָכן געוואָרן, אָבער שיכור פון דעם יין המשומר זיינען מיר שוין פאַרבליבן; דער וויין איז איינגעזאַפּט געוואָרן אין די אַלע, וואָס מיר האָבן זיי היינט געזען אויף אַראַנאָוויטשעס לעצטן וועג פון ועד הפועל ביז צום בית־החיים.

אַראַנאָוויטש האָט אָנגעהויבן זיין וועג אין לאַנד, ווי אַן אַרבעטער; זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין רחובות, ווי אַ פאַרוואַלטער פון אַ קאָאָפּעראַטיווער קראָם, וואָס איר גאַנצער קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון זיבן פראַנק, און געענדיקט האָט ער, ווי איינער, וואָס ווערט היינט באַוויינט דורכן גאַנצן ישוב.

לאָמיר אָבער נישט וויינען. לאָמיר לאָזן טיף אין דער באַוועגונג אַריינ־דרינגען זיינע אידייען, זיינע מאָראַלישע פּרינציפּן. די דאָזיקע פּרינציפּן דאַרפן ווערן אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו אין דעם לעבן פון אונדזער באַוועגונג פאַר יאָרן און דורות.

---

# דער באַשיידענער

(ביי דער לוויה פון זאב סמילאַנסקי)

געשטאָרבן איינער פון די פּאַטערס פון דער אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל — זאב סמילאנסקי (ז״ס). ער איז געקומען נאָך פאַר דער צווייטער עליה. ער איז געווען איינער פון די ערשטע רעדאַקטאָרן פון „הפועל הצעיר״, ווען ער איז דערשינען אין ירושלים, — הגם צוליב לעגאַליטעט־מאָטיוון פלעגט זיין געשריבן, אַז ער איז „געדרוקט דאָ — אין קאַאיר״...

בלויז וויייניקע אונדזערע האָבן באַוויזן צו קומען צו זיין לוויה. וואָלטן זיי באַוויזן — וואָלטן דאָ געווען מערערע פון דגניה, פון נהלל און אַנ־דערע ישובים פון די עמקס. אַ סך פון צווישן די יסודות־לייגער זיינען גע־ווען מיט אים פאַרבונדן אין אָרגאַניזאַציע־ענינים, אין אַרבעט, אין לאַנד־ווירטשאַפט, אין אָנשטרענגען דעם געדאַנק, כדי צו באַלייכטן דעם וועג אי־בער וועלכן עס האָבן שפּעטער געשפּרייזט צענדליקער טויזנטער.

ז״ס האָט געהערט צו די פּאַטערס פון דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט איפּן געביט פון דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. ווען מען זאָל איבער־דרוקן זיינע שריפטן וואָלטן זיי אויסגעפּולט אַ סך בענדער. ער איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1891; שפּעטער איז ער צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, און אין יאָר 1903, האָט ער ווידער עולה גע־ווען און פאַרבליבן.

איך בין געווען אידייאיש פאַרבונדן מיט ז. סמילאַנסקין נאָך פאַר מיין קומען קיין ארץ־ישראל. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָכן קישינעווער פּאָ־גראָם, ווען עס איז דערשינען דער אוגאַנדע פּראָיעקט. דער פּראָיעקט, אין וועלכן עס איז געווען בלויז סטראַטעגישע קאַלקולאַציע, ווי איינער זאָגט — „לאָמיר פאַרפירן די טערקיי — מיר וועלן גיין אויף אַ קורצער צייט קיין אוגאַנדע, כדי דערווייל צו ראַטעווען זיך, און דערנאָך וועלן מיר זיך שוין אַריבערפּעקלען קיין ארץ־ישראל״ — דער דאָזיקער פּראָיעקט איז געווען נישט נאָר אַ „דערוויילִיקער״, נאָר סתם אַ לופט־פּראָיעקט. דער יידישער מוח האָט אָבער געטאָן זיינס: דער פּראָיעקט איז אַנטוויקלט און דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ גרונטלעכן טעריטאָריאַליסטישן פּראָגראַם

מיט אַ פּרינציפּיעלער, טעאָרעטישער באַגרינדונג; ס'הייסט — אין ארץ־ישראל איז טאַקע נישטאָ קיין האָפענונג פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. ס'איז אַפילו אַנטשטאַנען אַ טעריטאָריאַליסטישע ליטעראַטור.

איינער פון די גרינדער פונעם דאָזיקן טעריטאָריאַליזם איז געווען יעקב לעשטשינסקי, און דער צווייטער — חיים יהודה חזן, דער פאָטער פון יעקב חזן. ביידע — טאַלאַנטפולע מענטשן און גוטע רעדנער — האָבן מינדלעך און שריפטלעך געפּרעדיקט דעם טעריטאָריאַליסטישן געדאַנק. האָט אַרום אונדז געשטורעמט די פּאָלעמיק פון דעם אַגרעסיוון טעריטאָריאַליזם און מיר — אַ הייפל יינגלעך און מיידלעך, „פּרחי ציוני־ציון", האָבן מיט אינסטינקטיווער עקשנות פאַרטיידיקט דעם ציוניזם און קעגנגעשטעלט זיך די פאַרזוכן, אַרויסצורייסן אים פון דער רענעסאַנס־אידעאָלאָגיע. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אַנדער אַרגומענטאַציע ווי די, וואָס אונדזער אויפלעבונגס־באַוועגונג איז אַ געשיכטלעך־נאַציאָנאַלע. ווי וויכטיק די דאָזיקע אַרגומענטאַציע איז נישט געווען, איז זי אָבער נישט געווען גענוג וואָגיק אין יענער עפּאָכע פון „טעאָריעס" און „וויסנשאַפטלעך־סאָציאָלאָגישע" באַגרינדונגען...

גראָד אין יענע טעג האָבן מיר דערהאַלטן אַ העפט פון „השלוח" מיט אַן אַרטיקל א"נ „אַ פאַרפירעריש ליכט" („אור מתעה") און דאָס דאָזיקע פאַרפירערישע ליכט האָט אונדז דווקא באַלויכטן דעם וועג. דער אַרטיקל איז געווען געחתמעט בלויז מיט צוויי אותיות: ז"ס. מיר האָבן נישט געוווסט ווער איז ער און וואָס איז ער. געגלויבט האָבן מיר, אַז אונטער דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים באַהאַלט זיך איינער פון די באַרימטע גדולים, און מיר האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף די המשכים פון דעם אַרטיקל אין די ווייטערדיקע נומערן פון „השלוח". אין אַ ריי אַרטיקלען — שווער אין אינהאַלט און אין סטיל — האָט ז"ס, דאָס ערשטע מאָל, דאַכט מיר, אין דער העברעאישער ליטעראַטור, געבראַכט אינפאָרמאַציע, ווי אַזוי מען קאָלאָניזירט לענדער, ווי אַזוי מען האָט קאָלאָניזירט אויסטראַליע און ניו־זעלאַנד, און ווי אַזוי די קאָלאָניזאַציע אין פאַרשידענע לענדער איז דורכגעפאַלן. דער אויספיר זיינער איז געווען: יעדע נייע טעאָריע וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַ נישט־יידיש לאַנד — אָן דעם זכר פון די נביאים, אָן דעם כותל־מערבי און אָן דעם פּראַכט פון די אַלטע צייטן — איז אַ פאַרפירעריש ליכט; אַזאַ איז די גאַנצע טעאָריע פון טעריטאָריאַליזם.

היינט קלינגט דער „אור מתעה" אַביסל נאַאיוו אין זיין באַגרינדונג. אָבער דאַן, ווען מיר האָבן נאָך נישט געהאַט אונדזערע אייגענע מענטשן מיט וויסן און דערפאַרונג, ווען מיר זיינען נאָך אַליין אין לאַנד נישט געווען און מיר האָבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון פּראַקטישער קאָלאָניזאַציע — האָט אונדז דער אַרטיקל פון ז"ס געדינט אַלס שווערער וואָפן אין דעם קאַמף קעגן טעריטאָריאַליזם. דער אַרטיקל האָט אונדז באַהאַוונט געמאַכט מיט

דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל און מיט די ראַציאָנעלע סיסטעמען פון איר קאָלאָניזאַציע.

ווען מיר זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל, האָבן מיר ז״ס געטראָפן אין אונדזער באַוועגונג. אין די ווייטערדיקע צענדליקער יאָרן האָט ער, מיט גרויסער ליטעראַרישער מי, געוועבט די טעאָריע פון אונדזער קאָלאָניזאַציע־ווערק אין לאַנד. ער איז געווען איינער פון אונדזערע ערשטע פּובליציסטן אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע, לאַנדווירטשאַפט, אינדוסטריע און איינ־וואַנדערונג. ער איז אויך געווען דער ערשטער סטאַטיסטיקער אין לאַנד. עס שיינט מיר, אַז זיין ערשטער אַרטיקל אויפן דאָזיקן געביט איז געווען גע־ווידמעט דער ציילונג פון דעם יידישן ישוב אין יפו. די ציילונג האָט בלויז אַרומגענומען עטלעכע הונדערט משפחות — דאָס איז אָבער געווען די ערשטע סטאַטיסטישע אַרבעט אין אַ שטאָטישן ישוב.

מיר האָבן ז״ס אויך געקענט ווי אַ חבר. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער, און נאָר צייטנווייז פלעגט ער זיך באַ־שעפטיקן מיט לערעריי אָדער מיט סטאַטיסטיק אין תל־אביבער שטאָט־ראַט. ער פלעגט זיך אויך ביסלעכווייז פאַרנעמען מיט ליטעראַרישער אַר־בעט. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט פאַרשטיין, ווען און וויאַזוי קען זיך אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער אָפּגעבן מיט שרייבן שווערוואָגיקע אַר־טיקלען — מיט אַזויפיל סטאַטיסטישן מאַטעריאַל. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ לוין־אַרבעטער אין רחובות, דערנאָך איז ער — איינער פון די ערשטע — געגאַנגען באַזעצן זיך אין חולדה. ער האָט אויך געזאָלט זיין איינער פון די ערשטע אין נהלל.

ז״ס איז געווען זייער אַ באַשיידענער מענטש. ווען ער וואָלט געווען פון די, וואָס קענען זיך שאַפן „פּובליסיטי״ — וואָלט ער זיך זיכער גע־רעכנט אַלס גרויסער מענטש, אַלס באַרימטער אויטאָריטעט. אָבער זייט איך האָב אים געקענט, האָב איך אים געזען אַלס עניו, אַ נחבא אל הכלים. זיין זון, דער שרייבער יזהר סמילאַנסקי, האָט אים אין דעם טאָג פון דער לוויה געשילדערט אין איין קורצן זאַץ: „רואיק געלעבט און רואיק געשטאָרבן״.

...דער פאַרלאַג „עם עובד״ גרייט זיך אַרויסצוגעבן זאב סמילאַנסקיס אַ בוך איבער ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן, און אַט נאָר וואָס האָט זיך דער מחבר געקלאָגט, אַז ער דאַרף פאַרענדיקן דעם לעצטן קאַפּיטל פונעם בוך — אָבער ער האָט קיין כוח נישט. אין דעם פאַרלאַג פון חבר הקבוצות, אין זשורנאַל „דפים״, איז אַט איצט דערשינען זיינער אַ מאמר, געווידמעט דעם ד״ר א. רופּין. אַט, דוכט זיך, ערשט נעכטן האָט ער באַזוכט די רעדאַקציע פון „הפועל הצעיר״; ערשט נעכטן האָט ער געטראַכט וועגן באַשטימטע קאָלאָניזאַציע־פּראָגן און פּראָיעקטירט פאַרשידענע ליטעראַרישע אַרבעטן — און דאָ איז ער געקומען אַהיים און — געשטאָרבן...

אין פאַרלויף פון יאָרן האָבן מיר — חברים — אַ סך מאָל זיך צונויפ־געטראָפן, און פון די צוזאַמענטרעפן האָט זיך אָנגעזאַמלט דאָס, וואָס מ׳יר רופן איצט — דער אינהאַלט פון דער צווייטער עליה. צו דער דאָזיקער אָנזאַמלונג האָט ז״ס זייער אַ סך בייגעטראָגן. מיר האָבן דאָן נישט פאַרמאָגט קיין צענדליקער, צענדליקער טויזנטער הס־הדרות־חברים — פלעגן די אידעאָלאָגישע שמועסן פאַרקומען אין אונדזער אינטימען קרייז פון „הפּועל הצעיר" (עס פלעגן זיך אַזעלכע אינטימע שמועסן פירן אויך ביי „פּועלי־ציון"). איז נישט געווען קיין אייינציקע זי־צונג צי קאָנפערענץ פון „הפּועל הצעיר", צו וועלכער ז״ס זאָל נישט קומען — אָפּטמאָל צוּפוס — פון רחובות. ער פלעגט רואיק קומען, רואיק זיצן און רואיק מאַכן זיינע באַמערקונגען.

„הפּועל הצעיר" האָט זיך לאַנג געפּלאָגט מיט דריי אינערלעכע פּראָ־בלעמען. די שווערסטע פון זיי איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבן נישט גע־האָט קיין געשריבענעם, אויספירלעכן, טיף־טעאָרעטישן באַגרינדעטן פּראָ־גראַם. פאַר אונדזערע אייגענע חברים האָבן מיר נישט געדאַרפט קיין פּראָ־גראַם — מיר האָבן עס געדאַרפט פאַר אַנדערע: אַלע פּאַרטייען האָבן קלאָרע און דייטלעכע פּראָגראַמען, און בלויז מיר אַליין זיינען פּראָגראַמלאָזע, טאָ לאָמיר שרייבן אַ פּראָגראַם!

די צווייטע פּראָגע איז געווען וועגן אַ רעדאַקטאָר. די חברים האָבן אַביסל גרינג־געשעצט זייערע רעדאַקטאָרן, וועלכע האָבן אויסגעזען צו היי־מיש. עס האָט זיך געוואָלט האָבן אַ באַקאַנטן, אַן אָנערקענטן רעדאַקטאָר און נישט סתם אַ כובש־עבודה, עפּעס אַ חבר פון אַן אַרבעטער־קאָמיטעט אָדער פון אַן אַרבעטער־קיך — אַן ליטעראַרישן יחוס.

דאָס דריטע פּראָבלעם איז געווען — וועגן אַ נאָמען. טייל חברים זיי־נען נישט געווען צופרידן מיטן „משונהדיקן" פּאַרטיי־נאָמען. „הפּועל" איז טאַקע זייער גוט, אָבער ווי לאַנג וועט ער אַלץ זיין „הצעיר"? ווי וועט דער־„צעיר" קלינגען אין די אויערן פון די ניי־געקומענע אַרבעטער, „פּראָלעטאַ־ריער", וואָס פּאַסן נישט אויף די צונויפפּאָרונג פון „הפּועל הצעיר"?

פון אַלע דאָזיקע מאַטערנישן איז גאָרנישט אַרויסגעקומען: קיין גע־שריבענעם, פּאַראַגראַפירטן פּראָגראַם האָבן מיר ביז היינט נישט; מיר האָבן אַ פּאַקטישן פּראָגראַם, אַזאַ וואָס דאָס לעבן אַליין האָט באַשאַפן. עס איז אונדז אויך — צום גליק — נישט געלונגען צו געפינען אַן „עכטן" רעדאַקטאָר. עס זיינען ביי אונדז אַנטשטאַנען טאַקע אייגענע, איינגנ־אַרטיקע רעדאַקטאָרן, אַזעלכע וואָס „רעדאַגירן" דאָס נייע לעבן אין ארץ־ישראל. און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם נאָמען, איז ער געבליבן „הפּועל הצעיר", און ער האָט זיך פאַרוואָרצלט אַלס פעסטער באַגריף אין דער אי־דעאָלאָגיע פון אונדזער אַרבעטס־באַוועגונג.

איז אַט דערמאָן איך זיך, ווי איינמאָל, ביים אַמפּערן זיך איבער דער פראַגע פון אַ נאָמען, האָט ז״ס איבערגעריסן זיין שווייגן און געמאַכט אַ משונהדיקן, אָריגינעלן פאָרשלאַג: „עמנו־יד״. דורות־לאַנג, האָט ער גע־זאָגט, איז אונדזער דעוויז געווען „עמנו — אל״, און איצט וועלן מיר צו־געבן „עמנו — יד״. נאַטירלעך, איז דער פאָרשלאַג באַלד אָפּגעוואָרפן גע־וואָרן, אָבער ווי פיין האָט ער, דער פאָרשלאַג, אילוסטרירט דעם וועזן פון ז״ס — דעם אַרבעטס־מענטש! פאַר אים אַליין איז געווען — „אתי־יד״ (מיט מיר — מיין האַנט), איז פאַר דער באַוועגונג — „עמנו — יד״ (מיט אונדז — די האַנט) — די אַרבעטס־האַנט, וואָס פון איר וועט קומען די ישועה פאַר ישראל.

---

# דער קולטור־מענטש

(שבעה נאָכן טויט פון יעקב זאַנדבאַנק).

מיר באַוויינען אַ וויכטיקן מענטשן און אַן אינטימען פריינט. ער איז געווען באַליבט, זייער באַליבט. ווייניקע צווישן אונדז זיינען געבענטשט מיט דער אייגנשאַפט צו זיין באַליבט. עס איז נישט לייכט פאַר אַ כלל־טוער צו זיין באַליבט — באַזונדערס אין היינטיקע צייטן. אָבער פאַר אים איז עס נישט שווער געווען, ווייל זיינע גרונט־אייגנשאַפטן האָבן צו זיך נאַטירלעכערווייז געצויגן ליבשאַפט.

אין זיינע רעדעס און רעפעראַטן פלעגט ער פאָדערן, צו פירן אונדזער קולטור־אַרבעט און פורעמען אונדזער קולטור אויף די יסודות פון הומאַ־ניזם. דער הומאַניזם איז געלעגן טיף אין זיין אייגענער נשמה.

מיר האָבן פאַרלאָרן אַ גרויסן קולטור־כוח, וואָס האָט פאַרשפּרייט קול־טור אין דער גאַנצער געזעלשאַפט אונדזערער. ער האָט אַנטוויקלט אַ גרוי־סע, פאַרצווייגטע אַרבעט — און שאַ, שטיל, אָן רעש, אָן באַרימערייַ און דעמאַגאָגיע.

ער איז געווען אַ שרייבער, אַ דענקער, זייער אַ טעטיקער, און איבער־הויפּט — אַ טייערער מענטש.

---

יוסף שפרינצאק

# דער שטורעמדיקער

(נאכן טויט פון יצחק לופבאן).

שטיל געוואָרן דער שטורעמדיקער...

פאַרענדיקט האָט זיך אַ לעבנס־געשיכטע. זיין ביאָגראַפיע איז די ביאָגראַפיע פון דער אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. זיינע שריפטן שאַפן דעם שטורעמדיקן אינהאַלט פונעם גרויסן יידישן ראָמאַן — דער ראָמאַן פון יידישער אויפלעבונג און באַנייאונג.

זינט דעם פרימאָרגן פון אונדזער באַוועגונג האָט ער זוכה געווען צו זיין איינער פון די וויכטיקסטע דעה־זאָגער ביי אונדז, טאָג איין — טאָג אויס, שעה איין — שעה אויס; אין שווערע טעג און אין הערלעכע טעג; אין טעג פון באַגייסטערונג און אין טעג פון קריגערייען און רייסערייען. שטענדיק אַ שופר פאַר אונדזערע שטרעבונגען און אונדזערע ווייטיקן. ווי אַ לוויים־כאָר האָט ער באַגלייט אונדזער עבודת־הקודש.

אַ חן פון אָריגינעלער שאַפונג איז געלעגן איבער זיין שרייבן; זיין סטיל איז געווען אייגנאַרטיק, שטאַרק און שאַרף.

געשטאָרבן אַ פערזענלעכער פריינט מיינער, אַ שותף צו אַ לעבנס־וועג — אַ וועג פול מיט טריישאַפט און אינערלעכן שטורעם. פערציק יאָר זיינען מיר צוזאַמען געגאַנגען אַ וועג, וואָס איז פאַרזייט מיט אידייען, שטרעבונגען, שטרויכלונגען, אָנגריפן און באַנייטער אמונה. צוזאַמען זיינען מיר אויך געקומען ביז צו די טעג פון ערשטן שניט.

שטיל איז ער געוואָרן — דער שטורעמדיקער...

---

# שרה מאַלקין

(ביי דער לוויה — כ״ג שבט, תש״ט).

שרה מאַלקין איז נישט בלויז אַ נאָמען — זי איז אַ באַגריף. שרה מאַלקין איז — די צוויטע עליה. דאָ נישט לאַנג האָב איך זי דערמאָנט, ווען איך האָב געהאַלטן אַ רעדע וועגן דעם וועג פון דער יידישער פרוי — פון שרה מאַלקין ביז צו אונדזער מיניסטער גאָלדע מאירסאָן. דעם דאָזיקן וועג זיינען מיר דורכגעגאַנגען אַ דאַנק די ערשטע פרויען — ערשטע אין זייער אַנטשלאָסנקייט, ערנסטקייט, חלוצישקייט און געטריישאַפט. שרה איז געווען אַ חברטע, אַ שוועסטער, אַ מוטער — אַ מוטער פאַר די חלוצות. „איך וויל זיין אַ יידישע אַרבעטערין״ — מיטן כוח פון דער דאָזיקער פראָקלאַמאַציע אירער האָט זי אויפגעשטעלט אַ באַוועגונג. מיר האָבן נאָך נישט

אונדזער אַ נעקראַסאָוו*), וועלכער זאָל באַזינגען אונדזערע „דעקאַבריסטן"־פרויען, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן דעם לעבן פאַר דער באַפרייאונג פון זייער פאָלק. שרהס לעבנס־קאַפּיטלען זיינען דער אַפּאָטעאָז פון חלוציזם. זי איז נישט געווען הויך געבילדעט, אָבער זי האָט פאַרמאָגט אַ סך קולטור, און מיטן כוח פון איר קולטור האָט זי זיך צוגעבונדן דעם ד״ר הלל יפה און ד״ר א. רופּין. מיט וויפיל ערנסטקייט פלעגט זיך עס ד״ר רופּין גרייטן צו אַ שמועס מיט שרה מאַלקין! דאָ האָט געווירקט דער גרויסער מאָראַלי־שער כוח פונעם יידישן אַרבעטער, וועלכער האָט געשטרעבט צו דער אויס־לייזונג פון פאָלק.

אונדזער קולטור וועט זיך אויסדריקן אין פאַרערן דעם באַגריף „שרה מאַלקין".

דאָ, ביי דער זייט פון יוסף בוסעל, א. ד. גאָרדאָן, ד״ר א. רופּין — אין דעם דאָזיקן פּאַנטעאָן פון דער אַרבעטס־באַוועגונג — וועט אויך רוען שרה מאַלקין. צוזאַמען בילדן זיי די התחלה, דעם ווערט, פאַרן יונגן דור, וואָס איז אונז אויפגעקומען. שרה, דו האָסט איבערגעלאָזן אַ גרויסן המשך!

---

# דוד רמז — דער שר בישראל

אין דער שיינער קאָלאָניע זכרון־יעקב — איינער פון די ערשטע פלע־צער פאַר פּיאָנערישע אָנשטרענגונגען צוריק צו פאַראַנקערן זיך אין דעם לאַנד פון די אבות; אין דער קאָלאָניע, וווּ עס איז אין אלול תרס״ג גע־מאַכט געוואָרן דער ערשטער שריט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דעם ישוב און עס איז אין איר — אונטער דעם פאָרזיץ פון מ. אוסישקין — פאָרגע־קומען די „כנסיה ראשונה לבני־ישראל בארץ־ישראל" (די ערשטע קאָנפע־רענץ פון יידן אין ארץ־ישראל) — אין דער דאָזיקער קאָלאָניע האָט זיין רו געפונען דער מאַן, וואָס האָט זיין לעבן געווידמעט דער אָרגאַניזירונג פון פאָלק — דוד בן יחיאל רמז, דער לעצטער פאָרזיצער פון ועד לאומי ליהודי ארץ־ישראל און איינער פון די ערשטע מיניסטאָרן און בויער פון דער ישראל־רעגירונג.

ער האָט געהערט צו דער צווייטער עליה — צו דער קליינער גרופּע פון די, וואָס שפּרייזן צו דער צוקונפט איבערן וועג, וועלכן זיי אַליין טרעטן אויס; פון די, וואָס זייער לעבן אַליין איז אַ גאַראַנטיע פאַר אַ זיכערער קאָמוניקאַציע צו דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק.

---

*) אַ רוסישער קעמפערישער דיכטער, וועלכער האָט געשילדערט די ליידן און פּיינען פון דער רוסישער פרוי.

מיר האָבן אים הויך געשאַצט און טיף פאַרערט. דער נאָמען רמז איז פאַר אונדז געווען דער סינאָנים פון אַ שטיק אויסגעהאַקטער ווירקלעכקייט. זיין אידעאַל איז געווען — דער אומאויפהערלעכער באַנייענדיקער טאַט. דאָס רעאַלע ווערק און די געוואָגטע איניציאַטיוו אויסצוברייטערן דעם יידישן קאָנסטרוקטיוון כוח אין לאַנד.

ער האָט טיף געגלויבט אין די יידישע כוחות און שעפערישע טאַ־לאַנטן. ער האָט אויך געגלויבט אין דעם כוח פון דעם טאַט, וואָס נאָר ער — דער טאַט — וועט אויסגלייכן אַלע ווידערשפּרוכן, אַלע סאָציאַלע הוי־קערס. דער דאָזיקער גלויבן און זיין גאַנץ וועזן האָבן אים נאָענט געמאַכט צו פאַרשיידענע פאָלקס־שיכטן, וועלכע האָבן אים געשעצט זייער צו־טרוי.

דוד רמז איז געווען דורך און דורך — אַ העברעער; איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דעם העברעאישן געדאַנק, העברעאישן חינוך און העברעאי־שער קולטור. ער איז געווען פאַרליבט אין די אוצרות פון דער העברעאי־שער שפּראַך, וועלכע האָבן זיך צו אים אַנטפּלעקט און פון וועמענס באַ־העלטענישן ער פלעגט שעפּן אוראַלט־קלאַסישע דעפיניציעס און טערמינען פאַר די אַנטפּלעקונגען און שאַפונגען פון אונדזער נייעם לעבן.

דער מאַן דוד רמז, וועלכער האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּועל אין דער מושבה און געענדיקט ווי אַ שר בישראל, איז שטענדיק געווען אַ גרונט־זייל אין אונדזער נאַציאָנאַלן בנין.

---

# טאָמאָס מאַסאַריק

מיר, די אַרבעטער פון ארץ־ישראל, האָבן אַ סענטימענט פון פאַרע־רונג און ליבשאַפט צו דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט. מאַסאַריק האָט גע־שטאַמט פון אַן אַרבעטער־משפּחה און דערהויבן איז ער געוואָרן צו זיין פאַר זיין פאָלק אַ לערער, אַ באַפרייער און אַ בויער פון זיין אומאָפּהענגיקן לעבן. מיר קענען דעם נאָמען מאַסאַריק נאָך פון פאַר דער זעלבסטשטענדיקער טשעכאָסלאָוואַקיי. אַ סך פון אונדז האָבן פון אים געלערנט די תורה פון פעלקער־באַפרייאונג, פעלקער־רעכט — די רעכט פון פאַרשקלאַפטע פעל־קער צו זעלבסטשטענדיקן קיום און זעלבסטשטענדיקער שאַפונג. מיר האָבן נאָכגעפאָלגט דעם לעבנס־וועג פון דעם דאָזיקן מאַן — די נאָבעלע פיגור, וועלכע עס פּאַסט זיך אַזוי דער נאָמען „דער גרעסטער הומאַניסט אין איי־ראָפּע“. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר מיט אַ באַזונדערער פרייד אויפגענומען די ידיעה וועגן דער אויפשטעלונג פון מאַסאַריקס מדינה, ווייל מיר האָבן אין דעם געזען אַ באַשטעטיקונג, אַ גוטע בשורה

פאַר די שטרעבונגען פון די אונטערדריקטע פעלקער. מיר פלעגן שפּעטער אָפט באַזוכן זיין מדינה, ווו מיר האָבן געזען, וואָס מען קען אויפטאָן מיטן כוח פון הויכע מאָראַלישע ווערטן, מיטן כוח פון די טשעכאָסלאָוואַקישע אַרבעטער, מיטן כוח פון די לעגיאָנערן — די באַפרייער, וועלכע מאַסאַריק, דער באַפרייער האָט צונויפגענומען פון זייערע גלותן, האָט זיי אָרגאַניזירט און פאַרוואַנדלט אין אַן אַרמיי פון באַפרייער.

און ווי מיר האָבן זיך געפרייט מיטן אויפקום פון טשעכאָסלאָוואַקיי, אַזוי האָבן מיר טיף געטרויערט איבער איר חורבן פון די נאַצישע הענט. מיר האָבן געהערט דעם יאָמער פון דער טשעכישער ראַדיאָ־ספּיקערין, ווען זי האָט געמאָלדן וועגן דעם חורבן פון טשעכאָסלאָוואַקיי און מיר האָבן געיאָמערט מיט איר אינאיינעם. און ווען מיר האָבן געהערט, אַז די באַרבאַרן בושעווען אין די פּראַגער גאַסן און צעשטערן די מאַסאַריק־דענקמעלער, איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז עס האָט געזיגט די טומאה, אַז עס הייבט זיך אָן די ווילדע צעשטערונג פון דער אייראָפּעאישער קולטור.

דער נאָמען מ אַ ס אַ ר י ק איז אַ דעוויז, אַן אידעאַל און אַ האָפֿענונג, דער ד ע וו י ז : פעלקער־באַפרייאונג. זיין בוך „וועלט־רעוואָלוציע" שילדערט די אָנשטרענגונגען פון אַ פאָלק זיך אַליין צו באַפרייען מיט דער הילף פון אַרבעט, קולטור, מיליטערישן כוח און הומאַניטאַרע אידעאַלן. דער נאָמען איז אַן א י ד ע אַ ל : מאַסאַריק האָט זיך נישט איינגעשלאָסן אין זיין אייגענער מענטשלעכער ריינקייט — ער האָט זיך באַמיט אַריינצודרינגען אין די שטרעבונגען און טרוימען אויך פון אַנדערע פעלקער. ער האָט אויך באַגריפן די יידישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און איז געווען אַ פריינט פון אונדזער פרייהייטס־באַוועגונג. און דער נאָמען טראָגט ה אָ פ ע נ ו נ ג : האָפענונג פאַר דער צוקונפט, ווייל ער האָט איבערגעלאָזן פאַר דער צוקונפט אַ מאָראַלישע י ר ו ש ה, אַ באַפרייענדיקע ט ר אַ ד י צ י ע.

ער האָט אויך איבערגעלאָזן אַ לעבעדיקע ירושה: זין און טעכטער. און לאָמיר דאָ מיט ליבע דערמאָנען זיין זון יאַן מאַסאַריק, וואָס פונקט ווי זיין פאָטער קעמפט ער פאַר אונדז אויף פאַרשיידענע טריבונעס און באַגלייט ענטוזיאַסטיש אונדזער ציוניסטישן געראַנגל.

אין יאָר 1933 זיינען מיר זיך צונויפגעקומען — דעלעגאַטן פון יידישן פאָלק — צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין פּראַג. מיר זיינען זיך צונויפגעקומען אין דעם אַזוי גערופענעם „רעפּרעזענטאַנטן־הויז", ווו עס האָט זיך אַמאָל געפונען דער טשעכישער נאַציאָנאַל־ראַט און ווו עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די רעפּובליק. אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן הויז, וועלכער איז אַזוי טייער דעם טשעכישן פאָלק, האָבן מיר אַרויסגעבראַכט דעם אָנדענק פון איינעם פון א ו נ ד ז ע ר ע פרייהייטס־קעמפער — דעם אָנדענק פון חיים ארלאָזאָראָוו, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן קורץ פאַרן פּראַ־

גער קאָנגרעס. און אָט איצט, נאָך 10 יאָר, פאַרזאַמלט זיך די טשעכישע רעפּרעזענטאַנץ אין ארץ־ישראל, אין דעם זאַל, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון ח. ארלאָזאראָוו, און ברענגט אַרויס דעם אָנדענק פון פרייהייטס־קעמפּפער מאַסאַריק.

מיר שיקן פון דאַנען אונדזערע ברכות צו מאַסאַריקס פאָלקס־חברים — אין גלות און אין אונטערגרונט. זאָלן זיי זוכה זיין, צוריקצוקומען צום „רע־פּרעזענטאַנטן־הויז״, אָפּרייניקן אים פון דער נאַצישער טומאה און פּראָקלאַ־מירן פון דאָס ניי די באַפרייאונג פון מאַסאַריקס פאָלק, די באַפרייאונג פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער מדינה.

---

# איינער וואָס האָט מורד געווען אין גלות

(צום אָנדענק פון ד״ר י. ל. כהן פון קישינעוו — פון די ערשטע ציוניסטישע פירער אין רוסלאַנד).

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז געקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן טויט פון ד״ר י. ל. כהן. האָט די ידיעה אַרויסגערופן אַ ים מיט זכרונות... נישט זכרונות וועגן די מעלות און חסרונות פון דעם פאַרשטאָרבענעם און נישט וועגן זיין טעטיקייט; די זכרונות ברענגען בלויז אַרויס געוויסע שטריכן פון דעם גייסטיקן געשטאַלט פון אַ ברויזנדיקער נשמה.

באַזונדערס קלאָר דערמאָנט זיך איין פּרט: זיין טיפע שנאה צו דער גלות־סביבה. אָן איינצלנע אין איר אָרט איז זי געווען די דאָזיקע שנאה, ביז גאָר אַ זעלטענע ביים אַמאָליקן דור. דאָס איז נישט געווען די שנאה פון די, וואָס טראָגן אין האַרצן דעם צער פון דער אומה און דעם טרוים פון שיבת־ציון; אויך נישט פון די, וואָס האָבן מורא פאַר אייגענער פאַרניכטונג... ניין, דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער שנאה: אַ פרימיטיווע, אַ נאַטירלעכע, וואָס זויגט פון אַן אויפגעוואַכטן געפיל און וואָס — ווען זי שטאַרקט זיך — קען זי פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מעכטיקער קראַפט... עס האָט אים גע־וואָרגן די גוייִשע גלות־סביבה און פאַרביטערט האָט זי אים זיין לעבן; אין זיין האַרצן איז נישט געווען קיין טראָפּן פון גלויבן און ליבע צו זיינע שכנים — די אַלע וואָס זיינען אויף יענער זייט גרענעץ...

מיט פולשטענדיקן אומצוטרוי, מיט אַבסאָלוטער גלייכגילטיקייט האָט ער זיך באַצויגן אויך צו די „חסידי־אומות־העולם״, צו זייערע פריינט־שאַפטס־געפילן און שיינע רייד... אַפילו אין יענע גרויסע טעג, ווען זייער באַגייסטערונג פאַר אונדז האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פונקט און זיי זיינען געווען גרייט מקריב צו זיין זיך אום אונדז צו שיצן.

**
*

די באַדינגונגען פון אונדזער גלות־עקזיסטענץ, פון נישט פאַרמאָגן קיין אייגענעם כוח, האָבן נישט דערלאָזט, אַז די דאָזיקע שנאה זאָל זיך פאַרקערפּערן אין אַ וועלכן עס איז פּאָזיטיוון טאַט. דאָס באַוווסטזיין פון דער דאָזיקער אוממעכטיקייט האָט אים באַליידיקט און דערשלאָגן פאַר זיין אייגענעם געפיל פון שנאה צום גוי — האָט ער געזאָדן מיט גאַליקער אי־ראָניע, וועלכע ער פלעגט אויסגיסן אויף „זיי" — אויף די „גויים". ער האָט ליב געהאַט צו ריידן וועגן „זיי". זיין גאַנצן צאָרן פלעגט ער אויסליידיקן אויף זיי, און דערביי פלעגט זיך ביי אים אין די בליציקע אויגן אָנצינדן אַ מאָדנע־פרעמד פייערל... שאַרפע, גיפטיקע פיילן פלעגן פליען פון זיין מויל — די מגילת־האש פון גלות, וואָס דערציילט וועגן „זייערע" שיינע מלי־צות און ווילדע מעשים, וועגן זייערע „גוטע מידות" און „היוכן יושר"... ער פלעגט אַרויסברענגען חשבונות פון נאָר וואָס, פון נעכטן, פון אַלעמאָל... ווען ער פלעגט ריידן, פלעגט זיך דוכטן, אַז הינטער אים ציט זיך אַ לאַנ־גע ריי פון געשלאָגענע און געפייניקטע, וואָס אין זייער נאָמען — אין אַלעמענס — שטייט ער און טענהט...

**
*

„יענע טעג" — די טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע... אַלץ אַרום ברויזט און שטורעמט; און אין דעם רעש, איבער דעם חורבן, טראָגט זיך אַ געזאַנג פול מיט זיג־פרייד. דאָס געזאַנג מוטיקט די, וואָס האָבן חרוב געמאַכט דאָס אַלטע און רופט זיי צו בויען דאָס נייע, דאָס שיינע... דרינגט אַריין דאָס געזאַנג אויך אין געטאָ אַריין, דרינגט אַריין און ברענגט די וווּנדערבאַרע בשורה וועגן אַ נייער וועלט מיט אַ סך גליק אויך פאַר זיי — די שוואַכע פון געטאָ...

הערט ער זיך צו צו דער בשורה פון די זיסע חלומות, צו די קלאַנגען פון די נייע לידער — הערט זיך צו און פאַרקרימט די ליפּן אין אַ ביטערן שפּאָט... ניין, אַ שיינער און גליקלעכער גלות איז בכלל אוממעגלעך. ווען עס זאָל אפילו יאָ מעגלעך זיין — וויל ער דאָס נישט! בשום אופן! וואָס פאַר אַ לעבן איז עס צוזאַמען מיט „זיי"?

ער האָט זיי נישט געגלויבט, די פרעמדע — נישט זיי און נישט די לעגענדעס זייערע. און פּלוצים זעט ער אַלץ מיט זיינע אייגענע אויגן... גע־זיכטער פון מתים... מיט שרעק אויפגעריסענע אויגן... שרעק־ציטער... פּאָ־גראָמען.

עס זיינען געקומען אַנדערע טעג און פאַרשוווּנדן איז געוואָרן דער ביי־טערער געלעכטער...

שוואַרצע טעג און נעכט האָט דער דאָקטער י. ל. כהן פאַרבראַכט

צווישן די קרבנות פון די פּאָגראָמען. מיט אַ טויט־בלאַסן פּנים איז ער אַרומ־געגאַנגען צווישן די קראַנקן־בעטלעך. טיף אין די אויגן האָט ביי אים גע־פלאַקערט די אימה. ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט די פאַרצווייפלטע גע־שרייען, דעם קאַלטן טיק־טאַק פון די שיסערייען, דעם יאָמער פון די גע־טראָפענע...

עס איז געווען אַ שרעק אויף אים אַ קוק צו טאָן...

**

דאָס אומעט־געפיל באַצווינגט נישט קיין יונגע נשמות... ווי נאָר דער ערשטער זון־שטראַל האָט אַ שיין געגעבן זיינען אָפּגעווישט געוואָרן די יסו־רים־טרערן און פאַרגעסן זיינען געוואָרן די ווונדן. ער אָבער האָט יענע שוואַרצע טעג פון די פּאָגראָמען, אין 1905, אין רוסלאַנד, נישט פאַרגעסן. דאָס מאָל איז זיין שנאה צו „זיי" אַרויס פון אַלע ברעגן. דאָס מאָל האָט ער געגאָסן זיין צאָרן אויך אויפן קאָפּ פון זיינע עלנטע ברידער: ווי האָט ביי זיי דאָס געדולד נישט געפּלאַצט? ווי האָבן זיי מיט זיי — נאָך דעם אַלע־מען — שלום געמאַכט? ווי געדענקען זיי נישט יעדע רגע, וואָס עמלק האָט זיי געטאָן?!

ער האָט זיך אָנגעהויבן ציען צום לאַנד פון די אבות, פון די פאַרציי־טיקע קנאים — דאָס לאַנד וואָס זיין זכר אַליין האָט אים געהיילט די ווונדן פון זיין האַרץ, האָט אין אים אָנגעצונדן אַ נייעם גלויבן...

ער איז געקומען אַהערצו... אָבער דער גלות האָט אים נאָכגעיאָגט. ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו קומען צו זיך, איז ער קראַנק געוואָרן, און דאָקטוירים האָבן אים געהייסן פאָרן קיין אויסלאַנד היילן זיך.

אונטערוועגס — גראָד אין קישינעוו — האָט ער דערפילט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע, האָט ער געפאָדערט מען זאָל אים באַלד צוריקפירן קיין ארץ־ישראל. מען האָט אים אָבער נישט געפאָלגט, מען האָט אים גע־ב־אַכט קיין שווייץ און דאָ איז ער געשטאָרבן. געשטאָרבן — אין גלות. געבעטן האָט ער נאָר מען זאָל אים מקבר זיין אין דער שטאָט, וואָס פירט קיין ציון: אין באַזעל...

---

# מ. מ. אוסישקין

יאָ, ער רוט אין דער ניקגור־הייל אויפן הר־הצופים אין ירושלים, אָבער מיר קענען זיך נישט באַפרייען פון אַ געפיל, אַז ער גייט נאָך אַלץ אַרום צווישן אונדז — אַזוי בולט איז ער געווען, אַזוי לעבעדיק און שטענדיק אַק־טועל. אַט דוכט זיך אין דעם סאַמע איצטיקן מאָמענט, אַז באַלד קומט ער

אַריין אין דעם דאָזיקן זיצונגס־זאַל, וועט זיך אַוועקזעצן אויף זיין פּלאַץ, וועט נעמען דעם האַמער און וועט אַלץ ווייטער פירן — ווי זיין שטייגער איז.

ער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט פאָלקס־אינסטינקטן און ער פלעגט זיי געבן דעם סאַמע קרעפטיקסטן אויסדרוק. אַזאַ האָב איך אים — נאָך יינגלוויז — צום ערשטן מאָל געזען אין וואַרשע, אויפן צוזאַמענטרעף פון די רוסישע דעלעגאַטן צום צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס און דער דאָזיקער איינדרוק האָט מיך באַגלייט ביז צו יענעם טאָג, ווען עס איז מיר באַשערט געווען צו געבן אים, אויף דער זיצונג פון ענגן אַקציאָנס־קאָמיטעט, דאָס וואָרט פאַר זיין לעצטער רעדע.

יונגערהייט איז ער געווען אַ רייפער פּראַקטישער מענטש; אַלטערהייט האָט ער אין זיך געטראָגן יונגע שטורמישע כוחות. טייל פון אונדז האָבן נישט שטענדיק געקענט פאַרטראָגן זיין אייגנאַרטיקן, גראָדליניקן סטיל; אַלע האָבן מיר זיך אָבער שטענדיק גוט געפילט מיטן באַוווסטזיין, אַז צווישן אונדז געפינט זיך אַזאַ פעלז ווי אוסישקין.

ער האָט זוכה געווען צו זיין דער מבשר פון גאַנצע קאַפּיטלען אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם אין ארץ־ישראל. איך וועל אויסרעכענען דריי פון זיי.

ע ר ש ט ע ר ק אַ פּ י ט ל — מיר זיינען געווען „ציוני־ציון" — אַלטע און יונגע, צוערשט — ווייניקע, שפּעטער — גאָר אַ סך. מיר זיינען געווען באַגייסטערט פאַר ארץ־ישראל. און דאָ איז געקומען דער אוגאַנדע־פּראָיעקט, וואָס האָט אויף אַ געוויסער צייט אויסגעקרומט דעם גאַנג פון פּאָליטישן ציוניזם און דערפירט צו אַ קריזיס — איז אונדז נויטיק געווען אַן אַקטועלער קעגן־פּראָיעקט. דאָ איז דערשינען אוסישקין מיט זיין באַקאַנטער בראָשור „אונדזער פּראָגראַם": מיר האָבן באַקומען אַ פּראַקטישן ציוניסטישן פּראָגראַם: דורך אַלע וועגן אַריינצודרינגען קיין ארץ־ישראל, זאַמלען אין איר כוחות, שטאַרקן זיי און קומען צו הערצלס ציל. אוסישקין האָט אויך פאָרגעשלאָגן אויפצושטעלן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „בני־עקיבא", וואָס אירע מיטגלידער וועלן גיין קיין ארץ־ישראל ווי זעלנער, ווי פרייוויליקע. עס האָט זיך גערעדט וועגן לעבן אין געצעלטן, ווי בעדואינער, כדי צוצוגעוווינען זיך צו די באַדינגונגען פון ארץ־ישראל און פאַראַנקערן זיך אין איר.

צ ווי י ט ע ר ק אַ פּ י ט ל — פאַרן זיבעטן קאָנגרעס איז אויף אַ קאָנפערענץ פון די רוסישע „ציוני־ציון", אין ווילנע, געווילט געוואָרן אַ הויפּט־לייטונג פאַרן קאַמף קעגן אוגאַנדיזם און טעריטאָריאַליזם; עס זיינען געווילט געוואָרן — אוסישקין, טשלענאָוו און בערנשטיין־כהן. אויף אויסצופירן די דירעקטיוון פון דער לייטונג איז געווילט געוואָרן אַן אויספיר־קאָמיטעט. טראָץ מיין יונגן עלטער האָב איך זוכה געווען צו זיין אַ

מיטגליד פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט. געדענק איך, ווי אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן איז אָנגעקומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו — ווו אוסישקין האָט דאַן געוווינט — אַ גרויסער פּאָסט־פּאַקעט, און אינעווייניק — אַ שילער־העפט. צום העפט איז געווען בייגעלייגט אוסישקינס אַ קורצער באַפעל: „דעם דאָזיקן מאַנוסקריפּט האָב איך באַקומען פון אַ שול־לערער פון ארץ־ישראל. דרוקט אים אָפּ, עס איז אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון „ציוני־ציון". דער „גוטער מאַטעריאַל" איז געווען דער כתב־יד פון וויטקינס באַקאַנטן אויפרוף, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיטן רוף צו דער יידישער יוגנט: „איילט זיך און קומט, יידישע גיבורים! באַנייט די בילו"יים־טעג מיט מער קראַפט און מוט, ווייל נאָך אַביסל און מיר גייען פאַרלאָרן". מיט טיפער אויפרעגונג האָב איך, לויט דער אָנווייזונג פון קאָמיטעט אָפּגעטראָגן דאָס העפט צום דרוק...

ד ע ר   ד ר י ט ע ר   ק א פ י ט ל — קורץ פאַר דער קאָנפערענץ אין העלסינגפאָרס איז פאָרגעקומען די יערלעכע פאַרזאַמלונג פון חובבי־ציון אין אָדעס. עס איז מיר באַשערט געווען צו זיין אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג; צווישן אַנדערן האָט מען דאָרט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן קויפן אַ שטח ערד נעבן פתח־תקוה — דעם שטח פון דעם אַמאָליקן אַראַבישן דאָרף פעדזשאַ.

דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון דער צווייטער עליה. יידישע יוגנט האָט אָנגעהויבן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם דורך כיבוש העבודה און דורך דער עצם פאַרגרעסערונג פון דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. מען האָט די דאָזיקע יוגנט נישט פאַרשטאַנען (אויך איצט פאַרשטייט מען זי נאָך נישט גענוג). די, וואָס האָבן געדאַרפט ליב האָבן די דאָזיקע יוגנט, פאַרערן זי און געבן איר אַרבעט, האָבן זי נישט געוואָלט פאַרשטיין. מען האָט זיי, די יוגנטלעכע, גערופן „באָרוועסע", און זיי זיינען טאַקע באמת ארומגעגאַנגען אין די קאָלאָניעס — באָרוועסע, אַרבעטסלאָזע און נישט געדולדעטע.

איז אָט לטובת דער דאָזיקער יוגנט אָנגעקומען פון יפו, פון די חובבי־ציון־פאַרטרעטער, אַ פאָרשלאָג צו קויפן די ערד פון פעדזשאַ פאַר די אַרבעטער, וועלכע וועלן פון דער ערד האָבן אַ שטיצע אין טעג פון אַרבעטסלאָזיקייט. ווי געווינלעך, האָט דער פאָרשלאָג אַרויסגערופן שטורמישע דעבאַטן און דאַן האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרזיצער, אוסישקין, און אין קלאָרע ווערטער באַגרינדעט דעם פאָרשלאָג: „מיר מוזן איבערצייגן די קאָלאָניסטן, אַז די יידישע יוגנט, אַז דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל לעבט אויף דאָס לאַנד און דער בעסטער באַווייז פאַר זיי איז צו קויפן פאַר די אַרבעטער ערד נעבן פתח־תקוה". פעדזשאַ איז געקויפט געוואָרן, און אויף איר באָדן איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער ערשטער אַרבעטער־מושב

ע י ן ־ ג נ י ם: דער ערשטער טריט אויפֿן וועג צו דער קאָלאָניזאַציע אויפֿן גרונט פֿון יידישער אַרבעט און פֿון אַליין־אַרבעט.

אין „אונדזער פּראָגראַם" האָט אוסישקין אָנגעזאָגט די תקופה פֿון רעאַלער ציוניסטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער באַגריף איז דאַן געווען אַ קלאָרער און אַ דייטלעכער: באַלדיקע רעאַלע אַרבעט אין קעגנזאַץ צו אילוזאָריש־פּאָליטישער ציוניסטישער וואַרטונג.

מיטן פּאַרעפּנטלעכן וויטקינס אויפֿרוף האָט אוסישקין סטימולירט די צווייטע עליה; מיטן קויפֿן פּעדזשאַ (עין־גנים) האָט ער געעפֿנט די תקופה פֿון נאַציאָנאַלער אַרבעטס־קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל, אַזוי אַרום האָט ער אָנגעזאָגט און געלאָזט אין באַוועגונג דעצידירנדיקע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פֿון ציוניסטישער פּאַרווירקלעכונג.

אין הערצלס צייטן איז ער געווען אַ מיטגליד פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט און אַ ראַיאָן־באַפֿולמעכטיקטער (מורשה). פֿון זיין שטאָט, יעקאַטערינאָסלאַוו, איז אַרויס די תורה פֿון דער רוסישער ציוניסטישער אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע. דער באַגריף „אָרגאַניזאַציע" האָט זיך דאַן אידענטיפֿיצירט מיטן נאָמען אוסישקין.

ער איז שפּעטער געווען פֿאָרזיצער פֿון ועד־הצירים (די העכסטע ציוניסטישע אינסטאַנץ אין ארץ־ישראל איידער עס איז קיין א"י אַריבערגעפֿירט געוואָרן די ציוניסטישע עקזעקוטיווע); פּרעזידענט פֿון ציוניסטישע קאָנגרעסן; דער וויכטיקסטער טוער אויפֿן געביט פֿון פּראַקטישן ציוניזם. באַזונדערס הויך האָט ער געשעצט זיין פּרעזידענטשאַפֿט אין דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועלכן ער האָט באַטראַכט ווי איינע פֿון די הויפּט־באַזעס פֿאַר דער מלוכהשער אָרגאַניזירונג פֿון יידישן פֿאָלק.

---

## שמריהו לעווין — פֿריינט און לערער

מיטן טויט פֿון שמריהו לעווין האָט אויפֿגעהערט צו קלאַפּן אַ גרויס יידיש האַרץ; פֿאַרשטאָפּט איז געוואָרן אַ מעין המתגבר פֿון יידישער התלהבות; פֿאַרשוווּנדן איז געוואָרן אַ קלאַסישע פֿיגור פֿון דער תקופה פֿון יידישן רענעסאַנס.

אויפֿן תל־אביבער בית־הקברות — דער פּאַנטעאָן פֿון יידישן פֿאָלק — שטייען טייערע מצבות אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקריצט נעמען, וואָס ריידן און וועלן נאָך ריידן צום יידישן האַרץ. דאָ רוען זיי אַלע צוזאַמען: דער דענקער פֿון „על פרשת דרכים" — אחד־העם; דער מוכיח און מוסר־זאָגער צו די שונאים פֿון יידישן פֿאָלק — מאַקס נאָרדוי; דער פּלאַמיקער מאָלער פֿון אונדזער שפּלות און ירידה — דער קדוש י. ח. ברענער; דער יונג־דער־

מאָרדעטער יידישער שטאַטסמאַן — ה. ארלאָזאָראָוו; דער גייסטיקער ריז, דער פּאָעט־זעער — ח. נ. ביאַליק און איצט וועט צוקומען אַ נייע מצבה, וואָס וועט טראָגן אויף זיך אַ פּאַרצייטיקע אויפשריפט — אַלט אין קלאַנג און ניי אין אינהאַלט: „שמריהו לוין — מגיד־מישרים לעמו ישראל״.

ער פלעגט זיך גרויסן מיטן דאָזיקן אַלטן נאָמען. פאַר עטלעכע וואָכן, אין אַן אינטימען שמועס פון פאַראַנטוואָרטלעכע, הויכגעשטעלטע מענטשן, אין רחובות, האָט שמריהו לעווין דערציילט וועגן זיין מגידישער קאַריערע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין ווילנע, אויפן באַלעמער פון דער שול „טהרת הקודש״, און וואָס מיט איר כוח האָט ער געהאַלטן פלאַם־פייערדיקע רעדעס וועגן אונדזער גאולה־אַרבעט.

זיינע רעדעס און דרשות האָבן זיך אָנגעהויבן אין דער שול „טהרת הקודש״, און זיין גאַנצע פראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט איז טאַקע געווען על טהרת הקודש, ווייל זי איז געווען דורכגענומען מיט לויטערן אידעאַליזם און האָט געברענט מיט הייליקן פייער. עס איז נישט געווען קיין יידישער שבט, ביי וועלכן ער האָט נישט געשטעלט זיין שטענדער. אונדזער פאָלק איז גע־שפּאָלטן אויף אַ סך שפּראַכן, אָבער שמריהו לעווינס רעדעס, געהאַלטן אין דער שפּראַך פון זיין וואָרעם האַרץ, האָבן אַלע אומעטום פאַרשטאַנען. איך האָב אים געהערט רעדן פאַר אַ יידישער מאַסע אין וואַרשע, פאַר טויזנטער צוהערער אין פראָלעטאַרישן ווייטשעפּל, אויף אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אויפן הר־הצופים אין ירושלים, אויף אַ פאַרזאַמלונג אין תל־אביבער „בית־עם״, אין אַ סעמינאַר פון מפא״י אין נהלל, אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַסימי־לירטע יידן אין דער „בני־ברית״־געביידע אין בערלין... — פאַרשיידענע לענדער, פאַרשיידענע צוהערער — אָבער אומעטום די זעלבע באַגייסטערנ־דיקע דערציערישע השפעה.

אין צענדליקער שטעט פון אַמעריקע האָב איך זיך איבערצייגט, וואָס פאַר אַ גרויסן ווערט עס האָבן געהאַט שמריהו לעווינס רעדעס פאַר דער דערציאונג פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע. ער האָט אומעטום געזייט פונ־קען פון בענקשאַפט און גלוסט צו אַ באַניטן, שיינעם יידישן לעבן.

ער איז געווען אַ שרייבער און אַ טרוימער; געווען אַ תלמיד־חכם אין זין פון דער גוטער יידישער טראַדיציע; אַ מאַן פון אוניווערסאַלער הומאַניסטי־שער בילדונג; אַ מייסטער פון יידישן פאָלקלאָר און פון דעם בילדערישן, פקחותדיקן יידישן גלייכווערטל. דאָס אַלץ האָט זיך אַמאַלגאַמירט אין זיין פריידיקן הויכע קולטור, שיבת ציון, אינהאַלטסרייכע און לויטערע מענטש־לעכע יידישקייט. ער האָט פיינט געהאַט די גלות־אייגנשאַפטן, און דערביי איז ער געווען פאַרליבט אין זיין פאָלק. מיט לייב און לעבן האָט ער געגלויבט אין די יידישע מאַסן און אין זייער צוקונפטיקן רענעסאַנס. אומעטום איז ער געווען אַ בן־בית: אין סאַלאָן און אין בית־מדרש, צווישן געלערנטע און פּשוט־ טע מענטשן, און אויך צווישן גויים — צווישן חסידי־אומות־העולם, וועלכע

האָבן אים אַזוי הויך געשעצט; אָבער זיין גאַנצער טיפער ווען פלעגט זיך אַנטפּלעקן בלויז ווען ער פלעגט דערשיינען פאַר יידישע פאָלקס־מאַסן.

זיינע געדאַנקען און משלים פלעגט ער שעפּן פון די נביאישע אוצרות. דער בייזער נביא — דער מוכיח — איז אים כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן, ווי אַ לעבעדיקער. מיט באַזונדערער ליבע און גלויבן פלעגט ער נאָכפּאָלגן די חלוצישע יוגנט און די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל. ער האָט אין זיי געזען נישט נאָר די פאַרווירקלעכער פון ציוניזם, נאָר אויך די באַנברעכער פאַר אַ נייער געזעלשאַפט — אין גייסט פון נביאישן מאָראַל.

דורכגעזאַפּט מיט די אידעאַלן פון יידישער קולטור און טראַדיציע און אידעאַליזירנדיק די פרייהייט, האָט ער תכלית שנאה פיינט געהאַט דעם ברוטאַלן כוח פון פויסט — דעם כוח, וואָס האָט באַהערשט די וועלט און איז אויך אַריינגעדרונגען אין דער יידישער גאַס.

זיינע רייד זיינען אויך באַגלייט געוואָרן פון מעשים. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין שאַפן דעם נייעם טיפּ פון אַ העברעאישער שולע אין גלות באַלד נאָכן אַנטשטיין פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; ער האָט געפירט אונדזער אַגרעסיוון קאַמף אויף דער טריבונע פון דער רוסישער צאַרישער „דומע" (פּאַרלאַמענט); ער האָט זיך דירעקט באַטייליקט אין אויפשטעלן דעם חיפהער טעכניקום, איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דעם קאַמף קעגן דעם דייטשיידישן „הילפס־פאַריין" („עזרה") און האָט געהאָלפן אַריבערצופירן די נעץ פון די „עזרה"־שולן צום רשות פון ישוב. אַ דאַנק אים איז אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער לייטונג פון ריכטער לואי בראַנדייס, געפירט געוואָרן אין אַמעריקע די גרויסע הילפס־אַקציע, וועלכע האָט אָפּגעראַטעוועט דעם ישוב אין ארץ־ישראל פון מאַטעריעלן חורבן און פון פּאָליטישע געפאַרן. זייט 1911 איז ער געווען מיטגליד פון דער לייטונג פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע; נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער ווידער געווילט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע; ער איז אויך געשטאַנען בראש פון דער פּראָפּאַגאַנדע פאַרן קרן־היסוד. ער איז געווען איינער פון די נאָענטסטע פריינט פון חיים ווייצמאַן און האָט מיט באַגייסטערונג אונטערשטיצט זיין ציוניסטישע פּאָליטיק.

ער איז געווען אַ צענטראַלע פיגור אויף אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן, קאָנפערענצן און באַראַטונגען. זיינע פּלאָמיקע ווערטער פלעגן באַשיינען די דאַזיקע אַלע פאַרזאַמלונגען. ער האָט מיט זיין גאַנצער נשמה אונטערגעשטיצט ביאַליקס קולטור־ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער לייטונג, צוזאַמען מיט ד"ר א. האנטקע, ד"ר וו. יאַקאָבסאָן — אונטערן פאָרזיץ פון פּראָפעסאָר אָטאָ וואַרבורג, — האָט ער געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם פּרינציפּ פון רעאַלער אַרבעט אין ארץ־ישראל.

ער איז געווען אומדערמידלעך, האָט קיין רגע נישט גערוט; צו יעדער

צייט, ביי יעדן געזונט־צושטאַנד, איז ער אַרומגעפאָרן — אַ נע־ונד — פון לאַנד צו לאַנד, תמיד גרייט צו יעדער שליחות פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד. ער איז געווען אַ קרן־היסוד־דעלעגאַט — אַ גענעראַלער שליח פאַרן ארץ־ישראל־אויפבוי. זיינע ענטוזיאַסטישע רעדעס האָבן אויפגעבויט דעם קרן־היסוד, האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָפּולערע פאָלקס־אינסטיטוציע. זיין ענערגיע און זיין אַקטיוויטעט האָבן נישט ווייניק בייגעטראָגן צו דער פאַר־פעסטיקונג פון אונדזער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט אין לאַנד.

ער איז לאַנג געווען קראַנק, אָבער יעדע נייע שליחות האָט אים צוגע־נומען די וויטיקן און געקרעפטיקט די ענערגיע. אין די לעצטע צוויי יאָר פון זיין לעבן האָבן זיך די ליידן זיינע פאַרשטאַרקט און דאָך האָט אים זיין ברויזנדיקער גייסט געהאַלטן וואַך און עמפינדלעך לגבי אַלץ וואָס געשעט אין ציוניזם און אין דעם ארץ ישראל־אויפבוי.

...ווען מיר פלעגן אים הערן ריידן, פלעגט זיך אונדז דוכטן, אַז דאָס איז אַ סנה, וואָס ברענט מיטן פייער פון זיין האַרץ און וועט קיינמאָל נישט פאַר־ברענט ווערן...

און אָט איז געקומען די שוידערלעכע ידיעה: דער וועקער פון ישראל איז שטיל געוואָרן.

---

# דוד פלאָרענטין

(ביי זיין לוויה, דעם 5טן אויגוסט 1941).

עס איז אַוועק פון אונדז נאָך איינער פון די ערשטע — פון הערצלס תקופה. ווי יעדער איינער פון יענער צייט האָט אויך פלאָרענטין סימבאָלי־זירט אַ באַזונדער קאַפּיטל אין ציוניזם. ער איז געווען דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון ציוניזם און זיין פאַרטרעטער אין דעם ספרדישן יידנטום.

דער נאָמען „סאַלאָניקי" פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט אין אונדזער יידיש געפיל און באַוווסטזיין. די שטאָט איז אונדז טייער געווען, ווי אַ צענטער פון יידן און יידישקייט, ווי אַ קוואַל פון יידיש לעבן און יידישער אַרבעט, וואָס האָט אַריינגעשטריקט אַ בכבודיקן פאָדעם אין דעם יידישן גלות־געוועב. און די נעמען ס א ל אָ נ י ק י און ד ו ד  פ ל אָ ר ע נ ט י ן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין ציוניסטישן באַגריף.

ער איז געווען זייער אַ באַשיידענער, אָבער פון זיין באַשיידנקייט אַרויס האָט זיך בולט אַרויסגעטיילט זיין פערזענלעכקייט מיט איר חן, שיינע מאַ־ניערן און האַרציקער פריינטלעכקייט, און איבערהויפּט — מיט איר שטענ־דיקער גרייטקייט צו דינען דעם פאָלק. אָט אַזאַ האָב איך געזען, דעם דעלע־

גאַט פון אַטאַמאַנישן יידנטום — מיטן רויטן טאַרבוש אויפן קאָפּ — אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן נאָך דער װעלט־מלחמה, אין ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָנדאָן און אויף כלערליי יידישע קאָנפערענצן. דוד פלאָרענטין האָט סימבאָליזירט דעם אָרגאַנישן אַנטייל פון ספרדישן יידנטום אין די אָנשטרענגונגען פון דעם פאָלק פאַר אַליין־פאַרטיידיקונג און פאַר דורכברעכן אַ װעג צו גאולה.

עס מאַטערט אונדז דאָס פּראָבלעם פון מיזוג גלויות — פון צונויפשמעלצן די פאַרשיידענע יידישע שבטים אין איין נאַציאָנאַלער גאַנצקייט און עס פאָדערט זיך דערצו אַ גרויסע, פּערמאַנענטע נאַציאָנאַלע אָנשטרענגונג; עס פאָדערן זיך דערצו טרייע נאַציאָנאַלע פאַרמיטלער. און פלאָרענטין איז געװען איינער פון די דאָזיקע פאַרמיטלער. ער האָט זיך אויך באַמיט צו פאַרווישן די קעגנזאַצן צווישן די אַרבעטער און אַנדערע שיכטן אין ישוב און קודם כל אין זיין דירעקטער סביבה, צווישן די גריכישע עולים.

ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט שטאַרקן דעם חלוציזם צווישן דער יוגנט און עולים פון גריכנלאַנד. יעדע נייע קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג פון ספרדישע אַרבעטער האָט אים איבערגעפּולט מיט שמחה — אין דעם האָט ער געזען זיין לעבנס־אינהאַלט.

---

# אברהם טביב — דער פּאַסטוך פון זיין עדה

(אויף אַ זיצונג פון דער ערשטער כנסת, דעם 2טן מאַי, 1950).

עס איז געשטאָרבן אַ גוטער פריינט, אַ טיכטיקער מענטש, אַ פּאַסטוך און פירער פאַר זיין עדה — די תימנער עדה; ער איז געװען איינער פון די צענטראַלע געשטאַלטן צווישן די פּאַטערס פון ישוב, איינער פון די װאָס האָבן געפלאַסטערט דעם װעג צו דער מדינה, איינער װאָס האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם טרוים פון קיבוץ־גלויות.

דער װעג פון אברהם טביב — װי דער װעג פון אַנדערע שליחים און עסקנים פונעם תימנער שבט — איז געװען פול מיט שוועריקייטן און מיט אַ סך עגמת־נפש. עס איז אים שווער אָנגעקומען דער קאַמף מיטן מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס פון זיינע תימנער ברידער; עס איז אים נישט לייכט געװען, אַרויסצוברענגען זייער אינערלעך ליכט און זייערע טייערע גייסטיקע אייגנשאַפטן.

ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ קליינעם צימערל פון אַן עלנטן הילצערנעם באַראַק, הינטער דער שול אין ראשון־לציון. און זיין הויכע פּאָזיציע אין זיין עדה, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין ישוב און אין דער מדינה האָט ער

זיך דערוואָרבן דורך שווערער אַרבעט, ווי אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבע־טער און דורך איבערגעגעבענער טעטיקייט, ווי אַ שליח־ציבור. און ער האָט זוכה געווען ביים לעבן צו זען די פאַרווירקלעכונג פון זיין לעבנס־טרוים.

אברהם טביבס פאָטער — אַ בעל־מלאכה און אַ תלמיד־חכם, וואָס האָט מיט זיין גייסט און לערנען טיף באַאיינפלוסט זיינע זין — האָט איבערגע־לאָזן אַ וווּנדערבאַרן דאָקומענט וועגן דער געשיכטע פון דער עליה פון תימן: דער דאָקומענט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דרוק אונטערן נאָמען: „תחילת מצעדנו ותשוקתנו לעלות לארץ־ישראל". דער פאָטער האָט געשיל־דערט דעם אָנהויב פון דעם מצעד, (שפּרייז,) ווי אַזוי די דאָזיקע שבי־ציון זיינען דורכגעגאַנגען דעם וועג פון ליידן און איינשטעלענישן און נאָכן קומען קיין ארץ־ישראל זיינען זיי פאַרבליבן בלויז מיט „די קערפּערס און די ספר־תורהס".

דער פאָטער האָט געשילדערט דעם אָנהויב און דער זון, אברהם טביב, האָט ביים לעבן געזען דעם שלוס פון דעם גרויסן היסטאָרישן מצעד, דעם אָפּ־שלוס פון גלות־תימן — די גרויסע שעה, ווען זיינע תימנער ברידער זיינען מאַסנווייז געטראָגן געוואָרן קיין ארץ־ישראל.

אין איינעם פון זיינע בריוו קיין תימן שרייבט ער: „עס פּאַסט נישט, אַז אייערע ריינע הענט זאָלן זיך נישט באַטייליקן אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל צוזאַמען מיט אונדזערע ברידער וואָס קומען פון גאָר דער וועלט", און ער האָט זוכה געווען צו זען די דאָזיקע הענט דאָ אין לאַנד.

אברהם טביב איז געווען די פאַרקערפּערונג פונעם באַגריף „תורה ועבודה" — טראַדיציאָנעל־פרום און גלייכצייטיק איינגעקלאַמערט אין דעם פאַרגעשריטענעם נייעם לעבן. ער האָט אויך באַרייכערט אונדזער ליטעראַ־טור מיט צוויי האַרציקע ביכער: „גלות־תימן" און „שבי־תימן". זיין אָנדענק וועט פאַרבלייבן אין אונדזער געשיכטע.

---

# לואיס ד. בראַנדייס

(אויף דער 45סטער סעסיע פון הסתדרות־ראט).

מיר האָבן פון שטענדיק אָן טייער געהאַלטן די פּערזאָן פון לואי בראַנ־דייס. מיר האָבן אים רעספּעקטירט פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן אין דער־ציט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ דאַנק זיין טעטיקייט איז אונ־דזער ישוב געראַטעוועט געוואָרן פון דעגענערירונג און אונטערגאַנג. מיר האָבן אים הויך געשעצט פאַר זיין ראָל אין דער אַנטשיידנדער שעה, בעת מיר האָבן דערגרייכט די ערשטע רעאַל־פּאָליטישע פאַזע אין דעם קאַמף פאַר דער־

פֿאַרווירקלעכונג פֿון די ציוניסטישע צילן. פֿון אָפֿיציעלע ציוניסטישע קוועלן ווייסן מיר, וואָס פֿאַר אַ גרויסן אָנטייל בראַנדייס האָט גענומען אין דער אַקציע פֿאַר באַקומען די באַלפֿור־דעקלאַראַציע. מיר האָבן פֿאַרהערלעכט בראַנדייסן, וועלכער האָט מיט אַזויפֿיל מי, פֿאַרנעם און טאַלאַנט אָרגאַניזירט די יידישע מאַסן אין אַמעריקע פֿאַרן ציוניזם. מיר האָבן טיף געאַכט בראַנדייסן דעם פּראָגרעסיוון דענקער און הומאַניסט; באַזונדערס טייער איז ער אונדז געווען פֿאַר זיין אינטימער באַציאונג צו אַלץ וואָס עקזיסטירט און ווערט געשאַפֿן אין ארץ־ישראל. און ער איז אונדז טייער געווען ווי אַן אַריסטאָקראַטישע פֿיגור, ווי אַ פּוריטאַנישע געשטאַלט — טריי צו פּרינציפּן, קרישטאָל־ריין אין וואָרט און געדאַנק.

ביז 1920 — ביז דער ערשטער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער קאָנפֿערענץ פֿון נאָך דער מלחמה אין לאָנדאָן — די קאָנפֿערענץ פֿון פֿאַרן צוועלפֿטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָבן מיר געהאַט בראַנדייסן אין זיין פֿולער געשטאַלט. פֿון דאַן אָן אָבער האָט זיך אָנגעהויבן דער „בראַנדייסיזם“, עס איז צווישן אונדז אויסגעוואַקסן אַ וואַנט, און בראַנדייס האָט זיך פֿון אונדז אַלץ מער און מער דערווייטערט. מיר האָבן זיך דאַן נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז די לאָנדאָנער קאָנפֿערענץ וועט זיך פֿאַרענדיקן מיט אַן אינערלעכן קריג, מיט אַ שווערן געראַנגל צווישן לאַגערן און מענטשן אין ציוניזם. מיר האָבן דאַן געפֿאָדערט באַלדיקע קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט. איך בין געווען איינער פֿון די צוויי דעלעגאַטן פֿון ארץ־ישראל און ביידע האָבן מיר אונטערשטיצט דעם פּראָיעקט פֿון אַ פֿאָלקס־פֿאָנד פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל. איך האָב נישט אַרויפֿגעבראַכט אויפֿן געדאַנק, אַז אויך די גרינדונג פֿון קרן היסוד וועט פֿירן צו בראַנדייסעס באַזייטיקן זיך פֿון דער ציוניסטישער אַרבעט. וואָס אָן אמת, עס האָט זיך געפֿירט אַ גרויסע דיסקוסיע מיט בראַנדייסן, וועלכער האָט געבראַכט געוויסע פּראָיעקטן פֿאַרן א״י־אויפֿבוי. די מחברים פֿון די פּראָיעקטן זיינען געווען גרייט צו באַטייליקן זיך אין אַ גרויסער סיסטעמאַטישער טעטיקייט, אָבער דערביי האָבן זיי נעגירט גאָר וויכטיקע פֿאַקטאָרן אין דער לעבעדיקער און שפּרודלדיקער ווירקלעכקייט אין ציוניזם און אין ישוב. דאָס נישט־רעכענען זיך מיט די דאָזיקע פֿאַקטאָרן האָט נישט געוועקט קיין צוטרוי צו דער רעאַליטעט און צוועקמעסיקייט פֿון דער נייער אָרדענונג, וואָס בראַנדייס האָט געוואָלט איינפֿירן אין דער ציוניסטישער אַרבעט. ער האָט נישט אָנערקענט די נויטווענדיקייט פֿון אַ פֿאָלקס־פֿאָנד און האָט געמאַכט אַ כלומרשט טעאָרעטישע סעגרעגאַציע פֿון די פֿאַרשיידענע באַדערפֿענישן — אַזעלכע, וואָס דאַרפֿן געדעקט ווערן פֿון פֿאָלקס־שפּענדונגען, און אַזעלכע, וואָס וועלן באַפֿרידיקט ווערן אויף ריין־ווירטשאַפֿטלעכע — ריוח־ברענגענדיקע יסודות.

יאָ, עס איז געווען אַ גרויסער ויכוח מיט בראַנדייסן, אָבער אַזעלכע ויכוחים האָבן זיך געפֿירט זייט דער ציוניזם עקזיסטירט און עס איז נישט

געווען קיין מוז־זאַך אַז דער ויכוח מיט בראַנדייסן זאָל דווקא פירן צו אַזאַ מחלוקת, צו אַזאַ ריס. אַלנפאַלס האָבן מיר געדאַרפט אַרויסווייזן מער געדולד און טאָלעראַנץ.

דריי מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט בראַנדייסן. דאָס ערשטע מאָל, פאַר דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ, בעת זיין באַזוך אין לאַנד. מיר האָבן מיט אים געשמועסט אָפנהאַרציק און גוטמוטיק. מיר האָבן געוווּסט, אַז ער איז דער מאַן פון דער גרויסער הילפס־אַקציע פאַרן ישוב אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה און אַז ער איז דער מאַן פון דעם פּיטסבורגער פּראָגראַם (פון יאָר 1918). דער דאָזיקער פּראָגראַם פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן האָט גע־פאָדערט: די נאַציאָנאַליזירונג פון דער ערד און פון די נאַטור־אוצרות אין ארץ־ישראל; די פאַרשטאַרקונג פון קאָאָפּעראַציע אין אַגריקולטור, אינ־דוסטריע, האַנדל און פינאַנסן; פרייע דערציאונג; העברעאיש, ווי אַ נאַציאָנאַ־לע שפּראַך. מיר האָבן געגלויבט, אַז עס וועט אונדז געלונגען צו געפינען מיט בראַנדייסן — דעם מאַן פון „פּיטסבורג" — אַ געמיינזאַמע שפּראַך בנוגע אונדזער אַרבעטער־ווערק אין לאַנד. אָבער דע־האַז, בראַנדייסעס רעכטע האַנט, האָט שוין דאַן געמאַכט באַמערקונגען, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט דעם קומענדיקן ריס.

צום צווייטן מאָל האָבן מיר זיך באַגעגנט אויף דער לאָנדאָנער קאָנפע־רענץ, וועלכע איז געווען שלעכט אָרגאַניזירט און האָט פון אָנהויב אָן גע־שאַפן אַ שלעכטע שטימונג.

די דריטע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין יאָר 1934, אין זיין הויז אין וואַשינגטאָן, אין זיין באַרימטן ענגן אַרבעטס־צימער — דער ווינאַרט פון דער נאָבעלער פשטות — וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן גייסט און סטיל פון דעם איינוווינער.

איך האָב אים געפרעגט, פאַרוואָס דערלויבט ער זיינע מענטשן, זיינע שליחים, צו לאָזן הערן זאַכן, וועלכע זיינען אין קעגנזאַץ צו זיינע ברייטע הומאַניסטישע אַנשויאונגען. „וואָס קען איך מאַכן — האָט ער מיר געענט־פערט — איך בין שוין אַלט, איך האָב מיינע געוווינהייטן און איך האָב טרייע פריינט, אויף וועלכע איך פאַרלאָז זיך. איך קען נישט מער רעווידירן מיינע שטעלונגען, און איך מיש זיך נישט מער".

בראַנדייס איז געווען אַ הויפּט־ריכטער — אַ מעכטיקע שטעלונג מיט אַ גרויסער פּאָליטישער באַדייטונג פאַר אונדז. איך באַטראַכט אָבער ווי אַן אומגליק פאַרן ציוניזם דאָס, וואָס די דאָזיקע שטעלונג זיינע האָט אים גע־געבן די מעגלעכקייט צו פאַרשליסן זיך אין וואַשינגטאָן, נישט צו טרעפן זיך מיטן פאָלק. ווען ער גייט אַרויס צום פאָלק וואָלט זיין פּערזענלעכקייט — מיט איר גייסטיקן און פּאָליטישן וואָג — געקענט אויפהייבן דעם מאָראַלישן ניוואָ און פּאָליטישן כוח פון דער באַוועגונג.

אין יאָר 1918 האָב איך געשריבן וועגן בראַנדייסן: „די נייע פּערזענ־לעכקייט — לואי בראַנדייס — האָט נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַל־פור־דעקלאַראַציע געזאָגט: „דריי זאַכן זיינען אונדז איצט נויטיק — ג ע ל ט, מ ע נ ט ש ן א ו ן ד י ס צ י פּ ל י ן". דאָס איז ביז גאָר אַן איינפאַכע פאָרמולע. אָבער אין איר פּשטות און איר אמת איז זי קלאַסיש. אַ סך יאָרן זיינען פון דאַן פאַרלאָפן. ג ע ל ט האָבן מיר געקראָגן, אָבער ווייניק. און אויף וויפיל מיר האָבן עס געקראָגן — איז עס צו פאַרדאַנקען דעם קרן־היסוד און דעם קרן־קימת. בראַנדייסעס אידייען האָבן זיך נישט באַרעכטיקט. און וואָס די בראַנדייסיסטן האָבן יאָ אויפגעטאָן אין ארץ־ישראל — זייערע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפטלעך־קאָמערציעלע אונטערנעמונגען — האָט זיך שטענדיק געגויטיקט אין אַ זשירע מצד דעם קרן היסוד... אַ סך מענטשן זיי־נען צו אונדז צוגעקומען — הויפּטזאַכלעך פון די רייען פון דער יוגנט און פון החלוץ; פון פאַרמעגלעכע שיכטן און פון דער אינטעליגענץ — גאָר ווייי־ניק. און דיסציפּלין? — דיסציפּלין, וואָס פאַרפליכט דעם מנהיג, וואָס בינדט דעם יצר־הרע פון אינערלעכע קריגערייען, גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלין — אַזאַ האָבן מיר ביז היינט נישט. אָבער דער לאָזונג בראַנדיי־סעס בלייבט אַ לאָזונג, ער לעבט און פאַרפליכט און איז ווערט אויסגעקריצט צו ווערן אויף זיין מצבה — ווי אַ באַפעל צו דורות.

---

## אַרטור רופּין — דער באַשיידענער נדיב

אונדזער האַרץ איז פול מיט געפילן צום אָנדענק פון ד"ר א. רופּין און אַלע ווילן זיי קומען צום אויסדרוק. לאָמיר קודם כל זאָגן דעם עיקר: מיר האָבן אים ליב געהאַט; און נישט נאָר ווי אַ גרויסן בויער און פּירער, נאָר איבערהויפּט ווי אַ האַרציקן מענטש. אַלע האָבן מיר ליב דעם אָנדענק פון הערצלען — צו אַ סך פון אונדז איז אויך צוגעקומען דער עלעמענט פון ליבע צו רופּינען.

מיר האָבן אין לאַנד טאָלן און בערג; אין די טיפענישן פון די טאָלן זיי־נען נאָך טיפער געוואָרן די וואָרצלען פון דער יידישער שאַפונג און די בערג זיינען געוואָרן גבעות־חיים — לעבנס־בערג. מיר האָבן אָבער אויך אַ באַרג־שפּיץ: די מענטשלעכע נאָבילעטעט, וואָס הייסט: רופּין. אויף דעם דאָזיקן באַרגשפּיץ איז געווען ריינע, פרישע לופט און פון אים האָט געשטראָמט דער־פרישנדיקע און דערמוטיקנדיקע לייטזעליקייט צו די בערג און טאָלן. אין זיין מענטשלעכן וועזן איז רופּין געווען אַ הומאַניטאַריער; אין זיין יידישן וועזן איז ער געווען אַ גרויסער אוהב־ישראל; דערצו נאָך האָט ער ליב געהאַט

דעם יידישן חלוציזם. ווי אַ מענטשן־פריינט האָט ער טיף געגלויבט אין דעם זיג פון הומאַניזם אין דער וועלט און אויך אין דער מעגלעכקייט פון ברידער־לעכן צוזאַמענלעבן מיט אונדזערע שכנים אין לאַנד. זיין אהבת־ישראל האָט אים געפירט צו אַלע יידישע צענטערס אין דער וועלט, וווּ ער האָט שטודירט די יידישע לאַגע. ביז דעם לעצטן טאָג זיינעם איז ער געווען פאַרטאָן אין דער דאָזיקער שטודיע. ווי אַ פאַרליבטער אין חלוציזם פלעגט ער עמפינדלעך פ א ר נ ע מ ע ן יעדן אינערלעכן ציטער פון אָנהייבער, פון זוכער און פאַר־ווירקלעכער. ער פלעגט אויך וויסן, ווי אַזוי האַרציק צו דערנענטערן זיך צו ענטוזיאַסטישע — הגם ווייניק באַקאַנטע — יונגעלייט.

זיין עמפינדלעך צוהערן זיך האָט אַ סך אומבאַקאַנטע געהאָלפן אַרויס־צוגיין פון זייער אומבאַקאַנטקייט, אַנאָנימקייט, און ווערן פּראָמינענט אין פאָלק, ווי כושבי־עבודה, ווי באַנבערעכער, באַנייער, קאָלאָניזאַטאָרן.

די צווייטע עליה האָט דערהויבן דעם ציוניזם. רופּינס גייסטיקער ביי־טראַג האָט געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין דער דאָזיקער דערהויבונג.

ער האָט נישט אַגיטירט פאַרן ציוניזם. זיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונ־גען זיינען געווען געווידמעט טרוקענע באַריכטן און פּראָיעקטן. אין דעם באַ־ריכט פלעגט זיךריידן וועגן דאָס אָפּגעטוענע פון נעכטן, און אין דעם פּראָ־יעקט — וועגן דאָס, וואָס וועט געטאָן ווערן מאָרגן. אָבער פון ביידע האָט זיך געטראָגן די לעבעדיקע וויזיע פון אַלץ, וואָס עס פאַסירט פאַר אונדזערע אויגן. אַן אַלטע וויזיע: „די וואָס זייען מיט טרערן — וועלן שניידן מיט גע־זאַנג". ער האָט געגלויבט אין די בויער און זייער, ווייל ער האָט געוווסט, אַז נאָר דורך זיי וועט מען קומען צום שניט מיט געזאַנג.

ער איז צו אונדז געקומען אין נאָמען פון אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס. מען זאָגט, אַז אויפן אַכטן קאָנגרעס האָט דער פּראַקטישער ציוניזם באַזיגט דעם פּאָליטישן. אָבער דווקא רופּין — מיט זיין לעבנס־ווערק — האָט גע־מאַכט דעם ציוניזם פּאָליטיש. מיט זיין גרויסן ווערק ווי אַ קאָלאָניזאַטאָר און ווי אַ בויער פון דער געמישטער לאַנדווירטשאַפט; מיט זיין זאָרג פאַר דער גרינדונג און פאַרן אויפבוי פון תל־אביב, ווי אויך פאַרן אויפבוי פון דער יידישער חיפה און יידישער ירושלים; מיט זיין אינטערעסירן זיך מיטן אָנ־הייב פון מלאכה און אינדוסטריע — האָט רופּין געלייגט די יסודות און גע־שאַפן דעם ממשותדיקן אָנהאַלט פאַר אַ לעבעדיקן און רעאַלן פּאָליטישן ציו־ניזם. און אַלץ האָט ער געטאָן מיט אַזויפיל באַשיידנקייט, טאַקט און ברייט־האַרציקייט! עס איז געווען די גרויסצוגיקע קאָלאָניזאַציע פון דעם „הנדיב הידוע", און דערנאָך איז געקומען די תקופה פון א. רופּין, וואָס פאַרדינט אָנ־גערופן צו ווערן — די תקופה פון „הנדיב הצנוע" — אַלץ וואָס ער האָט גע־טאָן איז געווען מיט צניעות, אָן שררה, אָן פּאָמפּע און גרויסהאַלטעריי.

אַזאַ איז געווען רופּין, אַזאַ האָבן מיר אים געזען פון זיינע ערשטע טריט

אין לאַנד. אַזאַ האָבן מיר אים געקענט זינט זיין ערשטן רעפעראַט אויפן עלפטן קאָנגרעס און ביז צו זיינע לעצטע רעדעס אויף די יובילייִ־פייערונגען פון צוואַנציק יאָר נהלל און עין־חרוד און זעכציק יאָר ראשון־לציון. אַזאַ האָבן מיר אים געקענט אין זיינע פריוואַטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט די עלטסטע פון ישוב, און אַזאַ — אין זיינע פאַרהאַנדלונגען מיט די יונגע, וועלכע זייַ־נען געקומען פון גלות צו באַנייען דעם לעבן פון ישוב. אַזאַ — אין זיין חברן זיך מיט דיזענגאָפן, און אַזאַ — אין זיינע פערטראַקטאַציעס מיטן „נדיב הידוע", וועלכן ער האָט דערנענטערט צום ציוניזם און צום ישוב; אַזאַ — אין די טעג פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אַזאַ — ביי זיין געזעגענען זיך פון ישוב בעת דער גירוש־גזירה פון דזשעמאַל־פּאַשאַ, און שפּעטער — בעת זיין זיצן אין סטאַמבול און זאָרגן פון דאָרטן פאַרן ישוב אין ארץ־ישראל, און נאָך שפּעטער — אין די פרידנס־טעג נאָך דער וועלט־מלחמה. אַזאַ האָבן מיר אים געזען, ווען ער האָט זיך געגרייט צו די גרויסע טעג פון די פאַרהאַנדלונגען איבערן גורל פון יידישן פאָלק.

...און אָט איז געקומען די שלעכטע בשורה. אין סאַמע מיטן איז איי־בערגעריסן געוואָרן דער געדאַנק פון דעם גרעסטן ציוניסטישן פאַרווירקלע־כער. מיר האָבן אים געבראַכט קיין דגניה צו זיין אייביקער רו. גרויסע מאַסן זענען פון די בערג און טאָלן געקומען זאָגן „קדיש דתלמידין" אויפן קבר פון זייער רבין און וועגווייזער.

דער דענקער און שרייבער, דער גרויסער אַרכיטעקט און קאָלאָניזאַטאָר, האָט אונדז איבערגעלאָזן נאָך אַ ירושה: זיין לעבנס־געשיכטע, זיין לעבנס־שטייגער. און פון דער דאָזיקער געשיכטע וועט געשריבן ווערן דער „ספר־המידות" פאַר יידישער פירערשאַפט.

---

## צ. א. וואַן־פריזלאַנד

מיר האָבן אַ לאַנגע צייט געאַרבעט צוזאַמען אין דער ציוניסטישער לייַ־טונג און אין דער עקזעקוטיווו פון דער יידישער אַגענץ. נישט ווייניק רוגז איז געווען צווישן אונדז. יעדן טאָג פלעגן פאָרקומען צוזאַמענשטויסן צווישן די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, וואָס זיינען געווען באַאויפטראַגט צו זאָרגן פאַר די ציוניסטישע באַדערפעניש ן, און דעם מיטגליד, וואָס איז געווען באַאויפטראַגט צו באַוואַכן די ציוניסטישע מעגלעכקייטן — די קאַסע.

וואַן־פריזלאַנד האָט באַוואַכט די מעגלעכקייטן: ער איז גע־ווען דער לייטער פון דער פינאַנץ־אָפּטיילונג און דער קאַס־ר. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל פון ציוניסטישן קאַסיר אין האָט

געלייגט דעם יסוד פאַר דער מאַכט און די ליידן פון קאַסיר. דאָס טראַגישע געשטאַלט פון אַ ציוניסטישן קאַסיר האָט נאָך נישט געוווּנען די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט און אָפּשאַצונג. דער פּערמאַנענטער קאַמף מיט די גזברים, וואָס רופן זיך נישט אָפּ אויף די לעבנסוויכטיקע נויטן, האָבנדיק דאָס רעכט אָפּצוזאָגן, טעמפּט אָפּ די געפילן פון סימפּאַטיע צום מענטשן, וואָס איז אַזוי אָפּט געצוווּנגען צו זאָגן זיין מערדערלעכן „ניין".

קאַסירערס צייכענען זיך אויס מיט אַ ספּעציפישן כאַראַקטער, אַ ספּע־ציפישער פּסיכאָלאָגיע. צי קענען זיך אָבער פינאַנץ־מיניסטאָרן אין אַנדערע לענדער פאָרשטעלן די ליידן פון אַ גזבר אין דער ציוניסטישער מדינה־אונ־טערוועגס? ווייסן זיי פון אַזעלכע צוזאַמענשטויסן צווישן „הכנסה" און „הו־צאה" דאָס זיינען אייגנטלעך צוזאַמענשטויסן צווישן אָפּטימיזם און פּעסי־מיזם...

די ציוניסטישע באַדערפענישן — און די אַנטשפּרעכנדיקע פאָדערונגען פון דעם בודזשעט — שטראָמען פון דעם קוואַל פון גלויבן און אָפּטימיזם. און דער אָפּטימיזם איז אַ באַגרינדעטער: די ערד האָט זיך אונטערגעגעבן: די נאַטור איז איינגענומען געוואָרן און זי פאָלגט די בויער; און דער מענטש — דער יונגער חלוצישער עלעמענט — אַנטפּלעקט זיינע טאַלאַנטן און אי־ניציאַטיוו. און מען מוז בויען — רייסן זיך די כוחות, ווילן קיין מינוט נישט פאַרלירן, פאַרשטאַרקן זיי די פאָדערונגען. און טאָמער קומט אַ קריזיס — ווערט די פאָדערונג נאָך שאַרפער, צודרינגלעכער. אַזאַ איז דער וועג פון אָפּטימיזם.

און אַנטקעגן דעם — דער געמאַנטער, דער וואָס דאַרף דעקן די באַ־דערפענישן: ער איז שטענדיק פּעסימיסטיש געשטימט. די ציוניסטישע הכנסות זיינען שוין ווייט נישט אַזעלכע זיכערע: זיי זיינען אָפּהענגיק פון קאַפּריזן אין פאַרשיידענע טיילן פון פאָלק. און אויב אַזוי, איז ווער קען דען גאַראַנטירן די פאַרפּליכטונגען פון דעם פינאַנץ־לייטער? די אומזיכערקייט און אומרו באַגלייטן דעם ציוניסטישן גזבר יעדן טאָג, יעדע שעה: ווי אַזוי קען ער זיך דערלויבן אַרויסצוגיין פון די גרעניצן פון באַשטעטיקטן בוד־זשעט — ווען אפילו דער באַשטעטיקטער איז נישט זיכער?

וואַן־פריזלאַנד האָט געפירט די פינאַנץ־אָפּטיילונג אין אַ שווערער צייט. אין אַזאַ צייט פּרוכפּערן זיך, כידוע, כל מיני קריטיקער, עצות־געבער און „בעסער־ווייסער". כדי איינצושטילן די קריטיקער, האָט זיך וואַן־פריזלאַנד קעגנגעשטעלט אַלע פאָדערונגען, וואָס פאַסן זיך נישט אַריין אין בודזשעט. דער דראַנג פון די יונגע קאָנסטרוקטיווע כוחות איז אָבער געווען זייער שטאַרק, און וואַן־פריזלאַנד פלעגט זיך אָפּט געפינען אין אַ קאָמפּליצירטער סיטואַציע. ער איז אָבער אַרויס בשלום. עס האָבן אים געהאָלפן זיין גרונט־זעצלעכער ציוניזם, זיין מענטשלעכער וועזן און זיין געפיל פאַר הומאָר. אונ־

טער דער שאָלעכץ פון פינאַנץ־לייטונג האָט זיך געפונען דער מענטש פריז־לאַנד. דאָס פלעגן זען און פילן די „מאָנער" אַליין — און זיי האָבן אים הויך געשעצט.

ער האָט געהאַט אַ ווערטל: „די פילאָזאָפיע פון יידן אין ארץ־ישראל דריקט זיך אויס אין צוויי ווערטער — „און דאַך". יעדן טאָג, יעדע מינוט פלעגט ער הערן די דאָזיקע צוויי ווערטער. „דו טענהסט, אַז עס איז נישטאָ קיין בודזשעט, קיין מיטלען, קיין האָפענונג אַפילו — און „זיי" האַלטן זיך ביי זייערס: „און דאַך" — אַזוי פלעגט ער זיך קלאָגן; ריכטיקער: ווילצלען זיך. עס פלעגט זיך פילן, אַז טיף אין האַרצן האָט ער ליב דעם „און דאַך". אַ דאַנק דער דאָזיקער ליבע זיינען זיינע צייטן אויפגעקומען נייע אונטערנעמונגען און אינאָוואַציעס אין דעם אויפבוי פון לאַנד — אַזעלכע, וואָס די „קריטיקער" האָבן זיי גערופן „עקספּערימענטן", אָבער זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַ סך חן און קראַפט און האָבן געעפנט נייע האָריזאָנטן.

ער פלעגט ליב האָבן צו שמועסן וועגן די „און דאַך"־לייט. און דאַן פלעגט פאַרשווינדן דער גזבר און ס'פלעגט דערשיינען אַן איידעלע פּערזענ־לעכקייט, וואָס האָט געשטראַלט פון התלהבות און ציוניסטישן יושר. אין די דאָזיקע שמועסן האָב איך נישט געפילט קיין שום גייסטיקע קעגנזאַצן צווישן דעם „קאַלטן האַלענדער" און די פלאַם־פייערדיקע שליחים פון עמק. איך פלעג אַפילו צומאָל איבערראַשט ווערן פון זייער אידייאישער נאָענטקייט.

פון מיינע קאַמפן און צוזאַמענשטויסן מיט אים — קאַמפן צווישן דעם מאָנער און געמאָנטן — איז אין זכרון גאָרנישט געבליבן — געבליבן איז — וואַן־פריזלאַנד דער מענטש, דער ייד, דער ציוניסט.

---

# קאָלאָנעל פ. ה. קיש

אין געציילטע יאָרן זיינען פון אונדז אַוועק אַ סך פון די בעסטע כוחות פון פאָלק: שעפער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און געשטאַלטיקטע פון דער נייער יידישער געשיכטע. עס איז שווער צו שיידן זיך פון די אבות פון דער באַוועגונג; מען פילט זיך ווי פאַריתומטע. אָבער ווען דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז קיש איז אומגעקומען אויף אַ מינען־פעלד אין טוניס, איז דאָס האַרץ פאַרקלעמט און אויפגעציטערט געוואָרן, ווי אין דעם אָוונט, ווען ארלאָ־זאָראָוו איז דערמאָרדעט געוואָרן, און ווי אין דעם פרימאָרגן, ווען דוב האָז איז אומגעקומען. אין די דאָזיקע פאַלן האָבן מיר נישט באַוויינט די טרעגער פון טייערן עבר, נאָר די ווייניקע רעזערוו־כוחות פאַרן עתיד.

איך וועל ריידן נישט וועגן בריגאַדיר קיש, וועלכער איז געפאַלן אויפן

קריגס־פראָנט, נאָר וועגן קאָלאָנעל קיש, מיט וועלכן איך האָב געאַרבעט צוזאַמען גאַנצע ניין יאָר. די עפנטלעכע מיינונג פלעגט זייער קאַרגן אין אָפּשאַצן זיין פערזענלעכקייט. מען האָט אים נישט צוגערעכנט צו די מענטשן פון וויזיע, און מען האָט אים נישט געשענקט דעם טיטל פון אַ מ נ ה י ג. נאָר אויב ער האָט זיך נאָך דאַן נישט אַנטפּלעקט ווי דער מענטש פון וויזיע, האָט ער אָבער אַרויסגעוויזן אייגנשאַפטן פיל וויכטי־קערע און אַקטועלערע פאַר אונדזער דור. די וויזיע לעבט דאָך שוין סיי ווי. „אין דעם טאָג, ווען ס'איז חרוב געוואָרן דער בית־המקדש — איז משיח געבוירן געוואָרן", און אין דעם טאָג, ווען ס'איז געבוירן געוואָרן דער ציו־ניזם — איז געקומען די וויזיע. דער עיקר אָבער איז די פאַרווירקלעכונג פון דער וויזיע. און קאָלאָנעל קיש האָט פאַרמאָגט טאַלאַנט און ענערגיע פון אַ פאַרווירקלעכער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שנעלער אָריענ־טאַציע, מיט סימפּאַטישער אייגנשאַפט פון צופּאַסן זיך צו מענטשן און באַ־דינגונגען, און מיט האַרציקער פריינטלעכקייט.

דער ציוניסטישער געדאַנק האָט געצויגן זיין יניקה פון פאַרשיידענע קוואַלן, פון פאַרשיידענע פאָרמולירונגען. און דער ישוב אונדזערער באַ־שטייט פון פאַרשיידענע טיילן, פאַרשיידענע קאָלירן. באַמיען מיר זיך אויפ־צושטעלן איין גאַנצע אומה, אָבער די באַמיאונגען קומען צו אַ ווייטיקלעכן אויסדרוק אין פאַרשיידענע משונהדיקע קולטור־דיאַלעקטן. ביאַליקס פערז „ראיתיכם שוב בקוצר י ד כ ם" (איך האָב אייך ווידער געזען אין אייער אָפּהענטיקייט) קען מען פאַראַפראַזירן אויף „ראתיכם שוב בקוצר רוחכם" (איך האָב אייך ווידער געזען אין אייער א ו מ ג ע ד ו ל ד י ק י י ט). פון דער דאָזיקער אומגעדולדיקייט האָבן מער פון אַלעמען געליטן די וואָס האָבן זוכה געווען צו שטיין אין שפּיץ פון דער לייטונג.

און אָט איז אין שפּיץ געשטעלט געוואָרן אַ נייער מענטש. ער איז גע־בוירן געוואָרן אין אינדיע, דערצויגן געוואָרן אין ענגלאַנד, געלעבט אין אַ בריטישער מיליטערישער סביבה און אונטער אַ בריטישער אַדמיניסטראַציע. האָט מען זיך געשראָקן, טאָמער אין דעם מישמאַש פון אינטערעסן, באַ־גריפן, טענות, פאָדערונגען, אָפּשטאַמונגען, איניציאַטיוון... וועט זיך דער מענטש פילן צווישן אונדז ווי אַ גר. אָבער דער גר איז גלייך געוואָרן אַ תושב. קישס טאָג־בוך, וואָס איז אַן ענציקלאָפּעדיע פון געשעענישן און טאַטן אין אַ תקופה פון אינערלעכע קריזיסן און אויסערלעכע קאַטאַסטראָ־פעס — דער דאָזיקער טאָגבוך איז דער בעסטער באַווייז, ווי אַזוי קיש איז געוואָרן אַ בן־בית און האָט זיך איינגעבירגערט אין אַלע שיכטן און אין אַלע ענינים אונדזערע.

ער האָט זיך מיט אַ סך אימפּעט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. ער פלעגט זיך צו אַלץ אויפמערקזאַם צוהערן און פלעגט וויסן, ווי אַזוי צו שאַצן

יעדן שעפערישן טאַט און יעדן שעפערישן קרייז. ער איז געווען אַ שטאָלצער ייד און אַ שטאָלצער ציוניסט.

לאָמיר ברענגען אַ ציטאַט פון זיין טאָגבוך: „היינט האָט מיך באַזוכט רוטענבערג. מיר האָבן זיך צעשמועסט און ס׳איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז עס טיילן אונדז ערנסטע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן: ער האַלט, אַז דאָס ציוניסטישע ווערק דאַרף זיך אונטערוואַרפן דעם רוטענבערג־פּראָיעקט. און איך טויש די יוצרות און מיין פּונקט פאַרקערט. אַ טיפער אָפּגרונט ליגט צווישן אונדזערע אנשויאונגען און עס לאָזט זיך נישט לייגן קיין בריק איבער אים. דאָס מינערט אָבער נישט מיין הויכע אָפּשאַצונג וועגן אים, פאַר זיין קאָלאָסאַלער ענערגיע און זיין אייזערנעם באַשלוס צו פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער. עס וועט נישט שאַטן, אויב מיר וועלן האָבן אַ סך אַזעלכע ווי ער״... יאָ, דער גר האָט זיך גוט איינגעבירגערט...

און אָט איז נאָך אַ ציטאַט: „איך האָב זיך אין חיפה געטראָפן מיט בערטאָלד פייוועל*). עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק ארץ־ישראל מאַכט אויף אַ מענטשן, וואָס האָט געווידמעט דעם ציוניזם דרייסיק יאָר פון זיין לעבן. ער איז געווען טיף גערירט. אַזוי ווי ביי מיר, ווען איך בין אַהער געקומען דאָס ערשטע מאָל, אַזוי איז אויך ביי אים די הויפּט־עמפּינדונג, אַז ער איז דאָ „אין דער היים״ מער ווי ערגעץ־ווו אין דער וועלט״.

טייל האָבן געוואָלט דערקלערן קישס אייגנשאַפטן מיט דער ספּעציפישער דערציאונג, וועלכע עס באַקומען די מענטשן פון דעם בריטישן „סיוויל סערוויס״: זיי דאַרפן זיך צופּאַסן צו פאַרשיידענע „קלימאַטן״ אין דער נאַטור, אין מענטשן און אין באַדינגונגען פון דער גרויסער בריטישער אימפּעריע. ביי קישן פלעגן זיך טאַקע אַרויסווייזן געוויסע אייגנשאַפטן פון דער דאָזיקער דערציאונג, אָבער אין דער דאָזיקער שאָלעכץ האָט אויך געברויזט אַ יידיש־ציוניסטישער אינהאַלט...

אין שווערע טעג האָבן זיך ביטערע מענטשן אָנגעכאַפּט אָן דעם דאָזיקן „נוסח אנגליה״ אין זייער קריטיק קעגן קישן, ווי דעם פּאָליטישן לייטער אונדזערן. אויף דער דאָזיקער קריטיק גיט קישס טאָגבוך אַן ערלעכן, אָפּנהאַרציקן ענטפער. לייענענדיק זיין טאָגבוך איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַ מער ציוניסטישן צוגאַנג צו אונדזערע ענינים, אַ מער לאָיאַלע און שטאָלצע אויפפאַסונג פון אונדזערע אינטערעסן, און מער דערפאָלגרייכע רעאַלע דערגרייכונגען.

יעדעס לאַנד האָט געגעבן אַ באַזונדערן בייטראַג צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם: ווער — באַנבערעכער; ווער — מאַסן־עליה, און ווער — אויסדערוויילטע פּערזענלעכקייטן. דאָס ענגלישע יידנטום האָט אונדז גע־

*) איינער פון די ציוניסטישע פירער אין דייטשלאַנד; דירעקטאָר פון קרן־היסוד.

גענן פערזענלעכקייטן. דער וויכטיקסטער איז געווען משה מאָנטעפיאָרע, וועלכער האָט געעפנט דעם וועג פאַרן צוריקקאָיפּבוי פון ארץ־ישראל. מאָנ־טעפיאָרעס פּראַכט האָט באַשטראַלט די איידעלע נשמה פון דעם ציוניס־טישן ראָמאַנטיקער הערבערט בענטוויטש. ערב דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז ער געווען אַריינגעטאָן אין אָרגאַניזירן אַן עקסקורסיע קיין ארץ־ישראל; ער האָט אין דעם דאָזיקן „עולה־רגל״־זיין געזען אַ באַשייני־פּערלעכע הקדמה צו דער דירעקטער באַטייליקונג פון ענגלישן יידנטום אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. פון ענגלאַנד איז צו אונדז געקומען — הערבערט סעמיועל, דער ערשטער נציב. פ. ה. קיש האָט מיט זיך פאַרגע־שטעלט נאָך איינעם, אַ פיינעם צושטייער פונעם ענגלישן יידנטום פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. ניין יאָר האָט קיש געדינט דעם פאָלק. און ווען ס׳איז געקומען די צייט האָט ער אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ און געעפנט דעם וועג פאַר אַנדערע. און געטאָן האָט ער דאָס אין זייער אַ שיינער פאָרם — אַ פאָרם, וואָס איז גאַנץ זעלטן אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אויך ווען ער איז געווען ווייט פון אַקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט איז ער גרייט געווען יעדע מינוט, אויפן ערשטן רוף, צו קומען צום פאָלקס־דינסט. ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די מלחמה מיטן גרעסטן פיינט פון אונ־דזער פאָלק און פון דער מענטשהייט, האָט ער וואָלונטירט און איז געגאַנ־גען באַזייטיקן מינעס און ריינקן דעם וועג פאַר דער זיגרייכער, באַפרייענ־דיקער אַרמיי.

איך האָב געקוקט אויף אַ בילד: די באַפרייטע טריפּאָלי; דער פּלאַץ ביי דער אָפּגעראַטעוועטער יידישער שול, און אויפן פּלאַץ נעמט אויף ברי־גאַדיר קיש — מיט אַ האַרציקן שמייכל — אַ פּאַראַד פון יידישע זעלנער. איך האָב געקוקט אויפן הויפּט־אינזשיניער קיש און געטראַכט: ער וועט נאָך אונדז נויטיק זיין אויף אָפּצורייניקן די מינעס פון אונדזער פאַרווירק־לעכונגס־וועג! איך האָב געטראַכט: מיט דעם דאָזיקן האַרציקן, פריינטלעכן, גוטמוטיקן שמייכל, וועט ער זיך — צוזאַמען מיט די יידישע זעלנער — צוריקקערן צום בויען דאָס לאַנד, בויען דעם ציוניזם, דעראָבערן פאַר אונדז סימפּאַטיע אין דער וועלט און דעראָבערן אָנשטענדיקע באַציאונגען צווישן אונדז און ענגלאַנד; ער וועט נאָך — האָב איך געטראַכט — שפּילן אַ ראָל!

אָבער דער וואָס האָט געזאָלט זיין דער אינזשיניער פון אונדזער מחנה פון בויער און דעראָבערער, איז געפאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער פון טו־ניס. קלעמט דאָס האַרץ אויף דער אבידה, וואָס אונדזער צוקונפט האָט געליטן.

---

# צום אַרויפברענגען הערצלס ביינער

(אויף אַ ספּעציעלער זיצונג פון דער ערשטער
כנסת, דעם 16טן אויגוסט 1949).

מיר האָבן איבערגעריסן די אַרבעט פון דער כנסת און איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע זיצונג לכבוד דעם גרויסן געשעעניש אין דער געשיכטע פון אונדזער לאַנד — דאָס אַרויפברענגען די ביינער פון בנימין זאב (טעאָדאָר) הערצל פון דער גלות־ערד צו זיין אייביקער רו אין דער פּאַטערלאַנד־ערד.

אין עטלעכע שעה אַרום וועלן זיינע ביינער קומען אַהער — קיין ירו־שלים, אונדזער אייביקע הויפּטשטאָט.

הערצל וועט געבראַכט ווערן צו דעם דאָזיקן הויז אין זיין אָרון, אין וועלכן ער האָט 45 יאָר גערוט אויפן דעבלינער בית־הקברות אין ווין — די שטאָט אין וועלכער ער איז נתגלה געוואָרן צו זיין פאָלק. מיר וועלן אים אָבער אויפנעמען ווי אַ לעבעדיקן, ווייל ער לעבט אין די הערצן פון אונדז אַלע־מען, אין אונדזערע טרוימען און אַלע שימערירונגען פון אונדזערע האָפע־נונגען, וואָס ווערן איצט פאַרווירקלעכט יעדן טאָג, יעדע שעה — אַ דאַנק אונדזערע באַמיאונגען און אונדזער מקריב זיין זיך.

מיר, די אויסדערוויילטע פון דער מדינה, וועלן דאָ אויפנעמען דעם שעפער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — דעם אָנזאָגער און פּראָקלאַ־מירער פון דער צוקונפטיקער מדינה, דעם וואָס האָט אינספּירירט און סטי־מולירט דעם קאָלעקטיוון ווילן פון פאָלק צו פאַרווירקלעכן א י ן א ו נ־ד ז ע ר ע ט ע ג די אידיי, וועלכע איז נישט מער ווי „די אַלטע אידיי" — לויט זיין דעפיניציע אין זיין „יודנשטאַט".

הערצל איז פון אונדז אַרויסגעריסן געוואָרן אין זיינע בעסטע יאָרן. ער איז נסתלק געוואָרן, אָבער זיין לעבנס־ליד איז נישט איבערגעריסן גע־וואָרן; פאַרקערט — עס האָט זיך געשטאַרקט און איז געוואָרן דער הימן פון דעם פון דאָס ניי אויפגעוואַכטן לעבן אין דעם לאַנד פון די אבות.

זיינע לעצטע ווערטער צום פאָלק — אויפן זעקסטן ציוניסטישן קאָנ־גרעס — האָט הערצל פאַרענדיקט מיט דער דורות־אַלטער טריישאַפט־שבועה: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני".

מאָרגן וועט ירושלים אַריינעמען הערצלען אין שויס פון איר ערד. פון אירע בערג און בערגלעך וועט ירושלים אַרויסשאַלן איר ענטפער אויף דער שבועה: „איך וועל דיך געדענקען, זון, טרייסטער פון דער אומה; איך וועל דיך געדענקען כל זמן עס וועט זיין אַ יידיש פאָלק — כל זמן עס וועט שטיין ירושלים, די אייביקע הויפּטשטאָט פונעם יידישן פאָלק".

אויף אַ הויכן באַרג אין ירושלים וועט הערצל רוען, און אויף זיין קבר וועט דאָס פאָלק אויפשטעלן אַ מצבה, צו וועלכער עס וועט זיך ציען יע־

דעם יידיש האַרץ און יעדעס אויג, וואָס קוקט צו די ווייטקייטן פון דער צוקונפט.

און איבער דעם דענקמאָל וועט שוועבן הערצלס געשטאַלט — אין איר פאַרשווונדענער פיזישער פראַכט און איר אייביקער מאָראַלישער שיינקייט — און וועט באַשטראַלן און אינספּירירן:

— די יידישע יוגנט, וועלכער ער האָט געזאָגט: „מיר דאַרפן אייך האָבן — טאָ קרעפטיקט אייער גייסט און אויך אייערע מוסקולן; זייט שטאַרק און שלאַנק; לערנט מיט פלייס און באַגייסטערונג — מיר דאַרפן אייערע כוחות און אייער וויסן״.

— די פאָלקס־עליה, וועלכע וועט, לויט זיינע ווערטער, זיין „פאַר־בונדן מיט אַ סך שטאַרקע און טיפע גייסטיקע דערשיטערונגען״.

— דאָס לעבן אין דער מדינה, לויט זיין צוואה צום פאָלק ישראל: „בויט די מדינת־ישראל אַזוי, אַז דער פרעמדער צווישן אייך זאָל צופרידן זיין״.

פון הערצלס קבר אַרויס וועט שטענדיק רופן די צוואה זיינע צום פאָלק. אַרום זיין קבר וועט, אין דער לענג און ברייט פון לאַנד, בליען אַ ניי לעבן, וואָס דאַרף זיין, לויט הערצלס ווערטער: „ריין ווי ריין עס איז די יידישע פאָן״. און דאָס דאָזיקע לעבן וועט באַשיינען הערצלס מקום מנוחה.

צוזאַמען מיט דער עליה פון יידישע מאַסן האָבן מיר אַרויפגעבראַכט הערצלען צו זיין לאַנד, צו זיין מדינה. און על דעת המדינה, על דעת אַלע צעשפּרייטע פון אונדזער פאָלק און על דעת די מיליאָנען פון הרוגי מלכות הרשעה, וואָס האָבן געהאָפט און געוואַרט און נישט זוכה געווען עולה זיין צו זייער לאַנד, נעמען מיר אַריין הערצלען — דעם נביא פון יידישער פריי־הייט — אין דער עדה פון גדולים און קדושים, וואָס האָבן געבויט און בויען ווייטער דעם נצח ישראל.

הערצל חי וקיים — חי וקיים!
כל עוד בלבב פנימה
נפש יהודי הומיה.

---

# חיים גרינבערג

אין אונדזער גרופּע, וואָס האָט געציילט מענטשן ווי יוסף וויטקין, א. ד. גאָרדאָן, יוסף אַראָנאָוויטש און יוסף בוסעל, זיינען — אויסער אליעזר קאַפּלאַן — געווען נאָך צוויי, וואָס זיינען נתגלה געוואָרן אין דער פרעמד — אין גלות. די צוויי זיינען געווען פאַרשיידן אין עלטער, אין גייסטיקע

אייגנשאַפטן, אין דעם גאַנג פון זייער לעבן און אין זייער ראָל אין אונ־דזער לעבן: חיים גרינבערג און חיים ארלאָזאָראָוו.

זיי זיינען געווען פאַרשיידן, און דאָך האָט זיי עפּעס אַזוינס געאייניקט אין זייער גייסט, אין זייער וועזן. אין אונדזערע געפילן, זכרונות און עמפּפינדונגען שטעלן זיי זיך אונדז פאָר ווי אַ ווערטפולע עטרה אויף דעם טלית, וואָס אונדזער באַוועגונג האָט אויסגעשפּרייט איבער אונדזער לעבן. ביידע זיינען זיי געווען דיכטער און טרוימער, און טיף אין האַרצן האָבן ביידע געבענקט נאָך עפּעס אַ נייער ווירקלעכקייט. איינער צום צווייטן זיינען זיי זייער ענלעך געווען מיט זייער קולטור און גייסטיקער אַריסטאָקראַטישקייט — זיי האָבן נאָר אויף פאַרשיידענע אופנים זייערע גייסטיקע אוצרות צום אויסדרוק געבראַכט.

חיים אַרלאָזאָראָוו האָט אָנגעהערט צו דער דריטער עליה, אָבער לויט זיין מהות און אין גרונט גענומען איז ער שייך געווען צו דער צווייטער עליה. ער האָט אין זיך געטראָגן דעם שאַפונגס־דראַנג פון אונדזערע בראשית־לייט, און, אַסימילירנדיק זיך אין דעם ווערק און אין דער דינאַמישער ווירקלעכקייט, איז ער געוואָקסן און געשטיגן ביז ער איז געוואָרן דער שליח און וואָרט־זאָגער פון דעם פאָלק, וואָס באַנייט זיך און באַנייט זיין לעבנס־וועג.

חיים גרינבערג, לויט זיין וועזן און לויט זיין אויפפאַסן פּראָבלעמען פון ציוניזם און פון יידישן רענעסאַנס, איז באַלד פון אָנהויב פאַררעכנט געוואָרן — מיט רעכט — אַלס איינער פון דער צווייטער עליה; מער נישט, ער איז געווען אַ מאַן פון דער צווייטער עליה, וואָס איז נאָך נישט עולה געווען.

חיים גרינבערג האָט זיין גאַנץ לעבן דורכגעמאַכט אינערהאַלב אונדזער ווירקלעכקייט, אָבער ער איז אין איר אַרומגעגאַנגען ווי אַ „תועה בדרכי החיים".*) וואָס אָן אמת, די דאָזיקע בלאָנדזשעניש איז געבענטשט געוואָרן מיט וויכטיקע איבערלעבונגען און מיט זאַמלען רייכע גייסטיקע אוצרות.

ווי אַ מאַן פון דער צווייטער עליה, וואָס האָט געדאַרפט עולה זיין, האָט ער די עליה מקיים געווען אין גלות... ארץ־ישראל און גלות צוזאַמען. אין זיינע פאַרבינדונגען מיטן גלות און גלייכצייטיק גייסטיקע פאַרבינדונגען מיט דער צווייטער עליה, האָט זיך אַמאַלגאַמירט עפּעס אַזוינס פון דעם גייסטיקן אידייאישן געראַנגל פון אַ פריערדיקער עפּאָכע, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף פון די צוויי שטרעמונגען: „ביל"ו" און „עם עולם";

*) אַן אַלוזיע צו פּרץ סמאָלענסקיס „התועה בדרכי החיים (דער בלאָנדזשענדיקער אין די לעבנסוועגן).

דער קוואַל פוןביידע שטרעמונגען איז דאָך געווען איינער און דער זעלבער: בענקעניש נאָך אַ נייער יידיש־מענטשלעכער ווירקלעכקייט.

זיין לעבן איז געווען רייך אין טעטיקייט און באַוועגונג, און ענדערונגען, אין באַגעגענישן מיט מענער און פרויען. ער האָט אַ סך דורכגעלעבט, און אין זיינע איבערלעבונגען זיינען געווען פאַרשיידענע צופעליקע פאַרקומענישן — פּאַסירונגען פון אַ טרוימער און אַ דיכטער, וואָס בלאָנדזשעט אין די וועגן פון לעבן.

אָבסערווירנדיק חיים גרינבערגן פון דער נאָענט און פון דער וייטנס — פון מיין באַקענען זיך מיט אים אין קישינעוו און ביז צו זיין לעצטן באַזוך אין לאַנד — שטעלט זיך מיר פאָר זיין לעבן ווי אַ ברייט־צעשפּרייטער ראָמאַן — אָן אַ קלאָרן אָנהויב און אָן אַן עפּילאָג, וואָס זאָל רעזומירן דאָס לעבן פון דעם העלד און זיין ציל און צוועק אין לעבן.

אַ פּאַטום פון „פראַגמענטאַרישקייט״ שוועבט איבער דעם דאָזיקן ראָמאַן... אָבער ווי גרויס אין צאָל און רייך אין אינספּיראַציע זיינען זיי געווען די דאָזיקע „פראַגמענטן״!

אָט איז ער צוזאַמען מיט אונדז ביים אָנהויב פון דער באַוועגונג אין קישיניעוו, אין בעסאַראַביע; און אָט שטייגט ער און ווערט טעטיק לענגאויס דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד; אָט דערשיינט ער ווי אַ פּראַכטפולער רעדנער און קאָמענטאַטאָר פון נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע פּראָבלעמען, ווי אויך פּראָבלעמען פון יידישער און אַלגעמיינער קולטור. דערנאָך — ווידער מיט אונדז — אין בערלין, נאָך דער פּראַגער קאָנפערענץ.

נאָך בערלין קומט אַמעריקע. דאָ שטעלט ער זיך אין שפּיץ פון אונדזער באַוועגונג און ווערט באַקאַנט אַלס ווערטפולער שרייבער און זשורנאַליסט. און צום סוף: אין דער פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אַריינגעטאָן אין פּאָליטישן קאַמף און אין דער קולטור־טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

און אין דעם אַלעמען — מאָדנע און איבערראַשנדיקע „פראַגמענטאַרישקייט״; שטענדיקע באַרירונג מיט דער ווירקלעכקייט און מיט פּראַקטישע טאַטן, און דאָך — אַ מין שטענדיקער אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט...

חיים גרינבערג פלעגט, ווי באַקאַנט, לייכט פאַרכאַפּט ווערן פון אידייען, סיטואַציעס און פּערזאָנען. ער האָט אין זיך געהאַט עפּעס פון טאָלסטאָישן נישט־קעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס, אָבער אַלעמאָל פלעגט זיך עס ענדיקן מיט אַ מרידה — מיט אַ מין טאָלסטאָישן אַנטלויפן פון זיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ.

איך דערמאָן זיך אין אַן עפּיזאָד, כמעט אַן אַנעקדאָט:

מיר זיינען אין „צעירי ציון" געווען פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פאַר דער באַוועגונג, וואָס האָט אַזויפיל בייגעשטייערט צו דער אויסבילדונג פון דער תקופה פון דער צווייטער עליה. איך און חיים גרינ־בערג זיינען באַאויפטראַגט געוואָרן צו פאָרמולירן און אויסשלייפן דעם פּראָגראַם. זיינען מיר געזעסן דריי טעג און דריי נעכט נאָכאַנאַנד, ווי גע־פאַנגענע, און האָבן געטאָן אונדזער אַרבעט. נאָך אַ סך מאַטערנישן זיינען מיר צוגעקומען צום פּאַראַגראַף 13 פון „פּראָגראַם־פּראָיעקט", און דאָ האָט זיך חיים גרינבערג, דער גוואַלדיקער רויכערער, פּלוצים געכאַפּט, אַז ער האָט נישט קיין פּאַפּיראָסן. זאָגט ער מיר, אַז ער גייט אַרויס אויף אַ פּאָר מינוטן קויפן פּאַפּיראָסן. איז ער אַרויסגעגאַנגען אויף אַ פּאָר מינוטן און איז נישט צוריקגעקומען... אויפן וועג צו אַ נאָענטער קראָם האָט ער גע־טראָפן אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט אים פאָרגעשלאָגן צו פאָרן מיט אים קיין קאַלאַראַש, ביי קישינעוו — איז ער געפאָרן און האָט זיך נישט צוריקגע־קערט. אַזוי בין איך געבליבן שטעקן אין דעם דרייצנטן פּאַראַגראַף פון דעם „פּראָגראַם־פּראָיעקט". מיר האָבן זיך שפּעטער — נאָך חדשים צי יאָרן — געטראָפן, אָבער שוין אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען און סיטואַציעס.

דער דאָזיקער שטריך פון נישט פאָרויסגערעכנטן אָבער אָרגאַניש־נאַ־טירלעכן אַנטלויפן איז געלעגן אין דעם סאַמע מהות זיינעם און דאָס פּלעגט זיך אָפט איבערחזרן אין זיין לעבן אין פאַרשיידענע משונהדיקע פּאַסי־רונגען.

דער מענטש איז געווען באַליבט און פאַרהערלעכט; אין באַציאונגען מיט מענטשן פּלעגט ער אַרויסווייזן אַ סך איידלקייט, גוטהאַרציקייט און גרייטקייט צו טאָן אַ טובה. עס איז אָבער אַן איבערראַשנדיקער פאַקט, אַז אין זיינע באַציאונגען מיט מענטשן פּלעגט זיך קיינמאָל נישט פילן קיין דויערהאַפטע צוגעבונדנקייט.

חיים גרינבערג האָט געלעבט זיין אייגן לעבן און פּלעגט פון מאָל צו מאָל אַנטלויפן צו זיך אַליין. ער איז געווען רייך אין אידייען און געדאַנ־קען און שטענדיק ווייט פון אַ פעסטער מיינונג. וואַקלענישן און ספקות פּלעגן שוועבן איבער זיינע טיפע געדאַנקען, וועלכע ער האָט אונדז איבער־געלאָזן בירושה.

איך האָב געזאָגט, אַז גרינבערגס לעבן זעט מיר אויס ווי אַ ראָמאַן אָן אַ פּראָלאָג און עפּילאָג. און דאָך געפינען מיר אין דעם אָנהויב און אין דעם סוף אַ קאָנסעקווענטן אינערלעכן טאָן. איך געדענק גוט דעם אָנהייב. דאָס איז געווען דעם 17טן אָקטאָבער, 1905, בעת צענדליקער טויזנטער ענטוזיאַסטישע צעזונגענע דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן טשופלין־פּלאַץ אין קישינעוו, צו פייערן די בשורה פון פרייהייט — די בשורה וואָס איז אין 24 שעה אַרום נעלם געוואָרן. דאָס איז געווען ערב דעם פּאָגראָם, וואָס האָט אויסגעבראָכן צו מאָרגן. אָבער דערווייל, אויפן

גרויסן יום טוב, האָבן פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע פאַרטייען — פאַר־שיכורטע פון דעם כלומרשטן נצחון — געהאַלטן שיינע, מליצהדיקע רעדעס.

אויך מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער מאָמענטאַלער הי־לולא. אין אונדזער נאָמען האָט גערעדט חיים גרינבערג. מיט דער דאָזיקער רעדע זיינער האָט ער אָנגעהויבן נתגלה צו ווערן אין דער עפנטלעכקייט. עס איז געווען אַ וויכטיקע רעדע און אַ שיינע רעדע. עס זיינען זייט דאַן אַוועק אַ סך יאָרן — האָב איך פאַרגעסן דעם אינהאַלט פון דער רעדע. אָבער איך געדענק דעם אָנהויב, די ערשטע ווערטער:

איך בין אַ זון פון אַ גערודפט פאָלק. די דאָזיקע עלעגיש־טראַ־גישע ווערטער קלינגען נאָך אין די טיפעניש פון אונדזערע געפילן און אין אונדזערע זכרונות איבער חיים גרינבערגן; די דאָזיקע ווערטער זיינען אַ מין מאָטאָ פאַר דעם אינערלעכן אומעט, וואָס האָט אים באַגלייט זיין גאַנץ לעבן.

אין די דאָזיקע ווערטער זיינע האָב איך זיך דערמאָנט בעת איך האָב גע־הערט זיין רעפעראַט אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים. ער האָט באַ־האַנדלט די פראַגע, צי שטעלט מיט זיך אויך אַמעריקע פאַר אַ יידישן גלות. ער האָט געזאָגט, אַז גלות איז נאַכט. פאַראַן נעכט, אויסגעשטערנטע און נעכט, נישט קיין אויסגעשטערנטע. אַמעריקע איז אַ נאַכט אַן אויסגעשטערנטע — און דאָך אַ נאַכט... די טענער פון "Я сын гонимого народа" האָבן ווידער געקלונגען אין מיינע אויערן. און גערעדט האָט ער וועגן די נעכט נישט לאַנג פאַרן סוף פון זיין לעבן.

און אָט איז געקומען דער סוף אַליין: זיין בקשה־צוואה צו זינגען אויף זיין לוויה לערמאָנטאָווס ליד. איך קוק זיך איין אין איינער פון זיינע פאָ־טאָגראַפיעס, וואָס זיינען דערשינען נאָך זיין טויט און זי שטעלט זיך מיר פאָר, ווי אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע צו די ווערטער פון לערמאָנטאָווס ליד:

Ночь тиха, пустыня внемлет Богу
И звезда с звездою говорит

(רואיק איז די נאַכט, דער מדבר פאַרנעמט גאָטס רייד,
און איין שטערן שמועסט מיטן אַנדערן).

אויפן בילד קוקט חיים גרינבערג אויס, פונקט ווי ער הערט זיך צו — ווי דער מדבר — צו די רייד פון גאָט און צו דעם שטילן שמועס צווישן איין שטערן און דעם אַנדערן...

דער אַריינפיר דאַן, אין יאָר 1905: Я сын гонимого народа און דער אָפּשלוס Выхожу один я на дорогу (איינער אַליין גיי איך אַרויס אויפן וועג), פלעכטן זיך צונויף ווי אַ ראָם פון טרויער און דערוואַר־טונג אַרום דעם לעבן פון חיים גרינבערג.

***

פאַרשיידענע זיינען זיי געווען — חיים אַרלאָזאָראָוו און חיים גרינ־בערג, אָבער זיי פאַראייניקן זיך ביידע אין מיינע געפילן — מיט זייער פערזענלעכן חן, מיט זייער גרויסער קולטור, מיט זייער ערלעכקייט און אי־דעאַליזם.

אַרלאָזאָראָוו, — דער זיכערער און פריידיק־טעטיקער — און גרינ־בערג — דער צווייפלער און אומעטיק־טעטיקער, ביידע האָבן זיי באַריי־כערט די אוצרות פון אונדזער גייסט און זיי ביידן האָט אונדזער באַוועגונג געגעבן דעם פאָלק און דעם ציוניזם.

---




פארלאג־אדרעס:
"KIUM"
Ayacucho 352
Buenos Aires Argentina

---

## דערשינענע ביכער:

1. דוד בן גוריון — נצח ישראל
2. מענדל מאַן — אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף
3. יחיאל האַלפּערן — דער רעוואָלט פון אַ גלות-פאָלק
4. יוסף שפּרינצאַק — אין וואָרט און אין שריפט

## אין גיכן דערשיינען:

5. ה. לייוויק — אַ בלאַט אויף אַ בוים
6. אפרים דקל — דאָס געהיימדינסט פון דער הגנה אין ישראל

## אין צוגרייטונג:

7. ד"ר הערצל — דערציילונגען און פעליעטאָנען
8. יצחק בן צבי — זכרונות
9. מ. גראָס־צימערמאַן — אַ וועלט מיט יידן
10. י. לעשטשינסקי — דער נאַציאָנאַלער פּנים פון גלות-יידנטום.

*JOSEF SPRINTZAK*

# IN VORT UN IN SCHRIFT

## (ESCRITOS Y DISCURSOS)



BUENOS AIRES

1955